י. ראפאפארט

# זוימען אין ווינט



אַרגענטינער אָפּטייל פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס
בוענאָס־איירעס, 1961 — תשכ״א

ר ב ק ה  א ו ן  מ אָ ט י ע  מ י י ז ל י ש
האָבן סובסידירט דאָס דאָזיקע בוך
אין אָנדענק פון זייערע ע ל ט ע ר ן
**פרומע און אפרים מייזליש ע"ה**

# אינהאַלט:

## זיבן רעפעראַטן אויף יידישע טעמעס



## ליטעראַרישע זיכרונות



## רעצענזיעס בקיצור

### ווערק פון איציק מאַנגער:



### מרדכי שטריגלער אין ליד און פּראָזע:

# פון מחבר

דעם אמת געזאגט, האב איך שטארק חשק געהאט אנצורופן דאס דאזיקע בוך מיטן נאמען פון מיינס אן אמאליקן בוך: „א ו י ס ג ע ר י ס ע נ ע  ב ל ע ט ע ר".

זיינען דאך אלע ביכער מיינע  א ו י ס ג ע ר י ס ע נ ע  ב ל ע ט ע ר  פון א נישט־דערשריבן און היפשלעך פארלוירן בוך.

ווען איך מאך א שטיקל סך־הכל, א שרייבערישן חשבון־הנפש, מוז איך זיך מודה זיין אז 1) א סך איז בכלל נישט געשריבן אדער דערשריבן געווארן; 2) א סך פונעם אנגעשריבענעם איז אוועק אין די פלאמען פון ווארשע און ווילנע, — אין די פלאמען, וואס האבן פארשלונגען דעם גרעסטן טייל פון יידישן לעבן, — צווישן זיי אויך פון מיינעם, — אין אלע זיינע דימענסיעס, און 3) פונעם אנגעשריבענעם און אפגעראטעוועטן איז ארויסגעכאפט געווארן דא און דארט א בלאט אדער צוויי, און במילא: אלץ וואס איך גיב ארויס אין בוכפארעם איז דרייפאך  א ו י ס ג ע ר י ־ ס ע נ ע  ב ל ע ט ע ר.

אבער כדי זיך נישט איבערצוחזרן, האב איך דאס מאל מיינע אויסגעריסענע בלעטער א נאמען געגעבן „זוימען אין ווינט".

מיטן דאזיקן נאמען וויל איך באוויזן אז נישט געקוקט אויף מיין גאנצן פעסי־מיזם, שלאגט נאך פארט אין מיר אן אדער פון יידישן בטחון: געוויסע זוימען וועלן אפשר דאך פאלן אויפן יידישן באדן און זיך ערגעץ־ווו אננעמען...

געוויס, עס איז א סך ליבער צו שטיין אויף א ברייט־צעאקערט פעלד און זייען מיט א ברייטער האנט אין א זיכערן באדן; אבער קיינער קלייבט נישט אויס זיין גורל — און זיכער נישט קיין שווערן גורל. און אויב עס איז באשערט צו לאזן פליען די „זוימען אין ווינט", — מוז מען אויך דערפאר דאנקבאר זיין דעם גורל — אין גע־שטאלט פון פריינד: אין גאנצן אן א האפענונג בלייבט מען נישט. און אויך מיט א פיצל האפענונג קען מען לעבן...

* *

אבי מ׳זאגט אז מענטשן ענדערן זיך נישט. ס׳איז נישט ריכטיק: מען ענדערט זיך יא.

אַמאָל, בײַם אַרויסגעבן אַ בוך, פּלעג איך, אַנשטאָט זיך פרייען מיטן אַרויסגעגעבענעם בוך, זײַן פאַרזאָרגט פאַר די נישט־אַרויסגעגעבענע, פאַר די נישט־געשריבענע, פאַר די נישט־דערשריבענע; הײַנט האָב איך שטאַרק אָפּגעלאָזט פון פרייז: איך פריי זיך מיט יעדן אַרויסגעגעבענעם בוך, מיט יעדן הויפן זוימען, וואָס איך לאָז אַוועק מיטן ווינט; איך זע די נישט־געשריבענע ביכער, די פאַרלוירענע, די נישט־דערשריבענע, די אַלע אויסגעריסענע בלעטער, וואָס זייערע זוימען וועלן נישט געלאָזן מיטן ווינט, אָבער זיי שטערן נישט מײַן שימחה.

איך ווייס, דאָס איז אַ סימן פון מידקייט, פון רעזיגנירטקייט, דאָס איז אַ צוריקטריט פונעם יוגנטלעכן מאַקסימאַליזם צום זקנישן מינימאַליזם. אָבער בײַ מײַן גאַנצן זען דאָס אַלץ מיט ברייט־געעפנטע אויגן, שטערט דאָס מיר נישט אין מײַן פרייד. צי הייסט דאָס אָנערקענען די פאַרשפּילטע שלאַכט? צי הייסט דאָס שלום־מאַכן מיטן זקנישן מקבל באהבה זײַן די קרישקעלעך וואָס דער גורל וואַרפט צו? צי הייסט דאָס צופרידנשטעלן זיך מיטן קליינעם פּראָצענט, וואָס מען כאַפּט אַרײַן פונעם רעשטל צעטרענצלטן אָדער צוגערויבטן קאַפּיטאַל?

וואָס איז די נפקא מינה, וואָס דאָס איז? דער עיקר איז די באַרויקנדיקע רעזיגנאַציע, וואָס קען שעפּן פרייד פון דער האָפענונג, אַז פון די „זוימען אין ווינט“ קענען זיך אַ מאָל אָננעמען עטלעכע און שלאָגן וואָרצלען אין די שטיין־שפּאַלטן פון יידישן קולטור־לעבן... און אויף זייער געהאָפטן אויפגיין מאַך איך שוין איצט, אין פאָרויס, אַ ברכה.

* *

עס איז שניט־צײַט בײַ מיר.

צי די געראַטנקייט איז גרויס, צי קליין, — דער פויער ווערט שניט־צײַט אומרויק, ער דאַרף אַרײַננעמען אין שייער דאָס געראַטנקייט, אויב דער האָגל און דער פראָסט האָבן פון אים געלאָזן אַפילו בלויז אַ שפּור, — דער ערגסטער שניט חלומט פון אַ שייער, און דער פאַראומגליקטער פויער פילט אַט דעם חלום, — ער איז זײַנער אַ חלום...

און אפשר גראָד בײַ אַ שלעכטן שניט ציטערט ער מער איבערן ביסל לעבעדיקע זאַנגען, וואָס די שטורעמס פון לעבן נישט באַוויזן צו צעשלאָגן, צו פאַרניכטן.

איך גיב איבער דעם ווינט מײַנע אָפּגעראַטעוועטע זוימען...

י. ר.

**מעלבורן, 25סטער פעברואַר 1961**

# אונדזערע קלאסיקערס

## מענדעלע מוכר ספרים

מענדעלע מוכר ספרים איז נישט נאָר דער זיידע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, נאָר אויך איר פֿאָטער און אַפֿילו איר אייניקל. ער איז געוואַקסן צוזאַמען מיט דער ליטעראַטור, וועלכע ע ר האָט געשאַפֿן און וועלכע האָט א י ם געהאַלטן אין איין שאַפֿן און באַנייען. און פֿאַר דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן שרייבער איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס נישט נאָר ע ר האָט געשפּרייזט אַלץ ווייטער און העכער, נישט בלייבנדיק אויף איין אָרט און אויף איין מדרגה, נאָר יעדעס מאָל ווען ער האָט זיך אויפֿגעהויבן אויף אַלץ העכערע שטאַפּלען, פֿלעגט ער מיט זיך דערהייבן און אויסלייזן די ווערק פֿון זיינע פֿריערדיקע שריפֿטשטעלערישע עטאַפּן. ער פֿלעגט זיינע ווערק באַאַרבעטן ביז אומקענטלעכקייט און אין די דאָזיקע מעטאַמאָרפֿאָזעס פֿון זיינע ווערק ליגט די געשיכטע נישט נאָר פֿון מענדעלעס אַנטוויקלונג, נאָר אויך פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון אונדזער ליטעראַטור גופֿא: דאָס איז דער אַנטוויקלונג-וועג פֿון אַ דעמאַסקירעריש-השכּלהדיקער האַלב-בעלעטריסטיק ביז אַ הויך-קינסטלערישער פֿאָלקס-ליטעראַטור.

ש. י. אַבראַמאָוויטש האָט אָנגעהויבן זיין בעלעטריסטישע טעטיקייט אין 1862סטן יאָר מיט אַ העברעישער דערציילונג וועגן קאַמף צווישן געבילדעטע קינדער קעגן פֿאַנאַטישע עלטערן (די דאָזיקע דערציילונג איז שפּעטער איבערגעאַרבעט געוואָרן אין אַ ראָמאַן מיט אַ טורגעניעווישן נאָמען „פֿאָטערס און קינדער”); אין 1864 לאָזט מענדעלע דער בעלעטריסט הערן פֿון זיך מיט אַ דערציילונג אויף ייִדיש — „דאָס קליינע מענטשעלע”, מיט וועלכער ער פֿעדעמט איין זיין דעמאַסקירערישע טעטיקייט, וואָס האָט דערגרייכט איר קלימאַקס אין דער דראַמע „די טאַקסע”. דערנאָך גייט מענדעלע איבער — מיט זיין באַרימטער „קליאַטשע” — אויף אַ העכערער שטופֿע פֿון שאַפֿן און דעמאַסקירן: אַנשטאָט צו אַטאַקירן, ווי אַ הויפּט-מקור פֿון אַל דאָס בייז, די אומוויסנקייט פֿון אונדזער סביבה און די בעלי-גופֿישע מידות פֿון אירע רעדל-פֿירערס, הייבט ער אָן צו אַטאַקירן די אינערלעכע און אויסערלעכע יסודות פֿון אונדזער נאַציאָנאַלן אומגליק. אין מענדעלעס „קליאַטשע” קומט שוין נישט צום וואָרט אַ השכּלה-פֿרעדיקער, נאָר אַ נאַציאָנאַלער קעמפֿער,

וועלכער אַטאַקירט גאָר די רפואות פון דער השכלה פאַר זייער בולטער ווערטלאָ־זיקייט. אָבער מענדעלע דער שרייבער הייבט זיך אויף העכער: ער פאַרלאָזט אויך דעם שטאַפּל פון אַ נאַציאָנאַלן האַלב־פּובליציסטישן קעמפער און דערגרייכט די הויכן פון אַן עפּישן שילדערער פון יידישן לעבן, אין אַלע זיינע דימענסיעס: ער ווערט אַ נאַציאָנאַלער קינסטלער.

דער דאָזיקער לאַנגער וועג, וואָס מענדעלע דער שרייבער האָט דורכגעמאַכט, איז באַזונדערס בולט אין דער געשיכטע פון זיין „ווינטשפינגערל".

אין 1865 האָט מענדעלע אַרויסגעגעבן אַ ביכעלע פון 40 זייטן אונטערן נאָמען „דאָס ווינטשפינגערל". אָבער דער דאָזיקער ערשטער וואַריאַנט פונעם „ווינטש־פינגערל" האָט אַ שייכות צום שפּעטערדיקן „ווינטשפינגערל", וועלכן מיר קענען איצט (געדרוקט צוערשט אין 1888 אין שלום עליכמס יידישער „פאָלקס־ביבליאָטעק"), בלויז לויטן נאָמען.

צוערשט איז דאָס געווען אַ דערציילונג וועגן דעם ווינטשפינגערל, וועגן וועלכן יידן טרוימען; וועגן דעם יידנס געוווינהייט און ליידנשאַפט צו טרוימען וועגן רייכ־קייט, וועגן גליק. אינעם שפּעטערדיקן וואַריאַנט געפינט זיך אויך אַ סצענע ווי אַזוי יידן צעטרוימען זיך וועגן וווּנדערלעכן ווינטשפינגערל. דאָ אָבער איז דאָס אַן עפּיזאָד, אַ פאַרביקער שטריך אינעם רייכן עפּאָס פון יידישן לעבן, בעת אין דער ערשטער אויסגאַבע האָט די דאָזיקע דערציילונג געהאַט אַן אוטיליטאַר־השכלה־דיקן ציל: דער מחבר גיט די יידן וואָס טרוימען וועגן לעגענדאַרן ווינטשפינגערל, אַן אמתן ווינטשפינגערל: די השכלה, בילדונג.

דער טיטל פון ערשטן וואַריאַנט „ווינטשפינגערל" איז געווען אַזאַ: „דאָס ווינטשפינגערל", וואָס מיט דעם קען איטלעכער מענטש דערגרייכן אַלץ, וואָס זיין האַרץ ווינטשט און באַגערט און קען דורך דעם ניצלעך זיין זיך און דער וועלט. דאָס ספר האָט געשריבן אין דער דייטשער שפּראַכע הירש ראַטמאַן פון רוסלאַנד, און איז צום ערשטן מאָל געדרוקט אין לייפּציג ביי בראָקהויז 1864. היינט איז ער איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש־דייטש און אַרויסגעגעבן געוואָרן לטובת הכלל פון מענדעלע מוכר ספרים — מאת איש — דער מחבר פון דעם קליינעם מענטשעלע, וואַרשע, 1864".

אַפילו אין טיטל איז דאָ בולט די השכלה־טענדענץ: געדרוקט אין דייטשלאַנד אין דער דייטשישער שפּראַך, — עס שמעקט מיט דרך־ארץ...

אין זיין ביאָגראַפישן אַרטיקל וועגן מענדעלע מוכר ספרים, באַמערקט ראַווי־ניצקי זייער ריכטיק, אַז דאָס „ווינטשפינגערל" איז געווען בלויז אַן אַריינפיר צו אַ סעריע וויסנשאַפטלעכע ביכער, וועלכע דער משכיל אַבראַמאָוויטש האָט פאַר־טראַכט אַרויסצוגעבן. „אין אוניווערסיטעט — זאָגט דער מחבר צום סוף פון זיין 'ווינטשפינגערל'־פּראָספּעקט, — האָב איך סוף־כל־סוף געפונען דאָס ווינטש־פינגערל..."

ווי ווייט עס איז מענדעלע אין זיין קינסטלערישן „ווינטשפינגערל" פון דעם דאזיקן ראציאנאליסטישן אינטערפרעטירן דעם טרוים פון א פאלק א קבצן וועגן א כישוף־רינגל! אין דעם, אין וואס מענדעלע דער משכיל האט געזען בלויז נארישקייט און אבערגלויבן, זעט מענדעלע דער קינסטלער פאעזיע און פולקייט פון דער גע־שטאלט פון ידישן פאלק. זינט דעם ערשטן „ווינטשפינגערל" ביזן צווייטן האט זיך אין גאנצן געביטן מענדעלעס אויג. עס האט אויפגעהערט צו זיין אן אויג פון א משכיל, פון אן אוטיליטאריסט, און איז געווארן אן אויג פון א פאלקסטימלעכן קינסטלער.

דאס איז די עוואלוציע נישט נאר פון דעם איינעם ראמאן, נאר פון דעם גאנצן מענדעלע־שאפן, פונעם גאנצן מענדעלע. אבער דאס איז די עוואלוציע נישט נאר פון מענדעלען אליין, נאר פון דער גאנצער ידישער ליטעראטור. דאס אויג פון דער השכלה־ליטעראטור האט געזען בלויז איין זייט, אבער דאס אויג פון דער פאלקסטימלעכער קינסטלערישער ליטעראטור נעמט ארום אונדזער לעבן פון אלע זייטן.



שלום עליכם און פרץ זיינען אויסערלעך מער ווי מענדעלע אפגעשליפן, מער אייראפעיזירט אפילו אין זייערע ידישלעכסטע ווערק. און דאס איז פארשטענדלעך: די צווייגן און די בלעטער זיינען תמיד שענער פאר די ווארצלען. און מענדעלע — דאס איז דער ווארצל: זיינע ווערק זיינען די ווארצלען פון דער ידישער ליטערא־טור. ער האט אין זיך עפעס פון דער אומשיינבארקייט, פון דער אויסערלעכער אויסגעטריקנטקייט פון ווארצלען, וואס ליגן אין דער טיפעניש. דערפאר אבער האט קיינער נישט אריינגעדרונגען אזוי טיף אין געביט פון דער ידישער נשמה, ווי ער, מענדעלע. און עס טרעפט, מע לייענט אים און מע שטוינט: ער פארמאגט דאך שוין כמעט אלץ, וואס מיר האלטן געוויינטלעך פאר אנטדעקונגען פון אנדערע. אז שלום עליכם איז אוממעגלעך אן מענדעלען, דאס זעט מען פון ערשטן בליק: עס לאזט זיך אנשרייבן א גאנץ בוך מיט אן א שיעור ביישפילן, ווי אזוי שלום עליכמס בלומען האבן זיך דערנערט פון מענדעלעס ווארצלען. נישט נאר דעם סטיל און דעם שניט — אפילו העלדן האט ער גענומען ביי אים. (אויך אויף סטעמפעניון האט שלום עליכם זיך אנגעשטויסן א דאנק מענדעלען; אויך אויף מנחם מענדלען). אויך פרצעס עולה־רגל־זיין צו דער פאלקסטימלעכער לעגענדע קען מען געפינען ביי מענדעלען: די מעשה מיט ר' שמעלקעס פורים־סעודה, איז אן עכט פרצישע. און אפילו פרטים איבערראשן א מאל: די אנגענומענע מיינונג אז אש האט דער ער־שטער אריינגעפירט אין אונדזער ליטעראטור די סביבה פון דער ידישער אונטער־וועלט, איז אויך נישט ריכטיק. אינעם „ווינטשפינגערל" גיט מענדעלע אן אומ־היימלעך בילד פון אונדזער אונטערוועלט, נישט אזא אויספירלעך בילד ווי ביי אשן, אבער דערפאר א נישט ווייניקער אמתדיקס און א מער קינסטלערישס.

און אַנדערש האָט דאָס נישט געקענט זיין: מענדעלע האָט דאָך געזען דאָס ייִדישע לעבן אין זיין גאַנצער פולקייט, און דעריבער מוזן זיך געפינען אין זיינע עפּישע ביכער אַלע דערשיינונגען פון ייִדישן לעבן: אי דאָס פּאָזיטיווע, אי דאָס נעגאַטיווע, אי דאָס דערהויבענע, אי דאָס לעכערלעכע. און הגם מענדעלע איז דער עיקר אַ סאַטיריקער, דאָך באַמערקט ער, ביים אָפּשמייסן דאָס ייִדישע לעבן, אויך אַל דאָס פּאָזיטיווע. אין זיין „ווינטשפינגערל" געפינען מיר די גרעסטע גאַלעריע ייִדישע טיפּן, פון אַלפּאָנסן און הענדלערס מיט לעבעדיקער סחורה, ביז די שענסטע טיפּן פונעם אַלטשטייגערדיקן ייִדנטום, ווי דער מקובל ר' אַברהם; פונעם פּאָזיטיוון משכיל ר' רפאל ביז דעם פּרצישן ייִדישן האָרעפּאַשניק שמואליק דעם שמאָטע־קלייבער און דער ייִדענע חנה־רייזע. און ווען מענדעלע שילדערט פּאַר אונדז אַזאַ עכטן שלום־עליכמישן טיפּ פון אַ ייִדישן מעקלער ווי ר' אָשר, געפינט פּלוצלינג דער דאָזיקער סאַטיריקער אַזעלכע טענער פון רחמנות און ליבע צום דאָזיקן קרבן פון ייִדישן לעבן, אַז דער קאָמישער טיפּ ווערט אונטער דער ווירקונג פון גרע־נעצלאָזן מיטגעפיל און פון טיפער פאַרשטענדעניש, פאַרוואַנדלט אין אַ טראַגישער געשטאַלט, וואָס איז פול מיט די ריינסטע לירישע טענער.

וואָס מער מענדעלע ווערט אַ קינסטלער, אַן עפּיקער פון ייִדישן פאָלק, אַלץ מער פאַרלירט ער זיין איינזייטיקייט פון אַ סאַטיריקער אָדער פון אַ משכיל. ער כאַפּט אַרום אַלזייטיק דאָס ייִדישע לעבן און רופט זיך אָפּ אויף דעם מיט אַלע סטרונעס פון זיין פילסטרוניקער נשמה. זיין סאַטירע איז אומברחמנותדיק, אָבער זיין מיטלייד איז גרענעצלאָז; זיין געלעכטער איז בייסיק, אָבער זיינע טרערן — הייס. זיי קוועלן אַרויס פונעם טיפסטן קוואַל פון אַן אָנגעווייטיקט, ליבנדיק האַרץ.

ווען רפאל, דער משכיל פונעם סוף פון דער ערשטער העלפט 19טן יאָרהונ־דערט, זאָגט אינעם „ווינטשפינגערל" צו ר' אַברהמען: „.. די חסידות אייערע איז געטלעכע פּאָעזיע, אמתע ריינע חסידות דערהייבט דעם מענטשנס גייסט, וואַרעמט אים, גיט אים אונטער פייער, התלהבות הייסט עס, ווי גוטער אַלטער וויין, און פאַרטראָגט די נשמה העט־העט אין די הויכע עולמות אַריין, אין יענע הייליקע וועלטן, ווו ס'איז דאָ טרייסט, רו און אייביקער פרידן..." — ווען דער משכיל ר' רפאל זאָגט דאָס, רעדט מיט זיינע ליפּן מענדעלע דער פאָלקסטימלעכער קינסטלער, וועלכער האָט פאַרגעסן סיי דעם קאַמף קעגן די פאַנאַטיקערס, סיי דאָס פרעדיקן השכלה, און וועלכער זעט מיט ליכטיקע אויגן די קאָמפּליצירטע גאַנצקייט פון ייִדישן לעבן, — אַזוי ווי אַ סך אַנדערע האָבן דאָס דערזען נאָך אים.

*

מענדעלע האָט געהאַט דאָס רעכט צו באַטראַכטן זיך ווי אַ ייִדישלעכסטן ייִד, — ווייל ער איז אַ וואָרצל, ד אָ ס ו ו אָ ס ד ע ר נ ע ר ט. אין דעם דאָזיקן ליכט איז אינטערעסאַנט, וואָס ש. דובנאָוו דערציילט אין זיינע דערינערונגען וועגן מענ־

דעלען: „איך שטעל אים די פראַגע: ווי אַזוי איז מעגלעך, ער זאָל נישט צושטייך צו די קעמפערס קעגן דער סכנה פון אַסימילאַציע פון יונגן דור? מענדעלע איז אין כעס געוואָרן... „הייסט עס, אַז איך בין אַ שלעכטער ייִד דערפאַר, ווייל איך רעכן זיך נישט צווישן די נאַציאָנאַליסטן! ניין, איר אַלע זייט ייִדן מיט פּלעטלעך: נאַציאָנאַליסטן, ציוניסטן, פּאַלעסטינצעס, און איך בין גלאַט אַ ייִד, אָבער פון אַזעלכע סתם ייִדן באַשטייט דאָס גאַנצע פאָלק!...״ געוויס, מענדעלע איז אָרגאַניש אַ בעסערער, אַן עכטערער ייִד פאַר אונדז אַלע״.

אין דעם גאַנצן מאַניר פון זיין דענקען און פון זיין שאַפן איז קענטיק דער ייִדישלעכסטער ייִד. אויב מענדעלע האָט באַוווּסטזיניק געטראָגן אין זיך אונדזערע אַלע קולטור־ווערטן, האָט ער אומבאַוווּסטזיניק געטראָגן אין זיך, אין זיינע מוס־קולן און נערוון, אין די קנייטשן פון זיין מאַרך, די פּסיכאָ־פיזישע ירושה פון ייִדישן גלות, פון דער פאַראייניקונג פון די דאָזיקע צוויי יסודות: דער אומבאַוווּסטזיניקער פּסיכאָ־פיזישער ירושה און דער באַוווּסטזיניקער קולטור־ירושה — איז געבוירן געוואָרן דער ייִדישלעכסטער שרייבער, דער אייגנאַרטיקסטער און זעלבשטענדיק־סטער ליטעראַרישער טאַלאַנט פון אונדזער נייער ליטעראַטור. נישט צופעליק איז מענדעלע, — ווי קיין שום צווייטער ייִדישער שרייבער, — פעסט, כמעט אומצערייס־באַר פאַרבונדן מיט אונדזער טראַדיציע, און נישט צופעליק איז מענדעלע דער טיפסטער פּסיכאָלאָג פון דער קאָמפּליצירטער, קרענקלעכער ייִדישער נשמה. און עס איז אוממעגלעך צו פאַרשטיין מענדעלען, ביז מען באַגרייפט נישט זיין כמעט אָרגאַנישע צוגעבונדנקייט צו דער טראַדיציע און זיין דורכדרינגענדיקן באַגרייפן די ייִדישע פּסיכיק.

איך האָב נישט, צום באַדויערן, קיין פולע מעגלעכקייט* צו באַאַרבעטן ווי גע־העריק די טעמע „מענדעלע און זיין צוגעבונדנקייט צו אונדזער טראַדיציע״.

אין ש. דובנאָווס דערינערונגען געפינען מיר פאָלגנדיקן אַנעקדאָט. דובנאָוו דערציילט:

„אין פרילינג פון 1903טן יאָר האָט אַחד־העם געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן משה רבינו. ער האָט קלאָר אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז פאַר אונדז איז גאָר נישט וויכטיק צו וויסן, צי משה האָט עקסיסטירט אָדער נישט, ווייל דערווירקלעכער משה איז טאַקע דער, וועלכער לעבט אין דער פאָלקסלעגענדע, אין די מוחות פון הונדערטער דורות ווי אַ ווירקנדיקע היסטאָרישע קראַפט. נאָכן רעפעראַט בין איך צוגעגאַנגען צו מענדעלען און כ׳האָב אים דערזען, ווי ער זיצט אַ פאַרטראַכטער ערגעץ אין אַ ווינקל פון גרויסן זאַל, איבער וועלכן עס האָט זיך טומלדיק באַוועגט דער עולם. איך האָב אים געפרעגט, וואָס ער טראַכט וועגן דעם רעפעראַט. ער

* די דאָזיקע עסיי איז אָנגעשריבן געוואָרן סוף 1942 אין שאַנכיי. — י. ר.

האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און בייז געזאָגט: „אין דער תורה ווערט געזאָגט, אַז קיינער ווייסט נישט דאָס אָרט פון משהס קבר, אָבער איך האָב נאָר וואָס אַנטדעקט דאָס דאָזיקע אָרט: משה איז אָקערשט באַגראָבן געוואָרן דורך אַחד־העמען אינעם קלוב „בעסעדאַ״. און דובנאָוו גיט צו: „ער האָט נישט דערלאָזט אַפילו אַ היפּאָטעטישן ספק בנוגע דער ריכטיקייט פון ביבלישן משה, ווי אַ פּערזענלעכקייט, וואָס האָט געלעבט אין דערווירקלעכקייט, און נישט נאָר אין דער פאָלקס־פאַנטאַזיע און אין אַזעלכע געדאַנקען האָט ער געזען אַן אונטערגראָבונג אונטער אַ הייליקטום, וואָס אים איז טייער״.

אין דאָזיקן פאַל איז באַזונדערס אינטערעסאַנט, וואָסביידע צדדים אינעם אַנעקדאָט זיינען אומצעטרייסבאַר פאַרבונדן מיט דער טראַדיציע — סיי מענדעלע, סיי אַחד־העם. אָבער דער אונטערשייד באַשטייט אין דעם, וואָס אַחד־העם, לחלוטין נישט קיין טיפּישער משכיל, איז געווען צוגעבונדן צו אונדזער טראַדיציע — דער עיקר פון איר גייסטיקער זייט, וועלכע ער שיילט אויס פון אירע אויסערלעכע פאַרמען, בעת מענדעלע מוכר ספרים, וועלכער האָט אָנגעהויבן ווי אַ טיפּישער משכיל (הגם מיט עטלעכע אינדיווידועלע חן־פינטעלעך) קען נישט אַוועקגיין גראַד פון די אויסערלעכע פאָרמען פון אונדזער טראַדיציע, אין אירע קלענסטע, אויסערלעכסטע דערשיינונגען. און ער טוט דאָס סיי אינסטינקטיוו, סיי באַוווּסטזיניק. פון איין זייט האָט ער זיך פאַרשטעלט פאַר מענדעלע מוכר ספרים און ער האָט אַ קאָלאָסאַלע הנאה פון דעם, וואָס ער קען זיך אויסלעבן אויף אַלטן שטייגער, מיט די קלענסטע פּרטים, אינעם סטיל, אין די תנועות, אין דער פּסיכאָלאָגיע, אין מעשים און אין די געדאַנקען. און פון דער צווייטער זייט, — אין „פאָטערס און קינדער״, אין דעם טיפּישסטן משכילישן ווערק מענדעלעס, זינגט דאַווידזאָן, דער פאַרשטייער פון דער השכלה, אַ הימן דער יידישער טראַדיציע — פון דער שלאָפלאָזער נאַכט ערב הושענא־רבה ביז די יידישע קרעפּלעך, אַ דאַנק וועלכע עס ווערט אויפגעהיט אין דעם פאָלקס־זיכרון נישט איין קאַפּיטל פון אונדזער געשיכטע. דער דאָזיקער משכיל זאָגט: „אַ יידישער מינהג איז דאָס רוב אַ תורה, נאַציאָנאַל און זייער שיין״. „די פּיראַמידן פון מיצרים וועלן אונטערגיין... — און די מצה און די קרעפּלעך און די המן־טאַשן מיט די חנוכה־לאַטקעס, וואָס זיינען געמאַכט פון טייג, וועלן בלייבן שטיין און וועלן זיך נישט אויסנעמען פון אונדזערע מיילער און פון די מיילער פון אונדזערע קינדס־קינדער און קינדער ביז אייביקו!״

„גיט אָפּ כבוד דעם קרעפּל! — האָט אויסגערופן דאַווידזאָן מיט גרויס באַגייסטערונג — ווייל זי איז איינע פון די פּראַקטישסטע מיצוות און פון די יידישע מינהגים, אין וועלכע עס איז דאָ אי תורה, אי דערינערונגען וועגן די לעבנסגעשעענישן פון פאָלק, וועגן זיין פּראַכט און זיין שטאָלץ. און ווען מיר זאָלן זיי נישט האָבן, וואָלטן פיל זאַכן פון דער יידישער היסטאָריע שוין לאַנג פון אונדז פאַרגעסן געוואָרן...״ „די טעג פון פּורים הייסן טעג פון עסן און טרינקען, און ווען

נישט די המן־טאַשן און די האָניק־קיכלעך, וואָס מיר עסן אום פורים, וואָלטן אָט די טעג פונעם פאָלק שוין לאַנג פאַרגעסן געוואָרן, און די מגילה וואָלט דאָ גאָר נישט געהאָלפן"*.

מע דאַרף אין דעם נישט זען, — ווי דאָס טוען אייניקע, — אַ סימן פון דעם, אַז מענדעלע איז נישט נאָר אויף דער עלטער געוואָרן רעליגיעז, נאָר אַז אויך אין דער יוגנט איז אין אים קיין מאָל נישט געווען אָפּגעשטאָרבן דער רעליגיעזער גייסט. פאַרקערט, גיכער קען מען זאָגן אַז זיין אומקער אויף דער עלטער צום רעליגיעזן צערעמאָניאַל איז בלויז געווען אַ פאַרשטאַרקונג פון זיין אַלטער צוגע־בונדנקייט צו די טראַדיציאָנעלע פאָרמען פון יידישן לעבן. מענדעלע איז קודם־כל געווען מיט אַלע זיינע חושים אַ פּלאַסטיקער, און פונקט ווי ער האָט אין יעדער העוויה פון אַ יידן געזען די באַוועגונג און דעם אינהאַלט פון זיין נשמה, אַזוי האָט ער אויך אין יעדער העוויה פון דער יידישער טראַדיציע געזען און געפילט די נשמה פון יידישן פאָלק. (אַגב אורחא: אויך די נאַטור האָט ער אויפגענומען נישט עמאָציאָנעל, נאָר פּלאַסטיש). ער האָט נישט געקענט אָפּטיילן איינס פונעם צווייטן. פונקט ווי ער האָט זיך געפילט ווי אַ „יידישלעכסטער ייד", צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך פאַרשטעלט ווי אַ „מענדעלע מוכר ספרים", האָט ער זיך אויך געפילט ווי אַ נאַציאָנאַלער ייד דווקא דערפאַר, וואָס ער האָט זיך נישט אָפּגעריסן פון דער פּלאַסטיק פון דער יידישער טראַדיציע. און אין דאָזיקן זין קען מען פאַרשטיין וואָס בן־עמי דערציילט וועגן מענדעלען, וועלכער האָט אַ מאָל געזאָגט צו אים: „צו וואָס טויג מיר ארץ־ישראל אָן דעם גאָט פון ישראל" (אָן דער טראַדיציע, וואָס אין איר איז פאַרקערפּערט דאָס יידישע לעבן, די יידישע נשמה).

און איצט, לאָמיר אַ קוק טאָן אויף מענדעלען דעם פ אָ ל ק ס ־ פ ס י כ אָ־ ל אָ ג. מענדעלע איז נישט קיין פסיכאָלאָג אין געוויינטלעכן זין, אין וועלכן מע באַנוצט דאָס דאָזיקע וואָרט ביי שרייבערס. (ביי אונדז: ביי דוד בערגעלסאָנען אָדער יונה ראָזענפעלדן), — ער איז אַ פסיכאָלאָג נישט פון יחידים, נאָר פון אַ גאַנצן פאָלק. אויף וויפל מע קען ריידן וועגן דער פסיכאָלאָגיע פון פעלקער און אויף וויפל די פסיכאָלאָגיע פון פעלקער האָט אונטער זיך אַ רעאַלן גרונט, קען מען מענדעלען באַטראַכטן ביז אויפן היינטיקן טאָג ווי דעם מייסטער־פסיכאָלאָג פון יידישן פאָלק.

מאַרטין בובער, איינער פון די אייפערדיקסטע פאָרשערס פון חסידיזם און יודאַיזם, איז אויך דער שעפער פון אַ ברייטער פאָרמולע פון דער יידישער פאָלקס־פסיכאָלאָגיע. לויט זיין מיינונג (אַגב, אויך אַנדערע — צווישן זיי וואַסערמאַן — האָבן אַרויסגעזאָגט די זעלביקע מיינונגען) איז דער יידישער כאַראַקטער אַ כאַ־ראַקטער פון עקסטרעמען: ווען אַ ייד איז אַ גוטער מענטש, איז ער בעסער פאַר

* אָן ענלעכן געדאַנק זאָגט אַרויס היינריך היינע וועגן טשאָלנט. — י. ר.

אַנדערע, און ווען ער איז אַ שלעכטער — איז ער ערגער פאַר אַנדערע. אַ ייִד אָדער ער ליגט אויפן סאַמע דעק אָדער ער פליט אין די העכסטע הימלען. די זעלביקע פאָרמולירונג געפינען מיר ביי מענדעלען אין זיין דערציילונג „אין אַ שטורעם־צייט“, געשריבן אין די אַכציקער יאָרן. דער קאַרלינער (די געשטאַלט פון לעאָן פינסקער, דעם מחבר פון „אויטאָעמאַנציפּאַציע“, וואָס אירע געדאַנקען לייגט ער אויס פאַר מענדעלען) בעט מענדעלען אים צו געבן צו פאַרשטיין דעם כאַראַקטער פון ייִדישן פאָלק, ווייל — איז ער זיך מודה: „איך קען בשום אופן נישט פאַרשטיין דאָס ייִדישע פאָלק. אָפּט מאָל געפין איך אין אים אַזוינע זאַכן וואָס זיינען סותר איינס דאָס אַנדערע“. און מענדעלע ענטפערט אים תיכף:

„אַ ייִד איז איין גרויסע סתירה, אָט ווי ער שטייט און גייט, איין לעבעדיקער „ווידעראַנאַנד“: אַ חכם און אַ טיפש; אַ בעל־חשבון ווי אַן אויסגערעכנטער סוחר, און פול מיט פאַנטאַזיעס, ווי אַ קינד; אַ ברענענדיקער ווי פייער, און אַ קאַלטער ווי אייז; אַ מאמין און אַן אפיקורס; אַ למדן און אַן עם־הארץ; אַן עניו און אַ מגושמ־דיקער גדלן; אַ שעמעוודיקער און אַ מחוצף; אַ תקיף און אַ ניונקעלע; אַ נישט־פאָלגער ווען עס הייסן אים לייטישע מענטשן, און אַ זריז מקיים צו זיין, ווען ס׳באַ־פעלט אים דער שוואַרץ־יאָר ווייסט ווער! אַ ווייכער און אַ האַרטער; אַ גיבור ווי אַ לייב און אַ שרעקעוודיקער ווי אַ האָז; אַ בעל־רחמנות און אַן אַכזר; אַ ותרן און אַ קמצן; אַן אויסגעפּוצטער און אַ שלעפּער אַ מנוול; און נאָך און נאָך אַלערליי סתירות, וואָס אַז איר ווילט, וועל איך זיי אייך אויסרעכענען בפרטות...“

מענדעלע איז מער ווי אַ שטייגער־שילדערער — ווו ער זאָל נישט וואַרפן אַ בליק אין אונדזער לעבן, דרינגט ער עס דורך ביז די טיפסטע טיפענישן און ער דערגראָבט זיך ביז אַלץ־אַרומנעמענדיקע פאָרמולעס פון דער ייִדישער פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע אין אירע פּאָזיטיווע און אין אירע נעגאַטיווע דערשיינונגען.

אין מענדעלעס דערציילונג „אין אַ שטורעם־צייט“, איז דאָ אַ סצענע ווי מענ־דעלע מוכר ספרים און לייב מלמד שמועסן מיט קאַרלינערן. די דאָזיקע סצענע איז פול מיט סאַטירע און איראָניע, אָבער מענדעלע באַגנוגנט זיך נישט מיט דעם. פון דער דאָזיקער קאָמישער סצענע זויגט ער אויס און פאָרמולירט דעם אַלץ־אַרומנעמענדיקן חיסרון פון אונדזער פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע, וואָס איז פאַרקריפּלט געוואָרן דורך די יאָרהונדערטער גלות. לייענט און דרינגט אַריין אין אָט די ווער־טער — דאָס רעדט זיך שוין נישט וועגן לייב מלמד, נאָר וועגן אַלע; דאָס איז שוין נישט קיין סאַטירע, נאָר אַ פּאַראַגראַף אין מענדעלעס פאָלקסטימלעכער „פּסי־כאָ־פּאַטאָלאָגיע“.

„איך האָב געקוקט אויף אים, ביי דעם שיין פון אַ חלבדיק ליכטל, באַטראַכט־דיק דעם נפש פונעם קאָפּ ביז די פּיאַטעס. אַ שיינער נפש!... איך קוק אויף אים מיט אַ שמייכל פון צער אויף די ליפּן און טראַכט מיר: אַ פיינער פּ ו ע ל, אַ שיינער ערדאַרבעטער, משטיינס געזאָגט! און דאָס רייסט זיך אָפּ פון אַ היים, פון

ווייב און קינדער, און זוכט זיך נייע גליקן מיט נייע פּרנסות, וואָס ער האָט פון זיי נישט די מינדסטע השגה... און טאַקע באַלד האָב איך אַ קלער געטאָן: און דו, מענדעלע? ווי קומסטו צו אַזאַ נאַרישקייט, צו אַזאַ גראָבן טעות? — אַ שטאַרקער פאַרדרוס האָט זיך אויפגעהויבן אין מיין נשמה, איך האָב אָנגעהויבן מוסר־זאָגן מיר אַליין און דעם גאַנצן כלל ישראל: ווו איז אייער חכמה, ווו איז אייער אויסגע־רעכנטקייט, יידעלעך? רק איר כאַפּט זיך, רק איר יאָגט זיך, אומעטום זייט איר מקדים נעשה לנשמע. קיין מאָל באַטראַכט איר נישט, צי ט ו י ג ט איר צו דער אַרבעט וואָס איר נעמט זיך, צי וועט איר נישט קאַליע מאַכן דעם גאַנצן עסק. וואָלט נאָך דאָס כאַפּעניש זיך גענומען נאָר דערפון, וואָס מיר רעכענען נישט אויס פריער — וואָלט נאָך געווען צו דערליידן. איך האָב אָבער מורא, אַז דאָ שטעקט אַ סך אַ גרעסערער אומגליק. אדרבא, מיר האָבן דווקא יאָ אַ חשבון, אַן אויסרעכענונג, מיר כאַפּן זיך און יאָגן זיך טאַקע, וו יי ל מיר האָבן שטענדיק אַ באַהאַלטענעם מיין. אונדז איז דער עיקר נישט דער ענין, נאָר אונדזער אייגן פאַרדינסטל: נישט די זאַך גופא, נאָר אונדזער פּרנסה. אונדז הייבט נישט אָן אַרן וואָס מיט אונדזער לויפעניש און שטופעניש וועלן מיר ברענגען אַ שאָדן דער אַרבעט, אַבי מיר אַליין זאָלן דאָ אָפּלעקן אַ ביינדל. כל־זמן ס'איז דאָ אַ שפּאַלט, אַ שפּאַרונקע — רוק זיך, בן־אָדם, שפּאַר זיך און גנבע זיך אַריין... כל־זמן ס'איז דאָ אַ טראָפּן מילך ביי דיין קו אין די אייטער — קוק נישט וואָס זי איז הונגעריק, מעלק! איי, טאָמער וועט דורך דיין שטופּעניש חרוב ווערן דער גאַנצער בנין, ס'אַ דאגה דו האָסט, זאָל ער חרוב ווערן. נו, וועט זיין נישט מיר, נישט דיר. פון צוויי וועגן איז דער בעסטער דער, וואָס טויג מיר, אויב אָבער איך קען פון אים קיין נוצן נישט האָבן, מעג ער זיך אַפילו בעצם זיין זייער אַ גלייכער וועג, — מיר איז ער קרום, וועל איך אויף אים שפּייען קלעק. אַזוי פירן מיר זיך, אַזוי איז אונדזער שטייגער: אַלצדינג נאָר די אייגענע טובה, אַנדערש ווערט אַ ייד נישט קיין חובב"...

אָדער נעמט נאָך אַ ביישפּיל: מענדעלע האָט געשריבן אַ בוך וועגן אונדזערע קבצנים — „פישקע דער קרומער". מען קען אָבער זאָגן, אַז כמעט אַלע ביכער מענדעלעס פאַרנעמען זיך מיט דער דאָזיקער טעמע — מיט דער קבצנות פון די יידישע מאַסן. מענדעלע, לויט זיינע אייגענע רייד, זעט תמיד אונדזער קבצנישע טאַרבע אָבער נישט נאָר ער שילדערט זי — ער דערהייבט זי צו אַ פאָרמולע פון אונדזער פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע און פון אונדזער עקאָנאָמיק. אין „מסעות בנימין השלישי" ענטפּערט סענדערל בנימינען אויף דער פראַגע — פון וואָס וועלן זיי זיך דערנערן אויף זייער נסיעה:

„איך מיין, אַבי ס'איז דאָ נאָר הייזער, קען מען אין איין וועג טאַקע גיין איבער די הייזער. וואָס טוען דען אַלע אַנדערע יידן? היינט גייען אַ טייל צו יענע אין די הייזער, דערנאָך גייען יענע פון זייער זייט צו אַנדערע אין די הייזער. ס'איז דאָך אַ יידישע זאַך, נאָר אַ גמילות־חסד..."

דאָס מאַכט אַפילו מענדעלעס קלײנע דערצײלונגען שווער, דערין קומט צום אויסדרוק זײער ייִדישע פאָרעם און זײער געדאַנקלעכע וואָגיקײט.

מענדעלע איז נישט נאָר אַ שטײגער־שילדערער, אַ סאַטיריקער, — מענדעלע איז אַ דענקער, דער גרונטלײגער פון דער וויסנשאַפט, פון אונדזער פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע, ריכטיקער: פּסיכאָ־פּאַטאָלאָגיע. עס איז גענוג איבערצולײענען אַפילו בלויז עטלעכע דערצײלונגען זײנע („שם און יפת אין אַ וואַגאָן", „אין אַ שטורעם־צײט", „בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה") כדי צו זען ווי טיף מענדעלע דרינגט אַרײַן אין דער טיפעניש פון דער ייִדישער פּסיכאָלאָגיע, אין די טיפענישן פון ייִדישן כאַראַקטער. וויפל שאַרף־אָפּגעשליפענע אַפאָריזמען עס זײנען צעשאָטן איבער די זײַטלעך פון די דאָזיקע דערצײלונגען, וואָס האָבן אַ דאַנק דעם (ווי אַלע ווערק פון מענדעלען, אַפילו די קינסטלעריש־שוועכערע), נישט פאַרלוירן זײער אַקטועלקײט: די ייִדישע פּסיכאָלאָגיע האָט זיך פאַר די לעצטע 50—60 יאָר נישט געביטן — צום באַדויערן — פונקט ווי די אויסערלעכע באַדינגונגען פון ייִדישן לעבן. די דערצײלונג „אין אַ שטורעם־צײט" איז אַקטועל לויט איר סיוזשעט, לויט איר נאַציאָנאַלער אַטמאָספערע און לויט אירע אמתן וועגן דער ייִדישער פּסיכאָלאָגיע אויך אין אונדזערע אומרו־טעג. און אויב מע רעדט שוין וועגן מענדעלעס קלענערע דערצײלונגען וואָס זײנען ווײַט נישט אַזוי פּאָפּולער, ווי זײנע ברײטערע ווערק, מוז מען אונטערשטרײכן דעם אויסערגעוויינטלעכן חן פון דער דערצײלונג „שם און יפת אין אַ וואַגאָן", ווו אַ ייִד, דער קונצנמאַכער וואָס מוז איבערלעבן די אומ־מעגלעכסטע באַדינגונגען, גיט לעקציעס אַן אומגליקלעכן גוי, אַ פּריץ אין דאָזיקן זין, ווי אַזוי מע דאַרף זיך אויפפירן בײַ דער גלות־קראַנקײט, כדי זי איבערצוהאַלטן.

שוין דאָס אַלײן, וואָס מענדעלעס נישט ספּעציעל־אויסגעקליבענע דערצײלונגען זײנען נאָך אַזוי אַקטועל סײַ לויט דער טעמאַטיק, סײַ לויטן צוגאַנג צו איר אין זיבעציק יאָר שפּעטער, — שוין דאָס אַלײן זאָגט עדות אויף דער לאַנגלעביקײט פון מענדעלעס אַרכי־ייִדישער קונסט.

ער האָט אויך אינעם אַקטועלן פון זײַן צײַט געזען דאָס לאַנגלעביקע, דאָס טיפּישע, דאָס וואָס עס ליגט בײַם וואָרצל, אָדער טאַקע דעם וואָרצל גופא.

אונדזער ליטעראַטור — אירע שײנע צווײַגן און בלעטער — קען נאָך אויסזײַגן אַ סך לעבנסזאַפטן פון די מענדעלע־וואָרצלען, ווײַל קײנער קומט נישט אין אַזאַ אוממיטלבאַרער באַרירונג מיט די שוואַרצערד־זאַפטן פון אונדזער פאָלקס־פּסיכיק, מיט אירע קראַנקײטן און כוחות, ווי דער דאָזיקער געזונטער, אײגנאַרטיקער וואָרצל פון אונדזער נײַער ליטעראַטור, וואָס זײַן נאָמען איז מענדעלע מוכר ספרים.

# יצחק לייבוש פרץ

## א) פ ר צ ע ס  ו ו ע ג

פרץ איז געבוירן געוואָרן אין זאַמאָשטש, אין פּוילן, אין אַ נישט־רייכער, אָבער זייער אָנגעזעענער מישפּחה. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז די מישפּחה פון דעם צוקונפטיקן באַזינגער פון חסידיזם איז געווען אַ מתנגדישע און אַלץ וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט חסידות, איז ביי איר געווען פאַרהאַסט. זייער מעגלעך, אַז דאָס האָט געווירקט אויפן דיכטערס שפּעטערדיקער באַציִונג צו חסידות: ווייט פון די ד ע ג ע נ ע ר י ר ט ע  אויסערלעכע פאָרמען פון חסידות, נישט ליידנדיק פונעם דרוק פון חסידישן פאַנאַטיזם (ס׳אַראַ קעגנזאַצן: דאָס חסידות פונעם בעל־שם־טוב און פאַנאַטיזם! פאַרפאָלגט צוערשט פון מתנגדישן פאַנאַטיזם, איז דער חסידיזם דערנאָך אַליין געוואָרן אַ פאַרפאָלגער!), האָט ער פון דער ווייטנס געקענט באַמערקן זיין ליכט, זיין אָביעקטיווער, — אַ זאַך, וואָס איז נישט מעגלעך געווען פאַר די אומ־מיטלבאַרע קרבנות פון חסידות ווי, למשל, פאַר לינעצקין, דעם מחבר פון „פּוילישן יינגל״ (אַ פאַרניכטנדיקער פּאַמפלעט קעגן חסידות און זיין סביבה).

דער פאָטער פונעם דיכטער איז געווען אַ למדן, אַ ירא־שמים, אָבער נישט קיין פאַנאַטיקער. אין זיינע אויסגעצייכנטע „זיכרונות״, וואָס זיינען, צום באַדויערן, נישט פאַרענדיקט געוואָרן (די אויטאָביאָגראַפישע ווערק פון אונדזערע אַלע דריי קלאַסיקערס זיינען דערגאַנגען, אין בעסטן פאַל, ביז זייער אַריינטרעטן אין לעבן), כאַראַקטעריזירט פּרץ זיין פאָטער ווי אַ מענטשן מיט וועלטלעכע מאַניערן, לויט זיין טבע — אַ ליבעראַל און אַפילו אַן „אַנאַרכיסט״.

הגם דער קליינינקער פּרץ האָט באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע דערציִונג און פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך צוזאַמענשטויסן מיטן פאַנאַטיזם פון דער אַרומי־קער סביבה, דאָך איז אים באַשערט געווען צו געניסן אַ סך אַ גרעסערע גייסטיקע

פרייהייט, ווי דאָס איז געווען געוויינטלעך דער פאַל אין יענע צייטן און אין יענער סביבה. זיין פאָטער האָט אים נישט נאָר נישט געשטערט צו לערנען זיך העברעיִש (אַ זעלטנקייט אין יענע פאַנאַטישע צייטן), נאָר אים אויך געגעבן אַ מעגלעכקייט אויסצולערנען זיך אַ ביסל פּויליש, רוסיש, דייטש, און ער איז אַפילו געניגט געווען אָפּצוגעבן זיין זון אין גימנאַזיע. דערצו האָט אָבער נישט דערלאָזט פּרצעס מוטער, פּונקט ווי זי איז שפּעטער געווען קעגן דעם אַז ער זאָל אַריינטרעטן אין ראַבינער־אינסטיטוט.

די דאָזיקע לפי־ערך גרויסע פרייהייט, וואָס איז אַזוי ביטיק געווען אַזאַ שפּירבאַרן, וויסנדאָרשטיקן און אויסערגעוויינטלעך פעיִקן קינד, ווי דאָס איז געווען דער עילוי יצחק לייבוש, האָט אים אויסגעהיט פון שאַרפער שינאה צו די יידישע קולטור־אוצרות, וואָס זיינען פאַר אַזוי פיל קינדערשע לעבנס געווען קייטן און טאָרטור־מכשירים.

דער גורל האָט זיך זאַרגעוודיק באַצויגן צום צוקונפטיקן באַזינגער פונעם אַלט־יידישן לעבנס־שטייגער.

דער קליינעכקער יצחק לייבוש האָט זיך טיף געטובלט אין דער יידישער לי־טעראַטור: ער איז אַריינגעדרונגען אין די טיפענישן פון תלמוד און קבלה, ער האָט זיך באַגייסטערט מיט דעם רמב״מס פילאָסאָפיע און מיט די רעליגיעזע מוסר־ספרים. פּרץ האָט שפּעטער געשילדערט מקובלים נישט אויבערפלאַכלעך, נישט אויפגעבלאָזן־פּאַטעטיש. — די אינערלעכע וועלט פון די פּאַטריאַרכאַל־רעליגיעזע יידן איז געווען אָפן פאַר זיין אינערלעכן בליק; ער האָט אינצייטיק אי געטראָגן זי אין זיך, אי געשוועבט איבער איר.

פּרצן האָט אָפּגעגליקט אויך מיט דעם, וואָס ער האָט פרי באַקומען אַ צוטריט צו אַ צווייטער וועלט: צו דער וועלט פון דער יידישער השכלה און פון דער אייראָ־פּעיִשער ליטעראַטור. אין פאַרגלייך מיט די ליידן פון אַ לינעצקי אָדער אַ ליליענ־בלום, וואָס זיינען געווען כמעט אין פּרצעס יאָרן, איז זיין איבערגאַנג צו דער וועלטלעכער קולטור פאָרגעקומען כמעט אָן ווייטיק. ער האָט געהאַט אַ צוטריט צו אַ רייכער פּריוואַטער ביבליאָטעק, ווו ער האָט פיבערהאַפט געזוכט ענטפערס אויף די אייביק־אַלטע און אייביק־נייע פראַגעס, וואָס פייניקן יעדן ניי־אַריינטרעטנ־דיקן אין לעבן, אויב נאָר ער לעבט נישט בלויז מיט מאַטעריעלע פאַראינטערעסי־רונגען. אין דער דאָזיקער פּריוואַטער ביבליאָטעק וואַרפט ער זיך אַרויף אויף פּוילישע און דייטשע ביכער. ער פאַרשלינגט אַלץ וואָס עס פאַלט נאָר אַריין אין זיינע הענט: דיומאַס ראָמאַנען און באָקלס „געשיכטע פון דער ציוויליזאַציע אין ענגלאַנד״, נאַטור־וויסנשאַפטלעכע ביכער און נאַפּאָלעאָנס קאָדעקס אין אַ פּוילישער איבערזעצונג. אַ לערנביכל פון דער פראַנצויזישער שפּראַך פאַרשלינגט ער פון דער ערשטער ביז דער לעצטער שורה, כדי צו באַקומען אַ צוטריט צו די פראַנ־צויזישע ביכער פון דער רייכער ביבליאָטעק.

דער דאַזיקער אײדעלער וועלפישער אַפּעטיט, וואָס האָט זיך דערוועקט אין פּרצן אין זיין קינדהייט, האָט שוין נישט פאַרלאָזט אונדזער קלאַסיקער אַ גאַנץ לעבן: ער האָט תמיד אַקטיוו געזוכט ענטפערס אויף פראַגעס, וואָס וואַרטן אייביק אויף ענטפערס.

פאַרטריבן פון גן־עדן פון זיין רעליגיעזן גלויבן, וואָס איז — שוין לאַנג אָנ־געשפּאָלטן — אין גאַנצן איינגעפאַלן, זוכט ער אַן אָנשפּאַר, ווייל פאָרן אין ראַבינער־אינסטיטוט, אָבער זיין ליבע צו דער טיף־רעליגיעזער מוטער האַלט אים פעסט אין שטעטל, ווו ער האָט יונג חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון באַקאַנטן ייִדישן מאַטעמאַטיקער יהודה ליכטענפעלד.

פּרץ טרעט אַריין אין לעבן מיטן געוויינטלעכן אַלט־ייִדישן וועג, ווי נאָך אים — ביאַליק: אַ צו־פרי פאַמיליע־לעבן מיט די פליכטן צו געבן פּרנסה אַ פרוי, שניידן אויף אַ צייט אונטער די פליגלען פון די טרוימען וועגן קולטורעלער השלמה און וועגן גייסטיקן שאַפן.

נאָך דער חתונה איז פּרץ עטלעכע יאָר געווען אַ שותף צו אַ ביר־ברויערײ אין סאַנדאָמיר. דער דאַזיקער פעריאָד פון זיין לעבן איז אינטערעסאַנט, ערשטנס, מיט דעם, וואָס פּרץ פלעגט שוין דאַן פאַרגעסן זיינע געשעפטן צוליבן פאַרפאַסן גראַמען, און, צווייטנס, צוליב אָט דעם פאַקט: איין מאָל, ערב פּסח, האָט פּרץ פאַר־געסן צו פאַרקויפן מיטן חמץ, ווי דאָס פאָדערט דער ייִדישער דין, די ביר־ברויערײ מיטן גאַנצן אינווענטאַר און ערשט ביים סדר האָט ער זיך דערמאָנט וועגן דעם. און הגם ער גופא איז שוין דאַן געווען ווייט פון דער טראַדיציאָנעלער פרומקייט, האָט ער דאָך געהאַלטן אַז אָפּנאַרן מענטשן טאָר מע נישט, און, אויסגיסנדיק דעם גאַנצן זאַפּאַס ביר, האָט ער צוזאַמען מיטן ביר פאַרלוירן אויך זיין גאַנצן קאַפּיטאַל.

דער דאַזיקער פאַקט גיט אַ בולטע פאָרשטעלונג וועגן דער פראַקטישער עטיק פונעם דיכטער, וועלכער האָט זי אַ גאַנץ לעבן אַרויסגעוויזן אין זיין שאַפן.

נאָך עטלעכע יאָר נע־ונדעווען און ליטעראַרישע אָנהייבן אין געביט פון דער העברעיִשער דיכטונג, קערט זיך פּרץ אום, אין 1877, ווי אַ פינף און צוואַנציק־יעריקער, קיין זאַמאָשטש. פאַר דער דאַזיקער צייט האָט ער שוין באַוויזן זיך גטן מיט זיין ערשטער פרוי און חתונה האָבן אַ צווייטן מאָל.

היות די פרומע לאָזן אים נישט עפענען קיין העברעיִשע שולע, באַשליסט ער צו ווערן אַן אַדוואָקאַט. אין זייער אַ קורצער צייט לערנט ער אויס דעם רוסישן קאָדעקס, האַלט אויס דעם עקזאַמען ביים קרייז־געריכט און אין משך פון צען יאָר פאַרנעמט ער זיך דערפאָלגרייך מיט אַדוואָקאַטור.

אין 1889 האָט פּרץ פאַרלוירן זיין רעכט צו פראַקטיצירן ווי אַן אַדוואָקאַט (צוליב סיבות, אויף וועלכע איך וועל אָנווייזן אונטן). געקומען קיין וואַרשע זוכן באַשעפטיקונג, ווערט ער איינגעלאַדן מיטצואַרבעטן אין דער סטאַטיסטישער עקס־פּעדיציע איבער די ייִדישע שטעטלעך אין פוילן. די דאַזיקע עקספּעדיציע איז

אָרגאַניזירט געוואָרן דורך אַ משומד, — אַ באַרימטן עקאָנאָמיסט און פילאַנטראָפּ, יאַן בלאָך, — מיטן ציל צו ווייזן, אַז ייִדן זיינען אַ פּראָדוקטיווער עלעמענט.

די דאָזיקע עקספּעדיציע האָט געדויערט אַ האַלב יאָר און זי האָט געהאַט פאַר פּרצן אַ גאָר גרויסע באַדייטונג. אַ חוץ דעם וואָס דעם צוזאַמענגעקליבענעם מאַטעריאַל האָט ער בעלעטריסטיש באַאַרבעט אין זיינע באַרימטע „רייזע־בילדער״, האָט ער אויך באַקומען די מעגלעכקייט ברייטער צו באַקענען זיך מיטן לעבנס־שטייגער און מיטן גייסטיקן מעמד פון פּוילישן ייִדנטום.

צוריקגעקומען פון דער עקספּעדיציע, באַקומט פּרץ אַ שטעלע אין דער ייִדישער גמינה אין וואַרשע, ווו ער האָט „געדינט״, ביז זיין טויט, אין משך פון פינף און צוואַנציק יאָר.

דער לעבעדיקסטער און גייסטיק אַקטיוויסטער פון די ייִדישע קלאַסיקערס האָט אין משך פון פינף און צוואַנציק יאָר געפירט אַ לעבן פון אַ באַאַמטן, אַ קאַנצעליאַריסט, אין דער אַסימילאַטאָרישער ייִדישער גמינע פון וואַרשע, ווו ער האָט באַדינט די מתים (אין פשוטן זין פון וואָרט און אויך אין סימבאָלישן).

פּרצעס לעבן, ווי מיר זעען, צייכנט זיך אויסערלעך אויס נישט מיט קיין רייכקייט פון פּרטים אָדער מיט דראַמאַטישע עפעקטן. דערפאַר אָבער זעט אויס גאַנץ אַנדערש דאָס אינערלעכע לעבן פון דיכטער, ווי עס קומט צום אויסדרוק אין זיין פילפאַרביקן, פאַרשיידנאַרטיקן, רייכן שאַפן וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם וועג פון השכלה ביז נעאָ־חסידות און פון רעאַליזם — ביז סימבאָליזם און נעאָ־ראָמאַנטיזם.

*

**פּרץ** האָט אָנגעהויבן שרייבן זייער פרי, ווי אַ פערצן־יעריקער. ער שרייבט דעם באַקאַנטן ייִדישן היסטאָריקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור, צינבערגן: „אָנגעהויבן האָב איך צו שרייבן פּויליש (גאָר נישט געדרוקט, פאַרברענט...), אָוועקגעוואָרפן, פרעמד געווען, אָנגעהויבן העברעיִש, געפילט — נישט לעבנדיק, אַריבער צו ייִדיש״.

אָבער אויב דאָס שרייבן אויף פּויליש איז געווען אַן עפּיזאָד, איז פּרצעס שאַפן אין העברעיִש נישט געווען אַזאַ פאַרבייגייענדיקער עפּיזאָד, ווי דאָס קען זיך דאַכטן פון אויבנגעבראַכטן קאָנדענסירנדיקן ציטאַט. פּרץ האָט אַ לענגערע צייט געשריבן אי אויף ייִדיש, אי אויף העברעיִש, און אַ גאַנץ לאַנגע צייט האָט ער אַפילו געדרוקט נאָר אין העברעיִש, נישט־צוגעבנדיק קיין גרויסן ווערט זיינע פעדער־פּרוּוון אין ייִדיש.

ווען פּרץ האָט, אין 1888, דעביוטירט אויף ייִדיש אין שלום עליכמס „ייִדישע פאָלקס־ביבליאָטעק״ מיט דער פּאָעמע „מאָניש״, איז ער שוין געווען אַ זיבן און דרייסיק־יעריקער מאַן, מיט אַ פּופצן־יאָריקן ליטעראַרישן סטאַזש אין העברעיִש און אַ סך אויטאָריטעטן פון דער דעמאָלטיקער העברעיִשער ליטעראַטור האָבן

פּרצעס שאַפן שטאַרק געשעצט, צווישן זיי אויך דער שעפער פון דער מאָדערנער העברעיִשער ליטעראַטור — פּרץ סמאָלענסקין. און אַפילו נאָך זיין אַריבערגיין אויף יידיש האָט פּרץ קיין מאָל נישט איבערגעריסן זיינע שעפערישע באַציִונגען מיט העברעיִש: פון צייט צו צייט פלעגט ער שרייבן אין העברעיִש, אָדער ער פלעגט אַליין איבערזעצן אין העברעיִש געוויסע ווערק זיינע.

אויף פּרצעס באַציִונג צו דער יידישער שפּראַך איז פון סאַמע אָנהייב נישט געווען קיין גלייכגילטיקייט. עס איז אינטערעסאַנט, אַז אַ גאַנץ לאַנגע צייט האָט ער נישט געוווּסט וועגן שלום עליכמען, און אַפילו מענדעלען האָט ער געלייענט אין אַ... פּוילישער איבערזעצונג. און כאָטש פּרץ האָט שוין דאַן געשריבן, הגם נאָך נישט געדרוקט, יידישע סקיצן און געדיכטן, האָט ער דאָך געהאַלטן אַז אויף יידיש דאַרף מען דרוקן פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונגען און וועגן דער יידישער געשיכטע, און פאַר דער „יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק" האָט ער טאַקע פאַרגעלייגט שלום עליכמען איבערזעצונגען פון דייטש אויף פילאָסאָפישע און פסיכאָלאָגישע טעמעס. און הגם פּרץ שרייבט דאַן שלום עליכמען, אַז ער קוקט נישט אויפן „זשאַרגאָן", ווי אויף אַ פאַרבייגייענדיקן פאַרמיטלער („איך וויל עס זאָל ווערן אַ שפּראַך, און דעריבער באַדאַרפן מיר פאַרברייטערן און פאַרמערן אירע אוצרות און צוגעבן יעדע רגע אַלץ נייע אויסדרוקן, אַז דער שרייבער זאָל נישט זאָגן, מיר איז ענג דאָס אָרט"...), דאָך שרייבט ער אין דער הקדמה צו זיין „די יידישע ביבליאָטעק" (אַרויסגעגעבן, אַגב אורחא, אַ דאַנק דער געלט־שטיצע פון די וואַרשעווער אַסימילאַטאָרן): „מיר סימפּאַטיזירן גאַנץ אָפן מיט די, וואָס ווילן דעם זשאַרגאָן אויף אַ לעבעדיקער לאַנדעס־שפּראַך פאַרטוישן".

ווי מיר זעען, איז אין פּרצן פאָרגעקומען אַ קאַמף צווישן דעם משכיל אין אים (וואָס ער איז דאָס געווען באַוווּסטזיניק) און דעם דיכטער אין אים (וואָס דאָס איז ער געווען אומבאַוווּסטזיניק). פון דעם דאָזיקן קאַמף, ווי דאָס געשעעט תמיד, איז אַרויס ווי אַ זיגער דער אומבאַוווּסטזיניקער עלעמענט פון פּרצעס פּערזענלעכ־קייט: פאַר שלום עליכמס „יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק" האָט פּרץ צוגעשיקט נישט איבערזעצונגען וועגן פּסיכאָלאָגיע, נאָר די פּאָעמע „מאָניש", און אין „דער יידי־שער ביבליאָטעק" האָט ער נישט נאָר אַרויסגעוויזן זיין קולט פאַר „זשאַרגאָן", נאָר טאַקע אַ דאַנק דעם דאָזיקן „שלימזלדיקן" פאַרמיטלער לטובת דער משכילישער אַסימילאַציע, האָט פּרץ שטאַרק באַווירקט די אַנטוויקלונג פון דער יידישער לי־טעראַטור.

אין פּרצן איז געווען זייער שטאַרק דער עלעמענט פון אַ משכיל, און בעת ער האָט זיך אין זאַמאָשטש פאַרנומען מיט ליטעראַטור, האָט ער אָפּגעגעבן אַ סך כוח און ענערגיע אויף אָרגאַניזירן און אָנפירן אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטערס. און עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז פאַר די דאָזיקע קורסן האָט ער באַצאָלט מיטן רעכט צו פאַרנעמען זיך מיט אַדוואָקאַטור, ווייל די פרומע יידן פון זאַמאָשטש האָבן אָנ־

געהויבן אַ קאַמפּאַניע קעגן די דאָזיקע קורסן (ווו מע פלעגט, אַגב, אין די שבתים האַלטן לעקציעס וועגן תּלמוד און פּרץ גופא פלעגט האַלטן לעקציעס וועגן דער ייִדישער געשיכטע). און מיט „ייִדישע״ מיטלען איז זיי געלונגען אויסצופּועלן, מע זאָל פאַרווערן די דאָזיקע קורסן. פּרצן האָט די מאַכט חושד געווען אין אומלאָיאַל־קייט און שיער נישט אין סאָציאַליזם, און אין גיכן, נאָכן צומאַכן די קורסן, האָט ער אויך פאַרלוירן דאָס רעכט צו פּראַקטיצירן ווי אַן אַדוואָקאַט.

די ייִדישע ליטעראַטור דאַרף זיין דאַנקבאַר די דאָזיקע אומריינע קעגנערס פון פּרצן, ווייל אַ דאַנק זיי האָט ער אַוועקגעוואָרפן די אַדוואָקאַטור. און הגם ער האָט זיך באַמיט אויך ווייטער פירן זיין משכּילישע טעטיקייט דורך זיינע זאַמל־ביכער (מיט זייער טיפּיש־משכּילישער פּראָגראַם), דאָך האָט זיך אין איין אויגנ־בליק אַרויפגעכאַפּט אויפן פערד, וועלכן עס האָט אָנגעזאָטלט דער באַוווסטזיניקער משכּיל, דער אומבאַוווסטזיניקער דיכטער, און אָט דער לעצטער, דערשפּירנדיק אונטער זיך אַ הייסן פערד, האָט פאַרגעסן סיי וועגן זיין פּראָגראַם־אַרטיקל, סיי וועגן זיינע מעצענאַטן־אַסימילאַטאָרן און זיך אַוועקגעלאָזט מיט זיין אייגענעם טריומף־וועג.

מיט פּרצן איז געשען דאָס זעלביקע וואָס מיטן ערשטן ייִדישן מלך, שאול: ער איז אַרויס אין וועג זוכן אייזעלינס און געפונען — אַ מלוכה.

*

פּרץ האָט אַ גאַנץ לעבן אַרויסגעוויזן אַ טיפן אינטערעס צו געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען און צום לעבן פון די ייִדישע פאָלקס־מאַסן. אויף דער שוועל פון זיין אַקטיווער ליטעראַרישער טעטיקייט שטייט זיין עקספּעדיציע איבער די ייִדישע שטעטלעך, צו וועלכע ער איז צוגעטראָטן מיט דער איבערצייגונג אַז מע דאַרף גוט באַקענען זיך מיטן וואָכעדיקן ייִדישן לעבן, זען וואָס עס קומט ווירקלעך פאָר אין די קליינע שטעטלעך, אויף וואָס מע האָפט דאָרטן, מיט וואָס מע לעבט דאָרטן, וואָס מע טוט דאָרטן.

די דאָזיקע עקספּעדיציע האָט געגעבן נישט נאָר מאַטעריאַל פאַר זיינע פּרעכ־טיקע „רייזע־בילדער״; זי שטייט אויך סימבאָליש אויף דער שוועל פון זיין גאַנצער טעטיקייט, וואָס איז געווען אַ מין עקספּעדיציע איבער דעם אויסערלעכן און אי־נערלעכן לעבן פון ייִדישן פאָלק.

דער דאָזיקער לעבעדיקער אינטערעס צו די לעבנס־פּראָבלעמען פון די ייִדישע מאַסן ווייזט זיך ביי פּרצן אַרויס אין דעם וואָס זייט־ביי־זייט מיט קאַמף־פּובליציס־טיק אין אייגענע קאַמף־אויסגאַבעס (באַזונדערס אין די באַרימטע „יום־טוב־בלעט־לעך״), שרייבט ער אויך קאַמף־בעלעטריסטיק, וואָס איז ענלעך לויטן גייסט צו דער בעלעטריסטיק פון די רוסישע פ אָ ל ק ס ט י מ ל ע כ ע  ש ר ײ ב ע ר ס פון גלעב אוספּענסקיס שניט.

אין זיין בעלעטריסטיק פאַרנעמט אַ חשובן אָרט די ייִדישע פרוי, איר גורל אין דער אייגנאַרטיקער גייסטיק־עקאָנאָמישער סטרוקטור פון ייִדישן לעבן, ווו עס איז איינגעפירט געווען — אין גאָר אַ גרויסער מאָס — אַן אָריגינעלע אַרבעט־צעטיילונג: דער מאַן האָט געאַרבעט פאַר י ע נ ע ר וועלט, און די פרוי — פאַר ד ע ר וועלט.

אָט דער שטריך פון ייִדישן לעבן האָט געפונען אַ בולטן אויסדרוק אין דער דערציילונג „מענדל ברייִנעס", ווו די אויסטערלישע איבערגעגעבנקייט און מסירת־נפשדיקייט פון דער ייִדישער פרוי דערגייט אַפילו נישט צום באַוווסטזיין פון איר מאַן דעם בטלן, — ער נעמט אַן די דאָזיקע קרבנות ווי עפּעס וואָס קומט אים, ווי עפּעס געוויינטלעכס וואָס בלייבט הינטער דער שוועל פון באַוווסטזיין.

די זעלביקע זייט פון אונדזער לעבן — אַן אַנדער ניואַנס זיינער — האָט גע־פונען אַן אויסדרוק אין דער אומהיימלעכער דערציילונג „דער כּעס פון אַ ייִדענע".

אין די דערציילונגען וואָס שילדערן די פאַרקנעכטונג פון דער פרוי, טרעט אַרויס בולט איין כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפט פון ייִדישן לעבן: די פאַרקנעכטונג פון דער פרוי איז ביז אַ געוויסן גראַד אַ פרייוויליקע — מע פאַרשקלאַפט זי נישט, נאָר זי איז זיך מקריב פרייוויליק, מחמת רעליגיעזע ציִלן.

אָבער פּרץ באַמערקט דאָך אַן עלעמענט פון געוויסער פאַרקנעכטונג פון דער פרוי אין אונדזער לעבנס־שטייגער. וועגן דעם זאָגט עדות אַ רירנדיקע דערציילונג „התנהגה געהאָט". אָבער אויך דאָ, מוז באַמערקט ווערן צו פּרצעס שבח, האָט דער דיכטער נישט דערלאָזט, אַז דער רייסיקער שטראָם פון זיין טיפן מיטלייד זאָל אים טראָגן אַן שום קאָנטראָל, — און ער איז געבליבן אָביעקטיוו אין זיין אָפּשאַצן דאָס ייִדישע לעבן, אַפילו אין דעם דאָזיקן באַשולדיקונג־אַקט: דאָס דאָזיקע מיידל פאַר־קויפט מען צו אַ רייכן זקן. איר ליבע ווערט טאַקע צעטראָטן מיט די פיס, אָבער שולדיק אין דעם איז נישט נאָר אונדזער באַציִונג צו ליבע, נאָר אויך די אָרעמקייט. און, אגב, — אויך דאָ שפּילט אַ ראָל דעם מיידלס פרייוויליקער קרבן. די מוטער פאַרקויפט די טאָכטער אויף אַ לעגאַלן אופן צוליבן קראַנקן מאַן, אָבער די טרערן פון דער מוטער און טאָכטער גיסן זיך צונויף אינאיינעם ביינאַכט אין דער טאָכ־טערס בעט — זיי פליסן פון איין וווּנד.

פּרץ האָט אַזוי טיף געפילט דאָס ייִדישע לעבן, אַז אַ גרויסע טייל פון זיין דעמאַסקירנדיקער ליטעראַטור פאַלט נישט אַריין אין איינזייטיקייט: אַפילו די נעגאַטיווע זייטן פון ייִדישן לעבן גיט זי נישט בלויז אויסערלעך, אין דער פלאַך־דימענסיע פון די געשעענישן, נאָר צוזאַמען מיט זייער אינערלעכער אַטמאָספער, אין זייער קולטור־היסטאָרישער פערספּעקטיוו.

אַ סך אויפמערקזאַמקייט גיט פּרץ אָפּ די מאַטעריעל־פאַרטיילטע ייִדישע מאַסן: אין „באָנטשע שווייג" גיט ער אַ דערשיטערנדיק בילד פון זייער דערשלאָגנקייט, וואָס ווייסט אַפילו נישט פון קיין פּראָטעסט; נישט זיי שפּירן זייער קראַפט, נישט

זיי ווייסן וועגן זייערע רעכט. מיט אַ בייסיקן סאַרקאַזם באַווייזט ער צו וואָסערע גראָשעדיקע אַספּיראַציעס דאָס דערשטיקטע לעבן האָט דערפירט די דאָזיקע מאַסן. אָבער פּרץ האָט תמיד געזען דאָס ייִדישע לעבן אין זיין גאַנצער פילזייטיקייט. און אויב אין „באָנטשע שווייג" איז ער געבליבן איינזייטיק, כדי צו דערפירן זיין געדאַנק ביזן סאַמע סוף, דערגאַנצט ער תיכף די דאָזיקע דערציילונג פון זיין צווייטער, אינערלעכער זייט, — מיט זיין „שלום-בית": דער זעלביקער טרעגער, די זעלבע דערדריקנדיקע אָרעמקייט און עם-הארצות, אָבער צוזאַמען דערמיט איז דאָ אַן אָפּגלאַנץ פון טויזנט-יעריקער קולטור; ס'איז דאָ אַ רייסן זיך צו עפּעס גייסטיקס, און דאָס קומט צום אויסדרוק אין אַן אַדעליקן פאַמיליע-לעבן. אינעם טרעגער פון „שלום-בית", געשריבן (אין ערשטן וואַריאַנט) נאָך אין סוף פון די אַכציקער יאָרן, שטראַלט שוין דורך עפּעס פון יענער גייסטיקייט, מיט וועלכער עס זיינען פול פּרצעס פאָלקסטימלעכע און חסידישע דערציילונגען. די דערציילונג „שלום-בית" וואַרפט אַ מין בריק צווישן „באָנטשע שווייג" און „אויב נישט נאָך העכער".

*

דאָס ייִדישע לעבן פאַרמאָגט אַזוי פיל נעגאַטיווע דערשיינונגען, אַז עס איז נישט קיין ווונדער וואָס דער מאָמענט פון סאַטירע שפּילט אַ גאַנץ גרויסע ראָל אין פּרצעס שאַפן. זיין „שטריימל" איז אַ מעכטיקע סאַטירע קעגן דער מאַכט פון קלער אין אונדזער לעבן, און זיינע סאַטירישע מעשהלעך מאָלן סימבאָליש אָדער — אין ערגסטן פאַל — אַלעגאָריש די טויטקייט פון אונדזער לעבן, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פוילנדיקן זומפּ, וואָס זויגט אַריין אַל דאָס עכט-גייסטיקע און מענטשלעך-אינדיווידועלע („דער זומפּ", „די טויטע שטאָט").

פּרץ איז אָבער, פון איין זייט, געווען צו טיף, כדי צו באַפרידיקן זיך מיט סאַטירע, און פון דער צווייטער זייט האָט ער צו גוט אָפּגעפילט די אַטמאָספער פון ייִדישן לעבן, אַזוי אַז זיין פלאַך-דימענסיע זאָל אים קענען גענאַרן: ער האָט געוווּסט מיט זיינע אַלע חושים אַז אין אונדזער לעבן איז דאָ אויך אַן אַנדער דימענסיע — אַ טיף-דימענסיע.

אין איינעם פון זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען, „שטעט און שטעטלעך", רופט פּרץ אויס:

„איין שבת, ווי עס דאַרף צו זיין, איין אמתע נשמה־יתירה!

„אַ נשמה־יתירה, וואָס זאָל פילן, וואָס זאָל וויסן ווי יענע, די טאָג־טעגלעכע, די וואָכעדיקע איז קראַנק!

„ווו נעמט מען זי?"

און זוכנדיק אַט די דאָזיקע נשמה־יתירה, גייט פּרץ אַוועק צו די „פֿאָלקס־טימלעכע געשיכטן" און צו די חסידישע דערציילונגען. פּרץ נעמט זיך גראָבן אין די פֿאָלקסטימלעכע און נאַציאָנאַלע טיפֿענישן, כּדי צו קענען לייגן די נייטיקע טיפֿע פֿונדאַמענטן פֿאַר אַ שעפֿערישער ליטעראַטור וואָס איז פֿעיִק נישט נאָר אָפּצושפּיגלען דאָס היינטצייטיקע, נאָר אויך שאַפֿן דאָס צוקונפֿטיקע דורך אַ שעפֿערישער פֿאַרבינדונג מיטן פֿאַרגאַנגענעם.

אין די „מקובלים" פֿירט אונדז פּרץ אַריין אין אַ וועלט פֿון די דינסטע גייסטיקע איבערלעבונגען, וואָס פֿאַרקערפּערן ממש פֿלאַסטיש, — אויף וויפֿל דאָס איז נאָר מעגלעך, — יענע גייסטיקע כּוחות און שטרעבונגען, וואָס האָבן געווירקט שעפֿעריש אין אונדזער געשיכטע און וואָס ווירקן נאָך אויך אין אונדזער לעבן אין דער אָדער אין יענער פֿאָרעם: אָט־אָ־דאָס ליידנשאַפֿטלעכע רייסן זיך צו אַן אידעאַל קען אָננעמען נישט נאָר אַ רעליגיעזע פֿאָרעם, נאָר אויך אַן אַלמענטשלעך־הומאַניטאַרע, און אַ וויסנשאַפֿטלעכע, און אַ נאַציאָנאַל־חלוצישע. און ווער האָט אונדז דערצויגן צו אָט דער צילבאַוווסטער ליידנשאַפֿטלעכקייט און ווער האָט אונדז דערצויגן צו קענען זיך פֿרייוויליק ברענגען פֿאַר קרבנות אויף די מיזבחות פֿון אַלע אידעאַלן, אויב נישט די דאָזיקע „מקובלים"?

שפּירן אָט די דאָזיקע קראַפֿט און שילדערן זי גלייכצייטיק אי אין איר קאָנקרעט־היסטאָרישער פֿאַרקערפּערונג, אי אין איר אַלמענטשלעכקייט, — אָט דאָס איז פּרצעס פֿאַרדינסט.

אין „אויב נישט נאָך העכער" טיילט ער אויס אויסטערליש פּשוט און רעליִעף דאָס ליכטיקע פּונעם פֿינצטערן, אַנטדעקט דעם קוואַל פֿון ריינסטן גלויבן אין אַן אָבערגלויבן: אַ חסיד דערציילט אַז זיין צדיק גייט אַרויף אויפֿן הימל, און אַן אומגלויביקער ליטוואַק רופֿט זיך אָפּ אויפֿן דאָזיקן אָבערגלויבן מיט אַ גאַנץ אַנדער גלויבן: „אויב נישט נאָך העכער!"

די פֿעיִקייט צו זען נאַרישקייט און אָבערגלויבן פֿון דער צווייטער זייט, — אָט אין דעם איז עס באַשטייט פּרצעס צווייטער פֿאַרדינסט. אַנשטאָט אַריינצופֿאַלן אין פֿאַרצווייפֿלונג פֿונעם „שטריימל", איז ער אַריינגעפֿאַלן אין אַנטציקונג פֿון דעם וואָס ער האָט אַנטדעקט און ער האָט איבערגעקערט דאָס שטריימל אויף דער צווייטער זייט. דאָס איז געווען אַן אמתע קאָפּערניקאַנישע איבערקערעניש אין אונדזער באַציִונג צום אַלטן ייִדישן לעבנס־שטייגער.

אין די „דריי מתּנות" סימבאָליזירט פּרץ דעם קוואַל פֿון אונדזער פֿאָלקס קראַפֿט: די גרייטקייט אָפּצוגעבן דאָס לעבן פֿאַרן רעכט צו לעבן אויפֿן אייגענעם שטייגער, פֿאַר אַן אידעאַל, אין וואָס ער זאָל נישט באַשטיין. די דאָזיקע מענטשן פֿון „דריי מתּנות" פֿאַרלירן נישט דאָס לעבן ווי דער „מקובל", אין עקסטאַז, אומבאַוווסטזיניק. זייער גאַנץ לעבן, סיי אין זיין טאָג־טעגלעכקייט, סיי אין זיין יום־טובֿדיקייט — איז אַ באַוווסטזיניקער, גלייכמאָטיקער פּלאַם אויפֿן מיזבח פֿון טרייקייט

צום אייגענעם גלויבן. דאָס איז די זעלביקע קראַפט וואָס אין די „מקובלים“, אָבער זי ווערט געשטעלט פאַרן גרעסטן ניסיון: גיין אויף קידוש השם אין דער טאָג־טעגלעכקייט, אין קלייניקייטן. דאָס איז שוין נישט קיין מינוטיקער אויפפלאַקער, קיין העראָיזם פון עקסטאַז, נאָר אַ טאָג־טעגלעכע פאַרהאַרטעוועטקייט, אַ העראָיזם פון טאָג־טעגלעכקייט.

און אין „ניסים אויפן ים“, אין דער דאָזיקער קונציק־באַאַרבעטער פאָטישער פאָלקס־מעשהלע, געפינען מיר פאַרקערפּערט נאָך אַ מין פון אונדזער פיל־פּנימדיקער און דאָך איינהייטלעכער קראַפט פון געטריי זיין דעם גייסט, — פון אונדזער אויסטערלישן, פיל־סטרוניקן, איינציקאַרטיקן ביטחון.

סאַטיען פאַרבינדט בלויז איין רינג מיטן יידנטום, אָבער ער איז גרייט צו גיין פאַר אים אויף „קידוש השם“, הגם ער קען אַפילו נישט דאָס דאָזיקע וואָרט, נישט דעם דאָזיקן באַגריף, און אים איז גאָר נישט נייטיק דאָס דאָזיקע וויסן, ווייל ער טראָגט אין זיין בלוט דעם דאָזיקן ירושהדיקן ביטחון: ער איז איבערגעצייגט, ערשטנס, אַז קיין שטורעם וועט נישט זיין, אויב ער וועט גיין כאַפּן פיש לכבוד יום־כיפּור; און צווייטנס, אויב דער שטורעם וועט זיך פאַרט צעבושעווען, איז דאָס שוין נישט זיין זאַך — אין „יום־כיפּור“ וועט ער נישט רודערן. און אָט־אָ־דער ביטחון טוט וווּנדער: ווי עמעצנס הענט וואָלטן אים געטראָגן איבער די שטורמישע כוואַליעס אַהיים. וועמענס הענט זיינען דאָס? נישט אַ מאָל יענע, וואָס האָבן אויך אונדז געפירט איבער די שטורעמדיקע יאָרהונדערטער, איבער דעם וואַסער־מידבר פון דער וועלט? אפשר זיינען דאָס די הענט פון אונדזער ביטחון?

פּרצעס „פאָלקסטימלעכע געשיכטן“ און די „חסידישע דערציילונגען“ זיינען נישט נאָר זיינע טיפּסטע ווערק, נאָר אויך די שלימותדיקסטע אין פּרט פון קינסט־לערישקייט. אָבער אויב אין פּרט פון יידישלעכער טיפקייט שטייען די „פאָלקס־טימלעכע געשיכטן“ העכער פאַר די חסידישע דערציילונגען, שטייען די חסידישע דערציילונגען אין פּרט פון קינסטלערישקייט העכער פאַר זיינע „פאָלקסטימלעכע געשיכטן“. אין די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן“ שפּירן מיר אָפט די אַרבעט פון אַ סטיליזאַטאָר, ווייל אַזאַ אינטעלעקטועלער שרייבער ווי פּרץ, האָט נישט פאַרמאָגט גענוג נאַיווקייט, וואָס איז אומבאַדינגט נייטיק אויף איבערצוגעבן די פאָלקסטימ־לעכע געשיכטן אָן אַן „אַקצענט“; אָבער אין די חסידישע דערציילונגען האָט פּרץ דערגרייכט די העכסטע מייסטערשאַפט פון סטיל. ער האָט געשאַפן אַ ספּעציעלן, אָריגינעלן, אומפאַרגלייכלעכן סטיל, אין וועלכן עס האָבן זיך פאַראייניקט טיפקייט פון געדאַנק מיט פּלאַסטישקייט פון אויסדרוק (מיר זעען און הערן דעם דערציילנ־דיקן חסיד נישט נאָר אין „יוחנן מלמדס מעשהלעך“, נאָר אַפילו אין יענע דערציי־לונגען ווו עס איז נישטאָ קיין באַשטימטער דערציילער), בלענדנדיקער פייערווערק פון חכמה און הומאָר מיט שפּילעוודיקער פאַנטאַסטישקייט.

פּרצעס חסידישע דערציילונגען קען מען צעטיילן אין פינף גרופּעס.

ער האָט חסידישע דערציילונגען, וואָס פאַרפאָלגן אַ בולטן ציל: פ אַ ר־וואַנדלען די רעליגיעזע ענערגיע אין הומאַ־ניטאַרע.

די טיפּישסטע פון די דאָזיקע דערציילונגען איז „אויב נישט נאָך העכער".

ער האָט חסידישע דערציילונגען, וואָס ווילן אַנטפּלעקן פאַר אונדז די גייסטיקע וועלט פון חסידות, די אַטמאָספער פון חסידישן וועלט־ און לעבנס־געפיל.

צו די דאָזיקע געהער פריעס דערציילונג „צווישן צוויי בערג", וווּ פּרץ שטעלט אַנטקעגן דאָס חסידישע וועלט־געפיל דעם מתנגדישן.

ביים צוזאַמענשטויס פון די צוויי בערג — פון בריסקער רב מיטן ביאַלער צדיק — טרעט בולט און בילדלעך אַרויס דער אונטערשייד צווישן ביידנס גייס־טיקער אַטמאָספער.

צו די דאָזיקע געהערן אויך אַזעלכע דערציילונגען, ווי „מישנת חסידים" און „שהשימחה במעונו". דאָ באַמיט זיך פּרץ צו געבן די עסענץ פון חסידות, — נישט זיינע טעאָרעטישע באַגריפן, נאָר זיין לעבעדיקן גייסטיקן מהות.

עס זיינען דאָ חסידישע דערציילונגען, אין וועלכע פּרץ באַאַרבעט שעפעריש דעם רייכן פאָלקלאָר פון דער חסידישער מיליע. צו אַזעלכע דערציילונגען געהערט די פּרעכטיקע — לויט דער פאַנטאַזיע — דערציילונג וועגן ציגן־באָק דעם בעל־מופת, אַ מעשה וואָס ר' נחמנקע דערציילט.

דער דאָזיקער ציגן־באָק האָט זיך דערנערט מיט גראָז, וואָס „וואַקסט אויפן אָרט פון תורה לשמה... פון ייִדיש בלוט, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן על קידוש השם..." און אַ דאַנק דעם דאָזיקן גראָז האָט דער ציגן־באָק באַקומען לאַנגע, אויס־טערליש־לאַנגע הערנער וואָס פאַרמאָגן אַן אויסטערלישע אייגנשאַפט: זיי קענען זיך אויסציִען און איינציִען, כדי קיינער זאָל נישט וויסן וועגן זייער בייזער לענג.

אָט דער ציגן־באָק איז געווען אַן אמתער הייליקער, פול מיט ליבע צו ייִדן. צוליב זיי איז ער פאַרבליבן אונטן, אויף דער ערד.

„אַן אַנדערער, האָסט אַזוינע הערנער, פאַרטשעפּעסט די לבנה, שפּרינג אונ־טער, מאַך אַ קאָזשעלעק אַרויף... אין הימל אַריין, לעבעדיקערהייט אין גן־עדן אַריין... וואָס גייט דיך אָן?"

אָבער דער דאָזיקער ציגן־באָק איז פול מיט ליבע און רחמים. „איז אים די קהילה אַ שאָד; וויל ער זי נישט פאַרלאָזן..."

„און אַז דאָ איז כלו כל הקיצין, און דער גזר־דין לאָזט זיך, חס ושלום, נישט ברעכן... גייט ער, דער באַהאַלטענער באַלעבאָס פון די לעבעדיקע הערנער, אין אַ שטילער מיטנאַכט, ווען דאָס שטעטל שלאָפט און פון שולן און בתי־מדרשים

שווימט אַרויס אַ שטיל געוויין אויף גלות ישראל און גלות השכינה, — און שטעלט זיך אויף די הינטערשטע פיס, און גלייכט אויס די הערנער און פאַרוואַרפט די שפּיצן צום מילכוועג אַרויף, און פאַרטשעפּעט און רייסט אויס אַן אבן־טוב, און וואַרפט עס אין מיטן מאַרק אַריין. צעשפּריצט זיך אַזאַ אבן־טוב אויף טויזנטער שטיקלעך, גייען ייִדעלעך אַהיים פון חצות, פינקלט דער מאַרק פון אבנים טובות, געפינען זיי כשרע מציאהס, איז דאָ פּרנסה אויף אַ צייט...

„דעריבער קען ער נישט אַרויף".

אָבער דעם ציגן־באָקס גוטע האַרץ האָט אים אָוועקגעקוילעט. איין מאָל האָט אַ ייִד געבעטן ביים דאָזיקן ציגן־באָק אַ קליין שטיקל האָרן אויף אַ טאַבאַק־שקע־טעלע. דערזען ביים דאָזיקן ייִדן אַזאַ שיין האָרן־שקעטעלע, האָבן זיך אַנדערע גע־נומען נאָכפרעגן ווו ער האָט עס גענומען; האָבן אַלע גענומען גיין צום ציגן־באָק נאָך האָרן. און ער האָט קיינעם נישט געקענט אָפּזאָגן. און אין גיכן וועט ער שוין נישט קענען דערגרייכן מיט די הערנער די לבנה און צום מילכוועג, אַרויסצורייסן אַן אבן־טוב פאַר דער ייִדישער אָרעמקייט...

און דערפאַר איז ר' נחמנקע געוועזן אַזוי טרויעריק נאָך הבדלה...

צו דער פערטער גרופּע חסידישע דערציילונגען געהערן יענע, אין וועלכע די קריטיק פון חסידות, וואָס האָט פאַרנומען אַזאַ גרויס אָרט אין אונדזער ליטע־ראַטור אין איר השכלה־פּעריאָד, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין הומאָר, אין אַ שמייכל. די נעגאַטיווע עם־הארצות פונעם דעגענערירטן „צדיקיזם" און די לייכט־גליי־ביקע עם־הארצות פון זייערע חסידישע אָנהענגערס ווערט פאַר פּרצן אַ מאַטעריאַל פאַר אַ לייכטן, פּיקחותדיקן חוזק. דער פּעריאָד פון סאַטירישן קאַמף מיטן פאַנאַ־טיזם איז געווען פאַרענדיקט; דאָס חסידות איז שוין נישט געווען אַזוי אַלמעכטיק אין אונדזער לעבן און מ'האָט געקענט אָפּלייגן אין אַ זייט דעם פאַנאַטיזם פון סאַ־טירע. אָבער דאָך טאָר מע נישט אָוועקקוקן פון די נעגאַטיווע מאָמענטן אַפילו דאַן, ווען מע וויל היסטאָריש באַרעכטיקן דאָס חסידות און זיך דערגראָבן צו זיין זאַפטיקן קערן. פונקט ווי מענדעלעס סאַטירישע באַציִונג צו טונעיאַדעווקע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין דער הומאָריסטישער זעלבסט־אויסלאַכונג פון שלום עליכמס קאַס־רילעווקע, האָט זיך לינעצקיס פאַרביסענער קאַמף ביז צום טויט מיט דער חסידי־שער עם־הארצות פאַרוואַנדלט אין דער קוים באַמערקלעכער זעלבסט־אויסלאַכונג פון פּרצעס חסידים.

צו דער דאָזיקער גרופּע געהער אַזאַ דערציילונג ווי „דעם רבינס ציבוק". נאָך אַ לאַנגן צושטיין צום רבין אַז ער זאָל אים צוהעלפן, גיט דער רבי אַן אָרעמען חסיד אַן עצה, ער זאָל זיך לאָזן מאַכן אַ ציבוק פּונקט אין דער זעלבער גרויס, ווי זיינער, דעם רבינס.

— „דיר — חיים־ברוך — פעלט אַ — ליולקע־ציבוק!"

און דער רבי גיט אים, פאַר אַ מוסטער, זיין יום־טובדיקע ליולקע. און ווי שטעלט איר זיך פאָר? ס׳האָט טאַקע געהאָלפן! הונדערטער מענטשן האָבן גענומען בעטן אויסצולייען זיי דעם ליולקע־ציבוק אויף אַ וואָך, אויף אַ חודש, אויף אַ טאָג, אויף אַ מינוט. און דאָס ווייב פון חיים־ברוך, דעם קבצן, האָט גענומען פאַרוואַלטן מיט דעם ליולקע־ציבוק און זיך פאַרזאָרגט מיט אַ קרעמל און אַ הייזקע.

און אין בית־מדרש פירט זיך דער אייביקער וויכוח.

„טייל זאָגן, אַז שרה־רבקה וויל נישט און ווע ט נישט אָפּגעבן דעם רבין דעם ציבוק!

„אַנדערע זאָגן, אַז זי האָט אים שוין לאַנג אָפּגעגעבן! און דאָס איז אַן אַנדערער...

„ער אַליין, חיים־ברוך, שוויגט״.

„ולמאי נפקא־מינה? אַבי ער העלפט!״

אויך אין „אויב נישט נאָך העכער״ ווערט באַהאַנדלט אַן אָבערגלויבן: דער לייכטער חוזק־טאָן פון דעם דאָזיקן אָבערגלויבן ווערט דורך פּרצן אַריינגעפירט אין יענער דערציילונג בלויז כדי אונטערצושטרייכן די פאַרקומענדיקע מעטאַמאָר־פאָזע אינעם ליטוואַקס באַציִונג צו חסידות; דאָ אָבער, אין „דעם רבינס ציבוק״, בלייבט דער אָבערגלויבן אַן אָבערגלויבן און דער חוזק — אַן אַליין־צוועק.

און עס איז דאָ נאָך אַ פינפטער מין חסידישע דערציילונגען וואָס שילדערן די טאָג־טעגלעכע אַטמאָספער אין דער חסידישער עדה, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ געמיינזאַמען „צדיק״. אַזאַ איז די אויסגעצייכנטע דערציילונג „הכנסת כלה״.

צו אַ רייכן ייִדן, אַ חסיד, קומט צו פאָרן אַן אָרעמער חסיד פון זעלביקן רבי.

דער אָרעמער פילט זיך ביים רייכן ווי ביי זיך אין דער היים, ער באַפעלט וועגן עסן און וועגן אַן אָרט צום שלאָפן פאַר זיך. דאָס איז נישט קיין געוויינטלעכער הכנסת־אורחים, וואָס געהער צו די גוטע מידות פון ייִדישן לעבנס־שטייגער, — דעם דאָזיקן אָרעמאַן און דעם דאָזיקן גביר פאַרבינדן פעדעם פון כמעט אַ מיסטי־שער עדה־געמיינזאַמקייט: זיי זיינען פאַראייניקט אין זייער יראת הכבוד פאַר זייער צדיק.

מיט אַ שטוינענדיקער זיכערקייט גיט פּרץ איבער די אַטמאָספער פון דער דאָזיקער גייסטיקער ברודערשאַפט, די אַטמאָספער פון דער דאָזיקער נאָענטקייט, וואָס אַזאַ איז זיך שווער פאָרצושטעלן אַפילו צווישן לייבלעכע ברידער.

און ווי אַזוי אָט דער אָרעמער חסיד רעדט מיטן רייכן! ער דאַרף אַ נדן פאַר זיין טאָכטער. נו, האָט ער פאַרקויפט זיין הייזקע און דאָס באַקומענע געלט, אַ סומע פון 164 רובל, גיט ער איבער דעם גביר, אָבער דערביי זאָגט ער אים, אַז אים קומט ביי אים 550 רובל. דער רייכער חסיד קען געבן דאָס געלט פון זיין אייגענער קעשענע אָדער צונויפנעמען עס — אים, דעם אָרעמאַן, איז אַלץ איינס. אַליין וועט ער נישט גיין, די פיס זיינען ביי אים געשוואָלן.

„... צייט גיב איך דיר. איך וועל דאָ זיין עטלעכע טעג, ווּעסטו האָבן גענוג צייט! אָגב — וועל איך מיר ביי דיר אַ ביסל אָפּרוען און אָנעסן זיך — פאַרשטייסט!... נעמען מעגסטו ביי וועמען דו ווילסט... נישט מיין דאגה!"

„נו! — ברומט עוזר" (דער רייכער חסיד. — י. ר.).

—„ און אין גער" — מאַכט מענדל (דער אָרעמער חסיד. — י. ר.) — „וועל איך שוין בלייבן... וועט זיך מיר גלוסטן, וועל איך אַ מאָל אַריינפאַלן צו דיר אויף אַ פּאָר וואָכן".

„נו", — ברומט וויטער ר' עוזר.

„שלאָפן", — מאַכט מענדל, — „וועל איך טאַקע, אויב איך וועל קומען, דאָ, אויף דער קאַנאַפּע, אַ ווילע קאַנאַפּע..." (אין עס־שטוב, ווו ער האָט זיך נאָר וואָס אויסגעשלאָפן, פאַרטרייבנדיק פון דאָרט אַלע שטוביקע. — י. ר.).

נישט אַלע חסידישע דערציילונגען פּרצעס קען מען אַריינפּאַסן אין איינער פון די פינף אויסגערעכנטע גרופּעס: פאַראַן דערציילונגען אויך פון געמישטן כאַ־ראַקטער, וואָס עס איז זיי שווער צו קלאַסיפיצירן, אָבער סיי די, סיי יענע פאַרמאָגן אַן אויסטערלישע שפע מאָטיוון און ניואַנסן, נייען אויס פאַר אונדז דעם פּילקאָלי־ריקן טעפּיך פון דער חסידישער וועלט־אַנשויונג, פון חסידישן לעבנס־געפיל, פון חסידישן לעבנס־שטייגער און פון זיין געמיינשאַפטלעכן גייסט.

אויב עס איז ריכטיק, ווי עס פאַרזיכערן אייניקע ליטעראַטור־טעאָרעטיקערס, אַז דער גייסט פון געמיינשאַפטלעכער פאַרבונדנקייט איז גינסטיק פאַרן ליטעראַ־רישן שאַפן, דאַן ווערט פאַרשטענדלעכער פאַר וואָס אויפן פּרשת דרכים פון די דורות, ביים פונאַנדערפאַל פון אונדזער שטעטלשער געמיינשאַפט, האָט זיך אונדזער ליטעראַטור אָנגעכאַפּט אין דער חסידישער גייסטיקער געמיינזאַמקייט, — דער איינציקער וואָס אונדז איז פאַרבליבן.

פּרצעס חסידישע דערציילונגען האָבן געשאַפן נישט נאָר אַ נייע שול אין דער יידישער ליטעראַטור (בערדיטשעווסקי, יהודה שטיינבערג און אַנדערע פון קלענערן מאַסשטאַב), נאָר אויך אַ נייע ריכטונג אין יידישן קולטור־לעבן בכלל: דעם „נעאָ־חסידיזם". און די דאָזיקע באַוועגונג האָט געפונען אָנהענגערס אויך אין מערב־אייראָפּע און האָט אָנגערעגט די שאַפונג פון מאַרטין בובער, איינעם פון די טיפּסטע אינטערפּרעטירערס פון חסידות, דעם סטיליזאַטאָר פון חסידישע לע־גענדעס.

פּרץ, ווי מיר האָבן געזען, האָט גוט באַמערקט דאָס טאָג־טעגלעכע, אָבער ער איז אויך אַריינגעדרונגען הינטערן טאָג־טעגלעכן, אין דעם יום־טובדיקן שטח פון יידישן פאָלקס־לעבן. ער האָט, ווי מיר האָבן דאָס געהערט פון זיין אייגענעם מויל, געזוכט אונדזער „נשמה־יתירה". און דאָס זיינען די צוויי הויפּט־מאָטיוון אין פּרצעס שאַפן: מיר געפינען זיי אין זיין פּובליציסטיק, אין זיינע נאָוועלן און אין זיינע דראַמעס. אָט־אָ־די צוויי מאָטיוון אין זיין שאַפן זיינען נישט צעטיילבאַר, ווי קער־

פער און נשמה. אויב ער דערזעט „באַנטשען“, געפינט ער גלייך אויך דעם העלד פון „שלום־בית“; אויב ער דערזעט דאָס „שטריימל“, — דערזעט ער גלייך אויך דעם צדיק פון נעמיראָוו; און אויב ער דערזעט אונדזער לעבן „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק“ ווי אַ טאַנץ פון מתים צווישן חורבות, דערזעט ער אָבער אויך באַלד דעם העלד פון דער „גאָלדענער קייט“, ר׳ שלמהלע, וועלכער טאַנצט אויס אויף די חורבות פון אונדזער וואָכעדיקייט דעם טאַנץ פון אייביקן שבת, דעם טאַנץ פון די „נשמה־יתירהדיקע, שבת־יום־טובדיקע ייִדן“.

אַט דער אומרויִקער גייסט האָט געטראָגן אין זיך גופא דעם רעגולאַטאָר פון גלייכגעוויכט: ער האָט נעגירט און באַיאָט, ער האָט פאַרניינט, כדי צו באַיאָען.

*

ווען פרץ איז אַריינגעטראָטן אין דער ייִדישער ליטעראַטור, האָט זי זיך געפונען אין צושטאַנד פון פאַרן זונאויפגאַנג. עפּעס האָט ערגעץ גענומען דערוואַכן, עס האָבן זיך דערהערט פון פאַרשיידענע ווינקלען פון שלאָף דערוואַכטע שטימעס, אָבער קיין העלער פרימאָרגן איז נאָך נישט געווען; עס איז נאָך נישט אויפגעגאַנגען די פולע זון פון באַוווסטזיין, פון באַוווסטזיניקער ציל־געוועגדקייט. די ייִדישע ליטעראַטור האָט גענומען דערוואַכן צוזאַמען מיטן דערוואַכנדיקן ייִדישן לעבן צו נייע פאָרמען, צו אַ נייער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיניקייט, — דאָס איז נאָך אָבער געווען אַ פאַרשלאָפענע ליטעראַטור. נאָר צוליב אַזאַ צושטאַנד האָט געקענט געשען אַז פרץ זאָל נישט וויסן וועגן דער פינף־יאָריקער טעטיקייט פון אַזאַ שרייבער־אָנהייבער ווי שלום עליכם; אַז פרץ זאָל קענען מעגדעלען נאָר פון אַ פוילישער אי־בערזעצונג. און אויף פרצעס גורל איז אויסגעפאַלן דער גרויסער פאַרדינסט צו ברענגען די ייִדישע ליטעראַטור צום פולן באַוווסטזיין. ער האָט זי אָנגעשפּאַרנט צו זעלבסט־באַזינונג. עס איז בכן נישט קיין צופאַל, וואָס די פייערונג פון פרצעס יובל אין 1901 (פינף און צוואַנציק יאָר פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט און פופציק יאָר פון זיין געבוירן) איז געווען „די ערשטע עפנטלעכע מאַניפעסטאַציע פאַר אַ ייִדישן דיכטער, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין אַ פייערלעכער אַטמאָספער“. פרץ האָט מעגלעך געמאַכט אַזאַ עפנטלעכע פייערונג מיט דעם, וואָס ער האָט דערצו דערצויגן סיי די ליטעראַטור גופא, סיי דעם ע ו ל ם.

*

מיט פרצן איז אַריינגעטראָטן אין דער ייִדישער ליטעראַטור נישט נאָר אַ ליטעראַרישע קראַפט, נאָר אויך אַ שעפערישע פערזענלעכקייט, אַ מאַגנעט־צענטער וואָס האָט געצויגן צו זיך אַל דאָס לעבעדיקע און לעבנס־פעיִקע אין ייִדישן לעבן. אַלץ, וואָס האָט זיך געריסן צום וואָרט־אויסדרוק אין לאַנגן שטומקייט־פעריאָד פון ייִדישן לעבן, איז געגאַנגען צו פרצן: צו זיינע אויסגאַבעס, צו זיין שטוב, צו

זיין בריוועקסטל. ער האָט אַרויסגעגעבן אַריינטריט־קאַרטן אין דער יידישער ליטע־ראַטור. פּרצעס צושטייער צו דער יידישער ליטעראַטור איז נישט באַגרענעצט מיט דער צאָל פון זיינע ביכער — ער האָט זי באַשאָנקען מיטן אומאָפּשאַצבאַרן אומוויטלבאַרן איינפלוס פון לעבעדיקן וואָרט, פון לעבעדיקן באַווירקן, פון זיין לעבעדיקער טאַט. פּרצעס יעדע אַרויסטרעטונג איז געווען אַן אַקט פון שאַפן יידישן קולטור־באַוווסטזיין. אויב שלום עליכם האָט דעראָבערט פאַר דער יידישער ליטע־ראַטור דעם אומבאַוווסטזיניקן לייענער, די לייענער־מאַסע, האָט פּרץ דעראָבערט פאַר דער יידישער ליטעראַטור דעם באַוווסטזיניקן לייענער, די לייענער־פּערזענ־לעכקייט. פון די ניינציקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט ביז זיין פּלוצלינגדיקן, פּריצייטיקן טויט, האָט פּרצעס שטעמפּל באַצירט אַלע קולטור־אויפטוען פון יידישן לעבן.

*

ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מילחמה, האָט דער 62־יעריקער אַקטיווער פּרץ זיך אַריינגעוואָרפן אין דער הילף־אַרבעט פאַר די היימלאָזע פון די גרענעץ־געביטן, וועלכע האָבן פאַרפולט וואַרשע. דער וואַרשעווער „הזמיר", וועלכער איז פאַר צענדלינגער טויזנטער געווען אומצערייסבאַר פאַרבונדן מיט די אומפאַרגעסלעכע איבערלעבונגען פון פּרצעס רעפּערטאַטן און אימפּראָוויזאַציעס, איז געשטעלט געוואָרן אין רשות פון די פאַרטריבענע יידן.

אַלע מתנות, וואָס פּרץ האָט באַקומען פון זיינע פאַרערערס, האָט ער אַוועק־געשאָנקען פאַרן פאָנד צו העלפן די היימלאָזע. מיט אַ באַזונדערער וואַרעמקייט האָט זיך פּרץ באַצויגן צו די היימלאָזע קינדער. ער איז געווען צווישן די גרינ־דערס פון דער ערשטער יידישער שול פאַר זיי. אַזוי אַרום איז פּרץ אויך איינער פון די פונדאַמענט־לייגערס פון דער יידישער שול אין פּוילן.

אויסערגעוויינטלעך כאַראַקטעריסטיש פאַר פּרצן איז דאָס, וואָס ער, דער אינטעלעקטועלסטער פאָרשטייער פון דער יידישער ליטעראַטור, דער שעפער פון ראַפינירטסטן און קאָמפּליצירטסטן יידישן סטיל אין די חסידישע דערציילונגען, אַ סטיל וואָס איז אָנגעלאָדן מיט חכמה און דורותדיקן וויסן, — דער דאָזיקער שרייבער־תלמיד־חכם האָט געגומען פּרווון זיינע כוחות אויך אין געביט פון קינ־דער־געדיכטן. פּרץ, וועלכער האָט אויסגעפּרווט כמעט אַלע ליטעראַרישע זשאַנערס (אַ חוץ דער פאָרעם פון ראָמאַן, וואָס איז לחלוטין פרעמד זיין פראַגמענטאַריש־בליצאַרטיקן טעמפּעראַמענט), האָט זיך נישט דערשראָקן אויך פאַרן זשאַנער פון קינדער־לידער. און דעם 3טן אַפּריל, 1915, ווען זיין הייס יידיש האַרץ, איבערגע־לאָדן מיט דער שווערער לאַסט פון יידישן לעבן בכלל און מיט די ספּעציפישע ליידן פון דער מילחמה אין צאַרישן רוסלאַנד בפרט, האָט נישט אויסגעהאַלטן און

אויפגעהערט שלאָגן, האָט אים דער טויט געטראָפן ביים שרייבטיש איבער אַ נישט־פאַרענדיקטן ליד, וואָס איז וואַרשיינלעך באַשטימט געווען פאַר די שול־קינדער.

*

פּרץ איז פאַר די לעצטע פופצן יאָר פון זיין לעבן געווען דער אָנערקענטער פירער פון דער יידישער ליטעראַטור און בכלל פון דער גאַנצער ניי־יידישער קולטור־באַוועגונג. אַ הונדערט טויזנט־קעפּיקער עולם האָט אים באַגלייט צום אָרט פון זיין אייביקער רו אין וואַרשע, און הונדערטער טויזנטער מענטשן אין אַלע צענטערס פון דער יידישער צעשפּרייטקייט האָבן זיך פאַראייניקט אין דעם דאָזיקן טאָג אין אַ געמיינזאַמען געפיל פון פאַריתומטקייט. אַלע האָבן דערפילט אַז פון אונדזער מיט איז אַוועק איינער פון יענע, וואָס עס איז נישט אַזוי לייכט צו געפינען פאַר אים אַ פאַרטרעטער. און אָט דאָס דאָזיקע געפיל איז נישט שטיל געוואָרן מיט דער צייט. פאַרקערט, מיט די יאָרן ווערט אַלץ שטאַרקער די איבער־צייגונג און דאָס געפיל, אַז פּרצעס אָרט איז געבליבן ליידיק, און אַז די סאַמע באַלעבנדיקסטע וואַרעמקייט פאַר איר וווקס שעפּט נאָך אַלץ די יידישע ליטעראַ־טור פון פּרצעס ווערק, וואָס שטראַלן אויס נאָך אויך היינט די דאָזיקע באַלעבנדיקע וואַרעמקייט, מיט וועלכער ער האָט זי אָנגעלאָדן ביזן מאַקסימום. און דאָס איז נישט קיין מעטאַפאָר. ביים לייענען פּרצן דאַכט זיך אונדז תמיד, אַז יעדעס וואָרט זיינס איז אָנגעפולט מיט ענערגיע, וואָס סטימולירט אונדז צו דענקען שנעלער, פילן טיפער און איבערלעבן — האַסטיקער.

דער יעניקער, וועלכער לייגט אַריין אַ לעבעדיקע נשמה אין לעבעדיקן וואָרט, ראַטעוועט עס פון טויט.

שאַנכיי, 9/28 1942

## ב) פון פרצעס רעאַליזם אין דער השכלה־עפּאָכע ביז זיין ראָמאַנטישן נעאָ־חסידיזם

פּרצעס שאַפן טיילט מען, ווי באַקאַנט, אויף צוויי טיילן: אויף אַ ריעאַליסטישן און אויף אַ ראָמאַנטישן. צו דעם ערשטן טייל געהערן אַזעלכע זאַכן, ווי: „חתונה געהאַט" — אַ דערשיטערנדיקע געשיכטע פון אַ יונג אָרעם מיידל, וואָס מע מאַכט חתונה פאַר אַ רייכן זקן; „דער כעס פון אַ ייִדענע" — אַ דערציילונג וועגן דעם, ווי אַזוי אַ למדנס פרוי, פאַרפייניקט פון דער אָרעמקייט, קען שוין מער נישט אַריבערטראָגן די שרעקלעכע נויט, דעם הונגער פון קראַנקן קינד, און פון איר מויל רייסן זיך אַרויס עטלעכע ביטערע ווערטער אויפן חשבון פון איר פרומען, אָבער לאַ־יוצלחדיקן מאַן. איבערגעשראָקן פון דער פרויס דרייסטקייט, פון איר צאָרן, זוכט דער בטלן שוץ ביי י ע נ ע ר וועלט, ווו ער איז אַ גרעסערער מאַכער ווי אויף ד ע ר וועלט. ער נעמט זיין צעבונטעוועטע פרוי טעראָריזירן מיט גיהנום, ווי עס פּאַרדינט אַ ווייב וואָס שטערט דעם מאַן אין זיין הייליקן לערנען. ער דערפירט זי מיט זיין גייסטיקן טעראָר צום פּרווו פון באַגיין זעלבסטמאָרד. צו דעם דאָזיקן טייל געהערן אויך אַזעלכע דערציילונגען, ווי „דאָס שטריימל", ווו עס ווערט סאַרקאַסטיש־שאַרף געשילדערט די קראַפט פון „שטריימל" אין ייִדישן לעבן, און „באָנטשע שוויַיג", ווו דער העלד איז אַ ייִדישער שלימזל וואָס נעמט אויף אַ גאַנץ לעבן אַלע צרות פון זיין פּיינפול לעבן אָן קלאָגן זיך, און ווען דאָס געריכט אויף יענער וועלט וויל אים באַלוינען פאַר זיין גרענעצלאָזער הכנעה און לייגט אים פאָר זיך אויסצובעטן וואָס זיין האַרץ גלוסט נאָר, בעט ער זיך אויס אויף יעדן טאָג אַ פריש בולקעלע מיט פּוטער.

וואָס שייך דעם ראָמאַנטישן טייל פון פרצעס שאַפן, באַשטייט ער דער עיקר פון זיינע חסידישע דערציילונגען, וואָס דורך זיי האָט פּרץ געשאַפן די ליטעראַרישע באַוועגונג (און אפשר מער ווי אַ ליטעראַרישע באַוועגונג) פון נעאָ־חסידיזם, און פון די פאָלקסטימלעכע דערציילונגען, וואָס צו זיי געהער אויך די באַרימטע דערציילונג „דריי מתנות", ווו אַ קליין נשמהלע, וואָס קען זיך נישט אַריינבאַקומען נישט אין גיהנום, נישט אין גן־עדן, — ווייל אירע קליינינקע עבירהלעך און מיצווהלעך קענען נישט אַריבערוועגן די שאָל נישט אויף גיהנום, נישט אויף גן־עדן (זיי זיינען

גלייך אויף גלייך), — ברענגט פאַר די צדיקים אין גן־עדן דריי פּרעכטיקע מתנות פון קידוש־השם.

אַפילו ביי אונדזער אויבערפלאַכלעכן, טעלעגראַם־אַרטיקן איבערדערציילן דעם אינהאַלט פון פּרצעס צוויי מינים שאַפן, ווערט קלאָר, אַז דער ערשטער טייל פון פּרצעס שאַפן איז פול מיט באַשרייבונגען פון די נעגאַטיווע זייטן אין אונדזער לעבן: ביי דער פרוי נעמט מען אָפּ דאָס רעכט אויף ליבע, און זי ווערט עקספּלואַ־טירט עקאָנאָמיש, ווי אַ שלעפּ־בהמה, כדי איר מאַן זאָל אַ גאַנץ לעבן קענען פאַר־בלייבן אַ בטלן און אַ פּאַראַזיט אויפן חשבון פון דער פרוי („חתונה געהאַט", „מענדל ברייניעס" און „דער כעס פון אַ ייִדענע"); דאָס ייִדישע שטעטל איז פאַר־שקלאַפט ביי פאַרשיידענע שטריימלעך און גבאים („דאָס שטריימל"); די ייִדישע מאַסע איז אַזוי אָרעם און דערשלאָגן, אַז זי האָט אַפילו פאַרלוירן די פעיִקייט צו האָבן גרעסערע השגות, ווי אַ בולקעלע מיט פּוטער.

אָבער דער צווייטער טייל פון פּרצעס שאַפן איז פול מיטן באַשרייבן די פּאָזי־טיווע זייטן פון אונדזער ייִדיש לעבן, פון פאַרגאַנגענעם אָדער פאַרגייענדיקן: די העלדן פון די „דריי מתנות" זיינען גייסטיק דערהויבן און העראָיִש פּונקט ווי די העלדן פון די אַנדערע „פאַלקסטימלעכע געשיכטן"; די העלדן פון די חסידישע דערציילונגען זיינען חכמים און עטישע ריזן.

פון דעם אַלעם בעט זיך, ווי פון זיך אַליין, צו מאַכן דעם אויבערפלאַכלעכן אויספיר, — וואָס מע מאַכט טאַקע, — אַז אין דעם ערשטן טייל פון זיין שאַפן באַשעפטיקט זיך פּרץ מיטן לעבעדיקן לעבן. ער איז אַ ריאַליסט; און אין דעם צווייטן טייל — איז ער אַ טרוימער, אַ ראָמאַנטיקער.

צי איז אָבער ריכטיק די דאָזיקע פונאַנדערטיילונג? איז טאַקע אין לעבן רעאַל נאָר דאָס נעגאַטיווע? צי איז טאַקע אמת, אַז אַלץ וואָס איז פּאָזיטיוו, געהערט נישט צו דערווירקלעכקייט, נאָר צו דער וועלט פון פאַנטאַזיע? נישט שוין־זשע איז רעאַל נאָר דאָס, וואָס איז שמוציק, וואָס פאַרדינט די בייטש פון סאַטירע, און אַל דאָס ריינע, דערהויבענע געהערט צו דער ממשלה פון אומרעאַלן טרוים?

די גאַנצע ליטעראַרישע טערמינאָלאָגיע שטעלט פאַר מיט זיך אַ כאַאָס וואָס איז שווער זיך פאַרצושטעלן. מאַקס איסטמאַן שרייבט אין איינעם פון זיינע אַרטיק־לען: „אין אירוויינג בעביטס בוך 'רוססאָ און דער ראָמאַנטיזם' האָב איך אָנגעציילט העכער הונדערט און צוואַנציק פאַרשיידענע באַדייטונגען וואָס מע שרייבט צו די ווערטער 'קלאַסיש' אָדער 'ראָמאַנטיש' אָדער דעם חילוק צווישן זיי".

איך ווייס נישט צי מאַקס איסטמאַן איז אַ גוטער מאַטעמאַטיקער, אָבער אויב ער האָט אַ טעות געהאַט ביים ציילן, איז, לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, נישט אויף מער, נאָר אויף ווייניקער.

ס'איז דאָך קאָמיש: אויב אַ מיידל האָט חתונה געצווונגענערהייט פאַר אַ זקן, איז דאָס רעאַל; אויב אָבער דאָס זעלביקע מיידל טרוימט וועגן אַ געליבטן מענטשן,

אַ רעאַלן אָדער אַן אויסגעטרוימטן, איז דאָס אַן אומרעאַלער, פון דער ווירקלעכקייט ווייטער ראָמאַנטיזם. נישט שוין־זשע ענדיקט זיך די רעאַליטעט דאָרט, ווו עס הערט אויף די מעגלעכקייט אָנצוטאַפּן דאָס רעאַלע? צי דען איז דער געדאַנק וועגן אַ נייעם עלעמענט, וואָס האָט דערנאָך באַקומען דעם נאָמען „ראַדיום“, נישט געווען רעאַל? נישט שוין־זשע איז געווען רעאַל נאָר די שוואַרצע, אוממענטשלעכע אַרבעט פון דער מאַדאַם קיורי, אָבער נישט דער הויפּטבאַוועגער פון דער דאָזיקער שוואַר־צער אַרבעט, דער ערשטער אויפגעבליצטער געדאַנק, וואָס האָט געגעבן אַ זין דער דאָזיקער פיזישער אַרבעט וואָס האָט זי דערפירט צום ציל? נישט שוין־זשע איז ווירקלעך נאָר די ליבע אין די שאַנדהייזער, אָבער די ליבע פון „ראָמעאָ און דזשו־ליעט“ אָדער אַפילו פון דאַנטע און בעאַטריטשע — איז בלויז אַ טרוים, ראָמאַנטיזם, וואָס „רעאַלע“ מענטשן פאַלן נישט אַרונטער אונטער זיין רשות?

ווי מיר זעען איז זייער שווער אָפּצוטיילן די דאָזיקע צוויי כלומרשטע קעגנ־זאַצן. און נישט נאָר טעאָרעטיש איז זיי שווער פונאַנדערצוטיילן, — אויך אין פּרצעס שאַפן איז נישט אַזוי לייכט דורכצופירן די דאָזיקע פונאַנדערטיילונג.

איך רייד שוין נישט וועגן דעם, וואָס די דאָזיקע צוויי פּעריאָדן זיינען נישט מער ווי אַ טויטע סכעמע: נישט נאָר אין יאָר 1894 האָט פּרץ געשריבן סיי זיין „שטריימל“, סיי זיין „מישנת חסידים“, — אויך אין אַנדערע פּעריאָדן פון זיין לעבן האָט ער געלעבט מיט אַ פול לעבן און ער האָט געזען דאָס לעבן אין זיין פולקייט, — אין זיין קערפּערלעכקייט און אין זיין גייסטיקייט; אין זיין גראָבקייט און דערהויבנקייט; אין זיין נעגאַטיווקייט און פּאָזיטיווקייט; מע קען אויך אַנדערש באַווייזן די פאַלשקייט פון דער אויבן־געבראַכטער כלומרשטער קעגנזעצלעכקייט. לאָמיר, למשל, נע־מען זיינע „די דריי מתנות“. וואָס אַזוינס איז די דריטע מתנה? די נע־ונדע נשמה, וואָס זוכט די דריטע — די לעצטע, די אויסלייזנדיקע — מתנה, זעט ווי מע טרייבט אַ יידן „קאַסטראַי“. ווען דער ייד באַמערקט, אַז אַ שמיץ מיט אַ שפּיצרוט האָט פון זיין קאָפּ אַראָפּגעריסן די יאַרמולקע, קערט ער זיך אום צוריק, גייט צו צו דער יאַרמולקע, הייבט זי אויף און מאַכט דורך צום דריטן מאָל דעם שוין פריער דורכגעגאַנגענעם וועג „קאַסטראַי“. און ווען דער ייד פאַלט, אין גאַנצן אַ באַגאָסע־נער מיט בלוט, כאַפּט די נשמה, די נע־ונדניצע, די יאַרמולקע, וואָס האָט דעם יידן געקאָסט אַזוי פיל צוגאָב־קלעפּ, און אין הימל איז מע שטאַרק צופרידן געווען מיט דער דאָזיקער דריטער מתנה.

וואָס־זשע איז דאָס? אַ ראָמאַנטישע דערציילונג? אַ שיינער טרוים, וואָס האָט קיין שייכות נישט מיט דער ווירקלעכקייט? דאָס איז דאָך אָבער אַ באַשרייבונג פון אַ רעאַלער געשעעניש! דאָס ווערט דאָך דערציילט אין שאול גינזבורגס היסטאָרישע שריפטן וועגן די סלאַוווטער שאַפּיראָס, פון דער באַרימטער סלאַוווטער דרוקעריי, וואָס מע האָט, צוליב אַ בילבול, געטריבן אין מאָסקווע „קאַסטראַי“, און איינער

פון זיי האָט זיך אומגעקערט צוריק נאָך דער יאַרמולקע, וואָס ער האָט פאַרלוירן אונטער אַכזריותדיקע קלעפּ.

און די פאַרבלוטיקטע שפּילקע פון דער צווייטער מתנה איז דאָך אויך אַ היסטאָרישע: אַדיל קוקעניס האָט אין 1718 צוגעשפּיליעט איר קלייד צום לייב מיט שפּילקעס, כדי אויסצוהיטן איר כשר לייב פון טמאדיקע אויגן (אויך בעת אַן עקזע־קוציע צוליב אַ בילבול).

איך ווייס נישט צי פּרץ האָט טאַקע באַשריבן די געשיכטעס פון סלאַוויטער שאַפּיראָ און פון אַדיל קוקעניס, אָדער די געשיכטעס פון אַ צווייטן אָדער אַ צענטן ייִדישן שאַפּיראָ און פון אַ צווייטער אָדער אַ צענטער ייִדישער אַדיל (וואָס מיט זיי איז אונדזער געשיכטע אַזוי רייך), אָבער דער פאַקט בלייבט אַ פאַקט: די דאָזיקע ראָמאַנטישע דערציילונג איז באַזירט אויף אַ רעאַלער געשעעניש, בעת די רעאַליס־טישע דערציילונגען, ווי „אַ כעס פון אַ ייִדענע״ אָדער „באָנטשע שווייג״ קענען זיך באַזירן אויף אַ דיכטערישער פאַבולע.

„אַ כעס פון אַ ייִדענע״ איז איינע פון פּרצעס באַרימטסטע רעאַליסטישע זאַכן. אָבער אין וואָס, אייגנטלעך, באַשטייט דאָ דער רעאַליזם? איך בין זיכער, אַז פּרץ האָט קיין מאָל נישט געזען קיין פרוי וואָס האָט אַוועקגעוואָרפן דעם באַפרייענדיקן שטריק־שלייף, ווי נאָר דאָס קול פון מוטער־פליכט האָט זי אַ רוף געטאָן. פּרץ האָט צוגעטראַכט די דאָזיקע טיף־פּסיכאָלאָגישע סצענע, פּונקט ווי בכלל די צו געדיכטע פאַרבן פון דער גאַנצער דערציילונג, כדי העל צו באַלייכטן דעם גורל פון דער ייִדישער פרוי וואָס איז אַזוי געפּאַנגען אין דער נעץ פון איר מסירת־נפשדיקער טרייקייט (אַ ייִדישע מאַמע!), אַז אַפילו רויק באַגיין זעלבסטמאָרד איז איר נישט באַשערט. און די דאָזיקע צוגעטראַכטע דערציילונג (אַ סך מער צוגעטראַכט ווי „דריי מתנות״, ווייל די דאָזיקע לעצטע באַזירן זיך אויב נישט אויף היינטצייטיקע, איז, לכל הפּחות, אויף היסטאָרישע פאַקטן) איז דאָך אַ רעאַליסטישע דערציילונג, ווייל די רעאַליסטישקייט פון קונסט ווערט באַשטימט נישט דורך דעם, וואָס מע האָט זי אָפּגעפאָטאָגראַפירט, נאָר דורך דעם, וואָס זי העלפט צו פאַרשטיין, הער־שפּירן דעם אמת, די ווירקלעכקייט.

און אינטערעסאַנט: דער באַרימטער דענישער שרייבער מאַרטין אַנדערסען נעקסע, וועמען מע רופט „דער דענישער גאָרקי״ (זייערע ביאָגראַפיעס זיינען אין אַ סך פּרטים ענלעך; אויך די אַטמאָספער פון זייערע אויטאָביאָגראַפישע ווערק), דערציילט פאָלגנדיקן פאַקט פון זיין קינדהייט: דער קליינענקער, ניין־יעריקער מאַר־טין אַנדערסען האָט געדינט ווי אַ פאַסטעך; אויסגעמאַטערט פון קורצן, אָבער שווערן לעבן (פון זיין פינפטן לעבסיאָר אָן איז ער געווען אַן אַרבעטער), האָט ער באַ־שלאָסן צו באַגיין זעלבסטמאָרד; אָבער פּונקט דעמאָלט, ווען ער האָט געוואָלט אַריינלייגן דעם קאָפּ אינעם שטריק־שלייף, פאַרוואָרפן אויף אַ צווייג פון אַ בוים, האָט דער קליינענקער פאַסטעך באַמערקט אַז אַן אָקס האָט זיך אָפּגעריסן פון

*

צובונד; און דאָס געפיל פון פליכט איז אין אים געווען אַזוי שטאַרק, אַז אינסטינקטיוו האָט ער אָוועקגעוואָרפן דעם שטריק און איז געלאָפן צובינדן דעם אָקס.

פּרצעס צוטראַכטעניש קומט אַזוי אַרום אין באַרירונג מיטן אמת פון לעבן, און דער אמת פון לעבן פונעם סלאָוואַקישער שאַפירא אין „די דריי מתנות" קומט אין באַרירונג מיט פּרצעס טרוים וועגן ייִדן — שטאַרקע אין גייסט, וועגן ייִדן — מאָראַלישע ריזן.

וואָס־זשע זעען מיר אין די אויבן־געבראַכטע ביישפּילן? אַז „רעאַליזם" און „ראָמאַנטיזם" זיינען ווייט נישט אַזעלכע קעגנזעצלעכע באַגריפן, ווי מען איז געוווינט צו מיינען, און זיי דעקן זיך נישט מיט דעם פּאָפּולער־פלאַכן דעפיניציע־פּאָרל: רעאַליזם — דאָס איז דער לעבנס־אמת, און ראָמאַנטיזם — דאָס איז אַן אויסטראַכטעניש, אַ ווייטע פון לעבן. סיי דער אַזוי גערופענער „רעאַליזם", סיי דער אַזוי גערופענער „ראָמאַנטיזם" דערנערן זיך מיטן זעלבן שפּייז: סיי מיט לעבנס־פאַקטן, סיי מיט פּסיכאָלאָגישע צוטראַכטענישן, סיי מיט טרוימערישער פאַנטאַזיע.

אויב אַזוי, איז אין וואָס־זשע באַשטייט דער אונטערשייד צווישן דעם רוב ווערק פון פּרצעס ערשטן שאַפונג־פּעריאָד און דער מערהייט ווערק פון פּרצעס צווייטן שאַפונג־פּעריאָד?

דער אונטערשייד איז, לויט מיין מיינונג, דער זעלביקער ווי צווישן דעם רעאַליזם און דעם ראָמאַנטיזם אין דער ליטעראַטור פון דער גאַנצער וועלט: דער רעאַליזם פאַרנעמט זיך מייסטנס מיט די נעגאַטיווע זייטן פון דער ווירקלעכקייט, און דער ראָמאַניזם — מיט די פּאָזיטיווע זייטן פון דער ווירקלעכקייט. דערביי באַטראַכט איך ווי ווירקלעכקייט נישט נאָר די מעשים פון מענטשן, נאָר אויך זייערע טרוימען, זייערע פאַרלאַנגען; נישט נאָר די פאַרברעכנס פון אַ מענטשן, נאָר אויך זיין געוויסנפּיין; נישט נאָר די פאַרגוואַלדיקונג פון אַ שיין מיידל, נאָר אויך דאָס גובר זיין די ברענענדיקע תאווה, וואָס רופט און שטויסט צו פאַרגוואַלדיקונג, דאָס פאַרשפּאַרן די פאַרברעכערישע אינסטינקטן אונטער אַן עטישן שלאָס.

גאָר גרויסע ווערק האָבן אין זיך ביידע עלעמענטן — דעם רעאַליסטישן און דעם ראָמאַנטישן.



אונדזער ייִדישע ליטעראַטור איז אַ כשר קינד פון אונדזער השכלה־באַוועגונג. די פאָרגייערס פון אונדזער מאָדערנער ליטעראַטור, אירע ערשטע איינזאַמע שוואַלבן וואָס האָבן נישט געקענט מאַכן דעם פרילינג, זיינען געווען פרייִדיקערס און ריטערס פון דער השכלה. און מענדעלע מוכר ספרים גופא, וואָס אונטערשיידט זיך פון אונדזערע אַלע שרייבערס מיט זיין פאַרביקער, ראָמאַנטיש־רייכער ביאָגראַפיע, און וואָס האָט דערגרייכט די העכסטע שפּיצן פון ייִדישער קינסטלערישער געשטאַלטונג אין זיינע שפּעטערע ווערק, — אַפילו דער דאָזיקער מענדעלע איז אַ כשר

קינד פון דער גרויער השכלה־עפּאָכע. ער האָט אָנגעהויבן זיין שריפטשטעלערישע טעטיקייט ווי אַ משכיל און אַלע זיינע בעלעטריסטישע ווערק פון ערשטן פעריאָד האָט ער געפורעמט נאָך דער אידעאָלאָגיע און די געפילן פון דער דאָזיקער באַוועגונג. אין מענדעלע מוכר ספרימס ווערק לאָזט זיך בולט מערקן, ווי אַזוי דער קינסטלער נעמט אַרויסוואַקסן פונעם משכיל.

אויך פּרץ איז געקומען ווי אַ משכיל, און אין זיין גאַנצן שריפטשטעלערישן לעבן זיינען פאַרבליבן די שפּורן פון זיין יוגנט־ליבע.

די משכילים האָבן געמוזט, — אין הסכם מיט זייער אידעאָלאָגיע און ציל, — ריכטן זייער אויפמערקזאַמקייט דער עיקר אויף דעם נעגאַטיוון אין אונדזער לעבן. ביי די משכילים האָט גענומען די איבערהאַנט די סאַטירע. און כמעט די גאַנצע אַזוי גערופענע רעאַליסטישע שאַפונג פּרצעס איז פול מיט דעם סאַטירישן, ביטשנדיקן עלעמענט. בלויז אין זעלטענע פאַלן, ווי למשל אין „חתונה געהאַט", ווערט די דאָזיקע סאַטירע נישט געגעבן דירעקט, נאָר הינטער־אַרום: דאָס צענטראַלע אָרט פאַרנעמט אין דער דאָזיקער דערציילונג די ליידן פון דעם יונגן, אָרעמען מיידל. דורך דער פּריזמע פון איר פאַרקריפּלט, צעדעפּטשעט לעבן זעען מיר אין אַ געהעריקער פּערספּעקטיוו אויך די אַרומיקע סביבה.

ווי ווייט אין פּרצן איז שטאַרק געווען דער סאַטירישער עלעמענט פון אַ משכיל, קען מע באַמערקן אַפילו אין די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן", וווּ ער האָט איבערגעלאָזט זיינע שפּורן. אָט ווי דער רחמימדיקער שמש פון הימלישן געריכט לערנט די אָרעמע נשמה, ווי אַזוי זי קען זיך דערשלאָגן צו אויסלייזונג:

„מיען זיך פאַר אַן אָרעמער, פאַרוואַגלטער נשמה קענען נאָר די צדיקים פון גן־עדן... און זיי, הער, נשמהלע, — זיי האָבן ליב מתנות... שיינע מתנות... עס איז שוין — גיט ער צו ביטערלעך — די טבע פון היינטיקע צדיקים!"

פּרץ האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן נישט צו געבן דעם דאָזיקן שטאָך, הגם די דאָזיקע שטעלע קלינגט ווי אַ דיסאָנאַנס צום סטיל פון דער גאַנצער דערציילונג. די דאָזיקע באַמערקונג וואָלט געווען מער אויפן אָרט אינעם „שטריימל".

און דאָס איז נישט די איינציקע שטעלע וואָס קלינגט ווי אַ דיסאָנאַנס. ווען פּרץ וואָלט געווען געבליבן דער שילדערער פון דער סטאַטיק אין יידישן לעבן, ווי מענדעלע מוכר ספרים און שלום עליכם, וואָלט ער געווען פאַרזונקען אין סאַטירע. אָבער צום גליק פאַר פּרצן און דער יידישער ליטעראַטור, האָט זיך פּרץ נישט געקענט באַפרידיקן מיט בלויז סאַטיריש שילדערן די סטאַטיק אין אונדזער לעבן, — זיין נשמה איז פול געווען מיט דינאַמיזם, מיט אַ דראַנג אין דער הייך. ער האָט געפילט די איינזייטיקייט פון סאַטירישן צוגאַנג צו דער ווירקלעכקייט, — ער האָט געוואָלט אַרומנעמען אויך די אַנדערע, די טיפערע זייטן פון דער ווירקלעכקייט.

*

פּרץ איז געווען יענער גייסט, וואָס האָט אָנגעהויבן צו שוועבן איבערן כאָאָס פון אונדזער לעבן. און ער האָט געוואָלט נישט סאַטיריש שילדערן דאָס דאָזיקע לעבן, נאָר שעפעריש עס פאַרוואַנדלען.

אין זיין וווּנדערלעכן אַרטיקל „וואָס פעלט אונדזער ליטעראַטור?" האָט זיך פּרץ באַקלאָגט אויף דעם, וואָס די יידישע ליטעראַטור איז נישט עכט יידיש, ד"ה עס פעלט איר די פעיִקייט אַריינצודרינגען אין דער נשמה פון פאָלק, במילא באַ־הערשט זי זי נישט און קען זי נישט פורעמען.

„ווו איז דער יידישער געדאַנק? די שכינה? איז פאַראַן אַ פאָלק, וואָס טוישט זיינע שפּראַכן, אַ וואַנדערפאָלק אָן געשיצטע גרענעצן, אָן אָן אייגענער עקאָנאָמי־שער סטרוקטור, און דאָס פאָלק לעבט, ליידט און גייט נישט אונטער; שוואַך און ווערט באַקעמפט פון די מעכטיקסטע און שטאַרקסטע און גייט זיך נישט אונטער, — מוז אַזאַ פאָלק אַנדערש זען, אַנדערש פילן, אַן אַנדער וועלט־אָנשויונג האָבן, אַן אַנדער פאַרשטעלונג וועגן דער צוקונפט פון דער וועלט, לעבן און מענטש, — שפּיגלט זיך עס אָפּ אין אונדזער ליטעראַטור?"

ווי טיף פּרץ האָט שוין דעמאָלט געזען די געפאַר פון דעם, וואָס אונדזער לי־טעראַטור לייגט אַכט אויף קלייניקייטן, אָבער נישט אויפן עיקר; וואָס זי איז גרוי־וואָכעדיק, אָבער נישט העל־יום־טובדיק; וואָס זי האַלט זיך גאַנץ נאָענט צו דער ערד און קריכט, אַנשטאָט אַרויפצושוועבן צו די הימלען און — פליִען.

פּרץ האָט דערפילט, אַז רעאַל איז נישט נאָר באַנטשע שווייג, וואָס מע קען אים באַגעגענען אין אַ צעשטויבטן, פאַרקלענערטן צושטאַנד אויף יעדן גאַסנראָג, נאָר אויך שאַפּיראָ פון סלאַוווּטע, וואָס גייט אויפהייבן זיין יאַרמולקע אונטער קלעפּ, הגם דעם דאָזיקן שאַפּיראָ קען מע נישט דערזען אויף יעדן גאַסנראַג, — אַפילו אין אַ צעשטויבטן צושטאַנד, — מיטן פּשוטן אויג, אָבער ער איז נישט פאַרשוווּנדן פון יידישן לעבן. ער באַווייזט זיך אויף יעדן ראָג פון דער יידישער געשיכטע און ווירקט אומגעזעענערהייט אויף איר, אין וואָס זיין „יאַרמולקע" זאָל נישט באַשטיין אין יעדער קאָנקרעטער עפּאָכע.

פּרץ האָט דערשפּירט מיט זיין גאַנצער נשמה, אַז עס האַנדלט זיך נישט וועגן אַט דער קאָנקרעטער טראַדיציאָנעלער יאַרמולקע, נאָר בכלל אין אַ הייליקער „יאַרמולקע", וואָס פאַר איר איז אַ מענטש גרייט צו גיין אין פייער און אין וואַסער.

און פּרץ האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אַרויסצורופן צום אַקטועלן לעבן אַט־אָ־דעם פּאָטענציעל־עקסיסטירנדיקן יידן. די ווירקלעכקייט פון דער פאַרגאַנ־גענהייט ווערט אַ סימבאָל פון דער צוקונפט. פּרץ ווערט דער שעפער פון נעאָ־חסידיזם, ער שאַפט זיין פּראַכטיקע דערציילונג „אויב נישט נאָך העכער".

די דאַזיקע דערציילונג קען דינען ווי אַ מאָטאָ צו פּרצעס נעאָ־חסידישן שאַפן: ער האָט טיף אַריינגעבליקט אין די חסידישע לעגענדעס און דערזען אַז עס איז נישטאָ וואָס אויסצולאַכן די דאָזיקע באַוועגונג, אַז אונטער איר אָבערגלויבעריש־קייט באַהאַלט זיך אויס אַ טיפער גלויבן, אַז אונטער אירע נאַרישע באָבע־מעשהלעך ליגט אַ טיפער זין. און פּרץ איז שוין פאַרבליבן אַ חסיד פון חסידות.

די דאָזיקע דערציילונג — „אויב נישט נאָך העכער!" — איז אַן אידעאַלער בינטעז פון רעאַליזם און ראָמאַנטיזם. די דאָזיקע צוויי זיינען אין איר האַרמאָניש פאַראייניקט. פון איין זייט געפינען מיר דאָ דעם דעמאַסקירערישן טאָן פונעם ליטוואַק, וואָס מאַכט חוזק פון די נאַרישע זאַבאַבאָנעס פון די חסידים; אָבער פון דער צווייטער זייט, האָבן מיר דאָ אויך דעם טאָן פון באַגייסטערטן יראת הכבוד צום מענטשלעך־ריינעם און דערהייבנדיקן, וואָס באַקומט אין דער דאָזיקער דער־ציילונג אַזאַ שלימותדיקן אויסדרוק.

אין דער דאָזיקער דערציילונג איז כמעט אַלץ פּשוט און רעאַל, אָבער גלייכ־צייטיק איז אַלץ אין איר — סימבאָל און אַ טיפער מיין; אַלץ אין איר איז פּשוט, לייכט און אין פלוג — העזהדיק־אויסלאַכעריש, אָבער גלייכצייטיק איז אַלץ אין איר אויך פול מיט אַן איינגעהאַלטענעם ציטער פון יראת־הכבוד פאַר דער מאַניפעס־טאַציע פון מענטשלעכן גייסט.

פּרץ האָט זיך טיף אָפּגעטובלט אין די כוואַליעס פון חסידות און אַרויסגעע־בראַכט מיט זיך אויף דער אויבערפלאַך די נעאָ־חסידישע באַוועגונג, — אַ באַווע־גונג, וואָס איז אַריבערגעוואָקסן די ריין־ליטעראַרישע גרענעצן און האָט געווירקט אויף אונדזער לעבן, און דערמיט גופא באַרעכטיקט די דאָזיקע פאַרשפּרייטע ליטע־ראַרישע באַוועגונג: צו פאַרוואַנדלען ליטעראַטור אין לעבן, צו פאַרוואַנדלען פאַר־גאַנגענהייט אין היינטצייטיקערווירקלעכקייט, אין צוקונפט.

*

דער ליטעראַרישער טערמין „ראָמאַנטיזם", ווי אַ קעגנזאַץ צום „רעאַליזם", איז פול מיט סתירות און זינלאָזיקייטן, ווי מיר האָבן אויבן געזען. אָבער דאָך איז בייטיק צו דעפינירן פּרצעס נעאָ־חסידות ווי אַ קלאַסישע ראָמאַנטישע באַוועגונג, צוגלייך מיט דער דייטשישער ראָמאַנטיק. ראָמאַנטיזם, אין דאָזיקן זין, איז נישט גלייכבאַ־דייטנדיק מיט פוסטער טרוימערישקייט, מיט אומגעצוימטער פאַנטאַסטישקייט, מיט אָפּגעפרעמדקייט פון לעבן. עס איז אַ וועלט־געפיל, אַ רעאַקציע קעגן היפּערטראָ־פירטן ראַציאָנאַליזם, אַן אומקער צו די טיפסטע קוואַלן פון מענטשלעכער קולטור און מענטשלעכן גייסט (איינס און דאָס זעלבע!), צום מיטאָלאָגישן אופן פון אויפ־נעמען די וועלט (הגם אָן קאָנקרעטער מיטאָלאָגיע, אָבער מיט מיטאָלאָגישער נאָ־ענטקייט צום רעליגיעזן געפיל), צום פאָלקסטימלעכן, צום אינטויטיוון פאַקטאָר.

נאָכן שדים־טאַנץ פונעם נעאָ־קלאַסיציזם, האָט די אייראָפּעיִשע קולטור גענו־מען דעם קורס אויף ראָמאַנטיזם; און נאָך אונדזער איינזייטיקער השכלה־באַוועגונג, האָט אונדזער ליטעראַטור זיך אַ קער געטאָן צו נעאָ־חסידות.

דער דייטשישער ראָמאַנטיזם האָט געשעפּט פונעם קוואַל פון דער פאָלקס־שאַפונג, — און נישט נאָר פון דער אייגענער, נייערט אויך פון דער פרעמדער פאָלקסשאַפונג, פון שאָטלאַנד ביז אינדיע; אונדזער ראָמאַנטיזם האָט געשעפּט פון דער פאָלקסשאַפונג פונעם חסידות (וואָס איז געווען אַן עכטע פאָלקס־באַוועגונג, אַ ראָמאַנטישע רעאַקציע אויפן איינזייטיקן ראַציאָנאַליזם פון די רבנים), ער האָט געשעפּט פון דעם אוצר באַגייסטערטע און באַגייסטערנדיקע פאָלקס־העלדן: די למד־וואָווניקעס, די צדיקים און די „תמעוואַטע“ מיט די ריינע הערצער און גייסטער.

פּרצעס ראָמאַנטיזם, ווי יעדער שעפערישער ראָמאַנטיזם, האָט זיך נישט אָפּגעריסן פון דער ווירקלעכקייט, נאָר פאַרקערט, — ער האָט זיך אומגעקערט צו די פאַרלאָזענע, פאַרגעסענע טיפע וואָרצלען פונעם פאָלקס שעפערישע כוחות, צו זיין שעפערישן קוואַל!

*

פונעם „שטריימל“ און „באָנטשע שוויג“ ביז די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן“ — דאָס איז דער ליטעראַרישער עקוויוואַלענט פונעם וועג, וואָס פּרץ איז אָפּגעגאַנ־גען פון דער משכילישער וועלט־אָנשויונג ביז דעם חסידישן וועלט־געפיל.

באָנטשע שוויג הער תם האָט, ווי אַלץ אין לעבן, צוויי אַספּעקטן: אויסערלעך קען מען בלויז לאַכן פון אים; אינערלעך אָבער קען ער זיך אַרויסווייזן ווי אַ למד־וואָווניק.

און פּרץ האָט זיין באָנטשע שוויג געזען טאַקע אין זיינע צוויי אַספּעקטן.

## ג) באַנטשע שוויַיג און די פּראָבלעם פון דער ייִדישער קולטור־ירושה

וועגן דער אומשטערבלעכקייט פון די שרייבערס רעדט מען זייער אָפט, אָבער אין דער מערהייט פאַלן איז זייער אומשטערבלעכקייט בלויז די אָפּי־ציעלע אומשטערבלעכקייט פון יאָרצייט־אַרטיקלען. פּרץ אָבער איז אומשטערבלעך מיט דער איינציקער אומשטערבלעכקייט, וואָס איז באמת אומשטערבלעך: ער איז אַקטועל נישט נאָר פאַרן מאָמענט פון יאָרצייט, נאָר תמיד און אומעטום. פּרץ איז אומשטערבלעך דערפאַר, ווייל מיר טראָגן אים אין זיך, און ער לעבט צוזאַמען מיט אונדז און ער ענדערט זיך צוזאַמען מיט אונדז.

דאָס, וואָס אַ מענטש אָדער אַ פאָלק לעבט איבער איין מאָל מיט זייער גאַנצן וועזן, ווערט אַ טייל פון זייער מהות אויף תמיד. און פּרץ איז איינע פון די שטאַרק־סטע איבערלעבונגען אין דער ייִדישער ליטעראַטור, — מיר האָבן אים איבערגע־לעבט מיט אונדזער גאַנצן מהות. ער האָט אויפגעטרייסלט אונדזער גאַנצע נשמה.

עס איז גענוג דורכצובלעטערן פּרצעס ביכער, כדי תיכף צו דערפילן ווי טיף פּרץ האָט געלאָזט זיינע וואָרצלען אין די טיפענישן פון אונדזער לעבן, ווי אַקטועל עס איז זיין שטים סיי אין זיין דראַמע „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק", סיי אין די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן", און אַפילו אין זיין פּובליציסטיק.

*

פּרץ איז פילזייטיק אין זיין שאַפן. ער האָט געשריבן לידער און פעליעטאָנען, דראַמעס און פּובליציסטיק, דערציילונגען און לייט־אַרטיקלען. דערביי האָט ער יעדן ליטעראַרישן זשאַנער קולטיווירט אין זיינע פאַרשיידנאַרטיקסטע ניואַנסן: ער האָט געשאַפן רעאַליסטישע איינאַקטערס און דעם עקספּרעסיאָניסטישן „ביי־נאַכט"; דער זשאַנער פון דער דערציילונג איז פאַרטראָטן אין זיין שאַפן פון דער פּרימיטיוו־סטער רעאַליסטישער סקיצע ביז די סימבאָלישע „דריי מתנות"; און דאָס זעלביקע קען מע זאָגן וועגן זיינע לידער און אַפילו וועגן די אַרטיקלען.

צי מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פּיבערדיקן זוכן די פּאַסיקע פאָרעם אויף אויסצודריקן זיין רייכע, קאָמפּליצירטע פּערזענלעכקייט, אָדער דאָס איז פּשוט אַ דילעטאַנטישע ליבע צו עקספּערימענטירן, — אין דערשיינונג איז זייער כאַראַק־טעריסטיש פאַר פּרצן: ווי שוואַך ער זאָל קינסטלעריש נישט זיין אין אייניקע

זשאַנערס — כמעט תמיד איז ער גייסטיק סטימולירנדיק. קיינער קען נישט לייקע־נען, אַז פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט קען מען אין פּרצעס דערציילונגען — אַפילו אין אַ סך פון די סאַמע בעסטע, — געפינען דעפעקטן; די שוואַכקייט פון דעם רוב זיינע לידער איז אַן אָן־ספקדיקער פאַקט פאַר יעדן איינעם, וואָס פאַר־מאָגט דעם מינדסטן פּאָעטישן חוש, אָבער גלייכצייטיק פאַרמאָגט אין זיך אַלץ, וואָס פּרץ האָט געשריבן, עפּעס ווי אַ מין הייוון וואָס הערט נישט אויף צו יוירן, אַ דאַנק וואָס עס גייט אויף אין אונדז דאָס דערנערנדיקע טייג פון גייסטיקן אומרו, פון גייסטיקער זעלבסטפּאָרטיפונג. אַפילו זיינע פעליעטאָנען און אַרטיקלען רופן אַרויס אין אונדז נאָך הייַנט צו טאָג אַ טיפן אינטערעס און זיי איבעראַשן אונדז מיט זייער בריענדיקער אַקטועלקייט.

אָבער אין דעם פּרק בין איך נישט אויסן צו געבן אַ גענויע אַנאַליטישע אָפּ־שאַצונג פון פּרצעס פילבענדעדיקן שאַפן, — מיין אויפגאַבע באַשטייט אין דער־קלייבן זיך צום סאַמע וואָרצל פון זיין פילקאָלירן שאַפן, בולט צו מאַכן, — ריידנ־דיק מיט די ווערטער פון פּרצן גופא, — די נשמה פון זיין עיקרדיקער מעלאָדיע, אָבער נישט פון אירע באַשטאַנד־טיילן.

*

פּרצעס שאַפן פאַרטיילט מען געוויינטלעך אויף צוויי הויפּט־טיילן: אויף דעם אַזוי גערופענעם רעאַליסטישן פּעריאָד און אויף דעם אַזוי גערופענעם ראָמאַנטישן. און היות ווי דאָס וואָרט „ראָמאַנטיזם" איז אין די לעצטע יאָרצענדלינגער געוואָרן שיער נישט אַ זידלוואָרט, דעקרעטירן דעריבער אַ סך קריטיקערס אַז פּרץ דער ראָמאַנטיקער שטייט נידעריקער פאַר פּרצן דעם רעאַליסט, ווייל ראָמאַנטיזם — דאָס איז דער אָפּקער פונעם לעבעדיקן, רעאַלן, פּראָגרעסיוון, דאָס איז דער צו־ריקקער צום טויטן, פאַנטאַסטיש־אומרעאַלן, רעאַקציאָנערן.

פּרץ, — באַדויערן די דאָזיקע „פּראָגרעסיווע" קריטיקערס — וואָס האָט אין ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן אַראָפּגעריסן די מאַסקע פון יידישן „שטריימל", האָט אין צווייטן פּעריאָד פון זיין שאַפן — צו זייער גרויסן פאַרדראָס — געקניט מיט יראת הכבוד פאַר דעם דאָזיקן „שטריימל"; פּרץ, וואָס האָט אין ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן אַרויסגעגעבן די „יום־טוב־בלעטלעך", וואָס האָבן גערופן די יידישע מאַסן צום אינערלעכן און אויסערלעכן בונט, האָט אין צווייטן פּעריאָד פון זיין שאַפן, — אין קעגנזאַץ צו דער „פּראָגרעסיווער" באַוועגונג, — גערופן די זעלביקע מאַסע „צוריק אין שול אַריין". און חוץ דעם: פּרץ, וואָס האָט אין ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן געזען און רירנדיק געשילדערט דעם רעאַלן גורל פון דער יידישער פרוי („חתונה געהאַט", איינער פון די בעסטע דערציילונגען פון פּרצעס ערשטן פּעריאָד), האָט אין צווייטן פּעריאָד באַזונגען די יידישע פרוי אין אַרעאַל פון ראָ־מאַנטיזם („די דריי מתנות").

לאָמיר דאָ לאָזן אין אַ זייט די טעאָרעטישע דיסקוסיע וועגן רעאַליזם און ראָמאַנטיזם; אָבער אין דעם דאָזיקן פאַל מיט פרצן האָט די דאָזיקע דיסקוסיע אונטער זיך אַ קאָנקרעטן גרונט: די יעניקע, וואָס זיינען נישט צופרידן מיטן צווייטן פעריאָד פון פרצעס שאַפן און אַנטציקן זיך מיטן ערשטן, זיינען נאָך נישט אַרויסגעוואַקסן פון די השכלה־ווינדעלעך, פון דער דעמאַסקירערישער טענדענץ פון דער יידישער ליטעראַטור. די דאָזיקע ליטעראַטור, וואָס איז געבוירן געוואָרן פון דער השכלה־באַוועגונג, האָט אויסגעפירט אַ זייער ווערטפולע אויפגאַבע, — זי האָט אויפגעטרייסלט די פאַרגליווערטע פאָרמען פון יידישן לעבן און האָט אָפּגעדעקט זיינע נעגאַטיווע זייטן, זיין מומיע־אַרטיקן, נשמהלאָזן כאַראַקטער. אָבער נאָך דער דאָזיקער נעגאַטיווער אויפגאַבע (וואָס מענדעלע האָט זי אַזוי קלאַסיש אויסגעפירט), האָט אומפאַרמיידלעך געמוזט קומען, ווי אַן אָפּבייט, די דערגאַנצנדיקע, פּאָזיטיווע אויפגאַבע — דער פרווו מחיה־מתים צו זיין די פאַרגליווערטע יידישע נשמה. און פרצעס ראָמאַנטיזם איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי דער טרוים אויפצולעבן די יידישע נשמה.

אין זיין דערציילונג „דער פרוש און דער בער", זאָגט פרץ: „... עוולות קומען דערפון, וואָס די נשמה פון דער וועלט איז איינגעשלאָפן... כל־זמן די נשמה איז וואַך, טוט ער (דער מענטש. — י. ר.) וואָס עס טויג אים, פלאַנמעסיק, על־פי שכל, אַלע אברים פאָלגן די נשמה. שלאָפט אָבער אַ מענטש איין, די נשמה, דער מושל איבערן גוף, דרימלט איין, הייבט אָן דער גוף צו וואָרפן זיך אָן סדר, אָן אַ ציל און יעדעס אבר פאַר זיך, איין האַנט אַהין, די אַנדערע אַהער, דער קאָפּ באַזונדער, דאָס לייב באַזונדער — אָן שכל... און מע קען געשעדיקט ווערן...

„די וועלט וואָרפט זיך, צאַפּלט אָן אַ סדר; און די נשמה פון דער וועלט איז איינגעשלאָפן, און יעדעס שטיק וועלט טוט זיך זיינס, נישט לטובת הכלל..."

און דער פרוש קומט צום אויספיר אַז מע דאַרף נעמען וועקן די איינגעשלאָפענע נשמה פון דער וועלט: ווי נאָר זי וועט זיך אויפכאַפּן פון שלאָף — וועט ווערן אַ סדר...

*

פרצעס שאַפן פונעם ערשטן פעריאָד קען מע באַצייכענען ווי אַ רייזע פאַרצייכענונג, ווי אַ רייזע איבער דער אויבערפלאַך פון יידישן לעבן.

פרץ האָט אָנגעהויבן מיט זיינע „רייזע־בילדער" איבער די יידישע שטעטלעך, און די דאָזיקע התחלהדיקע ליטעראַרישע רייזע האָט ער דערנאָך ממשיך געווען אין זיינע „רעאַליסטישע" ווערק. בעת דער דאָזיקער רייזע האָט זיך פרץ צוגעקוקט צו די זינלאָזע צאַפּלענישן פון יידישן לעבן, און ער איז געפאַלן, פונקט ווי זיין פרוש, אויפן געדאַנק, אַז מע באַדאַרף וועקן די יידישע נשמה.

פרצעס שאַפן פון צווייטן פעריאָד איז אַ רייזע אין דער טיף פון יידישן אינער־

לעבן לעבן, אַ רייזע אין לאַנד פון דער ייִדישער נשמה, כדי זי צו אַנטדעקן, זי אויפצוּוועקן צום לעבן. עס איז מער ווי נאַטירלעך, וואָס די געשטאַלט פון דער ייִדישער נשמה (אַזוי צו זאָגן), וועלכע פּרץ מאָלט פאַר אונדז אין צווייטן פּעריאָד פֿון זיין שאַפן, איז שוין נישט קיין פאָטאָגראַפיש בילד, ווי דאָס איז געווען ביים אָפּשפּיגלען דעם גוף פון ייִדישן לעבן. מיט אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט קען מע קיין בילד פון אַ נשמה נישט מאַכן, — דערויף זיינען בייטיק מער שפּירעוודיקע אינסט־רומענטן, עפּעס ענלעכס צו אַ רענטגען־אַפּאַראַט. און אַפילו אין דעם דאָזיקן פאַל איז דאָס פאַרבונדן מיט שוועריקייטן: רענטגען־פאָטאָגראַפיעס זיינען פאַר אומגעניטע אויגן נישט מער ווי פאַרעמלאָזע בעפל־פלעקן.

דער ערשטער פּעריאָד פון פּרצעס שאַפן איז געווען פאַרנומען מיטן קאַמף קעגן קאָלעקטיוון „שטריימל", מיטן צאַרנדיקן שילדערן דאָס לעבן פון דער ייִדישער פרוי, וועלכע ווערט צעדעפּטשעט אין איר ווייבלעכקייט, וועלכע דאַרף דינען ווי אַ טראַמפּלין פאַרן שפּרונג פון איר מאַן פון אונדזער עמק הבכא גלייך אין גן־עדן אַריין; דער צווייטער פּעריאָד פון פּרצעס שאַפן האָט געוויזן די טיפענישן פון ייִדישן גייסטיקן לעבן, ווו די פרוי פון „די דריי מתנות" פאַרנעמט דאָס זעלביקע אָרט וואָס דער מאַנסביל, ווו פאַר אונדזערע אויגן ווערט אַפּגעדעקט אַ גייסטיקער מהות, וואָס „דאָס שטריימל" איז נישט בכוח צו דערשטיקן, וואָס „דאָס שטריימל" קען בלויז צודעקן, וואָס „דאָס שטריימל" קען מיסברויכן, ווייל ער, „דאָס שטריימל", איז בלויז אַ קאַריקאַטור פון דעם דאָזיקן אומשטערבלעכן גייסט.

עס איז לעכערלעך צו זאָגן, אַז פּרץ וואָס איז צוערשט געווען ראַדיקאַל און פּראָגרעסיוו געשטימט, איז שפּעטער געוואָרן אַ רעאַקציאָנער און האָט זיך כלומרשט אַנטציקט מיט דעם, וואָס ער האָט אַליין פריִער פאַראורטיילט. פּרץ האָט נישט גערופן צוריק צום „שטריימל" — ער האָט געוואָרנט פאַר דער געפאַר פון אַרויס־גיסן דאָס קינד צוזאַמען מיטן שמוציקן וואַסער. ער האָט זיך נישט אַנטציקט מיט דער שאָלעכץ, וואָס ער האָט פריִער באַוויזן אויסצוקערן; ער האָט בלויז גענומען אויפהייבן די זאַפטיקע, לעבנספעיִקע קערנער, וואָס זיינען געבליבן אומבאַמערקט אין דער שאָלעכץ.

עס איז לעכערלעך אָפּצוּוואַרפן דעם צווייטן פּעריאָד פון פּרצעס שאַפן אונטער דעם אויסרייד, אַז ער איז רעאַקציאָנער און ראָמאַנטיש (פאַר אונדזערע „פּראָגרע־סיווע" קריטיקערס איז דאָס — איינס און דאָס זעלבע). אויב מע וויל זיך שוין דווקא האַלטן ביי דער נעפּלדיקער ליטעראַרישער טערמינאָלאָגיע פון „רעאַליזם" און „ראָמאַנטיזם", טאָ מוז מען זאָגן, אַז „רעאַליזם" קען זיין נישט ווייניקער רעאַק־ציאָנער, ווי „ראָמאַנטיזם", און פאַרקערט: „ראָמאַנטיזם" קען זיין נישט ווייניקער פּראָגרעסיוו ווי „רעאַליזם". אַלץ הענגט אָפּ פון דעם, וואָסער קאָנקרעטער אינהאַלט עס באַהאַלט זיך אויס אונטער די דאָזיקע גליטשיקע באַגריפן.

און פּרצעס ראָמאַנטיזם איז טאַקע נישט ווייניקער פּראָגרעסיוו ווי זיין רעאַליזם, — דערפאַר אָבער איז ער טיפער אין זיין סינטעטישקייט.

פּרצעס ראָמאַנטיזם קען מע פאַר קיין פאַל נישט מעסטן מיט דער זעלביקער מאָס ווי שלום אַשס, וואָס איז געוויינטלעך מער דעקאָראַטיוו ווי אינהאַלטלעך. ער איז מער אויסערלעך עפעקטפול, ווי אינערלעך פּאַרטיפט, מער געווענדט צו דער פאָרעם פון דעם עבר, ווי צו זיין אינהאַלט. אמת, אויך אין שלום אַשס ראָמאַנטיזם קען מע געפינען שעפערישע גייסטיקע עלעמענטן (למשל, אין זיין „ר׳ שלמה נגיד״ און „קידוש השם״), אָבער אין דער מערהייט פאַלן איז אַש נישט בכוח אויסצושיילן דעם קערן פון דער שאָל, און ער גיט זיי צוזאַמען. און בעת זיינע אָפטע קאָנוווּלסיווע אָנפאַלן פון סענטימענטאַליזם און מעלאָדראַמאַטיזם, פאַרכליניעט ער זיך אַזוי שטאַרק מיטן ביליקן גלאַנץ פון דער שאָל, אַז ער פאַרגעסט לחלוטין וועגן דעם קערן. ער לאָזט אים איבער אויף גאָטס באַראָט (און אַ מאָל טאַקע איז זיין ראָמאַנטישע שאָל פּוסט, אויסגעהוילט פון יעדן קערן).

שלמה נגיד, למשל, קען אַ קאַפּיטל תהילים, וואָס טוט אויף וווּנדער, און זיין ערשטע פרוי שטאַרבט פּריציייטיק דערפאַר וואָס זי גיט נישט אַרויס אַן אָרעמער כלה — צו איר חופּה — דאָס צירונג וואָס ליגט ביי איר פאַרזעצט. דער תהילים־ייִד באַוויזט נאָך גרעסערע (און גרעבערע) ניסים. דאָס איז נישט פּרצעס אַנטציקונג מיט דער ייִדישער טראַדיציע, וואָס האָט געפונען אַן אויסדרוק אין די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן״, אין „אויב נישט נאָך העכער״. שלום אַש אַנטציקט זיך מיט מופתים; פּרץ — מיט גייסטיקער דערהויבנקייט. פּרץ וויל זיך דערגראָבן צו דער ייִדישער נשמה אין איר ריינסטער פאָרעם, — אין אַ פאָרעם אַן ערדישער, אָבער נישט קיין מאַטעריעל־ערדקריכנדיקער.

פּרצעס באַטייט באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס ער האָט גענומען טרוימען וועגן דער ווידערגעבורט פון דער ייִדישער נשמה און דאָס טרוימען שטעלט פאַר מיט זיך אַ גרויסע קראַפט אין רעאַלן לעבן: ווען נישט דער טרוים, וואָלט נישט געקענט זיין קיין פּראָגרעס, מיר וואָלטן נאָך ביזן היינטיקן טאָג געווען הייל־מענטשן, צוגעשמידט אויף אייביק צו דער נידעריקסטער מאַטעריע פון לעבן. אַלץ, וואָס איז איצט רעאַל און דערהויבנדיק, איז אַמאָל־אַמאָל געווען אַ טרוים. און אַלץ וואָס איז איצטער אַ טרוים, וועט אַ מאָל־אַ־מאָל זיין אַ דערהויבנדיקע רעאַליטעט. דער טרוים האָט אַן אינספּירירנדיקע ווירקונג אויפן רעאַלן לעבן; ער פורעמט עס אויס צו העכערע פאָרמען. און פּרצעס ראָמאַנטישער פּעריאָד וואָס איז באַשטאַנען אין אָפּגראָבן די נשמה פון אונדזער קולטור און אין טרוימען וועגן איר, בילדעט אַ וויכטיקן עטאַפּ אין אונדזער באַוועגונג פאַר גייסטיקער באַנייונג: ער סטימולירט אונדז צו שאַפן אונדזער נייע ווירקלעכקייט אין הסכם מיטן גייסטיק־איבערגעפּרעמטן מוסטער פון אונדזער טראַדיציע. אין זיין ראָמאַנטישן שאַפן האָט פּרץ הויך

אויפגעהויבן די פאָן פון יענעם אידעאַל, וואָס איז געווען און וואָס דאַרף ווערן אַ רעאַלע קראַפט אין אונדזער ווירקלעכקייט.

*

די עפּאָכע פון אונדזערע קלאַסיקערס איז אַן עפּאָכע פון אַ גרויסן ווענדפּונקט אין ייִדישן לעבן. אין ייִדישן לעבן האָבן אַנגעקוואָלן כוחות, וואָס האָבן גענומען ברעכן די לעבנס־פאָרמען פון אומצאָליקע דורות, — עס האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרוועלטלעכונג פון ייִדישן פאָלק, די דעמאָקראַטיזאַציע פון ייִדישן קולטור־לעבן. „די קליאַטשע" פון מענדעלע מוכר ספרים, וואָס סימבאָליזירט סיי דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק אין דער ברייטער וועלט־ראַם, סיי די ייִדישע פאָלקסמאַסן אין דער ענגערער ראַם פון ייִדישן פאָלק גופא, — די דאָזיקע „קליאַטשע" האָט דערפילט די בויטווענדיקייט לייכטער מאַכן זיך דאָס האַרץ מיטן וואָרט, — זי האָט זיך צע־רעדט: די פאָלקסמאַסן האָבן אַרויסגעגעבן פון זיך די ייִדישע קלאַסיקערס. זיי זיינען געוואָרן די פאָלקס־צונג.

אין אַזעלכע איבערבראָך־עפּאָכעס, ווען לאַנג־דערשטיקטע כוחות הייבן אָן צו שפּאַרן, רייסן זיך דורך, פאַרגיסן און באַפרוכפּערן, אַנטשטייט תמיד אַ ליטעראַ־רישער פּעריאָד, וואָס רוקט אַרויס קלאַסיקערס. אַזאַ פּעריאָד איז פרוכטבאַר און באַפרוכפּערנדיק. פון איין זייט ווערן די קלאַסיקערס געשאַפן דורך דער עפּאָכע, אָבער פון דער צווייטער זייט העלפן די קלאַסיקערס דער דאָזיקער עפּאָכע צו באַקו־מען אַ געוויסע פאָרעם, צו באַזינען זיך גופא. די קלאַסיקערס געפינען פאַר זיך אַ קרקע בתולה, וואָס וואַרט גיריק אויף אַקערערס און זייערס, און זיי באַאַרבעטן זי מיטן גאַנצן ברען און דער גאַנצער מזל־ברכה פון פּיאָנערן.

די מערהייט אייראָפּעיִשע פעלקער האָט שוין לאַנג דורכגעמאַכט אין זייער לעבן די דאָזיקע רעוואָלוציע. די סעקולאַריזאַציע און דעמאָקראַטיזאַציע פון זייער קולטור־לעבן האָט זיך אָנגעהויבן נאָך בעת דער רעפאָרמאַציע און דעם רענעסאַנס: די שפּראַך פון די פאָלקסמאַסן נעמט ביסלעכוויז פאַרבייטן לאַטיין סיי אין קירכע, סיי אין דער ליטעראַטור. די פאָלקסשפּראַכן, וואָס זיינען ביז דעמאָלט געווען בלויז שפּראַכן פון מאַרק און פון דער פאָלקס־ליטעראַטור שבעל־פה, זיינען געוואָרן די שפּראַכן פון לוטערס דייטשישער תנ"ך־איבערזעצונג, פון דאַנטעס „געטלעכער קאָמעדיע".

די דאָזיקע איבערבראָכן זיינען נישט פאָרגעקומען און קומען נישט פאָר לויט אַן איין מאָל פאַר אַלע מאָל איינגעשטעלטן מוסטער, אומעטום אויף איין אופן און אין דער זעלבער צייט. זיי הענגען אָפּ פון אומצאָליקע היסטאָרישע באַדינגונגען. ביי יעדן פאָלק טראָגט די דאָזיקע קולטור־רעוואָלוציע אַן אַנדער כאַראַקטער, וואָרעם דאָס קולטור־לעבן פון יעדן פאָלק איז אייגנאַרטיק, און די היסטאָרישע כוחות, וואָס

פירן צום אויסבראָך פון דער דאָזיקער רעוואָלוציע ווירקן אין יעדן באַזונדערן פאַל אַנדערש.

אין לעבן פון די יידישע מאַסן פון מיזרח־אייראָפּע איז אָט די רעוואָלוציע פאָרגעקומען אין ניינצנטן יאָרהונדערט. די רעליגיע וואָס האָט אומבאַגרענעצט גע־הערשט איבערן יידישן געזעלשאַפטלעכן און באַוווּסטזיניקן לעבן, האָט אָנגעהויבן צו פאַרלירן פון איר קראַפט. די יידישע שפּראַך וואָס איז געווען בלויז די שפּראַך פון אַן אומבאַוווּסטזיניק־שפּראַכנדיקער פאָלקס־ליטעראַטור, האָט אָנגעהויבן צו פּרע־טענדירן אויפן אָרט פון אַ שפּראַך פון יידישן באַוווּסטזיניקן שאַפן, פון דער יידישער ליטעראַטור. אַ לעבעדיקע פאָלקסשפּראַך באַווייזט זיך אויף דער קולטור־אַרענע פון יידישן פאָלק. און עס איז שטאַרק כאַראַקטעריסטיש פאַר דער דאָזיקער קולטור־רעוואָלוציע: אַלע דריי קלאַסיקערס האָבן צוערשט געגומען שרייבן העברעיש. שלום עליכמס פּסעוודאָנים שטאַמט אַפילו פון דעם, וואָס ער האָט זיך געשעמט פאַר זיין אַראָפּזינקען צו דער יידישער שפּראַך, און ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן הינטער דער שירמע פונעם פּסעוודאָנים „שלום־עליכם“, כדי די באַקאַנטע זיינע זאָלן נישט לאַכן פון אים.

אונדזערע קלאַסיקערס האָבן אָבער מיט זייער שעפערישן חוש דערפילט, אַז עפּעס נייעס רייפט אָן אין אונדזער לעבן און אויפגעהויבן דורך דער כוואַליע פון די דאָזיקע אָנרייפנדיקע און פלייצנדיקע כוחות, האָבן זיי גלייכצייטיק די דאָזיקע כוחות געהאָלפן צו באַזינען זיך גופא, צו אַ שעפערישער זעלבסט־קריסטאַליזאַציע. זיי האָבן געגעבן אַ ריכטונג דעם דאָזיקן סטיכישן שטראָם.

*

אויב מיר זאָלן אָננעמען אַז באַנטשע שווייג, דער העלד פון פּרצעס באַרימטער נאָוועלע, איז דער סימבאָל פון די יידישע מאַסן, וועלן מיר קענען זאָגן אַז אינעם אויבן־דערמאָנטן שעפערישן פּראָצעס פון דער אַליין־אויסקריסטאַליזירונג פון די יידישע מאַסן, האָבן אונדזערע דריי קלאַסיקערס — מענדעלע, שלום עליכם און פּרץ — דערפילט פאַרשיידענע אויפגאַבעס. מענדעלע האָט אַוועקגעשטעלט פאַר באַנטשע שווייג אַ גוט־אָפּפּאָלירטן שפּיגל, האָט אים אָנגעוויזן אויף זיין פאַרקריפּלטן קערפּער און אויף זיין פאַרקריפּלטער נשמה, און האָט אים אויסגעלערנט זיי פיינט צו האָבן אין זייער פאַרקריפּלטקייט *. שלום עליכם האָט אויפגעחתמעט פאַר באַנטשע שוייגס באַוווּסטזיין דעם קוואַל פון זיין — באַנטשע שווייגס — האַרציקייט און האָט אים געלערנט דעם געזינטסטן מין געלעכטער — דאָס לאַכן פון זיך אַליין, לאַכן פון

---

* אַ חוץ אין „שלמה ר׳ חיימס“ און טיילווייז אין „ווינטשפינגערל“ — ווו מע קען בעפינען דעם פּרץ־עלעמענט פון יראת־הכבוד פאַר אונדזער גרויסער ירושה, הגם דער דאָזיקער עלעמענט ווערט דאָרטן געגעבן נישט אין זיין דינאַמישן — אַקטועל־צוקונפטיקן — אַספּעקט.

די אייגענע שוואַכקייטן און דער אייגענער לעכערלעכקייט, און דורך דעם האָט ער אים געלערנט אַרויפצוטרעטן אויפן ריכטיקסטן וועג, וואָס פירט צו זייער באַ־זייטיקונג; פּרץ האָט אָבער געוויזן באַנטשע שווייגן זיין — באַנטשעס שווייגס — נשמה, זיין פאַרשאָטענעם אוצר פון גייסט און קולטור און ער האָט אים באַפּעלעריש געהייסן אָפּגראָבן דעם דאָזיקן פאַרבאָרגענעם, פאַרגעסענעם אוצר.

מענדעלע האָט געלערנט באַנטשע שווייגן דעם שווערן חוב פיינט צו האָבן אַפילו אין זיך דאָס, וואָס פאַרדינט פיינטשאַפט; שלום עליכם האָט געלערנט באַנטשע שווייגן די וויכטיקע באַפרייענדיקע קונסט פון לאַכן איבער דעם, וואָס פאַרדינט אויסגעלאַכט צו ווערן אַפילו אין זיך גופא; פּרץ האָט געלערנט באַנטשע שווייגן צו האָבן דרך־ארץ פאַר זיין אייגענעם דרימלענדיקן גייסט, פאַרן אייגענעם עבר, וואָס דאַרף און קען פאַרבייטן די פאַרהאַסטע און אויסגעלאַכטע קעגנוואַרט, כדי צו ווערן — צוקונפט.

ווען באַנטשע האָט אָנגעהויבן ליידן פונעם גיפט, וואָס ליגט אין פאַראַכטן און האָסן דעם אייגענעם לעבנס־שטייגער, איז געקומען שלום עליכם און האָט אים אָנגעהויבן צו היילן מיט דער זיסער מילך פון הומאָר. און פּרץ האָט אַריינגעגעבן אין אים אַ נייע נשמה דורך דער האָפענונג אויף אַ רייכער ירושה, וואָס ער האָט אַנטדעקט און אַנטפּלעקט פאַר אים.

פּרצעס צוויי שאַפונג־עפּאָכעס זיינען בישט עפּעס אַנדערש ווי צוויי אויסדרוקן פאַר זיין באַציִונג צו באַנטשע שווייגן, ווי צום סימבאָל פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. אין דעם ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן איז פּרץ געגאַנגען אין מענדעלעס פוסטריט, — ער האָט געשמיסן באַנטשע שווייגן מיטן בייטש פון סאַטירע. אין צווייטן פּעריאָד גייט ער איבער פון סאַטירע צו אַכטונג, שיער נישט צו פאַרערונג און יראת־התרוממותדיקער באַוווּנדערונג. ער רייסט איבער זיין רייזע איבער דער אויבערפלאַך פון יידישן לעבן און דרינגט אַריין טיפער, — זייער טיף, — אין דער נשמה און געפינט אויס אַז אַ חוץ אַן אויסערלעך־פלאַכער אויסמעסטונג, פאַרמאָגט נאָך באַנטשע אויך אַ אינערלעך־טיפע אויסמעסטונג. באַנטשע שווייג איז שוין נישט נאָר דער, וואָס בעט אַפילו אין גן־עדן אַ בולקעלע מיט פּוטער, — אַפילו אויף דער ערד האָט ער שוין אַ סך גרעסערע השגות, — ער איז שוין נישט מסכים אַז זיין ווייב זאָל אים דינען ווי אַ פוס־בענקעלע אין גן־עדן, — ער וועט זי אָוועקזעצן לעבן זיך, און דאָרטן, אין הימל, וועט מען זיך מוזן אונטערוואַרפן דעם ווילן פון באַנטשע שווייג, אין וועמען עס האָבן פונאַנדערגענומען די פליגל גרויסע, טיף־מענטשלעכע אַספּיראַציעס (זע פּרצעס פּראַכטיקע „איבערגאַנגס״־דערציילונג „שלום־בית״).

פּרץ האָט דורכגעמאַכט אַ גרויסן וועג אין זיין שאַפן: פון באַנטשע שווייגן מיט זיין בולקעלע מיט פּוטער ביז דעם זעלביקן באַנטשע ווי אַ קאָלעקטיוון העלד פון די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן״, דעם דאָזיקן בוך פון די פאָלקסמאַסן, דעם

פאָלקסבוך, אין וועלכן דאָס פאָלק דערקענט מיט אומענדלעכער פאַרוווּנדערונג זיין אייגענע הערצ־שע נשמה, — געפינט זי און לערנט זיך זי צו פאַרשטיין און שעצן.

און אין דעם ליגט פּרצעס גרויסער באַטייט פאַר אונדזער קולטור־באַנייונג. ער איז צוגעטראָטן צו לייזן די שווערע פּראָבלעמען פון דער קולטור־ירושה און ער האָט געפונען אין באַנטשע שווייגן דעם קולטור־יורש, אים פּראָקלאַמירט ווי אַזעלכן, געוועקט אין אים דעם באַוווּסטזיין פון זיינע ירושה־רעכט און ירושה־פליכטן.

*

די פּראָבלעם פון דער קולטור־ירושה איז נישט אַזוי לייכט צו לייזן. און דאָס איז נישט קיין ריין־ייִדישע פּראָבלעם. תמיד און אומעטום, ווען און ווו עס קומען פאָר גרויסע היסטאָרישע איבערבראָכן אינעם לעבן פון פעלקער, ווען אין קולטור־פאָרמאַציע שטאַרבט אָפּ און אַ צווייטע איז גרייט זי אָפּצובייטן, וואַקסט אויס די שווערע פּראָבלעם פון קולטור־ירושה: וואָס פאַרדינט אָפּצושטאַרבן און באַגראָבן צו ווערן און וואָס דאַרף געראַטעוועט און איבערגענומען ווערן אין נייעם לעבן?

אין דער היץ פון קאַמף צווישן דעם אַלטן און נייעם, זיינען מיר אָפט גרייט אַרויסצוואַרפן דעם אינהאַלט צוזאַמען מיט דער פאָרעם, דאָס עיקרדיקע צוזאַמען מיטן טפלדיקן, דאָס צייטווייליקע צוזאַמען מיטן אייביקן. און פּלוצלינג נעמען מיר באַמערקן אַז מיר זיינען פאַרבליבן אָן אַ גייסטיקן וואָרצל, אַז אין אונדזער לעבן גענעצט אַ גייסטיקע פּוסטקייט, — אונדז איז נישט געגעבן געוואָרן די קראַפט צו שאַפן מיטן בלויזן וואָרט אַ נייעם „בראשית“, מיר מוזן האָבן די הילף פון אַ גרייטער סובסטאַנץ; מיר קענען נישט זיין קיין אָנהייב־רינג, נאָר בלויז אַ וויטערדיקער...

אַזוי איז אויך געווען די לאַגע פון דער ייִדישער קולטור־וועלטלעכער נאַציאָנאַלער באַוועגונג אין אָנהייב פון 20סטן יאָרהונדערט.

דאָס ייִדישע פאָלק האָט פאַרמאָגט זיין הייליקע קולטור־שפּראַך — העברעיש. אויב ביי אַלע פעלקער הערשט אַ געוויסע אָפּגעפרעמדטקייט צווישן די העכסטע קולטור־שיכטן און די ברייטע פאָלקסמאַסן, איז ביי אונדז ייִדן דער דאָזיקער תהום געווען נאָך ברייטער און טיפער, וואָרעם די שפּראַך פון אונדזער קולטור איז פרעמד געווען די ייִדישע מאַסן, און די פאָרעם גופא פון דער ייִדישער קולטור איז זיך צעוואָקסן אין אַ געדיכטן, כמעט אומדורכדרינגלעכן וואַלד. און דאָך האָט אין ייִדישן לעבן געהערשט אַ זעלטענע קולטור־גאַנצקייט, אויסגעוועבט דורך דער אַטמאָספער פון געמיינזאַמען גלויבן, פון געמיינזאַמער גאָטפאַרכטיקייט. אַ טרעגער, וואָס האָט אַפילו נישט געקענט לייענען אין סידור, פלעגט זיך צוזאַמענגיסן מיט דער אַטמאָספער פון ייִדישער קולטור דורך דעם, וואָס ער פלעגט אַריינטראָגן אין בית־המדרש פאַר די לערנערס עטלעכע עמערס וואַסער אין אַ הייסן זומערדיקן טאָג (זע „שלום־בית“ פון פּרצן). אָבער ווען דער גלויבן איז שוואַכער געוואָרן, ווען די אַטמאָספער פון קולטור־גאַנצקייט, אַ דאַנק דער געמיינזאַמער גאָטפאַרכטיקייט, האָט

געגומען פאַרשווינדן, האָט זיך דער אויבנדערמאָנטער תהום פלוצלינג אַן עפן געטאָן אין זיין גאַנצן פאַרנעם: די פאַרבינדנדיקע בריק פון דער ייִדישער טראַדיציאָנעלער טאָג־טעגלעכקייט איז איינגעפאַלן און פון איין זייט תהום זיינען געבליבן די ייִדישע קולטור־שפּיצן, אַ באַרג ביכער מיט אוצרות חכמה און קולטור, און פון דער צווייטער זייט תהום איז געבליבן די ייִדישע מאַסע אָן אַ צוטריט צו די דאָזיקע אוצרות. אָט די אָפּגעריסנקייט האָט אַריינגעטראָגן נישט נאָר אַן אָפּגעפרעמדטקייט, — וואָס איז אויך פריִער געווען, — נאָר אויך אַ פאַראַכטונג. אויב פריִער איז דאָס אומבאַקאַנטע געווען הייליק און במילא געשעצט ווי עפּעס אומענדלעך גייטיקס, איז איצט דאָס דאָזיקע אומבאַקאַנטע געוואָרן אומנייטיק, איבעריק. די ייִדישע מאַסן זיינען געבליבן אויף זייער בייעם וועלטלעך־נאַציאָנאַלן וועג אָן אַ קולטור־ירושה, זיי האָבן אויפגעהערט צו זיין אַ המשך, אַ רינג אין אַ קייט, און גלייכצייטיק האָבן זיי נישט געהאַט קיין כּוח צו שאַפן אַ נייעם „בראשית". די ייִדישע מאַסן זיינען אין דירעקטסטן זינען פון וואָרט געוואָרן גייסטיק נאַקעט.

און פּרץ האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אַריבערצוואַרפן איבערן תהום די פעלנדיקע בריק, אַ דאַנק וועלכער מע זאָל קענען באַקומען אַ צוטריט צו דער קול־טור־ירושה.

באָנטשע שוויגן, דעם דאָזיקן סימבאָל פון די ייִדישע מאַסן, האָט פּרץ געזען מיט זיין שעפערישן אויג צוויי מאָל: איין מאָל — קערפּערלעך, אַ צווייטן — גייסטיק.

אין הימל זאָגט מען באָנטשע שוויגן: „דו אַליין האָסט גאָר אפשר נישט גע־ווּסט אַז דו קענסט שרייען און אַז פון דיין געשריי קענען יריחוס מויערן ציטערן און איינפאַלן. דו אַליין האָסט פון דיין פאַרשלאָפענעם כּוח נישט געוווּסט"...

און פּרץ האָט זיך צוערשט געשטעלט פאַר אַ ציל אויפצוּוועקן ביי באָנטשען צום לעבן און טאַקע דאָס געפיל פון זיין קראַפט, זיין פּראָטעסט: ער האָט אין באָנטשען געזען בלויז אַ דערשלאָגענעם, פאַרמוטשעטן מענטשן און ער האָט אים געוואָלט אויסגלייכן זיין רוקנביין.

שפּעטער אָבער האָט פּרץ באַמערקט אין באָנטשען נישט נאָר אַ דערשלאָגענעם פיזישן אָרעמאַן, נאָר אויך אַ נידעריק־געפאַלענעם גייסטיקן עושר. ער האָט אין באָנטשען דערקענט אַ יורש, — וואָס איז איבערגעלאָזט געוואָרן אויף גאָטס באַראָט, — פון אַ גרויסער ירושה, אַ יורש, וואָס גאָר נישט וויס וואָס ווייס וועגן דער ירושה וואָס וואַרט אויף אים, אַן וועלכער ער קען נישט אָנקלייבן זיך מיט גייסטיקע ייִדישע כּוחות, אָן וועלכער ער קען נישט דערגרייכן אַ הויכע קולטור־מדרגה. און פּרץ האָט אין באָנטשען געגומען וועקן דעם באַוווּסטזיין, אַז ער איז אַ יורש פון אַ גרויסער קול־טור, וואָס ער מוז איבערנעמען, איבערגיסן זי אין נייע פורעמס און שמידן ווייטער די „גאָלדענע קייט".

פּרץ האָט באַנטשע שווייגן געוואָלט פֿאַרוואַנדלען אין אַ בריק וואָס פֿאַרבינדט דעם נעכטן און דעם מאָרגן.

*

„ביינאַכט אויפֿן אַלטן מאַרק" איז, נאָך דער מיינונג פֿון אַ סך קריטיקערס, פּרצעס טונקלסטע, אומקלאָרסטע דראַמע. דאָס איז, אפֿשר, אמת וואָס שייך אירע פּרטים, אָבער בשום אופֿן נישט וואָס שייך איר אינהאַלט ווי אַ גאַנצע. „ביינאַכט אויפֿן אַלטן מאַרק" איז דער עכטסטער עקספּרעסיאָניזם, וווּ אַפֿילו אינעם סאַמע אומקלאָרסטן קומט צו שטאַרקער עקספּרעסיע די עיקרדיקע שטימונג פֿונעם דיכטער. דאָס איז — די געשפּענסטיקע געשטאַלט פֿון ייִדישן לעבן, ווו יעדער פּרט שטרעבט אויסצו־דריקן דאָס גאַנצע, דאָס קאָלעקטיווע. דער וואָס זוכט אין דער דאָזיקער דראַמע אַ לאָגישע קאָנסטרוקציע און אַ לאָגישן געדאַנקענגאַנג, וועט בלייבן אַנטוישט; וואָרעם עס איז דאָך אוממעגלעך צו געפֿינען לאָגיק אין אַ קאָשמאַר וואָס פֿאַרמאָגט תמיד זיין אייגענע אומלאָגישע לאָגיק.

אין דער דאָזיקער דראַמע איז דאָס ייִדישע לעבן שוין רייף צום טויט אָדער עס איז שוין בכלל טויט. נישט אומזיסט אפֿשר זיינען די הויפּט־העלדן אויפֿן אַלטן מאַרק, ביינאַכט — מתים.

אָבער פֿלוצלינג הערט זיך דער רוף פֿונעם בדחן צום לעבן. און די מתים ענטפֿערן (פֿאַרצווייפֿלט):

„מיר זיינען דאָך טויט!"
בדחן: „פֿון אַ נאַרישן גלויבן פֿאַרפֿירט!
און וואָס מען גלייבט, עקסיסטירט!
„וואָס פֿאַרניינט, איז רויך און ווינט!
פֿאַרלייקנט דעם טויט, אַן לעבן גלייבט
פֿעסט! און — בלייבט!
עס טאָר אייך קיינער נישט שטערן!"
מאַרק־מתים: „מיר בלייבן!"
בדחן: „שווערט!"
מאַרק־מתים: „מיר שווערן!"
בדחן: „פֿאַרלייקנט דעם טויט!
מאַרק־מתים: „מיט דער גאַנצער קראַפֿט, וואָס אונדז איז געבליבן!"

דער גרויסער פֿאַרניינער, דער בדחן, וואָס זעט בלויז טויט און טויטקייט אין אונדזער לעבן, גראָד ער רופֿט די לעבעדיקע מתים צום לעבן. און ער גיט צו דעם דאָזיקן רוף אַ זינען: ס'איז דאָ צוליב וואָס צו לעבן! ער ווייזט די מתים, וואָס פֿאַר אַ גרויסער זינען עס האָט אַמאָל אויסגעפֿולט זייער לעבן, וואָס פֿאַר אַ גרויסער

זינען עס קען נאָך ווידער זיך פונאַנדערבליִען אין זייער אויפגעלעבטן לעבן, אויב זיי וועלן איבערנעמען ביי דער פאַרגאַנגענהייט איר לעבעדיקן אינהאַלט.

ס'קען זיין, אַז נאָך קיין מאָל איז אַזוי נישט נייטיק און וויכטיק געווען פּרצעס רוף אַרויסצורייסן זיך פון אונדזער באַנטשע שוויַיגישן לעבן און אויפלעבן צו לעבנס־פולקייט, ווי אין אונדזער צייט. און נאָך נייטיקער האָבן מיר אַ באַוועגנדיקע קראַפט, וואָס זאָל ברענגען אין באַוועגונג דעם ווילן צו מאַכן די אָנשטרענגונג, וואָס איז נייטיק אויף איבערצונעמען די ירושה.

אַזאַ באַוועגנדיקע קראַפט קען זיין בלויז דער טרוים וועגן דעם האַרמאָנישן, דערהויבענעם יידישן לעבן פון עבר, די בענקשאַפט נאָכן דאָזיקן אין טרוימען ווי־דערגעפונענעם לעבן, וואָס איז פול מיט יידיש־אַלמענטשלעכע ווערטן. און פּרץ וועקט די דאָזיקע בענקשאַפט דורך דעם קינסטלערישן טרוים פון די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן“, ווו דאָס פאָלק געפינט ווידער די אַטמאָספער פון אַ גאַנצער קולטור, וואָס עס האָט פאַרלוירן; ער געפינט זי אין אַ דערהייבנדיקער יידיש־אַלמענטשלעכער פאָרעם, דורכגעבראָכן דורך דער פריזמע פון פאָלקסטימלעך־נאָענטן, וואָס איז אַזוי אייגן זיין אונטערבאַוווסטזיין אַז עס דרינגט אַריין אין אים, גיסט זיך צונויף מיט אים אָן דער פאַרמיטלונג פונעם באַוווסטזיין, פון ראַציאָנאַליסטישער אויסטייטשונג. ערשט דורך דער איבערגעלעבטער קינדיש־נאָענטער עמאָציע קומט עס ביסלעכווייז אויך צום באַוווסטזיין.

פּרץ האָט זיינע גרויסע אינטעלעקטועלע סימבאָלן איינגעגעבן דעם פאָלק אין לבוש פון קדמונימדיק־נאָענטע פאָלקסטימלעכע געשטאַלטן און עמאָציעס.

דאָס פאָלק האָט קודם־כל דערשפירט אייגנס, באַקומען אוממיטלבאַרן צוטרוי, זיך דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון די פאָלקסטימלעכע געשיכטן אין דער פאַרשטעלונגס־קראַפט און אַזוי אַרום זיך עמאָציאָנעל באַפרוכפּערט פאַר דער גרויסער באַנייענדיקער אידייע.

אָן אַן אידייע וואָס זאָל שאַפן אין יידישן לעבן אַ גאַנצע, געמיינזאַמע קולטור־אַטמאָספער, וועט זיך דאָס יידישע לעבן צעפאַלן ווי טרוקן זאַמד. נאָר אַ גרויסע אידייע קען ווידער אַריינבלאָזן לעבנסאָטעם אין אונדזערע אויסגעטריקנטע ביינער. און די דאָזיקע אידייע מוז האָבן אַן איינהייטלעך און גלייכצייטיק אַ טאָפּלט פּנים: פון איין זייט מוז זי זיין געווענדט צו דער פאַרגאַנגענהייט, צו דער קולטור־ירושה, און פון דער צווייטער — צו דער צוקונפט, ווו די אויף ס'ניי דערוואָרבענע ירושה זאָל באַקומען מעגלעכקייטן צו ווירקן אין לעבן.

*

פּרץ איז נאָך אַלץ אַקטועל, וואָרעם מיר ראַנגלען זיך נאָך אַלץ פאַר אַ וועג, וואָס ער האָט אונדז געוויזן (דורך קינסטלערישע טיף־פאָלקסטימלעכע און דערפאַר

טאַקע פאַר די טיפּסטע שיכטן פון אונדזער געמיט צוגענגלעכע סימבאָלן) און אויף וועלכן עס איז נאָך דערוויייל אַרויף בלויז אַ קליינער טייל פון אונדזער פאָלק.

אין דער יידישער ליטעראַטור זיינען דאָ גרעסערע וואָרט־קינסטלערס פון פּרצן — זיין קינסטלערישע פּראָזע ווערט אָפט בלאָס אין פאַרגלייך מיט דער קראַפט פון שלום אַשן אין זיינע בעסטע ווערק אָדער זייטלעך, אין פאַרגלייך מיט דער ראַפּי־נירטער, גלייכגעוויכטיקער קונסט פון דוד בערגעלסאָן, אָבער ווען מע רעדט וועגן דער מיזרח־וואַנט פון דער יידישער ליטעראַטור, מוזן מיר נאָך אַלץ אָנרופן אין דער ערשטער ריי פּרצעס נאָמען, וואָרעם זיין גייסטיקער אומרו איז נאָך אויך איצט דאָס וויכטיקסטע פאַר אונדז, און זיין זאָרג וועגן דער יידישער קולטור־ירושה איז נאָך אויך היינט אונדזער וויכטיקסטע זאָרג.

# שלום עליכם

## א) שלום עליכם דער פאָלקסטימלעכער זשעני

מענדעלע מוכר ספרים איז געווען דער זיידע פון דער יידישער ליטעראַטור; פּרץ האָט אין איר געשפּילט די ראָל פון אַ רבי, און שלום עליכם איז געווען פּראָסט־פּשוט אַ גוטער חברה־מאַן אין דער יידישער ליטעראַטור: שלום עליכם — דאָס איז אַ „נאָש בראַט", אַן אייגענער מענטש.

כדי קלאָרער אַרויסצוברענגען שלום עליכמס פּאָזיציע אין דער יידישער ליטעראַטור, וועל איך נעמען צו הילף אַ יוגנט־דערינערונג.

דאָס איז געווען אין ביאַליסטאָק, אין 1910. מענדעלע האָט דאַן דורכגעמאַכט זיין טריומף־רייזע איבער די שטעט פון יידישן „תחום המושב". די יידישע יוגנט פלעגט אויסשפּאַנען די פערד פון זיין קאַטש און אַליין זיך איינשפּאַנען אין איר, כדי אָפּצופירן דעם אַלטן שרייבער פונעם זאַל, ווו ער פלעגט פאָרלייענען זיינע ווערק, אין האָטעל אַריין. די וואַרשעווער יידישע פּרעסע איז פול געווען מיט מענדעלען און מיט זיין טריומף־צוג.

אין דער יידישלעך־יחוסדיקער שטוב פון אַ פרומען משכיל, ווו די אַלט־יידישע קולטור־אוצרות האָבן געלעבט פרידלעך זייט ביי זייט מיט די אייראָפּעישע, האָט די באַלעבאָסטע געפרעגט, האַלטנדיק אין די הענט דעם וואַרשעווער „היינט" מיט מענדעלעס אַ פאָטאָגראַפיע:

— ווער איז ער אָט דער דאָזיקער מענדעלע, וועגן וועמען מע שרייבט אַזוי פיל, מיט וועמענס פאָטאָגראַפיעס עס זיינען פול די צייטונגען?

און דער באַלעבאָס פון הויז, דער פרומער משכיל, האָט געענטפערט מיט אַ פאַראַכטנדיקן טאָן:

— דאָס איז זייער „תנא ברא"...

דער דאָזיקער פֿאַראַכטנדיקער „ז יי ע ר" איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ פֿאַראַכטנדיקן בליק אין דער זייט פֿונעם יונגן דור אין דער דאָזיקער שטוב, ווו עס איז פֿאָרגעקומען אַ שטילער קאַמף צווישן די דורות, ווי אין יעדער איבערגאַנג־עפּאָכע.

און ווען מענדעלע איז געקומען צו פֿאָרן קיין ביאַליסטאָק, איז זיין קומען געווען אַ פֿרייִלעכע געשעעניש כמעט בלויז פֿאַרן יונגן דור; פֿאַרן אַלטן דור איז דאָס געווען אַ פֿרעמדער יום־טוב, און אפשר טאַקע אַ פּראָוואָצירנדיקער.

אָבער אין דער זעלביקער שטוב, ווו מענדעלע איז געווען אַ גייסטיקער שונא, איז שלום עליכם געווען ביי אַלעמען אַן אָנגעלייגטער גאַסט. דער אַלטער און דער יונגער דור פֿלעגן זיך פֿאַראייניקן אין הילכיקן געלעכטערביים אָפּטן פֿאָרלייענען שלום עליכמס דערציילונגען.

און ווען שלום עליכם איז געקומען צו פֿאָרן קיין ביאַליסטאָק פֿאַר דעם ערשטן וועלט־קריג, איז די גאַנצע שטאָט געווען אויסער זיך פֿאַר פֿרייד — אַלע האָבן אים באַגעגנט ווי אַ נאָענטן קרוב.

מענדעלע האָט געהערט צו „ז יי", דאָס הייסט, צו אונדז, די י ו נ ג ע, אָבער שלום עליכם האָט געהערט צו א ל ע מ ע ן, א פ י ל ו — ד י א ל ט ע. אויף מענדעלעס בוך האָט מע געקוקט ווי אויף אַ קאָנקורענט פֿאַרן אַלטן ספֿר, וועלכן ער האָט זיך באַמיט צו פֿאַרבייטן מיט זיינע ביכער; אויף שלום עליכמס בוך האָט מע געקוקט ווי אויף אַ היימישן שמועס מיט אַ נאָענטן מענטשן, ווי אויף שפּאַסן פֿון אַ „נאַש בראַט".

מיט דעם אַ אונטערשיידט זיך שלום עליכם פֿון אַלע אַנדערע ייִדישע שרייבערס: ער האָט געהערט — און ער געהער אויך איצט — אַלעמען, ווייל ער איז בלוט פֿונעם בלוט און פֿלייש פֿונעם פֿלייש פֿון דער פֿאָלקס־מאַסע ווי אַ גאַנצע.

יעדע ליטעראַטור פֿאַרמאָגט שרייבערס וועלכע מע קען אַנדערש נישט באַצייכענען, ווי „פֿאָלקסטימלעכע זשעניעס". אונדזער ליטעראַטור פֿאַרמאָגט אַזאַ פֿאָלקסטימלעכן זשעני אין שלום עליכמען.

אַזעלכע זשעניעס באַווייזן זיך געוויינטלעך אין תקופות, ווען די פֿעלקער הייבן אָן גייסטיק דערוואַכן פֿון זייער ווינטער־שלאָף. אינעם פֿעריאָד פֿון דער דאָזיקער ווינטערדיקער אומפּרוכטבאַרקייט זאַמלען זיך אָן אינעם פֿאָלק פּאָטענציעלע שאַפֿערישע כּוחות, וואָס קענען זיך נישט אויסלעבן. און ווען עס קומט די צייט פֿון דערוואַכונג, שלאָגן אַרויס די שעפֿערישע פּאָטענצן ווי אַ גייזער. דער פֿאָלקסטימלעכער זשעני — דאָס איז דער מעדיום פֿאַר די אָנגעקליבענע פֿאָלקס־כּוחות, וואָס רייסן זיך צו באַפֿרייונג און גיבן זיך אָפּ דעם ערשטן גליקלעכן פּיאָנער, וואָס שטויסט זיך אָן אויף זיי.

אַזאַ גליקלעכער פֿאָלקס־זשעני איז געווען שלום עליכם. די גאַנצע רייכקייט פֿון דער ייִדישער האַרציקייט, פֿון ייִדישן הומאָר, פֿון דער ייִדישער העוויה, פֿון

דער יִדישער טראַגי־קאָמישקייט איז געלעגן ביז שלום עליכמען כמעט ווי אַ קרקע בתולה, וואָס וואַרט אויפן אַקערער.

בלויז מענדעלע האָט זיך צוגערירט צום דאָזיקן ריזיקן פעלד מיט זיין גראָב־אייזן און דורכגעלייגט די ערשטע בייטן...

אַזעלכע פאָלקסטימלעכע זשעניעס זיינען ווייניקער אינדיווידועל פאַר אַנדערע שרייבערס. אויב מיר זאָלן נעמען, למשל, שעקספּירן און געטען, וועלן מיר תיכף דערזען דעם דאָזיקן אונטערשייד. שעקספּירס ביאָגראַפיע איז ווייניק באַקאַנט; פאַראַן ליטעראַטור־פאָרשערס וואָס האַלטן אַז דער שאַפער פון שעקספּירס דראַמעס איז גאָר נישט שעקספּיר, נאָר בעקאָן, — אָבער דאָס ווירקט לחלוטין נישט אויף אונדזער באַציִונג צו שעקספּירס דראַמאַטישער ירושה: זי איז ווי נישט אינדיווידועל, זי איז לחלוטין נישט פאַרבונדן מיט דער קאָנקרעטער ביאָגראַפיע פון דעם שאַפער פון די דאָזיקע דראַמעס. שעקספּירס דראַמעס זיינען ווי אַ סטיכיע, וואָס האָט געפונען פאַר זיך אַ מעדיום. צי בעקאָן איז געווען דער דאָזיקער מעדיום, אָדער שעקספּיר, אָדער אַ דריטער — דעם תוך פון דער זאַך ענדערט עס נישט *.

גאַנץ אַנדערש איז געטע. זיין שאַפן איז אומצערייסבאַר פאַרבונדן מיט זיין ביאָגראַפיע; זיין יעדע שורה איז דורכגעדרונגען מיט דער אינדיווידואַליטעט פונעם דיכטער. עס איז שווער פאָרצושטעלן זיך אונדזער מיינונג וועגן זיין שאַפן, ווען מיר וואָלטן נישט געוווּסט וויסן זיין ביאָגראַפיע. שעקספּיר קען זיין אַן אומבאַוווּסט־זיניקער מעדיום; געטע איז תמיד אַ באַוווּסטזיניקער שאַפער.

דער זעלביקער אונטערשייד באַשטייט אין אונדזער ליטעראַטור צווישן פּרצן און שלום עליכמען. פּרצעס פערזענלעכקייט דרינגט אַדורך זיין גאַנץ שאַפן; עס איז אוממעגלעך אָפּצוטיילן פּרצעס שאַפן פון זיין פערזענלעכקייט, — אַפילו אין זיינע „פאָלקסטימלעכע געשיכטן". אָבער שלום עליכמס פערזענלעכקייט לאָזט זיך כמעט אין גאַנצן אָפּטיילן פון זיין שאַפן, וואָס דאָס פאָלק נעמט אויף כמעט ווי עפּעס אומפּערזענלעכס, ווי עפּעס פאָלקסטימלעכס, ווי אַ נאַטירלעכע טייל פון זיין לעבן. און אין דער דאָזיקער הינזיכט — ווי אַ סך קריטיקערס האָבן דאָס שוין באַמערקט — איז שלום עליכם אי ווייניקער ווי אַ שרייבער, אי מער ווי אַ שרייבער. אין גרעסטן טייל פון זיינע בעסערע ווערק האָט שלום עליכם ווי גענומען אַ פאַרטיקן מאַטעריאַל, וואָס דאָס לעבן האָט אויסגעפורעמט. שלום עליכם, דאַכט

* גאַנץ צופעליק, בלעטערנדיק קאַלרידזשעס „ביאָגראַפיאַ ליטעראַריאַ", געפין איך דאָרט די ווייטערדיקע כאַראַקטעריסטיק פון שעקספּירן און מילטאָנען: „שעקספּירס פּאָעזיע איז כאַראַקטערלאָז, דאָס הייסט, זי שפּיגלט נישט אָפּ דעם אינדיווידועלן שעקספּיר; אָבער דזשאָן מילטאָנען געפינט איר אין יעדער שורה פון זיין „פאַרלוירענעם גן־עדן".
דאָס איז דער זעלביקער געדאַנק, — אויסגעדריקט כמעט מיט די זעלביקע ווערטער, — ווי אין מיין כאַראַקטעריסטיק פון שעקספּיר און געטע.

זיך אונדז, איז בלויז אַ מעדיום פאַר דער פאָלקס־סטיכיע, וואָס איז דורך אים געקומען צום אומגעקינסטלטן אויסדרוק.

פרץ לערנט דעם ייִדן צו דערקענען זיין פאַרשאָטענע נשמה, וועלכע פרץ האָט אָפּגעגראָבן; ביי שלום עליכמען דערקענט דער ייִד תיכף זיין נאָענטע נשמה און באַגריסט זיך מיט איר מיט אַ פרײדיקן: „שלום עליכם — עליכם שלום".

אַפילו אין מענדעלעס שאַפן, — וואָס שטייט, אין געוויסע היניזיכטן, נאָענט צו שלום עליכמס שאַפן, — נעמט די איבערהאַנט דאָס ליטעראַריש־אינדיווידועלע סיי אין סטיל, סיי אין דער סאַטירישער באַאַרבונג פון זיינע ווערק. דאָס איז כמעט דער זעלביקער אונטערשייד, אויף וועלכן קלאַבונד ווייזט טרעפלעך אָן אין זיין „געשיכטע פון דער ליטעראַטור", ווען ער רעדט וועגן צוויי סאַטיריש־הומאָריס־טישע ווערק פון דער דייטשער ליטעראַטור פון אָנהייב 16טן יאָרהונדערט — וועגן „נאַראָנים־שיף" און וועגן „טיל אולענשפּיגעל". קלאַבונד פרעגט: מיט וואָס קען מען דערקלערן דעם ריזיקן דערפאָלג פונעם „אולענשפּיגעל" און ער גיט אַ גלענצנדיקן ענטפער: „בראַנדס „נאַראָנים־שיף" איז געווען מער אָדער ווייניקער אַ ליטעראַרישע שאַפונג, אָבער אינעם „אולענשפּיגעל" האָט דאָס פאָלק דערזען פנים אל פנים זיך גופא און עס האָט געלאַכט פון זיך".

קיין שום זאַך דערנעענטערט נישט אַזוי און אַנטוואָפנט נישט אַזוי, ווי דאָס לאַכן פון זיך גופא. שלום עליכם האָט אָוועקגעשטעלט אונדזער פאָלק פנים אל פנים מיט זיך גופא און אים געגעבן אַ מעגלעכקייט צו לאַכן פון זיך. טאָ וואָס־זשע איז דער וווּנדער וואָס דאָס פאָלק האָט קיינעם אַזוי נישט ליב געהאַט, ווי שלום עליכמען, און עס האָט זיך מיט קיינעם נישט געפילט אַזוי נאָענט, ווי מיט שלום עליכמען, וואָס איז אין גאַנצן געווען בלוט פון זיין בלוט און פלייש פון זיין פלייש?

אָבער דאָס באַטייט לחלוטין נישט, אַז דער דאָזיקער געלעכטער מוז אומבאַדינגט זיין אַן אויבערפלאַכלעכער.

שלום עליכמס איידעם, י. ד. בערקאָוויטש, דערציילט אין דעם „שלום עליכם־בוך" (דערשינען אין 1926 אונטער זיין רעדאַקציע אין ניו־יאָרק) אַ באַזונדערס כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד: אין וואַרשע איז צו שלום עליכמען צוגעקומען אַ ייִד און געזאָגט: „וועט מיר זיין דערלויבט אָפּצוגעבן שלום עליכם צו אונדזער טייערן שלום עליכם?" שלום עליכם האָט אים געגעבן די האַנט. „איך קוק שוין לאַנג אַרויס אויף דעם מאָמענט" — האָט דער יונגער מאַן געזאָגט און אַ קוש געטאָן שלום עליכמען די האַנט. — „איר זייט דאָך אונדזער טרייסט, איר פאַרזיסט דאָך אונדז די ביטערקייט פונעם גלות"...

לויטן סטיל איז צו דערקענען, — ווען מיר וואָלטן דאָס נישט געוווּסט פון בערקאָוויטשעס באַשרייבונג, — אַז דער דאָזיקער ייִדישער לייענער האָט געהערט נישט צום נייעם דור, נאָר צום אַלטן. מע דאַרף באַזינען וואָס פאַר אַ רעוואָלוציע עס מוז דורכמאַכן אַ ייִד, כדי אַ קוש צו טאָן די האַנט ביי אַ צווייטן מענטשן (דערצו

נאָך ביי אַ שרייבער פון וועלטלעכע ביכער), כדי צו קענען באַגרייפן, וואָס פאַר אַ גרענעצלאָזע ליבע שלום עליכם האָט אַרויסגערופן צו זיך ביי די ייִדישע מאַסן, וואָס ער האָט באַטייט פאַר די דאָזיקע מאַסן.

און חוץ דעם: דער דאָזיקער ייִד, וואָס האָט אַ קוש געטאָן די האַנט ביי שלום עליכמען, האָט אַ קוש געטאָן נישט ד י האַנט וואָס האָט געשריבן אַנעקדאָטישע דערציילונגען. געוויס, ער האָט אויך די דאָזיקע דערציילונגען געלייענט, און גע־לאַכט פון זיי ביז טרערן, און נישט איין מאָל געלאַכט. אָבער לויטן סטיל פון זיין ווענדונג צו שלום עליכמען זעט מען אַז דער דאָזיקער ייִד פילט שטאַרק זיין ייִדישן גלות און ער באַגרייפט טיף, ווי שטאַרק ער נייטיקט זיך אין אַ טרייסט. אַזאַ ייִד קען זיך לאַכן פון אַן אַנעקדאָטישער דערציילונג, אָבער פאַר אַ טרייסט אין גלות וועט ער זי נישט אָננעמען. אָבער ווי עס שיינט, האָט דער דאָזיקער ייִד געשפּירט אין שלום עליכמען עפּעס טיפערס: פילנדיק אויף זיינע פּלייצעס די טראַגעדיע פון גלות, האָט דער דאָזיקער ייִד באַגריפן אַז שלום עליכם, וועלכער שפּירט אויך די דאָזיקע טראַגעדיע, מילדערט זי מיט זיין הומאָר, ער טראָגט אַליין לייכטער די דאָזיקע לאַסט און מאַכט זי לייכטער אויך פאַר אַנדערע.

שלום עליכם האָט אויסגעלערנט דעם ייִדישן לייענער אי צו לאַכן פון זיך, אי, באַגרייפנדיק די אייגענע טראַגעדיע, נישט צו ווערן דערדריקט פון איר.

אין דער וווּנדערבאַרער דערציילונג „די גרויסע בהלה פון די קליינע מענטשע־לעך" (אַגב אורחא, שלום עליכם באַצייכנט די דאָזיקע דערציילונג ווי אַ „פּאָעמע", און ער האָט רעכט: דאָס איז אַ פּאָעמע פון ייִדישער הילפלאָזיקייט, און נישט אַ דערציילונג), שילדערט שלום עליכם די אַנוואַקסנדיקע פּאַניק אין אַ ייִדיש שטעט־טעלע, וואָס דערוואַרט דעם לויפנדיקן פּאָגראָם. די שרעק האָט גרויסע אויגן, בפרט די ירושהדיקע פּאַנישע שרעק פונעם ייִדן. איז אָט: אין איין שיינעם טאָג פּאַרלאָזט דאָס גאַנצע שטעטל די שטיבער און די קרעמלעך, דאָס ביסל פּאַרמעגן און דעם איינגעזעסענעם דלות און לאָזט זיך אַוועק אין וועג אַריין אויף פורן און צו פוס אין שכנותדיקן שטעטל. און שטעלט זיך פאָר: אויף דער העלפט וועג באַגעגנט זיך דאָס וואַנדערנדיקע שטעטל מיטן שכנותדיקן שטעטל, וואָס האָט זיך אויך געלאָזט אין וועג אַריין צו אים, אויך אין דער זעלבער פּאַנישער שרעק פאַר אַ פּאָגראָם.

„ערשט אָט דאָ, אַז די צוויי שטעטלעך האָבן זיך צערעדט, זיך רעכט באַטראַכט איינס דאָס אַנדערע און אָנגעקוקט זיך אַקוראַט ווי עס געהער צו זיין, מיט זייטיקע אויגן, האָבן זיי אַרויסגעזען וואָס פאַר אַ פּנים זיי האָבן"...

אָט אין דעם ליגט דער עיקר־באַטייט פון שלום עליכמען: אַ דאַנק אים זעען די ייִדן איין ווי אַזוי זיי זעען אויס, זיי קוקן אויף זיך אַליין אין שפּיגל ווי פון

דער זייט, פון אַ געוויסער פּערספּעקטיוו, פון וועלכער מע זעט גוט, — ער האָט זיי אויסגעלערנט קוקן אויף זיך פון דער זייט, קוקן און אָפּשאַצן און — זיך אויסלאַכן.

איבער שלום עליכמס שאַפן הענגט אַ שילד: „ד ע ר ק ע ן ז י ך ג ו פ א".

*

שלום עליכם איז אַ גרויסער הומאָריסט. אָבער וואָס אַזוינס איז הומאָר?

איבער אָט דער פראַגע האָבן זיך שוין געבראָכן דעם קאָפּ די בעסטע דענקערס, פּסיכאָלאָגן, עסטעטן און שרייבערס. און אין יעדער טעאָריע, אין יעדער דעפיני־ציע איז דאָ אַ געוויסע טייל אמת, וואָס שליסט אָבער נישט אויס אַנדערע טיילן פון גאָר אַנדערע אמתן. איך פּרעטענדיר נישט, נאַטירלעך, צו פאַרוואַרפן אַ צוים אויף דער סטיכיע פון הומאָר, אויף דער דאָזיקער מעכטיקער ביאָלאָגישער פונק־ציע, וואָס איז אייגן בלויז דעם האָמאָ סאַפּיענס, און אַריינפּירן אים, מיט דער הילף פון דאָזיקן ציימל, אין דער ריינעקער, אָבער שמאָלענקער שטאָל פון דער זעלבסט־צופרידענער מאָנאָגאַמער דעפיניציע. אָבער פאַרבייגייענדיק זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן כאַראַקטער פון הומאָר, איז אומבאַדינגט נייטיק.

קאָמיזם ווערט געבוירן דאָרט, ווו דער מענטש קוקט אויף דאָס אויסערלעכע מיט אויסערלעכע חושים, ווען דער מענטש נעמט אויף דאָס אַרומיקע מענטשלעכע לעבן אויבערפלאַכלעך; טראַגיזם ווערט געבוירן דאָרט, ווו דער מענטש נעמט אויף דאָס אַרומיקע מענטשלעכע לעבן טיף, נישט מיט די אויסערלעכע חושים, נאָר מיט אינערלעכער פאַרשטענדעניש; הומאָר ווערט געבוירן דאַן, ווען דעם מענטשן געלינגט דער גרעסטער נס — אויפהייבן זיך העכער פאַר זיין אייגענעם קאָפּ, זען זיין גורל (און בכלל דעם מענטשלעכן גורל) פון אַ זייט, נישט אויבערפלאַכלעך, נאָר טיף, אָבער דאָך פון אַ זייט, אָדער בעסער נאָך — פון אַ געוויסער הייך. אַ נישט באַגריפענער טראַגיזם קען אויסזען קאָמיש; קאָמיזם, אין וועלכן מע פאַרקוקט טיפער, קען פאַרוואַנדלט ווערן אין טראַגיזם; טראַגיזם, וואָס מע זעט אים פון אַ זייט, מיט אַ בליק וואָס דערגרייכט פון אַ געוויסער הייך, פאַרוואַנדלט זיך אין הומאָר.

ווען מע זעט אַ לויפנדיקן מענטשן, וועלכער פּלאָנטערט זיך אויף יעדן טריט אין אַ לאַנגן כאַלאַט און פאַלט, הייבט מע נישט ווילנדיק אָן צו לאַכן, — דאָס איז קאָמיש; אָבער ווי נאָר איר דערוויסט זיך אַז דער דאָזיקער מענטש אַנטלויפט פון אַ טויט־געפאַר, און אַז יעדעס מאָל אומפאַלן דערנעענטערט אים צום טויט, פאַר־שווינדט דער קאָמיזם. וואָס איז געשען? אויבערפלאַכלעך איז אַלץ געבליבן ווי פריִער, אָבער איר האָט פאַרקוקט טיפער, אונטער דער אויבערפלאַך פון קאָמיזם, איר האָט דערזען די נשמה פון דעם דאָזיקן קאָמישן קערפּער און דאָס באַזינגטע קאָמישע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טראַגיסם. ווען דער דאָזיקער מענטש וואָלט פאַרמאָגט גענוג גייסטיקע קראַפט, כדי גלייכצייטיק אי צו פילן זיין טראַגעדיע, אי

צו זען פון אַ זייט דעם קאָמיזם פון זיין אויסערלעכער דערשיינונג, וואָלט אין אים געווען אויפגעבליצט דער שטראַל פון הימלישן הומאָר.

דער באַגריף „גאַלגנהומאָר" („תליה־הומאָר") קען מען פאַרשטיין ווערטלעך. ווען אַ קינד וואָלט דערזען אַ מענטשן, וואָס הוידעט זיך מיט אַן אויסגעשטרעקטער צונג, וואָלט זיך עס צעלאַכט, ווייל דאָס איז דאָך אַזוי קאָמיש. אַ מענטש, וועלכער וויסט וואָס דאָ איז געשען, פילט אַ טראַגישן ציטער; אָבער ווען דער געהאָנגענער וואָלט געקענט אַ קוק טאָן אויף זיך פון אַ זייט און, נישט אויפהערנדיק צו פילן זיין טראַגעדיע, וואָלט ער דאָך פאַרמאָגט אין זיך גענוג גייסטיקע קראַפט אַ שמייכל צו טאָן ביים אָנבליק פון אייגענעם אויסערלעך־קאָמישן צושטאַנד, וואָלט ער געווען אַריינגעפאַלן אין אַ צושטאַנד פון העכסטן „גאַלגנהומאָר": דער געהאָנגענער וואָלט זיך צעשוווּמען אין אַ שמייכל פון „גאַלגנהומאָר" ביים זען ז י ך אויף דער תליה.

שלום עליכם האָט געזען דאָס קאָמישע; אָבער זיין בליק איז אַריינגעדרונגען טיפער, און הינטערן פּאַסאַד פון דער קאָמעדיע האָט ער קלאָר דערזען די טראַגע־דיע פון אונדזער לעבן; אָבער די דאָזיקע טראַגעדיע פון אונדזער און פון זיין לעבן האָט ער באַנומען פון דער הויך פון אַ מאַיעסטעטיש־גייסטיקן גלייכגעוויכט און ער האָט זי געטרייסט מיט געטלעכן הומאָר.

צי געדענקט איר די באַגעגעניש צווישן רב טביהן און מנחם מענדלען? (איך נעם דעם ערשטן ביישפּיל, וואָס קומט מיר אויפן געדאַנק, ווייל די ווערק פון שלום עליכמען זיינען פול מיט זיי). טביה באַגעגנט מנחם מענדלען (אין דער דערציילונג „אַ בוידעם"), לאָזט זיך באַצויבערן פון יענעמס טרוימען וועגן גאָלדענע בערג, וואָס די בירזשע זאָגט צו, און גיט אים אָפּ די הונדערט רובל, צונויפגעשפּאָרטע מיט בלוטיקן שווייס, אין דער האָפענונג אויף לייכט באַקומענע מיליאָנען. מנחם מענדל ווערט באַטירלעך, אַ נעלם, ווי אין וואַסער אַריין. ענדלעך, נאָך לאַנגע זוכענישן, טרעפט אים טביה. נאָך זיין שטאָלצן פלי אויף די פליגלען פון פאַנטאַזיע, איז מנחם מענדל נעבעכדיק און קאָמיש אויפן פאָן פון דער ווירקלעכקייט, אָבער טביה זעט די טראַגישע זייט פון דאָזיקן קאָמיזם (דערויף איז ער דאָך טביה, מיט זיין טיפן געפיל און דורכדרינגענדיקן אינערלעכן בליק). אָבער, נייטראַליזירנדיק דעם קאָ־מיזם דורך טראַגיזם, נייטראַליזירט ער אויך די שאַרפקייט פונעם טראַגיזם דורך זיין שטראַלנדיקן הומאָר, ווייל אויב מנחם מענדלס קאָמישקייט פאַרשטעלט נישט פאַר אים דעם עלעמענט פון טראַגיזם, פאַרשטעלט אָבער נישט דער טראַגיזם פאַר אים אויך דעם עלעמענט פון קאָמיזם.

צוערשט גיסט טביה אויס דעם וואַסער־פאַל פון זיין רעדנער־קראַפט אויפן שלימזלדיקן מנחם מענדל, אָבער ווען ער דערזעט „ווי יענער שטייט אַזוי מיט דעם קאָפּ אַראָפּ, צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט, דאָס היטל אויף אַ זייט", — ווען ער דערזעט דעם דאָזיקן שלימזל און הערט זיינע האַרצרייסנדיקע זיפצן, הייבט זיך טביה אויף אויף זיין הומאָר הויך איבער זיין אייגענעם אומגליק; ער ווערט פול

מיט מיטלייד צום קאָמישן מענטשל, צום שלימזל, און ער טרייסט אים גאָר: „נישט באַשערט, זאָג איך, טביה זאָל זיין אַ נגיד, ווי זאָגט איוואַן: נע בולאָ או מעקיטע הראָשע אי נע בודע (נישט געוועזן ביי מעקיטען געלט און עס וועט נישט זיין)... קום, ברודער, ווען מיר נעמען, זאָג איך, צו ביסלעך בראָנפן...״

דורך זיין שטראַלנדיקן, טיפן הומאָר האָט שלום עליכם באַשאַנקען דעם היינט־ צייטיקן ייִדן מיט דער גרויסער קראַפט פון באַפרייענדיקן, זעלבסטבאַפרייענדיקן געלעכטער, פון אַלוויסנדיקן און אַלץ־פאַרגעבנדיקן און רייניקנדיקן שמייכל.

דערין ליגט איינער פון די עיקרדיקע אונטערשיידן צווישן מענדעלען און שלום עליכמען: מענדעלע קריטיקירט און לאַכט אָפּ, שלום עליכם רופט אַרויס אומבאַמערקט זעלבסטקריטיק און אַ געלעכטער איבער זיך גופא. מענדעלע לאָזט אַ מאָל ליגן די בייטש פון סאַטירע און בעמט זיך פאַרן פעדאַגאָגישן מיטל פון הומאָר. שלום עליכם אָבער איז כמעט קיין מאָל נישט בייסיק. ווען ער איז נישט אַנעקדאָטיש־קאָמיש, איז ער שטראַלנדיק־הומאָריסטיש.

סאַטירע ווייזט אָן אויפן זומפּ, אין וועלכן די געשילדערטע געשטאַלטןווימלען, און זי דערשלאָגט זיי מיט דער טרייסטלאָזיקייט פון זייער צושטאַנד; דער הומאָר ווייזט אָן אויפן זעלביקן זומפּ, אָבער ער גיט די זומפּ־איינוווינערס קראַפט אויפצו־ הייבן זיך אויף די פליגלען פון געלעכטער איבער אים, איבער זיך גופא, און ער ברענגט זיי טרייסט טאַקע דורך דער דאָזיקער מעגלעכקייט אַריבערצושפּריגען איבער דעם אייגענעם קאָפּ.

*

שלום עליכמען האָלט מען פאַר אַ לייכטן שרייבער. און דאָס איז ריכטיק. אָבער די דאָזיקע לייכטקייט איז נישט קיין פועל־יוצא פון דעם, וואָס ער איז נישט פּולוואָגיק; ער איז לייכט דערפאַר, ווייל ער פאַרמאָגט מעכטיקע פליגל און ער שוועבט לייכט און גראַציעז, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אין זיינע בעסטע ווערק איז ער פּולוואָגיק און טיף.

אין דער אויבן־דערמאָנטער פאָעמע־דערציילונג „די גרויסע בהלה פון די קליינע מענטשעלעך״, וואָס אויפן ערשטן בליק איז זי אַזוי לייכט, באַקומט אָן אויסדרוק — אין אַ גראַציעזער הומאָריסטישער פאָרעם — די טאָפּלטע ייִדישע טראַגעדיע, די טראַגעדיע פון אונדזער לעבן און די טראַגעדיע פון די קעגנזייטיקע באַציִונגען אונדזערע מיט דער גרויסער וועלט.

„קאַסרילעווקע, דאַרפט איר וויסן, ווי קליין און אָרעם און עלנט און פאַר־ וואָרפן דאָס זאָל נישט זיין, איז דאָך געבונדן מיט דער גאַנצער איבעריקער וועלט, ווי מיט אַ מין דראָט אַזעלכן, וואָס אַז מע גיט אַ קלאַפּ אין איין עק, גיט זיך עס אָפּ באַלד אין אַנדערן עק!... אַ חידוש איז מיר נאָר אויף איין זאַך: פאַר וואָס פילט קאַסרילעווקע אַלעמענס צרות מיט אַלעמענס ווייטיקן פון דער גאַנצער וועלט, און

קיינער, קיינער פֿילט נישט דעם ווייטיק פֿון קאַסרילעווקע; קיינער, קיינער אינטע־רעסירט זיך נישט מיט די קאַסרילעווקער? דאָס קאַסרילעווקע איז עפּעס אַ מין שטיפֿקינד ביי דער וועלט, וואָס ביי איין אומגליק, חלילה, ביי אַ חולה מסוכן אין שטוב דערפֿילט עס פֿריִער פֿון אַלעמען, ווערט אויסגעריסן מער פֿון אַלעמען, טאַנצט אַרום, שלאָפֿט נישט קיין נעכט, קריכט אין דער ערד אַריין, שונאי ציון! און זאָל דאָס שטיפֿקינד פֿאַלן פֿון די פֿיס און אַליין קראַנק ווערן, מעג זיך עס ליגן, נישקשה, אַליין ערגעץ אין דער קרענק, אין אַ ווינקעלע, גלייַען ווי אַן אויוון, אויסגיין פֿון הונגער, חלשן אַ טרונק וואַסער — קיינער, זייט זיכער, וועט זיך אויף דעם נישט אַרומקוקן...״

ס׳אַראַ משא עס ליגט אין און צווישן די דאָזיקע לייכטע, טרעפֿלעכע ווערטער, וואָס זיינען פֿול מיטן טיפֿסטן זין און טיפֿסטן אמת (ווער קען דאָס נאָך פֿילן אַזוי ווי מיר, דער חורבן־דור!). און דאָס אַלץ ווערט דערגרייכט מיט אַזעלכע פּרימי־טיווע מיטלען, אויף אַזאַ לייכטן אופֿן!

צו שלום עליכמס טיפֿסטע דערציילונגען געהער אויך די דערציילונג „דרייפֿוס און קאַסרילעווקע״.

אַ חוץ דעם וואָס דאָס איז אַ טיף־ייִדישע דערציילונג לויט דעם טרעפֿלעכן שילדערן די ייִדישע תנועות און לויט דעם טרעפֿלעכן איבערגעבן די ייִדישלעכע ריידנאַרטן, איז זי אויך עכט־ייִדיש לויט דער טיפֿקייט פֿונעם אַריינדרינגען אין דער ייִדישער פּסיכיק, אינאיינעם פֿון די ספּעציפֿישע שטריכן פֿון דער ייִדישער פּסיכיק — אינעם ליידנשאַפֿטלעכן גלייבן אינעם טריומף פֿונעם אמת, אין דער ייִדישער אייגנשאַפֿט פֿון באַציִען זיך צום אמת, ווי צו דער העכסטער גאָטהייט.

צוערשט, ווען עס דערגייט צו די קאַסרילעווקער ייִדן די ידיעה וועגן דרייפֿוסן דורך דעם איינציקן צייטונג־אַבאָנענט אין קאַסרילעווקע, זיידל („ער, זיידל, לייענט זיי און זיי פֿאַרטייטשן; ער דערציילט און זיי לערנען דעם פּשט; ער זאָגט וואָס עס שטייט, און זיי דרינגען אָפּט פֿאַרקערט, וואָרעם ז יי פֿאַרשטייען בעסער״. צי דען איז מעגלעך בעסער און קירצער צו כאַראַקטעריזירן דעם ייִדישן צוהערער און לייע־נער?), האָבן די קאַסרילעווקער קיין רחמנות נישט אויף אים, — פֿאַרקערט, זאָל ער נישט קריכן צו הויך. רעכט אויף אים! ווען עס דערגייט צו זיי די ידיעה, אַז ער איז אַ קרבן פֿון אומרעכט, הייבן זיי שוין אָן זיך אויפֿצורעגן; אָבער ווען דער ענין דרייפֿוס דערגייט ווידער צום געריכט און דרייפֿוס ווערט ווידער פֿאַרמישפּט, איז קאַסרילעווקע אויסער זיך, — עס ברעכט דאָרט אויס אַ שטורעם. „סע קען נישט זיין!... סע קען נישט זיין אויף דער וועלט אַזאַ מישפּט!״

„בהמות! — שרייט נעבעך זיידל — נאַט, זעט וואָס סע שטייט אין בלאַט״.

„בלאַט־שמאַט! — שרייט קאַסרילעווקע. (זי וויס דאָך בעסער — י. ר.). און אַז דו וועסט זיך שטעלן אָט דאָ מיט איין פֿוס אויפֿן הימל און מיט דעם אַנדערן

אויף דער ערד, וועלן מיר דיר גלייבן? ס׳איז אַ זאַך, וואָס עס קען נישט זיין! עס קען נישט זיין!... עס קען נישט זיין!...״

נישט געקוקט אויף דער הערפּאַרונג פון לאַנגע יאָרהונדערטער, וואָס איבער־צייגט, אַז ד אָ ס ק ע ן י אָ ז י י ן, פאַרבלייבט קאַסרילעווקע ביי איר אָפּ־טימיזם, ווי נאָר עס דערגייט צו גערעכטיקייט.

און שלום עליכם פאַרענדיקט לאַקאָניש זיין מייסטערהאַפט־פּשוטע דערציילונג — וואָס דערהייבט זיך אין איר פּשטות צו רעאַליסטישער סימבאָליק, — מיט אַן ענטפער אויף די געשרייען פון די קאַסרילעווקער ייִדן: „עס קען נישט זיין״ —

„אַ סימן, ווער איז געווען גערעכט?״

סוף כל סוף — די ייִדן...

וואָס שייך רעאַלער סימבאָליק, וואָס קומט צום וואָרט ווי דרך־אַגב, האָט שלום עליכם קיין גלייכן נישט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אין זיין אויבן־דערמאָנטער פּאָעמע „די גרויסע בהלה פון די קליינע מענטשעלעך״, וואָס שטעלט פאָר מיט זיך אַ מין קאָנדענסירטע ענציקלאָפּעדיע פון קאַסרילעווקע אין אירע פיזישע און גייס־טיקע אויסמעסטונגען, באַשרייבט שלום עליכם אויפן וויטערדיקן אופן דעם קאַס־רילעווקער בית־עולם:

„... אַ סך מצבות זיינען שוין לאַנג צעפאַלן, און אַ סך קברים זייגען שוין לאַנג פאַרוואַקסן מיט גראָז, און ציגן, די קאַסרילעווקער ציגן וואָס האָבן נישט וואָס צו עסן, שפּרינגען אַריבער דעם שוין לאַנג איינגעפאַלענעם פּאַרקאַן און פּאַשען זיך אויף דעם דאָזיקן גראָז, און ברעגען אַהיים פולע אייטערס מיט מילך, און די אָרעמע ייִדישע קינדער אין קאַסרילעווקע האָבן וואָס צו עסן, פון וואָס צו ציִען כוח... ווער ווייסט, ווי נאָענט עס זיינען געבונדן צווישן זיך די דריי מינים: דאָס אַלטע קאַסרילעווקער בית־הקברות, די דאָזיקע ציגן וואָס פאַשען זיך דאָ, און טאַקע זיי אַליין, במחילת כבודם, איך מיין די קאַסרילעווקער ייִדן?...״

קאַסרילעווקע ציט אירע לעבנס־זאַפטן — אַפילו די קערפּערלעכע — פון איר בית־הקברות. און דאָס אַלץ ווערט אונדז סוגערירט דורך אַ לייכטן, אַ טעכניש־אָרעמען, אָבער גלייכצייטיק גראַנדיעזן בילד. די קאַסרילעווקעס, וואָס זיינען גע־שטאָרבן פון הונגער, דערנערן מיט זייערע קערפּערס דאָס גראָז, מיט וועלכן עס דערנערן זיך די הונגעריקע קאַסרילעווקער קאָזעס, וואָס פון זייער זייט דערנערן זיי מיט זייער מילך די הונגעריקע קאַסרילעווקער קינדער.

איז דאָס דען נישט אַ גראַנדיעזער פאַנטעזיסטישער קרייזלויף, אַ טראַגישער, אָבער געהאַלטן אין שטילע טענער פון הומאָר?

נישט אומזיסט איז דער בית־הקברות אַן אמתער אוצר פאַרן ייִד, — נישט נאָר אין פיזישן זין און נישט נאָר אין גייסטיקן — אין אַלע הינזיכטן.

אין זיין אַריינפיר צום בוך וועגן „אַלט־ און ניי־קאַסרילעווקע״, — אַן אַריינ־פיר, וואָס טראָגט דעם נאָמען „די שטאָט פון די קליינע מענטשעלעך״, געפינט שלום

עליכם אַט־די ווערטער פאַר דער יראת־הכבודיקער ליבע פון די קאַסרילעווקעס צו זייער בית־הקברות: „איבערהויפּט בעמען זיך איבער די קאַסרילעווקער קליינע מענטשלעך מיטן אַלטן בית־עולם. דאָס אַלטע בית־עולם זייערס, כאָטש ס׳איז שוין פאַרוואַקסן מיט גראָז און מיט ביימלעך און כמעט אָן איין גאַנצער מצבה, האַלטן זיי דאָס פון דעסטוועגן פאַר אַ צירונג, אַ שיינדעלע, אַ רייכטום, און היטן דאָס אָפּ, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג. וואָרעם אַ חוץ וואָס דאָרטן ליגן זייערע אָבות־אבותיהם, רבנים, צדיקים, לומדים, מפורסמים, גרויסע לייט, — איז אַ סברה, אַז דאָרט געפינען זיך אַ היפּש ביסל קדושים נאָך פון דער היידאַמאַטשינע, פון כמעלניצקיס צייטן... אַט דאָס „הייליקע אָרט״ — דאָס איז זייער איינציק שטיקל אייגנס אויף דער וועלט, ווו זיי זיינען די איינציקע באַלעבאַטים, זייער איינציק שטיקל ערד, זייער איינציק שטיקל פעלד ווו עס שפּראָצט אַ גרעזל און עס וואַקסט אַ ביימל און די לופט איז פריש און עס אָטעמט זיך פריי...״

„גייט זיך דורך צו זיי ׳אויפן פעלד׳... און אויב איר זייט אַ מענטש פון התפעלות און באַגייסטערונג, וועט איר, באַטראַכטנדיק די דאָזיקע אָרעמע שטאָט מיט אירע רייכע בית־עולמס, זיך נישט קענען איינהאַלטן און איבערחזרן דעם אַלטן פּסוק: מה טובו — ווי גוט זיינען דיינע געצעלטן, יעקב! דיינע רו־ערטער, ישראל!״...

ס׳אַראַ טיפע, צאַרטע, עלעגישע איראָניע! ווי לייכט און גראַציעז שלום עליכם פליט אַריבער איבער די טראַגישסטע אָפּגרונטן, נישט אַריינפאַלנדיק אין זייערע שוואַרצע פּיסקעס, אָבער ער לעבט זיי דאָך איבער אין זייער גאַנצער טיפקייט.

עס וואָלט זיך געווען געלאָזט אומאויפהערלעך מערן דיביישפּילן, ווו שלום עליכם, דער דאָזיקער פלאַטערנדיקער הומאָריסט, איז טיף און אַזוי דורכזיכטיק אין זיין טיפקייט, אַז ער איז, דאַכט זיך, אַזוי נאָענט, כמעט אויבערפלאַכלעך.

ווען אַ וואַסער איז זייער טיף און דורכזיכטיק, ווען דער הימל איז טיף און דורכזיכטיק־בלוי, זעען זיי אונדז אויס נאָענט און פלאַך... מיט דער האַנט צו דערלאַנגען צום דעק... צו דער הויך...

די לעצטע קלאָרע טיפקייט איז נאָענט. נישט אומזיסט איז שלום עליכם אונדז נאָענט ווי אַ „נאָש בראַט״.

אַן אַלטע פּריווילעגיע פאַר אַלע גרויסע הומאָריסטן.

*

מע וואָלט אָבער באַגאַנגען אַן אומרעכט לגבי שלום עליכמען, ווען מע וואָלט געמיינט אַז ער פאַרקוקט טיף בלויז אין יידישן לעבן און אין יידישן גורל, — ער פאַרקוקט טיף אינעם כאַראַקטער פונעם מענטשן בכלל. אין דער דערציילונג „נישט פאַר קיין יידן געדאַכט׳׳ שטאַרבט אַן אַלטער פּראַצענטניק, וועמען דאָס גאַנצע שטעטל פלעגט צאָלן פּראָצענט יעדע וואָך מיט דער ר׳עגלמעסיקייט פון אַ נאַטור־געזעץ. זיין איידעם, זייד׳ל (וואַרשיינלעך דער זעלביקער וואָס אַבאַנירט אין „דרייפוס

אין קאַסרילעווקע" די העברעישע צייטונג „הצפירה"), רופט צונויף זיין שווערס אַלע בעלי־חובות און ער דערקלערט זיי, אַז ער קערט זיי אום די הלוואה־קוויטלעך, ווייל „לויט אַלגעברע" קומט שוין פון זיי קיין געלט נישט. די ייִדן זיינען אויסער זיך: „וואָס הייסט, עס קומט ביי אונדז קיין געלט נישט? וואָס הייסט מיר זיינען ריין?"

זיידל דערקלערט זיי אַז מיט פּראָצענט און מיט פּראָצענט אויף פּראָצענט האָבן זיי שוין זיבעצן מאָל אָפּגעצאָלט זייערע חובות, נאָך מיט אַ שמיצל אַריבער.

די ייִדן זיינען אויפגעקאָכט געוואָרן: דאָ ליגט עפּעס אַ מיין! „ער וויל אונדז קוילען! קוילען אָן אַ מעסער! רב שעיה, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן, האָט מיט אונדז געהאַנדלט אַזוי פיל יאָרן; זיין קעשענע איז פאַר אונדז תמיד געווען אָפן; קומט ער צו גיין איצט און וויל אונדז שטעלן אין דער בלאָטע!"

„נאַראָנים! — שרייט צו זיי זיידל — וואָס פאַר׳אַ נאַראָנים, בהמות איר זייט! מע זאָגט אייך, אַז איר זייט ריין, נישט פונעם קאָפּ זאָגט מען אייך, „על פּי אַלגעברע"!

„וואָס דערציילט ער אונדז פּזמונות: אַלגעברע! לאָמיר זיך פאַרלאָזן אויף מענטשן, לאָמיר פרעגן אַ רב".

„צום רב! צום רב!"

„מע זאָגט, אַז זיי האָבן געהאַט צווישן זיך אַ לאַנגן וויכוח. זיידל האָט אים אויפגעוויזן, אַז מע טאָר נישט נעמען קיין פּראָצענט, ווארעם על פּי חקירה איז פּראָצענט גזילה; אַ מענטש וואָס לעבט פון פּראָצענט, זאָגט ער, איז ערגער פון ערגער. עס קומט אויס, זאָגט ער, אַז אַלע דאַרפן האַרעווען. ווו־זשע איז יושר?"

„ר׳ יוזיפל, דער רב, האָט זיך אַפילו געפּרווט אים איבערשפּאַרן מיט ׳תקון מה"רם ז"ל, מיט ׳יושב העולם׳. אָן דעם וואָלט דאָך די וועלט קיין קיום נישט האָבן... האָט אים דערויף זיידל אָפּגעענטפערט אַז נאָך זיין שכל נאָך קומט אויס, אַז דער ׳קיום׳ איז גאָר קיין קיום נישט..."

„וואָס איז דאָס פאַר אַ וועלט, — פרעגט ער ביי יוזיפל דעם רב, — אַז אויסכאַפּן אַ בייגל פאַר אַ גראָשן, בשעת איך בין הונגעריק, הייסט געגזלט, און אָפּראַבעווען אַ שטאָט מיט אַלמנות, מיט יתומים, צונעמען ביי זיי דעם לעצטן ביסן, הייסט דאָס ׳ישוב העולם, אָן דעם וואָלט דאָך די וועלט קיין קיום נישט האָבן׳..."

און היות זיידל לייענט דאָך אַ טעגלעכע צייטונג, בלייבט ער נישט ביי ביי־שפּילן פון קאַסרילעווקע, — ער ברענגט ראיות פון דער ברייטער וועלט...

„ס׳איז אַ יושר? — מאַכט ער צו ר׳ יוזיפל, דעם רב, און נעמט אים אָן ביי דער לאַץ פון דער קאַפּאָטע. — ס׳איז אַ יושר? אָט פאָרט אַרום דער אַלטער ק ר י ג ע ר נעבעך, דער מלכות פון די בויערן, קלאַפּט אין אַלע טירן, בעט רחמים, מע זאָל רחמנות האָבן אויף זיין אָרעם לאַנד; ער וויל נישט מער נאָר אַ דין־תורה, ער וויל זיך פאַרלאָזן אויף מענטשן, וואָס מענטשן וועלן פּסקענען. זאָגט דער: ער וויל זיך נישט מישן, און דער זאָגט: סע פּאַסט אים נישט פאַר יענעם... דערווייל גיסט זיך בלוט. ווו איז יושר, פרעג איך אייך, ווו איז מענטשלעכקייט? און איר

זאָגט מיר גאָר 'ישוב', 'מינהג העולם', דער קיום פון דער וועלט... אַ שיינעם קיום, אַ שיינע וועלט..."

און דער סוף? דער רב דערשרעקט זיך אַזש פאַר אַזעלכע שאלות און שיקט זיידלען אַפּ אַהיים און זאָגט דעם עולם, אַז דער דאָזיקער זיידל איז אַ ווילער מענטש. אַ דעליקאַטער, אַן ערלעכער, נאָר... און דער רב ווייזט מיטן פינגער אויפן שטערן.

און אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיט זיידלען איז געשען אַן אומגליק.

נישט שוין־זשע איז אַזוי בלויז אין קאַסרילעווקע? צי דען זיינען נאָר די קאַסריליקעס גרייט צו צאָלן אַ לעבן לאַנג אַ פּראַצענטניק פּראָצענטער און פּראָצענטער אויף פּראָצענטער אָן שום טענה ומענה, אָבער ביים ערשטן פּרווו איבערצורייסן זייער נאַרמאַלן, איין מאָל פאַר אַלע מאָל איינגעשטעלטן לעבנסגאַנג, זיינען זיי גרייט צו צעבונטעווען זיך קעגן אַלע מינים זיידלס? צי דען שמט אַזאַ זיידל פאַר אַ משוגענעם נאָר אין קאַסרילעווקע?

אין דער דאָזיקער דערציילונג, פּונקט ווי אין אַ סך אַנדערע, פאַרברייטערט קאַסרילעווקע אירע גרענעצן ביז אוניווערסאַלקייט, און זיידל ווערט נישט נאָר אַ קאַסרילעווקער סימבאָל...

*

עמעץ האָט געזאָגט, אַז חכמים און קינדער ווייסן דעם אמת. און היות ווי גרויסע הומאָריסטן זיינען חכמים, איז זיי נאָענט די וועלט פונעם קינד. דיקענס איז געווען דער פּאָעט פון קינדער, מאַרק טווען האָט באַזונגען די קינדערשע וועלט, און שלום עליכם האָט אַנטפּלעקט דאָס יִדישע קינד.

מענדעלע האָט געזאָגט, אַז עס זיינען נישטאָ קיין יִדישע קינדער, — עס זיינען דאָ נאָר קליינינקע יִדעלעך. ער האָט געשילדערט די דאָזיקע קליינע יִדעלעך אָן אַ קינדהייט און אָן קינדישע פרייַדן — די דאָזיקע קליינינקע יִדעלעך, וואָס שיידן זיך אונטער פון די גרויסע בלויז דורך די יאָרן און מיט דעם, וואָס זיי האָבן נישט קיין בערד, קיין ווייבער און קיין קינדער.

קינדער זיינען דער גרויסער גליק־שאַנס פון יעדן פאָלק, פון דער מענטשהייט בכלל. דער נייער, יונגער דור קען אַ קער טאָן דאָס לעבן אין אַן אַנדער ריכטונג, אָנהייבן אַ נייעם „בראשית". און שלום עליכם האָט אַנטדעקט דעם גרויסן שאַנס אויך פון יִדישן פאָלק — די קינדער. שטעלט זיך אַרויס, אַז מיר פאַרמאָגן נישט נאָר קליינע יִדעלעך אָן בערד, נאָר עכטע קינדער, מיט אַן עכטער פרייִדיקער קינדהייט און פרייִדיקע קינדערשע יום־טובים. אויב שלום אַש האָט אַנטדעקט, אַז אַ חוץ אַ „בית־המדרש־געסל" פאַרמאָגט אונדזער לעבן אויך אַ „קוילער־געסל", אַז אַ חוץ גייסט, פאַרמאָגן מיר נאָך אויך

אַ גוף, — האָט שלום עליכם אַנטדעקט, אַז אונדזער קאַסריל עווקע פּאַרמאָגט אויך אַ „קינדער־געסל״, אַז אויך מיר האָבן אַ גליק־שאַנס, — צוגלייך מיט אַלע פעלקער אויף דער וועלט, — אָנצוהייבן פון ס׳ניי מיט באַנייטע כוחות, מיט אַ נישט אויסגעשעפּטן קוואַל פון פרייד.

וואָס פאַר׳אַ געזונטע, אוממיטלבאַרע לעבנס־פרייד עס שלאָגט פון די דאָזיקע קליינע עכט־קינדערישע העלדן פון שלום עליכמס צאָלרייכע יום־טוב־דערציילונגען! און נישט נאָר אין די יום־טובים, — צי דען לעבט נישט מאָטל פּייסי דעם חזנס, דער יתום, מיט אַ פול, פילפאַרביק קינדעריש לעבן אַפילו אין די וואָכן־טעג, אין זיין אויסערסטער מאַטעריעלער נויט?

שטעלט זיך אַרויס, אַז מענדעלע, דער דאָזיקער סקולפּטאָר פון וואָרט, האָט געזען בלויז די קינדערישע פּאַותלעך, יאַרמולקעס, קאַפּאָטקעלעך, דאָס גיין אין חדר און אין שול, דאָס אויספירן אַלע תרי״ג מיצוות, בעת שלום עליכם האָט אַריינ־געקוקט אין די קינדישע אויגן וואָס אונטער דער יאַרמולקע, אין די קינדישע הער־צער אונטער דער קאַפּאָטקעלע, און האָט דאָרט דערזען אַ גאַנצע וועלט, וואָס איז נישט צוטריטלעך פאַר די אַלטע ייִדן, אַפילו אַזעלכע ווי מענדעלע מוכר ספרים.

און נישט נאָר אין די אויגן און אין די הערצער פון די קינדער האָט שלום עליכם פאַרקוקט מיט זיין דורכדרינגענדיקן בליק, — ער האָט זיך אויך נישט געפוילט נאָכצוגיין די קינדער אין פעלד אַריין, זיך דורכצולויפן מיט זיי איבער דער גאַס, אַ שפּיל טאָן צוזאַמען מיט זיי מיט אַ יונג קעלבעלע, מיט אַ הינטעלע...

פּרץ האָט אַנטדעקט פרייד, שיינקייט און לעבנספולקייט ביי מענדעלעס דער־וואַקסענע ייִדן; שלום עליכם — ביי מענדעלעס קליינע ייִדעלעך.

*

אָבער מאָטל פּייסי דעם חזנס איז נישט סתם איינער פון יענע קינדער, וואָס שלום עליכם האָט זיי אַזוי ליב געהאַט. ער איז עפּעס מער ווי סתם אַ קינד.

איך האָב שוין אויבן געזאָגט, אַז „וואָס שייך רעאַלער סימבאָליק וואָס קומט צום וואָרט ווי דרך־אַגב, האָט שלום עליכם קיין גלייכן נישט אין דער ייִדישער ליטעראַטור״. און אויב דאָס איז גילטיק פאַר די געשטאַלטן פון מנחם מענדלען און טביהן, איז דאָס אויך גילטיק פאַר דער רעאַלער געשטאַלט פון זיין מאָטל פּייסי דעם חזנס: ער איז אַ פולבלוטיקער, רעאַלער סימבאָל פון דער לעבנס־לוסט און פון דער לעבנס־פעיִקייט פון ייִדישן פאָלק, וואָס האָט נישט פאַרלוירן, — נישט געקוקט אויף אַלע שווערע פּרוּוונגען פון זיין גורל, — יענע פרישקייט פונעם געפיל, וואָס איז אַן ערבות פאַר אויפלעבונג.

אינעם ייִדישן מאָטל איז די ערבות פאַר אונדזער לעבנס־פעיִקייט.

מאָטל פּייסי דעם חזנס איז אפשר שלום עליכמס ליבסטער העלד. מע קען אַפילו זאָגן, אַז דער קליינער מאָטל איז דער גרויסער שלום עליכם גופא.

הונדערטער באַפליגלטע שלום־עליכם־ווערטלעך זיינען געוואָרן שפּריכווערטער. אָבער דאָס כאַראַקטעריסטישסטע שפּריכוואָרט פאַר שלום עליכמס לעבנסגעפיל און פאַר זיין שאַפן איז דאָס באַפליגלטע ווערטל פון מאָטל פייסי דעם חזנס: „מיר איז גוט — איך בין אַ יתום“. גיט צו דעם דאָזיקן אומשולדיקן קינדישן אויסברוך פון הומאָר און אומפאַרטיליקבאַרער לעבנס־פרייד פון אַ קינד דעם באַוווסטזיין פון אַ דערוואַקסענעם הומאָריסט — און איר האָט פאַר זיך די גאַנצע אייגנאַרטיקייט פון שלום עליכמס הומאָר. מאָטל זויגט אַרויס אומבאַוווסטזיניק די לעבנספריידיקע זאַפטן פון זיין יתומשאַפט; שלום עליכם זעט די יתומדיקייט פון ייִדישן לעבן, אָבער ער שוועבט באַוווסטזיניק איבער אונדזער יתומדיקן צושטאַנד אויף די מאַכטיקע פליגל פון זיין הומאָר. ער פאַרוואַנדלט אונדז אין מאָטלעך, ער טראָגט אונדז אַריבער איבערן תהום פון אונדזער לעבן אינעם גן־עדן פון קינדישער זאָרגלאָזיקייט. ס׳אַראַ פאַרגעניגן! ס׳אַראַ געטלעכער זיס־ביטערער געשמאַק!

איך געדענק: אין דער פריִער קינדהייט, ביים לייענען גאָגאָלן, מאַרק טוועניען און דיקענסן, פלעג איז ריידן מיטן לערער וועגן דעם אַז כ׳וויל שרייבן אַן „אויפזאַץ“ וועגן די מערקווערדיקע אונטערשיידן צווישן די דאָזיקע דריי הומאָריסטן. אין וואָס די דאָזיקע אונטערשיידן באַשטייען איז מיר דאַן געווען שווער צו זאָגן (און אויך היינט וואָלט מיר דאָס געווען גאַנץ שווער), — ליגט דאָך דער דאָזיקער אונטערשייד אין דער אַנדערשקייט נישט נאָר פון די דאָזיקע דריי מענטשן, נאָר אויך פון די דריי פעלקער, פון זייערע כאַראַקטערן ,פון זייערע גורלות, פון זייערע געשיכטלעכע דערפאַרונגען און היינטיקע באַדינגונגען. און אָט־אָ־די דאָזיקע אַנונג, אַז אין די דריי שרייבערס וואָס לאַכן און מאַכן לאַכן, שפּיגלען זיך אָפּ דריי פאַרשידענע וועלטן, איז געלעגן דער צויבער פונעם פאַרגלייך, וואָס האָט געשוועבט פאַר מיר און מיך געגרייצט. אָבער ערשט דאַן, ווען איך האָב זיך באַקענט מיט שלום עליכמען, איז מיר קלאָר געוואָרן, אויף ווי ווייט איין הומאָריסט קען זיין נישט ענלעך אויפן צווייטן. ביי קיין שום הומאָריסט אויף דער וועלט קען מע נישט שפּירן אַזאַ געשמאַק, ווי ביי שלום עליכמען. און עס איז פאַרשטענדלעך: צי דען איז דאָ נאָך אַ פאָלק אויף דער וועלט, וואָס וואָלט געקענט שעפּן זעלבסטאָפּלאַכערישע פרייד אינעם ווערטל: „מיר איז גוט — איך בין אַ יתום“!?

וואָס טוט שלום עליכם מיט זיין מאָטל דעם יתום? ער טיילט אים איין די גאַנצע אָרעמקייט און די גאַנצע פּיין פון אַ קאַסרילעווקער פאַמיליע, צווינגט אים צו פאַרנעמען זיך מיט אַלע מנחם־מענדלשע פּראָפעסיעס פון קאַסרילעווקע (מנחם מענדל איז געווען אַ מנחם־מענדל אויך אין קאַסרילעווקע, הגם ערשט אין יהופּעץ האָט ער פונאַנדערגענומען זיינע אָדלערשע פליגל אין דער פאַנטאַזיע און זיינע היינערשע — אין דער ווירקלעכקייט): ער פאַרקויפט קוואַס מיט זייף־וואַסער; ער נעמט אָנטייל אין פאַרפלייצן קאַסרילעווקע מיט טינט און גאַנץ קאַסרילעווקע, צוזאַמען מיט די קאָזעס, ווערט שוואַרץ, אַפילו דאָס טייכל האָט זיך איבערגעפאַרבט

אויף שוואַרץ; ער פּאַרקויפט אַ פּראַשעק קעגן מייז און גאַנץ קאַסרילעווקע ביסט. דערנאָך נעמט שלום עליכם מאָטלען און פירט אים מיטן וועג פון דער יידישער פיל־געפייניקטער עמיגראַציע דורך גאַנץ אייראָפּע קיין אַמעריקע, און וויזט אונדז — מיט מאָטלס אויגן — די „גאָלדענע בערג“ פון אַמעריקע.

ווי מיר זעען, טוט מאָטעלע דאָס, וואָס שלום עליכם אַליין האָט געטאָן: ער גיט אין קווערשניט דאָס יידישע לעבן פון דער הויך פון אַ הומאָריסטישן לעבנס־געפיל. מאָטעלע פאַרוואַנדלט דאָס יידישע לעבן אין אַן אייביקן יום־טוב פון פרייד, הגם ער פאַרבט נישט צו דאָס דאָזיקע לעבן: ער גיט עס מיט אַלע זיינע טראַגעדיעס און טראַגי־קאָמעדיעס, אָבער אין דער אַטמאָספער פון הומאָר פאַרלירט עס זיין דריקנדיקע שווערקייט און עס ווערט לייכט. דאָס זעלביקע האָט אָבער געטאָן אויך שלום עליכם, אָבער ער איז נישט געבליבן צופרידן מיט זיך: פון זיין שמייכל גלאַנצן אַרויס טרערן — פּאַרט אַ דערוואַקסענער קאַסריליק. און דעריבער האָט דער דאָזיקער מייסטערהאַפטער דערציילער פאַר קינדער (וועלכער האָט געגעבן אונדזערע קינדער כמעט די איינציקע עכטע ליטעראַטור פאַר קינדער) זיך פאַר־קערפערט אין אַ קינד, אין מאָטעלע דעם יתום, כדי צו באַשרייבן אונדזער לעבן, ווי עס ווערט אויפגענומען דורך די ליכטיקע אויגן פון אַ קינד. אָבער היות שלום עליכם באַמיט זיך צו זען דאָס יידישע לעבן מיט די אויגן פון מאָטעלען, טרעפט אַ מאָל אויך אַז מאָטעלע זעט דאָס יידישע לעבן מיט די אויגן פון שלום עליכמען: שלום עליכם איז געוואָרן דאָס קינד מאָטעלע, אָבער מאָטעלע ווערט צייטנווייז דער דערוואַקסענער שלום עליכם.

אַ דרייסטער איינפאַל! אונדזער לעבן — מיט די ליכטיקע אויגן פון אַ קינד! אָבער — אָ, וווּנדער איבער וווּנדער! — דאָס איז אים געלונגען. דאַכט זיך, אַז דאָס איז אונדזער לעבן, מיטן אַקוראַט, אָבער דאָך — אין גאַנצן אַן אַנדערש, אַן אומאויפהערלעכער פריילעכער יום־טוב, וואָס אַפילו די אָרעמע יתומדיקייט קען עס נישט צעשטערן: „מיר איז גוט — איך בין אַ יתום!“

*

פונעם מענטשלעכן קינד ביזן קינדישן מענטשן איז בלויז איין טריט, און שלום עליכם האָט געמאַכט דעם דאָזיקן טריט צו — טביה דעם מילכיקן.

ביי שלום עליכמען זיינען דאָ צוויי קאַפּיטאַלע טיפּן — מנחם מענדל און טביה דער מילכיקער. מנחם מענדל איז שוין געוואָרן אַ שם נרדף — דאָס יידישע פאָלק האָט אין אים דערקענט זיין אייגענע אָפּשפּיגלונג, דעם קיניג פון קאַסרילעווקע.

טביה אָבער, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער איז על פי רוב אַ טיפּישער ייד, אַ קאָלעקטיווער טיפּ, וואַקסט אָפּט אויס צו אַן אינדיווידועלער פּערזענלעכקייט. גאַנץ קאַסרילעווקע איז איין גרויסער מנחם מענדל, אָבער אין גאַנץ קאַסרילעווקע קען מען אָפּט געפינען בלויז איין גרויסן טביה.

און ס׳איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן אַז מנחם מענדל, ווי מיר דערוויסן זיך פון דער צווייטער טביה־דערציילונג, איז טביהס אַ קרוב. און נישט נאָר אַ קרוב לויטן בלוט, נאָר אויך נאָך דעם גייסט, ווי מע קען דאָס זען טאַקע פון דער זעל־ביקער צווייטער טביה־דערציילונג (אָבער נישט נאָר פון איר) וואָס טראָגט אַן עכט מנחם־מענדלשן נאָמען „אַ בוידעם״. דער דאָזיקער „בוידעם״ געהער אויך טביהן, מנחם מענדלס שותף צום „גאָלדענעם געשעפט״. טביה לאָזט זיך איינריידן, זוערט אַ שותף צו מנחם מענדלס בירזשע־אָפּעראַציעס, אָבער ער הערט זיך צו נישט נאָר צו זיין קרוב, נאָר אויך צו דער שטים פון זיין אייגענעם האַרצן, וואָס דופט צו „גאָלדענע בערג״, וואָס טרייבט אים צו מנחם מענדלשע חלומות. און דאָס איז קאָנטיק אויפן שטח פון גאַנצן טביה־בוך.

אָבער דער אונטערשייד צווישן מנחם מענדלען און טביהן באַשטייט נישט נאָר אין דעם, וואָס טביה באַגרייפט תיכף ומיד אַז ער האָט זיך באַנאַרישט, אַז ער איז אַן אייזל, נאָר אויך אין דעם, וואָס אין אים זיצט בלויז אַ טייל פון מנחם מענדלען, און אַראָפּפאַלנדיק פון זיין מנחם מענדלשן פלי, געפינט ער תיכף אַ פעסטן באָדן אונטער זיינע שטאַרקע פיס: דעם באָדן פון אַן ערלעכן כאַראַקטער און פון אַ פיקחותדיקן האַרעפּאַשניק.

מנחם מענדל איז אַ הויקער, וואָס נאָר דער קבר וועט אים אויסבעסערן; טביה קען בלאָנדזשען, אָבער ער וועט תמיד גלייך צוריק געפינען דעם ריכטיקן וועג. ניין, נישט אומזיסט איז טביה מנחם מענדלס אַ קרוב, — ער איז ווי די צווייטע זייט — די האָפענונג־זייט — פון אונדזער קאָלעקטיוון מנחם מענדל.

מנחם מענדל איז אַ קאָמישע פּערזאָן, וואָס רופט אַרויס ביי אונדז געלעכטער מיט זיין אומגעלומפּערטקייט; טביה אָבער איז אַ מענטש מיט אַן אַנטוויקלטן חוש פאַר הומאָר, אַ מענטש, וועלכער איז פעיִק צו באַמערקן אונטער מנחם מענדלס קאָמיזם זיין טראַגיזם און זיך דערהייבן איבער אים, ווען ער דערהייבט זיך אויף די פליגלען פון הומאָר (זיך דערהייבן דורך דעם אויך איבער זיין אייגענער מנחם מענדלשער טייל).

טביה איז שלום עליכמס מענטשלעכסטער העלד. נישט אומזיסט איז זיין בוך „טביה דער מילכיקער״ דאָס רייפסטע און רייכסטע פון זיין גאַנצער רייכער ירושה (אפשר מיטן אויסנעם פון דער אויטאָביאָגראַפיע — „פונעם יאַריד״). בלויז דורך אַזאַ טיפּ ווי טביה, האָט שלום עליכם געקענט ברענגען צום אויסדרוק זיין גאַנצע טיפקייט און דאָס גאַנצע ליכטיקע לעבנס־געפיל זיינס.

די קאָנסטרוקציע פון „טביה דער מילכיקער״ איז זייער אַ פשוטע: טביה דער־ציילט שלום עליכמען עטלעכע עיקרדיקע עפּיזאָדן פון זיין לעבן, באַזונדערס די צרות וואָס ער האָט געהאַט פון זיינע טעכטער: איין טאָכטער האָט חתונה פון ליבע פאַר אַן אָרעמען שניידער, הגם זי קען נעמען פאַר אַ מאַן אַ רייכן קצב; די צווייטע טאָכטער האָט חתונה מיט אַ רעוואָלוציאָנער און פאָרט אים נאָך קיין סיביר; די

דריטע טאָכטער שמדט זיך, ווייל זי האָט זיך פאַרליבט אינעם דאָרפס־שרייבער; די פערטע ענדיקט מיט זעלבסטמאָרד, ווייל זי האָט זיך פאַרליבט אין אַ מאַמעס אַ זונדל מיט אַ שוואַכן כאַראַקטער, און די רייכע מאַמע איז נישט מסכים אויף אַ מעזאַליאַנס; מיט דער פינפטער טאָכטער געשעט אויך אַן אומגליק — זי האָט חתונה פאַר אַ רייכן גרוביאַן און באַגייט אַ מאָראַלישן זעלבסטמאָרד — זי טויט אירע געפילן.

און היות דער דאָזיקער איידעם־גרוביאַן וויל פּטור ווערן פונעם אָרעמען שווער, שיקט ער אַרויס טביהן קיין ארץ־ישראל.

שלום עליכם האָט דערנאָך צוגעשריבן נאָך צוויי דערציילונגען וועגן טביהן (דאָס זעלביקע האָט ער געמאַכט מיט מנחם מענדלס בריוו). — אַגב אורחא וועגן דעם, ווי אַזוי מען שיקט אים אַרויס פון דאָרף; אָבער דער לעבעדיקסטער טייל פון בוך באַשטייט פון זיינע דערציילונגען וועגן גורל פון די טעכטער.

פאַר זיך גופא זיינען די דאָזיקע געשעענישן וואָכעדיק, אָבער אַ דאַנק זיי האָט שלום עליכם דערגרייכט צוויי צילן: יעדע געשעעניש מיט זיינער אַ טאָכטער עפנט אויף פאַר אונדז אַן עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג אָדער אינעם פונאַנדערפאַל פון אונדזער פאַטריאַרכאַלן לעבנס־שטייגער. דאָס, וואָס זיין צייטל האָט חתונה פון ליבע, איז פאַר טביהן אַ קלאַפּ, אַן אומבאַגרייפלעכע געשעעניש: „זיי האָבן זיך געגעבן דאָס וואָרט אַז זיי זאָלן זיך נעמען? נו, און ווו בין איך?... אַ בחור באַגעגנט זיך מיט אַ מיידל און זאָגט צו איר: לאָמיר זיך געבן דאָס וואָרט, אַז מיר זאָלן זיך נעמען... עפּעס גלאַט הפקר־ציבעלעס...“

נאָך ווייניקער באַגרייפלעך פאַר אים איז די האַנדלונג פון זיין האָדל: חתונה האָבן פאַר עפּעס אַ „פּעפּערל“ און פאַרן — אויפן האַניק־חודש — קיין סיביר!

צום בעסטן האָט די אויבן־דערמאָנטע באַדייטונג פון „טביה דער מילכיקער“ דעפינירט טביהס לעצטע טאָכטער — ביילקע, וועלכע האָט חתונה געהאַט פאַרן רייכן גרוביאַן. ערשט איצט זעט טביה איין, אַז צייטל און האָדל האָבן געהאַנדלט בעסער פאַר זיין „מיזינקע“. און ווען טביה זאָגט עס זיין טאָכטער, ענטפערט זי אים:

„... צו האָדלען, זאָגט זי, זאָלסטו מיך, זאָגט זי, נישט גלייכן. האָדל איז געווען, זאָגט זי, אין אַזאַ צייט, ווען די גאַנצע וועלט, זאָגט זי, האָט זיך געוויגט, זאָגט זי, געהאַלטן אַט־אַט ביי איבערקערן זיך, האָט מען זיך געזאָרגט, זאָגט זי, פאַר דער וועלט, און זיך האָט מען פאַרגעסן; און איצט, זאָגט זי, אַז די וועלט איז אַ וועלט, זאָגט זי, זאָרגט זיך יעדער פאַר זיך און די וועלט האָט מען פאַרגעסן...“

דאָס איז דער ערשטער ציל פון „טביה“ — ווייזן דאָס יידישע לעבן אין דער פריזמע פונעם גורל פון טביהס טעכטער.

דער צווייטער ציל באַשטייט אין געבן אַ מעגלעכקייט אַרויסצוברענגען די גאַנצע טיפקייט און ריינקייט טביהס, איינעם פון די סימפּאַטישסטע העלדן אין

אונדזער ליטעראַטור, — אַ העלד, אין וועלכן דאָס אינדיווידועלע הייבט זיך אָן אַדורכצושלאָגן דורך דעם קאָלעקטיוון (שטייענבלייבנדיק אין מיטן וועג). אין דער צווייטער דערציילונג פון דער דאָזיקער סעריע, אין „אַ בוידעם", האָבן מיר שוין געזען, ווי מענטשלעך ער רעאַגירט אויף זיין אומגליק ביים באַגעגענען מנחם מענדלען, וועלכער האָט אַוועקגעלאָזט מיטן רויך פון דער בירזשע זיינע, טביהס, בלוטיקע הונדערט רובל. און די דאָזיקע מענטשלעכקייט וואַקסט מיט יעדער דערציילונג און זי פאַרוואַנדלט צייטנווייז דעם דאָזיקן דאָרפישן ייִדן אין אַן אימפּאָנירנדיקער פּערזענלעכקייט.

אינעם דאָזיקן טראַדיציאָנעל־דענקענדיקן ייִדן, אינעם ייִדן פון קאָלעקטיוון טיפּ, הייבט זיך אָן צו אַנטוויקלען אַן אינדיווידועלע פּערזענלעכקייט, אַ זעלבשטענדיק־דענקענדיקער מענטש, וואָס רעאַגירט נישט רעפלעקטיוו, ווי אַ קאָלעקטיווע באַשעפעניש, נאָר מיט זיין אינדיווידועלן געוויסן, — דעם דאָזיקן שענסטן בלימל אויפן פּרוכטבאַרן פעלד פון קאָלעקטיוון מאָראַלישן באַוווסטזיין.

ביי יעדן צוזאַמענשטויס מיט זיינע טעכטער אָדער צוליב זיינע טעכטער, רעאַגירט טביה רעפלעקטיוו, מיטן קאָלעקטיוון באַוווסטזיין, לויט דער קאָלעקטיווער עטישער נאָרמע, אָבער תיכף וועקט זיך אין אים אויף זיין אינדיווידועלער געוויסן, זיין אינדיווידועל באַוווסטזיין. אין דער דערציילונג „האָדל", ווי מיר ווייסן שוין, קלייבט זיך טביהס טאָכטער נאָכצופאָרן איר מאַן קיין סיביר, און אָט פאַרבינדט זיך אַ קורצער אָבער טיפער שמועס צווישן טביהן און האָדלען (ווען שלום עליכם ווערט טיף, ווערט ער אויסטערליש לאַקאָניש. אָבער וועגן דעם וועט אויסקומען צו זאָגן עפּעס ווען מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אויף שלום עליכמען דעם קינסטלער, ווי אַ קינסטלערישע פּערזענלעכקייט).

„איך פרעג זי נאָר איין זאַך: ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַ מיידל זאָל נעמען און חתונה האָבן פאַר אַ בחור צוליב דעם, זי זאָל אים קענען נאָכגיין ערגעץ אין אַל די שוואַרצע יאָר? ענטפערט זי מיר: מיט 'אים' איז אַלץ איינס, אַפילו אין אַל די שוואַרצע יאָר... גיב איך איר געוויינטלעך צו פאַרשטיין מיטן שכל, ווי נאַריש דאָס איז. גיט זי מיר צוריק צו פאַרשטיין מיט  א י ר  שכל אַז איך וועל דאָס קיין מאָל נישט פאַרשטיין".

אָבער האָדל איז נישט גערעכט: טביה פאַרשטייט זי. שוין דאָס אַליין וואָס ער רעדט וועגן דעם שכל פון זיין טאָכטער, באַווייזט, אַז ער לאָזט צו דעם געדאַנק וועגן אַ צווייטן אָדער אַ צווייטנס אמת. נישט נאָר האָדל פאַרשטייט די טראַגעדיע פון צווייטן צד, — אויך טביה נעמט אויף, — אויב נישט אין זיין מוח, איז אין זיין האַרצן, — די טראַגעדיע פונעם קאַמף צווישן טאַטעס און קינדער. און איך ספק צי האָט עמעצער ווען עס איז קירצער און בולטער און שענער אויסגעדריקט די טראַגעדיע פון די „פאָטערס" און פון די „קינדער", ווי שלום עליכם האָט דאָס געטאָן אין טביהס „האָדל":

ווען האָדל וויל אַוועקוואַרפֿן טאַטע־מאַמע און פֿאָרן נאָך איר פּעפּערל קיין סיביר, גיט איר טביה „אַ משל מיט אַ הון, אַ קוואָקע, וואָס האָט אויסגעזעסן קאַטש־קעלעך. די קאַטשקעלעך האָבן זיך נאָר אויפֿגעכאַפּט אויף די פֿיסלעך, האָבן זיי זיך געלאָזט אויפֿן וואַסער, און די קוואָקע נעבעך קוואָקעט". און ער פֿרעגט זיין האָדל: „וואָס, זאָג איך, וועסטו זאָגן, זאָג איך, דערויף, טאָכטער לעבן?" ענטפֿערט אים האָדל: „וואָס, זאָגט זי, זאָל איך דערויף זאָגן? ס'איז אַוודאי אַ רחמנות, זאָגט זי, אויף דער קוואָקע; נאָר צוליב דעם, זאָגט זי, וואָס די קוואָקע קוואָקעט, זאָלן די קאַטשקעלעך נישט שווימען?..."

און טביה גיט צו מיט שטאָלץ: „איר פֿאַרשטייט דיבורים? טביהס טאָכטער רעדט נישט גלאַט..."

אָבער ווי שיין עס זאָל נישט זיין האָדלס ענטפֿער, איז נאָך שענער דער אופֿן ווי טביה נעמט אים אויף. אַז דאָס קאַטשקעלע, וואָס וויל אַוועקשווימען פֿון דער הון, וואָס האָט זי אויסגעזעסן, געפֿינט אַ שיינעם ענטפֿער צו באַרעכטיקן איר פֿאַר־לאַנג, איז נישט אַזאַ וווּנדער. אָבער דאָס, וואָס די הון, וועלכע קען נישט מיט־שווימען, באַגרייפֿט די שיינקייט און גערעכטיקייט פֿון דער אומדאַנקבאַרער קאַטש־קעלעס מאָטיוו, דאָס איז אַ וווּנדער!

טביה קען מיטוואַקסן מיט זיינע טעכטער, און דאָס איז אַ גרויסע האָפֿענונג. טביה פֿירט אַליין אָפּ האָדלען צו דער באַן, הגם זיין האַרץ ווערט שיער נישט צע־פּלאַצט. ער איז מקבל באהבה זיין גורל — די קאַטשקעלעך מוזן און דאַרפֿן שווימען...

*

לייענט מען שלום עליכמען, פֿאַרגעסט מען אָפֿט אַז מע האָט צו טאָן מיט אַ שרייבער, מיט אַ שרייבערישער פּערזענלעכקייט. זיינע ווערק מאַכן דעם איינדרוק פֿון עפּעס סטיכישס: דאָס ייִדישע לעבן האָט באַהערשט שלום עליכמען, ווי אַ דיבוק באַהערשט אַ מענטשן און האָט זיך קינסטלעריש אויסגעקריסטאַליזירט דורך אים.

אָבער ביי דעם דאָזיקן כלומרשט אומפּערזענלעכן שרייבער זיינען דאָ זייטלעך, ווו עס וויקלט זיך פֿונאַנדער פֿאַר אייך, אין זיין גאַנצער פּראַכט, דער באַוווּסטזיני־קער, ציל־באַוווּסטער קינסטלער פֿון וואָרט, די שריפֿטשטעלערישע פּערזענלעכקייט; און נישט נאָר אין באַזונדערע בלעטלעך געפֿינען מיר די שריפֿטשטעלערישע פּער־זענלעכקייט פֿון דאָזיקן גרויסן באַוווּסטזיניקן קינסטלער, נאָר אַפֿילו אין גאַנצע ווערק. צו די דאָזיקע לעצטע געהערן, אין דער ערשטער ריי, שלום עליכמס נישט פֿאַרענדיקטע אויטאָביאָגראַפֿיע „פֿונעם יאַריד" און די בעסטע דערציילונגען פֿון „טביה דער מילכיקער".

שלום עליכם, דער וואָרט־רייכסטער פֿון אַלע ייִדישע שרייבערס; שלום עליכם, וואָס זיינע מאָנאָלאָגן גיסן זיך אַראָפּ כמעט ווי אייביקע וואַסער־פֿאַלן, — דער דאָזי־קער שלום עליכם האָט אַ זעלטענעם געפֿיל פֿאַר מאָס, ווי נאָר ער גופֿא קומט צום

וואָרט. זיין פּרעכטיקע דערציילונג „דרייפוס אין קאַסרילעווקע" פּוענטירט שלום עליכם מיט סוועווענער מייסטערשאַפט:

„אַ סימן — ווער איז געווען גערעכט?"

אינעם פאָרוואָרט צו דער צווייטער אויפלאַגע פון „מנחם מענדל", שרייבט שלום עליכם:

„... צו דער צווייטער אויפלאַגע האָב איך אַ סך בריוולעך שטאַרק פאַרקירצט און אַ סך בריוולעך גאָר אַרויסגעוואָרפן. אָנגעוואָרן ד'ערביי האָבן נאָר די זעצערס, ווייטער קיינער נישט. דער מחבר פון דעם בוך גייט מיט דעם גאַנג, אַז אַ ווערק, וואָס ס'איז קירצער, איז דאָס אַלץ בעסער".

באַדאַרף מען דען אַ בעסערן באַווייז פאַר דער באַוווסטזיניקער באַציִונג צום וואָרט?

אָבער עס לוינט נישט אויפצוזוכן די דאָזיקע צעוואָרפענע באַווייזן פאַר זיין וואָרט־גלייכגעוויכט, בעת מיר האָבן פאַר זיך זיין אויטאָביאָגראַפיע, וואָס שטעלט פאַר מיט זיך איין גרויסן באַווייז, אַז שלום עליכם האָט געקענט זיין אַ קנאַפּ־וואָרטי־קער קינסטלער. לייענסט און ווונדערסט זיך: נישט שוין־זשע איז דאָס דער זעלביקער שלום עליכם, דער מחבר פון „דאָס טעפּל" און פון די אייזנבאַן־געשיכטעס? אין עט־לעכע ווערטער פאַראייביקט ער אַ מענטשן, אין עטלעכע שורות — אַ געשעעניש. ווי מיט אַ מעכטיקער שעפערישער האַנט דריקט ער אויס פון יעדער געשעעניש איר עקסטראַקט, און אין יעדן עסענצאַרטיקן וואָרט־טראָפּן זיינעם פילן מיר די גאַנצע פולקייט פון לעבן. אין דער דאָזיקער קנאַפּער דאָזע באַקומט איר אַלץ, ווייל דאָס איז אַ שטאַרק־קאָנדענסירטע פולקייט.

אַ דאַנק דעם בוך „פונעם יאַריד" זעען מיר בולט איין, אַז שלום עליכמס גע־ווינטלעכע פּילוואָרטיקייט איז נישט זיין אייגנשאַפט — נאָר די אייגנשאַפט פון זיינע העלדן, — שלום עליכם גיט בלויז געטריי איבער דאָס, וואָס זיינע העלדן לייגן אים אַריין אין מויל. דאָרט, וווּ שלום עליכם רעדט אין אייגענעם נאָמען, הערשט ער איבער זיין געשליפענעם צינגל, איז ער פול מיט מאָס־געפיל.

אין שלום עליכמס אויטאָביאָגראַפיע „פונעם יאַריד" שפּירט מען צום גוטן די ווירקונג פון זיין גייסטיקער גלייכגעוויכטיקייט פון אַ הומאָריסט. ווען ער שוועבט איבערן אייגענעם לעבן פון דער הויך פון זיין שטראַלנדיקן הומאָר, פאַרשווינדט פון זיינע אויגן און פון זיין נשמה דער כאַאָס פון קלייניקייטן ,און זיין לעבן ליגט אויסגע־שפּרייט פאַר אים — אַ קלאָרס, אין גאַנצן ווי אויף דער דלאָניע, נישט קיין פאַרפלאָנ־טערטס, פון דער הויך פון פויגל־פלי, אין אַ פאַרקלענערטן קעשענע־פאָרמאַט, אָבער נישט קיין אַרומגעשניטנס — אין זיין גאַנצער פולקייט!

אינעם בוך „פונעם יאַריד" איז געקומען בולט צום אויסדרוק שלום עליכמס קינסטלערישע פערזענלעכקייט, אָבער שלום עליכם דעם קינסטלער קען מע געפינען

אין זיין גאַנצן ריזיקן וווקס נאָר אין די בעסטע דערציילונגען פון „טביה דעם מיל־כיקן“.

שפּרינצע, טביהס פערטע טאָכטער, פאַרליבט זיך אין אַ רייכן, נאָר כאַראַקטער־שוואַכן יונגן מענטשן, אַ דאַטשע־גאַסט אין דער נאָענט פון טביהס דאָרף. ער וויל חתונה האָבן מיט איר, אָבער זיין מוטער איז נישט מסכים און פירט אים צוריק אַוועק אין שטאָט אַרײַן און לאָזט איבער פאַר איר ברודער די אַרבעט אויסצוקויפן זיך פון טביהן, וועלכער האָט, לויט איר חשד, פאַרפירט איר תכשיט.

און אָט זיצט דער ערלעכער, אָפנהאַרציקער טביה אַקעגן דעם רייכן, גראָב־בייכיקן ציניקער, וועלכער שיט מיט שמוציקע חשדים און נאָך שמוציקערע פאַר־שלאָגן. עס פאַלט אים גאָר נישט איין אַז טביה פאַרשטייט אַפילו נישט זיינע שמוציקע אָנצוהערענישן: „אָפן געשמועסט, וויפל וועט דאָס אונדז קאָסטן אַרום און אַרום?... אָבער אָפן געשמועסט!“; „איך פרעג אייך, זאָגט ער, וויפל וועט אונדז קאָסטן אַרום און אַרום די חתונה?“; „דאָס ווענדט זיך, זאָג איך, וואָס פאַר אַ חתונה איר מיינט. אויב איר מיינט אַ גרויסאַרטיקע חתונה ווי אייך שטייט אָן, בין איך נישט אין שטאַנד...“

דער פעטער פון טביהס נישט דערגאַנגענעם איידעם מיינט, אַז טביה מאַכט זיך תמעוואַטע און ער ענטפערט אים מיט שמוציקע שפּילקעס. ער איז אַפילו חושד, אַז טביה האָט בכלל קיין טאָכטער נישט, אַז ער האָט געדונגען אַ מויד, כדי צו שאַנטאַזשירן זיין רייכע שוועסטער... ער זאָגט:

„אָדער איר מאַכט זיך תמעוואַטע אָדער איר זייט אַ תם... כאָטש אַפילו, זאָגט ער, איר זעט נישט אויס פון קיין תם, וואָרעם איר זאָלט זיין, זאָגט ער, אַ תם, וואָלט איר נישט אַריינגעשלעפּט, זאָגט ער, מיין פּלימעניק אין אַ בלאָטע, אים פאַרבעטן צו זיך כלומערשט אויף שבועותדיקע בלינצעס, אים אונטערגעשטעלט דאָרט אַ שיין מיידל, צי יאָ אַ טאָכטער, צי נישט קיין טאָכטער, איך גיי נישט אַריין, זאָגט ער, אַזוי ווייט...“

טביה טראַכט: „רבונו של עולם! וואָס וויל דער ייִד?“

און ווען ער נעמט ענדלעך פאַרשטיין, פאַרלירט ער פלוצלינג די פעיִקייט צו ריידן, — טביה, וואָס דאַרף אויך אין דער דאָזיקער דערציילונג נישט קריכן אין קעשענע נאָך אַ הונדערט ווערטער, קען קיין וואָרט נישט אַרויסברענגען. נישט פון דער עוולה ווערט טביה שטום, — מיטן פּאָפּ, וועלכער האָט אָפּגענומען ביי אים זיין חווה, פירט ער אַ שמועס ווי טביה קען, — טביה ווערט שטום פון עקל־געפיל, זיין נשמה האָט זיך איינגעקורטשעט פונעם צוריר צו שמוץ.

„איר ווילט וויסן, וואָס איך האָב אים געענטפערט? איך האָב אים, אַז אַך און ווי איז מיר, גאָר נישט געענטפערט. ס'איז מיר געווען, ווי זאָגט איר, תדבק לשוני, עס האָט מיר ווי אָפּגענומען דאָס לשון...“

טביה האָט זיך אויפגעהויבן, „זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער טיר — און נישטאָ מידן!" און צוקומענדיק צו זיין וואָגן, האָט ער פאַררוקט אין אים זיין קאָפּ און זיך פונאַנדערגעכליפּעט ווי אַ קינד.

ווי טביה איז נישט באַריידעוודיק — זיינע שטומע טרערן זיינען נישט דער ערך באַריידעוודיקער. טביה איז שיין אין זיין באַריידעוודיקייט, אָבער אין זיין אויפגערעגטער שוויגעוודיקייט אָדער קנאַפּוואָרטיקייט איז ער הערלעך.

אַ דאָרפישער ייד, אַ מילכיקער (שוין גראָד נישט קיין מילכיקער!), געפינט נישט ביי זיך, אין ענטפער דעם געמיינעם מיליאָנער, קיין איין זידל־וואָרט, קיין איין פסוק, — ער וואַשט אָפּ מיט טרערן זיין נשמה, וואָס איז באַשפּריצט געוואָרן מיט פרעמדער בלאָטע.

ווען טביה דערגייט — אין זיין געוויינטלעכן וואָרט־רייכן דערציילן שלום עליכמען וואָס עס איז ווייטער געשען — צום אָרט, ווי ער לויפט צו צום טייך, ווו די טאָכטער האָט זיך דערטרונקען, און זעט אַז ס'איז שוין שפּעט, ווערט ער ווידער קנאַפּוואָרטיק. און נישט נאָר דאָס — ס'אָראַ ווייניקע ווערטער ער געפינט, כדי איינצייטיק אי אויסצודריקן זיין אומגליק, אי אויסצובאַהאַלטן זיין ווונד פאַר פרעמדע אויגן: „וואָס האָב איך אייך געוואָלט פרעגן?... יאָ! האָט איר געזען ווען אַ דערטרונקענעם? קיין מאָל נישט?... אַ מענטש אַז ער שטאַרבט, שטאַרבט ער מייסטנטיילס מיט צוגעמאַכטע אויגן... ביי אַ דערטרונקענעם זיינען די אויגן אָפן — ווייסט איר נישט דעם שכל, פאַר וואָס דאָס איז?..."

ס'אָראַ קינסטלער! אין רעכטן אימפּעט פון זיין וואַסער־פאַליקער באַריידעוודיקייט שטעלט ער זיך אָפּ אָדער פאַרלאַנגזאַמט זיין אימפּעט פּונקט דאַן, ווען דאָס איז אומבאַדינגט נייטיק.

נאָך גרעסערע קינסטלערישע הויכן האָט שלום עליכם דערגרייכט אין זיין „חווה", אין טביהס שמועס מיטן פּאָפּ און אין טביהס באַגעגעניש מיט דער געשמדטער חווה אין וואַלד. לאָמיר זיך אָפּשטעלן אויף דער לעצטער סצענע.

טביה איז אַ פרומער ייד און די געשמדטע חווה איז פאַר אים געשטאָרבן. אָבער טביה איז פאָרט אַ טאַטע, און אַ ליבנדיקער טאַטע. און ווען ער פאָרט אַהיים דורכן וואַלד, דערמאָנט ער זיך נישט ווילנדיק אין זיין גרעאָטנסטער שענסטער טאָכטער. „און איך פאַרגעס אויף אַ ווײַלע, וואָס זי האָט אָפּגעטאָן, און עס ציט מיר צו איר דאָס האַרץ, און די נשמה נאָגט, בענקט נאָך איר..."

אָבער טביה דער ייד דערמאָנט זיך, וואָס טביה דער פאָטער האָט פאַרגעסן, און עס צינדט זיך ווידער אָן אין אים דאָס פייער פון צאָרן אויף אַלץ און אויף אַלעמען, „און אויף זיך אַליין, פאַר וואָס איך קען זי נישט פאַרגעסן אויף קיין מינוט; פאַר וואָס זאָל איך זי נישט קענען אויסמעקן, אַרויסרייסן פונעם האַרצן?"

און מיט אַ מאָל דערשפּירט דער פאַרטראַכטער טביה אַז זיין פערדל איז שטיין געבליבן. „וואָס איז דאָס? איך הייב אויף די אויגן, איך טו אַ קוק — חווה! די

אייגענע חווה וואָס פריִער, נישט געמינערט אַ האָר, אַפילו די מלבושים נישט אי־בערגעביטן!... דאָס ערשטע, וואָס קומט מיר אויף די געדאַנקען איז — אַראָפּשפּרינגען פון וואָגן און אַרומכאַפּן זי קושן... נאָר באַלד טוט מיך צוריק אַ צי אַ געדאַנק: טביה? וואָס ביסטו, אַ ייִדענע? און איך טו אַ צי דאָס פערדל: וויאָ, שלימזל! — און נעם מיך רעכטס. איך טו אַ קוק — מיינע אויך רעכטס, מאַכט עפּעס צו מיר מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: שטיי אַ ווײַלע, איך דאַרף דיר עפּעס זאָגן... און עס טוט זיך מיר אַ ריס אָפּ אינעווייניק און אַ צופּ ביים האַרצן, און איך לאָז אָפּ הענט און פיס. אָט־אָט־אָט טו איך אַ שפּרונג אַראָפּ פונעם וואָגן! נאָר איך האַלט מיך איין, טו אַ צי דאָס פערדל און נעם מיך לינקס — מיינע אויך לינקס, קוקט אויף מיר משונה־ווילד, דאָס פּנים טויט... וואָס טוט מען? — טראַכט איך מיר, — זאָל איך בלייבן שטיין צי איך זאָל פאָרן ווײַטער? און איידער איך קוק מיך נאָר אַרום — אַהאַ, זי האַלט שוין דאָס פערדל ביים צוים און מאַכט צו מיר: טאַטע! זאָל איך שטאַרבן אויב דו וועסט זיך רירן פונעם אָרט! איך בעט דיך, הער מיך אויס פריִער, טאַטע־פאָטער!... ע, טראַכט איך מיר, ווילסט מיך נעמען מיט גוואַלד? ניין, נשמה מיינע! ווי באַלד אַזוי, איז אַ סימן אַז דו קענסט נישט דעם טאַטן דײַנעם... און דאַוואַי שמײַסן דאָס פערדל אויף וואָס די וועלט שטייט. און מיין פערדל פאָלגט, שפּרינגט, נאָר עס דרייט צוריק דעם קאָפּ, מאַכט בשעת מעשה מיט די אויערן. וויאָ, זאָג איך צו דעם, אל תסתכל בקנקן, קוק נישט, חכם מײַנער, אַהין, וווּ מען דאַרף נישט... און אַליין, מיינט איר, ווילט זיך מיר נישט אויסדרייען דעם קאָפּ צוריק און אַ קוק טאָן, כאָטש איין קוק טאָן אַהין, אויף יענעם אָרט, וווּ זי איז שטיין געבליבן?..."

און דאָ קומט טביהס דערציילונג, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אויפן וועג אַהיים, — אַ באַשרײַבונג, וואָס די פעדער פון גרעסטן קינסטלער וואָלט זיך גע־מעגט גרויסן מיט איר. אָבער פאַר אונדזער ציל — צו אילוסטרירן שלום עליכמס קינסטלערישע קראַפט, — וועט גענוג זײַן די אויבן־געבראַכטע מאָנומענטאַלע, קאָנאַפּוואָרטיקע, און מצד טביהן — בכלל שטומע סצענע.

און וואָס פאַר׳אַ וווּנדערלעכער פּרט — טביהס פערדל וואַרפט בליקן, בעתן לויפן, אויף צוריק, ווי עס וואָלט פאַרבייטן טביהן, ווען עס ווילט זיך טאָן דאָס זעלביקע. דאָס פערדל, דוכט זיך, דערמאָנט טביהן, אַז אפשר האַנדלט ער נישט מענטשלעך. און טביה פילט די גערעכטיקייט פונעם פערדלס שטומע פאָרוווּרפן. און דערפאַר טאַקע שמײַסט ער עס אַזוי שטאַרק מיטן בײַטש — ער וויל פאַר־שמײַסן זײַן געפיל, זײַן געווינטלעכע מענטשלעכקייט וואָס הייבט אָן אויפצוהייבן דעם קאָפּ אויך אין דאָזיקן מאָמענט, דעם שרעקלעכסטן פאַר אַ ייִדן. טביה שמײַסט מיטן בײַטש זײַן שטאַרקע אינדיווידואַליטעט, וואָס איז שוין כמעט ווי גרייט דורכ־צוברעכן אויך דעם דאָזיקן שטאַרקסטן און גרעבסטן שיכט פון דער קאָלעקטיווער ייִדישער נשמה, אָבער די דאָזיקע לעצטע זיגט אין שלום עליכמס סימפּאַטישן, טיפן,

אין טראַגישע מאָמענטן אַפילו מאַיעסטעטישן, אָבער דאָך מאָדנעם העלד: ער איז איינצייטיק אי אַ קאָלעקטיווער, אי אַן אינדיווידועלער העלד; זיין אינדיווידואַליטעט איז אָפט שוין כמעט אַן אויסגעפּורעמטע און זי איז גרייט דורכצוברעכן די שאָלעכץ פון קאָלעקטיוויטעט, און דאָך ברעכט זי זי נישט דורך און זי ציט אַריין דעם קאָפּ צוריק טיפער אין דער שאָל, כדי זי נישט דורכצוברעכן דורך אַ האַסטיקן הייב.

טביהס אינדיווידואַליטעט שפּילט זיך מיט אונדז אין באַהעלטערלעך, פּונקט ווי שלום עליכמס טאַלאַנט טוט דאָס אין די דאָזיקע דערציילונגען: ער איז אין זיי נישט נאָר אַ הילכער פאַר דעם פאָלקס שטימע, ווי אין דעם רוב דערציילונגען זיינע, און ער איז אין זיי נישט נאָר אַ קינסטלער־פּערזענלעכקייט, ווי אינעם בוך „פונעם יאַריד"; ער ווייזט דאָ אַרויס די צוויי שטאַרקע זייטן פון זיין באַצוויבערנדיקן טאַלאַנט: זיין סטיכישן פאָלקס־זשעני און זיין פיינסטע קינסטלערישע פּערזענלעכקייט.

די סצענע צווישן טביהן און חוהן אין וואַלד דערמאָנט מיך שטענדיק מיט איר לאַקאָנישן טראַגיזם די אומפאַרגעסלעכע סצענע צווישן טאַראַס בולבאַ און זיין זון, דעם פאַררעטער אַנדרעי, ווען בולבאַ טייט גייסטיק און פיזיש זיין הייס־געליבטן זון אָן איין וואָרט, פּונקט ווי טביה טייט גייסטיק זיין געליבטע טאָכטער אָן איין וואָרט.

ס'איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן אַז גראַד גאָגאָל און שלום עליכם — די געניאַלע הומאָריסטן — האָבן אַרויסגעוויזן אַ וווּנדערלעכן חוש פאַר מאָס ביים מאָלן מאָמענטן, וואָס זיינען אָנגעלאָדן מיט העכסטער טראַגיק.

הומאָר איז דאָך דאָס קינד פון טראַגיזם, נאָר ער שוועבט הויך איבער זיין פאָטער, נישט פאַרלירנדיק אים פון אויג, נאָר זעט אים אין אַ מיניאַטורער פולקייט. נאָר דער, וואָס איז פעיִק צו אַנטוויקלען אין זיין אויפנעמבאַרער נשמה די דאָזיקע מיניאַטור צו איר נאַטירלעכער גרייס, — ווי מען אַנטוויקלט אַ מיניאַטורע פאָ־טאָגראַפיע, — נאָר יענער וועט אויפנעמען אין זייער שרעקלעכער פולקייט די טראַגישע סצענעס פון שלום עליכמען און גאָגאָלן.

און זיי וועלן דערפילן ס'אַראַ קינסטלערס דאָס זיינען!

זייער אַ סך הענגט אָפּ פון דער באַלייכטונג: אין שלום עליכמס בעסטע ווערק (און זיי זיינען נישט ווייניק) איז דאָ אַ סך טראַגישס, אָבער אויפן ערשטן בליק באַמערקט מע נישט די דאָזיקע טרויעריקע טיפקייט: אַלץ איז דאָך באַלויכטן מיט אַזאַ באַצויבערנדיקן שמייכל.

דאָס זעלביקע קען געזאָגט ווערן אויך וועגן שלום עליכמס לעבן. אין דעם דאָזיקן לעבן איז דאָ אַ סך טראַגישעס און צילבאַוווּסט־טיפּס, אָבער אויפן ערשטן בליק באַמערקט מע דאָס נישט: אַלץ איז דאָך באַגאָסן מיט שלום עליכמס שטראַלנ־דיקן געלעכטער, און דער דאָזיקער געלעכטער פירט אונדז אַריין אין אַ טעות...

אַ לאַנגיאָריקע טויטלעכע קראַנקייט... שלום עליכם אין דער ראָל פון זיין העלד מנחם־מענדל... דער קאַמף מיט דער שונד־ליטעראַטור און — די אייגענע

טײלווײזע פֿאַרקנעכטונג בײ איר... דער קאַמף פֿאַר דעם פֿונאַנדערבלי פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור...

אָבער דאָס אַלץ וואַרפֿט זיך נישט אין די אויגן: דאָס טראַגישע און דאָס טיפֿע זײַנען צוגעדעקט מיט אַ וואַל פֿון געלעכטער, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש אי פֿאַר שלום עליכמס ווערק, אי פֿאַר זײַן לעבן.

אין די דערינערונגען פֿון שלום עליכמס טאָכטער, ליאַלאַ קאַופֿמאַן, געדרוקט אין „שלום עליכם־בוך" (אונטער דער רעדאַקציע פֿון זײַן אײדעם, דעם באַקאַנטן העברעיִשן שרײַבער י. ד. בערקאָוויטש, דעם איבערזעצער פֿון שלום עליכמס ווערק אויף העברעיִש), געפֿינען מיר אַן אינטערעסאַנטע באַשרײַבונג פֿון שלום עליכמס שעפֿערישן פּראָצעס:

„ווי פֿרי מען זאָל אין שטוב נישט אויפֿשטײן, פֿלעגט ער אָבער אויפֿשטײן נאָך פֿריִער, און — גלײַך צו זײַן טישל און צו דער פֿען. אַ זײַטיקן מענטשן האָט זיך געקאָנט אויסדאַכטן, אַז נישט ער שרײַבט, נאָר ער זשעסטיקולירט און רעדט צו זיך אַלײן. ס'איז אָבער גענוג געווען, ער זאָל זיך צו אײַך אַ קער טאָן מיטן פּנים — און אײַך איז באַלד קלאָר געוואָרן: דאָס לאַכט ער.

„עס שטײט אַ מענטש פֿון נישט־הויכן וווקס, אין אַ ווײכן באָד־כאַלאַט און מיט שטעקשיך אויף די פֿיס, שטײט זיך אײנער אַלײן גאַנץ פֿרי בײַ אַ טישל, מיט אַ פֿען אין דער האַנט, און... לאַכט. דער פֿרימאָרגן פֿלעגט זיך אַוועקציִען בײַ אים לאַנג, אַ מאָל העט ביז נאָך האַלבן טאָג. די זון איז שוין הויך אין הימל, אַלע אין שטוב זײַנען שוין לאַנג אויף די פֿיס, פֿאַרנומען יעדערער מיטן טאָג — און ער שטײט נאָך אַלץ בײַ זײַן טישל אַ פֿרימאָרגנדיקער, שרײַבט און לאַכט, שרײַבט און לאַכט..."

און דאָס דאָזיקע געלעכטער מאַכט אַזוי לײַכט דאָס ווײט נישט תמיד לײַכטע שאַפֿן פֿון שלום עליכמען; דאָס דאָזיקע געלעכטער מאַכט אַזוי גלאַטיק דאָס שוין גאָר נישט גלאַטיקע לעבן פֿון שלום עליכמען...

## ב) שלום עליכמס יידישלעכע טויזנט און איין נאַכט

נעמט אַן אויסגעטריקנטע פרוכט — ווי קליין עס איז! געבליבן פון דער פרי איז בלויז דאָס קערנדיקע, דאָס עיקרדיקע, דאָס בעסטע, ד י ר אָ ־ ז ש י נ ק ע, אַזוי צו זאָגן.

דאָס זעלביקע געשעט מיט די ווערק פון אַ שרייבער: מיט דער צייט שרומפּן איין זיינע ווערק, דער געניסבאַרער כמות ווערט קלענער. אָבער אויב זיין שאַפן האָט אַ זיסן קערן, אַ נאַטירלעכע זיסקייט, בלייבט פון אים דאָס וויכטיקסטע, — דאָס וואַסער טריקנט אויס, די זיסע סובסטאַנץ בלייבט.

מען קען שוין היינט נישט געניסן דעם גאַנצן שלום עליכם; אָבער עס איז דאָ ביי אים געננוג פון דעם, וואָס עס בלייבט אין אויסגעטריקנטע פרוכט.

ווען מע וואַרפט אָפּ פון זיינע ווערק די פיל־שרייבעריי, די סאַמע אויסערלעכע לבושים פון ליטעראַטור (ווי, למשל, דאָס אומצאָליקע מאָל איבערחזרן אין „טויזנט איין נאַכט" „דער קאַזשאַנע רב, דער ראַבינער, הייסט עס") בלייבט אַ זיסער קערן, אַ זיסע פרוכט וואָס וועט פאַרשווינדן ערשט צוזאַמען מיט ייִדיש. און אָט די גרויס־קייט זיינע באַשטייט דער עיקר אין דעם, וואָס זיינע בעסטע ווערק גיבן אונדז די נשמה פון ייִדישן מענטשן, פון ייִדישן פאָלק אין איר גרויסקייט, אין איר שבת־יומטובדיקייט (מעג עס פאַרקומען אַפילו אין דער וואָכן).

מיר קענען, ליידער, נישט צוגיין צו אים און אים זאָגן דאָס, וואָס יאַנקל יונע־ווער פון קרושניק, דער העלד פון „טויזנט איין נאַכט", זאָגט צו אים אויף דער שיף, וואָס פירט שלום עליכמען, צוזאַמען מיט אַנדערע ייִדישע פליטים פון דער ערשטער וועלט־מילחמה, קיין אַמעריקע: „... פאַרט איר, הייסט עס, פאַני שלום עליכם אויך אַהינצוצו, ווי אַלע?... ס'איז עפּעס היימלעכער אויף דער נשמה צו וויסן, אַז א ו נ ד ז ע ר ש ל ו ם ע ל י כ ם, איר פאַרשטייט צי ניין, פאָרט אויך מיט אונדז"... מיר קענען אים, ליידער, דאָס נישט זאָגן, אָבער מיר קענען נעמען זיינע ווערק און לייענען און פילן אַז זיין מיט אים איז היימלעכער אַפילו אין גרעסטן אומגליק.

וואָרעם מיר מוזן זאָגן און וויסן: צוויי שרייבערס אונדזערע פעלן אונדז צום מערסטן אין אונדזער היינטיקער גרויסער אומגליק־צייט: ביאַליק און שלום עליכם.

דער ערשטער — אויף אויפצוטרייסלען און אויסצושטראָפן אונדז; דער צווייטער — אויף צו פאַרגרינגערן אונדזער משא און טרייסטן אונדז.

*

עס טרעפט זייער אָפט אַז כמותדיק גרויסע ווערק פון אַ שרייבער שטעלן אין שאָטן זיינע כמותדיק קלענערע שעדעווערן.

איך האָב געטראָפן אַזעלכע דערציילונגען ביי אַ סך אויסלענדישע און יידישע שרייבערס.

צו אָט די פאַרשאָטנטע דערציילונגען געהערט אויך איינס פון שלום עליכמס לעצטע ווערק — זיין גרעסערע דערציילונג (אַ הונדערט זייטן) „טויזנט איין נאַכט". אויף וויפל איך געדענק שטעלט מען זיך זעלטן אָפּ אויף אָט־דער דערציילונג, וואָס פאַרמאָגט שטעלן וואָס מיט זייער פשטות און טיפקייט געהערן זיי צו די בעסטע ביי שלום עליכמען; זיי געהערן צו יענע שטילע שלום עליכמשע שטעלן, וואָס באַצירן זיינע בעסטע טביה־דערציילונגען („חווה" און „שפּרינצע"), דאָס בעסטע אין מנחם־מענדלען („אַ בוידעם", וווּ מנחם־מענדל און טביה שפּילן צוזאַמען), דאָס בעסטע אין זיינע קלענערע דערציילונגען.

און אָט די דערציילונג — „טויזנט איין נאַכט" — איז אויך אַקטועל פאַר אונדז, דעם דור פון גרויסן חורבן: דאָס איז אַ דערציילונג וואָס דערציילט די יידישע טויזנט און איין נאַכט פון דער ערשטער וועלט־מילחמה, דער אַריינפיר צו דער צווייטער. אָט די דערציילונג איז אַ מיניאַטור־אָפּשפּיגלונג אין פאַרויס פון די יידישע טויזנט און איין נאַכט פון דער צווייטער וועלט־מילחמה. און זי לאָזט פילן דעם טעם (אַ שמינית שבשמינית) ווי אַזוי אונדזער גרעסטער גלות־אומגליק וואָלט זיך געווען אָפּגעשפּיגלט אין שלום עליכמס ווערק, ווי אַזוי זיין געלעכטער וואָלט געווען אַרויסגעשלוכצט דורך די טרערן פון אַ דור.

די קאָנסטרוקציע פון דער דערציילונג איז פשוט: אויף דער שיף וואָס פירט יידישע פּליטים קיין אַמעריקע, דערציילט יאַנקל יונעוער פון קרושניק שלום עליכמען די מילחמה־איבערלעבענישן פון אים און זיין פאַמיליע, ווי אויך פון אַנדערע קרושניקער יידן, וואָס דאָס זיינען די איבערלעבענישן אויך פון אַן אַ שיעור אַנדערע יידישע שטעטלעך, פון גאַנצן אַמאָליקן רוסישן יידנטום.

יאַנקל יונעוער פאַרמאָגט אַ מענה־לשון פון שלום עליכמס העלדן, אָבער אויך די מענטאַליטעט פון אַ ייִדן, וועלכער קוקט אויף דער וועלט מיט יידישע אויגן, און ער זעט זי אָפט מיט אַזאַ נאַיווקייט, מיט אַזאַ תמימות און מיט אַזאַ טיפער מענטשלעכקייט, אַז ער פאַנגט אין די דאָזיקע מאָמענטן אונדזער אויפמערקזאַמקייט, אונדזער דרך־ארץ און אונדזער האַרץ. און אין אָט־די מאָמענטן פילן מיר, אַז דורך יאַנקל יונאָווער רעדט אַרויס שלום עליכמס יידישער וויטיק, שלום עליכמס יידישער פּראָטעסט.

יאַנקל יונעווער דערציילט אונדז ווי אַזוי זיין זון יחיאל ווערט געשיקט אויפן פּראָנט, ווי אַזוי מע הייסט אים שיסן און ער שיסט אין דער הייך, און ווען מע הייסט אים שיסן גלייך, אַהין ווו אַלע שיסן, פרעגט ער אַ פאַרוואונדערטער:

— „אַהין? דאָרט זיינען דאָך מענטשן...״

אויבערפלאַכלעך געזען קלינגט עס ווי אַן אַנעקדאָט, אָבער דורכן דאַזיקן אַנעקדאָט קומט צום וואָרט די מענטשלעכסטע אייגנשאַפט פון די יידישע „בטלנים״ (אַ לאַ יחיאל), — זייער טיפער הומאַניזם, זייער דרך־ארץ פאַרן מענטשן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין גאָטס געשטאַלט. אָט דער דאַזיקער אַנעקדאָט פון אַ גאַנצער גרופּע אַזעלכע אַנעקדאָטן, געהער צום יידישן פאָלקלאָר, פון וועלכע עס קוקט אַרויס די ריינע געשטאַלט פונעם עכטן און בעסטן גלות־ייד, וואָס איז גלייכצייטיק אי בטלן, אי מענטש אין בעסטן זין פון דאַזיקן וואָרט. ווי שיסט מען עס אין מענטשן? דאָס איז אַן ענין פאַר רוצחים...

אָט דער טאָן פון תמימותדיקן הומאַניזם איז דורכגעוועבט אין גאַנצן ווערק אויף פאַרשיידענע אופנים.

אַזוי, למשל, זאָגט שלום עליכם דורך יאַנקל יונעווערס מויל וועגן דער מיל־חמה: „אַלע האָבן זיך אָנגעטאָן אין פעל און האָבן זיך פאַרשטעלט, איר פאַרשטייט צי נייק, פאַר חיות, ווילדע חיות רעות צו אַל די שוואַרצע יאָר! ס׳איז געוואָרן ערגער פונעם דור המבול, עק וועלט איז געוואָרן.״

עס איז באמת געוואָרן „עק וועלט״ אַפילו בעת דער ערשטער וועלט־מילחמה, וואָס איז געווען בלויז דער פּראָלאָג צום „עק וועלט״ פון דער צווייטער. און מיט די פשוטסטע מיטלען גיט אייך שלום עליכם, דער הומאָריסט, אַ באַגריף וועגן די טראַגישסטע געשעענישן פונעם „עק וועלט״.

אויף די זייטן 187־188 („פאַרוועטס״־אויסגאַבע, באַנד 5) רעדט יאַנקל יונע־ווער וועגן דעם ווי מע האָט אים און נאָך יידן געגעבן רידלעס, זיי זאָלן אויסגראָבן פאַר זיך אַליין קברים: „איר ווילט וויסן, ווי אַזוי מיר האָבן געפילט, בעת מע האָט אונדז אָנגעזאָגט די דאָזיקע בשורה טובה?... אַ לעבעדיקער מענטש, אַ געזונטער און אַ שטאַרקער, מיט אַ ווייב, מיט קינדער, גיט מען אים פלוצלינג אַ זאַסטופּ אין האַנט אַריין און מע הייסט אים, איר פאַרשטייט צי נייין, ער זאָל מוחל זיין זיך אַליין אויסגראָבן אַ קרקע, מחמת אָט באַלד ווערט ער געשאָסן! איך בעט אייך, פּאַני שלום עליכם, באַרעכנט עס נאָר אַקוראַט, מיט קאָפּ, איר האָט עפּעס אין דעם אַ באַגריפיע? ניין, דאָס באַדאַרף מען אַליין איבערלעבן; יענעם געבן צו פאַרשטיין איז אַרויסגעוואָרפן! נאָר וואָס דען? מען איז דאָך עפּעס אַ מענטש, אַ בר־דעת, מיט אַ שכל־הישר, טוט מען אַ טראַכט אַהין־אַהער, און מע גיט זיך אַליין אַ רעד אויס דאָס האַרץ... ביסט דאָך נישט איינער, עס שטאַרבן איצטער מענטשן אין די אלפים, אלפי אלפים, ווי פליגן פאַלט מען, ווי שטרוי. עלעהיי, לאָז

זיך דיר דאַכטן, יאַנקל יונעוווער, אַז דו ביסט אויך אַ זעלנער און אַז דו ביסט אויך אין סאַמע פֿייער...״

*

דריי מאָטיוון פֿלעכטן זיך דורך אין דער דאָזיקער דערציילונג אויף דער קאַנווע פֿון שלום עליכמשן געלעכטער דורך טרערן:

א) די טיפֿע ייִדישע בענקשאַפֿט צו אַ וועלט וואָס איז באַהערשט פֿון הומאַניזם;

ב) די טיפֿע ייִדישע צוגעבונדנקייט צום גייסטיקן פּרימאַט אין לעבן; און

ג) דער ייִדישער פּראָטעסט קעגן אַ סדר העולם וואָס איז נישט גייסטיק און נישט הומאַניסטיש.

דעם ערשטן מאָטיוו האָב איך שוין אילוסטרירט מיט דעם בײַשפּיל פֿון יחיאלן, וועלכער וויל נישט (ק ע ן נ י ש ט) שיסן אין מענטשן; דער צווייטער מאָטיוו קען ווי צום בעסטן אילוסטרירט ווערן דורך דעם, ווי דער רבֿ, נאָך דעם ווי ער און די איבעריקע ייִדן ווערן על־פּי־נס געראַטעוועט פֿון גראָבן די אייגענע קבֿרים, הייסט מחדש זײַן די לבֿנה אין מיטן לויפֿן אַהיים.

„אַז דער אייבערשטער, זאָגט ער (דער רבֿ — י. ר.) האָט יאָ אַזוי געפֿירט, ער האָט רחמנות געהאַט אויף אונדזערע ווײַב און קינדער, זאָגט ער, און מיר זײַנען אַרויס פֿון אַזאַ סכּנה, קומט אים, זאָגט ער, מיר זאָלן אים מחדש זײַן זײַן לבֿנה, ס׳איז הײַנט די רעכטע צײַט...״

און יאַנקל יונעוווער גיט צו: „ אַזאַ קידוש־לבֿנה, מעגט איר מיר גלייבן בנאַמנות, האָט קרושניק נאָך נישט געהערט, זינט קרושניק איז קרושניק, און וועט שוין נישט הערן, דאַכט מיר, קיין מאָל...״

דאָ שפּיגלט זיך אָפּ די אינטימסטע אייגנשאַפֿט פֿון אַ פֿאָלקס נשמה. אַז דאָס איז אַזוי, זאָגן עדות אומצאָליקע גבֿית עדותן פֿון די געטאָס און פֿון די לאַגערן.

און דער דריטער מאָטיוו פֿון ייִדישן פּראָטעסט קעגן דעם סדר העולם בכלל און בפֿרט פֿאַר ייִדן איז דאָ אַזוי רײַך און שטאַרק פֿאַרטראָטן, אַז מ׳וויס נישט וואָס פֿריִער צו ציטירן.

אַלע דריי אויבן אויסגערעכנטע מאָטיוון זײַנען בײַ שלום עליכמען נישט קיין נײַעס, אָבער דער לעצטער מאָטיוו, דער פּראָטעסט־מאָטיוו, צעהיצט דורך די ייִדישע ליידן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז — ווי געזאָגט — באַזונדערס רײַך פֿאַרטראָטן אין „טויזנט איין נאַכט״, אין דער דאָזיקער קורצער עפּאָפּייע פֿון ייִדישע ליידן, ווען די וועלט פֿאַרבלאָנדזשעט אין „עק וועלט״.

די קאַפּיטלען פֿון „טויזנט איין נאַכט״, אין וועלכע עס רעדט זיך וועגן דעם ווי פֿאָניע וויל אַז יאַנקל יונעוווער זאָל הענגען זײַן אייגענעם זון (פֿאַרן חטא פֿון זײַן בירגערמייסטער אין קרושניק בעת דער דײַטשישער אָקופּאַציע), זײַנען ערטערווײַז נישט ווייניקער שטאַרק פֿאַר די שטעלן אין „חווה״ און „שפּרינצע״, וווּ טבֿיה

רעדט מיטן פּאָפּ אָדער ווי ער דערציילט וועגן שפּרינצעס זעלבסטמאָרד אָדער ווען ער רעדט מיט אַראָנטשיקס פּעטער, דעם גבירישן גראָבן יונג. די דאָזיקע קאַפּיטלען פאַרמאָגן פּרעכטיקע שטיקלעך פּראָזע (אין כּרעסטאָמאַטיעס און אַנטאָלאָגיעס אַרייַנצונעמען), ווו יעדעס וואָרט ווייַנט דורך געלעכטער און די טרערן בלישטשען ווי בריליאַנטן פון ייִדישן געפיל, פון ייִדישן שטאָלץ, פון שלום עליכמס מוסטער־סטיל, פון ייִדישן וויטיק און טיפער פאָלקס־חכמה.

„... איך בעט אייך, פּאַני שלום עליכם, מאַכט מיר קלאָר וואָס איז דאָ דער מער מיט דער עקידה, וואָס אַלע תּפילות און דער גאַנצער סידור זייַנען פול מיט איר? אויף יעדן שריט און טריט דערמאָנען מיר דעם רבונו־של־עולם... די טובה וואָס מיר האָבן אים געטאָן דורך אונדזער עלטער־עלטער־זיידן, דורך אברהם אָבינו... באשר אברהם אָבינו האָט געפאָלגט דעם רבונו־של־עולם און האָט געזאָלט אויפּברענגען זיין זון יצחק פאַר אַ קרבן... שוין אַזוי פיל צייט אַוועקגעגאַנגען, טויזנטער יאָרן, און מע קען זיך גאָר נישט אויסצאָלן!... דאָרט האָט גאָט אַליין געוואָלט אויספּרוּוון אברהם אָבינון ווי געטריי ער איז צו אים, נאָר אַ פּרוּוו טאָן; און דאָ ביי מיר האָט פּאָניע, באלף אלפי הבדלות, מיך געוואָלט צווינגען, אַז איך אַליין, איר פאַרשטייט צי ניין, זאָל מיט מיינע אייגענע הענט נעמען און באַשטראָפן מיין זון“...

הייַנט יאַנקל יונעווערס אויסטענהן זיך מיטן גענעראַל!

אָבער נישט נאָר דאָס. ווען מע וויל יאַנקל יונעווערס זון הענגען פאַר פאַרראַט קעגן זיין רוסישן פאָטערלאַנד, פרעגט יאַנקל יונעווער שטאָלץ אָפּ דאָס רעכט פון פּאָניען צו פאָדערן געטריישאַפט ביי זיינע ייִדן.

„ווען איז דאָס גערעדט געוואָרן? — זאָגט יאַנקל יונעווער, און אַלע ייִדן וועלן אים נאָכזאָגן אמן, ווי מע זאָגט נאָך אַ שליח־ציבור (צי מיט אַ פול מויל, צי אין האַרצן) — אַז ס'איז מיין לאַנד און מיין גוטס ווערט געהיט, און מיין גוף איז געשיצט, און פאַר מיין ווייב און קינדער בין איך זיכער. ווי זשע איז אָבער דער דין, אַז דאָס לאַנד, זאָגט מען מיר אַלע טאָג, איז נישט מיינס, איך בין גאָר, זאָגן זיי, אַ פרעמדער, אַן איינגעבעטענער, און מע טרייבט מיך דעריבער און מע יאָגט מיך ווי אַ הונט; און מיין גוטס, זאָגן זיי, איז גאָר נישט מיינס, ס'איז הפקר; און מיין גוף געהער צו זיי; און מיין ווייב קענען זיי הרגענען, און מיינע טעכטער מעגן זיי שענדן; און קיינער קען זיך פאַר מיר נישט אָננעמען, וואָרעם דאָס הייסט אַרייַנגעמישט זיך, איר פאַרשטייט צי ניין, אין יענעמס געשעפטן; ווי באַלד אַזוי, פרעג איך אייך, פון וואַנען זאָל זיך נעמען ביי מיר דער „יהרג ואל יעבור“ (געהרגעט ווערן, הייסט עס, און בלייבן געטריי!“).

אגב, אויך באָריס פּאַסטערנאַק ברענגט אַרויס אָט די טענה אין זיין „אַנטיסעמיטישן“ בוך „ד"ר זשיוואַגאָ“.

*

שלום עליכמס דערציילונגען און ראָמאַנען זיינען אָפּט געווען אויף אַקטועלע טעמעס („דרייפוס אין קאַסרילעווקע", „דער בלוטיקער שפּאַס"), אָבער זעלטן האָט שלום עליכם געשריבן אויף אַזאַ אַקטועלער טעמע ווי אין זיין „טויזנט איין נאַכט".

ביים לייענען די דאָזיקע דערציילונג האָט מען אָפּט דעם איינדרוק, אַז אָט דער פּרט, אָט די זייטלעך, אָט די זייטיקע באַמערקונגען פּאַסן זיך פּאַר אונדזער צייט, פּאַר אַן אַקטועלן שרייבער פון אונדזערע נעענטערע אָדער אַפילו היינטיקע איבער־לעבונגען. אָט נעמט, למשל, די זייטלעך 201־202, וועגן די פּאָליאַקן:

„גייען מיר... אַרומגערינגלט מיט קאָזאַקן פון אַלע זייטן — געהאַט אַ לוויה, קיין עין הרע, זייער אַ שיינע, כמעט אַלע פּאָליאַקן פון שטאָט האָבן זיך צונויפגע־זאַמלט אונדז באַגלייטן און האָבן אונדז מכבד געווען מיט אַלערליי אויסגעשרייען: „זשידזשי!"... „ביילי סו!"... און די געלעכטערן זיינען געגאַנגען ביזן הימל אַריין! און פּאַר גרויס גדולה אַפּנים, האָבן זיך די פּאָליאַקן דערוויל מתחתן געווען מיט די קאָזאַקן, באַפאַלן די יידישע הייזער, מקיים געווען איינאיינעם די מיצווה פון אַ יידישן פּאָגראָם... פּליאַקע האָט נאָר אָנגעוויזן ווו סע זיצט אַ ייד... און די קאָזאַקן האָבן שוין געטאָן זייער אַרבעט, אָפּגערעכט דעם סדר פון פּאָגראָם ככל משפטו וחוקתו"... און שלום עליכם פאַרענדיקט מיט אַ רשימה פון „פּאָגראָם־דינים"...

ווען מע וואַרפט אַרויס פון אָט די שטעלן דאָס וואָרט „קאָזאַקן" און מע שטעלט אַריין דאָס וואָרט „נאַציס", האָט איר אַ גענויע באַשרייבונג ווי אַזוי די פּאָליאַקן האָבן זיך אויפגעפירט בעת דער צווייטער וועלט־מילחמה...

איז נישט קיין ווונדער וואָס שלום עליכם האָט אויך אויסגעדריקט אין אָט דער דערציילונג אונדזערע היינטיקע געפילן (ווייל דער גורל פון די יידן איז אין דעמאָלטיקן פוילן געווען דער זעלביקער ווי אין היינטיקן, בעת היטלערן — אין תוך, אויב נישט אין פאַרנעם, — און דער ייד פון היינט פילט במילא דאָס זעל־ביקע, ווי ס'האָט געפילט דער ייד פון דעמאָלט):

„איך וואָלט געוועזן אַ בעלן צו וויסן, הערט איר, (זאָגט יאַנקל יונעוועער צו שלום עליכמען), וואָס פאַר אַ נקמה איז פאַראַן אויף דער וועלט, וואָס מיר זאָלן זיך ווינטשן צו דערלעבן אין אונדזערע אומזיסטיקע שונאים, די פּאָליאַקן? וואָס פאַר אַ שטראָף איז פאַראַן ביי גאָט, וואָס די דאָזיקע איידעלע רוצחים האָבן נישט פאַר־דינט ביי אונדז?"

אָבער יאַנקל יונעוועער האָט דאַן געפילט דאָס וואָס אַ סך יידן פילן היינט: עפּעס קענען זיי ביי זיך נישט פועלן צו דאַרשטן מיט אַ רויקן געוויסן נאָך נקמה.

„... טאָמער וועט איר פרעגן אַ קשיא (זאָגט יאַנקל יונעוועער — י. ר.): סטייטש, ווי טאָר עס אַ ייד זיין אַזאַ מין אַכזר און וועלן דערלעבן אויף יענעם אַזוי פיל שלעכטס, יענער מעג זיך זיין אַפילו אַ שונא, אין דער צייט וואָס אונדזערע חכמים זאָגן בפירוש, אַז ד אָ ס וו אָ ס פ אַ ר ד י ר א י ז נ י ש ט ג ו ט,

זאָלסטו יענעם נישט ווינטשן? זענט איר אפשר אויך גע־רעכט. נאָר איך וואָלט אַ בעלן געווען, אַז עמעצער אַנדערש זאָל זיין אויף מיין אָרט"...

מיט איין וואָרט: די דאָזיקע דערציילונג „טויזנט איין נאַכט" פאַרקערפּערט אַ שטיק יידישע געשיכטע. שוין דער נאָמען אַליין וואָס איז ווערט! „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט"!! די דאָזיקע דערציילונגען זיינען פאַנטאַסטיש, ווי די דערציי־לונגען פון „טויזנט און איין נאַכט", אָבער דאָס איז אַ ספּעציפישע פאַנטאַסטיק — אַן עכט יידישע...

אויף אַ הונדערט זייטלעך האָט שלום עליכם געגעבן די בעסטע פאַרקערפּע־רונג פון דער יידישער טראַגעדיע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. אונדזער גאַנצע — גאַנץ גרויסע — ליטעראַטור וועגן יענער מילחמה ווערט בלייך לגבי די דאָזיקע הונדערט זייטלעך.

# חיים נחמן ביאַליק

## א) אָן ביאַליקן

אַפּילו איצט, נאָך פינף און צוואַנציק יאָר, פילן מיר זיך פאַריתומט אָן ביאַליקן!

און גראָד זיינען דאָס געווען יאָרן ווען מיר האָבן זיך געפייניקט אין זיין שטראָפנדיקער טרייסט מער ווי ווען נישט איז.

זינט 1904, ווען די יידישע וועלט איז אויפגעטרייסלט געוואָרן פון ביאַליקס „שחיטה־שטאָט“, פלעגט דאָס פאָלק — זיין באַוווּסטזיניקער, לעבעדיקער און לעבנ־טראָגנדיקער טייל — ביי יעדער נאַציאָנאַלער אויפטרייסלונג איינבייגן דעם קאָפּ און אָנשטעלן דאָרשטיק די נשמה פאַר ביאַליקס צער־ און צאָרן־אויסבראָך, אין וועלכע דער האַס און די פאַראַכטונג זיינען געווען קינדער פון גרויסער ליבע.

די דאָזיקע עכט־נביאישע האַס־ און ליבע־אויסבראָכן זיינען געוואָרן אַ נאַציאָנאַלע נויטווענדיקייט.

און אין די לעצטע יאָרן, ווען אונדזער נאַציאָנאַלער אומגליק איז געוואָרן גרויס ווי די וועלט, איז נישט געווען ווער עס זאָל באַפרידיקן די דאָזיקע נויטווענדיקייט אונדזערע.

אמת, ביאַליק האָט די לעצטע צוויי יאָרצענדלינג פון זיין לעבן אויך צו אָפט געשוויגן. אַפילו די קאַטאַסטראָפע פון מיזרח־אייראָפּעישן יידישן קיבוץ אין 1914—1920 האָט אים נישט אַרויסגעריסן ווי געהעריק פון זיין שווייגן. אָבער דאַן האָט ער אונדז לכל הפחות געשענקט דאָס רעכט פון דערוואַרטונג — מיר האָבן געוווּסט, אַז דער ווולקאַן איז דאָ, אַז דער אויסבראָך קען יעדע רגע קומען.

אָבער אין די לעצטע יאָרצענדליגער איז נישט געווען אַפילו די האָפענונג, מיר האָבן נישט געהאַט אויף וואָס צו וואַרטן.

אין פּעריאָד פון 1914—1920 האָבן נאַציאָנאַל־פּיינפילנדיקע ייִדישע מענטשן געהאַט די מעגלעכקייט צו ליגן גאַנצענע נעכט מיט ווייט־אויפגעריסענע אויגן און נאָך מער אויפגעריסענע הערצער און פרעגן פיבערדיק אין דער נאַכט פון אונדזער לעבן: פאַר וואָס שווייגט ביאַליק? פאַר וואָס פאַרקערפּערט ער נישט אונדזער וויי און פּיין? פאַר וואָס וועקט ער נישט אונדזער עקל צו דער אייגענער שוואַכקייט, צו דער אייגענער קליינלעכקייט אין פאַרגלייך מיט אונדזער גורל?

אָבער אין די לעצטע יאָרצענדליגער איז שוין אַפילו נישט געווען די דאָזיקע מעגלעכקייט. דער ווייטיק אונדזערער האָט נישט געהאַט אויך דעם דאָזיקן ווענטיל, און ער איז געבליבן אין אונדז, געעגבערט און אַריינגעדרונגען אין יעדער צעלע פון אונדזער לייב און נשמה און אַלץ צעפרעסן, צעפרעסן...

פינף און צוואַנציק יאָר אָן ביאַליקן! ווי שווער עס איז געווען דער דאָזיקער צייט־פּעריאָד. ווי לייכטער עס פלעגט זיין אין שווערע צייטן מיט אים, מיט זיין וואָרט, אַפילו מיטן שטומען פאַרגעפיל פון זיין ווולקאַן־ענלעכן צאָרן..

אונדז איז לייכטער געווען מיט ביאַליקן; צי איז אָבער ביאַליקן אויך לייכטער געווען מיט אונדז? צי איז זיין שווייגן — אָט די צענטראַלע פּראָבלעם פון דער ביאַליק־ביאָגראַפיע — נישט קיין רעזולטאַט דווקא פון דעם וואָס אים איז שווער געווען מיט אונדז?

*

צווישן ביאַליקס לידער איז דאָ אַ געוויסע צאָל, וואָס זיינען נאָך שרעקלעכער פאַר די דירעקטע צער־ און צאָרן־לידער: דאָס זיינען די לידער, ווו דער צאָרן זידט נישט פון היץ, נאָר איז אָפּגעקילט און פאַרהאַרטעוועט צו פאַראַכטונג, צו רעזיגנאַציע. די דאָזיקע לידער האָבן איין צענטראַלע שטימונג: ער, דער פּאָעט, האָט אומזיסט געפּטרט זיינע כוחות, און אַזאַ שטימונג איז אפשר די שווערסטע, וואָס אַ מענטש קען האָבן. דער דיכטער זעט זיך ווי אַ טאָג־לוינער, ווי אַ שוואַרצאַרבע־טער, וועלכער האָט אָפּגעאַרבעט אומזיסט זיין טאָג און ער דאַרף אַוועקגיין אָן זיין לוין:

„און אויב אומזיסט צערונען איז מיין קראַפט — בין איך נישט שולדיק
ס'איז אייער שולד, און איר וועט מוזן די זינד טראָגן:
מיין האַמער האָט קיין אייזן אונטער זיך געפונען,
מיין האַק האָט אין צעפוילטן האָלץ זיך אָנגעשלאָגן.
איז גאָר נישט! איך וועל מיט מיין גורל מאַכן שלום,
פאַרשטעקט אין גאַרטל מיינע ווערקצייג און פאַרנומען
און טאָג געדונגענער ווי כ'בין, אָן לוין פאַר מיין טאָג אַרבעט
וועל איך מיך שטיל צוריקקערן, ווי כ'בין געקומען".

דעם שטאַרקסטן אויסדרוק, דעם טרייסטלאָזסטן, האָט די דאָזיקע שטימונג באַקומען אינעם ווייטערדיקן פערז: „זוכנדיק אייער גראָשן", — וואַרפט אונדז אין פּנים אַריין דער דיכטער מיט פאַראַכטונג, — „האָב איך פאַרלוירן מיין רענדל".

*

אויף ביאַליקן קוקן אַ סך ווי אויף אַ דיכטער, וואָס דאָס נאַציאָנאַלע האָט אויס־געפּילט דעם גאַנצן פאַרנעם פון זיין מוזע: קיין אַנדערע סטרונעס, האַלטן זיי, האָט זיין מוזע נישט פאַרמאָגט.

איך ווייס נישט, צי עס איז ווען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אַ מער פאַלשע און באַגרענעצטע מיינונג וועגן אַ דיכטער.

אין ביאַליקס אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן געפינט מען אָט־די אינטימסטע שטעלן:

„אַליין, אין אַ פינצטערן ווינקל, בין איך געוואַקסן אַלע מיינע טעג. יעט־וועדן טאָג האָב איך זיבן חלומות געבוירן און באַגראָבן, און קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט. אַ סך כוח און מוח האָב איך אויסגעבראַכט אויף גאָר נישט — און קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען, און קיינער האָט אויף דעם מיינע אויגן נישט געעפנט.

„די צניעותדיקע צאַרטע בלומען, וואָס האָבן פון זיך אַליין זיך צעבליט אין מיין האַרצן — האָב איך מיט מיינע הענט פאַרשטעלט מיט דעם ציטער פון אַ מאַ־מען. איך האָב זיי באַהאַלטן פאַרן געשפּעט פון גראָבע מענטשן, וואָס האָבן מיך תמיד אַרומגערינגלט, און חוזק געמאַכט און שפּאָט געמאַכט פון דעם, וואָס איז גע־ווען מיין לעבן.

„און מיין האַרץ, דער קערן מיינער, וואָס איז פון געבוירן אָן געווען צאַרט און איידל, האָט זיך אָנגענומען מיט אַ האַרטן שאָלעכץ, וואָס ציינער זאָלן זיך אין דעם צעברעכן, און אַזוי האָט זיך דער קערן אָפּגעהיט פון שמוציקע אָטעמס, פון בייזע אויגן און פון מענטשס שמוציקע הענט".

אָט אין די לירישע הויך־דיכטערישע אויטאָביאָגראַפישע שטעלן איז פאַר־קערפּערט ביאַליקס טראַגעדיע.

ביאַליקס טראַגעדיע — און ביאַליק האָט ווי אַ דיכטער איבערגעלעבט אַ גרויסע טראַגעדיע נישט נאָר אין דער קינדהייט, נאָר אויך שפּעטער — איז באַ־שטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט זיין צאַרטע לירע געמוזט פאַרוואַנדלען אין אַ קאַמף־טראָמפּייט. דאָס נאַציאָנאַל־פּאַטאָסדיקע האָט אין ביאַליקן כמעט אין גאַנצן פאַרשלונגען דאָס אינטים־לירישע. איין זייט פון ביאַליקס דיכטערישער נאַטור איז געבליבן אומבאַפרידיקט און דאָס האָט אים פאַרשאַפט לייד תמיד, אָבער באַזונ־דערס אומדערטרעגלעך פלעגט זיין פּיין ווערן דאַן, ווען ער פלעגט שפּירן, אַז זיין קרבן איז געווען אומזיסט. און די רעאַקציע דערויף איז געווען — זיין פולשטענ־דיקער אָדער כמעט פולשטענדיקער שווייגן.

אין איינעם פון זיינע בריוו (פון 16טן אויגוסט, 1915) שרייבט אחד העם: „צי דען וועלן אויך איצט מקויים ווערן ביאַליקס ווערטער, אַז אַפילו ביים שאַלן פון שופר וועט דער מת זיך נישט קיין ריר טאָן?"

ביאַליק האָט דאָס געשפּירט נאָך אַ סך פריִער, און די דערפאַרונג פון אונדזער לעבן האָט פאַר אים כסדר באַשטעטיקט די דאָזיקע ביטערע מורא זיינע פון יאָר 1897 (ווען דאָס ליד „אכן חציר העם" איז געשריבן געוואָרן), אַז דאָס ייִדישע פאָלק, וואָס איז נאַציאָנאַל געגליכן צו אַ מת, וועט נישט דערוואַכן אַפילו ביים קלאַנג פון שופר, אַפילו ביים שוידער פון די גרעסטע נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפעס.

און איצט, אין אַ צייט, וואָס דאָס יאָר 1915, ווען אחד העם האָט געשריבן זיין אויבן ציטירטן בריוו, זעט אויס קעגן איר ווי אַ קינדער־שפּיל, — איצט קומט נישט־ווילנדיק דער שווערסטער געדאַנק, שווער ווי ביאַליקס פאַראַכטנדיקע פערזן („זוכנדיק אייער גראָשן, האָב איך פאַרלוירן מיין רענדל"), ווי עס איז נישט שווער צו לעבן היינט אָן ביאַליקן, וואָלט אים, ביאַליקן, געוועזן זיין הונדערטפאַך שווערער צו לעבן היינט מיט אונדז. און מער נאָך ווי די אויסערלעכע צרות, וואָלט אים געדריקט דאָס בילד פון אַ פאָלק, וואָס אַפילו אַזאַ צייט־אָפּשניט ווי 1933־1945 האָט אים נישט באַוויזן צו מאַכן אַ ריזן־שטריך איבער גרויסע טיילן פון זיין ביז־איצטיקער איינשטעלונג צו זיין אייגענעם לעבן.

## ב) זיין גייסטיקע געשטאַלט

דאָס איז געווען אין 1922סטן אָדער 1923סטן יאָר. אין בערלין האָבן די רו־סישע און דייטשישע ייִדן (ציוניסטן) איינגעאָרדנט אַן אָונט לכבוד ביאַליקן, וועלכער האָט געוווינט אין דייטשלאַנד אין דער צייט צווישן זיין אַרויספאָר פון אָדעס און זיין באַזעצן זיך אין תל־אָביב. איך געדענק שוין נישט אויף וועלכער שפּראַך מען האָט באַגריסט ביאַליקן — אויף רוסיש אָדער אויף דייטש, אָבער דאָס געדענק איך אויף זיכער: נישט אויף ייִדיש און נישט אויף העברעיִש.

נאָך די באַגריסונג־רעדעס איז דאָס וואָרט געגעבן געוואָרן ביאַליקן. די נישט־הויכע, אָבער פעסטע פיגור פונעם גרויסן דיכטער האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול אָן דעם מינדסטן אויסדרוק פון אומנאַטירלעכקייט, פון פּאָזע, בלייבנדיק נייטראַל צו די שטורמישע אָוואַציעס, ווי נייטראַל עס איז אַ מרה־שחורהדיקער פעלדז צו די קלעפּ פון דעם אויפגעשוימטן כוואַליעס־שלאָג; און ווען די אַפּלאָדיסמענטן האָבן זיך איינגעשטילט, האָט דער דיכטער אָנגעהויבן ריידן אויף ייִדיש. אויף דער עסטראַדע און אין זאַל האָבן גענומען פּראָטעסטירן שטימען: „העברעיִש!“.

און דאָ איז געשען עפּעס אומגעריכטס: ביאַליקס אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן מיט צאָרן. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער פויסט אין טיש און אַרויסגעדונערט:

— דרך־ארץ פאַר ייִדיש! וואָס וואָלטן מיר איצט פאַרגעשטעלט מיט זיך, ווען נישט די ייִדישע שפּראַך? זי האָט פאַר אונדז אַלץ אויפגעהיט, אַפילו די העברעיִשע שפּראַך... איך וועל ריידן ייִדיש, נאָר ייִדיש!...

און ביי אַ פולער שטילקייט האָט ביאַליק געהאַלטן זיין רעדע אויף ייִדיש. די ערן־גוואַרדיע אויף דער עסטראַדע איז געזעסן ווי אַן אָפּגעשמיסענע דורך ביאַליקס צאָרן־בייטש.

נאָכן אָונט, אין די קולואַרן, האָב איך געהערט קאָמישע קאָמענטאַרן וועגן דעם אויבן באַשריבענעם אינצידענט:

— איינער פון ביאַליקס קאַפּריזן! ביאַליק קען זיך דאָס דערלויבן. אויף דעם איז ער דאָך ביאַליק...

ס'איז געווען אי לעכערלעך, אי פּאַראַדאָקסיק. דער בליק פון ביאַליקס צאָרן־

אויסבראַך האָט באַלויכטן די גייסטיקע סטיכיע — און געגעבן אַ מעגלעכקייט אַריינצובליקן טיף אין איר — פון גרעסטן דיכטער פון אונדזער מאָדערנער ליטעראַטור, און די קורצזיכטיקע נעמען דאָס אָן ווי אַ קאַפּריז פון אַ דיכטער!

מיר האָט דער דאָזיקער צופעליקער עפּיזאָד אין ביאַליקס ביאָגראַפיע געעפנט די אויגן אויפן עיקרדיקן וואָרצל פון ביאַליקס שאַפן, אויף זיין אָרגאַנישער, גייסטיקער ערלעכקייט, אויף זיין אָרגאַנישער שינאה צום מינדסטן פאַלש, צום פּוסט־בלײַענדיקן וואָרט.

דער דיכטער, אין וועמען די העברעיִשע שפּראַך האָט אויפגעלעבט צו אַ נייער יוגנט, דער דיכטער, וועמען זשאַבאָטינסקי האָט מיט רעכט באַצייכנט ווי דעם בישופמאַכער פון דער העברעיִשער שפּראַך, דער דאָזיקער דיכטער פייערט מיט צאָרן, ווען מע פאָדערט פון אים, ער זאָל ריידן העברעיִש?

געוויס, נאָר קורצזיכטיקע ייִדישיסטן וועלן פּרוּוון עקספּלואַטירן דעם דאָזיקן עפּיזאָד לטובת זייער אידעאָלאָגיע. ביאַליקס צאָרן־אויסבראַך האָט אין דער אמתן נישט קיין שום געמיינזאַמס מיטן אידעאָלאָגישן שפּראַכן־קאַמף אין אונדזער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

ביאַליקס צאָרן איז געווען אַן אימפּולסיווע רעאַקציע קעגן דער פּוסטער דעמאָנסטראַציע לטובת העברעיִש און קעגן ייִדיש מצד מענטשן, וועלכע האָבן אַליין קיין שום אינטימע באַציִונג נישט צו קיין איינער פון די דאָזיקע שפּראַכן. זיין נשמה האָט זיך צעבונטעוועט ביים פּרווו אַריינצושלעפּן אים אין דער אַטמאָספער פון פּסיידאָ־נאַציאָנאַלער צביעות. מענטשן וואָס ריידן אַליין רוסיש אָדער דייטש, האָבן די העזה זיך צו באַציִען מיט גרינגשאַצונג צו דער שפּראַך פון זיין מאַמען דער האָרעפּאַשניצע, צו דער שפּראַך פון זיין פאָטער, דעם דאָזיקן „דערנידעריקטן הייליקן", צו דער שפּראַך פון זיין „מתמיד", צו דער שפּראַך פון יענע אַלע דורות, וועלכע האָבן דערטראָגן צו אונדז דורך די שפּיצרוטן פון דער געשיכטע די ירושה פון ייִדישער פאָלקסהאַפטיקייט?!

יאָ, ביאַליקס צאָרן־אויסבראַך האָט מיך פאַרכישופט נישט נאָר מיט איר עסטעטישער שיינקייט, וואָס איז אייגן אַלע סטיכישע דערשיינונגען, — מיין נשמה האָט געיובלט קודם־כל דערפאַר, ווייל איך האָב דערזען, ווי שוין אויבן געזאָגט, דעם וואָרצל פון וועלכן עס איז אויסגעוואַקסן ביאַליקס שאַפן, וואָס צייכנט זיך אויס מיט זיין פולוואַגיקייט. און פולוואַגיק זיינען נישט נאָר זיינע ווערק ווי אַ גאַנצקייט, נאָר אויך יעדעס באַזונדערע וואָרט אין זיי איז שווער, געדיכט, דורכזיכטיק און לאַנגלעביק, ווי סטאַלאַקטיט־טראָפּנס וואָס שלאָגן דורך זייער וועג דורך דיקע באַרג־שיכטן. ביאַליקס נשמה פאַרטראָגט נישט קיין פאַלשקייט. יעדעס וואָרט זיינס דאַרף האָבן הינטער זיך אַ הונדערט־פּראָצענטיקע דעקונג פון געפיל און געדאַנק.

דער, וואָס וועט ווי ס'געהער צו זיין באַגרייפן דעם אויבן באַשריבענעם עפּיזאָד

מיט ביאַליקן, וועט באַקומען אַ שליסל צו פאַרשטיין אי זיינע נאַציאָנאַלע לידער פון צער און צאָרן, אי זיין באַרימט ענטפער־ליד אויף דער פייערונג פון זיין פופציק־יעריקן יובילײ, אי די פעריאָדן פון זיין שווייגן, באַזונדערס אין ארץ־ישראל.

ווען אַלע האָבן געזען, אָדער זיך באַמיט צו זען נאָר די פיזישע וואונדן פון די פאָגראָמען, האָט ביאַליק נישט געקענט פעלשן אין זיין געפיל און האָט אָנגעוויזן אויף דער אויפגעריסענער גייסטיקער וואונד אונדזערער, צו וועלכער מ׳האָט זיך שוין אַזוי צוגעוווינט אַז מע האָט אויפגעהערט זי צו באַמערקן און צו פילן.

ווען אַלע האָבן זיך פאַרשיכורט מיט די נאַציאָנאַלע מיטינגען און אַרטיקלען, האָט ביאַליק געזען — ריכטיקער: געפילט — דעם אויפגעריסענעם תהום צווישן די נאַציאָנאַלע לידער און אונדזערע מעשים, און אין מיטן פון דער נאַציאָנאַל־צעיומטובטער, ביליקער פראַזע האָבן זיך דערהערט, ווי אַ קלאַפּ מיטן פויסט אין טיש, זיינע שרעקלעכע ווערטער, וואָס זיינען נישט מסכים אויף קיין שום וואָפנ־שטילשטאַנד, אויב ער איז מיט אַ שאָטן פון פעלשונג:

„מיט אויפלעבונג־געזאַנג אויף די ליפּן און מיט פריילעכן געפילדער
וועלן מיר דערטאַנצן ביזן קבר...״

ביאַליקס גאַנצע נשמה האָט נישט אָנערקענט קיין קאָמפּראָמיסן, און אין דער דאָזיקער אָן־פשרותדיקייט איז זיין טיפסטער מהות געקומען צום אויסדרוק אויפן ריינסטן און פולסטן אופן.

נאָר דער וואָס גיט זיך אָפּ אַ חשבון פון ביאַליקס דאָזיקער אייגנשאַפט וועט ווי געהעריק אָפּשאַצן זיין שרעקלעך ליד „דיין אָטעם, גאָט״.

„דיין אָטעם, גאָט, איז מיר פאַרבײ, האָט מיך באַהויכט און מיך פאַרפלאַמט
און ס׳האָט דיין פינגערשפּיץ מיין האַרץ באַרירט איין קליינע רגע —
מיין האַרץ אין מיר האָט זיך צונויפגעפרעסט, און מיין געזאַנג
האָט נישט אַראָפּגעפּליצט פון מיינע ליפּן: מיט וואָס זאָל איך
אין הייליקייט אַריין, און ווי זאָל ריין זיין גאָר מיין תפילה?
אַז ס׳איז מיין שפּראַך געוואָרן אומווירדיק, אַ טריפה שפּראַך געוואָרן,
קיין וואָרט נישטאָ אין איר, וואָס איז נישט טמא ביזן וואָרצל.
קיין שפּרוך נישטאָ, וואָס ליפּן שמוציקע האָבן נישט פאַראומריייניקט,
קיין אויסדרוק דאָ, וואָס איז אין שאַנדהויז נישט געשלעפּט געוואָרן.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
עס זיינען מיך באַפאַלן גראַגעדריקע ווערטער, ווי אַ טשאַטע זונות,
פאַרשלייערטע אין פאַלשן ציר מיט שווינדלערישע חנדלעך,
— — — ממזרים פון געדאַנק און פעדער.
ווו זאָל איך פון געשטאַנק אַוועק? ווו זאָל איך מיך פון זיי באַהאַלטן?

איך וועל אַרויסגיין — — — צו די קינדער אין די גאַסן, וואָס שפּילן אומשולדיק,
איך וועל זיך אויסמישן מיט זיי, זייער גערייד און פּלאַפּל לערנען,
פון זייער אָטעם ריין ווערן, מיין מויל מיט זייער ריינקייט אָפּוואַשן."

דאָס איז נישט דאָס איינציקע מאָל, ווען דער שפּעטערער, זעלטן ריידנדיקער ביאַליק פילט ווי מיר זיינען מטמא זיין זיך צום נביאישן אַבסאָלוט — מיט אונדזערע קאָמפּראָמיסן און מיט אונדזער צביעות. און אָדער ער פלעגט שווייגן, אָדער דונערן און קלאַפּן אין טיש.

אין 1921סטן יאָר, אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס אין קאַרלסבאַד, איז ביאַליק אַרויסגעטרעטן פאַר אַ גרופּע גבירים מיט אַ גראַנדיעזן פּראָיעקט: מע דאַרף אויפּ־בויען לעבן תל־אָביב אַ שטאָט — אַ פאַרלאַג, אַן אינדוסטריעלע שטאָט, וואָס דאַרף פּראָדוצירן און אויפגראָבן פאַרן פאָלק זיין אַלטע, זיין אַלט־נייַע קולטור. די דאָזיקע פאַרלאַג־שטאָט דאַרף אַריינגעמען אין זיך אַלע שרייבערס, געלערנטע און קולטור־אַרבעטערס, כדי אין דער דאָזיקער קאָלעקטיווער קולטור־האָרעפּאַשנער אַטמאָס־פער אַנטוויקלען ביז אַ מאַקסימום די פּאָטענציעלע שעפערישע כוחות פון יעדן יחיד און פונעם גאַנצן קאָלעקטיוו.

די גבירים האָבן העפלעך אויסגעהערט דעם גרויסן דיכטער אין פונקט אַזוי העפלעך זיך אָפּגעזאָגט צו געבן פאַר דער דאָזיקער פאַנטאַזיע זייערע רעאַלע געלטער...

דער דיכטער, וועלכער האָט זיך דאַן געפונען אויפן וועג פון אָדעס קיין ארץ־ישראל, האָט אויפגעפלאַקערט מיט צאָרן און פאַראַכטונג צו די דאָזיקע פאַרטריקנ־טע הערצער: ער איז אָנגעלאָפן מיט אַ שרעקלעכן וואָרט־הוראַגאַן אויפן דאָזיקן ערב־רב, אָבער דער מעכטיקער וואָרט־האַמער פונעם דיכטער האָט פון זיי נישט געקענט אַרויסשלאָגן קיין איין פונק פון גייסט און טיפערן געפיל („מיין האַמער האָט קיין אַמבאָס אונטער זיך געפונען, מיין האַק האָט אין צעפוילטן האָלץ אריינ־געשלאָגן").

דער דיכטער האָט זיי נביאיש פאַרויסגעזאָגט, אַז זייערע פאַרמעגנס, וואָס ס'איז זיי אַ שאָד צו פאַרווענדן אויף אַ הייליקן ציל, זיינען סיי ווי פאַרמישפּט צו גיין לאיבוד.

אויך דאָס, ווי דער אויבן־געבראַכטער עפּיזאָד, איז נישט קיין אויסבראָך פון אַ שוואַך־נערוויקן מענטשן. ביאַליק איז געווען אַ גלייכגעוויכטיקער בעל־געזונט.

דאָס איז אַ טאַט פון אַ מענטשן וואָס קען נישט פאַרטראָגן אַפילו דעם שאָטן פון אַ קאָמפּראָמיס. אומעטום און תמיד וויל ער אַ קלאָרן טיש.

גרויסאַרטיק און גלייכצייטיק טראַגיש איז דער דאָזיקער עכטסטער גייסטיקער ביאַליקישער מהות געקומען צום אויסדרוק בעת דער פייערונג פון זיין פופציק־יאָריקן יובילײ.

ביאַליקס לעבנס־יובל איז געפייערט געוואָרן אין דער גאַנצער יידישער וועלט מיט דער גרעסטער פייערלעכקייט. דער יובליי פונעם נאַציאָנאַלן דיכטער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גייסטיקן פאָלקס־יום־טוב.

אָבער דער דיכטער האָט אויף די דאָזיקע פייערונגען געענטפערט נישט מיט קיין דאַנק־בריוו, ווי עס פירט זיך געוויינטלעך, נאָר מיט אַ מעכטיק ליד (אַן עכט ביאַליק־ליד). דאָס דאָזיקע ליד טראָגט דעם כאַראַקטעריסטישן נאָמען: „אונטער דער משא״. אָט איז דאָס ליד:

„פון משא פון אייער גרויס ליבשאַפט
שטיי איך געבויגן, פאַרלוירן;
ווי מיר, וואָס איך בין אַ גראָשן
ביי אייך אין דער פושקע געוואָרן.
וואָס זייט איר מיין הויז מיר באַפאַלן??
קיין טאָדל, קיין כבוד פאַרדין איך;
נישט דיכטער בין איך און נישט נביא —
אַ פשוטער האָלצהעקער בין איך.
די האַק איז מיין חבר מיין טרייער,
אין אַרבעט אַ טאָג אָפּגעפּטרט;
ס׳ווערט אָונט, די האַק איז פאַרחלשט,
און טעמפּ רוט מיין האַק, ווי פאַרמאַטערט...
פאַרדונגען מיין טאָג איז דער קורצער,
אַ פועל אין אייערע ערטער;
איך האָב נישט פאַר וואָס היינט צו יובלען
און איך האָב קיין צייט נישט פאַר ווערטער.
ווי קענען מיר ווייזן דעם פּנים,
וואָס קענען דעם מאָרגן מיר געבן?
זאָל יעדערער גיין צו זיין משא,
צום חשבון פון אייגענעם לעבן!״

דאָס דאָזיקע מעכטיקע געדיכט (וואָס ווערט, אַגב, ערטערווייז היפּש אָפּגעשוואַכט אין י. י. שוואַרצס איבערזעצונג. מיר האָבן בכלל זייער ווייניק גוטע יידישע איבערזעצונגען פון ביאַליקס לידער), וואָס האָט אַזאַ אינטימע ענלעכקייט מיטן אַנדערן באַרימטן ליד, „זעער, אַנטלויף!״, — האָט אַרויסגערופן אַנגעשטרענגטע באַציִונגען צווישן ביאַליקן און זיינע אָנהענגערס. די ביאַליק־פאַרערערס האָבן זיך געהאַלטן פאַר אומפאַרדינט באַליידיקט (ווי די ערך־גוואַרדיע אויף דער עסטראַדע אינעם בערלינער זאַל, בעת ביאַליקס קלאַפּ אין טיש: „דרך־ארץ פאַר יידיש״),

אָבער ביאַליק האָט צו פיל געפּאָדערט, כדי ער זאָל זיך באַפרידיקן מיט פייערונגען אין אַ יובּילײ־אַטמאָספער.

פונקט ווי די נביאי־האמת פונעם תנ״ך האָבן זיך נישט געקענט פאַרמעסטן מיט די נביאי־השקר, וואָס שייך די טרייסטנדיקע און איינשלעפערנדיקע פאַרזיכע־רונגען „פרידן! פרידן!“, אַזוי האָט זיך אויך ביאַליק נישט געקענט פאַרמעסטן מיט די פאַלשע נאַציאָנאַלע דיכטערס וואָס שייך זייער זעלבסטצופרידענער מילדקייט לגבי זיך און אַנדערע.

באַהאַנדלענדיק דעם מאָדנעם פענאָמען פון ביאַליקס שווייגן אין ארץ־ישראל און זיין פּאָעטישע אַקטיווקייט, ווי נאָר ער פלעגט אַרויספאָרן פון דאָרט, דערקלערט דאָס ערנסט סימאָן (דער דייטש־ייִדישער ביאַליק־ביאָגראַף) אויף אַזאַ אופן:

„ער, ביאַליק, איז געווען דער דיכטער פון נאַציאָנאַלער בענקשאַפט, אָבער נישט קיין דיכטער פון נאַציאָנאַלער דערפילונג. די בענקשאַפט האָט צעעפנט, און די דערפילונג האָט צוגעמאַכט זיינע לעפצן“.

דאָס איז אַ צו אויבערפלאַכלעכע דערקלערונג. דער אמת איז אַז ביאַליק איז געווען צו טיף און ערלעך אין זיין נאַציאָנאַלער בענקשאַפט נאָך עפּעס גרויס׳, כדי די איצטיקע דערפילונג זאָל אים האָבן געקענט באַפרידיקן. די האַלבקייט און די נעגאַטיווע זייט פון אַ סך דערשיינונגען אין ארץ־ישראל האָבן אומפאַרמיידלעך געמוזט סטימולירן אַ ווידערשטאַנד מצד זיין קאָמפּראָמיסלאָזער נאַטור. און ער האָט געשוויגן און ער האָט אָנגעשריבן זיין יובּילײ־ליד.

וואָס שייך זיין שווייגן האָט ביאַליק אויך אין גלות געהאַט זיין פּעריאָד פון שווייגן. ווייל פונקט ווי זיין לערער אחד־העם, פלעגט אויך ביאַליק נישט אַרויסריידן אויף פּוסט דעם נאָמען פון זיין גאָט. ער פלעגט שרייבן בלויז מיטן גאַנצן האַרצן און מיט דער גאַנצער נשמה. קיין האַלבקייט האָט ער נישט אָנערקענט נישט אין זיין שעפערישן לעבן, נישט אינעם לעבן פון זיין פאָלק.

*

ביאַליקס ביאָגראַפיע האָט איין אויסמעסטונג — פון טיפקייט. אויך אין דעם פּרט טיילט אונדזער נאַציאָנאַלער דיכטער דעם גורל פון גאַנצן פאָלק, וואָס די גע־שיכטע פון זיינע לעצטע יאָרהונדערטער ביז דער נייער צייט איז אַזוי אויסערלעך מאָנאָטאָן, אַזוי אָרעם אין אויסערלעך־פאַרביקע געשעענישן, — דערפאַר אָבער איז איר אויסמעסטונג — די טיף. ביאַליקס ביאָגראַפיע איז אַזוי אָרעם מיט גע־שעענישן, אַזוי איינטאָניק, אַזוי טיפּיש פאַרן אַלטפרענקישן אָרעמען ייִדן, אָבער ווי זי איז אַריינגעדרונגען אין דער פאָלקס־טיפענישן!

ביאַליק דערציילט אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן און לידער, ווי זיין פאָטער (וועלכן ער שילדערט מיט יראת הכבוד) פלעגט פאַרקויפן די פויערים

בראָנפן אין אָנגערויכערטן שיכורן שענק, אָבער ביים אָנגיסן די גלעזער בראָנפן, פלעגט ער אַריינקוקן אין אַ גמרא אָדער אין מדרש.

דאָס דאָזיקע בילד פון ייִדישן לעבן (געשאַפן פּאָעטיש דורכן לעבן גופא) האָט נישט נאָר געהאַט אַן אַנטשיידנדיקע ווירקונג אויף ביאַליקס באַציִונג צום לעבן פון זיין פאָלק (ווי באַשמוצט עס זאָל נישט האָבן געווען דאָס דאָזיקע לעבן, פלעגט ער דאָך זען ווי זיין בליק איז תמיד געווענדט צו אַ קדשי קדשים!), נאָר עס איז אויך אַ סימבאָל פאַר ביאַליקס לעבן: זיין בליק און זיין נשמה זיינען שטענדיק געווענדט צום העכערן, צום עיקר, צו דער טיף־אויסמעסטונג.

*

ווי אָרעם און איינטאָניק עס איז דאָס לעבן פון דעם דאָזיקן גרויסן עכט־ייִדישן, באמת באַציאָנאַלן דיכטער!

דער פאָטער, אַן אָרעמער אָנגעשטעלטער ביי אַן אַרענדאַטאָר פון אַ וואַלד מיט אַ מיל, פאַרלירט די שטעלע, ווערט נאָך אָרעמער און נעמט זיך צו שענקעריי.

די אָרעמע קינדהייט לאָזט אַריין אירע נעגל אין דעם קינדס נשמה. ער וועט שוין קיין מאָל נישט פאַרגעסן נישט די געשטאַלט פונעם פרי־פאַרשטאָרבענעם פאָטער, דעם דאָזיקן „דערנידעריקטן הייליקן", לויטן אויסדרוק פונעם דיכטער, נישט די געשטאַלט פון דער מוטער, דער יונגער אַלמנה, וואָס איז געצוווּנגען געווען צו ווערן אַ מאַרקזיצערן, איינע פון אַ גאַנצן קלאַס אומגליקלעכע ייִדישע פרויען, וואָס אויף זייער ביטערן גורל איז אויסגעפאַלן צו פירן — אין פּשוטן זין פון וואָרט — אַ קאַמף פאַרן טרוקענעם שטיקל ברויט.

אין זיין נישט פאַרענדיקטער אויטאָביאָגראַפישער פּאָעמע, שרייבט דער דיכ־טער, ווענדנדיק זיך צו דער „נישט־געטרייסטער" מוטער:

„... פונקט ווי איינער (איז) צוגענאָגלט צו זיין קרייץ,
אַזוי בין איך צוגענאָגלט צו דעם בילד פון דיין אַלמנהשאַפט, —
מייַן מאַמע אָרעמע, דו נישט געטרייסטע, נישט דערבאַרעמטע!
זע, מיינע שלייפן גרויען שוין, מיין שטערן איז צעקנייטשט, צערונצלט,
פיל חרפה בין איך אויסגעשטאַנען אין די יונגע יאָרן,
און פיל האָב איך זיך אויסגעלערנט שפעטער צו פאַרגעבן —
די חרפה אָבער פון דיין עלנט ברענט נאָך אַלץ אין מיינע ביינער,
און כ'קען נישט מוחל זיין. אויך דיר, מיין גאָט, קען איך נישט מוחל זיין!"

ווי שרעקלעך עס איז די באַשרייבונג פון זיין מאַמעס גורל, וועלכע איז גע־וואָרן איינע פון די „ווילדע קעץ, וואָס שטייען אין ביטערן געראַנגל פאַר יעדן ברעקל ביין, פאַר איטלעך שטיק פאַרמיאוסט פלייש, וואָס ווערט אין מיסט אַרויס־געוואָרפן"...

כדי צו פאַרלייכטערן איר אומדערטרעגלעכע לאַסט (וואָס איר זון האָט פאַר־אייביקט אין זיינע ערשטע און לעצטע געדיכטן וועגן דער אָרעמער מוטערלעכער שטוב), שיקט זי אָפּ איינעם פון אירע זין, דעם צוקונפטיקן דיכטער, צום זיידן.

הגם זיין פאָטער איז געווען אַ מתנגד און דער זיידע — אַ חסיד, באַמערקן מיר נישט ביי ביאַליקן די פאַרשיידנקייט פון די השפעות. ער האָט ביי ביידע איבערגענומען דאָס געמיינזאַמע — די גייסטיקע סובסטאַנץ פון זייער לעבן, זייער גייסטיקן אַדל. און ער וועט זיך שוין קיין מאָל נישט אָפּרייסן פון דעם דאָזיקן גייסטיקן וואָרצל! ווי אונדזער דיכטער זאָל זיך נישט רייסן צום פשוטן מענטשלעכן לעבן, צו נאָרמאַלער יוגנט, צו ליבע און צום ליכט פון דער זון, — וועט ער סיי ווי אויף אייביק זיין צוגעשמידט צום ספרים־שאַנק, ער וועט שוין אויף אייביק בלייבן אַ שטאַרקער רינג אין דער „גאָלדענער קייט" פון די דורות, ער וועט שוין תמיד בענקען נאָך דער פאַריתומטער שכינה.

אין זיינע כאַראַקטעריסטישע און בעסטע ווערק קומט צום אויסדרוק אָט די דאָזיקע סתירה. ער באַוויינט זיין פאַרשטערטע יוגנט און דאָך פילט ער, אַז אין איר אויסערלעכער אָרעמקייט איז זי פול געווען מיט אינערלעכן ליכט, מיט גייסטיקער פאַרביקייט. (ווי דאָס לעבן פון „המתמיד"). ער באַוויינט זיין ליבעלאָזע יוגנט און דאָך פילט ער, אַז ער האָט גרענעצלאָז געגאָסן אַלע זיסקייטן פון דער ליבע צו דער שכינה, צום קוואַל פון זיין פאָלקס טויזנטיעריקער פרייד:

„נעמט צו מיין גרוס, פאַרגעלטע אַלטע בלעטער,
נעמט אָן מיין קוש פאַר ליב, איר שלאָפּעדיקע אינעם שטויב.
פון ווייטע אינדזלען האָט זיך מיין נשמה אומגעקערט —
און ווי אַ וואַנדערטויב, מיט פליגל מיד און ציטערדיק,
קלאַפּט אָן זי ווידער אין איר יוגנטרנעסט.
דערקענט איר מיך? — איך בין דאָך אויך אַן אייגענער,
איך שטאַם פון אייך אַרויס, אַ נזיר אויף דער וועלט.
פון אַלע גאָטס מתנות אויף דער גרויסער ערד —
האָט דאָך מיין יוגנט אייך, בלויז אייך, געקענט..."

צוויי זאַכן האָט אונדזער גרויסער דיכטער קיין מאָל נישט געקענט פאַרגעסן און מוחל זיין אין משך פון זיין גאַנצן אויסערלעך־אָרעמען און אינערלעך־רייכן לעבן: די עקלדיקע, דערנידערנדיקע אָרעמקייט פון זיין קינדהייט, פון זיין פאַר־הערלעכטער מוטער, און די היינטצייטיקע גייסטיקע און מאָראַלישע אָרעמקייט פון זיין פאָלק.

## ג) ביאַליקס היסטאָרישער באַטייט

ווען מע נעמט אין דער האַנט אַריין ביאַליקס בוך לידער, האָט מען פאַר זיך מער ווי אַ קונסטווערק, — מ׳האָט פאַר זיך היסטאָרישע מעשים. און דאָס מאָל וויל איך טאַקע באַטראַכטן ביאַליקן נישט ווי אַ קינסטלער, נאָר ווי אַ היסטאָרישע קראַפט; איך וויל באַהאַנדלען ביאַליקס היסטאָרישן באַטייט.

די צייט ווען ביאַליק איז אַריין אין יידישן לעבן, ווערט אין אַ זייער קאָנדענסירטער פאָרעם געשילדערט פון ביאַליקן גופא, אין זיין בריוולייד צו אחד־העם, וואָס איז געווען ביאַליקס לערער און דער לערער פון ביאַליקס דור.

... דערצויגן פון יוגנט אויף קברים און שאָטן־געוועבן —
מיט יעטווידן גליד זיך געצאַפּלט, געריסן צום ליכט פונעם לעבן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

געווען איז פאַרמישט יעדער גרענעץ אין צייט פון דעם תהו־ובהו:
פון עלטער און יוגנט, פון אָנהייב און סוף, פון צעשטערן און בויען.
און מיר, פון דער איבערגאַנג־צייט אין באַוווסטזיין צי ניט,
מיר האָבן — — — — — —
אַ נביא געבעטן:
אַ נביא פון אמת זאָל קומען, דאָס האַרץ אונדז באַריר׳ן,
און אָנצינדן איבער די קעפּ אונדז זיין ליכטיקן שטערן און פיר׳ן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און מיר, די פאַרצווייפלטע, האָבן געבלאָנדזשעטע אָן גלויבן,
געשטאַנען פאַרווירטע אויפן שיידוועג: ווו גייט מען?...

**און דעמאָלט, אין יענער צייט, זאָגט ביאַליק:**

האָסט אויפגעלויכט, לערער, דיין שטערן, געוווּנקען פון אויבן,
און מיר זיינען אונטער דיין שטערן צוזאַמענגעקומען.

אָבער דאָס אייגענע וואָס ביאַליק זאָגט אין זיין נאָמען און אין נאָמען פון זיין דור צו אחד־העם, קענען מיר, אין אונדזער אייגענעם נאָמען און אין נאָמען פון אונדזער דור, זאָגן צו ביאַליקן.

*

מיר, דער דור פון אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, וואָס פאַר אונדזערע פלאַטערנדיקע הערצער, פאַר אונדזערע צעצווייטקטע נשמות און פאַר אונדזערע צערודערטע מוחות האָט ביאַליק געזונגען און געדונערט, — מיר קענען זאָגן וועגן ביאַליקן אויך די ווייטערדיקע ווערטער, וואָס ביאַליק זאָגט זיין גרויסן רבין, אחד־העמען, אין זיין באַגייסטערנדיקן בריוולידל צו אים:

...און אויב עס פאַרלויפט זיך אין אונדזערע דורות, אַז ס'טוט זיך אַנטדעקן
די שכינה צו איינעם פון פאָלק, הגם צעשטראַלט מיט נחמה —
דאַן האָט זי אין קיינעם אַזוי ניט געלאָזט זיך אַנטפּלעקן,
ווי זי האָט אַנטפּלעקט זיך אין דיר, דורך דיין גרויסער נשמה.

אָט די נישט־גוזמאדיקע ווערטער, וואָס ביאַליק האָט געזאָגט וועגן דעם נאַציאָנאַלן דענקער פון  ז יי ן  תקופה, פון דער תקופה פון פונאַנדערפאַל און אויפבוי, קענען מיר, אָן מורא מגזם צו זיין, אָנווענדן אויף דעם נאַציאָנאַלן דיכטער פון  א ו נ ד ז ע ר  תקופה פון פונאַנדערפאַל און אויפבוי.

ביאַליקס אויסנעמלעכע גרויסקייט ליגט נישט אַזוי אין זיין קונסט (מיר האָבן אין די לעצטע צוויי דורות אַרויסגעגעבן אַ סך גרויסע קינסטלערס) ווי אין דעם וואָס ער איז אַ נאַציאָנאַלער דיכטער. וואָס איז אָבער אַ נאַציאָנאַלער דיכטער?

אייגנטלעך זיינען אַלע דיכטערס פון אַ פאָלק נאַציאָנאַלע דיכטערס, — זיי געהערן אַלע צו דער נאַציע, וואָס איר קולטור דינען זיי און באַרייכערן זי. אָבער עס איז דאָך דאָ אַן אונטערשייד, און טאַקע גאָר אַ גרויסער, צווישן דיכטערס וואָס זינגען פאַרן פאָלק און וועגן אים, און צווישן אַ דיכטער וואָס שמידט דעם גורל פון פאָלק, וואָס ווייזט אים דעם וועג, אין וועלכן ער דאַרף גיין אין אַן אַנטשיידע־נעם מאָמענט פון זיין לעבן, ווען דאָס פאָלק שטייט אויפן שיידוועג און זוכט „אַ נביא פון אמת". און דאָס האָט געטאָן ביאַליק. און דערפאַר איז ער  ד ע ר  נאַ־ציאָנאַלער דיכטער פון אונדזער לעצטער תקופה, וואָס וועט אַריינגיין אין דער געשיכטע ווי אַן עפּאָכע פון גרויסן פונאַנדערפאַל און אויפבוי.

אַ פאָלק האָט גענומען זיך פונאַנדערפאַלן שטיקערווייז, אָבער צו גלייכער צייט האָבן די שטיקער געפונען אין זיך גענוג לעבנס־כוחות אויפצובויען פאַר זיך, פון די אייגענע רעשטלעך, אַ נייעם עקסיסטענץ־פעיִקן אָרגאַניזם. און דער וואָס האָט אים געהאָלפן צו דערגראָבן זיך צו זיינע טיף־ליגנדיקע וויטאַלע כוחות, איז געווען ביאַליק. דערפאַר איז ער  ד ע ר  נאַציאָנאַלער דיכטער פון דער היינטיקער תקופה אין אונדזער געשיכטע.

*

צו ערשט האָט ער דאָס געטאָן מיט זיין „המתמיד". „המתמיד" איז אַ שיין, גרויס דיכטעריש ווערק. אָבער דער נאַציאָנאַלער באַטייט זיינער שטייגט ווייט

אַריבער זיין קונסט. די קונסט פונעם דאָזיקן ווערק, ד״ה דער שטאַרקער און רירנ־דיקער אויסדרוק וואָס ער האָט געגעבן דער טעמע, האָט מיטגעהאָלפן דעם נאַציאָ־נאַלן באַטייט פון אָט דעם ווערק צו ווערן ווירקעוודיק, אַריינצודרינגען אין געמיט פון פאָלק און דערפילן איר שליחות; אָבער אָט די נאַציאָנאַלע ווירקונג איז נישט דער ערך גרעסער ווי די קונסט פון דעם ווערק. מיט אַנדערע ווערטער: אָן זיין קונסט וואָלט דאָס־אָ וויכטיקע נאַציאָנאַלע ווערק נישט געווען בכוח אויפצוטאָן דאָס וואָס עס האָט אויפגעטאָן; אָבער אָן זיין נאַציאָנאַלער ראָזשינקע, וואָלט דאָס ווערק נישט געווען אַזוי גרויס און היסטאָריש באַדייטנדיק.

אין וואָס באַשטייט אָט די נאַציאָנאַלע ראָזשינקע פונעם „המתמיד״?

ביאַליק זעט דעם גורל פונעם מתמיד (וואָס איז געווען אַ מין פאָלקס־אינס־טיטוציע, ווייל איטלעכע מאַמע און איטלעכער טאַטע האָבן געוואָלט, אַז זייערע זין זאָלן זיין מתמידים) אין זיינע צווייי אויסמעסטונגען: אין דער יחידישער און אין דער נאַציאָנאַלער.

*

אין זיין יחידישער אויסמעסטונג זעט ביאַליק דעם מתמיד ווי אַ זינלאָזן קרבן. ער פאַרברענט זיין יוגנט, מיט איר שיינקייט און ליבע, מיט איר פיזישער קראַפט און איר פרייען אויסלעבן זיך, אויף דעם מיזבח פון אַ כימערע, פון אַ גאָט, אין וועלכן מען האָט אויפגעהערט גלייבן. „אויף וואָס גייט לאיבוד די ריזיקע קראַפט?״ — שרייט אויס ביאַליק.

אויך אין דער דאָזיקער יחידישער אויסמעסטונג פונעם מתמיד איז פאַראַן אַ געוויסער נאַציאָנאַלער מאָמענט: ביאַליק ווייטיקט אי פאַרן יחיד, וואָס זיין ריזיקע קראַפט גייט לאיבוד, אי פאַרן כלל וואָס פאַרלירט דאָך אויך אָט די אינדיווי־דועלע כוחות.

דער פּאָעט דערפילט, אַז אויב יעדער יחיד פאַרלירט ז י ך , פאַרלירט דער כלל אַלע מתמידים — יחידים:

...ווי שטאַרק און געזונט איז דער קערן,
די זריעה וואָס ליגט אין דעם פעלד טיף באַהאַלטן;
ווי גרויס וואָלט די ברכה געווען, ווען עס וואָלט אייך
אַן איינציקער וואַרעמער זונשטראַל צעשפּאַלטן.
פיל וואָלטן מיר גאַרבן מיט שימחה געשניטן
ווען ס׳וואָלט נאָר אין אייך אַ מילד ווינטל געבלאָזן —
און אָפּגערוימט וואָלט ער דעם וועג צו ישיבה
וואָס איז אַזוי ווילד און אוממענטשלעך פאַרלאָזן.
און כ׳וויס, אייער סוף ווי פאַרשוועכט איז און שרעקלעך —
מיין אומגליקלעך פאָלק, אַ ווי לייד טוסטו מיר!

ווי טרוקן, פאַרשאָלטן דאַרף זיין שוין די נחלה,
אויב קערנער אַזעלכע פאַרשימלען אין איר!

אָבער נישט אָט די טראַגעדיע איז דער גרויס־נאַציאָנאַלער מאָמענט, וועגן וועלכן איך האָב דערמאָנט אויבן: דאָס איז בלויז אַ נאַציאָנאַלער שאָטן, וואָס דער יחידישער גורל פונעם מתמיד וואַרפט פון זיך — אין דיכטערס געדאַנק און געמיט — ווען דער דיכטער דערשפּירט ביז ווייטיק דעם יחידישן גורל פונעם מתמיד, זיין אומזיסטן אומקום, וואָס די פּאָעמע שילדערט מיט אַזעלכע בולטע האַרצפּאַר־קלעמענדיקע פאַרבן.

דער גרויס־נאַציאָנאַלער מאָמענט פונעם „המתמיד" איז נישט קיין נאַציאָנאַלע אויסברייטערונג פונעם מתמידס יחידישן קרבן (נישט נאָר דער יחיד פאַרלירט זיין לעבן, אויך דער כלל פאַרלירט עס, און טאַקע נישט איין לעבן, נאָר אַ סך), ביי׳ערט ער שטייט אין סתירה צום געפיל, אַז דער קרבן פונעם מתמיד איז אַן אומזיסטער.

ביאַליק האָט נאָך נישט באַוויזן צו ענדיקן זיין הספד איבערן אומזיסטן אומקום פונעם מתמיד, און שוין האָט ער דערפילט אַז דאָס איז בלויז איין זייט פון דער מטבע, וואָס פאַרמאָגט אויך אַ צווייטע זייט — פון זין, פון זינפולקייט.

צו ערשט זעט ער אויך אָט דעם זינען אין זיין יחידישער געשטאַלט.

די גאַנצע פּאָעמע איז אַ טיפע פּסיכאָלאָגישע שילדערונג פון דעם מתמידס עקידה. אָבער ווען דער דיכטער — צעוואָרעמט פון מיטגעפיל צו זיך און צו זיינע חברים־מתמידים — רופט אויס:

וואָס ווערן אַזוינע נשמות באַשאַפן,
וואָס גייען זיי אונטער און לעבן אומזיסט? —

— — — — — — — — — — — — — — —

צי ווייס ער זיין אומגליק, צי פילט ער זיין שמאַרץ?

דערפילט ער פלוצעם — פון זיין אייגענער איבערלעבונג — אַז דער מתמיד האָט אויך געוווסט פון יחידישן גליק:

זיין אומגליק — פאַר וואָס? אַ, ווער קען דאָס דערזוכן,
אַז מענטשן איז צו בעסערס באַשאַפן אין לעבן?
פאַר וואָס זאָל דאָס יינגל ניט זיין אויך צופרידן,
מיט דעם וואָס ער האָט אים זיין ווינקל געגעבן?...

— — — — — — — — — — — — — — —

אין קעלערס, אויף ביידעמער לערנען בגנבה
דאָרט האָבן זיך אונדזערע קינדער באַהאַלטן —

אַראָפּ צו אונדז זיינען פון ביידעמער גאונים,
און ליכטער אָרויס פון די פינצטערע שפּאַלטן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס קוקן די בחורים אָן אים מיט קינאה
און זעען פאָרויס אים אַ צוקונפט אַ גרויסע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער זעט דאָך אַ לוין פאַר זיין מי פאַר זיין שווערער —
מען רופט אים אי מתמיד, אי עילוי, — אין צווייען.
עס שימערט אַיין קרוין אויפן קאָפּ פון אַ קיניג,
מיט איין לאָרבערקראַנץ, און ניט מער, טוט מען לייגען
דעם קאָפּ פון אַ העלד, פון אַ גטטלעכן דיכטער —
דעם קאָפּ פון דעם יינגל באַצירן צוויי קרוינען...

איז אויך, הייסט עס, זיין פּערזענלעכער גורל נישט אין גאַנצן האָפענונגלאָז. אָבער דער דיכטער דערזעט אינעם גורל פון מתמיד עפּעס מער ווי דעם פּערזענלעכן באַטייט, דעם פּערזענלעכן זינען פון זיין קרבן, — ער דערזעט זיין גאַנצן נאַציאָנאַלן זינען. נאָכן געפינען אַ טרייסט פאַרן יחידישן גורל פונעם מתמיד, געפינט ער אויך אַ טעם אינעם נאַציאָנאַלן פאַרלוסט פון די מתמידישע יחידישע לעבנס.

„צי דאָ ווערט געבוירן דורך פייער און שטראַל
די נשמה פון פאָלק און דאָס אייביקע לעבן?
צי דאָ פליסט פון וואַרעמען פאָלקסבלוט דער קוואַל?
צי דאָ זיינען ליכטער אין צוקונפט, וואָס שאַפן
און שמידן דעם פאָלק אויס אַן אייביקן גייסט?
וואָס אַנדערש דען זיינען די פלאַמען, די קולות
וואָס טראָגן צום הימל דאָס האַרץ אַזוי דרייסט?
ווער האָט אין די בלעטער אַ כישוף באַהאַלטן,
מיט וואָס פאַר אַ קראַפט איז דאָס וואָרט דורכגעדרונגען
צו צינדן אין טונקעלע אויגן די פלאַמען,
פון הערצער דערשלאָגענע אויסשיסן פונקען?
... צי הערסטו, צי פילסטו
די ליבשאַפט די גרעסטע וואָס פלאַקערט מיט גלוט?
צי גיט דיך אַ מאַכטיקע האַנט נישט אַ שליידער
אין ענדלאָזער הויכקייט, אין וועיטקייט אָן ברעג —"

אָט דאָ האָט דער דיכטער אָנגערירט דעם גרויס־נאַציאָנאַלן מאָמענט פון מתמידס גורל:

דער דיכטער באַנעמט טיף דעם גרויס־נאַציאָנאַלן מאָמענט פון מתמידס גורל: פערזענלעך ווערט ער פאַרברענט, ווערט געבראַכט פאַר אַ קרבן, אָבער זיין קרבן האָט ביים טויט אויסגעקויפט זיין פאָלק; דער פלאַם, וואָס האָט דעם מתמיד גע־ברענט, האָט דעם פאָלק געוואַרעמט; דאָס לעבן וואָס דער מתמיד האָט אָפּגעגעבן, איז נישט געגאַנגען אין ניוועץ — דאָס פאָלק האָט מיט אים דערנערט זיין, דעם פאָלקס, לעבן.

פאַרן דור וואָס האָט אויפגעהערט צו פילן און אָפילו צו פאַרשטיין דעם נאַציאָנאַלן זינען פון דעם מתמידס לעבן — האָט ביאַליק אָפּגעגראָבן אָט דעם זינען. ביים שילדערן דעם פערזענלעכן אומקום פון מתמיד האָט ער באַלויכטן זיין נאַציאָנאַלע מזל־ברכה.

און ווער קען עס געגנוי אויסמעסטן מיט וואָס ביאַליק האָט געווירקט מער אויפן נאַציאָנאַלן אינסטיטוט פונעם מאָדערנעם חלוציזם: צי מיט זיין „תחזקנה“, צי מיט זיין „המתמיד?“

צי זיינען די חלוצים נישט קיין דירעקטע היסטאָרישע יורשים פון די מתמידים? אויך דער חלוץ ברענגט זיך פאַר אַ קרבן, און ווי מען זאָל אין דעם דאָזיקן קרבן נישט געפינען קיין פערזענלעכע באַפרידיקונג, איז ער נישט דער ערך זינפולער אין נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב. דער חלוץ איז זיך מקריב, כדי דאָס פאָלק זאָל לעבן.

ביאַליק האָט היסטאָריש מעגלעך געמאַכט אָט־די המשכדיקייט, מחמת ער האָט עמאָציאָנעל געגעבן אַ תוכן און אַ זינען אָט דעם גרויסן קרבן פון דורות.

באַוווּסטזיניק אפשר נישט, אָבער אומבאַוווּסטזיניק האָט אויפן חלוצס באַשלוס צו פאַרשפאַרן זיין לעבן אין אַ קיבוץ, זיכער געווירקט ביאַליקס „המתמיד“...

די עמאָציאָנעלע רעהאַבילימאַציע פון היסטאָרישן „המתמיד“־אינסטיטוט האָט גרינגער געמאַכט דעם וועג פון דער יידישער יוגנט צום היסטאָרישן חלוץ־אינס־טיטוט. ביאַליק האָט געהאָלפן טראַנספערירן דעם היסטאָריש־אידעאַליסטישן שטראָם פון בית־המדרש־בחור (אַ שטראָם וואָס האָט גענומען שפּאַרן אין פרעמדע בעטן אין דער עפּאָכע פון גרויסן פונאַנדערפאַל), אינעם אידעאַליסטיש־היסטאָרישן טייכ־מולטער פון דער הכשרה און פונעם קיבוץ.

דורך צוגעבן אַ היסטאָרישן, היינטצייטיק־נאַציאָנאַלן זינען דעם מתמיד־לעבן (אַ זינען וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן פאַרלירן), האָט ער אים אָפּגעראַטעוועט פון אָנגעמען אין גאַנצן אַ פרעמדע ריכטונג. ער האָט אים אָפּגעראַטעוועט פאַר אונדז גופא. ער האָט אָפּגעגראָבן זיין גרויסן זין פון זעלבסט־מקריב־זיין־זיך, און די באַ־זינטע דערהויבענע קראַפט האָט געפונען פאַר זיך אַ נייעם פורעם.

דער מתמיד, וואָס ביאַליק האָט אים מספיד געווען, איז גאָר נישט געבליבן טויט; ער איז אויפגעשטאַנען צו אַ ניי לעבן.

**און ביאַליק גופא האָט אים געהאָלפן דערצו דורך זיין טיפערן באַנעמען דעם** מתמידס גורל.

*

דער „המתמיד" איז אָבער נאָר דער ערשטער אויסבראָך פון ביאַליקס נאַציאָ־נאַלן שאַפן; דעם קלימאַקס פונעם דאָזיקן היסטאָריש־סטימולירנדיקן שאַפן האָט ביאַליק דערגרייכט אין זיינע „שירי הזעם", אין די צער־ און צאָרן־לידער, אין זיינע נביאישע שטראָפרייד.

ווען ירמיהו וויל אויסדריקן גאָטס ליבע צום יידישן פאָלק, זאָגט ער צום פאָלק, אין גאָטס נאָמען, די צאַרטסטע ווערטער: „זכרתי לך חסד נעוריך", — „איך געדענק דיר דעם חסד פון דיין יוגנטצייט". ווען איך וואָלט באַדאַרפט פיקסירן מיין טיפסטן געפיל צו ביאַליקס שאַפן אין אַן אויפשריפט אויף אַ דענקמאָל פאַר ביאַליקן, וואָלט איך געוועזן פאַראַפראַזירט פאַר אים, אין נאָמען פון זיין און מיין פאָלק, ירמיהוס צאַרט־סטע ווערטער: „זכרתי לך זעם שיריך", — „איך געדענק דיר דעם חסד פון דיינע צאָרנלידער".

אָט דער צאָרן איז געווען פאַרן יידישן פאָלק דער גרעסטער חסד, וואָס דער גרעסטער אוהב פונעם איבערגאַנג־דור האָט אים געקענט אַרויסווייזן.

ביאַליקס צאָרן איז געווען דער גרעסטער ליבע־געשאַנק, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט באַקומען אויף זיין גרויזאַמען פרשת־דרכים אין אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט.

דאָ איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס אַפילו די נביאים האָבן זיך נאָר זעלטן דערלויבט.

די נביאים פלעגן שטראָפן דאָס יידישע פאָלק, אים אָפט פאָרויסגעזאָגט חורבן; אָבער ווען דער חורבן פלעגט קומען, ווען דאָס פאָלק פלעגט זיצן מיט אַש אויפן קאָפּ, האָבן זיי אים זעלטן געשאָטן זאַלץ אויף די ווונדן; זיי פלעגן אים טרייסטן, איינגעמען ווי אַ שווער באַשטראָפט קינד...

און דאָ קומט אַ דיכטער צו אַ פאָלק וואָס זיצט שבעה נאָך אַ קישיניעווו, און אַנשטאָט צו באַוויינען די קרבנות, אַנשטאָט צוצוגעבן מוט די שווער־געטראָפענע, באַטויבט ער עס גאָר מיטן שווערן האַמער פון צאָרן, שטראָפט עס פאַר זיין זיצן און גלעטן זיך די ווונדן, אַנשטאָט צו קאָרטשען זיך פאַר חרפה...

און דאָס פאָלק האָט אים נישט געלינטשט פון כעס, וואָס ער שטעכט עס אין זיין ביטער־זיסן זעלבסט־רחמנות־געפיל, — דאָס פאָלק האָט דערפילט דעם ליבע־מקור פון דאָזיקן צאָרן; דאָס פאָלק האָט זיך אַליין דערזען מיט די אויגן פון ביאַליקן און האָט אויפגעשוידערט, ווען עס איז צו זיך געקומען נאָך דער ערשטער באַטויבונג.

„בעיר ההריגה" איז געווען אַ סם, וואָס שטאַרקט; אַ שאָק, וואָס היילט.

ביאַליק האָט דערזען דעם פּאָגראָם נישט פון טראַדיציאָנעלן קוקווינקל, נאָר פון אַ גאַנץ אַנדער פּערספּעקטיוו; דער אַלטער, פון אַלטקייט נאָרמאַל־געוואָרענער אומגליק, איז פאַר אים דערשינען נישט פון דער אַקטיווער זייט פון די רוצחים, נאָר פון דער פּאַסיווער זייט פון די קרבנות: פאַר וואָס לעקן זיי די ווונדן, וואָס זיי לאָזן זיך פאַרשאָפן פּאַסיוו? פאַר וואָס שטעלן זיי נישט קיין ווידערשטאַנד? פאַר וואָס נעמען זיי אויף די קישיניעווס ווי אַן איינגעשטעלטן סדר־העולם? פאַר וואָס רעוואָלטירן זיי נישט קעגן גאָט, קעגן דער וועלט, קעגן זיך גופא?

און ביאַליק האָט דעם נשמה־פּראָטעסט זיינעם געגעבן אַזאַ מעכטיקן אויס־דרוק, אַז דאָס פאָלק האָט זיך אין זיין אומגליק דערזען מיט אַנדערע אויגן, מיט ביאַליקס אויגן.

„בעיר ההריגה" האָט אַרויסגערופן אַ פּסיכישע רעוואָלוציע אין יידישן פאָלק, און די פּסיכישע רעוואָלוציע האָט אַרויסגערופן אַ רעוואָלוציע אין לעבן.

די זעלבשוץ־באַוועגונג נאָכן קישיניעווער פּאָגראָם איז אין אַ גרויסער מאָס דער פאַרדינסט פון ביאַליקס „בעיר ההריגה" („אין דער שחיטה שטאָט").

[איך געדענק: איך האָב אַ מאָל, ווי אַ יונגער בחור, אויסגעלייזט ביי אַן עסנוואַרג־קרעמער אַ בראָשור אין רוסיש — זשאַבאָטינסקיס איבערזעצונג פון ביאַליקס „שחיטה־שטאָט". דאָס איז געווען אַ רויע איבערזעצונג (וואָס איז פאַר דער אויס־גאָבע פון ביאַליקס ווערק אין זשאַבאָטינסקיס באַרימטער רוסישער איבערזעצונג איבערגעאַרבעט געוואָרן). ווען איך האָב געלייענט זשאַבאָטינסקיס דיכטערישן פאָר־וואָרט צו יענער איבערזעצונג און כ'בין געקומען צו די ווערטער, מיט וועלכע ער ווענדט זיך צו ביאַליקן, ער זאָל נישט פאַראיבל האָבן אויף די קינסטלערישע בלויזן אין דער איבערזעצונג, ווייל מען קען נישט וואַרטן מיטן אַרומשלייפן זי, ווייל דער שטורעם דערנעענטערט זיך, מ'הערט שוין דונערן, — האָב איך ערשט דאַן דערפילט ווי גרויס עס איז ביאַליקס ווערק: מ'האָט מיט אים געמאַכט געשיכטע; מען האָט מיט אים געפורעמט געשיכטע].

ווען דער פּאָגראָם־שטורעם האָט זיך געהאַלטן אין דערנעענטערן צו אָדעס, האָט מען אין געאייל באַשלאָסן אַרויסצוגעבן ביאַליקס דערשיטערנדיק ווערק אין אַ רוסי־שער איבערזעצונג (פאַר דער רוסיפיצירטער יידישער יוגנט), כדי עס זאָל העלפן מאָביליזירן די יוגנט און צוגרייטן זי פּסיכיש פאַר אַ פיזישן ווידערשטאַנד.

*

ביאַליק האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע נישט נאָר אין אונדזער ליטעראַטור, נאָר אויך אין אונדזער לעבן. און ער פעלט אונדז אויך היינט.

פאַר די לעצטע יאָרן, נאָך ביאַליקס טויט, האָט ער אונדז געפעלט דריי מאָל:

ער האָט אונדז געפעלט אויף צו געבן אַ תיקון אין צער־ און צאָרן־לידער אונ־דזער גרויסן חורבן.

קיינער האָט נאָך נישט געגעבן, נאָכן היינטיקן גרויליקן חורבן, אַזאַ שטאַרקן אויסדרוק סיי אונדזער קלאָג, סיי אונדזער קללה, — ווי ביאַליק האָט דאָס געטאָן נאָך קישיניעוו.

ביאַליק האָט אונדז געפעלט אויף צו באַזינגען דעם גרויסן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, אויף צו באַזינגען דעם גרויסן נס פון די עקזאָדוס־שיפן און פון די ישראל־קאַמפן.

וואָלט ער דען נישט דערזען פאַר זיך, ווי לעבעדיקע, אין די עקזאָדוס־פליטים זיינע אויסגעטרוימטע „מתי־מדבר“ אין זייער בונט קעגן גאָט און קעגן דעם אַרומיקן מידבר, וואָס בושעוועט קעגן זיי מיט שינאה?

ווי שטאַרק עס וואָלט זיך געוווען צעוויגט ביאַליקס נבואה־וואָרט, ווען ער וואָלט דערהערט פון מויל פון לעבעדיק־געוואָרענע מ ת י ־ מ י ד ב ר זיינע אויסגע־טרוימטע ווערטער:

עס דונערט אַ שטים פון די זעקס הונדערט טויזנט העלדן,
אַ שטים וואָס שטייגט איבער דעם שטורעם פון ברויזיקן מידבר;
אַרום זיי — דער שטורעם, אַרום זיי דער צאָרן.
עס דונערט:

מיר העלדן!
דער דור וואָס איז לעצטער צו קנעכטשאַפט און ערשטער — צו פרייהייט!
אונדזער אייגענע האַנט, אונדזער אייגענע מאַכט
האָט צעבראָכן דעם יאָך אונטער וועלכן מיר האָבן געשמאַכט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויב גאָט האָט פאַרבאָרגן זיין פנים מיט צאָרן,
און ס׳וועט אונדז אין קאַמף ניט באַגלייטן זיין אָרון —
דאַן וועלן מיר אויסקומען אָן אים!
און אונטער זיין צאָרנדיק אויג, צום בליץ צו דעם שאַרפן,
די אייזערנע בערגוועגט צעברעכן, צעוואַרפן —
פאַרמעסטן זיך כוחות מיט אונדזערע שונאים!
האָרכט!
עס רייסט זיך דער מידבר אין פורכטבאַרן ווּט:
דאָס שרייט אונדז דער שטורעם: פאַרלירט ניט דעם מוט!
צו שווערדן! צו שפיזן! און זאָלן זיך ברעכן די בערג און די וואַלן,
אָדער — עס זאָלן דאָ מחנותוויז אונדזערע פגרים אויספאַלן!
מיר מוזן אַריבער
דעם באַרג! — —

יאָ, ביאַליק וואָלט געווען דערפילט, אַז זיינע לידער האָבן געהאָלפן אויס־האָדעווען לעבעדיקע ריזן און ער וואָלט געשאַפן דאָס ליד וואָס זאָל געבן אַן אויסדרוק נישט דער לעגענדע פון די „מתי־מידבר", נאָר די ווירקלעכע ים־ און מידבר־שטורמערס, די לעבעדיקע געטאָ־, עקזאָדוס־ און ישראל־העלדן.

און ביאַליק פעלט אונדז צום דריטן מאָל איצט, אויף צו שטראָפן אונדז, ווי נאָר ביאַליק האָט געקענט שטראָפן, פאַר אונדזער קליינקייט סיי לגבי דעם גרויסן חורבן, סיי לגבי דעם גרויסן נס.

עס פעלט אונדז ביאַליקס ליד פון צער; עס פעלט אונדז ביאַליקס ליד פון בונט; אָבער דער עיקר פעלט אונדז ביאַליקס צאָרן, זיין צאָרנגנאָד, זיין דונערן קעגן אונדזער קליינקייט, כדי די דערפילטע חרפה פאַר זיך גופא זאָל אונדז העלפן גובר זיין אין זיך די קליינקייט אונדזערע.

ווי שטאַרק מיר בייטיקן זיך אין אַזעלכע ביאַליק־לידער (וואָס קלינגען היינט אַזוי אַקטועל) ווי:

וויבער האָב איך אייך דערזען אין אייער געפאַלנקייט,
און מיין האַרץ איז אַ שאָל טרערן — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
ווער האָט די פרייד פון דער גאולה פון אייער אויג פאַרווישט,
ווער האָט אייער פייער פאַרלאָשן? — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
איז גאָרנישט ניטאָ שוין אַ מאַן אין יהודה, קיין איינער
אין אייערע לאַגערן, — —
וואָס זאָל אָננעמען אייך פאַר די קעפּ, מיט מעכטיקע הענט אייך צעטרייסלען,
ווי מען טרייסלט אַ שיכורן אויף, וועלכער וואַרגט זיך
אין אייגענעם מיקען, —
כדי אייער קראַפט אויפצוּוועקן, אייך אויפלעבן, און אויף די פיס
אייך צו שטעלן ?

איינער אַזאַ מאַן אין יהודה איז געווען חיים נחמן ביאַליק, וואָס פעלט אונדז צום מערסטן דערפאַר, ווייל נישטאָ היינט קיינער וואָס זאָל אונדז קענען צעטרייסלען דורך אַ בילד פון אונדזער געפאַלנקייט.

יאָ, ביאַליק איז אונדז נייטיק אויך היינט; אָבער ווי שווער עס וואָלט אים געווען מיט אונדז, מיטן גרעסטן טייל פון אונדז, מיטן גרעסטן טייל פון די רעשטלעך פון אַ פאָלק, וואָס האָט נאָר וואָס דורכגעלעבט אַזאַ חורבן, וואָס האָט נאָר וואָס געזען מיט די אייגענע אויגן די וואַרשעווער געטאָ־קעמפערס אויף די לעצטע באַריקאַדעס, די עקזאָדוס־ברידער אין זייער מתי־מידבר־אויפשטאַנד, די ישראל־

ברידער ביי לאַטרון, אין ירושלים, אין כפר־עציון, אין נגב, — און דאָך לעבט דער גרעסטער טייל פון דעם שארית־הפליטה־פאָלק אַזוי ווי מיר לעבן.

ווי שווער עס וואָלט אים געווען נאָך אַ מאָל אויסצושרייען: „אכן חציר העם״...

אָבער אויב ביאַליק איז נישטאָ, זיינען געבליבן זיינע לידער, דער אַ לעבעדי־קער און באַלעבנדיקער קוואַל פון צאָרן מחמת ליבע, פון ליבע דורך צאָרן.

און מיר דאַרפן טרינקען פון אָט דעם קוואַל און זיך שפּיגלען אין אים: מיר וועלן דערזען נישט נאָר ווי ביאַליק האָט אונדז געזען מיט אַ דור, מיט צוויי צוריק, נאָר אויך ווי מיר זעען אויס היינט.

אמת, מיר וועלן אין אַ סך לידער זיינע („המתמיד״, „מתי־מידבר״, „אין שחיטה־שטאָט״) זען, אַז מיר זיינען אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג פאָרויס, אָבער מיר וועלן אויך זען ביים לייענען אַנדערע לידער („גראָז איז דאָס פאָלק״, „ווידער האָב איך אייך דערזען״, „געוויס איז דאָס אַ שטראָף פון גאָט״ און אַנדערע), אַז מיר זיינען געגאַנגען אויך אויף צוריק...

און עס איז וויכטיק, אַז מיר זאָלן דאָס דערזען... און קיינער קען אונדז דאָס נישט ווייזן אַזוי בולט, ווי ביאַליק.

און אין דעם ליגט זיין גרעסטער היסטאָרישער באַטייט פאַר אונדז, פאַר אונדזער היינטיקן דור; ווייל ביאַליקס היסטאָרישער באַטייט ליגט נישט נאָר אין דעם עבר, נאָר אויך אין דעם הווה, וואָס דאָס איז אַ נויטווענדיקייט פאַר דעם עתיד.

## ד) ביאַליקס געהיימניש

אין 1911, אינעם פּעריאָד פון אַ גייסטיקן קריזיס, ווען ביאַליק האָט כמעט ווי נישט געשריבן, אָדער ער פלעגט דרוקן לידער פול מיט טיפער דעפּרעסיע, — אין דעם דאָזיקן 1911טן יאָר האָט ביאַליק אָנגעשריבן אַ געדיכט אונטערן נאָמען: „כ׳וואָלט געוועז אַ בעלן וויסן...״

דער דיכטער וואָלט געוואָלט וויסן, ווי עס וועט אויסזען זיין טויט. און דער דיכטער רעכנט אויס אַלע מעגלעכע טויטן — פון אַ טויט, וואָס איז ענלעך אויף אַ פּרעכטיקן זונפאַרגאַנג, ווען די זון — פאַרן סוף — צעפלאַקערט זיך נאָך העלער ווי בייטאָג, און „טויזנטער אויגן עפענען זיך ברייט אויף אין פאַרוואונדערונג אויף איר לעצטן גלאַנץ״, ביזן טויט וואָס איז דערנידערנדיק ביז גאָר: „אין אַ בייזער ווינטערנאַכט, ערגעץ אונטער אַ פּלויט, וועל איך פאַרפרוירן ווערן ווי אַ הונגעריקער הונט און דער ווייכער שניי וועט צודעקן דעם שוואַרצן פּונקט און וועט אָפּמעקן די שאַנד פון אַ מענטשן און פון זיין לעבן, און מיין לעצטער ציין־קריץ, און מיינע גסיסה־קללות וועט צעווייען דער בייזער ווינט...״

וואָס, דאַכט זיך, קען שוין זיין שרעקלעכער פאַרן דאָזיקן לעצטן דערנידעריקנדיקן טויט? אָבער די פאַנטאַזיע פונעם דיכטער זעט נאָך אַ מער טרייסטלאָזן, דעם סאַמע טרייסטלאָזן טויט:

„אָבער ווער וויס, אפשר וועט מיין גאָט זיין אומדערבאַרעמדיק צו מיר און איך וועל שטאַרבן ביים לעבן און מען וועט מיין נשמה איינוויקלען אין פּאַפּירענע תכריכים, און מען וועט מיך באַגראָבן אין אַ ביכערשאַנק...״

אָט־אָ־דעם לעצטן — פאַר אַ דיכטער שרעקלעכסטן טויט — האָט ביאַליק נישט פאַרדינט נישט נאָר ביים לעבן, נאָר אויך נישט נאָך זיין טויט.

באַגראָבן ביאַליקן אין אַ ביכערשאַנק, הייסט באַגראָבן נישט בלויז אַ לעבעדיקן טייל פון אונדזער נייער דיכטונג, נאָר אַ לעבעדיקע קראַפט, וואָס האָט מזל־ברכהדיק געווירקט און געפורעמט אונדזער נאַציאָנאַלע באַוועגונג און וועלכער עס שטייט נאָך פאָר אַ גרויסע דערציִערישע אַרבעט. ביאַליק איז עפּעס מער ווי אַ גרויסער דיכטער, — ביאַליק איז אַ נאַציאָנאַלער קנאי אינעם רייגסטן נביאישן סטיל. פאַרטרייבן ביאַליקן פונעם לעבעדיקן לעבן און באַגראָבן אים אינעם ביכער־

שאַנק, הייסט פאַרמישפּטן אויף פּאַסיווקייט דעם לעבעדיקסטן קוואַל פון נאַציאָנאַל־מאָראַלישער קראַפט אין אונדזער נייער ליטעראַטור.

ביאַליקס אָרט איז נישט אין דער ביכערשאַנק, נאָך אין דער נשמה פון יעדן ייִד.

*

ביאַליק איז אַ גרויסער וואָרטקינסטלער. זיינע „מתי־מידבר" איבערראַשן מיט דער פּלאַסטישקייט פון די בילדער אַפילו אין אַן איבערזעצונג; און ביים לייענען ביאַליקן אויף אַ פרעמדער שפּראַך דאַרף מען תמיד נעמען אין באַטראַכט, אַז זיינע פּערזן איז באַזונדערס שווער צו איבערזעצן, ווייל ביאַליקס שפּראַך און זיינע בילדער ווערן באַלויכטן און באַשאָטנט פון טויזנט־יאָריקע אָנשיכטונגען פון באַגריפן און אַסאָציאַציעס.

אָבער נישט נאָר די „מתי־מידבר", — זיינע „ווינטער־לידער" לאָזן אייך שפּירן אַ פּראַסטיקע קראַפט: דעם דיכטערס געפיל האָט אויף אַזוי ווייט געפונען אַן עקוויוואַלענטע פאָרעם פון וואָרט, אַז איר לייענט נישט וועגן דאַזיקן געפיל, נאָר איר אָטעמט אים אַריין אין זיך ביים לייענען די דאָזיקע לייכטע אָבער כישופדיקע פּערזן.

ביאַליק דער קינסטלער שעפּט זיך נישט אויס מיט די דאָזיקע, אַזוי צו זאָגן, אָנטאַפּבאַרע מעלות, און אַפילו נישט מיט די מער אינטימע שיינקייטן פון זיין „סאַזשלקע" (אין אָריגינאַל, נאַטירלעך). די הויפּט־מעלה פון זיין פּאָעטישן וואָרט איז זיין ליידנשאַפטלעכע קראַפט, זיין ליידנשאַפטלעכער נביאישער אויפברויז, זיין נביאישע פאָדערונג פונעם אַבסאָלוטן, פונעם אידעאַל. ביאַליק, פּונקט ווי מענדעלע, איז אין דעם פּרט דער ייִדישסטער שרייבער. די קונסט פון ביאַליקן און מענדעלען, נישט געקוקט אויף די אייראָפּעיִשע אויסערלעכע פאָרמען, איז אין תוך גענומען אַ שעפערישער המשך פון דער אָריגינעלער ייִדישער ליטעראַטור. מענדעלעס דערציילונגען און ראָמאַנען האָבן אָפט אַ טעם און די פאָרעם פון עפּעס אַ נייעם מדרש. איך האָב דאָ אין זינען נישט די אויסערלעכע אַרכאַאיזאַציע דורך אויסערלעכע מיטלען, נאָר די גאַנצע אויסערלעכע און אינערלעכע קאָנסטרוקציע פון מענדעלעס ווערק: זיי זיינען ווי אַ נייער מדרש אויף אונדזער לעבן. אויך ביאַליקס פּאָעזיע, אין איר בעסערן טייל, איז אַ דירעקטער שעפערישער המשך פון דער גרויסער קונסט פון די ייִדישע נביאים. ווען ביאַליק גיט זיך, למשל, צאָרנדיק אַ וואָרף אויף אונדזערע מויל־נאַציאָנאַליסטן, אָבער נישט מיט מעשים, אויף אונדזערע נאַציאָנאַליסטן אין טעאָריע, אָבער נישט אין דער הייס־בלוטיקער ווירקלעכקייט, דאַכט זיך אונדז אַז מיר הערן אַ דירעקטן אימהדיקן אָפּקלאַנג פון די צאָרנדיקע ווערטער פון אונדזערע נביאים וועגן די אויסערלעך־גאָטפאָרכטיקע עלטער־עלטער־אָבות אונדזערע: „מי בקש זאת מידכם רמות חצרי". ביאַליק מאַכט זיי נישט נאָך — אין

ביאַליקן איז אויפגעשטאַנען תחית־המתים די אוראַלטע קראַפט פון אַ פאָלק, וואָס האָט כסדר געקעמפט מיט גאָט, און די דאָזיקע קראַפט האָט, ביים זוכן אַן אויסדרוק פאַר זיך, איבערגענומען און גענומען ממשיך זיין די אַלטע טראַדיציע פון דער יידישער דיכטונג.

ביאַליקס דיכטונג איז אי אַן אָנהייב פון אַ נייער תקופה, אי אַ המשך פון עפּעס זייער אַלטס. ביאַליק האָט אַריינגעגאָסן אַלטן ווייַן אין נייע פאָרמען, און די דאָזיקע נייע פאָרמען האָבן באַקומען דעם אַראָמאַט און דעם אָפּגלאַנץ פון עפּעס אַלטס, היימישס.

*

ביאַליק האָט נישט איין מאָל פּאָעטיש עולה־רגל־געווען צום דור המידבר, אויף זיין וועג קיין כנען. ער קוקט אויף אונדזערע היינטיקע דורות ווי אויף אַזעלכע, וואָס וואַנדערן — אין גאַציאָנאַלן זין — אין מידבר, אָבער ער זעט נישט אין אונדז די אור־אור־אייניקלעך פון די „מתי־מידבר" מיט זייער בונט, מיט זייער שטורעם־אָנגריף קעגן גורל, — ער זעט אין אונדז די אור־אור־אייניקלעך פון יענע, וועלכע האָבן זיך געבונטעוועט קעגן דעם שווערן וועג צו פרייהייט. ער זעט אין אונדז יענע, וועגן וועלכע ער רעדט אין זיין פראַגמענט „וואַנדערער פון מידבר":

„אויף די פּעק צעשטרעקטע פוילן זיי אין שמאַך דאָ,
פּעק, וואָס פון מיצרים האָבן זיי געבראַכט דאָ.
ציבעלעס מיט קנאָבל זאָלן זיי גיין אַנטקעגן,
גרויסע, שווערע פליישׁ־טעפּ פולע ביז די ברעגן.
זאָל אייך גאָר נישט באַנג טאָן, לאָזט די שקלאַפן ליגן,
טרעט פאַרביי זיי מונטער, גייט פאַרויס צו זיגן".

די בעסטע טייל פון ביאַליקס שאַפן איז זיין בונט קעגן דער פּחדנות און דער קליינלעכקייט פון דעם מידבר־דור; זיינע מעכטיקע קלעפּ, וואָס ער האָט געשאָטן אויפן קאָפּ פון אונדזער דור; זיינע אימהדיקע קללות קעגן די קליינלעכע און זיינע ליידנשאַפטלעכע רופן צום קאַמף קעגן גורל, וואָס האָבן אין די „מתי־מידבר" באַקומען אַזאַ מעכטיקן אויסדרוק:

„צום קאַמף און צום שטורעם!
אויב גאָט האָט פאַרבאָרגן זיין פּנים מיט צאָרן,
און ס'וועט אונדז אין קאַמף נישט באַגלייטן זיין אָרון —
דאַן — וועלן מיר אויסקומען אָן אים!
און אונטער זיין צאָרנדיק אויג, צום בליץ צו דעם שאַרפן,
די אייזערנע בערג־וועגט צעברעכן, צעוואַרפן —

„פאַרמעסטן זיך כוחות מיט אונדזערע שונאים!
האָרכט!
„עס רייסט זיך דער מידבר אין פורכטבאַרן ווּט!
דאָס שרייט אונדז דער שטורעם: פאַרלירט נישט דעם מוט!
צו שווערדן! צו שפּיזן! און זאָלן זיך ברעכן די בערג און די וואָלן,
אָדער — עס זאָלן דאָ מחנותוויז אונדזערע פּגרים אויספאַלן!
מיר מוזן אַריבער
דעם באַרג!...״

כמעט אַלץ וואָס ביאַליק האָט געשריבן, פלעגט אַרויסרופן אַ שטאַרקן אָפּ־קלאַנג אין דער ייִדישער וועלט, אָבער קיין שום אָפּקלאַנג האָט זיך נישט געקענט פאַרגלייכן מיטן איינדרוק, וואָס עס פלעגט מאַכן יעדעס ווערק אָדער ליד פון די „צ אַ ר ן ־ ל י ד ע ר״. „משא נמירוב״, וואָס איז אָנגעשריבן און אַרויסגעגעבן געוואָרן אונטערן פרישן איינדרוק פון קישיניעווער פּאָגראָם, האָט באַקומען אַ היסטאָרישע באַדייטונג. יעדער היסטאָריקער, וועלכער וועט שרייבן וועגן קישי־ניעווער פּאָגראָם, וועט נישט קענען פאַרשווייגן די דאָזיקע אַליין־אויסבייטשונג פונעם פאָלק דורך די ליפּן פון זיין נביא. אין דאָזיקן ווערק זיינען אַלע געפילן פאַרגרעסערט ביז אַ טיטאַנישער מאָס: דער צאָרן און דער ווייטיק, די פאַראַכטונג און דער מיטגעפיל, די שינאה און די ליבע. און די דאָזיקע אַלע געפילן זיינען ווי אויסגעמישט אין דעם דיכטערס טיטאַנישער נשמה און דער רעזולטאַט — עפּעס אומגעהייערס: ליבע, וואָס איז באַפאַרבט מיט שינאה; מיטגעפיל וואָס איז פאַרסמט מיט פאַראַכטונג; ווייטיק, וואָס איז פאַרטויבט דורך אַ ווילדעווענדיקן צאָרן. דאָס דאָזיקע ווערק — דאָס דאָזיקע הייליקע ווילדעוועזן — איז געווען אַ שטאַרקע דאָזע פון היילנדיקן גיפט: עס האָט געפורעמט — געהאָלפן פורעמען — אונדזער געשיכטע.

און דאָס זעלביקע, — בלויז אין אַ קלענערער מאָס, — קען מען זאָגן וועגן די גרויזאַמע לידער: „געוויס איז דאָס אַ שטראָף פון גאָט...״, „אַ וואָרט״, „שנעל געענדיקט איז זייער טרויער״ און אַנדערע. דאָס זיינען שרעקלעכע געדיכטן; אָבער אַזעלכע געדיכטן זיינען אַ מאַכטיקער שטיצפּונקט פאַר דער אַרבעט פון איבער־דערציִען און אויפלעבן אַ פאָלק.

אינעם ליד „פון צער און צאָרן״ („איך ווייס, אין אַ נעפּלדיקער נאַכט״) זאָגט ביאַליק: „נאָר ס׳וועט מיין צאָרן לאַנג זיך רייכערן נאָך מיר, ווי ס׳רייכערט דער קראַטער פון ווולקאַן דערנאָך ווי ס׳איז זיין פייער אויסגעלאָשן״.

נעמט ביאַליקס „צאָרן־לידער״ און לייענט זיך אַריין אין זיי, — נישט נאָר עס רייכערט זיך זיין צאָרן, נאָר ער ברענט און פלאַקערט זיך פונאַנדער אויך היינט

קעגן אונדזער אייגענער קליינלעכקייט, קעגן אונדזער אייגענער פּוסטקייט און נישט־דערוואַקסנקייט לגבי אויפגאַבעס וואָס שטייען פאַר אונדזער היינטיקן דור־המידבר.

*

ביאַליק — האָב איך שוין אויבן געזאָגט — איז אַן אָנהייב און אַ המשך. און דערפאַר איז נישט קיין וואונדער וואָס די הויפּט־טענדענצן פון אונדזער ליטעראַטור: דער קאַמף פאַר אַ נייעם אָנהייב און דער קאַמף פאַר דער אַלטער ירושה (פאַרן המשך אינעם נייעם) האָט געפונען אין ביאַליקס דיכטונג נישט בלויז אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג, נישט נאָר אַ קינסטלערישע אָפּשפּיגלונג, נאָר אין אַ געווויסן זין אויך אַ סינטעטישע אויסגלייכונג.

זיינע לידער: „פאַרן ספרים־אַלמער", „אויב איר ווילט וויסן" און זיין „המתמיד" גיבן דעם קווינטעסענץ פון דעם דאָזיקן אינערלעכן קאַמף פון ייִדנטום ק ע ג ן דער לאַסט פון דער אַלטער ירושה און פ אַ ר דער אויפהאַלטונג פון דער דאָזיקער ירושה. אינעם קוואַל פון די אינדיווידועלע ליידן זעט ביאַליק אויך דעם קוואַל פון נאַציאָנאַלער קראַפט. דער דיכטער ווייס, אַז דאָס זיינען „ד י ל ע צ־ ט ע פ ו נ ק ע ן פ ו ן אַ ג ר ו י ס ן ש י י ט ע ר", אָבער ער ווייס אויך, אַ ז אי ן ד י ד אָ ז י ק ע פ ו נ ק ע ן ל י ג ט ד י ע ר ב ו ת פ ו ן אַ ג ר ו י ס ן ש י י ט ע ר א י ן ד ע ר צ ו ק ו נ פ ט.

ביאַליק פילט (ער האָט אויף זיך געפילט) די שווערקייט פון דער דאָזיקער ירושה־לאַסט, אָבער די דאָזיקע לאַסט איז אים לייכטער צו טראָגן, ווי דעם באַ־וווסטזיין, אַז צוזאַמען מיט דער לאַסט וואַרפט מען אַראָפּ די ירושה גופא.

ביאַליק האָט געהערט צו יענע טרייע און ליבנדיקע, פאַר וועלכע עס איז גאָר נישט דענקבאַר צו פאַרלאָזן די רויִנעס פונעם טעמפּל ביז זיי וועלן נישט אַרויס־קריגן די גייסטיקע אוצרות, וואָס זיינען באַגראָבן אונטער די דאָזיקע רויִנעס.

אַלע ניואַנסן פון דעם דאָזיקן טראַגישן קאַמף פון דער איבערגאַנג־עפּאָכע און אַלע אויפבליצן פון דער צוקונפטיקער, שווער־אויסגעקעמפטער גייסטיקער מנוחה, — דאָס אַלץ קען מען געפינען ביי ביאַליקן. בעסער פאַר אים האָט קיינער נישט געוווּסט, אַז אונדזער גאַנץ טראַדיציע־לעבן איז „אַ נישטיק און נעבעכדיק בילד פאַר פרעמדע אויגן; אָבער דו וועסט דערפילן מיטן האַרצן אַז דו געפינסט זיך ביים הויז פון אונדזער לעבן, ביי דעם עיר־המקלט פון אונדזער נשמה".

*

אין ביאַליקס שעפערישן לעבן איז דאָ אַ גרויסע געהיימניש: זיינע אָפּטע און לאַנגע פעריאָדן פון פאַעטישן שווייגן. ביאַליק האָט דעביוטירט אין יאָר 1891 און געשטאָרבן איז ער אין 1934. פאַר די קאָרגע פיר און פערציק יאָר האָט ער אָנגע־שריבן נישט פיל. אָבער כמעט אַלץ, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, מוז פאַרשריבן

ווערן אויף דער קאַנטאָ פון דער ערשטער העלפט פון זיין פּאָעטיש לעבן. נאָך 1910 שרייבט ער ווייניק, און וואָס ווייטער — אַלץ זעלטענער: אַ ליד אָדער צוויי אין משך פון אַ יאָר, דערביי מיט הפסקות פון דריי, פינף און אַפילו זיבן יאָר. דער־ביי דאַרף מען פאַרצייכענען נאָך אַ כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג: אַ חוץ דער פּאָעמע „המתמיד", וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אין די יאָרן 1894—1895, זיינען אַלע גרעסערע ווערק פון דיכטער אָנגעשריבן געוואָרן צווישן די יאָרן 1901—1905. ערשט אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז ביאַליק ווידער צוגעטראָטן צו אַ גרויס ווערק, צו זיינע דיכטערישע אויטאָביאָגראַפישע פראַגמענטן.

ביאַליקס שווייגן האָט געוועקט די אויפמערקזאַמקייט שוין אין די ערשטע יאָרן נאָך זיין פּרוכטבאַרסטן פּעריאָד פון די יאָרן 1901—1905. אין די שפּעטער־דיקע יאָרן האָט דאָס דאָזיקע שווייגן נאָך מער פאַרוווּנדערט, בפרט אַז דערקלערן דאָס דאָזיקע שווייגן מיט דעם, וואָס ביאַליקס פּאָעטישער קוואַל איז אויסגעטריקנט געוואָרן, איז געווען אוממעגלעך: די זעלטענע לידער פון זיין לאַנגן שוויג־פּעריאָד זיינען געווען שטאַרק און טיף. אָבער גראָד זיי, די דאָזיקע לידער, זיינען געווען באַריידעוודיקערע עדות פון אַ טיפן גייסטיקן קריזיס, ווי דאָס גבית־עדות פונעם שווייגן גופא. דער תוך פון די דאָזיקע לידער, געבוירענע אין די זעלטענע מאָ־מענטן פון איבערגעריסענעם שווייגן, זיינען פול מיט אומענדלעכן טרויער, מיט אומענדלעכער רעזיגנאַציע.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן אַז אינעם ליד „זעער, אַנטלויף!", אָנ־געשריבן אין יאָר 1910, אין די ערשטע יאָרן פון כמעט אַ צוואַנציק־יאָריקן קריזיס, דערקלערט דער דיכטער:

„און אויב אומזיסט צערונען איז מיין קראַפט — בין איך נישט שולדיק,
ס'איז אייער שולד, און איר וועט מוזן די זינד טראָגן:
מיין האַמער האָט קיין אייזן אונטער זיך געפונען,
מיין האַק האָט אין צעפוילטן האָלץ זיך אָנגעשלאָגן..."

און דער דיכטער, וועלכער האָט אומזיסט פאַרלוירן זיין קראַפט, שטעלט פעסט מיט גליווערנדיקער רעזיגנאַציע: „...ווי אַ טאָג־געדונגענער, וואָס האָט נישט באַקומען באַצאָלט פאַר זיין אַרבעט, וועל איך אַוועקגיין פון וואַנעט איך בין געקומען". און אין 1923, ווען מען האָט געפייערט זיין פופציק־יאָריקן געבוירנטאָג, האָט ער גע־ענטפערט מיטן באַרימטן ליד „אונטער דער משא פון אייער ליבע", וווּ ער זאָגט כמעט דאָס זעלביקע מיט אַנדערע ווערטער:

„ווי מיר, וואָס איך בין אַ גראָשן
ביי אייך אין דער פּושקע געוואָרן...
נישט דיכטער בין איך און נישט נביא —

א פשוטער האַלצהעקער בין איך...
אין אַרבעט אַ טאָג אָפּגעפטרט..."

פאַראַן לידער, וואָס דערשיטערן ממש מיט זייער אויסוועגלאָזן טרויער, ווי למשל דאָס ליד וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אין 1911 „ווער און וואָס בין איך", ווו דער דיכטער בעט פאַר זיך „אַ שטיין צוקאָפּנס": „די אויגן מיינע צו שליסן און גליווערן — און מיין האַרץ וועט ווי זיין האַרץ שווייגן. קיין חלום און קיין זעונג זאָל צו מיר נישט גרייכן, קיין האָפענונג, קיין געדעכעניש, קיין נעכטן און קיין מאָרגן".

דאָס איז אַ שרעקלעך ליד און — אַ מאַכטיקס. אַזעלכע לידער וועט נישט שרייבן אַ דיכטער, וואָס אים פעלט פּאָעטישע קראַפט, און אַזעלכע לידער וועט נישט אָנשרייבן — אָן אַן אַבסאָלוטער אינערלעכער בויטוועגדיקייט — אַזאַ דיכטער ווי ביאַליק, וועלכער פלעגט תמיד שרייבן, — באַזונדערס אין די רייפע יאָרן, נאָך די ערשטע עטלעכע יאָר פּאָעטישער צוגרייטונג, — גאָר ביי אַ שטאַרק אינערלעכער שפּאַנונג, און נישט אַ האָר מער, ווי דאָס פלעגט פאָדערן די דאַזיקע פּסיכישע שפּאַנונג. און אַזעלכע לידער מוזן האָבן אַ טיפע סיבה, אויב זיי חזרן זיך אַזוי אָפט איבער.

וואָס־זשע איז דאָס פאַר אַ סיבה?

ס'קען זיין, אַז ביאַליקס צוקונפטיקער ביאָגראַף, פאַר וועמען עס וועט זיין אָפן דעם דיכטערס אַרכיוו, זיינע בריוו, די מעמוארן פון דיכטערס נאָענטע פריינד און פון זיינע שונאים (און אפשר אויך ביז איצט נישט־געדרוקטע ווערק פון דיכטער), וועט קענען געבן אַ באַפרידיקנדיקן ענטפער אויף דער דאָזיקער וויכטיקער פראַגע, — אויב אַזעלכע קריזיסן פון אַזעלכע שטאַרקע און טיפע נאַטורן ווי ביאַליקס, קענען בכלל דערקלערט ווערן מיט איין מאָטיוו. אונדז אָבער קומט אויס זיך „צו לערנען טרעפן" מיט דער הילף פון ווונקען, וואָס זיינען צעוואָרפן אין דעם דיכטערס ווערק.

לויט די דאָזיקע ווערק קען מען מיט פולן רעכט זאָגן אַז ביאַליקס פּאָעטישער ווולקאַן (צו באַנוצן זיך מיטן דיכטערס בילדלעכן אויסדרוק) איז נישט געווען פאַרלאָשן, אויב ער פלעגט פון צייט צו צייט קענען אויפפלאַקערן מיט אַזאַ פלאַם אַז דאָס גאַנצע פאָלק פלעגט אויסדרייען דעם קאָפּ צו אים, דערוואַרטנדיק דעם לאַנג געגאַרטן, אימהדיקן, אָבער באַפרוכפערנדיקן אויסבראָך. ביאַליק איז נישט געווען קיין אויסגעלאָשענער דיכטערישער ווולקאַן, — זיין אַקטיוויקייט איז פאַר־האַלטן געוואָרן דורך עפעס אַ פּסיכישן קאָמפּלעקס, און מישפּטנדיק וועדליק די אויפפלאַמונגען פון דעם דאָזיקן ווולקאַן, איז דאָס געווען אַ קרענקלעכע נאַציאָנאַלע איבערלעבונג. און גראָד דערפאַר וואָס די דאָזיקע איבערלעבונג האָט געפאָדערט אַ ספּעציעל־ביטערן אויסדרוק, האָט ביאַליק דאָס נישט געוואָלט טאָן. אַלץ, וואָס

ער האָט געקענט זאָגן שטראָפּנדיקס, האָט ער שוין געהאַט געזאָגט מיט דער גרעסטער קראַפט און נביאישער גענאַליטעט; מער האָט ער נישט געוואָלט. דעם פולן אמת, — האָט אַמאָל געשריבן דער גרויסער אמת־זוכער ראָמען ראָלאַן, — טאָר מען דעם מענטשן נישט זאָגן, אויב מען וויל ער זאָל קענען לעבן, — פּונקט ווי מ'קען נישט אַריינקוקן אין גאָטס פּנים און בלייבן לעבן. ביאַליק האָט זיך געפּייניקט מיטן דאָזיקן גרויסן און גרענעצלאָז־אימהדיקן אמת וועגן אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן און — האָט געשוויגן.

מ'האָט אין די צייטונגען געהאַט געשריבן וועגן ביאַליקס אַ וואָרט, אַז היטלער איז געווען אַ נייטיקייט פאַרן יידישן פאָלק: ער יאָגט זיי קיין ארץ־ישראל, ער מאַכט זיי פאַר ייִדן. מען האָט אויף ביאַליקן שטאַרק פאַראיבל געהאַט פאַרן דאָזיקן וואָרט, אָבער ווען־ווען, דעם שאַפער פון „משא נמירוב" (אָדער „בעיר ההריגה") און פון די „שירי הזעם" קען מען דאָס מוחל זיין. ביי אים איז דאָס נישט געווען קיין ציניזם, נאָר אַן אויסדרוק פון טיפסטן ווייטיק. ער האָט דערמיט ווי געוואָלט זאָגן: אַ פאָלק וואָס איז נישט אויפגעוועקט געוואָרן צו גרויסע נאַציאָנאַלע מעשים נישט דורך אַזוי פיל ליידן און נישט דורך זיינע „שירי זעם", מוז האָבן אַ היטלער אויף אויפצוּוועקן אים.

נישט קיין ציניזם און אַוודאי נישט קיין שאָדן־פרייד איז געווען אין די דאָזיקע ווערטער, וואָס קליינקעפּלדיקע האָבן שיער נישט אָנגענומען פאַר אַ פרייד פון אַ פּאַרטיי־מענטשן וואָס איז צופרידן מיט דער הילף פון יעדן איינעם, וואָס טרייבט די מאַסן אין זיין פּאַרטייִשן קרעמל אַריין; דאָס איז געווען דער אומקאָנטראָלירטער אויסבראָך פון דעם ווייטיק, וואָס ביאַליק האָט אַזוי לאַנג געשטיקט אין זיך. דער דאָזיקער אויסדרוק גיט אונדז אַ מעגלעכקייט צו אַנען, וואָס עס האָט זיך געטאָן אין ביאַליקס האַרץ, וואָס עס האָט פאַרשפּאַרט זיין שאַפונג־שטראָם.

אַז דאָס איז מער ווי אַ השערה זעט מען פון עם ליד „דער לייב", אָנגעשריבן אין 1931. הגם אין דאָזיקן ליד וואָס פאַרבלענדט ווי אַ בליץ און פאַרטויבט ווי אַ דונער, זאָגט ביאַליק, אַז „אומזיסט וועט איר אים זוכן אין די פאַרבאָרגענישן פון זיינע פערזן — אויך די דאָזיקע פערזן זיינען נאָר אַ צודעק פאַר זיין אויסבאַהאַלטן זיך", דאָך דעקט אָפּ דאָס דאָזיקע ליד עפּעס פון ביאַליקס סוד. צווישן אַנדערס זאָגט ער דאָרט: „איר זייט צו נישטיק, כדי אויפצודעקן פאַר אייך אַפילו אַ טויזנט־חלק פון דעם, וואָס ער טראַכט וועגן אייך..." „צווישן די שורות פון די געדיכטן, ווי צווישן די שטאַנגען פון אַ שטייג, קוקט אַרויס אַ פייערדיקער שווייגנדיקער לייב. פון אויסנווייניק איז ער רויִק, איינגעהאַלטן אָדער ער ברומט שטיל — אָבער אין זיין גאַנצן מהות איז אַ פייערדיקער געשריי. און עס וועט אַ מאָל קומען אַ נאַכט און עס וועט אייך פּלוצלינג איבערשרעקן — אין מיטן פון אייער זיסן שלאָף — דער אָפּקלאַנג פון זיין דונער. אין דער נאַכט איז די שטייג צעבראָכן געוואָרן... און דער לייב האָט זיך געראַטעוועט אין זיין אייגן לאַנד"...

ביאַליק האָט זיך ביי אונדז געפילט ווי אַ טאָג־אַרבעטער אָדער ווי אַ געפּאַנ־גענער לייב, וואָס טרוימט וועגן זיין היימיש לאַנד, וועגן פרייהייט פאַר זיין לייבן־נשמה, פאַר זיין רענדל, וואָס ער האָט אויסגעביטן אויף אונדזערע גראַשנס.

און אין זעלביקן יאָר, אין אַ ליד, געשריבן אין באַזעל, בעתן ציוניסטישן קאָנגרעס, און באַטיטלט מיט דער גרעסטער קלאָרקייט „איך האָב אייך ווידער דערזען אין אייער געפאַלנקייט..."; ברילט דער דיכטער ווי אַ לייב, וואָס האָט זיך אויף אַ מינוט אַרויסגעריסן פון דער געפּאַנגענשאַפט פון זיין אייגענעם שווייגן: „ווידער האָב איך אייך דערזען אין אייער גע־פאַלנקייט און מיין האַרץ איז אַ שאָל טרערן... ווער האָט די פרייד פון דער גאולה פון אייער אויג פאַרווישט, ווער האָט איר פייער פאַרלאָשן?"

און צום לעצטן מאָל האָט אונדז ביאַליק געוואָרפן אין פנים אַריין עפּעס אימהדיק־גרוילִיקס, עפּעס דערשיטערנדיק־פאַרניכטנדיקס:

„ס'האָט אויסגעלאַכט גאָט זיך פון אייך, פון אַזעלכע נביאים פאַרפירטע —
און מאָרגן וועט ער אייך, פאַרשעמטע, באַליידיקטע, אומקערן צום וועג
פון טרויער,
כדי אייך פּרובירן, צו פייניקן אייך ביז צום טויט, און נאָך ערגער פון טויט.
אויפן בויך אומצוקריכן, אַן אויסוווּרף פון אַלע מישפּחות פון וועלט
דער גרויסער,
צעטראָטן פון איטלעכנס פוס, אַ חרפה פאַר מענטשן,
צו טרינקען שפּאָט אָנשטאָט וואַסער, און שפּייעכץ שטאָט ווייַנען
צו שלינגען,
און קייען די שערבלעך פון גיפטיקן בעכער, ווען אויסגעיווירט
איז שוין זיין הייוון —
ביז קומען וועט איר צו דעם טיש פון די גאָט־געלאַדענע,
אויסגעלייזטע פעלקער,
וואָס שליסן דעם בונד פון אייביקן שלום איבער אייערע קרבנות,
און קלייבן וועט איר אונטער זיי די פינגער אָפּגעהאַקטע
פון אייערע הענט און פיס.
און איז איטלעכס האַנט ביי אייך טויט, אַז איר קענט זיך אַליין
שוין נישט העלפן?
איז גאָרנישט נישטאָ שוין אַ מאַן אין יהודה, קיין איינער
אין אייערע לאַגערן,
אַ מאַן פון גבורה, אַ מעכטיקער הערשער, אַ גייסטיקער גיבור,
אַ פירער פון פאָלק,

אַ ליכטיקער גייסט, מיט אַן אייזערנער רוט און פאַרשטענדעניש,
וואָס זאָל אָננעמען אייך פאַר די קעפ, מיט מעכטיקע הענט
אייך צעטרייסלען,
ווי מען טרייסלט אַ שיכורן אויף, וועלכער וואַרגט זיך אין
אייגענעם מייקעס, —
כדי אייער קראַפט אויפצוּוועקן, אייך אויפלעבן און אויף די פיס
אייך צו שטעלן ?
ווי אָרעם איר זייט פּלוצעם געבליבן, ווי הילפלאָז איר זייט געוואָרן !
ווי עלנט פאַרלאָזן איר זייט, אָן אַ וועג, אָן אַ עצה אין לעבן —
ווידער האָב איך אייך דערזען אין אייער געפאַלנקייט, און מיין האַרץ
איז אַ שאָל טרערן".

אַ שאָל טרערן, שטאַרק פאַרמישט מיט גאַל, ווי מע קען מישפּטן פון דעם טייל פון דאָזיקן ליד, — וואָס איז בלויז אַ שפּריץ פון עטלעכע טראָפּנס פון דער דאָזיקער שאָל, וואָס ער האָט מורא געהאַט אונדז צו דערלאַנגען זי אין גאַנצן.

אָט אין דעם ליגט, לויט מיין מיינונג, דער סוד פון ביאַליקס שווייגן. און זיין שווייגן איז געווען שרעקלעכער פאַר זיינע דונערן פון פאַראַכטונג, וועלכע ער פלעגט שליידערן קעגן די קליינלעכע, אומבאַהאָלפענע נפשותלעך פון אונדזער דור.

ער האָט אונדז נישט געקענט מוחל זיין אונדזער פּחדנות און נישטיקייט; ער האָט אונדז נישט געקענט מוחל זיין, וואָס מיר האָבן נישט קיין אָרט פאַר דער נשמה פון אַן אָדלער אָדער פון אַ לייב...

## ה) דער אומבאַקאַנטער ביאַליק

ביאַליק איז זייער באַקאַנט. אויב נישט לויט זיינע ווערק, איז, לכל הפּחות, לויטן נאָמען. און דער דאָזיקער נאָמען איז פאַרזען מיט שטייף־אַרומגעקלעפּטע — און אָגב גוט־פאַרדינטע — פּלעטלעך: „דער נאַציאָנאַלער דיכטער", „דער פּאָעט פון צער און צאָרן", „דער נביא".

די דאָזיקע פּלעטלעך, ווי געזאָגט, האָט ביאַליק כשר פאַרדינט און זיי גיבן ריכטיק איבער ביאַליקס באַדייטונג: ביאַליק איז טאַקע ד ע ר נאַציאָנאַלער דיכ־טער פון אונדזער תקופה, — דער דיכטער פון נאַציאָנאַלן צער און פון נאַציאָנאַלן טרויער פון דער גורלדיקער תקופה, ווען דאָס ייִדישע פאָלק האָט נאַציאָנאַל גענומען אי זיך צעפאַלן און אי זיך אויפבויען.

דאָס אַלץ איז ריכטיק — און אויך ביז גאָר וויכטיק צו וויסן ביים אָפּשאַצן ביאַליקן, אָבער וויכטיק איז דערביי אויך צו וויסן, אַז די דאָזיקע פּלעטלעך דעקן נישט דעם גאַנצן ביאַליק; זיי לאָזן איבער גענוג פרייען פלאַץ אין זיין דיכטערישער נשמה, און אַפילו אין זיינע דיכטערישע ווערק.

געוויס, ווי פּרעכטיק עס זאָלן נישט זיין זיינע „זון־לידער", זיין אָזערע־פּאָע־מע („הבריכה"), זיינע „ווינטער־לידער" און אַנדערע אינטים־לירישע אָפּקלאַנגען פון זיין דיכטערישער נשמה, ליגט דאָך ביאַליקס עיקרדיקע היסטאָרישע באַדיי־טונג נישט אין זיי, נאָר אין זיינע „שירי הזעם", אין זיינע נאַציאָנאַלע לידער. אָבער איין זאַך איז — ד ע ר ה י ס ט אָ ר י ש ע ר ב י אַ ל י ק, און אַ גאַנץ אַנדערע זאַך איז — דער פּ אָ ט ע נ צ י ע ל ע ר ב י אַ ל י ק. און אין זיין דיכטערי־שער פּאָטענץ איז ביאַליק — דער דיכטער פון קראַפט און פון שטורעמדיקן וואָרט — געוועזן דער צאַרטסטער, דער אינטימסטער, דער עטער־פליגלדיקסטער פון אַלע ייִדישע דיכטערס פון אונדזער תקופה. און ער איז דאָס געוועזן נישט בלויז אין דער פּאָטענץ, נאָר אויך אין אַ געוויסער טייל פון זיינע לידער, וואָס שטייען אין געדיכטן שאָטן צוליב זיין נאַציאָנאַלער דיכטונג.

איך וואָלט נישט געזאָגט, אַז די דאָזיקע צאַרטע לידער קען מע נישט; איך

וואָלט אָבער יאָ געזאָגט, אַז די דאָזיקע לידער האָט מע נישט ווי געהעריק אָפּגע־שאַצט: מען קוקט אויף זיי ווי אויף ביאַליקס דיכטערישע צופעליקייטן, בעת אין אין דער אמתן זייען זיי עדות פאַר דער עקסיסטענץ פונעם אומבאַקאַנטן ביאַליק, וועלכער האָט, פאַרכאַפּט פון אונדזער נאַציאָנאַלער טראַגעדיע, זיך נישט געקענט פול אויסלעבן ווי אַ דיכטער פון צאַרטע טענער.

אָט־אָ־די נישט־אויסגעלעבטע זייט פון ביאַליקס מהות איז ביאַליקס טראַ־געדיע ווי אַ דיכטער: ער האָט ווי קעגן זיין ווילן פאַרביטן די צאַרטסטע לירע אויף אַ קריגס־טראָמפּייט (ווי דאָס האָבן געטאָן אַ צוויי דורות חלוצים, אויפגע־וועקטע פון זיין דיכטערישן אַליאַרם).

די צוויי טויזנט־יאָריקע מילחמה פון ייִדנטום פאַר עקסיסטענץ האָט געפאָ־דערט פון אונדז אַן אַ צאָל קרבנות, — אַן אַ שיעור דורות האָבן אין איר געבראַכט פאַר אַ קרבן זייער יוגנט און לעבנס־פריידן און נישט אומזיסט האָט ביאַליק געשטעלט דער דאָזיקער קרבן־גרייטקייט אַן אומשטערבלעכן דענקמאָל דורך זיין „המתמיד"; ער איז דאָך געווען איינער פון זיי, פון די דאָזיקע מתמידים אין פרט פון ברענגען קרבנות...

ביאַליק אָבער האָט אַ חוץ דער יוגנט און די לעבנס־פריידן געבראַכט פאַר אַ קרבן אויך זיין צאַרטסטן דיכטערישן אינסטרומענט.

אָבער פון אָט דער זייט איז ביאַליק ווייניק באַקאַנט דעםברייטן עולם, וועל־כער איז אַפילו נישט חושד — וואָס פאַר אַ קרבן דער דאָזיקער דיכטער האָט געבראַכט אויפן מיזבח פון זיין ליבע צום פאָלק. און ווי טייער דאָס האָט אים געקאָסט!

*

אין זיין וווּנדערלעכער אויטאָביאָגראַפישער דערציילונג „ספיח" („ווידער־וווּקס", דאָס וואָס וואַקסט אויף אַ נישט־פאַרזייטן פעלד, פון די פאַרוואַלגערטע קערנער פון לעצטן שניט), שרייבט ביאַליק:

„אַלץ, וואָס איך האָב געזען און געהערט אַרום זיך, האָט מיר אויסגעזען צו זיין אַ חלום, און מיין האַרץ פלעגט אָנגעפילט ווערן מיט שטומער פאַרוווּנדערונג און מיט גוטדאַנקען, וואָס האָבן נישט קיין נאָמען און קיין געשטאַלט.

„איך האָב געבויט מיין וועלט אין מיין האַרצן און קיינער האָט דאָס נישט גע־ווּוסט און נישט געפילט".

דאָס זעלביקע זאָגט ביאַליק אויך אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן, און אין פאַרשיידענע לידער זיינע קען מע געפינען דירעקטע און אומדירעקטע אָפּקלאַנגען פון די אויבן־געבראַכטע ווערטער. אָבער אַ באַזונדערס טיפן אויסדרוק האָט דאָס דאָזיקע געפיל געפונען אינעם ליד:

„ז אָ ל ז ײ ן װ י א ײ ע ר ע ח מ ײ ן ג ו ר ל...״
אָט די אָפּטע איבערחזרונג באַװײזט אַז דאָס איז דעם דיכטערס קראַנקער פּונקט.

נישט נאָר אין זײן קינדהײט; אין משך פון זײן גאַנצן לעבן האָט ביאַליק גע־בױט זײן װעלט אין זײן האַרצן. ער האָט אױפגענומען דאָס לעבן װי אַ חלום, אָבער דער דאָזיקער חלום איז געבליבן פאַרגראָבן אין דיכטערס נשמה. בלױז זעלטן־זעלטן קענען מיר פאַרקוקן אין דער דאָזיקער װעלט זײנער אַ דאַנק ביאַליקס פּאָע־מעס „דאָס ליד פון ליכט״ („זהר״) און „די סאַזשלקע״ („הבריכה״), אַ דאַנק אײניקע לידער זײנע און דער אױבן־דערמאָנטער דערצײלונג „ספיח״. און אָט די װעלט איז אַזױ אַנדערשדיק פון דער געװײנטלעכער װעלט פון ביאַליקס דיכטונג! ביאַליק װאָלט געװען געקענט זאָגן, מיט פולן רעכט, פּאָסטעס װערטער: „אַ ך, צ װ ײ נ ש מ ו ת ל ע ב ן א י ן מ ײ ן ב ר ו ס ט!״

אײן נשמה איז געװען אַ װולקאַן, װאָס האָט געמאַכט אױפטרײסלען אונדזער גאַנץ לעבן מיט די דונערן פון זײנע אױסבראָכן; די צװײטע איז געװען די נשמה פון אונדזערס אַ טראַדיציאָנעלן למדװאָװניק. אײן נשמה זײנע האָט געשלײדערט דונערן און בליצן: „א י ך ב י ן צ ו א ײ ך פ ו ן ג אָ ט ג ע ש י ק ט״; די צװײטע האָט געקענט און אָנערקענט נאָר אַ שטילע תפילה:

„און אַ לעבן־לאַנג האָט זיך די תפילה געצױגן...
„און זײן האַרץ האָט געבעטן, געבעטן — און געשטאָרבן אין מיטן
דער תפילה״.

צװײ נשמות האָבן געלעבט אין ביאַליקס ברוסט, אָבער די באַדינגונגען פון אונדזער לעבן האָבן באַגינסטיקט דער אַנטװיקלונג און דער אױסלעבונג פון ביאַליקס שטורעמדיקער נשמה, אױפן חשבון פון דער צאַרט־שװײגנדיקער, כמעט אָנװערטער־דיקער. און אָט די בישט־אױסגעלעבטע זײט פון ביאַליקס נשמה האָט מיט די יאָרן אַלץ מער און מער באַגריפן איר עװלה, און דאָס האָט געפונען אַן אױסדרוק אין די — פּסיכאָלאָגיש־כאַראַקטעריסטישע — אױסבראָכן פון ליבע־האַס צו זײן פאָלק אָדער, לכל הפחות, צום לעבן פון זײן פאָלק, װאָס האָט פאַרקריפּלט אײן זײט — די רײכסטע! — פון זײן נשמה. ער האָט נישט דערטירט פונעם שלאַכטפעלד פאַר מחיה־מתים־זײן די נשמה פון זײן פאָלק, אָבער װאָס מער עס האָט געדױערט די דאָזיקע שלאַכט מיט מאָגערע רעזולטאַטן — אין פאַרגלײך מיט די אידעאַלע פאָדע־רונגען, װאָס זײנען אײגן אַ גרױסער ליבע, — אַלץ מער האָט געטריפט מיט בלוט די פאַרנאַכלעסיקטע אינטימע זײט פון זײן נשמה; זײן ליבע פלעגט פאַרביטן װערן מיט אױסבראָכן פון שינאה און פאַראַכטונג, זי פלעגט זיך אײנקאָרטשען אין פאַר־צװײפלטן שװײגן, — אין אומהײמלעכן, שרעקלעכן, דורך דעם רוב נישט־פאַרשטאַ־בענעם שװײגן פון אונדזער גרױסן דיכטער.

„אין האַרצן איז אַ שווערע אבלות; יעגע גייען פאַרביי און פילן נישט; אָבער איך זיץ אָן שיך, איינזאַם, איך וואַרט אויפן סוף און — שווייג".

יעדע דיכטונג איז סימבאָליש־פילגעשטאַלטיק, און אין דאָזיקן פינצטערן ליד זיצט דער דיכטער אין אבלות סיי אינעם נאַציאָנאַלן זין, סיי אין אינדיווידועל־אינטימען. ער זיצט אין אבלות פאַרן פאָלק און פאַר — זיך.

בלויז דאַן, ווען מ'גיט זיך אָפּ אַ דין־וחשבון וועגן דער אויבן־סקיצירטער טראַגעדיע פון דיכטער, וואָס פליסט אַרויס פון דעם, וואָס די פאָדערונגען פון דער נאַציאָנאַלער מילחמה האָבן אים נישט געלאָזט דיכטעריש־אויסלעבן זיין למדוואָווי־ניקישע נשמה, — נאָר ווען מע נעמט אָן די דאָזיקע השערה קען מע פאַרשטיין אין זייער גאַנצער טראַגישקייט דעם דיכטערס ווערטער פונעם ליד „אונטער דער משא":

„א י ן  ז א ָ ר ג  פ א ַ ר  א י י ע ר  ג ר א ָ ש ן  ה א ָ ב  א י ך  נ י ש ט  א ו י פ ג ע ה י ט  מ י י ן  ר ע נ ד ל..."

*

גרויסע שינאה, פונקט ווי גרויסע ליבע, קען נישט זיין גערעכט. נישט שווין־זשע האָט זיך ביאַליק געזאָרגט וועגן אונדזער גראָשן, און נישט וועגן עפּעס גרעסערס?

איך האָב גענומען ביאַליקס בוך פּאָעמעס און לידער, כדי צו געפינען אַ נייטיקע ציטאַטע און, ווי תמיד ביי אַ צופעליקער באַגעגעניש מיט ביאַליקן, נישט געקענט זיך אָפּרייסן פון אים. ס'אַראַ אויסטערלישע קראַפט עס ליגט אין ווערטער, דורכגענומענע מיט ליידנשאַפטלעכער איבערלעבונג! יעדעס מאָל, ווען דו קומסט אין באַרירונג מיט זיי, פאַרכאַפּן זיי, דרינגען אַריין אין דער נשמה. אין ביאַליקס צאָרן־לידער שפּירט מען אַ מאָנומענטאַלקייט וואָס איז ווי אויסגערעכנט אויף יאָרטויזנטערס. און אָט די דאָזיקע גאַנצע ליידנשאַפטלעכקייט, אָט די גאַנצע אומ־פאַרגענגלעכע קראַפט האָט דער דיכטער אַריינגעלייגט אין דער זאָרג פאַר אונדזער גראָשן? אין טויזנט יאָר אַרום, ווען אונדזער נייע ליטעראַטור וועט זיך שוין האָבן דורכגעזיפּט דורך דער אומפעלבאַרער זיפּ פון די יאָרהונדערטערס, וועלן פון אונ־דזער צייט פאַרבלייבן אין דער ליטעראַטור פונעם עם הספר קודם־כל ביאַליקס נאַ־ציאָנאַלע וויי־געשרייען, זיין נאַציאָנאַלער אויסשמייסן אונדז. אין דער נייער אויס־גאַבע פון אונדזער דערגאַנצטן תנ"ך וועט געפינען אַן אָרט אויך ביאַליקס זאָרג וועגן אונדזער גראָשן (אָ, די גרויסע זעלבסטפּייניקונג פון אונדזער פלאַמיקן ביאַ־ליקן). נישט קיין ספק זייטלעך וועלן צוקומען צו די פיר און צוואַנציק ספרים פון תנ"ך, אָבער גלייך נאָכן בעסטן פון איבן־גבירולס און יהודה הלויס ירושה וועט קומען ביאַליק, אין וועמען אונדזער פאָלקס־ליטעראַטור האָט באַקומען גרויסן המשכדיקן אויסדרוק. ווייל ביאַליק איז דאָך נישט סתם אַ גרויסער דיכטער, נאָר

אַ י ִי ד י ש ע ר דיכטער, אין וועמענס שאַפן מע קען לייכט דערקענען די המשך־ליניע פון די בעסטע תנ״ך־זייטלעך און פון אונדזער גאָלדענעם ליד אין דער אַראַ־בישער שפּאַניע נישט נאָר נאָך דער שפּראַך, נאָר, דער עיקר, אויך לפּי דעם גייסט אין סאַמע דינסטן און אינהאַלטלעכסטן באַטייט פון דעם וואָרט.

ניין, ביאַליק האָט זיך געזאָרגט וועגן עפּעס גרעסערס ווי פּאַר אונדזער גראָשן. אָבער דער אמת פון די דאָזיקע גרויזאַמע פערזן באַשטייט אין דעם וואָס ער האָטווירקלעך פאַרשווענדט זיין רענדל, אָדער ריכטיקער: איינעם פון די ווערטפולסטע רענדלעך פון זיין רייכער נשמה.

איינער פון די דאָזיקע נישט־אויפגעהיטע רענדלעך ביאַליקס איז גלייכצייטיק אויך אונדזער נאַציאָנאַל־פאַרשווענדטער רענדל.

ביאַליק, ווי מ׳קען מישפּטן לויט איינציקע ווערק זיינע, וואָלט זיך געוועזן גע־קענט אַנטוויקלען אין איינעם פון אונדזערע גרעסטע אוניווערסאַלע דיכטער. אין זיין דערציילונג „ספיח״ דערציילט ביאַליק אָדער ער טרוימט אויס אַ סימבאָלישן חלום פון אַ גרויסן פּאָעטישן אינהאַלט און פון טיפן אויטאָביאָגראַפישן באַטייט.

איך האָב דאָ נישט קיין פּלאַץ צו ברענגען דעם דאָזיקן חלום אין גאַנצן, און איך שיק אָפּ דעם לייענער צו דער דערציילונג גופא, וואָס י. י. שוואַרץ האָט אי־בערגעזעצט און אַרויסגעגעבן אין אַ באַנד ביאַליקס פּראָזע אין יידיש.

אין דאָזיקן חלום זעט זיך ביאַליק מיט פאַרוווּנדערונג אויף אַ שטויביקן וועג, צווישן פרעמדע בע־ונדניקעס; אָבער גלייכצייטיק, ביי דער זייט פון וועג, זעט ער אַ וווּנדערלעך יינגל אויפן ברעג פון אַ ליכטיקן טייכל, צווישן פרישן גרינס. און דער ביאַליק פונעם שטויביקן וועג דערקענט פּלוצלינג, אַז דאָס וווּנדערלעכע יינגל פונעם טייכל־ברעג איז — ער אַליין. דער שטויביקער וועג פון אונדזער לעבן האָט אים אַזוי פאַרפרעמדט פון זיך גופא, אַז מיט גרויס מי דערקענט ער זיך אין יענעם, אינעם וווּנדערלעכן.

אויך מיר דערקענען מיט גרויס מי אינעם אידיליש־וווּנדערלעכן ביאַליק דעם ביאַליק פון די „שירי הזעם״, — אָבער — מיר קענען שוין! — דאָס איז ער, דער זעלביקער ביאַליק. אַ גאַנצן לעבן זיינעם האָט ער געבענקט באַוווּסטזיניק און נאָך מער אומבאַוווּסטזיניק נאָך דעם גן־עדן פון זיין קינדהייט, פון וועלכן אונדזער פאַרשאָלטן לעבן האָט אים אַרויסגעריסן.

ביאַליק האָט דערביי אַ סך פאַרלוירן, אָבער מיר — נאָך מער!

אונדזער נאַציאָנאַלע טויזנט־יאָריקע מילחמה האָט אונדז שוין געקאָסט נישט ווייניק קרבנות, — און צווישן זיי געפינט זיך אויך אַ דיכטער פון אוניווערסאַלע אידייען און געפילן — דער נישט־אַנטוויקלטער ביאַליק פון אַזעלכע געדיכטן ווי „זאָל זיין ווי אייערער מיין גורל״, „און ס׳וועט זיין, אַז איר וועט געפינען די מגילה פון מיין האַרצן״.

אַ דיכטער, וועלכער האָט געקענט אָנשרייבן אַזאַ טיף און שטיל געדיכט „זאָל זיין ווי אייערער מיין גורל" (אין אָריגינאַל איז דאָס ליד אַ סך בעסער), האָט גע־מוזט צייטנווייז אַריינפאַלן אין אַ ייאוש־שטימונג פון דער אויפגאַבע, וואָס איז אויס־געפאַלן אויף זיין גורל, צו ווערן דער אַליאַרם־טרומייט פון אַ נאַציאָנאַלן שטורעם־און דראַנג־פּעריאָד. און בלויז מיטן דאַזיקן ווייטיק קען מען דערקלערן (און דאָס גיט אַ מעגלעכקייט צו פאַרשטיין) אַזעלכע גרענעצלאָז־ווילדע אויסבראָכן פון צאָרן און ייאוש ווי אָט־די שורות:

„און ווען איך וועל אומקומען אין אייער פאַרלאָזטן היכל,
איך וועל זיך פאַרכלינען אין מיין צאָרן, —
זאָל איך שטאַרבן אין שווייגן: שענדעט נישט מיט טרערן מיין געדעכעניש
אין קבר. — די שבעה מדורי גיהנום, וואָס האָבן מיך געפּייניקט
ביים לעבן, זאָלן מיך שרפען אויך אין קבר, אַבי די ערגסטע טאָרטור
— אייער געוויין ביי דער לוויה, זאָל מיך נישט פּייניקן..."

עס איז שווער צו געפינען אַ דיכטער, וואָס די הויכפּונקטן פון זיין שאַפן זאָלן זיין אַ מער אומאויפהערלעכער געשריי, ווי דאָס איז ביאַליקס; אָבער עס איז אויך שווער צו געפינען אַ דיכטער, וועלכער זאָל האָבן מער געבענקט נאָך שטילע ווער־טער און בכלל נאָך דער שטילקייט, אין וועלכער גאָט רעדט ווי ביאַליק.

אין זיין ליד „דיין אָטעם, גאָט", קלאָגט זיך ביאַליק פאַר גאָט, אַז ער קען נישט באַנוצן דאָס וואָרט אויף תפילה צו טאָן, ווייל דאָס וואָרט איז פאַרשוועכט:

„עס זיינען מיר באַפאַלן גראַגערדיקע ווערטער, ווי אַ טשאַטע זונות,
פאַרשלייערטע אין פאַלשן ציר מיט שווינדלערישע חנדלעך...
זיי זיינען חוצפּהדיק און פאַלש...
ווי ווילדגראָז פּרוכפּערן זיי זיך..."

און דער דיכטער זוכט אָן אָפּרו פון די „ממזרים פון געדאַנק און פעדער" אין דער וועלט פון דאָס קינדישע אין לעבן, און די דאָזיקע וועלט — אין איר שלימותדיקסטער פאַרקערפּערונג, — געפינט ער ביי די „למד־וואָווניקעס פון לעבן", די באַשיידענע און צניעותדיקע.

ס'אַראַ שטילע ווערטער און בילדער דער דונערדיקער ביאַליק געפינט אויס פאַרן דאָזיקן זאַלץ פון דער ערד, פאַרן לעבעדיקן זין פון דער וועלט! און ער וויל, אַז זייער גורל זאָל זיין — זיין גורל.

ווי רירנדיק דאָס איז, ווען אַ גרויסער קינסטלער און אַ נאַציאָנאַלער דיכטער, וועמענס יעדעס וואָרט האָט געפונען (און געפינט!) אַן אָפּרוף אינעם האַרצן און אינעם לעבן פון אַ גאַנץ פאָלק, וויל זיך צונויפגיסן מיט יענע, פאַר וועמען עס איז נישטאָ „קיין אָרט צווישן קינסטלער", פאַר וועמען עס איז נישטאָ „קיין פּלאַץ אין

די מוזעאומס". „עס שטאַרבט אָפּ איינזאַם אייער טריט אָן אָפּקלאַנג און אָן רושם, נאָר אייער לעבן איז די בעסטע שאַפונג, אייער וועזן — העכסטעס קונסטווערק, איר היטער איר געטרייער פון גאָטס אויסזען אויף דער וועלט".

„טאָג־טעגלעך גיסט זיך אַריין טראָפּנווייז די שיינקייט פון אייער לעבן אינעם חלל פון דער וועלט, ווי אַ פאַרבאָרגענער קוואַל גיסט זיך אַריין אין אַ טייך, כדי אים צו באַלעבן, און ער ווייס אַפילו נישט וועגן דעם!"

אָט דאָס ליד דעקט אָפּ נישט נאָר איינעם פון די גרעסטע אוצרות פון ביאַליקס נשמה, נאָר עס גיט אַ פּסיכאָלאָגישן שליסל צו ביאַליקס שטימונגען און צו ביאַליקס אָפטן שווייגן.

אין אָט דעם ליד איז ביאַליק, דער אומבאַקאַנטער ביאַליק, אוניווערסאַל־טיף.

*

ביאַליקס „שירי הזעם", זיינע נאַציאָנאַלע ווײ־געשרייען זיינען אונדז אַזוי טייער (און זיי זיינען אַזוי מאָנומענטאַל!), אַז אונדז איז שווער צוצולאָזן אַפילו דעם שאָטן פון געדאַנק, אַז די דאָזיקע לידער וואָלטן געוועזן געקענט נישט עקסיסטירן; אָבער נישט ווייניקער שווער איז אונדז שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דער שטילער ביאַליק, דער אוניווערסאַלער ביאַליק איז געבליבן אין אַ קנאָספּ־צושטאַנד, נישט צעבליט...

# שאול טשערניכאָווסקי

## א) דער דיכטער און זיין דור

אין דער הקדמה צו דער „אַנטאָלאָגיע פון דער יונגער ייִדישער דיכטונג״, אַרויסגעגעבן פון דעם פאַרלאַג „ספרות״ אין 1917 (אַ פאַרלאַג צו פּאָפּולאַריזירן די ייִדישע ליטעראַטור אין רוסישער איבערזעצונג), שרייבט דער באַרימטער היסטאָריקער פון דער רוסישער ליטעראַטור און קולטור מ. א. גערשענזאָן:

„ווי פון אַן אַלטן מאַכיקן וואָרצל וואָלט אַרויסגעשלאָגן אַ פרישע שפּראָצל, — — אַזאַ וווּנדער פון אויפלעבונג, באַנייִונג, באַפרייִונג, זע איך אינעם שאַפן פון די יונגע ייִדישע דיכטערס.

„איך ווייס נישט וואָס עס איז געשען מיטן ייִדנטום, — איך גיב נאָר אָפּ מיין גבית־עדות: אין דעם דאָזיקן בוך איז דאָס ייִדנטום ווי אַ מצורע, וואָס האָט (הגם נאָך אין גאַנצן ווי פריִער, אין צרעת־ווונדן) אויפגעהויבן דאָס פּנים און — אַלע דערזעען: ע ר א י ז ק ל אָ ר א י ן ג ײ ס ט, ע ר ה אָ ט א י ן ג ײ ס ט ג ו ב ר ג ע ו ו ע ן ז ײ ן ק ר אַ נ ק ײ ט״.

די דאָזיקע ווערטער פונעם אַסימילירטן גערשענזאָן זיינען כאַראַקטעריסטיש, נאַטירלעך, פאַר גערשענזאָנען גופא; ער ווייס נישט וואָס עס איז פאָרגעקומען מיטן ייִדנטום פאַר יענע עטלעכע צענדליק יאָרן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין „פרעמדן לאַנד״; אָבער די פאַרוווּנדערונג, וואָס עס דריקן אויס זיינע ווערטער, איז כאַראַקטעריסטיש אויך פאַרן דור פונעם לעצטן יאָרצענדלינג פון 19טן יאָרהונדערט און פון ערשטן יאָרצענדלינג פון 20סטן, ווען עס האָט זיך פונאַנדערגעבליט די דיכטונג פון ביאַליקן, פון טשערניכאָווסקין און פון אַ גאַנצער פּלעיאַדע ווינציקער באַדייטנדיקע טאַלאַנטן, וואָס זיינען געגאַנגען אין זייערע פּיאָנערישע שפּורן. אָט דער יונגער דור, וואָס וועגן אים וועט נאָך גערעדט ווערן ווייטער, האָט פּלוצעם

באַנומען, אַז אין יידישן לעבן האָט יונג און הילכיק זיך צעזונגען די מוזע פון דיכטונג, וואָס איז אַזוי לאַנג געווען ווייט פון אים. דער דאָזיקער דור, — להיפוך צו גערשענזאָנען, — האָט געוווּסט וואָס עס איז געשען מיטן יידנטום; ער גופא האָט דאָך אָנגעווענדט אַלע זיינע כוחות כדי ד אָ ס זאָל געשען. ער האָט געוווּסט אַז דאָס יידנטום, ווי דער לעגענדאַרער פעניקס, נעמט ווידער אויפלעבן פון זיין אייגענעם אַש. און טשערניכאָווסקי איז געווען פאַר אָט דעם דור דער קרוין־עדות, אַז דער פּראָצעס פון באַנייונג, וואָס וועגן אים האָט דער יונגער דור געטרוימט, פאַר וועלכן ער האָט מתפלל געווען, פאַר וועלכן ער האָט געאַרבעט, איז געראָטן.

שאול טשערניכאָווסקי, וואָס זיין דיכטונג לייכט מיט אַלע פאַרבן און יוירט מיט אַלע זאַפטן פון יוגנט, — איז געווען דער דיכטער פון דער יידישער נאַציאָ־נאַלער יוגנט, פון דער יידישער נאַציאָנאַלער יוגנטלעכקייט, — דער דיכטער פון די „יונגע".

*

שאול טשערניכאָווסקי איז געבוירן געוואָרן אין 1875 אין דאָרף מיכיילאָווקע (טאַווּרישע גובערניע, אין רוסלאַנד). די סביבה און די דערציִונג פון טשערניכאָוו־סקין, וועלכער איז געבוירן געוואָרן כמעט איינצייטיק מיט ביאַליקן, זיינען דיאַ־מעטראַל קעגנזעצלעך צו ביאַליקס, ווי עס זיינען דיאַמעטראַל קעגנזעצלעך די עיקרדיקע שאַפונג־מאָטיוון און די אידעאָלאָגיעס פון אָט די צוויי גרעסטע דיכ־טערס פון דער נייער העברעיִשער ליטעראַטור.

ער איז דער איינציקער פון דער גאַנצער גלענצנדיקער פּלעיאַדע דיכטערס און שרייבערס אונדזערע, געבוירענע אין די זעכציקער און זיבעציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט, וואָס האָט נישט געלערנט אין חדר און ישיבה; נישט דורכ־געמאַכט דעם קאַמף צווישן עלטערן און קינדער פאַר און קעגן השכלה און די אַנטוישונג אין דער השכלה, כדי אָנצוקומען צו דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. אין אַ פּריוואַטער יידישער שול (אַ חדר מתוקן) האָט ער זיך אויסגעלערנט העברעיִש און זיך באַקענט מיט דער נייער העברעיִשער ליטעראַטור, איידער ער איז אָנגעקו־מען אין אַן אַלגעמיינער שול.

אין יאָר 1890 איז טשערניכאָווסקי אָנגעקומען אין דער אָדעסער האַנדלסשול. דאָרט פאַרבינדט ער זיך מיט דער נייער יידישער ליטעראַטור און שליסט זיך אָן אין אונדזער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. אונטער דער ווירקונג פון דער נייער ליטע־ראַטור און פון אונדזער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, וואָס האָבן זיך געהאַט שטאַרק באַפעסטיקט אינעם אַסימילירטן אָדעס — דעמאָלט איינער פון די הויפּטצענטערס פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג — טרעט טשערניכאָווסקי אַרויף, אַ זיבעצן־יאָריק בחור, אויף זיין רומרייכן וועג אין דער העברעיִשער ליטעראַטור. (שוין צו צוועלף

יאָר האָט ער פּרובירט שרייבן אין העברעיִש אַ ביבלישע העברעיִשע פּאָעמע, אונ־טער דער השפּעה פון די תנכישע פּאָעמעס פון מ. י. לעבענזאָן).

ווי מיר זעען איז טשערניכאָווסקיס אַנטוויקלונג אויך אין פּרט פון אַריינוואַקסן אין דער אייגענער ליטעראַטור געווען נאָרמאַלער ווי די אַנטוויקלונג פון כמעט אַלע שרייבערס פון זיין צייט, פאַר וועלכע די אייראָפּעיִשע פאָרמען פון דער ליטע־ראַטור זיינען געווען אַ פרעמדע, פאַרבאָטענע פרוכט.

אין 1899, ווען עס דערשיינט דאָס ערשטע ביכל לידער זיינס — **ח ז י ו נ ו ת ו מ נ ג י נ ו ת** (דאָס ביכל האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, בלויז אויף געע־ציילטע, מיט דער רעוואָלוציאָנערער נייקייט פון דער טעמאַטיק), פאָרט דער דיכ־טער אַוועק קיין אויסלאַנד און טרעט אַריין צו ערשט אין היידעלבערגער, דערנאָך אין לאָזאַנער אוניווערסיטעט, וווּ ער ענדיקט אין 1907 דעם מעדיצינישן פאַקולטעט. אין זעלביקן יאָר קערט ער זיך אום קיין רוסלאַנד, באַקומט אַ שטעלע פון אַ דאָרפס־דאָקטער, צו ערשט אין טאַווריישער, דערנאָך אין כאַרקאָווער גובערניע, און פירט ווייטער די אומגעוויינטלעכע — פאַר אַ ייִדן — ליניע פון זיין אָריגינעלער ביאָ־גראַפיע.

אין יאָר 1921 פאָרט טשערניכאָווסקי אַרויס פון רוסלאַנד (צוזאַמען מיט אַ גרופּע ייִדישע שרייבערס און דיכטערס — מיט ביאַליקן בראש) און, נאָך עטלעכע יאָר פירן אַן עמיגראַנטיש לעבן אין בערלין, קומט ער קיין ארץ־ישראל, וווּ ער האָט זיך פאַרנומען ביזן טויט מיט מעדיצינישער, וויסנשאַפטלעכער (ער האָט גע־שאַפן לערנביכער פון פיזיאָלאָגיע און אַנאַטאָמיע פאַרן העברעיִשן אוניווערסי־טעט אין ירושלים) און, דער עיקר, מיט ליטעראַרישער אַרבעט — אָריגינעלער און איבערזעצערישער. טשערניכאָווסקי האָט געקענט פּערפעקט אַלטע און נייע שפּראַכן און ער האָט באַוויזן ממש ווונדער אויפן געביט פון דיכטערישע איבערזעצונגען.

טשערניכאָווסקי האָט געשאָנקען דער העברעיִשער ליטעראַטור פּרעכטיקע איבערזעצונגען פון גריכישע, בבלישע און פינישע עפּאָסן; ער האָט אַריינגעפירט אין דער העברעיִשער ליטעראַטור לאַנגפעלאָס פּאָעמע „היאַוואַטאַ", אַנאַקרעאָנס געזאַנגען, אַ חוץ אַ סך קלענערע לידער פון די פאַרשיידנסטע אייראָפּעיִשע דיכ־טערס וואָס זייער השפּעה לאָזט זיך דערקענען אין טשערניכאָווסקיס דיכטונג.

ווי מיר זעען, איז זיין ביאָגראַפיע אַ קלאָרע און זיכערע אין אירע פּשוטע ליניעס, — אַ דירעקטער קעגנזאַץ צו ביאַליקס ביאָגראַפיע, וואָס איז פול מיט טראַגישן ליכט־ און שאָטן־קאַמף. אָט דער אונטערשייד אין די ביאָגראַפיעס איז געקומען צום אויסדרוק אויך אין דער שאַפונג פון ביידע דיכטערס. ביאַליקס דיכטונג איז אָפט אַן אויסדרוק פון זיין ביאָגראַפיע און אַ קאָמענטאַר צו איר — איינע דערקלערט די צווייטע; ביי טשערניכאָווסקין זיינען זיי צעטיילט. טשערני־כאָווסקיס דיכטונג דריקט אויס בלויז זיינע דיכטערישע איבערלעבונגען. נאַטירלעך, די איבערלעבונגען זיינען פאַרבונדן מיט היידעלבערג און מיט אַנדערע ערטער פון

מערב־אייראָפּע, אָדער פון קרים, אָבער די דאָזיקע פאַרבינדונג איז אַ ריין דרויסנ־דיקע. הנאווה מדילסברג האָט געקענט זיין אויך די שיינע פון אָדעס אָדער פון פּעטערבורג.

טשערניכאָווסקיס ליד איז איינס פון די לידער פון מענטש, צי ער איז אַ ייד אָדער נישט. זיין רייזעלע, פון דער אידיליע בלינצעס, איז אַ ייִדיש־קע, זי האָט אָבער אויך געקענט זיין אַ רוסיש מיידל און דעמאָלט וואָלט די זעל־ביקע איבערלעבונגען געווען געהאַט דאַמאַכאַ, די פרומע קריסטין און נישט די רביצין, די אַלמנה. נישט אומזיסט געפינען די רביצין און דאַמאַכאַ אַ בשותפות־דיקע שפּראַך ביים פאַרמישפּטן די גאָטלאָזע יוגנט, — זייער טראַגעדיע איז אַן אַלמענטשלעכע טראַגעדיע אינעם קאַמף צווישן דורות, צווישן עלטערן און קינדער.

אָבער די טראַגעדיע פון ביאַליקס המתמיד איז אַ טיף־ייִדישע און אונטער קיין שום מעטאַמאָרפאָזע קען זי נישט זיין קיין טראַגעדיע פון אַ זון פון אַן אַנדער פאָלק.

קיין איינער פון אונדזערע נייע דיכטערס איז נישט געקומען צו אונדז — אין יענער צייט! — מיט אַזאַ יחידיש ליד, מיט אַ ליד פון אַ נאַציאָנאַל לחלוטין נישט געפאַנגענעם, לגמרי פרייען יחיד ווי טשערניכאָווסקי. און דער יונגער דור, וואָס האָט זיך געריסן צו פרייהייט, וואָס האָט געטרוימט וועגן באַפרייען דעם יחיד פון נאַציאָנאַלן דרוק אין אַלע זיינע פאָרמען (בלייבנדיק גלייכצייטיק אין די פריי־ע גרענעצן פון דאָזיקן נאַציאָנאַלן איינס), — אָט דער יונגער דור האָט דערזען אין טשערניכאָווסקין די פאַרקערפּערטע געשטאַלט פון זיין אידעאַל.

*

צווישן טשערניכאָווסקין און די „יונגע" פון יענער צייט האָט זיך נישט איינ־געשטעלט די באַציִונג פון איינזייטיקן געבן און איינזייטיקן בעמען — זיי האָבן אי גענומען איינער ביים צווייטן, אי געגעבן איינער דעם צווייטן. די „יונגע" האָבן געשעפּט ביי טשערניכאָווסקין יענע געפילן און איבערלעבונגען פון עכטער יוגנט, וואָס האָבן זיי געפעלט אין ווירקלעכן לעבן, און טשערניכאָווסקי האָט גענו־מען ביי די „יונגע" אַ טייל פון די ייִדישע פאָרמען, אין וועלכע עס האָבן זיך פאַרקערפּערט זיינע אינדיווידועלע געפילן און שטימונגען.

מיט דעם מיין איך צו זאָגן אָט וואָס: להיפוך צו די דיכטערס פון זיין צייט, איז טשערניכאָווסקי נישט געווען קיין גייסטיק־איינגעבראָכענער, צעשפּאָלטן צווישן דער ליבע צו דער פאַרלאָזענער אַלטער, ייִדישער וועלט און צווישן דער בענקשאַפט נאָך דער אַלמענטשלעכער וועלט. זיינע לידער זיינען די לידער פונעם מענטש, ווי עס הייסט איינס פון זיינע בעסטע און טיפסטע לידער; לידער פונעם מענטש און נישט לידער פון אַ ייִדן, ווי מע וואָלט זיי געקענט אָנרופן ביי ביאַליקן, וועלכער קען נישט פאַרגעסן אַפילו אין זיינע ווינטערלידער, אַז ער איז אַ ייִד.

יאָ, איך בין אַ ישיבה־בחור,
ס'איז ווי קרייד מיין פּנים ווייס;
נאָר אין זיך פאַרבאָרג איך קרעפטן
אונטער דיקן פאַנצער אייז.
און מיין אייז — עס שמעקט מיט פרילינג
וואָס איז פול מיט פראַכט און לוסט.
אַזאַ נייעם פרישן פרילינג
האָט קיין מענטש נאָך נישט געוווסט".

פאַר טשערניכאָווסקין איז דער דאָזיקער אומגעזעענער פרילינג נישט קיין חלום, נאָר דיווירקלעכקייט פון זיין לעבנס־פרילינג, זיין ווירקלעכקייט, פון וועל־כער ער האָט געטרונקען אַ פולן כוס.

און אויב מע טרעפט ביי טשערניכאָווסקין די טעמאַטיק פון יענעם דור — קאַמף קעגן אַ וועלט פון ביכער און פאַר אַ וועלט אַ ווירקלעכע, אַ וועלט פון די חושים, — צאָלט ער דערמיט בלויז צינז זיין צייט; ער וויל איר העלפן אין איר קאַמף פאַר דעם, וואָס ער גופא האָט דאָס באַקומען אָן קאַמף. אין אַזעלכע מאָמענטן שרייבט ער זיין פ אַ ר אַ פּ אָ ל אָ נ ס ס ט אַ ט ו ע, ווו דער פּאָעט קניט פאַר דעם גאָט פון שיינקייט און בעט שיער נישט מחילה ביי אים פאַרן יידישן פאַרראַט לגבי דער גבורה און דער שיינקייט פון לעבן, וועלכע די יידן האָבן גע־בונדן „הענט און פיס" מיט די רצועות פון תפילין.

אָט דער מאָטיוו, וואָס האָט געפונען נישט אָן ערך מער קינסטלערישן אויס־דרוק אין די באַרימטע און באמת וווּנדערלעכע לידער פונעם ציקל מחזיונות נביאי־השקר, דערמאָנט אונדז אָן עפּיזאָד פון אונדזער נישט־לאַנגאַניקער קולטור־געשיכ־טע — דעם קאַמף פון מ. י. בערדיטשעווסקיס שולע קעגן דעם אָרטאָדאָקסאַלן יידנטום.

אויפן פרשת־דרכים פון צוויי עפּאָכעס, אין אַן איבערבראָך־מאָמענט פון דער יידישער געשיכטע, האָט איין גרופּע, מיט אחד־העמען בראש, געפאָדערט צו באַ־נייען די קולטור ירושה פון יידנטום, בעת די צווייטע גרופּע, די אַזוי גערופענע „יונגע", האָט אויפגעפאָדערט אין גאַנצן אַראָפּצוּוואַרפן דעם גייסטיקן יאָך פון יידנטום. די־אַ פאָדערונג, וואָס פון אַ געוויסן קוקפונקט קען זי אויסזען ווי אַ מין אָפּצווייג פון אַסימילאַציע (פון קולטור־אַסימילאַציע), איז אין דער אמתן פונקט דער היפוך פון אַסימילאַציע.

די אַסימילאַציע פירט נישט קיין קאַמף מיט דער ירושה פון יידנטום, נאָר מיטן לעבעדיקן יורש פון יידנטום; זי פאָדערט נישט אַראָפּצוּוואַרפן די יידישקייט, נאָר די יידישע נאַציאָנאַליטעט, — בעת די „יונגע", מיט מ. י. בערדיטשעווסקין בראש, האָבן געפאָדערט אַראָפּצוּוואַרפן די יידישקייט, כדי דער לעבעדיקער טרע־

גער פון ייִדנטום זאָל זיך פונאַנדערבליִען (ווערליק זייער באַגריף), כדי ער זאָל אויפלעבן נאַציאָנאַל.

דאָס איז געווען דער קאַמף נישט קעגן עטלעכע אָפּגעלעבטע פאָרמען פון ייִדנטום, נאָר קעגן ייִדנטום בכלל, קעגן ייִדנטום ווי אַ וועלטבאַנעם און לעבנס שטייגער. דאָס איז געווען אַ נייע אויפלאַגע פונעם אַלטן קאַמף פון ייִדנטום קעגן בעל, פונעם אַלטן קאַמף פון די העלעניסטן קעגן די פּרושים, פונעם אַלטן קאַמף פון די נביאי־האמת קעגן די נביאי־השקר. דאָס איז געווען אַ קאַמף, וואָס האָט געהאַט אין זיך עפּעס פונעם רענעסאַנס־קאַמף קעגן מיטלעלטער, — אַ קאַמף וואָס האָט באַזירט אויף דער אַלטער געצנדינעריי, אויף אַן אַלטער געצנדינערישער קול־טור. אין ברען פון די אויפלעבונגס־טרוימען, האָבן די „יונגע" געוואָלט אַראָפּ־וואַרפן פון זיך דעם גרעסטן טייל פון דער ייִדישער קולטור און געשיכטע און אומקערן זיך, אַזוי צו זאָגן, נישט צו עמוסן, נאָר צו יפתחן.

אָט דער ווילן האָט געפונען אַ פּרעכטיקן דיכטערישן אויסדרוק אין די אויבן־דערמאָנטע „מחזיונות נביאי־השקר". טשערניכאָווסקי זאָגט נישט מער און נישט וויי־ניקער, אַז די סאַמע אמתע נביאים פונעם גרעסטן גאָט ל ע ב ן זיינען געווען גראָד די כלומרשטע „פאַלשע" נביאים, וואָס מען האָט זיי פאַרשטיינערט, ווי אַלע אמתע נביאים. און איצט, דריי טויזנט יאָר שפּעטער, קאַנאָניזירט זיי טשערניכאָוו־סקי, אויף דער שוועל פון ייִדישן רענעסאַנס, אונטערן יובל־אויסגעשריי פון אַ דור, וואָס שטרעבט אַראָפּצוואַרפן דעם יאָך פון מעכטיקסטן געזעץ, וואָס די גע־שיכטע פון דער מענטשהייט קען — דעם געזעץ פון יהדות.

אויב טשערניכאָווסקיס דיכטונג איז פון אָנהייב בכלל געווען צו ניי און צו פרעמד פאַרן ייִדישן אויער און האַרץ, זיינען אַזעלכע ציקלען לידער ווי „מחזיונות נביאי־השקר" אָדער „לעשתרת שיר ולבל" פאַר אייניקע געווען ממש אַ חילול־השם, און פאַר אַנדערע — אַן אמתע גייסטיקע רעוואָלוציע, אָדער ריכטיקער: אַ רעוואָ־לוציע קעגן גייסט. אַ ייִדישער דיכטער באַזינגט געטינס און געטער, באַזיגטע דורכן ייִדישן גאָט אין אַ יאָרטויזנט־לאַנגער מילחמה!

די דאָזיקע לידער טשערניכאָווסקיס זיינען נישט געווען קיין אַגיטאַציע־פּראָ־דוקט פון דער פּאַרטיי פון די „יונגע". אויך אָן זיי האָט ער פאַרגעטערט דאָס געצנדינערישע פון דער נאַטור און פון די פּרימיטיווע לעבנס־כוחות. אָבער, אויפ־געמונטערט דורכן קאַמף פון יונגן דור, האָט ער זיינע פּערזענלעכע מאָטיוון פאַר־קערפּערט אין פּאָעטישע נאַציאָנאַלע פאָרמען, וואָס זיינען געוואָרן די קאַמפספאָן פונעם דור. מען האָט זיך באַגייסטערט מיט טשערניכאָווסקין און געזען אין אים און אין זיין דיכטונג די פאַרקערפּערונג פון פולער פרייהייט און לעבנס־פולקייט אין דער צוקונפט. און טשערניכאָווסקי האָט מיט זיינע יחידישע לידער אַזוי צו־געטראָפן דעם געשמאַק פון אַ טייל פון זיין דור, אַז ער, דער דיכטער פון פּערזענ־לעכע שטימונגען און אַלמענטשלעכע עלעמענטאַרע געפילן און כוחות, איז געוואָרן

אַ מין נאַציאָנאַלער דיכטער, אַן אויסדריקער פון די פאַרלאַנגען פונעם יונגן דור, דער דיכטער פון איר מאַרסעליעזע צו דער קראַפט און שיינקייט פון לעבן, וואָס זיינען פאַר די אָנהענגערס פון ישראלס גאָט געוואָרן אַן אומריינע קראַפט.

די קעגנזייטיקע באַציִונגען צווישן אים און זיין דור וואָרצלען נאָך טיפער. אַזעלכע דיכטערס ווי טשערניכאָווסקי, האָבן נישט געהאַט קיין פּלאַץ אין דער ייִדי־שער ליטעראַטור און אין ייִדישן לעבן זינט דעם 14טן יאָרהונדערט, נאָכן טויט פון עמנואל הרומי, וועגן וועמען טשערניכאָווסקי — ווי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצקייט פון זיין נאַטור! — האָט אָנגעשריבן אַ מאָנאָגראַפיע; אָדער זיי פלעגן בכלל זיך נישט צעבליִען אויף אונדזער באָדן, אָדער זיי פלעגן זיך צעבליִען אויף פרעמדע באָדנס.

טשערניכאָווסקי, וואָס האָט, אַ חוץ זיין מוטערשפּראַך, רוסיש, געקענט אַ סך אייראָפּעיִשע שפּראַכן און איז געווען אָנגעזאַפּט מיט דער מערב־אייראָפּעיִשער קול־טור, וואָלט זיכער געווען געפונען זיין אָרט אין אַ פרעמדער ליטעראַטור, ווען נישט אונדזער נאַציאָנאַלע באַוועגונג. זי האָט נישט באַשאַפן טשערניכאָווסקין, אָבער זי האָט אים א יי נ ג ע ה אַ ל ט ן ב יי א ו נ ד ז, זי האָט געמאַכט פאַר אים אַן אָרט, אויסברייטערנדיק די אויפנעם־גרענעצן פון אונדזער נאַציאָנאַלן גייסט.

*

טשערניכאָווסקיס ליד איז אין אָנהייב פון די ניינציקער יאָרן פון ניינצנטן יאָרהונדערט און אין ערשטן יאָרצענדלינג פון צוואַנציקסטן געווען נישט נאָר ניי און אָריגינעל, נאָר עס האָט זיך געפונען מחוץ דער ציימראַם פון דעמאָלטיקן קאַמף קעגן טראַדיציאָנעלן ייִדנטום.

די נייע העברעיִשע דיכטונג, האָט פּונקט ווי די נייע העברעיִשע פּראָזע, דע־מאָלט געקענט נאָר צוויי מאָטיוון:

דעם קאַמף מיט די פאַרעלטערטע פאָרמען פון ייִדישן לעבן (למשל, די קעמ־פערישע סאַטירישע פּאָעמעס פון יהודה לייב גאָרדאָן, וועלכער איז געשטאָרבן אין דעם יאָר, ווען טשערניכאָווסקי האָט דעביוטירט אין דער העברעיִשער דיכטונג), אָדער די ראָמאַנטיק אויף תנכישע טעמעס (ווי, למשל, אַ טייל פון גאָרדאָנס פּאָעמעס, ווי אויך די פּאָעמעס פון מ. י. לעבענזאָן, וועמען טשערנ־כאָווסקי האָט נאָכגעמאַכט אין זיין צוועלף־יאָריקן עלטער), און די לירישע אויסגאָסן פון בענקשאַפט נאָך ציון (ווי די שירים פונעם פרי־פאַרשטאָרבענעם דיכטער און מאָלער מ. צ. מאַנע, דאָ־ליצקי א״אַ). אפילו ביאַליק, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט אין דער העברעיִשער דיכטונג אַ נייעם טאָן, האָט אָנגעהויבן מיט אַ ליד וואָס דריקט אויס בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל (אל הצפור). דער אינדיווידועלער טאָן פון אונדזער נייער ליריק איז, בדרך כלל, געווען אַ נאַציאָנאַלער. דער אינדיווידועלער דיכטער, אַרויסגייענדיק פונעם פיזישן און גייסטיקן פעסט־געגלידערטן געטאָ, האָט אויסגעדריקט אין זיינע

אינדיווידועלע טרוימען — די טרוימען פונעם קאָלעקטיוו. און אָט די טרוימען זיינען געווען ריין יידישע אָפּקלאַנגען פון נאַציאָנאַלע חלומות אָדער נאַציאָנאַלע אומגליקן. אַפילו דעמאָלט ווען דער דיכטער פלעגט אַנטלויפן אין פעלד אַריין (זע ביאַליקס ב ש ד ה), ווייט פון געטאָ, האָט ער געבראַכט אַהין זיין ספּעציפיש־יידישע שטימונג.

„ניין, נישט ווי אַ פויגל וואָס כאַפּט זיך פון שטייגל אַרויס
מיט געזאַנג — — —
אַזוי ווי אַ הונט נאָך געשלאָגן, געמאַטערט, געפּייניקט גאַנץ לאַנג
בין איך היינט פאַרשעמט און דערשלאָגן אַנטלאָפן אין רוישנדן פעלד".

און אָט קומט אַ דיכטער, וואָס פילט זיך אין וואַלד, צווישן בערג און אָזערעס, כלל נישט ווי אַ ייד. ער פילט זיך קרוביש צו יעדער גרעזעלע, צו יעדער אינסעקט; אים דאַכט זיך, — ניין, ער איז זיכער, — אַז סיי די בלומען, סיי די פייגל, סיי די אינסעקטן און אַפילו די רוישנדיקע טייכלעך — זיינען ווייטע קרובים זיינע, פון וועלכע ער איז דערווייטערט געוואָרן אַמאָל־אַמאָל, אין אוראַלטע צייטן, בעת גאָט האָט פונאַנדערגעטיילט די סטיכיעס. אַ שאָד, וואָס איך ווייס נישט וועגן יידישע איבערזעצונגען פון די פּרעכטיקע, אַזוי כאַראַקטעריסטישע פאַר טשערניכאָווסקין, לידער שיח קדומים און קסמי יער.

דאָס ערשטע ליד הייבט זיך אָן ווי מיטן געקלאַנג פון זילבערנע גלעקלעך:

לי ספר המעין, וספר הגל,
ואת אשר לי ספרו אני לא ידעתי,
אך נפשי הרגישה, אך נפשי הבחינה
ברטט הנגינה
ובזעזועיה...

אין יידישער פּראָזע וועט עס הייסן:

„דער קוואַל האָט מיר דערציילט און די כוואַליע האָט מיר דערציילט, און וואָס זיי האָבן מיר פאַרציילט האָב איך נישט פאַרשטאַנען; אָבער מיין נשמה האָט דער־שפּירט, מיין נשמה האָט דערקענט דעם ציטער פון געזאַנג און זיינע וויברירונגען..."

און אין אַן אַנדער ליד, וואָס איז גייסטיק נאָענט צום ערשטן, און ווו דער דיכ־טער גיסט זיך צונויף מיט דער נאַטור, רופט ער אויס:

„אַך, ווען איך וואָלט געווען געקאָנט הערן די שפּראַך פון בלומען און קריי־טעכצער, און עס וואָלט מיט מיר געווען געפירט אַ שמועס די שמעקעדיקע סאָסנע... עס איז זיכער דאָ עמעצער וועד עס פאַרשטייט די שפּראַך פון בלעטער, דעם שעפּטש פון וואַסער; וועד עס פירט אַ טרויעריקן שמועס מיט אַ נישט־דערציילטער רויטער יאַגדע; וועד עט קושט, פול מיטגעפיל, אַ צעשפּאָלטענעם שטאָם פון אַ

סאָסנע, וועד עס פאַרשטויט דעם שאָקל פון אַ דעמב, דעם שעפטש פון אַ ווינט, דעם פּליעסק פון אַ כוואַליע״.

עס זיינען דאָ, עס זיינען זיכער דאָ אַזעלכע, און איינער פון זיי איז אונדז באַקאַנט — דאָס איז אונדזער טשערניכאָווסקי. נישט נאָר קען ער ביים נאָמען איטלעך בלימעלע, יעטוועדע לעבעדיקע באַשעפעניש, נאָר ער לעבט מיט זיי און לעבט איבער אַלע זייערע פריידן און ליידן. עס ווילט זיך אים קושן מיט אַזאַ אמתער (נישט ווערטערדיקער!) צאַרטקייט די קלענסטע וווּנד און זאָרג פון אַ יאַגדע אָדער פון אַ סאָסנע-שטאַם. און די דאָזיקע אינדיווידועלע, אינטימע, אַלמענטשלעכע איבערלעבונג באַזינגט ער מיט אַזאַ זאָרגלאָזן אויסדרוק פון זיין גאַנצן מהות, ווי דער דאָזיקער ייִד וואָלט נישט געווען געהאַט קיין שום אַנדערע זאָרגן.

טשערניכאָווסקי האָט דער ערשטער — אין דער נייער העברעיִשער דיכטונג — באַנייט דאָס אינדיווידועלע ליד פון מענטשן מיט פּרימיטיווער שפּירבאַרקייט צום לעבן פון דער נאַטור, שפּירנדיק אי אַ רעליגיעזע פאַרוווּנדערטקייט, אי אַ ציטער פון יראת-הרוממות פאַר אירע דערשיינונגען, — באַזונדערס פאַר אירע דערשיינונגען פון קראַפט.

אָט די לעצטע אייגנשאַפט האָט זיין ליד געמאַכט נאָך מער ניי און וווּנדערלעך פאַרן יונגן דור. אַ מענטש טרוימט וועגן דעם, וואָס אים פעלט; און וואָס האָט נאָך מער געפעלט יענעם ייִדישן דור, ווי קראַפט?

די נייע העברעיִשע דיכטונג פאַרמאָגט עטלעכע דיכטערס פון קראַפט, צווישן זיי ביאַליק, טשערניכאָווסקי, שניאור. אָבער קיינער, מיין איך, פאַרדינט נישט אַזוי דעם טיטל „פּאָעט פון קראַפט״, ווי טשערניכאָווסקי. ביאַליק פאַרמאָגט מוראדיקע קראַפט, אָבער דאָס איז די קראַפט פון גייסט. אַפילו דעמאָלט, ווען ער באַזינגט פיזישע קראַפט, ווי אין מ ת י מ י ד ב ר, איז זי דאָרט בלויז אַ סימבאָלישע פאַרקערפּערונג פון דער קראַפט פון גייסט, פון עטישער מרידה.

שניאור ווידער איז שטאַרק נאָר אין זיין רעטאָרישן וואָרט-אויסבראָך.

בלויז אין טשערניכאָווסקי ווייזט אַרויס אַ פּאָעטיש-סובטעלע פאַרגעטערונג פון קראַפט, וואָס נעמט אָן ביי אים אַ כמעט מעטאַפיזישן אָפּגלאַנץ. און דעריבער, ווען ער באַגייסטערט זיך אַפילו מיט דער קראַפט פון די מיטלעלטערלעכע באַראָנען-פעאָדאַלן, ליידט נישט דערפון אונדזער עטישע שפּירעוודיקייט: טשערניכאָווסקי פאַלט אַריין אין עקסטאַז, ווען ער וואַנדערט אַרום צווישן די חורבות פון זייערע אַדלער-נעסטן (ב י ן ק ב ר ו ת ד ו ר - נ כ ר), נישט פון זייערע קאַנקרעטע מעשים, נאָר פונעם מעטאַפיזישן קראַפט-שטראָם, וואָס ער שפּירט צווישן די חורבות פון די מעכטיקע ריטער, פון דעם דור, וואָס איז געווען גרויס „אין גלויבן און זינד״, און באַזונדערס — אין קראַפט; ווייל פאַר טשערניכאָווסקין איז דאָס הייליקסטע ליד פון מענטשן — הייליקער ווי די לידער פון ליבע, פון גלויבן, פון געטריישאַפט — דאָס ליד פון קראַפט. ער האָט צום מערסטן ליב דעם מענטשן, ווען

ער פילט דעם שטאַרקסטן צושטראָם פון קראַפט; ער האָט די נאַטור ליב צום מערסטן דעמאָלט, ווען זי געפינט זיך אין צופלוס פון אירע שטורמישע כוחות.

„איך זע נישט אין דיר, אָ, נאַטור, נישט קיין מאָמענטן פון שלאָף, נישט קיין מאָמענטן פון זיי־סע טרוימען, נאָר באַוועגונג, אייביקן קאַמף...“

אָדער: „ווען אַ מעכטיקער ציקלאָן טראָגט זיך דורך און רייסט מיטן וואָרצל צעדערן, אויפהייבנ־דיק דעם שטויב ווי אַ זייל, און שטראָמרעגנס ברעקלען אין שטויב דעם גראַניט אויף די באַרג־שיפּועס, און עס שווינדלען פאַרביי בליצן, און אַרום און אַרום קראַכן דונערן, — דעמאָלט לעב איך מיט דיר, אָ, גאָטס אין־סופיקע וועלט, און מיטן גאַנצן האַרצן דאָרשט איך נאָך פרייהייט און קאַמף; מיטן זיפץ פון אַלע וועלטן פליט מיין בונטאַרישער זיפץ און מיטן בלוט פון אַלע קעמ־פערס גיסט זיך אויך מיין בלוט...“

מיינט נישט, אַז אין אָט דעם ליד הערט איר דעם אָפּקלאַנג פון יראת־הכבוד פאַר די קעמפּפערס לטובת אַ באַשטימטער אידייע, — ניין, אויך דאָ קאָן אַ קורצזיכ־טיק עטיש געפיל זיך פילן באַליידיקט: טשערניכאָווסקי טראַכט נישט וועגן איין קלאַס קעמפּערס, נאָר וועגן קעמפּער־קלאַס בכלל, וועגן דער אַבסטראַקטער אידייע פון קראַפט, וואָס צעבליט זיך מיט דער פּרעכטיקסטער בלום אין מאָמענטן פון אָנ־שטרענגונג, פון קאַמף, פאַר וואָס דאָס זאָל נישט זיין. דאָס איז נישט קיין עטיש, נאָר אַן עסטעטיש געפיל. דאָס איז נישט מאָראַליש און נישט אוממאָראַליש. אויף טשערניכאָווסקין ווירקט פאַרשיכורנדיק יעדע דערשיינונג פון מעכטיקער קראַפט, און דער דאָזיקער צושטאַנד נייטראַליזירט זיינע מאָראַלישע צענטערס און ער גע־פינט זיך „אויף יענער זייט פון גוטס און שלעכטס“; ער איז דאַן אַמאָראַליש.

עס איז דעריבער נישט קיין וווּנדער, וואָס אַ טייל פון די יונגע וועלכע האָבן זיך צעבונטעוועט קעגן דער לאַסט פון מאָראַל, וואָס איר דרוק האָבן זיי געשפּירט נישט נאָר פון דרויסן, אין די פאַרשטיינערטע פאָרמען פון לעבן, נאָר אויך פון אינעווייניק, אין דער פאָרעם פון פּסיכישע „טאַבוס“, — האָבן זיך אַ ציי געטאָן צו טשערניכאָווסקין, צו זיין יראת־הכבוד פאַר קראַפט, און צו דער קראַפט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן. און אין זיין שאָטן האָבן זיי געגנאָסן פון דעם, וואָס אַליין האָבן זיי נישט פאַרמאָגט: פון דעם באַגליקנדיקן געפיל צו שפּירן אין זיך דעם רויש פון קראַפט־געפיל.

יאָ, טשערניכאָווסקיס מוזע איז געווען ביי און זי האָט צוגעצויגן מיט איר ביי־קייט. פון זיינע לידער האָט געווייעט מיט דעם יחידס פריי זיין פון די פאַרשאָלטענע

ייִדישע פּראָגעס, מיט קראַפט פון דער פערזענלעכקייט, וואָס גיסט זיך צונויף מיט דער נאַטור און באַזינגט זי מיט פּרימיטיווער, אוממיטלבאַרער קראַפט פון פּרע־היסטאָרישן מענטשן. ווי אַזוי האָט געקאָנט נישט פאַרווונדערן און נישט פאַרכישופן אַ דיכטער, וואָס אין אַ דיכטונג, ווו די נאַכט האָט געטויגט בלויז צו פאַרגלייכן זי צום גלות, האָט ער פּלוצעם געזונען באַזינגען די נאַכט מיט כמעט לעגענדאַר־מיטאָלאָגישע אַקאָרדן:

„איך ווייס: די נאַכט, וואָס איז געבוירן געוואָרן ביים בראשית, איז דאָרט געפּאַנגען אין וואַלד, — און אויף די צווייגן הענגען די שטיקלעך פון אירע קליידער...“

אַ דיכטער וואָס פאַרמאָגט אַזעלכע פרישע חושים, אַז ער קאָן געפינען אין די בערג די קדמונימדיקע נאַכט, די געבוירענע פון כאַאָס, — אַזאַ דיכטער איז גייטיק געווען דעם דור מיט לגמרי אַנטראַפּירטע חושים, וואָס האָט געטרוימט אַרויסצוגיין אין דער וועלט, צו דער נאַטור.

טשערניכאָווסקי האָט פאַרמאָגט גראָד דאָס, וועגן וואָס עס האָבן געטרוימט (ווי אָרעמעלייט וועגן מיליאָנען) — בערדיטשעווסקי און די יונגע, וועלכע האָבן זיך גרופּירט אונטער זיין פאָן.

און די דאָזיקע אייגנשאַפטן טשערניכאָווסקיס האָבן צוגעגעבן אַ נייעם אויס־דרוק אַפילו אַלטע טעמעס, ווען ער פלעגט זיך צורירן צו זיי.

זיין פּאָעמע ברוך ממגנצא וועגן אַ פּאָגראָם־קרבן, ווענען די אונ־מערדריקערס האָבן געפּאַנגען אין די נעצן פון זייער רעליגיע, איז — להיפּוך צו אַלע אַנדערע ווערק פון דעם מין, — נישט קיין אַפּאָטעאָז פון טראַדיציאָנעלן, פּאַסיוון קידוש־השם, נאָר פון אַקטיווער, נישט טראַדיציאָנעלער נקמה.

טשערניכאָווסקי האָט מיט אַלע זיינע חושים פאַרויסגעפילט אַלע האָפענונגען און טרוימען פון יענעם דור „יונגע“, פאַר וועלכע דער דאָזיקער, צו ערשט פרעמ־דער און כמעט אומפאַרשטענדלעכער דיכטער, איז געוואָרן דער נאָענטסטער.

טשערניכאָווסקי איז געוואָרן די ווונדערלעכסטע, אומגעריכטע פאַרקערפּערונג פון די טרוימען פון אַ גאַנצן דור.

*

טשערניכאָווסקי האָט אַריינגעטראָגן אין דער העברעישער דיכטונג זיין אייגנ־אַרטיקע פּאָעטישע עמאָציאָנעלקייט, און אָט די פּאָעטישע עמאָציאָנעלקייט האָט באַקומען אַן אָריגינעלן קינסטלערישן אויסדרוק און אויספאָרמירונג. אָבער טשער־ניכאָווסקי דער קינסטלער האָט זיך פונאַנדערגעוויקלט אין זיין גאַנצער קראַפט ערשט אין זיינע אידיליעס.

זיין ליבע צום עפּאָס, — אַ ליבע וואָס האָט אַזוי שטאַרק באַרייכערט די איבער־

געזעצטע פּאָעטישע ליטעראַטור אין העברעיש, האָט באַרייכערט אויך די אָריגינעלע העברעיִשע ליטעראַטור מיט פּרעכטיקע עפּישע שאַפונגען.

זיינע אידיליעס זיינען שטיקלעך פון סאַמע וואָכעדיקן יידישן לעבן אין קרים; דאָס איז אָבער גלייכצייטיק עפּעס אומפאַרגלייכלעך העכערס ווי שטייגער־שילדע־רונג; אָט די שטיקלעך לעבן גייען אַדורך דורך דער פּריזמע פון אַ פּאָעטישן לעבנס־געפיל און, נישט פאַרלירנדיק זייער געוויינטלעכע לייכטקייט, ווערן זיי גלייכצייטיק וואָגיק, פילבאַדייטיק.

וואָס קען זיין געוויינטלעכער ווי אַ מוהל פאָרט צו אַ ברית און די באַשרייבונג פון ברית? אָבער אויפן וועג צום ברית גנבעט זיך אַריין אין דער שיינער, אָבער דאָך געוויינטלעכער שטייגער־שילדערונג עפּעס באַטייטיקס, עפּעס וואָגיקס, גרויס־דיכטערישס: דאָס אומגעזעענע, אָבער דאָךווירקלעכע לעבן פון סטעפּ רייסט זיך אַריין אין מיכאַילאָס נשמה, רייסט זיך דורך אין מיכאַילאָס אַ געוואַלדיק ליד, און — דאָס ליד רייסט זיך אַריין אין דער נשמה פון אליקום, דער שוחט און מוהל און עס וועקט אויף אין זיין נשמה יידישע טרוימען און זעונגען. עס האָט זיך אַ צינד געטאָן אַ פּאָעטישער פונק אין מיכאַילאָס נשמה און די וואָכעדיקע נשמות האָבן זיך צע־פלאַקערט, אַרומגעכאַפּט מיטן פלאַם פון כוח הדמיון און געפילן. מיכאַילאָ וועקט אויף מיט זיין ליד דאָס פאַרגאַנגענע לעבן פון סטעפּ, און אין אליקומס נשמה וועקט אויף דאָס ליד דעם עבר פון זיין פאָלק — אַן עבר וואָס שטעלט פראַגן דעם הווה וועגן דעם עתיד.

חוץ מיכאַילאָ בעמט זינגען, צעזינגט ער זיך נישט נאָר פון טרויער, נאָר אויך פון דעם איבערשטראָם פון כוחות, וואָס זוכן פאַר זיך אַן אויסוועג.

צו ערשט איז אליקומען פאַרשטענדלעך נאָר דער טרויער פון מיכאַילאָס ליד, — דער אינהאַלט איז אים פרעמד: פלאַם, רציחות און בלוט... אָבער דערנאָך דרינגט דאָס ליד אַריין אין טיפערע שיכטן פון אליקומס נשמה. עס דערמאָנט זיך אים דער העלדישער עבר פון דער יידישער געשיכטע, און אליקום פרעגט זיך וואָס וואָלט ער בעוועזן, ווען ער וואָלט געלעבט אין די צייטן פון יענע „מעכטיקע און אימהדיקע מענער"? און ווי אַן ענטפער דערויף דערמאָנט זיך אים זיין קליינינקער זון, חנא, וועלכער האָט היינט אויפגעהויבן אַ פויסטל אויף מיכאַילאָן...

אין אָט דעם קאַפּיטל פון טשערניכאָווסקיס אידיליע האָט דער איבערבראָך אין דער יידישער פּסיכיק, אין דער יידישער געשיכטע באַקומען אַ מער קינסטלע־רישע, אַ מער פּלאַסטישע שילדערונג, ווי אין אַ טוץ אונדזערע ראָמאַנען.

די באַשרייבונג פון סטעפּ און מיכאַילאָס ליד זיינען אַ וווּנדערלעכע דיכטערישע שאַפונג; די געדאַנקען פון אליקום דעם שוחט וועגן אַלטן און נייעם יידישן לעבן ברענגען אַרויס לעבעדיק און בילדלעך די נאַציאָנאַלע איבערקערעניש אין יידישן לעבן.

און דאָס אַלץ אין דער אומפּאָעטישסטער פון טשערניכאָווסקיס אידיליעס, אין דער שטייגער־שילדערנדיקער אידיליע.

...לביבות (בלינצעס) און כחום היום (אין אַ הייסן טאָג) געהערן צו די פּאָעטישסטע אידיליעס זיינע.

עס איז זיך שווער פאָרצושטעלן אַ מער פּשוטן סיוזשעט ווי בלינצעס. אַן אַלטע רביצין, אַן אַלמנה, הייבט זיך אויף פרי און איר פאַרווילט זיך עסן בלינצעס. די באַשרייבונג פון דער רביצינס הויז, איר קאַץ, איר שמועס מיטן דער קריסטן דאַמאַכאַ — אַלץ, אַלץ איז בלויז שטייגער־שילדערונג; אָבער אויפן פאָן פון דער דאָזיקער שטייגער־שילדערונג זעען מיר נישט נאָר דאָס לעבן און דעם גורל פון דער רביצינס אייניקל רייזעלע, נאָר אויך דעם פּראָצעס ווי אַזוי עס פורעמט זיך אויס די קינדערשע נשמה בכלל, ווי אַזוי פון אַ קינד ווערט אַ דערוואַקסענער מענטש. דער פּראָצעס ווי ס׳פורעמט זיך אויס אַ מענטשלעכע נשמה און דער פּראָצעס פון צוגרייטן בלינצעס גיסן זיך צונויף אין אַ מין פּאָעטישער שלימותדיקייט, פול מיט באַצויבערנדיקער קראַפט און צאַרטקייט. דער רביצינס הענט באַשעפטיקן זיך פלינק מיט די בלינצעס, און איר זכרון איז פאַרנומען מיטן אייניקל רייזעלע. און די דאָזיקע צווייאיקע אַרבעט גייט פּאַראַלעל נישט נאָר מעכאַניש, — דער פּראָצעס פון פאַרקנעטן דעם טייג און פונעם אויפגיין פון די בלינצעס איז ענלעך אויפן פּראָצעס ווי עס פורעמט זיך אויס די נשמה פונעם קינד. דורך דער זיכרון־פּריזמע פון דער אַלטער אלמנה זעען מיר ווי רייזעלע וואַקסט, פון די סאַמע פריסטע יאָרן ביז זי ווערט גייסטיק אָפּגעפרעמדט פון דער געליבטער און ליבנדיקער באָבע, ביז זי פאַלט אַריין אין תפיסה פאַר רעוואָלוציאָנערער אַרבעט.

די טראַגעדיע פון צוויי וועלטן, דער קאַמף פון דורות ווערט דאָ געגעבן אידיליש, אָן הויכע פראַזן און אָן האַרצברעכנדיקע טרערן, און טרויעריקייט איז פאַרפלאָכטן מיט דער פריידיקער און ליכטיקער זון פון קרים.

און מיט וואָסערע דינע שטריכן אַלץ ווערט געגעבן. למשל, דער רביצינס רחמנות אויף פושקינען, וואָס רייזעלע האָט אים פאַרוואָרפן, פאַרלאָזן. אַמאָל האָט זי פושקינען געמוזט דולדן בלויז צוליב איר ליבע צום אייניקל, אָבער זי איז געווען אומצופרידן וואָס דאָס בוך שטייט צוזאַמען מיט אירע ספרים. היינט אָבער שטעלט זי עס דאָרט אַליין אַריין, ווייל זי טיילט דאָך אַליין פושקינס גורל — אויך זי, די רביצין, האָט דאָך דאָס אייניקל פאַרלאָזט און פושקין ווערט איר ליב, ווי אַן אח־לצרה.

אין דער אידיליע איז אַל דאָס וואָכעדיקע נאָר אַ פאַסאַד, וואָס פאַרשטעלט קוים ווי אַ דורכזיכטיקער פאָרהאַנג, דעם וועלטשמערץ פון לעבן. און דער שטילער טרויער ווערט געמילדערט דורכן שטילן ליכט פון חכמה, דורך אַ שטילן, לייכטן הומאָר.

כחום היום איז אפשר די רירנדיקסטע פון אַלע אידיליעס.

אויך אַ שטיקל וואָכעדיקייט, אויף וועלכער עס צעבליט זיך שוין גאָר נישט קיין וואָכעדיקס: אַ פּאָעטישע נשמה, וואָס פּאַסט זיך אַריין אין די פאָרמען פון טאָג־טעגלעכן לעבן.

אין אָט דער אידיליע ווערט געגעבן די שענסטע און טיפסטע קינדישע גע־שטאַלט אין דער יידישער ליטעראַטור. אַך, וועלוועלע שוטה, וועלוועלע שוטה! ווי ליב מיר האָבן דיך און ווי נאָענט דו ביסט צום קוואַל פון דער העכסטער חכמה מיט דער גרענעצלאָזער נאַיווקייט, און מיטן גרייניקטן גאָלד פון דיין האַרץ, וואָס מענטשן — אין זייער נאַרישקייט — רופן עס „שטות״.

די דערציילונג פונעם אַלטן פּאָעטער וועגן זיין זון דעם שוטהלע, דעם הייליקן נאַרעלע, וועלכער לעבט בלויז מיט דער ליבע און מיטן מיטגעפיל צו דער נאַטור און אירע באַשעפענישן, איז פול מיט העכסטן פּאָעטישן חן און צייכנט זיך אויס מיט טיפקייט פון געפיל. מע ווערט אָנגעצונדן מיט ליבע צו אָט דעם נאַיוון גייסטיק־ריינעם נאַרעלע, וואָס ער סימבאָליזירט די גאַנצע עכטע מענטשלעכקייט פונעם מענטשן, די סאַמע ברכהדיקסטע און הייליקסטע קראַפט אין דער וועלט — די פעיִקייט אויפצונעמען די וועלט און דאָס לעבן דיכטעריש, צו לעבן מיט זיין כוח־הדמיון אָן שום קאָמפּראָמיסן.

וואָס פאַר די פּראַקטישע און דערוואַקסענע איז בלויז אַ שפּאַס, אַ פאַרוויילונג אָדער אַן אָפּרו (די שמועסן מיטן משולח וועגן הייליקן לאַנד), — ווערט פאַרן דאָזיקן נאַרעלע דער זינען פון לעבן.

און דער סוף פון דער אידיליע? אָט דער שוטה, וועלכער האָט באַצאָלט מיט זיין לעבן פאַר זיין אומפּראַקטישקייט, פאַר זיין נישט־פאַרוואַסערטער דיכטערישער עקסיסטענץ, פאַר נעמען ערנסט די רייד וועגן גיין קיין ארץ־ישראל, אין הייליקן לאַנד, — אָט דאָס נאַרעלע גייט אַרויס אַ זיגער. זיין פאָטער טראָגט אים בלומען אויפן בית־עולם. דער אַלטער פאָטער שעמט זיך מיט דעם, אָבער ער טראָגט זיי אויפן זונעלעס קבר.

„איך בין שוין אין גאַנצן עובר־בטל, ר׳ משה: אָט האָב איך גענומען און אַ וואָרף געטאָן דעם זון אויפן קבר אַ בלימעלע; ער האָט דאָך זיי אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, אַזוי שטאַרק״...

דער זון, פון וועלכן דער טאַטע האָט געלאַכט ביים לעבן, האָט אָנגעשטעקט דעם פאָטער מיט זיין „נאַרישקייט״ נאָכן טויט...

אין טשערניכאָווסקיס אידיליעס איבערראַשט אונדז מער פון אַלץ זיין פעיִקייט צו פאַרפלעכטן דאָס דרויסנדיק־טאָג־טעגלעכע און אומבאַטייטיקע מיט דאָס תּוכיק־באַטייטיקע; עס איבערראַשט זיין מוט אויסצוקלייבן פאַר זיינע טיפע שאַפונגען אַלטעגלעכע טעמעס, וועלכע רודערן אויף דאָס געמיט ווי גרויסע דיכטונג, וואָס דאָס זיינען זיי טאַקע.

דערצו איז נייטיק אי אַ גרויסער קינסטלערישער טאַלענט, וועלכן טשערני־כאָווסקי פאַרמאָגט טאַקע, אי אַ גייסטיקע רייפקייט, מיט וועלכער דער דאָזיקער „געצנדינער" צייכנט זיך אויס אין אַזאַ גרויסער מאָס, אַז ער קוקט גלייכוואָגיק אויפן לעבן און מישפּט עס אָביעקטיוו דורך פּאָעטישע געשטאַלטן און וויזיעס.

דאָס דיכטערישע לעבנס־געפיל זיינס אין די אידיליעס איז געגליכן צום דיכטערישן לעבנס־געפיל פון אַ וועלוועלע שוטה, נאָר פון אַזאַ, וואָס איז באַשאָנקען מיט אַ באַוווסטזיין פון אַ העכערער מדרגה.

און איבער דעם אַלעם איז צעגאָסן אַ הומאָר, וואָס לייכט ווי פרימאָרגן־טוי אויף זאַפטיקע, צייטיקע פירות.

אַ צייטיקער עפּאָס איז תמיד געטובלט אין געטלעכן הומאָר — דעם קינד פון אַ גלייכוואָגיקן גייסט און געמיט.

## ב) זיכרונות וועגן שאול טשערניכאָווסקי

טשערניכאָווסקי איז געווען נישט נאָר אַ גרויסער דיכטער; ער איז אין אונדזער נייער דיכטונג געווען אַן ערשטער, אַ יחיד במינו, אַ נייע דערשיינונג.

זיינע ליבע־לידער, זיינע נאַטור־לידער האָבן פאַרמאָגט אַ נייעם, פאַר אַ ייִדן פון רוסישן תחום־המושב אומגעווויינטן גלאַנץ. טשערניכאָווסקי איז נישט אין גאַנצן אומגערעכט, ווען ער, דער דיכטער פון לעבנס־פרייד, זאָגט מיט טרויער אין איינעם פון זיינע לידער:

„מיט אַ פרייער נשמה, וואָס איז פריי געווען פון יעדן ריס..., האָב איך אײנזאַם אַרומגעבלאָנדזשעט צווישן מיין פאָלק..., און מיין ליד איז געווען פרעמד צום האַרצן פון מיין פאָלק, עס איז דערשינען אַן איינזאַמס און אַן איינזאַמס וועט עס אַוועק, ווייל ס'איז נישטאָ קיין האַרץ וואָס זאָל עס אויפנעמען און עס האָט נישט קיין אָפּקלאַנג...״

די דאָזיקע פרעמדקייט האָט זיך גענומען נישט נאָר צוליב אַ ריי נישט־ייִדישע געדאַנקען און געפילן זיינע (זיין באַזינגען די נביאי־השקר, זיין אַפּאָטעאָזירן, צוליב זיין קולט פון קראַפט, די פעאָדאַלע באַראָנען פון מיטלעלטער), נאָר פון דער גאַנצער טעמאַטיק און פון דער גאַנצער פאָרעם פון זיין דיכטונג. ער האָט פאַרבלענדט ווי אַ שטאַרקע זון נאָך אַ לאַנגן זיצן אין אַ פאַרטונקלטן צימער: אי עס איז געווען אַטעם־פאַרכאַפּנדיק אָנגענעם, אי עס האָבן ווי געטאָן די אויגן פון נישט געוווינטקייט.

טשערניכאָווסקיס דיכטונג האָט געאָטעמט מיט נישט־ייִדישער יונגקייט, מיט נישט־ייִדישלעכער וועלט־איבערלעבונג. און די טעמאַטיק פון זיינע פערזן איז נישט נאָר געווען פאַרקערפּערט אין ווערטער, נאָר זי איז אויך געפּאַנגען געווען אין זייער ריטעם און במילא האָבן די פערזן זיינע גערעדט נישט נאָר צום באַוווסטזיין (דורך די קלאָרע ווערטער), נאָר זיי זיינען אויך אוממיטלבאַר אַריינגעדרונגען אין גע־מיט פונעם לייענער דורך זייער ריטמיש־סוגעסטירנדיקער קראַפט.

איך וויל דאָ ברענגען בלויז איין ביישפּיל:

„בין הגלים קורא שחף
ובכנפין יך הגלים,

מקום יהומו וקצפס מעלים;
גב משברים בחזו דחף״.

(„צווישן די כוואַליעס שרייט אַ מעווע און זי שלאָגט מיט די פליגלען די כוואַ־ליעס, דאָרט ווו זיי רוישן און שפּריצן מיט שוים; זי שטויסט מיט איר ברוסט דעם רוקן פון די כוואַליעס״).

דער דריטער פּערז איז אַזוי סוגעסטיוו אין זיין ווירקונג, אַז מיר הערן דעם רויש פון די כוואַליעס, מיר ווערן ווי אָפּגעשפּריצט דורך דעם אויפברויזנדיקן שוים, און דאָס אַלץ רופט ביי אונדז אַרויס דאָס באַקאַנטע בילד און דעם באַקאַנטן געשריי פון דער מעווע, ווען זי שלאָגט מיט אירע פליגלען איבער די פונאַנדערגעוויגטע כוואַליעס.

די פּערזן האָבן אַריינגעפּאַנגען אין זייער ריטעם, אין זייערע וואָרט־באַוועגונגען דעם געריויש פון די כוואַליעס; דער „בקצפּם מעלים״ גיט אונדז אַ שפּריץ מיט שוים אין פּנים אַריין מיט זיין צישענדיקן „קיצצצ״ און מיט זיין צוגעשפּיצטן „מעלים״; און אין „גב משברים בחזו דחף״ פילן מיר ממש די פיזישע אָנשטרענגונג ביים אָפּשטויסן די כוואַליע מיט דעם פויגלס ברוסט.

און דאָס איז אַן אָפּטע דערשיינונג ביי טשערניכאָווסקין.

מע טאָר זיך אָבער נישט פאָרשטעלן, אַז טשערניכאָווסקי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים שרייב־טיש און באַשלאָסן, אַז מ׳דאַרף אַריינפּאַנגען אין די פּערזן די באַוועגונג און דעם ריטעם פון דער מעווע אויפן באַוועגטן ים. דאָס וואָלט געווען קונצנמאַכעריי און נישט קיין דיכטונג, און דער רעזולטאַט וואָלט געווען נישט דער, וועלכן מיר געפינען ביי טשערניכאָווסקין.

דער פּראָצעס פון דיכטונג קומט פאָר נאַטירלעכער, אָרגאַנישער: די שטימונג וואָס האָט טשערניכאָווסקין געשטויסן צו שאַפן אָט דאָס בילד, האָט אים באַרוישט און אומבאַוווּסטזיניק אויסגעשמידט אין אים אָט דעם וווּנדערבאַרן ריטעם, וואָס האָט אַריינגעפּאַנגען אַ שטיק נאַטור אין קונסט־פּערז. ביים ווענדן קומען צום אויסדרוק, פורעמט אויס דער איינדרוק ביי אַן עכטן דיכטער דעם געהעריקן אויסדרוק־ריטעם; דער דיכטער האָט די פעיִקייט פאַרסוגעסטירט צו ווערן פון זיין איבערלעבונג, און דער פאַרסוגעסטירטער דיכטער האָט די פעיִקייט אין טראַנס פון שאַפן אויסצושמידן דעם געהעריקן פּערז־ריטעם. דאָס ווערט געטאָן אינסטינקטיוו, אונטער אַ געהיימען צוואַנג־באַפעל פון זיין איבערלעבונג. ער קלייבט אויס די געהעריקע ווערטער און די געהעריקע ריטמען אינסטינקטיוו, און זיי האָבן די אייגנשאַפט, אַ דאַנק זייער קלאַנג און זייער באַוועגונג (וואָס שפּילן זיך צונויף ווי אַן אָרקעסטער), אַריינצופּאַנגען די שטימונג פון דיכטער אין אַ פּערז־גוף און דורך אים צו סוגעסטירן די לייענערס דעם דיכטערס שטימונג, וואָס ליגט אין וואָרצל פונעם ליד.

און אָט דער דיכטער, וואָס זיין ליד האָט זיך געפילט פרעמד צווישן זיין

פּאָלק, האָט לסוף סוגעסטירט זיינע איבערלעבונגען אַ גאַנצן דור, — דעם דור פון די יונגע.

וועגן דעם דאָזיקן דיכטער וויל איך פאַרצייכענען אַ ביסל פערזענלעכע דער־אינערונגען.

*

ווען עס האָט זיך אין 1910 אָדער 1911 פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז טשערני־כאָווסקי קומט אָט היינט־מאָרגן אויף אַ באַזוך אין ביאַליסטאָק, בין איך אַרויסגע־לאָפן אין שטוב און אָנגעטאָן דעם שבתדיקן אָנצוג.

איך האָב דאָס געטאָן אינסטינקטיוו, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין דין־וחשבון וואָס איך טו.

ערשט ווען ברידער־שוועסטער האָבן גענומען פרעגן אַ ביסל מיט שטוינונג און אַ ביסל מיט חוזק: „וואָס עפּעס מיצקע דעריגנען אַ שבתדיקן אָנצוג?“ — האָב איך גענומען פאַרשטיין וואָס דאָ איז פאָרגעקומען: ביים דערהערן, אַז טשערניכאָווסקי קומט אין מיין היימשטאָט, אַז איך וועל אים זען פּנים־אל־פּנים, האָב איך זיך דער־פילט שבת־יום־טובדיק און איך האָב, ווי תמיד ביים דערשפּירן די שבת־יום־טוב־דיקע לופט, אַראָפּגעוואָרפן די בגדי־חול און אָנגעטאָן די בגדי־שבת.

איך האָב אין דער יוגנט געהאַט זייער אַ סך ליבעס אין דער וועלט פון דיכ־טונג, אָבער אין דער ייִדישער דיכטונג איז טשערניכאָווסקי געווען מיין גרעסטע ליבע. דאָס איז געווען אַ ליבע פון ערשטן בליק, און ווי עס טרעפט אָפט מיט אַזעלכע ליבעס, דויערט זי שוין באַלד אַ האַלבן יאָרהונדערט.

עס האָט געדויערט לאַנג ביז ביאַליק האָט פאַרנומען אַ פעסטן אָרט אין מיין האַרצן (ווי מיך זאָל דאָס איצט נישט וווּנדערן); ער האָט געמוזט פאַרדרענגען פון דער מיזרח־וואַנט י. ל. גאָרדאָנען, כדי צו פאַרנעמען זיין אויבנאָן; פאַר טשערני־כאָווסקין אָבער האָט זיך ווי פון זיך אַליין גלייך געפונען אַן אָרט; ביים ערשטן קאָנטאַקט מיט זיינע „חזיונות ומנגינות“ האָט ער פאַרכאַפּט דעם אָטעם און אויסגע־ברייטערט מיין האַרץ (פאַר פרייד) און דאָרט געמאַכט פאַר זיך אַ בכבודיקן אָרט.

אין 1910 אָדער 1911, ווען דער פאַלשער קלאַנג וועגן טשערניכאָווסקיס קומען האָט פאַר מיר פאַרוואַנדלט דעם אינדערוואָכן אין אַ יום־טוב, איז שוין מיין ליבע צו אים נישט געווען קיין פּלאַטאָנישע: איך בין דאַן געווען פאַרנומען מיט איבער־זעצן טשערניכאָווסקין אין רוסיש. און ווען איך האָב אַרומגעשפּאַצירט איבער דער שטוב אין אַ פראַסטן מיטוואָך אָדער מאָנטיק אין דעם שבתדיקן אָנצוג, האָב איך געטרוימט אויף דער וואָר ווי אַזוי איך לייען־פאָר פאַר טשערניכאָווסקין מיינע אי־בערזעצונגען פון זיינע לידער, ווי אַזוי ער נעמט זיי אויף און וואָס עס קומט פון דעם אַרויס. איך האָב דאַן קיין אַנונג נישט געהאַט, אַז אָט דער טרוים וועט אַ מאָל פאַרווירקלעכט ווערן (אמת, אין אַ מיניאַטור־פאָרעם, אָבער אַ סך טרוימען ווערן אין

גאַנצן נישט פאַרווירקלעכט...), אַז אָט די איבערזעצונגען מיינע װעלן אַ מאָל זיין די דירעקטע סיבה פון מיין פערזענלעכן קאָנטאַקט מיט טשערניכאָווסקין.

*

צוויי סיבות האָבן מיך באַוויגן איבערצוזעצן טשערניכאָווסקין אין רוסיש.

ערשטנס, האָב איך אָנגעהויבן שרייבן אין רוסיש. און טאַקע לידער. און איך האָב זייער ליב געהאַט איבערצוזעצן דיכטונג. און איך פלעג פרווון איבערזעצן אַלץ, וואָס פלעגט מיר גאָר שטאַרק געפעלן ווערן. און צווייטנס, בין איך אַ מאָל געהאַט צוגעשטאַנען צ ו אַ גרופּע יונגיטשקע קינדער וואָס האָבן אַרויסגעגעבן אַ העקטאָגראַפירטן זשורנאַל אויף רוסיש פאַר דער אַסימילירטער יידישער יוגנט אין די רוסישע מיטלשולן, און איך פלעג איבערזעצן פאַר זיי לידער פון יידיש און העברעיש, וואָס איך האָב געהאַלטן, אַז זיי זיינען אַ מיטל צו נאַציאָנאַליזירן די דאָזיקע יוגנט, אָדער דורך דעם נאַציאָנאַליזירנדיקן אינהאַלט פון די דאָזיקע לידער (למשל, לייב יפהס „מודיעין", וועגן די מכבים), אָדער דורך באַווייזן זיי וואָס פאַר אַ ליטעראַטור מיר פאַרמאָגן.

איך האָב פאַרן דאָזיקן העקטאָגראַפירטן זשורנאַל איבערגעזעצט פאַרשיידענע לידער (למשל, פון יהודה הלוי), אָבער דער עיקר האָב איך „געדרוקט" איבערזעצונגען פון שאול טשערניכאָווסקין.

און ווען איך האָב אָנגעהויבן אויף אַן אמת דרוקן לידער אין ביאַליסטאָקער רוסישן וואָכנבלאַט „בעלאָסטאָטשאַנין", איז דאָס ערשטע ליד געווען אַן איבערזעצונג פון טשערניכאָווסקי (און אַ חבר מיינער, אפרים ראָזענטאַל, האָט געשאַפן מוזיק צום דאָזיקן ליד).

אָנהייב 1915 האָב איך זיך געהאַלטן אין אַריבערקלייבן פון „בעלאָסטאָטשאַנין" אין טעגלעכן „גאָלאָס בעלאָסטאָקאַ". איך האָב דעם רעדאַקטאָר זעליגמאַן אָוועקגעטראָגן מיין העפט מיט אַלע איבערזעצונגען פון טשערניכאָווסקין.

אין גיכן האָבן זיך אָנגערוקט די דייטשן, דער רעדאַקטאָר איז אַוועק קיין רוסלאַנד, די צייטונג איז געוואָרן אויס און קיינער האָט נישט געוווּסט ווו מיין העפט מיט די לידער איז אַהינגעקומען.

אָבער מיין ליבע צו טשערניכאָווסקיס פּאָעזיע האָט קיינער נישט געקאָנט צונעמען. אויך נישט דער ערשטער וועלט־קריג.

*

אין 1923, אין בערלין, האָט אַ חבר, יעקב קאַגאַן, (שפּעטער אַ גוט־באַקאַנטער דאָקטאָר אין באַראַנאָוויטש) מיר איבערגעגעבן, אַז ש. טשערניכאָווסקי וויל מיך זען; איך זאָל זיך שטעלן מיט אים אין פאַרבינדונג.

בערלין איז דעמאָלט געווען אַ לאַגער פון ייִדישן גייסט. עס זיינען דאָרט גע־ווען די גרעסטע שריפטשטעלערס און וויסנשאַפטלערס פון דער העברעישער און ייִדישער ליטעראַטור: ביאַליק און טשערניכאָווסקי, שניאור און דובנאָוו, יעקב לעשטשינסקי און אורי צבי גרינבערג, דוד בערגעלסאָן און אנכי, בעל־מחשבות און לאַצקי־באַרטאָלדי און צענדלינגער אַנדערע פון גרעסערן און קלענערן קאַ־ליבער.

מיט אַ טייל שרייבערס האָב איך געהאַט אָנגעקניפּט אַ פּערזענלעכן קאָנטאַקט; מיט ביאַליקן אָבער און טשערניכאָווסקין איז מיר נישט אויסגעקומען זיך צו טרעפן, און זוכן אַ באַגעגעניש איז נישט געלעגן אין מיין נאַטור: איך האָב פון תמיד אָן מורא געהאַט (און כ'האָב נאָך היינט מורא), צו באַקענען זיך מיט שרייבערס, בפרט מיט אַזעלכע, וועלכע זיינען מיר ליב און טייער. (אמת, איך האָב געהאַט עטלעכע אָנגענעמע איבערראַשונגען, אָבער אין סומכים על הנס...).

עס איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע פרייד, וואָס טשערניכאָווסקי לאַדט מיך איין צו זיך. ווען איך וואָלט דאַן געווען פאַרמאָגט שבת־יום־טובדיקע בגדים, וואָלט איך זיי זיכער געווען אָנגעטאָן...

אָבער פון וואַנען ווייס וועגן מיר טשערניכאָווסקי? צו וואָס דאַרף ער מיך האָבן?

הגם איך בין אין יענער צייט גראָד געווען שטאַרק באַשעפטיקט, האָב איך אַלץ אָפּגעלייגט אין אַ זייט און אָפּגערעדט מיט טשערניכאָווסקין אַ באַגעגעניש ביי אים אין שטוב.

אין אַ געוויסן טאָג, צוויי אַזייגער נאָכמיטיק, בין איך צום ערשטן מאָל געזעסן אויג־אויף־אויג מיטן דיכטער, וואָס איך האָב יאָרן־לאַנג פאַרבראַכט מיט אים אינ־טים דורך דעם מעדיום פון זיין באמת גרויסער דיכטונג.

קודם כל איז מיר קלאָר געוואָרן פון וואַנען טשערניכאָווסקי ווייסט וועגן מיר. עמעצער, אַ געמיינזאַמער באַקאַנטער (איך געדענק נישט ווער), האָט אים דער־ציילט, אַז נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָב איך געדרוקט רוסישע אי־בערזעצונגען פון זיינע לידער. האָט ער זיך געוואָלט באַקענען מיט זיינעם אַן אומ־באַקאַנטן איבערזעצער. דערנאָך האָט מיר טשערניכאָווסקי פאַרגעוואָרפן, פאַר וואָס איך האָב אים נישט צוגעשיקט בשעתו מיינע איבערזעצונגען .

איך האָב אים דערציילט וועגן מיין שטימונג ביים קלאַנג אַז ער וועט באַזוכן ביאַליסטאָק, און אַז מיין טרוים איז געווען פאַרצולייענען פאַר אים מיינע איבערזע־צונגען, אָבער שיקן זיי צו אים איז מיר גאָר נישט איינגעפאַלן, איך האָב גאָר נישט געהאַט די העזה דערויף.

טשערניכאָווסקי האָט מיך געפרעגט צי איך קאָן אים נישט געבן די אי־בערזעצונגען.

איך האָב אים דערציילט ווי אַזוי מיין יאָרן־לאַנגע אַרבעט (צווישן מיינע אי־בערזעצונגען האָט זיך געפונען כמעט אַ פאַרענדיקטע איבערזעצונג פון טשער־

ניכאָווסקיס פּאָעמע „ברוך ממגנצא") איז פאַרלוירן געוואָרן צוליב דער מילחמה, ווייל איך האָב נישט איבערגעלאָזט ביי זיך קיין קאָפּיע.

ווען טשערניכאָווסקי האָט מיך געפרעגט: צי געדענק איך נישט אַ מאָל עפּעס אויף אויסנווייניק, האָב איך צו מיין איבעררעשונג אַרויסגעפּישט פון זיכרון צוויי קלענערע לידער זיינע און טיילן פון אַ דריטן.

טשערניכאָווסקי איז געזעסן נאָענט קעגנאיבער מיר (מיר זיינען געזעסן פוןביידע זייטן פון אַ טיש-ווינקל) און סקאַנדירט אויפן טיש מיט די פינגער דעם ריטעם פון די פערזן, און מיך כסדר דערמוטיקט מיט אַ רוסישן „כאַראַשאָ" (גוט), „ניע פלאָכאָ" (נישט שלעכט). זיינע לעבעדיקע, מיט קראָפּט און שטיפערישקייט אי־בערשווימענדיקע אויגן זיינען ווייך געוואָרן, כמעט סענטימענטאַל, און זיין זעלטן שיין מענלעך געזיכט האָט געשטראַלט מיט צוגעלאָזנקייט.

נאָך מיין פאָרלייענען האָט ער מיר געבראַכט אַ זאַמלונג לידער זיינע אין רו־סיש, איבערגעזעצט פון פאַרשיידענע רוסישע דיכטערס, צום מערסטן פון כאָדאַסע־וויטשן. (שפּעטער, ווען איך האָב די דאָזיקע רוסישע איבערזעצונגען געגנוי דורכ־געלייענט, איז מיר קלאָר געוואָרן אַז טשערניכאָווסקי, דער דאָזיקער מייסטער אי־בערזעצער און גלענצנדיקער קענער פון רוסיש, האָט נישט געקאָנט האָבן קיין הויכע מיינונג וועגן מיינע איבערזעצונגען; נאָך כאָדאַסעוויטשעס איבערזעצונגען האָב איך אַליין אויפגעהערט צו האַלטן פון מיינע).

ווען די ערשטע אָנגעצויגנקייט פון שמועס איז אַריבער (דער שולדיקער בין איך געווען, ווייל טשערניכאָווסקי, ווי איך האָב אים שפּעטער דערקענט נענטער, איז געווען לייכט, נאַטירלעך אין קאָנטאַקט מיט מענטשן), האָב איך אים דערציילט, ווען מיר האָבן זיך צערעדט וועגן דיכטונג, אַז ווען איך האָב אַ מאָל געהאַט באַקו־מען ווי אַ מתנה זיין איבערזעצונג פון לאָנגפעלאָוס „האַיאַוואַטאַ", האָב איך ביים לייענען אָנגעמערקט אַלע פערזן מיט אַ פעלערהאַפטן ריטעם און זיי אויסגעבעסערט לויטן דיקטאַט פון מיין זעקסטן חוש פאַר דיכטונג. און מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב באַקומען די צווייטע אויפלאַגע פון זיין איבערזעצונג, איז נישט געווען קיין גרענעץ צו מיין פרייד, ווען איך האָב באַמערקט, אַז אַ געוויסע צאָל פערזן זיי־נען פון אים אויסגעבעסערט געוואָרן פונקט ווי איך האָב זיי אָנגעצייכנט אין מיין עקזעמפּלאַר פון דער ערשטער אויפלאַגע. אין מיין יוגנטלעכער פאַנטאַזיע איז מיר דאָס פאָרגעקומען, ווי איך וואָלט אויסגעאיבט אַ טעלעפּאַטישע ווירקונג אויף מיין באַליבטן דיכטער. בכל אופן האָט דער דאָזיקער פאַל געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף מיר: עס האָט מיר צוגעגעבן זיכערקייט, איך האָב באַקומען צוטרוי צו מיין אורטייל איבער דיכטונג.

צום סוף פון מיין ערשטן גאַנץ לאַנגן באַזוך, האָט מיר טשערניכאָווסקי גע־מאַכט צוויי פאָרשלאָגן: איך זאָל איבערזעצן אין יידיש אַ בענדל פון זיינע געקלי־

בענע לידער און איך זאָל איבערזעצן אין יידיש, פאַר דער אַמעריקאַנער פּרעסע, אַ ריי דערציילונגען זיינע (וואָס ער אַרבעט איצט איבער זיי) פון יידישן לעבן אין קרים.

די דערציילונגען, האָט ער מיר געזאָגט, וויל ער לאָזן איבערזעצן צוליב פאַר־דינסט־מעגלעכקייטן, אָבער די לידער זיינע וויל ער לאָזן איבערזעצן, כדי די יידי־שע לייענערס זאָלן האָבן אַ מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט זיין דיכטונג. ער האָט זיך דערביי געקלאָגט אויף דער יידישער ליטעראַטור, וואָס זעצט אים נישט איבער.

— רוסישע דיכטערס, — האָט ער מיר געזאָגט, — וועלכע קענען נישט קיין וואָרט העברעיש, האָבן זיך געלאָזט מאַכן וואָרטלעכע פּראָזע־איבערזעצונגען פון מיינע לידער, און זיי האָבן געגעבן פּרעכטיקע איבערזעצונגען פון מיינע לידער און אידיליעס; אָבער די יידישע דיכטערס האָבן פון מיר גאָר נישט איבערגעזעצט.

איך האָב נאָר געקאָנט מסכים זיין מיט זיין מיינונג, ווייל איך האָב געהאַלטן (און איך האַלט נאָך אויך היינט), אַז דאָס וואָס מע האָט אין יידיש נישט איבערגע־זעצט טשערניכאָווסקיס בעסערע לידער און באַזונדערס זיינע אידיליעס, איז ממש אַ קולטור־פאַרברעכן לגבי דער יידישער ליטעראַטור און לגבי דעם יידיש־לייענער.

אין יענעם מאָמענט האָט מיך אויך איבעראַשט טשערניכאָווסקיס ליידנ־שאַפטלעכער פאַרלאַנג צו זיין איבערגעזעצט אין יידיש.

פון אַלע העברעיִשע דיכטערס פון טשערניכאָווסקיס גענעראַציע, איז ער גע־ווען כמעט דער איינציקער, וואָס האָט קיין איין שורה נישט געשריבן אין יידיש. אַ צייט האָב איך אַפילו געמיינט, אַז ער קען לגמרי נישט קיין יידיש. און אָט זיצט פאַר מיר טשערניכאָווסקי, וועלכער פילט זיך פרעמד צווישן זיין פאָלק (זיין ליד „נטע זר את לעמך״ — „אַ פרעמדע פלאַנץ ביסטו פאַר דיין פאָלק״ — איז אויך אויטאָביאָגראַפיש), און ער וויל שטאַרק זיין איבערגעזעצט אין יידיש.

דעם פאָרשלאָג וועגן איבערזעצן זיינע דערציילונגען האָב איך גלייך אָנגענו־מען; וועגן איבערזעצן אַ בענדל לידער האָב איך זיך געוואַקלט; כ'האָב אים דער־קלערט אַז איך האָב שוין לאַנג אויפגעגעבן דעם געדאַנק און די אַמביציע צו זיין אַ דיכטונג־איבערזעצער, ווייל ביי מיין ליידנשאַפט איבערצוזעצן פּינקטלעך, פאַר־נעמט מיר דאָס איבערזעצן דאָס קלענסטע ליד זייער אַ לאַנגע צייט און איך זע נישט קיין מזל־ברכה אין מיין אַרבעט.

איך בין אָבער אַזוי גערירט געוואָרן פון טשערניכאָווסקיס פילמאָליקן בעטן, אַז איך האָב אים צוגעזאָגט צו פּרוּוון.

דער פּרוּוו האָט זיך געענדיקט מיט איבערזעצן און אָפּדרוקן צוויי אָדער דריי לידער זיינע (צוויי געדענק איך: „על פני רחב ים התכלת״ און „שחקי, שחקי על החלומות״), אָבער די דערציילונגען זיינע האָב איך אַ היפּשע צייט איבערגעזעצט.

*

טשערניכאָווסקי איז געווען שטאַרק אומגעדולדיק מיטן איבערזעצן זיינע דער־ציילונגען. איך בין אָבער אין בערלין געווען זייער שטאַרק פאַרנומען. ווען איך דערמאָן זיך ווי און ביי וואָס איך האָב אַלץ נישט געאַרבעט, איז מיר אַליין שווער צו באַגרייפן ווי אַזוי איך האָב דאָס שוין בלויז פיזיש געקאָנט באַווייזן. איז מיר במילא שווער געווען אינטענסיוו איבערצוזעצן פאַר טשערניכאָווסקין.

זייער אָפט, ווען איך פלעג קומען פרי אין „אַרבעטס־פאָלק", וווּ איך האָב גע־אַרבעט ווי דער רעדאַקציע־סעקרעטאַר, פלעגט מען מיר דאָרט איבערגעבן, אַז טשערניכאָווסקי איז געווען נאָך פריִער מיך זוכן און געבעטן איבערגעבן אַז איך זאָל קומען צו אים.

עס איז געווען ווינטער און איך האָב געוווּסט, אַז טשערניכאָווסקי גייט אַרום מיט אַ דין מאַנטעלע; פלעגט מיר ווערן אַזוי ביטער ביים געדאַנק, אַז ער, איינער פון די גרעסטע דיכטערס וואָס מיר פאַרמאָגן, לויפט מיר נאָך, אין דער האָפענונג צו פאַרדינען אין דער אַמעריקאַנער פרעסע אַ פּאָר דאָלאַר (און איך ספק צי ער האָט דערגרייכט דעם דאָזיקן טרוים; זיינע דערציילונגען זיינען נישט געווען סענ־סאַציאָנעל), אַז איך האָב זיך אַנטשלאָסן צו שאַפן אַ מעגלעכקייט פאַר טשערניכאָוו־סקין מיר נישט נאָכצולויפן.

צווישן די סך אַרבעטן וואָס איך האָב דאַן געהאַט באַקומען איינצייטיק (נאָך אַ שווערן פעריאָד פון אַרבעטלאָזיקייט), איז אויך געווען די אַרבעט פון איבערזעצן פון רוסישן מאַנוסקריפּט צוויי ווערק וועגן קונסט. איך האָב דאָס באַקומען פון אַ יידיש־רוסישן פאַרלאַג אַ דאַנק דער רעקאָמענדאַציע פון בעל־מחשבותן. די איבער־זעצונגען האָבן געמוזט צוגעשטעלט ווערן צו אַ באַשטימטן טערמין, ווייל דער רו־סישער פאַרלאַג האָט געהאַט אַ קאָנטראַקט מיט אַ יידישן פאַרלאַג אין ניו־יאָרק וועגן צושטעלן אים די אַרבעטן אין יידיש צו אַ בשטימטן טערמין.

ווען איך פלעג קומען שפּעט אין אָוונט אַהיים און איך פלעג דערזען די צוויי מאַנוסקריפּטן, פלעגט מיך אַרומכאַפּן אַ פאַרצווייפלונג: וואָס טאָן פריִער, איבער־זעצן פאַר טשעריקאָווערן זיין „געשיכטע פון די אוקראַינער שחיטות", באַאַרבעטן שטיפס איבערזעצונג פון דובנאָווס אַ באַנד געשיכטע, שרייבן אַרטיקלען אָדער אי־בערזעצן טשערניכאָווסקין?

עס איז קלאָר געווען, אַז אָדער דער רוסישער פאַרלאַג מוז פאַלן אַ קרבן, אָדער טשערניכאָווסקי.

מיטן רוסישן פאַרלאַג וואָלט איך זיך נישט געווען צערעמאָניעט, ווען נישט בעל־מחשבות, וועלכער האָט מיך רעקאָמענדירט. איך האָב זיך געפונען צווישן מיין פליכט לגבי בעל־מחשבותן (וועלכער האָט מיך אויפגענומען אין בערלין מיט דער גרעסטער איידלקייט) און צווישן מיין ליבע צו טשערניכאָווסקין.

עד־היום ספק איך צי איך האָב געהאַנדלט ריכטיק, אָבער כדי צו קענען שטיין אין פערזענלעכן קאָנטאַקט מיט טשערניכאָווסקין, האָב איך אָפּגעטראָגן דעם

פאַרלאַג די מאַנוסקריפּטן (הגם זיי האָבן מיר געגעבן אַ האָנאָראַר, וואָס די יידישע לופט־פאַרלאַגן זיינען גאָר נישט געוווינט געוועזן צו צאָלן אַפילו דאַן, אין דער בלי־צייט פון יידישן בוך אין אַמעריקע און אין פּוילן).

דער פאַרלאַג האָט, ווי איך האָב זיך גערעכט, געקלונגען צו בעל־מחשבותן און בעל־מחשבות — צו מיר. די באַציִונג פון בעל־מחשבותן צו מיר איז געוואָרן קיל. מיר איז דאָס געווען פיינלעך צוליב אַ סך טעמים, אָבער באַזונדערס דערפאַר, ווייל ער איז געווען גערעכט...

כדי צו צווינגען זיך אויסצופירן די אַרבעט פאַר טשערניכאָווסקין, האָב איך מיט אים אָפּגערעדט אַז צוויי מאָל אין דער וואָך קום איך צו אים אין שטוב, איך אַרבעט ביי אים, ער קוקט גלייך איבער מיין איבערזעצונג, מאַכט זיינע באַמער־קונגען, מיר קומען דורך און די דערציילונג קען דורך אים איבערגעשריבן און אָפּגעשיקט ווערן קיין אַמעריקע. (צי זיי זיינען געדרוקט געוועזן, האָב איך קיין מאָל נישט געוווּסט, און מאָדנע, איך האָב זיך קיין מאָל נישט אינטערעסירט צו וויסן. איך האָב אַפילו קיין האָנאָראַר נישט באַקומען).

ביי דער דאָזיקער אַרבעט האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז טשערניכאָווסקי, וואָס איז געווען אַ גוטער קענער פון אַלטע און נייע שפּראַכן, פאַרשטייט זייער גוט אויך יידיש, איז מקפּיד אויף קרימער לאָקאַליזמען. ער קען נישט שרייבן קיין יידיש, האָט ער מיר דערקלערט, אָבער ער קען און האָט ליב דעם גייסט פון יידיש, וואָס ער האָט געהערט ריידן אין זיין היים און אין זיין דאָרף. (אַגב, ווער עס לייענט זיינע אידיליעס, זעט אַז ער האָט געקענט יידיש).

*

איך וויל באַרירן אין מיינע טשערניכאָווסקי־זיכרונות נאָך איין מאָמענט.

עס האָט מיך געוווּנדערט, וואָס אין משך פון מיינע צענדלינגער באַזוכן ביי אים, פלעגט טשערניכאָווסקי תמיד אַליין עפענען די טיר, מיך אַריינבעמען צו זיך אין ריזיקן אַרבעט־צימער, און הגם איך פלעג ביי אים אָפּזיצן שעהן־לאַנג, האָב איך קיין מאָל נישט געזען זיין פרוי, זי פלעגט קיין מאָל נישט אַריינברענגען אָדער אַריינשיקן קיין גלאָז טיי (אַ מאָל פלעגט טשערניכאָווסקי דאָס טאָן אַליין).

אַ מאָל פלעג איך בלויז זען איר שאָטן, וואָס פלעגט קלאַנגלאָז פאַרביישוועבן אין צווייטן צימער, פאַרביי די גרויסע מאַטע, גלעזערנע טירן, וואָס האָבן אָפּגע־טיילט די צוויי צימערן.

איך פלעג נאָכקוקן איר שאָטן. טשערניכאָווסקי פלעגט באַמערקן אַז איך קוק נאָך דעם פאַרביישוועבנדיקן שאָטן פון זיין פרוי. ער האָט מיסתמא פאַרשטאַנען, אַז איך ווייס אַז זיין פרוי איז אַ קריסטין; ער האָט זיך זיכער אָנגעשטויסן, אַז עס איז פאַר מיר אַ רעטעניש, וואָס זיין פרוי ברענגט קיין מאָל נישט אַריין קיין גלאָז טיי, אָבער ער פלעגט קיין וואָרט נישט זאָגן. אויך ער פלעגט בלייבן שטיל ביז

דער שאָטן פון זיין פרוי פלעגט פאַרביישוועבן אין צווייטן צימער, איבער די ווייכע טעפּיכער.

אָט איצט, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, פאַרבינדן זיך ביי מיר אָט יענע שטימונגען אין טשערניכאָווסקיס דירה מיט זיין טראַגישן טויט (מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער) אין קאָרידאָר פונעם פּראַוואָסלאַוונעם מאָנאַסטיר אין ירושלים, וווּ טשער־ניכאָווסקי איז געקומען באַזוכן זיין פרום־פּראַוואָסלאַוונע פרוי. צי איז נישט פאַר־בייגעשוועמען אין זיין אויסגייענדיקן באַוווסטזיין די געשטאַלט פון זיין ברוך ממגנצא?

נישט נאָר אין שטוב ביי זיי האָב איך זי קיין מאָל נישט געזען; אויך אויף געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען אָדער אויף פּריוואַטע צונויפקומען פלעגט טשער־ניכאָווסקי קומען אַליין, אָן זיין פרוי.

אָבער אין מאָמענט פון טויט איז ער געווען ביי איר.

נישט אַ מאָל דערפאַר, ווייל נישט געקוקט אויף אַלע אויסערלעכע סימנים, איז ער דאָך אויף אַן אמת געווען מיט איר פאַרבונדן אַ גאַנץ לעבן?

# געקליבענע עסייען

## די לעגענדע ברוך ספּינאָזאַ

איך האָב שוין פון לאַנג אויפגעהערט צו זוכן אין פילאָסאָפיע דעם לעצטן אמת וועגן וועלט און לעבן, דאָס הייסט וועגן די וויכטיקסטע לעבנס־פראַגן. אין פילאָסאָפיע, גלייב איך, קען מען געפינען בלויז דעם מענטשנס בענקשאַפט נאָכן אמת; אין דער פילאָסאָפיע איז פאַרקערפּערט דעם מענטשנס קאַמף מיט זיין אייגענער נשמה, מיט די פאַרשאָלטענע פראַגעס, וואָס באַלאַגערן זי און וואָס גיבן איר נישט קיין רו, אָדער ריכטיקער: וואָס זי, די נשמה אונדזערע (אין ווען זי איז אַקטיוו און נישט פאַרחלשט), גיט זי יי, די פאַרשאָלטענע פראַגעס, קיין רו נישט.

און אָט דאָס אַלץ געפינט מען אין ספּינאָזאַס „עטיק" נישט אין קיין קלענערער — און אפשר אין אַ סך אַ גרעסערער — מאָס, ווי אין אַנדערע פילאָסאָפישע ביכער. און דערביי אין אַ סך אַן אינטערעסאַנטערער פאָרעם. אין דאָזיקן בוך קומט איר אין באַרירונג מיט אַ קאַלטן פייער, מיט אַ פאַראייזטער ליידנשאַפטלעכקייט, מיט אַ טרוקענער פאַנטאַסטישקייט. אונטער דער טרוקענער, קאַלטער קאָרע פון געאָמעטרישע פאָרמען בושעוועט דער צעגליטער קערן פון אַ כוח־הדמיון, וואָס פאַרמאָגט אַ ריזיקע קראַפט; עס פלאַקערט אַ ליידנשאַפטלעכער דאָרשט נאָך אמת און אַ ליידנשאַפטלעכע ליבע צום וווּנדער איבער אַלע ווונדער — צו דער דערשיינונג פון קאָסמישן לעבן.

דאָס וויכטיקסטע ביים לייענען ספּינאָזאַס „עטיק" באַשטייט נישט אין זוכן דעם אַבסאָלוטן אמת וועגן קאָסמאָס און וועגן מענטשן, און אויך נישט אין אויפזוכן אין איר די שפּורן פון דער השפּעה פון דער יידישער קבלה און פון דער יידישער מיטלעלטערלעכער פילאָסאָפיע פון רבי חסדאי קרשקש און פונעם „זוהר"; דאָס וויכטיקסטע ביים לייענען ספּינאָזאַן באַשטייט אין קענען צעשמעלצן אין אייגענעם כוח־הדמיון און געפיל די קאַלטע, טרוקענע קאָרע פון זיין סיסטעם און זיך אָפּטובלען אין אירע ליידנשאַפטלעכע כוואַליעס. ס'איז אַ פאַנטאַזיע, ס'איז

ליידנשאַפטלעכע ליבע, ס'אַראַ דיכטונג עס באַהאַלט זיך אויס אונטער דער אויסער־לעכער פאָרעם פון ספּינאָזאַס לערע! פאַרטריבן (דורכן חרם)) פון ייִדנטום, אָבער דאָך פאַרבונדן מיט אים דורך זיין גאַנצער דערציִונג און בילדונג, דורך זיין דורכויס ייִדישער נשמה, האָט ספּינאָזאַ זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטן פון ייִדישן לירישן וועלט־געפיל הינטער דער דעקאַרטעזיאַנישער פאָרטיפיקאַציע־סיסטעם פון געאָמעטרישע אַקסיאָמען. און זיין דערפאָלג אויפן דאָזיקן געביט איז נישט געווען קליין. ס'איז אָבער גענוג דורכצוברעכן די פאָרטיפיקאַציעס און זיך אַריינרייסן אינעווייניק, איר זאָלט זיך געפינען תיכף אין אַ לירישן ים, איר זאָלט ווערן אונ־טערגעכאַפּט דורך אַ כוואַליע פון שטאַרקסטער פאַנטאַזיע, איך וואָלט אַפילו געזאָגט — אינטעלעקטועלער פאַנטאַזיע, ווייל צו אַ מענטשן, וועלכער האָט דערפונדן די סאַמע מאָדנע ווערטער־פאַרבינדונג [„אינטעלעקטועלע ליבע“], קען מען אַנווענדן אויך די ווערטער־פאַרבינדונג — „אינטעלעקטועלע פאַנטאַזיע“. פּונקט ווי אין ספּינאָזאַס אינטעלעקטועלער ליבע פעלט נישט קיין לעבעדיקע ליידנשאַפטלעכקייט, אַזוי פעלט אויך נישט אין זיין אינטעלעקטועלער פאַנטאַזיע קיין לעבעדיקע פאָרשטעלונגס־קראַפט. די שענסטע און אמתדיקסטע ווערטער, וואָס זיינען ווען געזאָגט געוואָרן וועגן ספּינאָזאַן געהערן רענאַנען, דעם דאָזיקן ראַפינירטן סקעפּטיקער, וועלכער האָט גוט געוווּסט די אָנמאַכטיקייט פון אַלע פּרוּוון צו זוכן אין ספּעקולאַטיווע פי־לאָסאָפישע סיסטעמען (אַפילו פון אַזעלכע גייסטיקע ריזן, ווי ספּינאָזאַ) דעם אמת וועגן די לעצטע פראַגן פון וועלט און לעבן.

צו דער אָפּדעקונג פונעם ספּינאָזאַ־דענקמאָל איז האַג אין 1882סטן יאָר, האָט רענאַן צוגעשיקט אַ בריוו, וואָס פאַרענדיקט זיך מיט אָט־די ווערטער: „פון זיין גראַניטענעם פּיעדעסטאַל אַראָפּ וועט דער דאָזיקער מענטש ווייזן אַלע מענטשן דעם וועג צו גליקזעליקייט, וואָס ער האָט געפונען; און אין דער צוקונפט, ווען אַ געבילדעטער וואַנדערער וועט פאַרבייגיין דעם דאָזיקן דענקמאָל, וועט ער זיך זאָגן אין האַרצן: „דאָ איז אפשר אַנטשטאַנען די ריכטיקסטע גאָט־וויזיע, וואָס אַ מענטש האָט ווען־נישט־איז געהאַט“.

רענאַן האָט געטראָפן אין פּינטל: די ריכטיקע ג אָ ט ־ ו ו י ז י ע, אָבער נישט דעם אמת. ספּינאָזאַ בלייבט ספּינאָזאַ אַפילו דעמאָלט, ווען מע הערט אויף גלייבן אין דער ריכטיקייט פון זיינע פילאָסאָפישע פאָר־הנחות און אויספירן: הינטער דעם איינגעפאַלענעם פאַסאַד בלייבט תמיד לעבעדיק זיין גראַנדיעזע וויזיע.

דער יעניקער, וואָס איז נישט פעיִק איבערצוזעצן ספּינאָזאַס געאָמעטרישע אַקסיאָמען אויף דער שפּראַך פון פּאָעטישער וויזיע, זאָל בעסער נישט פאַרלירן קיין צייט אויף לייענען ספּינאָזאַן.

*

[illegible]

[illegible]

נאָר אויך געלעבט ווי אַ פילאָסאָף, אין הסכם מיט זיין לערע. וואָס שייך „לעגענדע״, האָט ספינאָזאַ נישט קיין גלייכן צו זיך אויפן פילאָסאָפישן פּאַרנאַס. סאָקראַט אַפילו איז מיט זיין בעכער גיפט נישט געוואָרן אַזאַ קינסטלעריש־בולטע און קינסט־לעריש־העלע געשטאַלט ווי ספינאָזאַ, אָט דער פאַרקערפּערטער סימבאָל פון דעם ווי אַזוי די לערע און דאָס לעבן גיסן זיך האַרמאָניש צונויף אין איין גאַנצקייט. יעדער האַלב־געבילדעטער מענטש, וואָס קלייבט זיך נישט פונאַנדער, נישט נאָר אין די ספינאָזיסטישע עמאַנאַציעס, נאָר אויך נישט אין זיין גאַנץ (און אַפילו צו) פּאָפּולערן פּאַנטעיזם, — אַפילו אַזאַ מענטש איז כמעט תמיד פאַרקניפּט מיט דער ספינאָזאַ־לעגענדע, מיטן לעבן פון אָרעמען שלייפער פון אָפּטישע גלעזער, וועלכער האָט קיין מאָל פון קיינעם נישט געוואָלט אָננעמען קיין באַדייטנדיקע הילף, כדי נישט צו שטערן זיין פילאָסאָפישע גלייכגעוויכט פון אַן אביון; וועלכער האָט אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג איבערצונעמען אַ פּראָפעסאָרן־שטעלע, כדי אין זיין אָרעמען צימערל צו קענען שלייפן פאַר דער מענטשהייט געדאַנקען (לויט עמעצנס אַ בילדלעכן אויסדרוק), דורך וועלכע מען זאָל קענען אַריינקוקן אין תהום פון דער עקסיסטענץ, אויב נישט ביז צום סאַמע דעק, טאָ לכל הפּחות טיפער ווי ביז אים.

אויב די „עטיק״ פון ספינאָזאַ דעם פילאָסאָף געהער די ספּעציאַליסטן, געהערט אָבער די עטיק פונעם מענטש ספינאָזאַ דער פאָרשטעלונג־קראַפט פון דער גרעסטער טייל מענטשהייט. אָבער אָט די דאָזיקע לעגענדע — וואָס אויב זי איז נישט דאָס סאַמע בעסטע פון ספינאָזאַס ירושה, איז זי לכל הפּחות די סאַמע פעסטע ירושה זיינע — איז פאַר מיר צוויי מאָל געווען אין אַ גרויסער סכנה.

צוערשט איז זי אַטאַקירט געוואָרן פון אַ לחלוטין אומפאָרויסגעזעענער זייט — דורך ישראל זאַנגווילן. אין זיין „ספינאָזאַ״ גיט ישראל זאַנגוויל די געשטאַלט פון דאָזיקן פילאָסאָף, וועלכער איז נישט נאָר אַרויסגעקומען פון געטאָ, נאָר איז פון דאָרט אויך פאַרטריבן געוואָרן. און אָט באַשרייבט זאַנגוויל די ליבע פון דאָזיקן פילאָסאָף צו דער טאָכטער פון זיין פילאָסאָפישן פריינד און לערער. די טאָכטער קלייבט אָבער אויס אַן אַנדערן, און ספינאָזאַ, וואָס זיין אידעאַל איז געווען „נישט לאַכן, נישט וויינען, נאָר באַגרייפן״, — דער דאָזיקער גלייכגעוויכטיקסטער פון אַלע פילאָסאָפן פאַרלירט די גלייכגעוויכט, דערפילט, אַז ער וואָלט גערן געוועזן אָפּגעגעבן זיין אינטעלעקטועלע ליבע צום קאָסמאָס־גאָט פאַרן גליק פון דעם אָרעמסטן בשר־ודם — פאַר קעגנזייטיקער ערדישער ליבע.

קיינער ווייסט נישט אויף געוויס, צי דער דאָזיקער באַדייטנדיקסטער עפּיזאָד פון זאַנגווילס דערציילונג באַזירט זיך אויף אַ היסטאָרישן פאַקט אָדער אויף אַ היס־טאָרישער אָנצוהערעניש; אָבער איך בין איצט זיכער, אַז דאָס האָט נישט נאָר געקענט פאַרקומען, נאָר דאָס האָט אומבאַדינגט געדאַרפט פאָרקומען. אָט די מענטש־לעכע שוואַכקייט ספינאָזאַס, וואָס צעשטערט, אין פלוג (און זי האָט אויף אַ מאָמענט געדראָעט אויך פאַר מיר צו צעשטערן) די ספינאָזאַ־לעגענדע, גיט איר צו, אין

דער אמתן, גאָר אַ באַזונדערן צויבער. אָט דער קליינעגקער פּרט אין ספּינאָזאָס ביאָגראַפיע שפּילט אין איר אַ גרויסע ראָל: ער ברעכט דורך די גראַניטענע מאָנאָליטישקייט פון דער דאָזיקער לעבנס־סטרוקטור, ברעכט דורך איר ריינע און, אַזוי צו זאָגן, ריין־געאָמעטרישע פאָרעם, און ווייזט איר שוואַכע, מענטשלעכע זייט. און גראָד די דאָזיקע מענטשלעכע שוואַכקייט שטרייכט אונטער אויפןווירקזאַמסטן אופן די מאָנומענטאַלע גלייכגעוויכטיקייט און מאָנאָליטישקייט פון דעם דאָזיקן לעבן. אָט די שוואַכקייט באַווייזט אַז מיר האָבן פאַר זיך נישט קיין נאַטורפענאָמען — אַ מענטשן אָן מענטשלעכע שוואַכקייטן, נאָר אַ מענטשן, ווי אַלע מענטשן, אָבער אַזאַ איינעם, וואָס האָט די מענטשלעכע שוואַכקייטן גובר געווען אין זיך אַ דאַנק דער קראַפט פון ווילן און אינטעלעקטועלער דורכדרינגלעכקייט. אָט דער מאָמענט פון ספּינאָזאָס שוואַכקייט, וואָס זאַנגוויל האָט זי פאַר מיר אַנטפּלעקט צום ערשטן מאָל, באַלייכט ווי מיט אַ געשפּענסטערהאַפטיק ליכט פון אַ בליץ דעם ריזיקן שאָטן פון ספּינאָזאָס לעבנס־לעגענדע. מיר פילן נישט דערביי קיין שאָדנפרייד, וואָס — אָט זעט איר! — אויך „ער" איז אַ געפאַלענער מלאך; ניין, עס ווערט געבוירן אין אונדז אַ געפיל פון גערירטקייט צום דאָזיקן ריז, אין וועלכן מיר דערקענען דעם קרוב, דאָס פליייש פון אונדזער פליייש, דאָס בלוט פון אונדזער בלוט. נישט קיין האַלב־גאָט האָט זיך באַוויזן צווישן אונדז, — אָן אָרעמער מענטש איז געוואָרן אַ האַלב־גאָט. זאַנגוויל — האָב איך רעכטצייטיק באַגריפן — האָט נישט דערנידעריקט די ספּינאָזאַ־לעגענדע, נאָר אדרבא: ער האָט זי אינטים־נעענטער געמאַכט פאַר מיר.

דאָס וואָס ספּינאָזאַ האָט געקענט אָראָפּפאַלן פון דער הויך פון זיין אינטעלעקטועלער ליבע צו גאָט; דאָס וואָס די דאָזיקע ליבע האָט פּלוצלינג, זאָל זיין אַז אויף איין נאַכט, אים געקענט פאָרקומען אומבאַפרידיקנדיק, ווי אומניטיק, ווי פרעמד, באַווייזט אונדז ממש בחוש אויף וואָס פאַר אַ הויך אָט דער מענטש האָט אָרויפגעקלעטערט. מיר זיינען געוווינט צו זען ספּינאָזאָן אויף אַזאַ אומדערגרייכבאַרער הויך, אַז מיר האָבן לגמרי פאַרגעסן, אַז ער האָט באַדאַרפט אַרויפקלעטערן אויף איר; עס האָט זיך אונדז אָנגעהויבן דאַכטן אַז ער איז געבוירן געוואָרן אויף איר...

*

די ספּינאָזאַ־לעגענדע האָט געהאַט אויסצושטיין נאָך אַ ניסיון, ווען זי איז אַטאַקירט געוואָרן פון אַן אַנדער זייט, — דורך באַקענען זיך מיט זיין „פּאָליטיש־טעאָלאָגישן טראַקטאַט". אָט־די באַקאַנטשאַפט איז געווען נאָך געפערלעכער פאַר דער געגויער באַקאַנטשאַפט מיט זיין ביאָגראַפיע, פון וועלכער עס איז אַרויסגעקראָכן, למשל, די געשיכטע מיט די שפּינען: אין זיין פילאָסאָפישער איינזאַמקייט פלעגט ספּינאָזאַ כאַפּן שפּינען, אַנרייצן איין שפּין אויף דער צווייטער און צוקוקן

זיך צו זייער קאַמף. ס׳קען זיין, אַז ביים צוקוקן זיך ווי אַזוי איין שפּין פרעסט אויף די צווייטע, פלעגן זיינע געדאַנקען אַרויפשוועבן צו די הויכן פון זיין אינטעלעקטועלער ליבע צו גאָט. צי דען זיינען וועמען געגוי באַקאַנט די קאַפּריזנע וועגן פון דער מענטשלעכער פסיכיק? ניין, דאָס לייענען דעם „פּאָליטיש־טעאָלאָגישן טראַקטאַט״ איז געווען אַ סך געפערלעכער פאַר דער ספּינאָזאַ־לעגענדע, ווי די מעשה מיט די שפּינען, ווייל אָט די מעשה קען זיין נישט מער ווי איינע פון די באַגלייטשאַטנס פון דער לעגענדע.

דער עפּיזאָד מיט די שפּינען האָט פאַרווונדערט, געפּלעפט, אָבער דער „פּאָליטיש־טעאָלאָגישער טראַקטאַט״ האָט אויפגעבראַוזט שוין מיט דעם אַליין, וואָס ער האָט צעשטערט די ליכטיקע לעגענדע גופא, וואָס ער האָט אָפּגענומען ביי מיר אַ שלימותדיקן העלד (וואָס די קליינע שאָטנס, וואָס פאַלן אויף אים, זיינען נאָר זיינע שיינקייט־פעלערן).

אין 1916 אָדער 1917 האָב איך אינעם וואַלד פון מיין היימשטאָט געלייענט (ווי דאָס האַרץ קלעמט ביים דערמאָנען זיך די וויט־ווייטע לעגענדע: אַ סאָסנעוואַלד, אַ בוך און אַ הויכער הימל, ווו מ׳קען איינשניידן דעם פאַרטראַכטן בליק, אין וועלכן די נשמה וועגט אָפּ דעם איבערגעלייענטן געדאַנק) דעם „פּאָליטיש־טעאָלאָגישן טראַקטאַט״ און זייט דאַן קען איך נישט פאַרגעסן די דאָזיקע פאַטאַלע שעהן: „און אויך דאָס איז ספּינאָזאַ?״

עס האָט אויפגערעגט נישט די ביבל־קריטיק, נאָר די אָנפאַלן אויפן ייִדישן פאָלק, וואָס האָט אפשר פאַרדינט ביטערע פאַרווורפן, אָבער נישט מצד דעם וועלכער האָט געפּרעדיקט אַז מ׳זאָל נישט טראָגן קיין שינאה אויף קיינעם אין נאָמען פון אייגענעם גליק; און, ס׳וועט אפשר זיין אמת צו זאָגן, אַז אויפגעבראַוזט האָבן נישט אַזוי די אָנפאַלן אויפן ייִדישן פאָלק, אויף זיין רעליגיע און זיינע נביאים, ווי די שכנות פון די דאָזיקע אָנפאַלן מיט לויבגעזאַנגען פאַר די קריסטלעכע אַפּאָסטאָלן. צי דען קען ספּינאָזאַ — מיין ספּינאָזאַ! — אויף אַן אמת האָבן אַזאַ מיינונג? און צי דען קען ספּינאָזאַ — מיין ספּינאָזאַ! — שרייבן אָן איבערצייגונג, אַז דאָס פון אים אָנגעשריבענע איז אמת? און עס האָט אַ בליץ געטאָן אַ פאַנטאַסטישער געדאַנק: ס׳קען אפשר זיין, אַז ספּינאָזאַ, וועלכער האָט אַזוי הויך געשעצט גייסטיקע מנוחה, און דערפאַר נישט געוואָלט דרוקן די „עטיק״ ביי זיין לעבן (פאַר אים איז גענוג געווען דער ייִדישער חרם...), האָט אין זיין אַנאָנים־אַרויסגעגעבענעם „פּאָליטיש־טעאָלאָגישן טראַקטאַט״ בכיוון געמאַכט אָנפאַלן אויף ייִדן, כדי נאָך מער אָפּצושוואַכן די חשדים פון זיין מחברשאַפט...

אָבער אויב אַפילו דער דאָזיקער פאַנטאַסטישער געדאַנק זאָל זיין אמת, — ווי אַזוי קען מען אַריבערטראָגן די אַנטדעקונג אַז ספּינאָזאַ איז פעיִק צו כיטרעווען, צו מיסברויכן מיטן וואָרט? ווי מע זאָל זיך נישט דרייען — די ספּינאָזאַ־לעגענדע איז אונטערגעגראָבן. אויך פון דער דאָזיקער זייט האָט זיך ספּינאָזאַ אַרויסגעוויזן

מענטשלעך, אָבער אָט־די מענטשלעכקייט האָט שוין נישט אונטערגעשטראָכן דורך אַ שוואַכן שאָטן די געשטאַלט פון אַ האַלב־גאָט, נאָר זי אונטערגעגראָבן.

זינט יענער צייט איז מיין יוגנטלעכער העלדנקולט פאַרמענטשלעכט געוואָרן, — איך פאָדער שוין נישט „אַלץ אָדער גאָר נישט". איך קען זיך שוין באַנוגענען מיט אַ ביסל אַן אונטערגעגראָבענער לעגענדע. חוץ דעם האָבן זיך מענטשן דער־טראַכט צו מער געלערנטע, הגם נישט וויניקער הינקעדיקע היפּאָטעזעס (ווי מיינע), וואָס דאַרפן אויפקלערן ספּינאָזאַס נישט שיינע אָנפאַלן אויף די ייִדן און זייערע נביאים; און דאָך קען איך נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן די עוולה, וואָס איז געשען מיין באַגייסטערטער, נישט אינטעלעקטועלער, נאָר עמאָציאָנעלער ליבע צו ספּינאָזאַן דורך לייענען זיין צווייט — לויט דער באַדייטונג — ווערק.

און ווען איך האָב נאָך אַ מאָל געלייענט די „עטיק", זיינען אויף איר געפאַלן צוויי שאָטנס: דער שאָטן פון דער לעגענדע און דער שאָטן פונעם ערטערווייז קליינ־לעך יודאָפאָבישן „פּאָליטיש־טעאָלאָגישן טראַקטאַט". און עס האָט זיך — צו מיין שטוינונג! — אַרויסגעוויזן, אַז דער שאָטן פון דער לעגענדע איז נאָך אַלץ נישט דער ערך גרעסער פאַרן צווייטן שאָטן. און נאָך עפּעס האָב איך זיך דערוווסט: ווען דער צווייטער שאָטן וואָלט אַפילו געווען אַריבערגעוואָקסן דעם ערשטן, וואָלט ער פאָרט נישט געווען בכוח צו פאַרדעקן דער „עטיקס" הייסע ליכט, וואָס רייסט זיך אַרויס פון אונטער דער קאַלטער הילע פון די געאָמעטרישע פאָרמולעס.

מען קען נישט ניט זען דעם שאָטן פון „פּאָליטיש־טעאָלאָגישן טראַקטאַט"; אָבער נאָך וויניקער קען מען נישט ניט זען די ליכט פון דער „עטיק". די ספּינאָזאַ־לעגענדע שטייט אויף אַ צו מעכטיקן פּיעדעסטאַל אַז זי זאָל קענען אומפאַלן אַפילו פון אַ טיפן שפּאַלט אין איר...

# דאַנטע אַליגיערי און עמנואל הרומי

איך האָב געלייענט וועגן עמנואל הרומי און זיך דערמאָנט וועגן דאַנטע אַליגיערי. און נישט דערפאַר, ווייל זיי זיינען קינדער פון איין עפּאָכע; און אַפילו נישט דערפאַר, ווייל זיי זיינען געווען באַקאַנט צווישן זיך, — די אַסאָציאַציע, וואָס האָט זיי פאַרבונדן דאָס מאָל, איז געווען פון אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער: ווי קעגנזעצלעך עס איז זייער לעבן און זייער דיכטונג! נאָך מער: דאָס לעבן פון יעדן איינעם שטייט אין סתירה צו זיין דיכטונג, — מיר שטייען דאָ ווי פאַר אַ בכיוונדיקן מאַסקאַראַד: דאַנטעס לעבן וואָלט גיכער האַרמאָנירט מיט עמנואל הרומיס דיכטונג, און — פאַרקערט אפשר אויך.

*

זעלטן ווער עס האָט נישט געהערט וועגן דאַנטען, און זעלטן ווער עס האָט געהערט וועגן עמנואל הרומי; אָבער דער דאָזיקער אונטערשייד באַציט זיך אויף זייערע נעמען, — זייערע ווערק האָבן דעם זעלביקן גורל: דער עולם לייענט זיי נישט; מיט די ווערק פון ביידע דיכטערס פאַרנעמען זיך איצט נאָר ספּעציאַליסטן. אויב אָבער איינער פון די דאָזיקע צוויי האָט אַ האָפענונג אויף אַ פּאָעטישן תחית־המתים, איז דאָס — אָן שום ספק — עמנואל הרומי. דאַנטען לייענט מען נישט אין אונדזער צייט, ווייל אַ פּראָסטן בשר ודם איז פשוט שווער דורכצושלאָגן זיך אַ וועג דורך דעם אַלעגאָרישן מידבר פון זיינע טערצינען צו די ווייניקע קליינע פּאָעטישע אָאַזיסן פון זיין „געטלעכער קאָמעדיע“. דאָס איז אַ פראַגע נישט נאָר פון גובר זיין די פאָרעם (הגם אין דיכטונג איז פאָרעם אַן אינטעגראַלער טייל פון דער נשמה), נאָר אויך פון גובר זיין די מרה־שחורהדיקע מיטלעלטערלעכע שטימונג וואָס איז געהאָנגען, ווי פּודיקע געוויכטער, אויף די פליגלען פון דאַנטעס מוזע.

אויך עמנואל הרומין איז אָפט שווער צו לייענען (אַפילו פאַר קענערס פון העברעיש): זיין מעטריק איז אונדז פרעמד, אונדזער אויער כאַפּט קוים אויף זיין ריטעם און פאַרשאַפט אונדז נישט קיין פאַרגעניגן, וואָס דער ריטעם פאַרשאַפט אונדז געוויינטלעך, — פאַרקערט, ער דענערווירט אונדז. אין קונסט האָבן מיר ליב קלאָרקייט: דער צושטאַנד פון אומזיכערקייט איז אַן אומאָנגענעמער צושטאַנד פאַר

אונדזער אויער ביים לייענען דיכטונג. דעריבער איז זייער אָפּט שווער צו לייענען און פּאָעטיש אויפצונעמען אונדזער רייכע מיטלעלטערלעכע דיכטונג. אַפילו אין אַ שלעכטער איבערזעצונג — אין אַ פּאָרעם, צו וועלכער מיר זיינען צוגעוווינט — נעמען מיר זי אָפּט אויף בעסער ווי אין אָריגינאַל, און מיר שעצן זי אויך מער.

אויב אָבער עמנואל הרומי איז נישט צוטריטלעך פאַרן דורכשניטלעכן לייענער לויט דער פּאָרעם, איז ער אים דערפאַר דווקא יאָ צוגענגלעך אַ דאַנק דער פריילע־כער, לעבנס־פריידיקער שטימונג פון זיינע פּערזן.

ביים דערמאָנען דאַנטעס נאָמען, ווייס יעדער איינער, וואָס איז אַביסינקע באַ־קאַנט מיט זיין ביאָגראַפיע, תיכף אַ טראַכט געבן וועגן בעאַטריטשען, וועגן זיין פּלאַטאָנישער, ריינער ליבע צו איר, — אַ ליבע, וואָס דער נאָמען בעאַטריטשע סימבאַליזירט מיט זיך. דאַנטעס נאָמען רופט אַרויס די געשטאַלט פון אַן אַסקעט, ווי מיר זעען אים אויף זיינע פּאָרטרעטן, — אַ פּאָעט אַ פּרוש.

פאַרקערט ווידער, — דער נאָמען פון עמנואל הרומי רופט אַרויס ביי יעדן איינעם, וואָס איז אַביסינקע באַקאַנט מיט זיין ביאָגראַפיע, אַ געשטאַלט פון אַ סטע־רעאָטיפּן דיכטער, פאַר וועלכן עס עקסיסטירן נאָר דריי געטער: פרוי, ווין און ליד. ער אַליין האָט זיך גערופן „דער מייסטער פון ליידנשאַפט" און ער פלעגט זאָגן, אַז „ווען מע וואָלט געוווען געקרוינט פאַר די געלונגנסטע עראָטישע געדיכטן, וואָלט ער באַקומען די קרוין". און באמת: ער איז אַן עכטער באַזינגער פון ליידנשאַפט, ווין און פרייד. עס זיינען פאַראַן ביי אים לידער, מיט וועלכע ער פאַרדינט דעם טיטל פון באָקאַטשיאָס אַ פאָרגייער, אַזוי זיינען זיי ציניש און פּאָרנאָגראַפיש (און אויך מיט דעם איז ער אַ פאָרגייער באָקאַטשיאָס, וואָס נישט אַלע זיינע לידער זיינען אַזעלכע, פּונקט ווי נישט אַלע דערציילונגען באָקאַטשיאָס זיינען פּאָרנאָגראַפיש).

נאָך שלמה איבן גבירול, משה איבן עזרא און יהודה הלוי, איז עמנואל הרומי דער גרעסטער דיכטער פון אונדזער מיטלעלטערלעכער וועלטלעכער דיכטונג. אויב דער גרויסער דריי־שטערן פון די ערשטע איז איר ערשטער שפּיץ, איז עמנואל הרומי — איר לעצטער. פונאַנדערגעבליט אין עלפטן און אין דער ערשטער העלפט פון צוועלפטן יאָרהונדערט, אין אַראַבישן שפּאַניע, איז אונדזער ערשטער גלות־אַרויסטריט אין פעלד פון וועלטלעכער דיכטונג אויסגעלאָשן געוואָרן צוזאַמען מיט עמנואל הרומי אין דער ערשטער העלפט פון פערצנטן יאָרהונדערט. אין דער צייט, וואָס די שפּאַניש־ייִדישע גרויסע דיכטערס האָבן זיך דערנערט מיט דער אַראַבישער קולטור (נישט ווייניקער ווי מיט דער ייִדישער) און פלעגן שאַפן זייערע פילאָסאָ־פישע ווערק אויף אַראַביש און זייער העברעיִשע דיכטונג פלעגן זיי פאַרקערפּערן אין אַראַבישע דיכטערישע פאָרמען, — האָט זיך עמנואל הרומי דערנערט, אַ חוץ מיט דער שפּאַניש־ייִדישער קולטור, אויך מיט די קולטור־שפּראַצן פון אויפגייענ־דיקן איטאַליענישן רענעסאַנס. די שפּאַניש־ייִדישע דיכטערס האָבן אויך געזונגען וועגן ליבע און ווין (אַ חוץ דעם מיסטיש־רעליגיעזן איבן־גבירול), אָבער אַפילו

אין דעם שאַפן פונעם סאַמע וועלטלעכן פון די דריי קאָריפעען פון שפּאַנישן פּעריאָד, משה איבן עזרא, פאַרנעמען אַ חשובן אָרט נאַציאָנאַל־רעליגיעזע מאָמענטן, שוין אָפּגערעדט וועגן איבן גבירולן און יהודה הלוין. עמנואל הרומי, פאַרקערט, ווייס נישט ניט פון קיין ספּעציעלער רעליגיעזער התלהבות, נישט פון קיין נאַציאָנאַלער. ער שרייבט פערזן אויף איטאַליעניש, באַנוצט זיך אויך מיט דער ריין־איטאַליענישער פאָרעם פון סאָנעט (נישט נאָר אין זיין העברעיִשן שאַפן, נאָר דירעקט אויף איטאַליעניש) און איז באַקאַנט אין דער איטאַליענישער ליטעראַרישער סביבה. די שפּאַניש־ייִדישע דיכטערס, דורכגעדרונגענע מיט דער אַראַבישער פילאָסאָפישער און פּאָעטישער קולטור, האָבן זיך אויף קיין איין מאָמענט נישט אויפגעהערט צו פילן אין גלות (הגם די ייִדן אין דער אַראַבישער שפּאַניע האָט זיך געלעבט גוט און פריי, סיי מאַטעריעל, סיי נאַציאָנאַל); עמנואל הרומי איז דער ערשטער גרויסער ייִדישער דיכטער, וועלכער ווייזט אַרויס טענדענצן פון אינערלעכער אַסימילאַציע. „מיין היימלאַנד, — זינגט דער דיכטער, — איז רוים, און מיין פאָלק — דאָס איטאַליענישע פאָלק". עמנואל הרומי איז נישט נאָר אַ מבשר פון איטאַליענישן רענעסאַנס, נאָר אויך פון דער ייִדישער אַסימילאַציע. אויב עמנואל הרומי, דער דאָזיקער דיכטער פון ליידנשאַפטלעכער ליבע און בייסיקער איראָניע, רופט מען אָן „דער מיטלעלטערלעכער היינע", איז ער פאָרויסגעגאַנגען היינען אויך מיט דעם ערשטן אומדרייסטן, בלויז דעקלאַראַטיוון שריט צו נ אַ צ י אָ נ אַ ל ן פּ אַ ר ר אַ ט.

עמנואל הרומי איז נישט נאָר געווען באַקאַנט מיט דאַנטען; ער האָט נישט נאָר אָנגעשריבן אַ סאָנעט אויף דאַנטעס טויט, — נאָר עמנואל הרומי, די דאָזיקע „פריידיק־לאַכנדיקע נשמה", ווי ס'האָט אים גערופן דאַנטעס פריינד — באַסאַנע, האָט אויך נאָכגעמאַכט די „געטלעכע קאָמעדיע" און האָט אָנגעשריבן די פּאָעמע „גיהנום און גן־עדן". אָבער דער גאַנצער אונטערשייד צווישן פינצטערן דאַנטע און דעם פריילעכן, לעבנספולן עמנואל הרומי איז געקומען צום אויסדרוק אויך אין דער דאָזיקער נאָכמאַכונג. איך רייד נישט, נאַטירלעך, וועגן אונטערשייד אין דעם אינערלעכן און אויסערלעכן פאַרנעם פון די דאָזיקע ווערק. פון דאַנטעס גאַנצער פייערלעכער ערנסטקייט בלייבט נישט ביי עמנואל הרומי קיין שפור: ווען עמנואל באַווייזט זיך אין גן־עדן, רופן אויס די גן־עדן־באַוווינערס: „עמנואל איז דאָ געקומען, איז שוין, הייסט עס, געקומען די צייט זיך אָנצולאַכן". אין דער דאָזיקער פּאָעמע איז דאָ נישט נאָר געלעכטער, נאָר אויך — סאַטירע, אָבער ס'איז דאָרט קיין שפור נישטאָ פון דאַנטישן פּאַטאָס, פון דאַנטישער פייערלעכקייט, פון דאַנטעס כמורנעקייט, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין הומאָר, פון דאַנטעס פאַנאַטיזם.

*

צוויי לחלוטין פאַרשיידענע דיכטערס, — אָבער נישט דער אונטערשייד פון זייער טאַלאַנט און פון זייער אַרט שאַפן אינטערעסירט מיך דאָ; קודם־כל אינטע־

רעסירט מיך דאָ אַ קלײנער פּרט אין די ביאָגראַפיעס פון די בײדע דיכטערס: דער דיסאָנאַנס צװישן זײער לעבנספיר און דער שטימונג פון זײער שאַפן.

דאַנטע, דער אַסקעט, דער שעפער פון בעאַטריטשע, האָט אַ גאַנץ לעבן געהאַט צו טאָן מיט די ביליקסטע פרויען, — װי דאָס װערט דערצײלט און באַװיזן דורך אײניקע פון זײנע ביאָגראַפן. און עמנואל הרומי, דער דאָזיקער שטיפערישער עראָ־טישער דיכטער, װאָס טרעט אָפּט מאָל אַריבער די שװעל פון דער אונטערװעלט, פון פאָרנאָגראַפיע, האָט געפירט אַ גוט פאַמיליע־לעבן. ער האָט באַזונגען נישט נאָר זײן פרוי, נאָר אויך זײן שװיגער. און דאָס דאָזיקע לעצטע באַװײזט שוין גענוג ס'אַראַ מוסטערהאַפטיקער מאַן און אײדעם עמנואל הרומי איז געװען.

דער דאָזיקער פּרט אין די ביאָגראַפיעס פון די דאָזיקע צװײ דיכטערס פירט אַרויף אויף געװיסע געדאַנקען. איז דאַנטעס פּלאַטאָנישע ליבע געװען אַן אַרויפ־הײבן זיך פון די טיפסטע טיפענישן, אָדער זײן פאַלן אין די שמוציקע אָרעמס פון פאַרקויפטער ליבע איז געװען אַ רעזולטאַט פון זײן אַסקעטישער שטרענגקײט צו די פאָדערונגען פונעם גוף, צו די פאָדערונגען פון אַ גאַנצער, אומגעטײלטער ליבע? סײ אין ערשטן, סײ אין צװײטן פאַל האָבן מיר דעם בולטסטן באַװײז, אַז װען דאָס גײסטיק־קערפּערלעכע גלײכגעװיכט װערט געשטערט, איז אָט הײבט זיך אויף דער מענטש, אַפילו דער געניאַלסטער, צו הויך צום הימל, און אָט פאַלט ער צו טיף אין תהום.

אין דער צײט, װען דאַנטע װאַרפט זיך אין נשמה־פיבער, פירט עמנואל הרומי אַ גלײכגעװיכטיק לעבן און גיט אַן אויסװעג די װיטאַלע כוחות פון לעבן אין זײן אויסגעלאַסענעם שאַפן. ער פאַרשװענדט זײנע לײדנשאַפטן אין דער שפּיל פון פערזן, און זײן נשמה פאַרבלײבט געזונט, גלײכגעװיכטיק און רײן. זײן נשמה רײסט זיך נישט אָפּ פונעם גוף, און זײן גוף רײסט זיך נישט אָפּ פון זײן נשמה. נישט אומזיסט זאָגט דער דאָזיקער דיכטער פון לײדנשאַפט און װײן: „איך האָב אויסגעגעבן מער אויף ברענאויל (כדי צו לערנען אין די נעכט. — י. ר), װי אַנדערע אויף װײן". אַז דאָס איז נישט קײן באַרימערײ, באַװײזן דעם דיכטערס גרויסע, כמעט ענציקלאָפּע־דישע ידיעות. ער האָט געטרונקען װײן, ער האָט ליב געהאַט פרויען און איז גרײט געװען, לויט זײנעם אַ פערז, צו בויען מיזבחות פאַר זײ, — אָבער אויפן מיזבח פון זײן תאװה האָט ער נישט פאַרברענט זײן פּסיכאָ־פיזישן גלײכגעװיכט. ער האָט זיך נישט באַמיט, װי דאַנטע, צו דערדריקן זײן קערפּער צוליב דער נשמה, און זײן קערפּער האָט נישט געלעבט אָן אַ נשמה. אָנשטאָט דעם זעלישן זנות, פון װעלכן מען קען זיך אָפּװענדן בלויז צום אַסקעטיזם, האָט עמנואל הרומי געקענט די האַר־מאָנישע ליבע, פון װעלכער עס פירט אַ קלאָרער װעג צו פרײד און גײסטיקער געזונטקײט.

און הגם עמנואל הרומי זאָגט אין אײנעם פון זײנע איטאַליענישע סאָנעטן: „איך בין אַ שלעכטער ייִד, אָבער אויך נישט קײן מוסולמענער און איך גײ נישט אין װעג

פון קריסטלעכן גלויבן״, דאָך איז ער צום נאָענטסטן צום ייִדנטום, ווי דאָס האָט דערפּילט היינע ביים סוף פון זיין לעבן. עס מאַכט גאָר נישט אויס, וואָס אין משך פון יאָרהונדערטערס זיינען עמנואל הרומיס ווערק געווען אונטערן חרם מצד דעם „שולחן ערוך״, מען האָט זיי נישט געטאָרט לייענען „נישט אום שבת, נישט אינ־דערוואָכן״. שוין בלויז עמנואלס נעגאַטיווע שטעלונג צום אַסקעטיזם, זיין גלייכ־געוויכטיק געזונט לעבן מאַכט אים נאָענט צום יהדות, צום גייסט פון דער ביבל, צו וועלכער — אַ מאָדנע דערשיינונג! — אַלע אייראָפּעיִשע באַוועגונגען, וואָס אַנטלויפן פון קריסטלעכן אַסקעטיזם אָדער פון דאַנטעס פּלאַטאָנישער ליבע צו גלייכגעוויכ־טיקייט און האַרמאָניע צווישן קערפּערלעכן און גייסטיקן, — זיינען עולה־רגל, ווו דער גייסט איז פאַרקערפּערט און איז אַפילו נישט פריי פון זינד. און ווען איינע פון די דאָזיקע באַוועגונגען, די דייטשישע רעפאָרמאַציע, למשל, האָט גענומען מורא האָבן, צוליב וואָסערע סיבות דאָס זאָל נישט זיין, פאַר אַ צו גרויסער גלייכגעוויכ־טיקייט, פלעגט זי קודם־כל נעמען אַנטלויפן פונעם תנ״ך, ווי דאָס איז געשען מיט לוטערן, וועלכער האָט געגעבן אין די הענט פון זיינע אָנהענגערס די ביבל אין זיין באַרימטער איבערזעצונג, און ער האָט אַליין דערנאָך געשריבן, אַז זיי דאַרפן זיך לערנען געהאָרכזאַמקייט נישט ביים אַלטן, נאָר ביים נייעם טעסטאַמענט.

ווי עמנואל הרומי איז צייטנווייז נישט ציניש מיט זיין אומגעצוימטער רענע־סאַנס־צונג, מיט דער צונג פון באָקאַטשיאָס אַ פאָרגייער, — דאָך איז דאָ אין אים מער גייסטיק געזונט, תנ״כישער געזונט, ווי אין דעם אַסקעטישן דאַנטע.

דאַנטע איז די פאַרקערפּערונג פונעם אַסקעטישן מיטלעלטער, ווען דאָס באַ־שפּיגענע פלייש איז זיך נוקם דורך פאַרשמוצן די נשמה; אָבער עמנואל הרומי איז אַ מבשר פונעם רענעסאַנס, וועלכער האָט זיך אַריינגעלאָזט, ווי אַ נאַטירלעכע רע־אַקציע, אין צווייטן עקסטרעם, אין אַן אומגעצוימט ליד פון זיגערישן, באַפרייטן פלייש, אָבער אויך אין דער דאָזיקער אומגעצוימטקייט, אין דעם צו שטאַרקן אויפ־רייס, לאָזט זיך מערקן די געזונטע טענדענץ פון גלייכגעוויכטיקייט. דער בעכער פון עמנואלס יונגער פרייד שוימט רוישיק, גיסט זיך איבער, אָבער אונטערן שוים, וואָס באַשמוצט דאָס טישטעך פון דער לעבנס־סעודה, געפינט זיך אַ געזונטער, שטאַרקער, דערפרייענדיקער געטראַנק, וואָס איז נישט נאָר געשמאַק, נאָר אויך היילנדיק.

אויך אין עמנואל הרומי מערקט זיך אַ מאָל דער קאַמף, וואָס האָט געבושעוועט אויף דער שוועל פון צוויי תקופות, צווישן דעם אָפּטרעטנדיקן מיטלעלטער און דעם אָנקומענדיקן רענעסאַנס. אין אַזעלכע מינוטן רופט ער אויס: „ד י נ ש מ ה און די ליידנשאַפט — דאָס זיינען צוויי פיינטלעכע כוחות און עס וועט צווישן זיי אייביק נישט זיין קיין שלום״. מיט דעם דערמאָנט ער פּעטראַרקען, וועגן וועלכן מ. גערשענזאָן האָט געשריבן, אַז אין אים איז פאָרגעקומען אַ שרעקלעכער קאַמף „צווישן הימל

און ערד, צווישן דעם דאַרשט נאָך ערדישע געגוסן און דער בענקשאַפט נאָך יענער וועלט, צווישן דער מאַדאָנע און דער געליבטער לאַורא, צווישן ציצעראָנען און קריסטוסן״.

יאָ, אַ מענטשן איז זייער שווער איינצוהאַלטן דעם גלייכגעוויכט צווישן דער נשמה און דעם גוף, צווישן דעם הימל און דער ערד. באַזונדערס איז דאָס שווער געווען אויף דער שוועל פון רענעסאַנס, ווען דער וועג־אויסבייג איז געווען אַזוי שאַרף. און מיר זעען טאַקע אַז סיי באָקאַטשיאָ און סיי פּעטראַרקאָ (וואָס זייער אָנזאָגער איז געווען דער ייִד עמנואל הרומי) האָבן זיך סוף כל סוף אָפּגעזאָגט — דער ערשטער פון זיינע לייכטזיניקע „דעקאַמעראָן״־דערציילונגען און דער צווייטער פון זיין ליבע־ליריק, פון די ערשטע שפּראָצלעך פון דער מאָדערנער איראָפּעיִשער מ ע נ ט ש ל ע כ ע ר דיכטונג; עמנואל הרומי אָבער פלעגט אַ מאָל אַ זיפץ טאָן אויף דער אייביקער שינאה צווישן קערפּער און נשמה. ער פלעגט באַדויערן זיין לייכטזיניקייט, אָבער אויף דער עלטער, אויף דער שוועל פון טויט, אין אָרעמקייט, אויף פרעמדער קעסט, האָט ער דאָך צונויפגענומען אַלע זיינע לייכטזיניקע פערזן אין איין בוך. ער, דער ייִד, איז געבליבן געטריי דעם רענעסאַנס פונעם מ ע נ ט ש ן מער פאַר אַלע פּיאָנערן פון דער נייער צייט, ווייל ער איז אין זיין וואָרצל געווען ווייטער פונעם מיטלעלטער ניִשט נאָר פאַר דאַנטען, נאָר אויך פאַר פּעטראַרקען און באָקאַטשיאָן.

*

ווען דאַנטע האָט צונויפגענומען אין זיין „געטלעכער קאָמעדיע״ די גאַנצע מיטלעלטערלעכע וועלט און האָט זי פעסט פאַרשלאָסן אונטערן שלאָס פון זיינע טערצינען, האָט זיך אויף דער סצענע באַוויזן דער רענעסאַנס, וואָס אויף זיין שוועל איז געשטאַנען דאַנטע — אָבער געשטאַנען איז ער מ י ט ן פּ נ י ם צ ו ם פ אַ ר ג ײ ע נ ד י ק ן, א ו ן נ י ש ט צ ו ם אָ נ ק ו מ ע נ ד י ק ן.

ווען דאָס ייִדישע פאָלק האָט גענומען אויפכאַפּן זיך פון זיין פאַרשלעפּטן מיטלעלטערלעכן שלאָף, האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון אונטערן אָפּגעשוואַכטן פאַרבאָט אויף עמנואל הרומי, וועלכער האָט אַמאָל־אַמאָל דער ערשטער אַריינגעבראַכט אין דער ייִדישער דיכטונג געלעכטער, זאָרגלאָזיקייט און אַפילו די אין אַ געוויסער דאָזע נייטיקע לייכטזיניקייט.

דאַנטע איז געבליבן בירושה נאָר פאַר די געלערנטע, ווייל ער האָט געהערט דער פאַרגאַנגענהייט. עמנואל הרומי אָבער שטייט נאָך אַלץ אויף דער שוועל פון רענעסאַנס, מיט דער פּלייצע צו דער פאַרגאַנגענהייט און מיטן פּנים צו דער צו־קונפט. מ׳קען פון אים אַראָפּווישן דעם שטויב פון יאָרהונדערטערס; מ׳קען פון אים אַראָפּנעמען דעם שוים פון רעאַקציע און הנאה האָבן פון זיין לייכטזין, פון זיין לעבנס־דורשט, פון זיין לעבנספרייד, פון זיין סאַטירע. מיט איין וואָרט — פון זיין

היינטצייטיקייט, פון דער פולקייט פון זיין לעבן, וואָס איז נישט איינזייטיק פּרע־פּאַרירט געוואָרן.

דאַנטע איז געניאַל, אָבער שוין ביי זיין לעבן איז ער געווען אַ טויטער זשעני, געפּאַנגען דורך דער טויטער פאַרגאַנגענהייט; עמנואל הרומי אָבער איז נישט קיין ריז, דערפאַר אָבער איז ער אַ לעבעדיקער לעבנס־חבר אַפילו נאָך היינט.

שאַנכיי, 1943.

# דער שרייבער און דער קריטיקער

## (אַן אייביקער דיאַלאָג)

דער שרייבער און דער קריטיקער גייען אַרויס, לויט מיין איבערצייגונג, פון זעלביקן פּונקט און שטרעבן צו דערגרייכן דעם זעלביקן ציל.

ביים שאַפן זיין ווערק שוועבט פאַרן שרייבער אַ קאָנקרעטע וויזיע, אַן אידייע וואָס ער וויל זי רעאַליזירן, פאַרקערפּערן אין זיין ווערק. און אויפן גאַנצן משך פון זיין שאַפונג־פּראָצעס מעסט ער (אָדער ער דאַרף מעסטן) זיינע דערגרייכונגען מיט דער אידעאַלער מאָס פון זיין וויזיע.

פּונקט דאָס זעלביקע טוט, אָדער גלייבט צו טאָן, דער קריטיקער. ביים באַאורטיילן דעם שרייבערס ווערק שוועבט פאַר אים די וויזיע לויט וועלכער דער שרייבער האָט געשאַפן זיין ווערק. פון צווישן די שורות פונעם רעאַליזירטן ווערק כישופט ער זי אַרויס פאַר זיך מיט זיין קריטישן חוש, וואָס באַשטייט, דער עיקר, אין דער פעיִקייט אַרויסצוכישופן פון אַ רעאַליזירט ווערק זיין מוטער־וויזיע, זיין אידייע־עמבריאָ. און אין פּראָצעס פון ליטעראַר־קריטישן אַנאַליז מעסט ער דעם קינסטלערס דערגרייכונגען מיט דער מאָס פון לעצטנס ריינער וויזיע.

אויב די קונסט פון שאַפן אַ דיכטערישע געשטאַלט באַשטייט אין באַזייטיקן פון אַ שטיק ווירקלעכקייט דאָס איבעריקע, דאָס הייסט דאָס נישט אָרגאַנישע, דאָס צופעליקע, כדי צו קאָנדענסירן פונעם איבערגעבליבענעם וועזנטלעכן אַ גאַנצקייט, אַ קינסטלערישע גאַנצקייט, וואָס איז גלייכצייטיק אי ווירקלעכקייט, אי עפּעס העכערס פאַר איר, באַשטייט די קונסט פון קריטיק אין דערשפּירן דאָס איבעריקע, דאָס הייסט דאָס נישט וועזנטלעכע, דאָס צופעליקע און במילא דאָס שטערנדיקע אין אַ קינסטלעריש ווערק.

ווען דער שרייבער פאַרמאָגט נישט — בעתן שאַפן זיין ווערק — קיין מוטער־וויזיע, קיין מוטער־אידייע, קען ער קיין גרויס דיכטעריש ווערק נישט שאַפן; אַנשטאָט אַ לעבעדיק ווערק וועט ער שאַפן אַ האָמונקולוס, אַ גולם אָן דעם געהעריקן שם המפורש אין אים. ווען דער קריטיקער שפּירט נישט אַרויס פונעם ווערק זיין מוטער־נשמה, טאַפּט ער אין דער פינצטער אויף בלינד, אָן דעם געהעריקן אַריינ־

טאַציע־ליכט. ער מוז אין דאָזיקן פֿאַל אַרויפֿצווינגען אויף זיין קריטישן אַנאַליז טויטע כּללים, דרויסנדיקע מעכאַנישע מאָסן, פּונקט ווי דער דיכטער, וועלכער שרייבט אָן אַ מוטער־וויזיע, מוז אַריינברענגען אין זיין ווערק דרויסנדיקע באַוועג־פֿעדעם וואָס זאָלן פֿאַרבייטן די לעבעדיקע אָרגאַנישקייט, וואָס ער קען זי נישט אַריינהויכן אין דעם ווערק.

דער שרייבער און דער קריטיקער האָבן איין און דעם זעלביקן אויסגאַנג־פּונקט און איין און דעם זעלביקן ציל. דער צווייטער דאַרף בלויז דערגאַנצן, וואָס דער ערשטער האָט נישט פֿאַרענדיקט. וואָס מער דאָס פֿאַרווירקלעכטע ווערק איז נאָענט צו זיין מוטער־וויזיע, אַלץ ווייניקער האָט דער קריטיקער צו דערגאַנצן, צו קאָרע־גירן, אויסצוגלייכן די פֿאַרקרומטע אָדער צו פֿאַרענדיקן די נישט־פֿאַרענדיקטע ליניעס; וואָס מער ווידער דאָס פֿאַרווירקלעכטע ווערק ווייכט אָפּ פֿון דער מוטער־וויזיע, אַלץ מער דאַרף דער קריטיקער קענען זי דערגאַנצן, אויסגלייכן, קאָרעגירן, דאָס הייסט מתקן זיין. מיט אַנדערע ווערטער: דער דיכטער מוז זיין ביז אַ געוויסער מאָס אַ קריטיקער, פּונקט ווי דער קריטיקער מוז פֿאַרמאָגן אין זיך עפּעס פֿון אַ דיכטער.

*

שטעלט זיך אָבער די פֿראַגע: אויב דער שרייבער און דער קריטיקער טוען די זעלביקע זאַך, כּדי צו דערגרייכן דעם זעלביקן ציל, טאָ פֿאַר וואָס ווערט די דאָזיקע קאָאָפּעראַציע פֿאַרוואַנדלט אין אַ קאָנפֿליקט, אין אַ שינאה? פֿאַר וואָס בילדן דער שרייבער און דער קריטיקער צוויי קעגנזעצלעכע צדדים?

אין די גרויסשטאָטישע ביליקע פֿאַרווײַלונג־ערטער, אין די פֿאַרשיידענע לונאַ־פּאַרקן, קוני־איילאַנדס און ווי זיי הייסן דאָרט אַלע, זיינען פֿאַראַן שיס־בודעס, וווּ פֿאַר עטלעכע גראָשן קען יעדער איינער שיסן אין אַ ציל — אַ קרייז אויף אַן איי־זערנעם דיסק. ווען דער שיסער טרעפֿט אין ציל — שפּרינגט אַרויס אַ מענטשל.

לערך דאָס זעלביקע געשעט מיטן קריטיקער: ער צילט אינעם ווערק און ווען ער טרעפֿט אין ציל, שפּרינגט אַרויס — דער שרייבער, דעם שרייבערס עגאָ...

דער קריטיקער האָט פֿאַר זיך אַ ווערק, אַ זאַך וואָס געהער דעם כּלל; אָבער דער שרייבער, וועלכער האָט געשאַפֿן דאָס ווערק, וויל זיך פֿון אים נישט שיידן. אייגנטלעך האָט שוין דער שרייבער זיינע גרעסטע פֿריידן און ליידן, וואָס זיינען פֿאַרבונדן מיט זיין ווערק, דורכגעווייטיקט און גענאָסן בעתן שאַפֿן עס. איצט איז די רײ פֿונעם לייענער און פֿונעם קריטיקער דורכצומאַכן די זעלביקע ליידן און פֿריידן ביים מיטשאַפֿן דאָס ווערק אין פּראָצעס פֿון לייענען, אינעם פּראָצעס פֿון קריטישן אַנאַליז. אָבער עס זיינען פֿאַראַן מוטערס, וואָס פֿאַרגינען נישט די אײדעמס די טעכטער, וועלכע זיי האָבן אויסגעטראָגן און אויסגעהאָדעוועט. די טעכטער לעבן שוין אַן אייגן לעבן, זיי קענען פֿאַרשאַפֿן די גרעסטע פֿריידן און ליידן אַנדערע, אָבער

די מוטערס זיינען איבעראיזיכטיק אויף זייערע קינדער, און זיי ווילן זיי נישט אָפּלאָזן פון זיך, זיי ווילן זיך נישט טיילן מיט קיין אַנדערע, סיידן אין דער פאָרעם פון אַ קאָמפּלימענט פאַר זיך: „האָט א י ר אַ פיין קינד!"

עפּעס ענלעכס קומט פאָר מיטן שרייבער און זיינע ווערק, וואָס זיינען אַרויס־געוואָקסן פון אים און האָבן אַוועקמאַרשירט אין דער ברייטער וועלט צו אַנדערע. און אָט פון דעם, וואָס פון הינטערן ווערק, אין וועלכן דער קריטיקער צילט, שפּרינגט אַרויס דער מחבר, נעמט זיך דער קאָנפליקט צווישן קריטיקער און שרייבער.

ווען מע שטעלט זיך פאָר אַן אַנאָנים ווערק און אַ אַנאָנימען קריטיקער זעט מען קלאָר איין, ווי געמיינזאַם עס איז די דאָזיקע צווייִיקע אַרבעט, ווי האַרמאָניש עס איז די צוזאַמענאַרבעט פון די דאָזיקע צוויי, וועלכע גייען אַרויס פון איין פּונקט און שטרעבן צו איין ציל. ד אָ ס פ ע ר ז ע נ ל ע כ ע פ אַ ר ש ווי נ ד ט א ו ן ע ס ב ל ײ ב ט ד י אָ ב י ע ק ט י ווע ג ע מ יי נ ז אַ מ ק ײ ט, די שעפּערישע קאָאָפּעראַציע.

דערווייל אָבער איז נאָך אָט דער צושטאַנד אַ טרוים (אַ חוץ אין געציילטע פאַלן, ווען דאָס ווערק איז אַ קיילעכיקער יתום, אָן קרובים און פּערזענלעכע אַפּוטרופּסים), און צווישן דעם מחבר, וועלכער שפּרינגט אַרויס פון הינטער דעם געטראָפענעם ווערק, און דעם קריטיקער, פאַרבינדט זיך אַ נישט גאָר פריינדלעכער און אַ מאָל טאַקע אַ גאָר־גאָר שאַרפער דיאַלאָג.

לאָמיר־זשע בקיצור איבערגעבן די עיקרדיקע טענות און קעגן־טענות פון זייער אייביקן דיאַלאָג.

דער שרייבער: וואָס פאַר אַ דעה־זאָגער ביסטו איבער מיין בלוט און פליישׁ? האָסט נישט געווייטיקט נישט ביים טראָגן און נישט ביים האָבן, קומסט צו גיין צום גרייטן ווי אַ פּאַראַזיט, זוכסט חסרונות מיט אַ לייכט האַרץ און זייגסט יניקה פון אַ פרעמד לעבן.

דער קריטיקער: דאָס ווערק דיינס געהער צו דיר בלויז ביז זיין געבורט; איצט געהער עס אַלעמען. אדרבא, צו אַלעמען אפשר מער ווי צו דיר. דער אַקט פון זיין געבורט איז געווען דער קולמינאַציע־פּונקט פון ד יי ן פאַרבונדנקייט מיטן ווערק; איצט הייבט זיך ערשט אָן א ו נ ד ז ע ר פאַרבונדנקייט מיט אים. זי נעמט איצט וואַקסן, און איך האָב ליב באַקומען דיין פלייש און בלוט ווי אַן אייגן קינד. איך האָב עס אפשר מער ליב ווי דו, ווייל מיין ליבע איז נישט פאַרבונדן מיט קיין שום פּערזענלעכע מאָמענטן, בעת דיין ליבע — איצט, נאָכן געבורט — איז נישט פריי פון זיי. איך שטראָף דאָס ווערק פון ליבע צו א י ם און דו לאָזסט אויף אים קיין שטויבעלע נישט פאַלן פון ליבע צ ו ז י ך.

דער שרייבער: ד ו דערוועגסט זיך צו ריידן וועגן פּערזענלעכע מאָטיוון? ד ו, וואָס דיין גאַנצע אַרבעט איז באַזירט אויף קינאה־שינאה פונעם אומשעפע־רישן מענטש צום שעפערישן? קענסט מיר נישט פאַרגינען מיין שעפערישע קראַפט,

קומסטו און ווילסט זי מאַכן צו קליינגעלט; ווילסט ווייזן אַז דו פאַרשטייסט בעסער פון מיר. טאָ פאַר וואָס־זשע זאָלסטו אַליין נישט שאַפן קיין בעסער ווערק לויט די רעצעפּטן וואָס דו פאַרשרייבסט מיר? אדרבא, לאָמיר זען וואָס דו קענסט... אָבער דאָס איז דאָך טאַקע די סיבה פון דיין באַשעפטיקן זיך מיט קריטיק: וואָס דו האָסט אַמאָל, אין דער יוגנט, פּרובירט שאַפן און נישט געקענט, קענסטו נאָך ביז היינט נישט מוחל זיין דיין דורכפאַל און ביסט זיך נוקם אין יעדן שעפערישן מענטש וועלכער קען יאָ...

דער קריטיקער: פון אַלע פאָרוואורפן, וועלכע דו קענסט מיר מאַכן, האָסטו אויסגעוויילט דעם וואָס זעט דיר אויס, אין דיין כעס, צו זיין דער שטאַרקסטער און איבערצייגנדיקסטער; אָבער אין דער אמתן האַלט ער נישט אויס די מינדסטע קריטיק, ווייל ער איז שוין צו אויבערפלאַכלעך און אַן האַפט...

אויב דו מיינסט, אַז איך וועל לייקענען מיינע יוגנט־זינד, כדי אָפּצוווענדן די טויטלעכע פייל (ווי דו מיינסט) פון דיין פאָרוואורף, האָסטו אַ גרויסן טעות. האָסט געטראָפן: כ׳האָב אין דער פריִער יוגנט אָנגעהויבן שרייבן לידער און געטרוימט דערנאָך וועגן שרייבן אַ ראָמאַן און אַ ציקל העראָישע דראַמעס. נעם זיך אָבער נישט איבער מיט דיין פּסיכאָלאָגישער דורכדרינגלעכקייט — קענסט דעם זעלביקן חשד וואַרפן אויף יעדן צווייטן מענטש וואָס האָט באַקומען אַ געוויסע בילדונג און האָט זיך געפונען אונטער אַ מינימאַלער השפעה פון ליטעראַטור, און דו וועסט אויך טרעפן.

יעדער מענטש אַנטדעקט די וועלט און דאָס לעבן צום ערשטן מאָל. פּונקט ווי זיין יחידיש לעבן איז איינמאַליק, אַזוי איז פאַר אים אויך איינמאַליק זיין אַנטפּלעקן די אינערלעכע וועלט זיינע און די אויסערלעכע וועלט אַרום זיך. דאָס אַנטפּלעקטע לעבן און די אַנטפּלעקטע וועלט פאַרשאַפן לייד און פרייד, אומרו און עקסטאַז, און די דאָזיקע איינדרוקן פאָדערן אַן אויסדרוק. און נישט נאָר פאַר זיך: דער מענטש וויל אויסשרייען פאַר דער גאַנצער בלינדער און טויבער וועלט דאָס, וואָס נאָר ער איינער האָט דערזען, דערהערט און ד ע ר ק ע נ ט, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט צום ערשטן מאָל נאָר צו אים, דורך אים. און אינעם מענטש וועקט זיך דער שעפערישער דראַנג, יענער דראַנג, וואָס איז טאַקע דער פאָטער פון דער ליטעראַטור, ווי פון יעדער קונסט בכלל. און אָט דער דראַנג וויל זיך פאַרקערפּערן אין אַ פאָרעם, וואָס איז דעם דאָזיקן ערשטן אַנטדעקער באַקאַנט — אין ליטעראַטור. על פי רוב נעמט ער שרייבן לידער, אָבער אויך ראָמאַנען האָבן נישט ווייניק אָנהענגערס, און דראַמעס ווערן אויך נישט פאַרנאַכלעסיקט.

איז ווי מיינסטו, קען מען פאָרוואַרפן אַ דאָקטער, וועלכער האָט אין דער יוגנט געשריבן לידער, אַז ער איז געוואָרן אַ דאָקטער צוליב שינאה צו שעפערישע מענטשן, ווייל ער גופא האָט נישט געקענט ווערן קיין שעפער?

זאָל אפשר אַ שרייבער, איידער ער לאָדט איין אַ דאָקטער, גוט אויספאָרשן, צי

דער דאָקטער אין זיין גימנאַזיע־צייט, האָט אַמאָל נישט געשריבן קיין לידער און ראָמאַנען?... ווייסט אפשר פאַרוואָרפן אַ ראָמאַניסט, למאי ער איז געוואָרן אַ פּראָזאַיקער דערפאַר, ווייל ער האָט אָנגעהויבן שרייבן לידער און — נישט געקענט?

פאַר וואָס־זשע וואַרפסטו פאָר בלויז דעם קריטיקער זיין נאַטירלעכסטע יוגנט־זינד, און מיט איר ווילסטו דיסקרעדיטירן זיין טעטיקייט? זיין פאָרעם פון שאַפן דעם מעדיום פון ז יי ן שעפערישקייט?

אדרבא, דאָס וואָס דער קריטיקער האָט אַזוי גיך און ראַדיקאַל זיך אויסגעהיילט פונעם יוגנט־איבערגאַנג, איז טאַקע געשען אַ דאַנק זיין קריטישן חוש, וואָס האָט אים נישט געלאָזן בלאָנדזשען, וואָס האָט אים אויפגעוויזן דעם גאַנצן מהלך וואָס ליגט צווישן זיין וויזיע און איר פאַרקערפּערונג אין זיינע קינסטלערישע פּרוּוון. אויב ער איז נישט געבליבן קיין דיכטער אָדער אַ ראָמאַניסט, איז דאָס נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט גלייך דערזען זיין ריכטיקן וועג. נישט דערפאַר איז ער געוואָרן אַ קריטיקער, ווייל ער האָט נישט געקענט ווערן קיין דיכטער; ער איז נישט געבליבן קיין „דיכטער" דערפאַר, ווייל ער איז אַ קריטיקער.

אויב דו ווייסט עס נישט נעמען אויף דיין אייגענעם חשבון, וועל איך דיר אויסזאָגן אַ סוד: אַ סך שרייבערס זיינען פאַרבליבן שרייבערס בלויז דערפאַר, וואָס צום גליק פאַר זיי און צום אומגליק פאַר דער ליטעראַטור פעלט זיי אַ ק ר י ט י ש ע ר ח ו ש , אַ קריטישער טאַלאַנט. אָפט מאָל האָב איך פאַר זיך ווערק, וואָס אויף אָנצושרייבן זיי האָט מען גאָר נישט באַדאַרפט פאַרמאָגן; אדרבא, עפּעס האָט באַדאַרפט פעלן: קריטישער חוש.

לאָמיר זיך אָבער אומקערן צו דער פראַגע פון פערזענלעכע מאָטיוון.

געוויס: עס איז נישט אויסגעשלאָסן אַז אַ קריטיקער זאָל אַריינלייגן די טומאה אין דער יראה און שטעלן זיין קריטישע פונקציע אין דינסט פון פערזענלעכע מאָטיוון. אָבער ערשטנס קען מען דאָך פון די דאָזיקע מעגלעכע, וואָרשיינלעכע און אפילו זיכערע איינצל־פאַלן נישט פלעכטן קיין שטריק פאַר דער קריטיק בכלל; און צווייטנס, קען מען טאַקע פון אָט די מיסברויכן מיט דער קריטיק פעסטשטעלן מיט דער גרעסטער זיכערקייט, אַז דער פערזענלעכער מאָטיוו שפּילט ביים שרייבער אַ סך אַ גרעסערע ראָלע אין זיין נעגירן קריטיק, ווי ביים קריטיקער אין זיין נעגירן אַ ווערק; וואָרעם איין זאַך וועסטו דאָך מוזן מודה זיין: אויב דער קריטיקער מיסברויכט מיט דער קריטיק, מיסברויכט ער זי דאָך נישט נאָר לגבי זיינע שונאים, נאָר אויך לגבי זיינע פריינד, דאָס הייסט נישט נאָר מיט שינאה און אַראָפּרייסן, נאָר אויך מיט ליבע און שירים ותשבחות. אפשר דריקט דער קריטיקער אויס זיין שינאה צו ליטעראַטור און שעפערישע מענטשן דורך לויבן דאָס אומשעפערישע? און פון דעסטוועגן הערט מען עפּעס נישט, אַז שרייבערס זאָלן אַרויסטרעטן, אין נאָמען פון געשטערטן אָביעקטיוון אורטייל, קעגן די צו גרויסע שבחים

ביי דער אָפּטער דערשיינונג פון איבערשאַצן אַ ווערק. דער געוואַלד ברעכט תמיד אויס דאַן, ווען אַ ווערק ווערט „אַראָפּגעריסן", ווען מע דערשאַצט כלומרשט נישט אַ ווערק — ז יי ן ווערק, לויטן מחברס מיינונג...

איז דען דאָס נישט קיין באַווייז, אַז דעם שרייבער גייט נישט אין דער גלייכ־גערויכט פון קריטישן אורטייל, נאָר אין פּערזענלעכער באַפרידיקטקייט? וואָרעם אָננעמען אַז די קריטיק זינדיקט תמיד בלויז איינזייטיק, מיט נישט דערשאַצן, איז דאָך נישט מעגלעך אַפילו ביי אַ שרייבער, וואָס איז דער גרעסטער קעגנער פון קריטיק בכלל — אַפילו ביי אַזאַ פאַנאַטיקער וועט מען פועלן אַז לגבי אַנדערע שרייבערס איז, מעגלעך אַ מאָל אויך אַ זינד דורך איבערשאַצן...

דער שרייבער: עס פעלט מיר גאָר נישט אין צו לייקענען, אַז די קריטיק זינ־דיקט אויך דורך איבערשאַצן, דורך טובה־אַרטיקלען. אָבער דאָס וואָס דער שרייבער פילט זיך געטראָפן פון אַ נעגאַטיווער קריטיק און נישט פון קיין פּאָזיטיווער, קען מען פאַרט נישט דערקלערן מיט דעם שרייבערס פּערזענלעכע מאָטיוון. דערויף זיינען דאָ צוויי אַנדערע דערקלערונגען: ערשטנס, אַ פּסיכאָלאָגישע: דער שרייבער איז על־פּי־רוב איבערגעצייגט, אַז זיין ווערק איז גוט, און במילא וועט אים קיין מאָל נישט איינפאַלן ביי אַ פּאָזיטיווער קריטיק, אַז דער קריטיקער האָט זיך טועה געווען; און אויב דער שרייבער איז אַפילו אַליין נישט אין גאַנצן זיכער אין דער גערעכטיקייט פונעם ווערק, איז געוויס דער פלאַטסטער פּאָזיטיווער אורטייל אַז ער זאָל זיך לאָזן לייכט איבערצייגן. און צווייטנס — ווען דער שרייבער בלייבט אַפילו אינערלעך איבערגעצייגט אַז דער קריטיקער שאַצט אים שטאַרק איבער מחמת פריינדשאַפטלעכער נישט־ערלעכקייט אָדער ערלעכער געשמאַקלאָזיקייט, אַרט אים דאָס אויך נישט, ווייל דאָס רירט נישט אָן די אַלגעמיינע אינטערעסן פון דער ליטעראַטור. אויב אַן אומגערעכט־נעגאַטיווער אורטייל ברענגט שאָדן דער ליטע־ראַטור, בפרט ווען זי איז אַזוי יונג און פאַרוואָרלאָזט ווי די יידישע, קען איר קיין אומגערעכט־פּאָזיטיווער אורטייל נישט שאָדן. אדרבא, דאָס איז פאַר דער ליטע־ראַטור געזונט. אי דאָס הייבט ביים לייענער דעם אָנזען פון דער ליטעראַטור, אי דאָס גיט צו מוט און אַרבעטלוסט דעם שרייבער. ניין, ווען דער שרייבער טרעט אַרויס קעגן אומגערעכט־נעגאַטיווער קריטיק, טוט ער דאָס נישט צוליב פּערזענ־לעכע אינטערעסן, נאָר אין די אינטערעסן פון דער ליטעראַטור. דאָס וואָס זיינע אינטערעסן פאַלן צונויף מיט דער ליטעראַטורס, איז נישט זיין שולד.

דער קריטיקער: דער שרייבער טוט אין דאָזיקן פאַל דאָס זעלביקע, וואָס די באַזיצנדיקע קלאַסן בעת אַ געפאַר: זיי פאָדערן מאַטעריעלע קרבנות פון די פאָלקס־מאַסן נישט, חס ושלום, כדי צו ראַטעווען די אייגענע אינטערעסן, נאָר די אינטערעסן פונעם כלל, פונעם פאָלק, פון דער מלוכה. זיי זיינען קיין מאָל נישט מקריב זייערע אייגענע עקאָנאָמישע אינטערעסן פאַר דער טובה פון דאָזיקן כלל, לטובת וועמען זיי באַרעכטיקן מיט אַזאַ ברען דאָס מקריב זיין די אינטערעסן פון אַנדערע. דאָס

וואָס די אינטערעסן פון דער מלוכה דעקן זיך עפּעס מאָדנע אויפפאַלנדיק מיט זייערע פּריוואַטע עקאָנאָמישע קלאַסן־אינטערעסן איז שוין נישט זייער שולד; דאָס איז זייער מזל...

אָבער די אידענטישקייט פון די בײדע אינטערעסן־ספערן איז בלויז אַ כלומרשטע. אין דער אמתן זײַנען קעגנזעצלעך די אינטערעסן פון דער מלוכה, פונעם כלל און פון באַזיצנדיקן קלאַס; דער באַזיצנדיקער קלאַס צווינגט אַרויף אויפן כלל די אינ־טערעסן וואָס דעקן זיך מיט זײַנע. אַזוי איז אויך מיט דער אידענטישקייט פונעם שרײַבערס אינטערעסן און פון דער ליטעראַטורס. דער שרײַבער פאַנטאַזירט אויס — אפשר אומבאַוווּסטזיניק — פאַר דער ליטעראַטור די אינטערעסן, וואָס דעקן זיך מיט זײַנע.

איך, למשל, האַלט אַז אַן אומפאַרדינטע לויב־קריטיק איז אַ סך שעדלעכער פאַר דער ליטעראַטור און פאַרן שרײַבער ווי אַ ליטעראַטור־מעדיום, אַפילו ווי אַן אומפאַרדינט־נעגאַטיווע קריטיק.

אומפאַרדינטע לויב־געזאַנגען דעזאָריענטירן דעם בעסערן לייענער, רופן אַרויס זײַן אומצו־טרוי, דריקן אַראָפּ דעם ניוואָ פון זײַנע קינסט־לערישע פאָדערונגען, און דעם פּרימיטיווערן לייענער לאָזן זיי נישט עסטעטיש זיך דערציִען. זיי שטעלן איין אין דער ליטעראַטור אַן אַטמאָספער פון מינימאַליסטישע פאָדע־רונגען. אין אַזאַ אַטמאָספער קען קיין גרויס׳ נישט אויסוואַקסן, ווײַל, עס פעלט די וויזיע פון גרויס׳, עס פעלט די שעפערישע אומצופרידנקייט.

און דעם שרײַבער, ווי אַ מעדיום פאַר ליטעראַטור, דעמאָראַליזירן אומפאַר־דינטע שבחים: צו וואָס זאָל ער אָנשטרענגען זײַנע כוחות, אויב דאָס נישט געפּאַק־טע און נישט געמאָזלטע שאַפן איז גענוג אויף צו באַקומען לאָרבער־קרענץ? ניטשע זאָגט: „ביי איינע רופן גרויסע שבחים אַרויס שעמעוודיקייט; ביי אַנדערע — פרעכ־קייט“. און ניטשע מיינט דאָך פאַרדינטע שבחים! היינט שטעלט זיך פאַר ביי נישט־פאַרדינטע!

דער ערשטער מין — די וואָס ווערן שעמעוודיק — איז זייער שיטער געוואַקסן (אין אונדזער ליטעראַטור איז אָט דער מין כמעט אין גאַנצן נישט בנמצא); דער צווייטער — די וואָס ווערן פרעך — וואַקסט ווי ווילדגראָז. ביי אָט דער געדיכט־וואַקסנדיקער מערהייט רופט עס אַרויס ציניזם, אַ שטימונג פון „לית־דין ולית־דיין“.

ווי אַ פּריוואַטע פּערזאָן, מיט זײַנע קליינלעכע אינטערעסן, פּראָפּיטירט פון דעם דער שרײַבער; אָבער ווי אַ טרעגער פון ליטעראַטור, ווי אַ אינסטרומענט פון דער וויכטיקער ליטעראַרישער פונקציע פאַרן כלל מענטש, פאַרלירט ער דערפון נישט ווייניקער ווי די ליטעראַטור גופא.

היות די אידעאַלע קריטיק (ווי די אידעאַלע קינסטלערישע ליטעראַטור, ווי יעדער אידעאַל בכלל) איז אַ זעלטנקייט, איז פאַר דער ליטעראַטור געזינטער אַ שטרענגע, מאַקסימאַליסטישע קריטיק, וואָס דערשאַצט אפשר נישט אַ מאָל צוליב איר גרויסער מאָס, איידער אַ מילדע, מינימאַליסטישע, וואָס שאַצט תמיד איבער, ווייל זי האָט בכלל קיין מאָס נישט.

אָט דער פּונקט, וועגן מינימאַליסטישע און מאַקסימאַליסטישע פּאָדערונגען צו דער ליטעראַטור, איז, לויט מיין מיינונג, אַזוי וויכטיק און עיקרדיק, אַז איך וויל דאָס, צום סוף, נאָך אַ מאָל באַטאָנען.

עס איז טאַקע אָפּט דאָ אַ שטיק אמת אינעם ווערטל: „אַז מען וויל צופיל, האָט מען גאָר נישט"; אָבער נישט ווייניקער — און אפשר נאָך מער — אמת איז דאָ אינעם קעגנזעצלעכן ווערטל: „כדי צו האָבן דאָס ווייניקע, מוז מען וועלן אַ סך".

דער מאַקסימאַליזם איז אָפּט מאָל זייער שעדלעך אויף אַלערליי געביטן, אָבער דער מינימאַליזם איז נאָך שעדלעכער, און טאַקע אויך — און אפשר דווקא — אויפן געביט פון ליטעראַטור.

איך האָב אַ מאָל געלייענט אַ בריוו פון אַ פּוילישער לעזערן צום פּוילישן שרייבער זעגאַדלאָוויטש, אין שייכות מיט זיין בוך „קאָשמאַרן". אין דעם דאָזיקן בריוו קריטיקירט זי די גאַנצע פּוילישע ליטעראַטור זינט זשעראָמסקין. ביים לייענען אָט יענעם בריוו האָב איך דערפילט אַ קינאה: ווו נעמט מען ביי אונדז אַזעלכע לעזערנס! און אַזעלכע קריטיקערס!

די דאָזיקע לייענערן האָט געמאָסטן די פּוילישע ליטעראַטור מיט אַ גרויסער מאָס, און הגם די פּוילישע ליטעראַטור האָט אויך נאָך זשעראָמסקין פאַרמאָגט פיינע טאַלאַנטן, דאָך האָבן זיי די לעזערן נישט באַפרידיקט. זי מעסט מיט זשעראָמסקיס מאָס, מיטן געוויסן פון דער פּוילישער געזעלשאַפטלעכקייט.

ביי אונדז, פאַרקערט, איז יעדעס ביכל אַ „געשעעניש", איינס פון די צענד־ליגגער „עפּאָפּייעס", מיט וועלכע מיר זיינען אַזוי „רייך" אין אונדזער מינימאַליס־טיש־געשטימטער אָרעמקייט, אַ דאַנק וועלכער מיר האָבן פאַרלוירן דעם געזונטן מאַקסימאַליסטישן אַפּעטיט.

קענט איר זיך פאָרשטעלן, אַז אַ ייִדישע לייענערן זאָל האָבן ווו אָפּצודרוקן אַ בריוו, וואָס איז ענלעך צום בריוו פון דער פּוילישער לעזערן? אַפילו אַ קריטיקער וואָלט דאָס נישט געקענט באַוויזן, סיידן ער זאָל גיין אויף מסירת נפש!

דער שרייבער: איך מוז מודה זיין, אַז דיינע לעצטע ווערטער רעגן מיך אָן צו פאַרטראַכטן זיך. איך ספק אַפילו צי דו ביסט אין גאַנצן גערעכט, אָבער אַ שטיקל אמת איז דאָ אין דיינע רייד. דאָס איז שווער צו לייקענען. צוערשט איז מיר אַפילו געלעגן אויף דער סאַמע שפּיץ צונג דער פאָרוואורף, אַז דאָס איז סאָפיסטיק, אָבער איך האָב זיך גלייך געכאַפּט אַז דאָס איז בלויז יענע געזונטע דיאַלעקטיק, וואָס קערט איבער דעם פאַרדרייטן פּעלץ אויף דער רעכטער זייט.

יאָ, איך בין מודה אַז קריטיק, ווען מע לאָזט אין אַ זייט קאָנקרעטע פאַלן, קאָנקרעטע מיסברויכן, איז בדרך כלל נישט פּאַראַזיטיש, נאָר אַ דערגאַנצונג צום שאַפונגס־פּראָצעס; איך בין אויך מודה אַז דער פאָרוואורף פון פּערזענלעכע מאָטיוון איז אַ שטעקן מיט צוויי עקן, און דו האָסט מיך כמעט ווי איבערגעצייגט, אַז פאַרן שרייבער לויגט אפשר נישט אַרויסצוגיין אין קאַמף קעגן קריטיקער מיטן דאָזיקן שטעקן, ווייל עס איז נאָך אַ גרויסע פראַגע וועלכער עק עס איז שאַרפער — צי דער וואָס איז געווענדט קעגן קריטיקער, צי דער וואָס קען געווענדט ווערן קעגן שרייבער. איך בין אויך טיילווייז מודה, מיט אַ שווער האַרץ און מיט אַ האַלב מויל, אַז די מילדע קריטיק האָט אירע חסרונות און אַפילו געפאַרן, — אָבער מיט איין זאַך קען איך בשום אופן נישט מסכים זיין: אַז דער קריטיקער דאַרף אין זינען האָבן בלויז דאָס ווערק, אָבער נישט דעם שרייבער.

אמת, דער שרייבער איז פאַרבונדן מיטן ווערק ביזן אַקט פון זיין געבורט. אָבער ווי עגאָיסטיש עס זאָל נישט זיין די אייפערזוכט פון אַ מאַמען צו אירס אַ דערוואַקסענער טאָכטער, איז פאָרט דאָ אין איר מאַמישס, און דאָס מוז מען רעספּעקטירן. גייט מען צו צום ווערק, דאַרף מען אויך אין זינען האָבן דעם שרייבער, און מען מוז צוגיין צו אים מיט אַן אינדיווידועלער מאָס, דאָס הייסט מען מוז אין אַ געוויסער מאָס באַטראַכטן דאָס אַלגעמיינע דורך דער פּריזמע פון פּערזענלעכן. דער קריטיקער דאַרף אויסגלייכן די פאַלש־געפירטע ליניע פונעם שרייבער לויט דער מאָס פון דער ריינער וויזיע, וואָס ער פילט זי אַרויס (מוז זי אַרויספילן!) פון צווישן די שורות פונעם ווערק אַ דאַנק זיין קינסטלערישער אינטויציע, וואָס דער קריטיקער מוז זי פאַרמאָגן, פּונקט ווי דער שרייבער מוז פאַרמאָגן קריטישן חוש, אָבער ער מוז דאָס מאַכן צאַרט, פּעדאַגאָגיש, ער דאַרף נעמען דעם שרייבער פאַר דער האַנט און אים פירן ווי מע פירט אַ פריינד, אַ חבר.

דער קריטיקער: ווען צוויי שטייען פאַר אַ וואַנט און איינער ברעכט זי דורך, איז זי דורכגעבראָכן פאַר ביידע. איך ווייס נישט ווער עס האָט דורכגעבראָכן די וואַנט צווישן אונדז, צי איך מיט מיין אַנאַליז, צי דו מיטן אָפּנהאַרציקן מודה זיין במקצת, דאָס הייסט אַז איך האָב דיך טיילווייז איבערגעצייגט. דאָס איז אַ זעלטנקייט בעת אַ וויכוח, ווען דער פאַרלאַנג מנצח צו זיין דעם קעגנער איז על־פּי־רוב גובר דעם ווילן צו דערגרונטעווען דעם אמת; אָבער תמיד, ווען עס טרעפט אַזאַ זעלטענער פאַל, ברענגט ער גוטע רעזולטאַטן: דו האָסט אויסגעצויגן צו מיר די האַנט דורך דער דורכגעבראָכענער וואַנט, איז — אָט איז מיינע. ריכטיק, דער קריטיקער דאַרף נישט דונערן ווי פונעם באַרג סיני אַראָפּ. ער דאַרף פירן, אָבער דאָס קען נישט געמאָלט זיין אין אַ ליטעראַרישער אַטמאָספער, וווּ דער שרייבער בעט כלומרשט מען זאָל אים פירן, און מיינט דערביי מ׳זאָל אים אונטערפירן גלייך צום פּאַרנאַס, און טאַקע גלייך צום אויבן־אָן. ריכטיק איז אויך, אַז דער קריטיקער דאַרף זיך רעכענען מיטן שרייבערס פּערזענלעכקייט, ער דאַרף נעמען אין באַ־

טראַכט דאָס פּערזענלעך־אינדיווידועלע ביים באַאורטיילן דאָס אַלגעמיינע, ווייל ערשטנס בלייבט מאַמע — מאַמע, און צווייטנס קען מען אָפט ערשט דורך דער מאַמען דערקענען ווי געהעריק די טאָכטער; אָבער צי דען וועסטו אויך נישט מודה זיין — אויב מיר גייען שוין יאָ איינער דעם צווייטן אַנטקעגן — אַז אויך דער שרייבער דאַרף געבן דעם קריטיקער דאָס וואָס ער פּאָדערט פון אים פאַר זיך? אויב דער קריטיקער דאַרף, ביים אַנאַליזירן דאָס געשאַפענע ווערק, נישט פאַרגעסן דעם שעפער, טאָ פאַר וואָס זאָל אויך דער שרייבער, ביים באַאורטיילן די קריטיק, נישט נעמען אין באַטראַכט דעם קריטיקערס פּערזענלעכקייט, דעם שעפער אינעם קריטיקער? פאַר וואָס זאָל דער שרייבער קוקן אויף דעם קריטיקער ווי אויף אַ מעכאַניזם, וואָס ווען מע וואַרפט אין אים אַריין אַ ווערק פון איין זייט, קומט אַרויס פון דער צווייטער אַ קריטישע אָפּהאַנדלונג? און אויב די קריטישע אָפּהאַנדלונג איז נישט נושא־חן ביים שרייבער, ווערט דער קריטישער „געדזשעט" איז באַ־שטימט צו באַדינען, קוקט ער אויפן קריטיקער ווי אויף אַ קאַליע־געוואָרענעם מעכאַניזם, וואָס האָט פאַרלוירן זיין עקסיסטענץ־רעכט?

אמת, דער קריטיקער דאַרף אין זינען האָבן, ביים באַהאַנדלען אַ ווערק, דעם שרייבער; אָבער דער שרייבער מוז, ביים באַטראַכטן אַ קריטישע אַרבעט, פאַרגעסן אַ ביסל אין זיך און אין זינען האָבן דעם קריטיקער. בלויז אין דעם פאַל וועט נייטראַליזירט ווערן אַ ביסל די שטערונג, וואָס די פּערזענלעכע עקסיסטענץ פונעם שרייבער און פונעם קריטיקער טראָגט אַריין אין זייער געמיינזאַמער, איינאַנדער דערגאַנצנדיקער אַרבעט.

נישט דער שרייבער איז געשאַפן געוואָרן פאַרן קריטיקער, און נישט דער קריטיקער פאַרן שרייבער, — זיי זיינען ביידע סוווערענע פּערזענלעכקייטן; וואָס עס בינדט זיי צוזאַמען, איז זייער געמיינזאַמע ליבע צו ליטעראַטור און זייער גע־מיינזאַמע שריפטשטעלערישע באַרופונג (וואָס ווערט, לײדער, אָפט פאַרוואַנדלט אין אַ באַרוף...).

דער שרייבער: דו ווייסט אַוודאי, פונקט אַזוי גוט ווי איך, אַז מיר האָבן באַ־רירט בלויז אייניקע פראַגעס, וואָס האָבן אַ שייכות צום פּראָבלעם „שרייבער־קריטי־קער". אָבער אויף וויפל מיר האָבן זיי באַהאַנדלט, זיינען מיר געקומען צו אַ שטיקל הסכם אין אייניקע פונקטן און מיר צעגייען זיך איצט, כדי צו פאַרטיפן, יעדער איינער פאַר זיך, אָט דעם טיילווייזן הסכם; איז וועסטו מיר אפשר דערלויבן צו באַרירן אַ פראַגע, וואָס איז מיר די גאַנצע צייט געלעגן אין זינען, אָבער עס איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט זי צו באַרירן אין שייכות מיט די אויבן־באַרירטע פראַגעס; אמת, אויך זי האָט אַ שייכות צום פּראָבלעם „שרייבער־קריטיקער", אָבער אַ שייכות אַ יוצא־דופנדיקע.

דיר איז געוויס באַקאַנט דער נישט איין מאָל אויפגעשווומענער פּראָיעקט, אַז די קריטיק זאָל ביי אונדז מאָנאָפּאָליזירט ווערן לויט פאַכן: דיכטערס זאָלן קריטי־

קירן דיכטערס, פּראָזאַיִקערס — פּראָזאַיִקערס אַאַ״וו; ווי מיינסטו, צי וואָלט נישט אַ מאָל אַט דער ווילדער פּראָיעקט געווען אַ גאַנץ גלייכע זאַך, אַ סך אַ גלייכערע, ווי ער זעט אויס אויפן ערשטן בליק? ווער וואָלט נאָך געווען געקענט אַזוי האָבן דרך־ארץ פאַר יענעמס לידער, ווי אַ דיכטער? אויב דו גלייבסט — און מיך האָסטו איבערגעצייגט דערין — אַז דער קינסטלער מוז באַזיצן אַ קריטישן חוש, זיינען דאָך זיכער דאָ גענוג קינסטלערס וואָס וועלן זיך קענען פאַרנעמען מיט קריטיק ווי אַ נעבן־פאַך. און דערביי וועט אפשר אַריינגעבראַכט ווערן אין דער קריטיק יענע פּערזענלעכע וואַרעמקייט און פאַרשטענדעניש, וואָס פעלט היינט אין אונדזער קריטיק.

דער קריטיקער: געוויס, די דאָזיקע פּראָיעקטן זיינען מיר באַקאַנט, און היינט, ווען אַזוי פיל שרייבערס שרייבן קריטיק, וואָלט מע שוין די דאָזיקע פּראָיעקטן געווען געקענט באַהאַנדלען נישט נאָר טעאָרעטיש, נאָר אויך אין ליכט פון פאַקטן, פון אַ גאַנץ נישקשהדיקער דערפאַרונג. אָבער דאָס וואָלט געווען צו פיל פאַר אַ זייטיקער פראַגע, ווי דו אַליין האָסט זי באַצייכנט. איז וועסטו מיר אפשר דערלויבן צו ענטפערן אויף איר אויף אַ יידישלעכן און במילא קירצסטן אופן — מיט אַ קעגן־פראַגע?

— צי קענסטו די פּסיכאָלאָגיע פון קינאה? דער מענטש איז מקנא נאָר זיינס גלייכן. אַן אָרעמער באַאַמטער וועט נישט מקנא זיין דעם מיליאָנער, וואָס פאָרט אַרום אין אַ לימוזינע; אדרבא, ער וועט מיט שפּייעכץ אין מויל ריידן וועגן דעם גרויסן מיליאָנער אין דער פיינער לימוזינע, ווי דאָס וואָלט אים גופא געווען צוגע־געבן חשיבות. אָבער זיין קאָלעגע, וועלכער פאַרגינט זיך אַ מאָל אין אַ יובל אַ פאָר טאָן מיט אַ טאַקסי, וועט ער מקנא זיין ביז שינאה.

צי מיינסטו נישט, אַז די קינאה, אין וועלכער דו ביסט חושד דעם כלל קריטי־קער, וועט ביי אַזאַ פאַך־קריטיק זיך ערשט רעכט צעבלי׳ען? און נישט נאָר די קינאה־קריטיק, נאָר אויך אין קעגנזאַץ — די קלייזל־קריטיק? די קריטיק פון אַ קאַמעראַדעריע, פון אַ קליקע? צי מיינסטו נישט, אַז די קינאה פון איין זייט און די קעגנזייטיקע אַסעקוראַציע פון דער צווייטער, וואָס עקסיסטירט אין אַ געוויסער מאָס אין דער קריטיק פון יעדער ליטעראַטור (הגם דאָס איז מיט דער עצם קריטיק לחלוטין נישט פאַרבונדן) וועלן זיך ערשט דאַן רעכט צעבלי׳ען?

איך וואָלט דיר געווען געקענט שטעלן נאָך פראַגן, אָבער די געשטעלטע זיינען שוין גענוג, און טאַקע אויף אַזוי וויט גענוג, אַז אויב איך האָב נישט קיין טעות, האָסטו נישט קיין חשק צו ענטפערן אויף זיי... דו וועסט שוין מיסתמא בעסער טראַכטן וועגן זיי צוזאַמען מיט די איבעריקע פראַגן, וואָס מיר האָבן דורכדיס־קוטירט און זיינען — אָ, ווונדער! — געקומען צו אַ טיילווייזן הסכם וועגן זיי; צו אַ טיילווייזן הסכם, וואָס קען, ביי אַ גוטן ווילן און ביי אַ געהעריקן אינטעלעק־

כועלן ערנסט, דערפירן צו אַ פולער דערנעענטערונג, צו אַ געמיינזאַמען ציל, אַן די פּערזענלעכע ווידעראַנאַנדן.

דער שרייבער: צום באַדויערן בין איך נאָך נישט אַזוי אָפּטימיסטיש ווי דו, אָבער אַ טראַכט טאָן וועגן דעם וועט זיך זיכער לוינען.

דער קריטיקער: נישט קיין אָפּטימיזם איז עס פון מיין זייט, נאָר אַ פריידיקער בענקשאַפט־אויסגעשריי פון איינעם, וועלכער איז לאַנג געשטאַנען פאַר אַ בלינדער וואַנט און פּלוצעם דערזען אַ דורכברוך אין איר — ווי קליין דער דורכברוך זאָל נישט זיין! — און אַן אויסגעשטרעקטע האַנט.

ניין, נישט קיין אָפּטימיזם איז עס. אויב איך האָב אַזוי הייס אָנגעכאַפּט די האַנט, איז עס אפשר דערפאַר, ווייל... ווייל איך וועל זיך נישט ווונדערן, אויב דער דורכברוך אין דער וואַנט וועט ווידער פאַרמויערט ווערן מאָרגן־איבערמאָרגן, ווען איך וועל ווידער אַ מאָל טרעפן אין ציל און אַזוי אַרום אַרויסכישופן, נישט ווילנדיק, פון הינטער דעם געטראָפענעם ווערק, דאָס עגאָ־מענטשעלע אינעם שרייבער...

# שמעון דובנאָוו

אין 1923 פלעג איך אים אָפט זעען ביי דער אַרבעט, אין זיין וווינונג אין דער בערלינער פאָרשטאָט ליכטערפעלדע (אויב איך געדענק ריכטיק דעם נאָמען).

ש. דובנאָוו, דער פשטן, איז נישט געווען צופרידן ווי אַזוי בעל־דמיון האָט איבערגעזעצט דעם אַכטן באַנד פון זיין נייער געשיכטע פון ייִדישן פאָלק. בעל־דמיון האָט אַריינגעפירט זיינע שפּראַכלעכע נייעסן, וואָס זיינען אָפט מאָל געווען נישט אָנצונעמען, און אַ חוץ דעם האָט ער אַ מאָל עפּעס אַרויסגעוואָרפן אויך פון טעקסט. ענדערן די איבערזעצונג לויט דובנאָווס פאָדערונג האָט ער נישט געוואָלט. היות ווי איך האָב דעמאָלט געאַרבעט ווי דער איבערזעצער פון זיין רוסישן מאַנו־סקריפּט ביי טשעריקאָווערן, האָט ער מיך רעקאָמענדירט דובנאָוון. איך האָב רעווידירט בעל־דמיונס איבערזעצונג לויטן אָריגינאַל, צוגעגעבן די דורכגעלאָזטע שטעלן און אויסגעגלייכט דעם ייִדיש פון די פאַרקרימונגען, וואָס ער האָט געליטן פון בעל־דמיונס לאַבאָראַטאָרישע עקספּערימענטן. מיטן קאָרעגירטן איבערזעצונג־מאַנוסקריפּט פלעג איך קומען צו דובנאָוון און צוזאַמען מיט אים דורכקוקן די אויס־געקאָרעגירטע בויגנס און דובנאָוו פלעגט מאַכן זיינע ענדגילטיקע אויסבעסערונגען.

איך געדענק נאָך אויך איצט, ווי איבעראַשט איך פלעג ווערן יעדעס מאָל, ווען זיין פרוי, אַ ליבלעכע זקנה, אַ טיפּישע ייִדישע פרוי, פלעגט אַריינקומען און נע־מען ריידן מיטן גרויען אַלטיטשקן אויף רוסיש (מיר פלעגן ריידן ייִדיש): — פאַר וואָס רעדט עפּעס דער דאָזיקער תלמיד־חכם מיט זיין פרוי אויף אַ פרעמדער שפּראַך? דאָס האָט געקלונגען אַזוי אומנאַטירלעך אין זייערע מיילער!

*

דאָס האָט בכלל געקלונגען אומנאַטירלעך פאַר דובנאָוון דעם שרייבער, פאַר דובנאָוון דעם היסטאָריקער. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער קענער פון העב־רעיש (אַזאַ עקספּערט ווי אחד העם, האָט אים באַטראַכט ווי אַן אויסגעצייכנטן סטי־ליסט אין העברעיש), אַ גוטער קענער פון ייִדיש, אָבער כמעט אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן, האָט ער געשריבן אויף רוסיש (אַ חוץ — פון די וויכטיקערע ווערק —

די באַאַרבעטונג פון זיין „געשיכטע פון חסידיזם"). דאָס איז ביי אים פאַרבליבן פון זיין אַסימילאַציע־פּעריאָד. אָבער די דאָזיקע פרעמדע שפּראַך איז געווען בלויז אַ דין הייטל איבערן טיף־ייִדישן אינהאַלט פון זיין גאַנצן שאַפן. און ייִדיש איז דאָס דאָזיקע שאַפן געווען נישט נאָר לויטן אינהאַלט, נאָר אויך לויט דער אינטאָנאַציע, לויטן סטיל, לויט דער גאַנצער אַטמאָספער פון זיינע ביכער, פון וועלכע עס פלעגט אַזוי אָפט פלאַצן דאָס שטייף־אָנגעצויגענע פרעמדע שפּראַך־הייטל און מיר פלעגן אַפילו פאַרגעסן, אַז „די בריוו וועגן נייעם און אַלטן ייִדנטום", אַז „די וועלט־געשיכטע פון ייִדישן פאָלק", אַז „די געשיכטע פון חסידיזם" (אין דער ערשטער פאָרעם אירער) זיינען געשריבן אין רוסיש. דער אינהאַלט און די אַטמאָספער, דער סטיל און די געדאנק־קנייטשן פלעגן בייקומען די צופעליקע, קאַפּריזנע אויסערלעכקייט.

און ווי אַזוי דער דאָזיקער קליינעקער, פיזיש שוואַך־געבויטער מענטש האָט געקענט אַרבעטן! אין 1923סטן יאָר איז דובנאָוו שוין אַלט געווען 63 יאָר, פון וועלכע ער האָט גאַנצע 40 יאָר פאַרבראַכט אין אָנגעשטרענגטער אַרבעט. און איך פלעג שטוינען איבער דער אַרבעט־פעיִקייט פון דעם מענטשן, וואָס איז געווען באַלאָדן מיט יאָרן און מיט אַ לאַנגן, שווערן קאַמף פאַר עקסיסטענץ.

דער דאָזיקער מענטש האָט ווי געשעפּט קראַפט פון זיין אַרבעט. די שעפערישע אַרבעט האָט אים געקאָסט כוחות, אָבער זי פלעגט אים אָפּצאָלן מיט פראָצענט פאַר זיין פלייסיקייט פון אַן אמתן מתמיד; צווישן זיינע ביכער, מאַנוסקריפטן און קאָרעקטורן פלעגט ער תמיד זיין פריילעך און מונטער. מיר איז קיין מאָל נישט געלונגען אים אָנצוטרעפן נישט ביי דער אַרבעט; און איך האָב קיין מאָל נישט באַמערקט ביי אים קיין שפּורן פון דעפּרעסיע, פון נערוועזער אויסשעפּונג.

און ווען איך האָב אים דערזען אין צוועלף יאָר אַרום, אין 1935, אויפן צוזאַמענפאָר פון „ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט" אין ווילנע, איז ער נאָך אַלץ געווען מונטער, פריילעך און אַרבעט־פעיִק, נישט געקוקט אויף נאָך איין גלות־עטאַפּ — פון בערלין קיין ריגע — אין זיין לעבן, וואָס איז געווען אַזוי רייך מיט גלות־עטאַפּן.

דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים געזען אויך אין ווילנע, אין 1940סטן יאָר, ווּהין ער איז געקומען צו פאָרן פון ריגע זיך זען מיט זיין טאָכטער און זיינע אייניקלעך, פאַרוואָרפענע אַהין מיט דער פּליטים־כוואַליע פון 1939.

ווען דער דאָזיקער אַכציק־יאָריקער זקן האָט אונדז, די ייִדישע שרייבערס וואָס האָבן געלעבט ווי פּ ל י ט י ם אין אונדזער ה יי מ י ש ן ווילנע, געזאָגט עטלעכע ווערטער — ווען מיר האָבן זיך פאָטאָגראַפירט מיט אים — האָבן מיר נישט געקענט אויסבאַהאַלטן אונדזער אַנטציקונג פאַרן דאָזיקן אומדערמידלעכן, מונטערן און פריילעכן זקן, וועלכער האָט געפונען זיין קוואַל פון אייביקער יוגנט אין דער שעפערישער אַרבעט.

*

פאַראַן מענטשן, וואָס טראַכטן פון פאָרויס דורך זייער געדאַנק ביז די קלענסטע פּרטים און בעתן אויסדריקן אין שריפט דעם דאָזיקן געדאַנק, וואַקסט ער נישט ביי זיי, אַנטוויקלט זיך נישט מער; פאַראַן, פאַרקערט, מענטשן, ביי וועלכע דער געדאַנק וואַקסט און אַנטוויקלט זיך דווקא אינעם פּראָצעס ווען ער ווערט אויסגעדריקט אויפן פּאַפּיר; אין דער שטילקייט פון זייער נשמה האָט ער בלויז אַ בלישטש געטאָן, מען איז מיט אים פאַרגאַנגען אין טראָגן, אָבער אַנטוויקלען מוז ער זיך אין פּראָצעס פון געבורט, אָדער ריכטיקער: בעתן געבורט אַנטוויקלט ער זיך. פּונקט ווי אין דער ממשלה פון די חיות. אַנדערע טראָגן אויס זייערע קליינע ביז דעם סאַמע געבורט און אַנדערע זיצן זיי אויס, לאָזן זיך זיי אַנטוויקלען לאַנגזאַם פון די געלייגטע אייער.

פאַראַן שרייבערס, וואָס אַרבעטן לויט פאַרטיקע פּלענער, און עס זיינען דאָ אויך אַזעלכע, ביי וועלכע די פּלענער פון זייערע אַרבעטן אַנטוויקלען זיך דווקא בעת דער אַרבעט.

צו די דאָזיקע לעצטע האָט געהערט אויך דובנאָוו. גרעץ איז צוגעטראָטן צו זיין מאָנומענטאַלער געשיכטע פון יידישן פאָלק מיט אַ פאַרטיקן פּלאַן, אָבער „די וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק" פון דובנאָוון איז געוואַקסן בעת דער אַרבעט און נישט איין מאָל איז דעם מחבר אויסגעקומען צו פאַרברייטערן די אַרבעט־פּלענער, צו בויען און איבערבויען גאַנצע עטאַזשן און גאַנצע בלאָקן, כדי צוצוגעבן אַרכיטעקטאָנישע גאַנצקייט זיין פונאַנדערגעוואַקסענער אַרבעט. דובנאָוו האָט נישט נאָר געשעפּט פיזישע כוחות אין זיין אַרבעט, נאָר אין פּראָצעס פון דער אַרבעט איז געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט זיין היסטאָריש־פּובליציסטישער טאַלאַנט.

ש. דובנאָוו איז נישט געווען קיין געניאַלער קינסטלער־היסטאָריקער ווי רענאַן, וועמענס „געשיכטע פון ישראל" וועט שטענדיק בלייבן לעבעדיק, — נישט געקוקט אויף דער אַנטוויקלונג פון דער געשיכטלעכער פאָרשונג און אויף די געענדערטע היסטאָרישע האָריזאָנטן, — אַ דאַנק די געניאַלע אויפבליצן פון געדאַנק און די בליענדיקע קינסטלערישע דעטאַלן; דובנאָוו איז נישט געווען אַזוי פאַרבנרייך און שיינרעדנעריש, ווי גרעץ; דובנאָוו איז נישט קיין געניאַלער היסטאָריקער, וועלכער באַלייכט נייע אָנסופיקע האָריזאָנטן, נישט קיין טיפער דענקער, — אָבער דובנאָוו האָט צוויי גרויסע מעלות: ער איז אַן אויסגעצייכנטער פּובליציסט און אַ וווּנדערלעכער אַרבעטער.

אָנגעהויבן זיין שרייבערישע קאַריערע ווי אַ פּובליציסט און ליטעראַטור־קריטיקער (דובנאָוו איז כמעט דער ערשטער קריטיקער פון דער ניי־יידישער, דעמאָלט אַזוי גערופענער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור, און דעריבער האָט אַזאַ גרויסן אינטערעס זיין בוך „פון זשאַרגאָן צו יידיש"), איז דובנאָוו פון היסטאָרישער פּובליציסטיק אַריבער צו היסטאָרישע מאָנאָגראַפיעס (ער האָט פאַרטראַכט אָנצושרייבן די געשיכטע פון די יידן אין רוסלאַנד און פּוילן), און ביסלעכווייז האָט זיך די

דאָזיקע אַרבעט — אין פּראַצעס פון אויספירן זי — פונאַנדערגעוואַקסן (וואָרשייג־לעך, צו דער פאַרוווּנדערונג פונעם מחבר גופא) צו אַ צענבענדיקער געשיכטע פון ייִדישן פאָלק, דער ערשטער פולער געשיכטע פון ייִדישן פאָלק פון היינטצייטיקן נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט. אין דער דאָזיקער געשיכטע האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די גאַנצע אידעאָלאָגישע ענדערונג אין ייִדנטום פון דער עמאַנסיפּאַציע־עפּאָכע אין מערב־אייראָפּע מיט איר ראַציאָנאַליזם פון איין זייט, און מיט איר מיסיע־טעאָריע, פון דער צווייטער (ווי דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער באַרימטער געשיכטע פון גרעצן), ביז דער עפּאָכע פון זעלבסט־עמאַנסיפּאַציע אין מיזרח־אייראָפּע מיט איר איבערשאַצן דעם ווערט פון דער השכלה־עפּאָכע און מיט איר נאַציאָנאַליזם, וואָס איז אַזוי רייך מיט אידעאָלאָגישע ניואַנסן.

דובנאָוו האָט איבערגעאַרבעט די ייִדישע געשיכטע פון שטאַנדפּונקט פון די נייע ריכטונגען פון ייִדישן געדאַנק און צווישן זיי — אויך פון זיין אייגענער אידעאָלאָגיע. דובנאָוו דער פּובליציסט האָט אַריינגעטראָגן זיין גאַנץ רייכן צושטייער אינעם אוצר פון ייִדישן נאַציאָנאַלן געדאַנק. ער איז דער שעפער פון דעם אַזוי גערופענעם „אויטאָנאָמיזם", וואָס האַלט, אין קעגנזאַץ צו דער ציוניסטיש־טעריטאָ־ריאַליסטישער טעאָריע, אַז דאָס נייע ייִדנטום קען אויך אויף ווייטער אויפהאַלטן אין גלות זיין קולטור־אייגנאַרטיקייט, באַזירנדיק זיך אויפן פּרינציפּ פון קולטור־רעלער אויטאָנאָמיע, וואָס שטעלט פאַר מיט זיך דעם חוט־השדרה פון דער גאַנצער ייִדישער גלות־געשיכטע.

דובנאָוו, וועלכער האָט אָנגעהויבן זיין געזעלשאַפטלעך־שריפטשטעלערישע טעטיקייט ווי אַ אַסימילאַטאָר, איז, נאָך זיין נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט, געוואָרן באַזונדערס נאָענט צום טראַדיציאָנעלן ייִדנטום, אויב נישט לויטן בוכשטאַב פונעם תורה־געזעץ, איז לויט זיין גרענעצלאָזן אָפּטימיזם צו די לעבנס־כוחות פון ייִדישן פאָלק, ווי אויך לויט זיין שוואַכקייט צו דער עיקרדיקער סטרוקטור פון ייִדישן גלות־לעבן — צו די אויטאָנאָמע אינדזעלעך אינעם גלות־ים.

אין זיין אויטאָביאָגראַפיע אונטערן נאָמען „דאָס בוך פון מיין לעבן", האָט דובנאָוו באַזונדערס בולט, כמעט קינסטלעריש פולקום באַשריבן צוערשט דעם ריס צווישן אים און זיין זיידע (איינעם פון די לעצטע מאָהיקאַנער, די ייִדנטום־ריזן פון אַלטן שניט) און דערנאָך, ווי אַזוי דער תהום צווישן זיי ווערט פאַרשאָטן, — נאַטירלעך, נישט אין בוכשטעבלעכן זין, נאָר גייסטיק־ירושהדיק; דובנאָוו שטרעקט אויס זיין האַנט צום זיידן אויף יענער זייט באַריקאַדע, נעמט אָן דעם איבערגעערי־סענעם פאָדעם און נעמט אים ווייטער שפּינען. און הגם ער איז אויסערלעך אַנדערש אָפּגעפאַרבט, דאָך איז ער, אין תוך, דער זעלביקער פאָדעם אין זיין נ אַ ט י ר־ל עכ ע ר עוואָלוציע.

אַז דאָס זיינען נישט סתם קיין רייד, באַווייזט צום בעסטן דובנאָווס טעאָריע פון אויטאָנאָמיזם, אַ טעאָריע וואָס האָט איבערגענומען ביים זיידן דעם גלויבן אין

דער אייביקייט פון פאָלק ישראל. די צייטן האָבן זיך געביטן: דער קאָנקרעטער גלויבן פון יידן איז אונטערגעבראָכן, אָבער דאָס איינינקל האָט דערשפּירט אין זיך די זעלביקע עקשנות און ער וויל גיין מיטן זיידנס וועג, מיטן וועג פון גיין פון איין גלות־צענטער צום צווייטן, מיטן וועג פון אויפהיטן, ביי די שווערסטע באַדינגונגען, די אייגענע קולטור־אויטאָנאָמיע.

נאַטירלעך, די דאָזיקע טעאָריע איז אין אַלגעמיין פאַלש. דובנאָווס אָפּטימיזם באַזירט אויף גאָר נישט ניט, אַ חוץ אויפן היסטאָרישן ביישפּיל. אָבער פאַרלאָזן זיך אויף היסטאָרישע ביישפּילן איז געפערלעך. דאָס, וואָס איז מעגלעך געווען ביי געוויסע באַדינגונגען, קען זיך אַרויסווייזן פאַר אוממעגלעך איצט, ווען סיי דער גלות, סיי דאָס יידישע פאָלק האָבן זיך אַזוי געענדערט. אויב אָבער עס איז נישטאָ קיין מינדסטער ספק, אַז די טעאָריע פון אויטאָנאָמיזם האָט באַנקראָטירט, איז פון דעסטוועגן נישט מעגלעך נישט מודה צו זיין, אַז די דאָזיקע טעאָריע האָט געשפּילט און וועט נאָך שפּילן אַן אָנגעזעענע ראָל אין אונדזער געזעלשאַפטלעכער אידעאָלאָגיע. זי האָט צוגעשמידט אונדזערע בליקן נישט נאָר צום וויטן טרוים וועגן אַן אייגן לאַנד, נאָר אויך צו דער נאָענטער גלות־ווירקלעכקייט; זי האָט אונדז געלערנט פאַרשטיין, אַז אויב די גלות־פּאָזיציע איז היסטאָריש פאַרמישפּט אונטערצוגיין, זיינען מיר פון דעסטוועגן מחויב מיט אַלע כוחות זי צו פאַרטיידיקן, ביז מיר וועלן נישט קענען אָפּטרעטן אויף מער באַקוועמע פּאָזיציעס.

צווישן צוויי עקסטרעמען — צווישן דעם עקסטרעם פון אַסימילאַציע און דעם עקסטרעם פון ציוניזם — איז דובנאָווס אויטאָנאָמיזם געווען יענער גאָלדענער מיטן וואָס אַלע לאָכן אויס און צו וועלכן מען קומט אַזוי אָפט אָן, צו וועלכן מ'איז אַזוי אָפט געצוווּנגען אָנצוקומען.

דובנאָווס טעאָריע פון אויטאָנאָמיזם האָט וואָרשיינלעך געשפּילט נישט קיין קליינע ראָל אויך ביים שאַפן די העלסינגפאָרסער פּראָגראַם פון אַקטועלער ציוניסטישער אַרבעט אויפן פעלד פון אונדזער גלות־לעבן.

*

דעם 10טן סעפּטעמבער 1916 האָט דובנאָוו אַריינגעשריבן אין זיין טאָגבוך אָט־די וויטערדיקע שורות:

„היינט בין איך אַלט געוואָרן זעקס און פופציק יאָר, צווישן טרויעריקע געדאַנקען וועגן דעם נאָענטן סוף פון לעבן, וועגן דער נישט דורכגעפירטער לעבנס־אויפגאַבע, צווישן די חורבות פון דער אייראָפּעישער קולטור".

דאָן האָט זיך אים אַפילו נישט געחלומט, אונדזער טרייען דובנאָוון, אַז עס שטייט אים נאָך פאָר אַ לאַנג לעבן, אַז עס שטייט אים נאָך פאָר איבערצולעבן — אין פינף און צוואָנציק יאָר אַרום! — אַ נאָך שרעקלעכערע קאַטאַסטראָפע פון דער אייראָפּעישער קולטור און פון יידישן לעבן.

אָבער די דאָזיקע שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע איז געקומען שוין נאָך דעם, ווי דובנאָווס לעבנס־אויפגאַבע איז געווען אויסגעפירט מיט אַן עודף: „די וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק" איז שוין אָפּגעדרוקט און איבערגעזעצט אויף יידיש און העברעיש און אויף דייטש און זי באַפרידיקט טיילווייז די פאָדערונגען פונעם נייעם יידישן לייענער, פאַר וועלכן דער טעאָלאָגישער און מעטאַפיזישער מיסיע־קוק אויף דער יידישער געשיכטע איז פאַרביטן געוואָרן מיט אַ נאַציאָנאַל־וועלט־לעכן און קולטור־היסטאָרישן אויסבליק. און אַ חוץ דער דאָזיקער אַרבעט איז דובנאָוון געלונגען צו פאַרענדיקן — און אויף העברעיש! — זיין פולע דריי־בענדיקע „געשיכטע פון חסידיזם". און זיין „בוך פון מיין לעבן" גיט אונדז די געשיכטע פון אונדזער היסטאָריקער און די מעמואַרן־געשיכטע פון דער עפּאָכע.

דער אַכציק־יאָריקער שמעון דובנאָוו, נאָך פול מיט שעפערישע כוחות, איז אַריינגעפאַלן אין ריגע אין סאַמע צענטער פון אייראָפּעיִשן שטורעם, וועלכער האָט פאַרווישט פאַר אונדז די שפּורן פון זיין פּריוואַטן לעבן. אָבער ווי אַכזריותדיק דער גורל זאָל נישט האָבן געווען צו אים ביים סוף פון זיין לעבן, האָט ער אָבער אויס־געמיטן דעם סאַמע שרעקלעכן קלאַפּ, פאַר וועלכן ער האָט מורא געהאַט אין 1916; דער רייכער פאַרזיי פון זיין גייסטיקן לעבן איז אויפגעגאַנגען אין אַ רייכער גערע־טעניש. און ער האָט נאָך באַוויזן אַריינצופירן דאָס דאָזיקע רייכע גערעטעניש אינעם זיכערן שייער פון דער אומצעשטערבאַרער יידישער קולטור.

נ״ב. ערשט שפּעטער איז צו אונדז קיין שאַנכיי דערגאַנגען די ידיעה וועגן גורל פון אונדזער היסטאָריקער.

יאַנואַר, 1944

# שמעון שמואל פרוג

אין זיין רוסישן ליד „פאַר וואָס האָט איר פאַרסמט מיין ליד?״, מאַכט פרוג דעם יידישן פאָלק אַ פאָרוואורף, למאַי מען האָט אים פאַרסמט זיין ליד.

„אויף דער ליכטיקער רחבות פון די פעלדער, בין איך אַרויס אַקעגן דעם פרילינג־טאָג מיט מיין באַשיידענער לירע...״

אָבער „עמעצנס טרערן״, „עמעצנס זיפצן״ האָבן אָפּגעריסן דעם דיכטער פון די ליכטיקע רחבותן, און איצט:

„איך זוך אומזיסט מיט דער קראַנקער נשמה די פריידן פון די פאַרשוווּנדענע טעג... אָ, פאַר וואָס האָט איר פאַרסמט מיין ליד?״

ס׳קען זיין, אַז דער מענטש פרוג האָט אַ סך פאַרלוירן פון דעם, וואָס ער איז געוואָרן די „עאָלאָווער האַרף פון פאָלקס־גורל, דער אָפּקלאַנג פון פאָלקס ליידן״, אָבער דער דיכטער פרוג האָט דערפון אַ סך געוווּנען, מע קען זאָגן — אַלץ. וואָס וואָלט היינט געווען פרוג (און אַפילו אַ סך פריער), ווען ער וואָלט נישט געווען דערהערט אונדזערע זיפצן, ווען ער וואָלט נישט געווען דערזען אונדזערע טרערן? ער וואָלט שוין פון לאַנג געווען באַגראָבן אין די רוסישע זשורנאַלן, אין די זאַמלונגען פון זיינע ווערק, ווי זיין מיטצייטלער נאַדסאָן, וועמענס ליד מיר האָבן נישט פאַרסמט, וועמענס ליד עס איז פאַרסמט געווען פון זיינע פערזענלעכע זיפצן... אין אַ ליטעראַטור, ווו עס האָבן געקלונגען פושקינס, לערמאָנטאָווס, טיוטשעווס, פעטס און נעקראַסאָווס לירעס, וואָלטן די קלאַנגען פון פרוגס „באַשיידענער לירע״ גיך פאַרטויבט געוואָרן. נישט פרוג האָט פאַראייביקט אונדזערע זיפצן און טרערן, נאָר אונדזערע זיפצן און טרערן האָבן פאַראייביקט פרוגס פּאָעזיע אויף אַזוי פיל, אויף וויפל דאָס איז נאָר מעגלעך געווען. זיינע „צ י ו ן ־ ל י ד ע ר״ איז נישט באַשערט די זעלבע אייביקייט ווי יהודה הלויס „ציון־לידער״, אָבער דווקא אַ דאַנק זיינע „ציון־לידער״, אַ דאַנק זיין נאָענטקייט צו אַלץ וואָס איז פאָלקסטימלעך, האָט זיך פרוגס דיכטונג (אין רוסיש) אַרויסגעראַטעוועט פון תהום פון פאַרגעסנקייט אויף עטלעכע יאָרצענדליגער, און פרוגס נאָמען האָט זי פאַראייביקט אין דער געשיכטע

פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג און אין דער געשיכטע פון דער ייִדי־שער ליטעראַטור.

יאָ, אויך אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור, — ווייל מיט פרוגן איז געשען נאָך אַ צווייטער נס. מעשה קאַפּריז האָט פרוג גענומען שרייבן „זשאַרגאָן" און ער באַקלאָגט זיך אין אײן ייִדישן ליד זײַנעם, ווי ער מאַטערט זיך מיטן „זשאַר־גאָן", וואָס גיט זיך נישט אונטער זיין מוזע. אָבער דווקא אַ דאַנק דעם דאָזיקן זשאַרגאָן איז פאַר פרוגן פאַרזיכערט געוואָרן אַן אָרט אין דער געשיכטע פון דער לעבעדיקער פאָלקס־ליטעראַטור.

איך חזר איבער: וואָסער באַדייטונג האָט פרוג געקענט האָבן אין דער רוסישער פּאָעזיע, וווּ ער דערמאָנט אונדז, אויף יעדן טריט און שריט, די קאָריפייען פון דער רוסישער דיכטונג, און וועלכער ער האָט נישט אַריינגעבראַכט קיין שום נייעס, אָריגינעלס (אַ חוץ דער טעמאַטיק, וועלכע געהערט שוין נישט דער רוסישער דיכ־טונג, נאָר דעם ייִדישן פאָלק)? אָבער אין דער דיכטונג פון אָרעמען „זשאַרגאָן" האָט פרוג אַריינגעבראַכט שוין מיט זיין ערשטן ליד דעם רייכן ריטעם און זיין אייראָפּעיִשן גלאַנץ. און ווי קליין עס זאָל נישט זיין דאָס אָרט, וואָס פרוגס ייִדישע דיכטונג פאַרנעמט אין דער שטאַרק־באַרייכערטער ייִדישער דיכטונג, — זיין אָרט אין אונדזער ליטעראַטור־געשיכטע איז געזיכערט ווי איינער פון אירע נאָוואַטאָרן, ווי איינער, וואָס האָט איר מיט עפּעס באַשאַנקען, באַרייכערט.

פרוג, דער דיכטער, איז בכלל שטאַרק פאַרעלטערט געוואָרן, — פאַרעלטערט געוואָרן מיט אַלץ, אַ חוץ מיט דעם, וואָס ער איז געווען אונדזער נאַציאָנאַלער דיכטער אויף רוסיש און איינער פון די פּיאָנערן פונעם אייראָפּעיִזירונגס־פּראָצעס פון דער ייִדישער דיכטונג.

אַ דיכטער, וואָס זיינע לידער האָט געזונגען די יוגנט פון זיך־באַנייענדיקן פאָלק; וואָס די קולטור־דערוואַכנדיקע מאַסן האָבן געזונגען זיינע לידער אויף דער מוטער־שפּראַך, וואָס האָט דערוואַכט צו קולטור, — אַזאַ דיכטער וועט אין גאַנצן נישט אָפּשטאַרבן: ער האָט אַריינגעטראָגן זיין צושטייער אין אייביקן פאָלקס־פאָנד.

דער רוב נאַציאָנאַלע הימנען לעבט נישט מיט דער קראַפט פון דער אייגענער פּאָעטישקייט, נאָר מיט דעם, וואָס די פעלקער, זינגענדיק זיי, בלאָזן אַריין אין זיי די אומשטאַרבלעכקייט פון זייער ענטוזיאַזם, פון זייער נשמה־פייער, פון זייער גלויבן, די שיינקייט פון זייערע טרוימען און האָפענונגען.

איך זיץ איצט און לייען פרוגס לידער, מיט וועלכע איך פלעג פאַרהילכן די בערגיקע ברעגעס פון ניעמען מיט עטלעכע און דרייסיק יאָר צוריק, און איך געפין אין זיי אַזוי ווייניק פון דעם, וואָס איך באַטראַכט איצט ווי דיכטונג, אָבער דערפאַר — אַזוי פיל ענטוזיאַזם און יענעם באַוווּסטזיין פון נאַציאָנאַלער געמיינזאַמקייט, וואָס זיי גופא זיינען געווען פאַרשיכורנדיקע דיכטונג פון אַ גאַנצן דור.

אויף פרוגס טרויעריקן געשריי: „פאַר וואָס האָט איר פאַרסמט מיין ליד?",

האָט די צייט געענטפערט: „די דאָזיקע כלומרשטע פאַרסמונג איז אין דער אמתן געווען אַ קעגן־גיפט קעגן דעם גיפט פון באַדנלאָזיקייט און אומפאַרמיידלעכן אומקום".

*

ש. פרוג איז געבוירן אין 1860 אין אַ ייִדישן דאָרף אין כערסאָנער גובערניע — באָבראָווי קוט. ער געהערט צו יענע געציילטע שרייבערס אונדזערע, וועלכע זיינען געקומען אין דער ייִדישער ליטעראַטור פון דער אַקטיווער דאָרפישער סביבה, וואָס איז געווען אַזוי פרעמד דעם ייִדן בכלל. פאַרגלייכט מען דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון פרוגס און טשעריניכאָווסקיס שאַפן (אויך טשערניכאָווסקי איז גע־קומען צו אונדז פון אַ ייִדישער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניע אין דרום־רוסלאַנד), באַמערקט מען תיכף, אַז אין פאַרגלייך מיט ש. טשערניכאָווסקיס דיכטונג, טראָגט נישט אויף זיך פרוגס דיכטונג קיין בולטן שטעמפּל פון מחברס קינדהייט־סביבה. אויף ס'ניי צו פאַרבינדן די ייִדישע ליטעראַטור מיט דער נאַטור איז אויסגעפאַלן אויף טשערניכאָווסקיס גורל, — אויפן גורל פון דאָזיקן אויסנעם ביי אונדז, וואָס ביים געבורט זיינעם האָבן צו אים געשמייכלט נישט נאָר די מוזעס, נאָר אויך דער גורל: אים איז נישט אויסגעקומען צו וואַנדערן איבער דעם מידבר פון השכלה און פון נאַציאָנאַלן פאַר־באַגינען: ער איז רייף געוואָרן אונטער דער זון פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

הגם אין די זיבעציקער יאָרן פון נייננצנטן יאָרהונדערט לאָזט זיך שוין מערקן ביים רוסישן ייִדנטום די געבורט פון דער נאַציאָנאַלער רעאַקציע קעגן דער קאָס־מאָפּאָליטישער און אַסימילירנדיקער השכלה (פּ. סמאָלענסקין איז אַרויסגעטראָטן מיט זיין נאַציאָנאַלער פּראָגראַם נאָך אין 1872), דאָך איז ש. פרוג, ווי די מערהייט פון אונדזער אינטעליגענץ פון יענעם דור, געבליבן אַ משכיל ביזן יאָר 1881, ווען די נאַציאָנאַלע באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעמאָלדן נאָך מיט אַ יאָרצענדליג פריִער, איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אויף דער אויבערפלאַך פון אונדזער לעבן דורך אַ כוואַליע פּאָגראָמען אין יענעם יאָר, וועלכער דינט ווי אַן אָפיציעלע דאַטע פאַרן איבערברוך פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן געדאַנק. ש. פרוג איז געוואָרן דער באַרד פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, איר הימן־זינגער.

דער נאַציאָנאַלער עלעמענט האָט אַזאַ גרויסן איבערוואָג אין פרוגס שאַפן, אַז ער שטעלט אין טיפן שאָטן אַלע אַנדערע, פערזענלעכע עלעמענטן. פון איין זייט באַווייזט פרוג דעם אומגליק פון ייִדישן לעבן און באַזינגט די נאַציאָנאַלע האָפע־נונג, און פון דער צווייטער — שעפּט ער באַגייסטערונג פון די קוואַלן פון ייִדישע לעגענדעס — פון תנ"ך, מדרש און פון מיטלעלטער. קיין איין ייִדישער פּאָעט נאָך אים האָט נישט געשעפּט מיט אַזאַ שפע פונעם תנ"ך־אוצר, ווי פרוג. אין דעם פּרט איז ער געגאַנגען אין די שפּורן פון די העברעיִשע דיכטער־ראָמאַנטיקערס פון די פופציקער און זעכציקער יאָרן פון נייננצנטן יאָרהונדערט (מיכה יוסף לעבענסאָן,

אַבֿרהם מאַפּו, דער יונגער י. ל. גאָרדאָן), וועלכע האָבן געשעפּט זייער ראָמאַנטישע טעמאַטיק פון דער ביבל. אויב ער איז אָבער, אין דאָזיקן פּרט, געגאַנגען אין די שפּורן פון אַנדערע, איז ער אין אַן אַנדער פּרט געווען אַ פאָרגייער. ער האָט געשעפּט מיט גאַנצע הויפנס „מדרש״־פאָלקלאָר און פון דער תלמודישער אגדה. הגם די פּאָעטישע באַאַרבעטונג פון דאָזיקן מאַטעריאַל איז נישט גלענצנדיק, דאָך באַשטייט פּרוגס פאַרדינסט אין דעם, וואָס ער האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט אויף די רייכע אוצרות פון געדאַנק און דיכטונג אין אונדזער אַלטער ליטעראַטור. פון איין זייט איז דאָס געווען אַ דערציערישע אַרבעט אין נאַציאָנאַלן זין, פון דער צווייטער איז דאָס געווען אַן אָנהייב פון אַ גרויסער שטרעמונג אין אונדזער ליטעראַטור: אַ שעפערישער קאָנטאַקט מיטן פאָלקלאָר פון פאַרשיידענע עפּאָכעס (ביז די פריִעסטע) פון אונדזער קולטור.

*

פאַראַן ביי פרוגן אַ ליד, וואָס איז אַ טרויעריקער דענקמאָל פון יענעם נעפּל, וואָס האָט איינגעוויקלט יענע איבערגאַנג־עפּאָכע, — ווען די השכלה האָט גענומען אָפּגיין אין דער אייביקייט אַריין און די נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע האָט גענומען פאַרנעמען די געזעלשאַפטלעכע אַרענע. פרוג באַקלאָגט זיך:

„כ׳האָב באַזונגען זעם פאָלקס־טרויער און ליידן, איך האָב געהאַט פריינד, — זיי האָבן פאַרנומען מיין טרויער, מיין אומעט, אָבער וויפל זייט איר געווען, מיינע פריינד? איך האָב געזונגען פאַר הונדערטער, עס זיינען אָבער דאָ מיליאָנען. אָ, וויי! — פאַר זיי זיינען פרעמד מיינע זיפצן, מיין שפּראַך איז פאַר זיי נישט פאַרשטענדלעך״.

דאָס איז אַ האַלב־נאַציאָנאַלער און אַ האַלב־השכלהדיקער זיפץ: פון איין זייט קרענקט אים, וואָס מיליאָנען הערן זיך נישט צו צו זיינע נאַציאָנאַלע לידער, און פון דער צווייטער זייט איז אים אַ שאָד, וואָס מיליאָנען פאַרשטייען נישט די פרעמדע שפּראַך פון זיין מוזע, — נישט דאָס וואָס ער זינגט נישט אויף דער שפּראַך פון די מיליאָנען פונעם פאָלק.

ייִדישע דיכטערס קומט אָפּט אויס צו באַקלאָגן זיך, אַז זייערע לידער ווערן אויפגענומען פון הונדערטער, אָבער נישט פון מיליאָנען. ס׳איז אָבער דאָ אַן אונטערשייד צווישן י. ל. גאָרדאָנס באַקלאָגן זיך אַז מע לייענט אים נישט אויף העברעיִש, און פרוגס באַקלאָגן זיך, אַז מע לייענט אים נישט אויף רוסיש. דער דיכטער פון די פאָלקס־ליידן טרויערט אומבאַוווסטזיניק אויף דעם, וואָס די ייִדישע מאַסן זיינען אַזוי וויניק אַסימילירט. (און אפשר איז דאָס געווען אַן אומקלאָרער אויסדרוק פאַרן וויטיק, וואָס ער זינגט נישט אויף דער שפּראַך פון די מיליאָנען?).

ס׳איז אָבער געקומען אַ צייט, ווען אויב נישט קיין מיליאָנען — האָבן לכל

הפּחות צענדליגער טויזנטער געזונגען פּרוגס לידער; דאָס איז געשען דאַן, ווען ער איז אַריבער צו יידיש, צו דער שפּראַך פון די מיליאָנען.

דאָס איז געשען כמעט צופעליק. פּרוג איז צוגעגאַנגען מיט אומצוטרוי צו דער שפּראַך פון די מיליאָנען.

אין זיינע הומאָריסטישע לידער אויף יידיש, איז פאַרקערפּערט אויפן בולטסטן אופן די מורא פון דיכטער, וואָס שרייבט אויף אַ רייכער און פּאָעטיש־אויסגעאַר־בעטער שפּראַך, פאַר אַ שפּראַך אַן אָרעמער און אַ פּאָעטיש נישט־אויסגעאַרבעטער.

דעם דיכטער האָט זיך געחלומט, אַז ער איז געשטאָרבן און ער בעט זיך אין גן־עדן אַריין. און ווען דער מלאך, דער טויער־שומר פון גן־עדן, הערט, אַז דער געשטאָרבענער האָט געאַקערט דאָס פעלד פון ז ש אַ ר ג אָ ן מיט דער פּען, געשריבן זשאַרגאָנישע שירים פאַר יידן, שרייט ער אויס:

„צעזור מיט אַ משקל?! אוי, ווי איז מיר, ווי!

„דו ביסט דאָך אַ קדוש, אויף מיינע נאמנות! — זשאַרגאָן מיט אַ משקל?! זשאַרגאָן מיט צעזור?!...

„דו האָסט אויף דער ערד שוין דיין גיהנום געהאַט.

„האָסט כשר פאַרדינט עולם הבא!"

און אין זיין „עפּיטאַפיע" זינגט פּרוג:

מיט אַלע כוחות, מיט דעם לעצטן צאָן
געביסן און געריסן דעם זשאַרגאָן,
געקייט די ליבע שפּראַך פון אונדזער מאַמען,
געפעפערט מיט צעזור, געזאַלצט מיט גראַמען,
צו מאַכן זי אַ ביסעלע כאָטש ווייך
און צו פאַרדושן יענעם ליבן ריח
פון ווילנער מאַרק און דינאַבורגער יאַטקעס...

אָבער גראָד די דאָזיקע האַרטע שפּראַך איז דעם דיכטער ווילבאַקומען: ער האָט זי אַזוי גוט אויסגעקאָכט, אַז פּרוגס ערשט ליד אויף יידיש (אין שלום עליכמס „פאָלקס־ביבליאָטעק") האָט צוגעצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט גראָד מיט זיין שפּראַך־פרישקייט, און זיין ערשט ביכל אויף יידיש (אין 1896) איז געווען אַ גע־שעניש אין דער יידישער דיכטונג: די א ו י ס ע ר ל ע כ ק יי ט פון יידישן פערז האָט דערגרייכט אַן אייראָפּעיִשן סטאַנדאַרד. פּרוגס פערז איז אין אַ געוויסן אַנטוויק־לונג־מאָמענט פון דער יידישער דיכטונג געווען נאָוואָטאָריש, ער האָט מיט אים דערהויבן די יידישע דיכטונג אויף אַ העכערער פאָרמאַלער — און אויך אינהאַלט־לעכער — מדרגה, און קיינער איז שוין נישט בכוח צו פאַרניכטן די שפּורן פון פּרוגס דיכטונג אין דער אַנטוויקלונג־געשיכטע פון דער יידישער דיכטונג. אַ דאַנק זיין

קאַפּריז צו „בייסן און רייסן דעם זשאַרגאָן", איז פּרוג אַריינגעפאַלן אינעם אַנט־וויקלונג־פּראָצעס פון דער יידישער ליטעראַטור, און צונויפגיסנדיק זיך מיטן דאָזיקן היימישן פּראָצעס, איז ער געוואָרן אומשטאַרבלעך, ווי יענער. אַ סך לידער פּרוגס זיינען, אין דעם דיכטערס אייגענער איבערזעצונג, געוואָרן כמעט ווי פאָלקס־לידער.

אָט וואָס עס הייסט אָנשפּאַרן זיך אָן עפּעס אייגנס: אַפילו נישט קיין באַזונדער שטאַרק שפּראָצל גלייכט זיך אויס, צעבליט זיך און ווערט אַ המשך און אַ ממשיך.

שאַנכיי, 1943

# י. נ. שטיינבערג

אַלץ ענדיקט זיך מיטן טויט; אָבער דער טויט ענדיקט נישט אַלץ.

זייער ווייניק מענטשן שטאַרבן אין גאַנצן; דער רוב לעבט אויך נאָכן טויט אין דערינערונגען פון די נאָענטסטע — פון אַ פרוי, פון אַ קינד, פון פריינד. אַ קלענערע טייל לעבן ווייטער אין זייערע ווערק, אין זייערע מעשים טובים, אין זייער השפּעה אויף זייער צייט.

צו די דאָזיקע לעצטע — און שוין גאָר נישט פון די לעצטע! — געהער דער פאַרשטאָרבענער י. נ. שטיינבערג.

*

מיט יצחק נחמן שטיינבערגס טויט איז אַוועק פון ייִדישן לעבן אַ פילפאַרביקע פּערזענלעכקייט, אַ מענטש פון גרויסן אינטעלעקט און פון הויכער מאָראַל, מיט אַ פלאַמיק און מוטיק האַרץ.

זיין לעבנסוועג איז נישט געווען איינגעשלאָסן דורכויס אין די ראַמען פון ייִדישן לעבן; ער האָט אים געפירט צו די ברייטע שליאַכן פון דער נישט־ייִדישער וועלט. נישט געקוקט אויף י. נ. שטיינבערגס צוגעבונדנקייט צו דער ייִדישער רע־ליגיע; נישט געקוקט אויף זיין גרויסן ייִדישן וויסן; אויף זיין דורכויסיקער ייִדיש־קייט, איז דאָך געווען אַ צייט, ווען שטיינבערג איז, ווי אַ שרייבער, דענקער און רעוואָלוציאָנער געשטאַנען מחוץ די ראַמען פון מאָדערנעם ייִדישן כלל־לעבן, אָבער אויך ווען שטיינבערגס לעבנסוועג האָט אים דערפירט צום ייִדישן כלל־לעבן, ווען ער האָט זיך גענומען אויסלעבן ווי אַ ייִד נישט נאָר ווי אַ פּריוואַטע פּערזאָן, נאָר אויך ווי אַ רעוואָלוציאָנער, שרייבער און דענקער, אויך דאַן האָט ער קיין מאָל גייסטיק נישט אין גאַנצן פאַרלאָזט די ברייטערע נישט־ייִדישע וועלט, וואָס האָט זיך ביי אים האַרמאָניש צוזאַמענגעלעבט מיט זיין ייִדישער וועלט, מיט זיין ייִדישן גלויבן.

י. נ. שטיינבערג איז אַ צייט געגאַנגען מיטן וועג, וואָס האָט אַ סך פון דער ייִדישער אינטעליגענץ געפירט צו אויפלייזן זיך אין פרעמדע קולטורן. אַריינגע־צויגן אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין איר רוסיש־פאָלקסטימלעכסטן פליגל — פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן (די

עס־ערן). ער איז געווען אַ רעדאַקטאָר פון אַ רוסישער עס־ערישער טאָגצייטונג אין אַן עכט־רוסישער שטאָט (דאַכט זיך אופאַ). ער האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין לינקן פליגל פון דער דאָזיקער פּאַרטיי, וואָס האָט אַנטשפּראָכן זיין אידעאַליס־טישן כאַראַקטער, זיין באַגייסטערונג מיטן העראָישן עלעמענט אין דער געשיכטע, זיין טיפן גלויבן אַז דער מענטש איז אין גרונט גוט, אַ ווען מיט אַ ניצוץ אלוקים.

ווען עס איז, נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, געשאַפן געוואָרן אַ קאָאַליציע־רעגירונג פון באָלשעוויקעס און לינקע עס־ערן, איז דער פרומער ייִד י. נ. שטיינבערג (דער מענטש מיטן עכטן רעליגיעזן קוק אויף דער וועלט און אויפן לעבן פונעם מענטשן) אַריין אין דער דאָזיקער שעטנזדיקער רעגירונג, ווי אַ פאָרשטייער פון דער רוסישער פּאָלקסטימלעכסטער פּאַרטיי. ער האָט פאַרנומען דעם אַמט פון יוסטיץ־קאָמיסאַר. די איראָניע פון דער געשיכטע! ער האָט פאַרנומען דעם אַמט פון היטער פון גערעכטיקייט אין אַ רעזשים, וואָס האָט געמאַכט מיט דער בלאָטע צוגלייך יעדן שאָטן פון גערעכטיקייט־געפיל.

גלייך ביים אָנהייב פון שטיינבערגס געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט שטויסן מיר זיך אָן, אַזוי אַרום, אויף שאַרפע סתירות אין דער דאָזיקער פאַרבנרייכער פערזענ־לעכקייט: אַן אָרטאָדאָקסאַל־רעליגיעזער ייִד לעבט זיך אויס געזעלשאַפטלעך אין אַן עכט־רוסישער פּאַרטיי אין אַ צייט, ווען אויף דער ייִדישער גאַס האָט געברויזט פון פּאַרטיי־געזעלשאַפטלעכן קאַמף אין ייִדישע פאָרמען, — ייִדיש־רעוואָלוציאָנערע און ייִדיש־נאַציאָנאַלע. אַ פרום־רעליגיעזער ייִדישער מענטש מיט אינסטינקטיווער שינאה צו געוואַלט און ברוטאַליטעט, גייט איין אויף אַ קאָאַליציע מיט אַ פּאַרטיי, וואָס איז גאָטלאָז נישט נאָר טעאָרעטיש, נאָר אין איר יעדער האַנדלונג, אין איר גאַנצן טעגלעך־פּראַקטישן וועזן. אַ ייִד, אַ תפילין־לייגער, אַ שומר־שבת, — אין קאַבינעט פון לענין־טראָצקי־דזשערזשינסקי־סטאַלין!

אָבער דערפון לאָזט זיך מאַכן אַן אויספיר נישט נאָר וועגן דער סתירהדיקייט פון י. נ. שטיינבערגס כאַראַקטער, נאָר אויך וועגן זיין דימענט־פעסטקייט: אויך אין דער דאָזיקער סביבה איז ער געבליבן דער זעלביקער ייִד, מיט זיין ייִדישן גלויבן און מיט זיינע איבערצייגונגען.

י. נ. שטיינבערג האָט מיר אַ מאָל דערציילט אַ קוריאָז פון זיין לעבן, — אַ קוריאָז, וואָס וואַרפט אַ שאַרפן סנאָפּ ליכט אויף דער דאָזיקער פאַרבנרייכער פער־זענלעכקייט.

ער איז געזעסן אין תפיסה צוזאַמען מיט אַ מענשעוויק — אַ קריסט.

איין מאָל, אין אַ שבתדיקן פרימאָרגן, רופט מען זיי ביידע אַרויס אין דער תפיסה־קאַנצעלאַריע און מע מעלדעט זיי, אַז זיי ווערן באַפרייט. און דער באַאַמטער פילט אויס די פּאַפּירן און הייסט שטיינבערגן זיך אונטערשרייבן. ענטפערט אים שטיינבערג, אַז ער שרייבט נישט אום שבת.

געהערט אַז דער קאָלעגע־אַרעסטאַנט שרייבט זיך נישט אונטער, האָט דער

מענשעוויק געמאָלדן אַז ער סאָלידאַריזירט זיך מיטן חבר שטיינבערג, — ער שרייבט אויך נישט אונטער אום שבת; און זיי זיינען ביידע צוריקגעגאַנגען אין תפיסה ביז איבערן „וויקענד".

שטיינבערג האָט אין דער פרעמדער סביבה נישט פאַרלוירן זיין „איך", נישט ווי אַ ייִד, נישט ווי אַ מענטש (ווי דאָס באַווייזן זיינע „זכרונות פון אַ פאָלקס־קאָמיסאַר"), אָבער עס בלייבט פאָרט מאָדנע, וואָס בלייבנדיק פּריוואָט אַ הייסער געטרייער ייִד, איז ער געזעלשאַפטלעך געשטאַנען אין אַ זייט פון מאָדערנעם ייִדישן לעבן, — געזעלשאַפטלעך האָט ער זיך פאַרליבט אין רוסישן פייער, ווען ער האָט אידעאַליזירט אויפן העכסטן גראַד (זע זיין דראַמע „דער וועג פון פייַער").

*

אין בערלין, וווהין י. נ. שטיינבערג איז אָנגעקומען סוף 1922 אָדער אָנהייב 1923, האָט ער נאָך, לויט דער אינערציע, גענומען גיין מיט זיין פריִערדיקן לעבנס־וועג. אמת, דער גאַנג פון דער געשיכטע האָט אים אויסגעוואָרצלט פון רוסישן לאַנד, פון רוסישן לעבן, אים פאַרטריבן קיין בערלין (אין 1922 האָט מע נאָך נישט „ליקווידירט" אַנגראָ, — די מער אָנגעזעענע פיגורן פלעגט מע אַרויסלאָזן פון די תפיסות קיין אויסלאַנד), אָבער ער איז אַהין געקומען ווי אַ מיטגליד פון דער אויסלענדי־שער דעלעגאַציע פון די לינקע עס־ערן און ער האָט רעדאַקטירט זייער עמיגראַציע־זשורנאַל „זנאַמיאַ באָרבי" („די פאָן פון קאַמף").

ער איז געקומען אויף עמיגראַציע ווי אַ רוסישער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער.

און ווען איך האָב זיך באַקענט מיט אים אין בערלין, סוף 1922 אָדער אָנהייב 1923, האָט ער קודם כל געבעטן ביי מיר אַן אַרטיקל פאַר דער „זנאַמיאַ באָרבי".

און ווען ער האָט מיך אָפּגעזוכט בריוולעך אין ריגע, אין 1924, האָט ער מיר געגעבן אַדרעסן פון ריגער עס־ערן, צו וועמען ער האָט מיך געשיקט. (ערשט מיט טלעכע יאָר שפּעטער האָט ער די ייִדישע עס־ערן גרופּירט אַרום זיינע „פרייע שריפטן", וואָס זיינען שוין נישט געווען בלויז אַן עס־ערישער זשורנאַל אויף ייִדיש, נאָר אַ ייִדישער זשורנאַל וואָס איז אויך געווען נאָענט צו דער עס־ערישער וועלט־אַנשויונג).

און ווען ער איז ביסלעכווייז אַריינגעשווומען אין בערלין אין די וואַסערן פון ייִדישן געזעלשאַפטלעכן און ליטעראַרישן לעבן, האָט ער זיך, ביים שרייבן ייִדיש, די ערשטע צייט געניטיקט אין אַ רעדאַקטאָר פון זיין ייִדיש לשון, — דעם לשון פון זיין קאָוונער היים.

זיין שרייבערישער ייִדיש האָט גלייך פון אָנהייב פאַרמאָגט אין זיך אַלע פאָלקס־טימלעכע חנען און זאַפטן, אָבער ער איז געווען ווי אַ גוף וואָס ליגט אַ לאַנגע צייט אין הינערפלעט.

*

י. ב. שטיינבערג האָט אין בערלין גענומען אַריינוואַקסן אין יידישן לעבן אויך געזעלשאַפטלעך און ליטעראַריש. זיין פּריוואַט יידיש לעבן האָט זיך גענומען אויס־ברייטערן אויך געזעלשאַפטלעך. דערצו האָבן געהאָלפן צוויי אָביעקטיווע באַדינ־גונגען: 1) זיין עס־ערישע אַרבעט אין בערלין איז געווען אָפּגעריסן פון אַ רעאַלן באָדן, און 2) אין בערלין האָט אין יענער צייט געקאָכט מיט אַ יידיש לעבן, כמעט מיט יידישע מאַסן, מיט אַ גרויסער יידישער אינטעליגענץ פון מיזרח־אייראָפּע.

י. ב. שטיינבערג איז געווען אַ זעלטן פעיקער מענטש; איינע פון זיינע פּאַר־שיידנאַרטיקע פעיקייטן איז באַשטאַנען אין זיין אַקטיווער נאַטור, אין זיין דינאַמיזם. י. ב. שטיינבערג פלעגט אין יעדער סביבה אָנגערעגט ווערן צו טעטיקייט און זיין טעטיקייט פלעגט באַווירקן און אָנרעגן יעדע סביבה צו אַקטיוויקייט.

דאָס טרעפן זיך פון ד״ר חיים זשיטלאָווסקין מיט י. ב. שטיינבערגן אין בערלין, האָט אַרויסגערופן דעם געדאַנק פון באַנייען אין בערלין זשיטלאָווסקיס באַרימטן חודשניק „דאָס נייע לעבן“. די רעדאַקטאָרן האָבן געדאַרפט זיין זשיטלאָווסקי און שטיינבערג. פון דעם פּלאַן איז טאַקע גאָר נישט געוואָרן, אָבער פונעם זשיטלאָווסקי־שטיינבערג־צוזאַמענטרעף (פון דאָזיקן פריינטלעכן צוזאַמענשטויס — זשיטלאָווסקי איז געווען אַ רעכטער עס־ער, אָבער סיי שטיינבערג האָט טיף פאַרערט זשיטלאָוו־סקין, סיי זשיטלאָווסקי שטיינבערגן) האָבן דאָך אַרויסגעשלאָגן פונקען: עס איז צו־שטאַנד געקומען אַן עפנטלעכע דעבאַטע (אין יידישן סטודענטן־פאַראיין אויף פריד־ריכשטראַסע) צווישן זשיטלאָווסקין און שטיינבערגן, און שטיינבערגס רעדע האָט אַרויסגעבראַכט זיין ערשטע בראָשור (אויף וויפל איך ווייס) אויף יידיש — „דער מאַקסימאַליזם אויף דער יידישער גאַס“.

וואָס מער שטיינבערגס טעטיקייט אין קרייז פון די רוסישע לינקע עס־ערן איז איינגעשרומפּן, אַלץ שטאַרקער האָט זיך אַנטוויקלט זיין יידיש־געזעלשאַפטלעכע און יידיש־שריפטשטעלערישע טעטיקייט.

צוערשט — און דאָס איז געווען נאַטירלעך — האָט ער מערסטנטיילס ווי געוואָלט איבערזעצן זיין לינק־עסערישע טעטיקייט פון רוסיש אויף יידיש, אָבער שפּעטער איז י. ב. שטיינבערג אַלץ מער אַריינגעצויגן געוואָרן אין זיין יידישן עלע־מענט, ער האָט געשלאָגן אַלץ טיפערע און ברייטערע וואָרצלען אין זיין נאַטירלעכן עלעמענט.

געוויס, זיינע אַלגעמיינע אידייען און שטימונגען, וואָס האָבן אים ווי אַ יונגער מאַן געפירט צום לאַגער פון די לינקע עס־ערן, האָבן קיין מאָל נישט אויפגעהערט צו ווירקן אויך אין זיין יידישער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, אין זיין יידישער פּובליציסטיק, אין זיין שריפטשטעלערישער טעטיקייט. אָבער דאָס איז שוין מער נישט געווען בלויז קיין איבערזעצונג אויף יידיש, — דאָס איז געווען אַ טייל פונעם יידישן שרייבער י. ב. שטיינבערג.

*

זינט שטיינבערג האָט פאַרלאָזן רוסלאַנד אין 1922 (אָדער 1923), האָט ער געהאַט פיר הויפּט־פונקטן, ווו ער האָט געפירט אַן אינטענסיווע שריפטשטעלערישע און יידיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט: בערלין, לאָנדאָן, סידנעי און ניו־יאָרק.

אין בערלין האָט שטיינבערג געגרינדעט דעם „שלום עליכם־קלוב", ווו פאַר־שטייערס פון אַלע ריכטונגען אין יידישן לעבן פלעגן זיך טרעפן און גייסטיק דועלירן. ער האָט דאָרט געשאַפן און אין משך פון יאָרן אַרויסגעגעבן דעם דריי־חודשניק (ריכטיקער — האַלב־יאָרניק) „די פרייע שריפטן", אַרום וועלכע עס האָבן זיך גרופּירט „פרייע שריפטן"־גרופּעס אין פאַרשיידענע לענדער און שטעט (שיקאַ־גאָ, ווילנע, וואַרשע). די דאָזיקע גרופּעס זיינען באַשטאַנען טיילוויז פון יידישע עס־ערן און טיילוויז פון יידישע אינטעליגענטן פון ערנסטערן טיפּ. אין ווילנע, למשל, איז די גרופּע באַשטאַנען מערסטנס פון עס־ערן (שפּעטער פון טעריטאָריאַ־ליסטן); אין שיקאַגאָ, דאַקעגן, פון מענטשן, וואָס האָבן אין די „פרייע שריפטן" געשטיצט איינעם פון די סאַמע ערנסטע זשורנאַלן אויף יידיש, ווי אויך זייער רע־דאַקטאָר, די מאַגנעטישע גרויסע פּערזענלעכקייט פון י. נ. שטיינבערג.

חוץ דעם האָט שטיינבערג פון בערלין מיטגעאַרבעט אין אַ גאַנצער ריי יידישע צייטשריפטן און אַרויסגעגעבן אין פאַרלאַג פון אַמאַליקן עס־ער (שטיינבערגס אַ פּאַרטיי־חבר פון מאָסקווער צייט) ה. בזשאָזאַ אַ גאַנצע ריי ביכער, געשריבן דירעקט אין יידיש אָדער איבערגעזעצט פון רוסיש און דייטש.

ווי ווייניק שטיינבערג איז דאַן געווען באַקאַנט נישט נאָר דעם יידישן ברייטערן עולם, נאָר אַפילו דעם גוטן יידישן אינטעליגענט און שרייבער, באַווייזט אָט דער כאַראַקטעריסטישער פאַל: קורץ נאָכן דערשיינען, אין מיין יידישער איבערזעצונג, פון שטיינבערגס פּרעכטיקן בוך „פון פעברואַר ביז אָקטאָבער" (אַ פּאַרטיפּטע גע־שיכטע פון די צוויי גורלדיקע חדשים — פון קערענסקיס ביז לענינס רעוואָלוציע) בין איך אַרויף אין וואַרשע צו מיינעם אַ פריינד, אַ לעקטאָר און שרייבער. איך האָב אים געבראַכט געטראָפן ביים פאַרענדיקן לייענען שטיינבערגס בוך. גלייך ווי כ'בין אַריין האָט ער זיך אַ הייב געטאָן פון דער קושעטקע און אַ פרעג געטאָן: „זאָג דעם אמת, איז דאָס בוך טאַקע אַזוי שיין אויך אין אָריגינאַל, אָדער איר האָט עס פאַרשענערט אין דער איבערזעצונג?" איך האָב געהאַט — און האָב נאָך ביז היינט — דעם איינדרוק, אַז דעם פרעגער פון דער דאָזיקער מאָדנער פראַגע האָט זיך פשוט נישט געגלייבט, אַז שטיינבערג, וועמען ער קען נישט, קען „פלוצלינג" שרייבן אַזאַ שיין בוך. און מיין פאַרזיכערן אים, אַז איך האָב באַדאַרפט בלויז געטריי איבערזעצן און נישט קאַליע מאַכן, כדי דאָס בוך זאָל זיין אויסטערליש שיין אויך אין יידיש, ווי עס איז אין רוסיש, האָט זיך באַגעגנט מיט אומצוטרוי.

אין לאָנדאָן, וווהין שטיינבערג איז אַנטלאָפן פאַר היטלערן, האָט ער אָנגע־הויבן אַרויסגעבן אַ וואָכנבלאַט „דאָס פרייע וואָרט", אַ זשורנאַל, אין וועלכן נישט נאָר ער, נאָר זיין גאַנצע פאַמיליע האָט אַריינגעלייגט ימים אַרבעט. ער איז געווען

דער שרייבער און רעדאַקטאָר, זיין פאַמיליע — די אַדמיניסטראַציע. דאָס איז אָבער פאַר אים געווען בלויז אַ טייל פון זיין שריפטשטעלערישער טעטיקייט. חוץ דעם האָט ער אין לאָנדאָן זיך גענומען דערנענטערן צו דער באַנייטער — אונטער בן־אַדירס אָנפירונג — טעריטאָריאַליסטישער באַוועגונג, די „פריילאַנד"־ליגע, וואָס איז אין די סוף צוואַנציקער יאָרן אַנטשטאַנען אונטערן דרוק — פון איין זייט — פון דער שרעקלעכער עמיגראַציע־נויט פון די ייִדישע מאַסן אין צענטראַל־ און מיזרח־אייראָפּע, און פון דער צווייטער — אונטערן דרוק פון דער איינשרומפּנדיקער באַלפור־דעקלאַראַציע, פון וועלכער מע האָט געהאַלטן אין איין אָפּמעקן איר איבּ־האַלט, אויף אַזוי ווייט, אַז עס האָט זיך באַקומען אַ ווייסער פּאַפּיר.

די אַרבעט פאַר דער „פריילאַנד"־ליגע, פון וועלכער שטיינבערג איז געוואָרן גענעראַל־סעקרעטאַר, האָט גענומען ווערן די הויפּט־אַרבעט פון זיין לעבן. ער האָט זיך אין איר אַריינגעוואָרפן מיטן גאַנצן ברען, מיט אַלע זיינע גייסטיקע כוחות. און די דאָזיקע אַרבעט האָט אים אויך געפירט קיין אויסטראַליע, וווּ עס האָט אים פאַרכאַפּט דער קריג.

ביי זיין אַרבעט פון שאַפן אַ ייִדישן ייִשוב אין די קימבערלים, הגם זי האָט זיך נישט געענדיקט מיט קיין דערפאָלג, האָט שטיינבערג אַרויסגעבראַכט פון זיך זיינע בעסטע פעיִקייטן: זיין באַווירקן מענטשן, זיין ענערגיע, זיין פעיִקייט מסביר צו זיין אַן ענין, זיין שווונג אין באַנעמען און פּרעזענטירן אַן ענין, זיינע דיפּלאָמאַטישע פעיִקייטן, זיין טאַקט וואָלטן גאַראַנטירט דעם דערפאָלג פון זיין מיסיע, ווען זי וואָלט נאָר געלעגן אין די ראַמען פון רעאַלע מעגלעכקייטן.

שטיינבערג האָט געמאַכט אַ שטאַרקן, אַ בלייבנדיקן איינדרוק אויף אַן אַ שיעור מענטשן פון די פאַרשיידנסטע שיכטן סיי פון דער קריסטלעכער, סיי פון דער ייִדישער געזעלשאַפט אין אויסטראַליע.

און דאָך: הגם זיין אַרבעט פאַר דעם קימבערלי־פּראָיעקט האָט אַבסאָרבירט אַ ריזיקע טייל פון זיין צייט און אַרבעט־פעיִקייט, האָט ער נאָך געפונען צייט און ענערגיע צו שאַפן אַ חודש־שריפט אין ענגליש, דעם „פאָרום" (מיר האָט ער געשריבן קיין שאַנכיי, קורץ פאַרן אָנהייב פון פּאַציפישן קריג, אַז צו מיין קומען קיין אויסטראַליע — ווו איך האָב באַדאַרפט קומען אַרום סוף 1941 — גרייט ער צו דאָס גרינדן פון אַ זשורנאַל אויף ייִדיש); ער האָט געשאַפן דעם „פאָלקס־צענטער" אין סידנעי; ער האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך „געלעבט און געחלומט אין אויסטראַליע" ווי אויך בראָשורן, געהאַלטן רעפעראַטן. זיין יעדער קאָנטאַקט מיט אַ סביבה האָט געבראַכט אין באַוועגונג זיין דינאַמישן כאַראַקטער.

אין אַמעריקע, וווּהין ער איז אַריבערגעפאָרן נאָך בעתן קריג, האָט ער איבער־גענומען די רעדאַקציע פון בן־אַדירס „אויפן שוועל"; ער האָט אָנגעפירט אַ קאָלאָ־סאַלע טעריטאָריאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט אין וואָרט און שריפט, אַרויס־

*

געגעבן ביכער, געגרינדעט אָדער מיטגעגרינדעט און מיטרעדאַקטירט דעם „בולע־טין פון פרייען יידישן קלוב".

אין אַמעריקע, וווּ עס איז קאָנצענטרירט דער גרעסטער יידישער קיבוץ, האָט ער ממש געהאַלטן זיין האַנט אויפן פּולס פון יידישן לעבן און ער האָט זיך אָפּגע־רופן אויף אַלע אַקטועלע לאָקאַלע און אַלגעמיין־יידישע פּראָבלעמען פון גרויסן באַטייט פאַרן יידישן לעבן.

*

ווי אַ שרייבער און פּובליציסט האָט זיך י. נ. שטיינבערג אויסגעצייכנט מיט גרויסע מעלות. זיין סטיל פאַרמאָגט גרויסן אינערלעכן שווונג (אָן צומיש פון בי־ליקער אויסערלעכער זשעסטיקולאַציע), וואַרעמקייט פון טאָן און פּשטותדיקן פּאַטאָס, וואָס לייכט מיט אַ בנעימותדיק ליכט. אין זיינער אַ זאַמלונג אַרטיקלען („אין שטורעם פון דער צייט") געפינט זיך אַן אַרטיקל וועגן פּאַריז („פּאַריז — די וועלט־שטאָט"), איז דאָס ממש אַ היסטאָריש־פּאָליטישע פּאָעמע פון גרויסער שיינקייט. דער מחבר פירט אונדז אַרום איבערן היינטיקן און היסטאָרישן פּאַריז, ער פאַרפלעכט דעם עבר מיטן הווה אין איין גראַנדיעזן לייוונט פון אויסערגעוויינטלעכער קראַפט. צו אַזאַ שרייבן ווי אין „פּאַריז — די וועלט־שטאָט", איז אונדזער ליטעראַטור נישט אָפט געוווינט.

אין שטיינבערגס גרעסערע ווערק („דאָס מאָראַלישע פּנים פון דער רעוואָלו־ציע" — דאָ אין אַ שלעכטער יידישער איבערזעצונג; „פון פעברואַר ביז אָקטאָבער", „מאַריאַ ספּיראָדאָנאָוואַ" — באַזונדערס די צוויי לעצטע טיילן), ווי אויך אין אַ סך פון זיינע קלענערע אַרבעטן, פאַרצויבערט אייך די שטראַלנדיקע פּערזענלעכקייט זיינע מיט איר גלייכגעוויכטיקן מאָראַלישן פּאַטאָס, מיט איר אומבייגזאַמען איינ־שטעלן זיך פאַר עניוים פון גייסט און אַ מאָראַל.

*

אין די לעצטע צען יאָר פון זיין לעבן, אין די צען טעטיקסטע, הגם ווייט נישט פרוכטבאַרסטע יאָרן, איז שטיינבערג געווען אַ טראַגישע, אַ פּאַטעטישע, אַ צייטנווייז אַפילו טראַגי־קאָמישע פערזענלעכקייט.

אויב דער רעצידיוו פון טעריטאָריאַליזם, אונטערן נאָמען „פריילאַנד־ליגע", איז סטימולירט געוואָרן, דורך דעם פּאַקטישן סאַבאָטירן און צוריקציִען די באַלפור־דעקלאַראַציע פון איין זייט, און דורך דער שרעקלעכער עמיגראַציע־נויט פון די יידישע מאַסן פון דער צווייטער, זיינען די דאָזיקע צוויי סטימולן כמעט ווי אין גאַנצן אָפּגעפאַלן נאָכן קריג, ווען פון איין זייט זיינען צענטראַל־ און מיזרח־אייראָפּע געלעגן פאַרוויסט פון זייערע יידישע ישובים, און פון דער צווייטער זייט זיינען די פּענטעס פון ווייסן פאַפּיר צעריסן געוואָרן דורך דעם רעבעלישן גייסט פונעם ארץ־

ישראלדיקן יישוב. די טעריטאָריאַליסטישע פּראָגראַם האָט נישט געהאַט צו וועמען צו אַפּעלירן און אויך נישט — צוליב וואָס.

איך רייד שוין נישט וועגן דעם, וואָס דער טרוים וועגן אַ וועלט, וואָס מאַכט פריי אַ שטיקל פּלאַץ פאַר אַ געפּייניקט היימלאָז פאָלק, איז טאַקע צערונען ווי אַ טרוים, וואָס האָט נישט קיין אחיזה אין דער ווירקלעכקייט. אַלע האָבן געהאַלטן פאַרשלאָסן די טויערן פון זייערע לענדער און טעריטאָריעס (פון די ברייטסטע און לידיקסטע) אַפילו פאַר די קליינע שטראָמעלעך פּליטים, וואָס זיי איז געלונגען אַרויסצושטראָמען פון היטלערס חורבן־געביט; וועגן באַקומען פרייוויליק פאַרן וואַנדער־פאָלק אַ נאַציאָנאַלע היים, אַן אויטאָנאָמע טעריטאָריע פאַר זיין גוף און גייסט, איז אַפילו געוואָרן לעכערלעך צו טרוימען. צומאָל דעם פייערלעכן צוזאָג פון אַלע פעלקער פון דער ערד צוריקצוגעבן דאָס תנ״ך־לאַנד דעם תנ״ך־פאָלק, האָט מען אויך כסדר געבראָכן (און מען וויל אויך דעם צווייטן פייערלעכן צוזאָג ברעכן!), ביז מע האָט פון אים, פונעם פייערלעכן צוזאָג, געמאַכט אַ חוזק איבער אַ טראַגיש פאָלק. אַפילו אינעם צוגעזאָגטן לאַנד (נישט נאָר אין ביבלישן זין) האָט מע נישט אַריינגעלאָזט די טראַגישסטע פּליטים אין דער וועלט־געשיכטע — די היטלער־פּליטים...

ביי דער דאָזיקער לאַגע איז דאָס קלאָמערן זיך אין די לאָזונגען פון באַנייטן (אין סוף פון די צוואַנציקער יאָרן) טעריטאָריאַליזם, געוואָרן אַ זינלאָזיקייט. אָבער י. נ. שטיינבערג, דער מענטש פון מוט — נישט נאָר אין זיינע פיזישע, נאָר אויך אין זיינע מאָראַלישע און אינטעלעקטועלע אַספּעקטן — האָט פאַרלוירן דעם סאַמע העכסטן, איידלסטן מוט — זיך מודה צו זיין, אַז די אידייע, פאַר וועלכער ער האָט אָפּגעגעבן אַן אַנדערהאַלבן יאָרצענדלינגער, איז נישט רעאַל, ווייל די ווירקלעכקייט האָט צוגענומען ביי איר יעדע אַרט באַזע, יעדן זין.

י. נ. שטיינבערג איז געוואָרן דער געפאַנגענער פון זיין אידייע, וואָס האָט אים גענומען אויסזייגן פיזיש און גייסטיק, ווי אַ בייזוויליקער געוויקס.

זיין גוט רעדאַקטירטער זשורנאַל „אויפן שוועל״, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ (ווי אַלץ וואָס שטיינבערג האָט רעדאַקטירט) ביים באַהאַנדלען אַלגעמיינע פראַגן פון יידישן לעבן, פלעגט ווערן קינדיש־נאַיוו, ממש אומבאַהאָלפן ביים באַהאַנדלען די „פריילאַנד״־פּראָבלעם (נישט טעאָרעטיש־אַבסטראַקט, נאָר קאָנקרעט, ווי, למשל, דעם סורינאַם־פּראָיעקט).

די פאַרשטענדלעכע קעגנערשאַפט פון ציוניזם צום „פריילאַנד״ האָט שטיינבערגן געטריבן צו אַ מין אומבאַוווסטזיניקער שינאה צום ציוניזם און צו דער יידישער מדינה, — ריכטיק ווי דער ציוניזם און נישט די ווירקלעכקייט פון יידישן לעבן און פון דער וועלט האָט צעשטערט זיין געצערטלט קינד, דעם „פריילאַנד״־טרוים.

איך רייד דאָ נישט קעגן דעם רעכט צו קריטיקירן דעם ציוניזם און מדינת ישראל ביי קאָנקרעטע פאַלן פון נישט־גערעכטע האַנדלונגען, — אַ רעכט, וואָס

אפשר אַנדערע האָבן דאָס געוואָלט צונעמען ביי שטיינבערגן — איך יעדנפאַלס נישט; שטיינבערג, למשל, האָט געהאַט דאָס פולע רעכט צו קריטיקירן און באַקעמפן ישראלס האַנדלען מיט דייטשלאַנד, ישראלס אָפּמאַך מיט דייטשלאַנד וועגן די שילומים; איך האַלט אַפילו אַז מען האָט דאָס רעכט צו קריטיקירן טעאָרעטיש־אידעאָלאָגיש דעם ציוניזם. יעדער מענטש האָט דאָס רעכט צו האָבן און פאַרטיידיקן מיינונגען וואָס זיינען, לויט אַנדערע, פאַלש. אָבער שטיינבערג איז געגאַנגען אַ סך ווייטער. ער האָט ווייט־ווייט אַריבערגעטראָטן די גרענעץ, וואָס עס איז דערלויבט אַריבערצוטרעטן אין אַ קאַמף, בפרט ביי געוויסע באַדינגונגען.

שטיינבערג האָט אַלץ מער און מער גענומען אַרויסווייזן אַ קרענקלעכע נייגונג אויפצוכאַפּן בלויז דאָס נעגאַטיווע אין ישראל, ריכטיק ווי דאָס גאַנצע לעבן דאָרט, וואָס פאַרמאָגט אַזוי פיל אידעאַליזם און העראָיזם, וואָלט באַשטאַנען בלויז פון דעם נעגאַטיוון אָפּפאַל, וואָס פעלט נישט אין יעדער געזעלשאַפט, בפרט אין אַ געזעלשאַפט וואָס לעבט כסדר אין היכער שפּאַנונג, אין אַ צושטאַנד פון כסדרדיקער באַלאַגערונג, אונטער אַ תמידן פייער פון שינאה און געפאַר.

עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט אַז שטיינבערג איז געוואָרן דער פאַרשפּרייטער אין יידיש פון די גרעסטע נאַרישקייטן, וואָס ר׳ בנימין — אַמאָל אַ גרויסער נאָמען אין דער העברעישער פּובליציסטיק — דרוקט אין „נר“, דעם אָרגאַן פון „איחוד“. אַזוי, למשל, האָט י. נ. שטיינבערג איבערגעדרוקט ר׳ בנימינס אַן אַרויסטריט אין „נר“, אין וועלכן ער האָט ריינגעוואַשן נאַסערן פון אַנטיסעמיטיזם, פון מילחמה־גרייטן, — מיט איין וואָרט: נאַסער איז ביי אים אַ שיינער מענטש, אין קעגנזאַץ צו בן־גוריונען; אָט פּונקט ווי וויליאַם צוקערמאַן „דערווייזט“ דאָס אין זיין אַנטי־ישראלשן „דזשוויש־ניוסלעטער“ (אַגב, י. נ. שטיינבערג פלעגט זיך אויך נישט אָפּזאָגן מיטצו־אַרבעטן אין צוקערמאַנס אַנטי־ישראל־אָרגאַן פונעם „קאָונסיל אָף דזשודאַיזם“).

דאָס וואָס וואָלט, אין אַ נאָרמאַלער רויקער לאַגע געווען בלויז לעכערלעך, האָט אין דער געפאַר־לאַגע אָנגעהויבן אויסצוזען זייער נישט שיין.

און אַ סך גרויסע פאַרערערס פון שטיינבערגן האָט ממש ווי געטאָן דאָס האַרץ אויף דעם, וואָס שטיינבערג, וועלכער האָט אַזוי דין און וווּנדערשיין געוווּסט צו מאַכן אַן אונטערשייד צווישן באַרעכטיקטער געוואָלט און אומבאַרעכטיקטן טעראָר בעת אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע (זע זיין „דאָס מאָראַלישע פּנים פון דער רעוואָלוציע“), קען נישט איינזען אָט דעם דינעם אונטערשייד אין דעם אויף ישראל אַרויפגעצוווּנ־גענעם קאַמף פאַר נאַציאָנאַלן און פיזישן קיום.

זיין כלומרשט אָביעקטיווע מאָראַלישע שטעלונג לגבי (ריכטיקער, קעגן) ישראל, איז אין דער אמתן געווען אַן אוממאָראַלישע, סוביעקטיווע פון פאָרויס־פאַראור־טיילונג פון אַלץ וואָס ישראל טוט.

דאָס איז געווען שטיינבערגס גרעסטע זינד, נישט נאָר לגבי זיין פאָלק וואָס ער האָט עס אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, נאָר אויך לגבי זיך, לגבי דעם איידעלן,

מוטיקן קעמפער שטיינבערג, וועלכער האָט פּלוצלינג פאַרלוירן די אָריענטאַציע צווישן רעכט און אומרעכט, צווישן עכטן מאָראַלישן מוט און ביליקער קלישע־מאָראַל.

*

אַ דאַנק י. נ. שטיינבערגס מאַגנעטישער פּערזענלעכקייט, זיין מאָראַלישער וואָג, זיינע גרויסע פעיקייטן ווי אַ שרייבער און רעדנער, איז אים ביז צולעצט געלונגען איינצוהאַלטן אַרום זיין „אויפן שוועל" אַ גרופּע אָנהענגערס און פריינד וואָס דאָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט צו שאַפן אויסערלעך דעם איינדרוק ווי עס וואָלט טאַקע עקסיסטירט אַ לעבעדיקע „פריילאַנד"־באַוועגונג; אין דער אמתן אָבער האָט די דאָזיקע אָנשטרענגונג צו גאַלוואַניזירן אַ היסטאָרישן מת אויסגעזויגן שטיינבערגס כוחות — די פיזישע ווי די גייסטיקע.

ווי מ'זאָל נישט האָבן באַוואונדערט זיינע אָנשטרענגונגען, זיין פאַרצווייפלטע טריישאַפט צו אַ פאַראורטיילטער אידייע, איז סיי פון געזעלשאַפטלעכן און סיי פון אינדיווידועלן שטאַנדפּונקט געווען אַ ווייטיק פאַר אַ סך פון שטיינבערגס פריינד, וואָס אַזאַ גרויסער שטראָם ענערגיע און טאַלאַנט גייט לאיבוד אין אַזאַ גרויסער מאָס, ווערט פאַרשלונגען אין זאַמד.

ווען נאָר איך פלעג לייענען „אויפן שוועל", פלעג איך פון איין זייט סטימולירט ווערן פון שטיינבערגס וווּנדערלעכע פּשטותדיק־ראַפינירטע אַרטיקלען מיט זייער פּאַטאָס און געדאַנקלעכן שוווּנג, און פון דער צווייטער — קומענדיק צו זיינע ישראל־און פריילאַנד־אַרטיקלען פלעג איך טיף באַדויערן דעם פאַרלוסט פאַרן יידישן לעבן, פאַרן יידישן געדאַנק, פאַר דער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז פאַרבונדן סיי מיט זיין קאָנקרעטן קאַמף קעגן ישראל, סיי מיט זיין כימערישן קאַמף פאַר אַ „פריילאַנד".

*

צו שטיינבערגס אידעאָלאָגישער טראַגעדיע, וואָס האָט אים אַלט און קראַנק געמאַכט פאַר דער צייט, זיינען די לעצטע פאַר יאָר צוגעקומען פּערזענלעכע קלעפּ, וואָס דער גורל האָט אים אויסגעטיילט מיט אַ ברייטער האַנט.

מעלבורן, 1957

# בעל מחשבות

דער ערשטער קריטיקער פון דער יידישער ליטעראַטור, — אַ קריטיקער וואָס פאַרדינט דעם דאָזיקן טיטל, איז געווען ד״ר איזידאָר עליאַשעוו, וואָס איז באַקאַנט אונטערן פסעוודאָנים בעל־מחשבות.

אויף פאַר בעל־מחשבותן האָט מען געשריבן קריטישע אַרטיקלען וועגן דער יידישער ליטעראַטור. איינער פון די ערשטע, וואָס האָבן געשענקט קריטישע אויפמערקזאַמקייט דער יונגער און אָרעמער יידישער ליטעראַטור, איז געווען שמעון דובנאָוו, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער באַרימטער היסטאָריקער פון יידישן פאָלק.

דער דאָזיקער, דאַן נאָך יונגער רוסיש־יידישער היסטאָריקער און פובליציסט, האָט באַמערקט דעם שנעל זיך אַנטוויקלענדיקן שפּראָצל פון דער יידישער ליטעראַטור און ער האָט זי גענומען קריטיש באַלייכטן און אָפּשאַצן אויף די זייטן פונעם דעמאָלט באַקאַנטן רוסיש־יידישן חודשניק „וואָסכאָד״. דובנאָוו האָט געשריבן אונטערן פסעוודאָנים „קריטיקוס״.

די יידישע ליטעראַטור איז דאַן געווען נאָך אַזוי אָרעם אַז זי האָט נאָך נישט פאַרמאָגט קיין זעלבשטענדיקן קריטישן זעלבסטבאַוווסטזין און די קריטיק איז געקומען פון אַ זייט און געשפּילט די ראָל פון אַ גוטווינטשנדיקן אַפּוטראָפּוס. אַ חוץ דעם „קריטיקוס״, האָבן זיך מיט צופעליקער, ספּאָראַדישער קריטיק פון דער יידישער ליטעראַטור פאַרנומען פאַרשיידענע שרייבערס פון ראַוויניצקין ביז שלום עליכמען.

אָבער ווען די יידישע ליטעראַטור איז געוואָרן קרעפטיקער און וואָרצלדיקער, האָט זי דערפילט אַ באַדערפעניש אויסצובילדן אַ זעלבשטענדיקן אָרגאַן פון אַליין־קריטיק. אָבער ביז בעל־מחשבותן האָט אונדזער ליטעראַטור פאַרמאָגט בלויז קריטישע אַרטיקלען, געשריבן פון פאַרשיידענע שרייבערס, זי האָט אָבער נ י ש ט פ אַ ר מ אָ ג ט ק י י ן ק ר י ט י ק ע ר, וואָס די יידישע ליטעראַטור זאָל ווערן זיין פאָרשונג־געביט, זיין אַרבעט־פעלד.

*

די קריטיק, ווי אַ ליטעראַרישער זשאַנער, איז זייער אַ קאָמפּליצירטע ליטע־ראַרישע דערשיינונג. די קריטיק טיילט זיך אויף אַ סך מינים. די קעגנזעצלעכסטע מינים זיינען אָט די צוויי קריטישע צוגאַנגען צו ליטעראַטור: איין מין קריטיק זעט פאַר זיך בלויז דעם רייפן ליטעראַרישן פּראָדוקט, און דער צווייטער זעט אים צו־זאַמען מיטן באָדן, אויף וועלכן ער וואַקסט אויס און וואָס דערנערט אים און גיט אים די מעגלעכקייט אויסצוּוואַקסן. איין מין קריטיק באַוועגט זיך אין די גרענעצן פונעם ליטעראַרישן ווערק, און דער צווייטער — אין די גרענעצן פונעם לעבן, פון וועלכן די דאָזיקע ווערק וואַקסן אַרויס.

בעל־מחשבות געהערט צו דעם לעצטן טיפּ קריטיקערס: ער האָט געזען פאַר זיך נישט קיין פאַראיינצלטע ווערק און אַפילו נישט קיין גאַנצע ליטעראַטור ווי עפּעס זעלבשטענדיקס, נאָר די גאַנצקייט פון ייִדישן פאָלקס־לעבן, וואָס ווערט אָפּגעשפּיגלט, פיקסירט און באַזינגט אין ליטעראַרישע ווערק.

אמת, די ייִדישע ליטעראַטור, — באַזונדערס אין איר אָנהייב, — איז אַזוי שטאַרק געווען דורכגעדרונגען מיטן קאָלעקטיוון, אַלגעמיין־נאַציאָנאַלן עלעמענט, אַז זי האָט ממש איינגעלאַדן זי צו קריטיקירן פון אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע, קאָלעקטיווע פּאָזיציעס. אָבער דאָך איז אויף אַזאַ קריטיק געווען פעיִק נאָר אַזאַ מענטש ווי בעל־מחשבות, וועלכער האָט געטראָגן אין זיך די פולקייט פון די נאַציאָנאַלע זאָרגן, די פולקייט פון דער בענקשאַפט געזינטער צו מאַכן דאָס ייִדישע נאַציאָנאַלע לעבן. פון זיין הויכער און ברייט־האָריזאָנטיקער נאַציאָנאַלער פּאָזיציע פלעגט ער אַרומנעמען מיט אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקן בליק אַלע דערשיינונגען אין דער ייִדישער ליטעראַטור.



בעל־מחשבות איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1873, אין קאָוונע, אין אַ רייכער סוחרישער פאַמיליע. ער האָט באַקומען אַ גוטע אייראָפּעיִשע בילדונג און נאָכן ענדיקן אין בערלין דעם מעדיצינישן פאַקולטעט, האָט ער אָפּגעגעבן אין רוסלאַנד דעם מלוכה־עקזאַמען אויפן רעכט צו פּראַקטיצירן מעדיצין.

לויט דער נאַטור אַ פאַרחלומטער, אַ ליריש־געשטימטער, אַ ווייכער, האָט דער יונגער עליאַשעוו געהאַט אַ נייגונג צו ליטעראַטור, און אין יאָר 1895 האָט ער אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט אויף רוסיש און דייטש. אָבער די דאָזיקע קאָסמאָפּאָליטישע התחלה האָט לגמרי נישט האַרמאָניזירט מיט די נאַציאָנאַלע שטי־מונגען פון דעם דאָזיקן יונגן אייראָפּייער. אין יאָר 1899 נעמט דער זעקס און צוואַנציק יאָריקער עליאַשעוו שרייבן אויף ייִדיש, און אונטערן פּסעוודאָנים „בעל־מחשבות" ווערט ער דער פונדאַמענט־לייגער פון דער ייִדישער קריטיק.

אין דעם וואָס בעל־מחשבות איז אַריבער צו ייִדיש, האָט געהאַט אַ גרויסן חלק זשיטלאָווסקי. בעל־מחשבות אַליין האָט דערציילט (דאָס האָט איבערגעגעבן לאַצקי־בערטאָלדי אויפן באַנקעט לכבוד בעל־מחשבותס 25־יאָריקן שרייבערישן יובליי,

וואָס איז פאָרגעקומען אין בערלין, דעם 15טן יולי 1923): זשיטלאָווסקי — שוין דעמאָלט אַ באַרימטער סאָציאַליסטישער שריפטשטעלער ביי די אומות העולם, — האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט פאַר אַ ייִדישער (סטודענטישער) קאָלאָניע אין מערב־אייראָפּע. „ער האָט געזאָגט — האָט דערציילט בעל־מחשבות — די אומפאַרגעס־לעכע ווערטער, וועלכע האָבן אפשר אַ גרויסן חלק אין דעם וואָס איך בין געוואָרן אַ ייִדישער קריטיקער; 'די דייטשישע און רוסישע שפּראַכן זיינען מיינע ברויט־שפּראַכן, אָבער ייִדיש איז מיין שפּראַך פון האַרצן' ".

*

אַ חוץ אונטער דעם עיקרדיקן פען־נאָמען, וואָס האָט געשטעלט אין שאָטן זיין אמתן נאָמען און אַפילו זיין דאָקטערשן טיטל, האָט בעל־מחשבות געשריבן אויך אונטער אַנדערע פּסעוודאָנימען. צווישן די דאָזיקע לעצטע איז כאַראַקטעריסטיש דער פּסעוודאָנים „גר־צדק". ער האָט זיך, ווייזט אויס, צייטנווייז געפילט צווישן אונדז ווי אַ „גר־צדק", וועלכער איז צוריקגעקומען אין אונדזער אָרעמער הייזקע פון רייכן אייראָפּעישן שלאָס, וועלכער איז צוריקגעקומען צו אונדזער אָרעמער שפּראַך, פאַרלאָזנדיק די אוצרות פון דייטש און רוסיש. אמת, ער האָט זיך צוריק־געקערט נישט נאָר צו אונדז, נאָר צו זיך גופא, צו זיין קינדהייט, צו דער וועלט פון זיינע אייגענע געפילן. עס איז געווען איבערצולייענען בעל־מחשבותס פּובלי־ציסטישע פּאָעמעס וועגן אונדזערע יום־טובים, וועגן אונדזער שבת, כדי צו באַגרייפן, אויף ווי וויט דער דאָזיקער אייראָפּעער איז געווען איינס מיט זיין פאָלק און מיט זיין גייסטיקן לעבן. זיין קורצע באַשרייבונג פון שבת און פון זיין באַדייטונג אין ייִדישן לעבן איז נאָך היינט איינע פון די גלענצנדיקסטע און טיפסטע זייטלעך פון אונדזער פּראָזע.

אויב אין בעל־מחשבותן האָבן אין זיין גאַנצן לעבן געקעמפט צווישן זיך דער דענקער און דער ליריקער, דער קינסטלער און דער פּובליציסט, — האָבן זיך די דאָזיקע צוויי עלעמענטן פון זיין שרייבערישער נאַטור אין דאָזיקן עסיי וועגן דעם אינסטיטוט פון שבת סינטעטיש צונויפגעגאָסן אינאיינעם אין אַ פּובליציסטישער פּאָעמע, ווו די שאַרפקייט פון געדאַנק שטייט נישט אָפּ פון דער שאַרפקייט פון געפיל, ווו דער דורכדרינגנדיקער טיפזיניקער ראַציאָנאַלער אַנאַליז שטייט נישט אָפּ פון דער קינסטלערישער בילדלעכקייט.

*

בעל־מחשבות איז געווען נישט נאָר אַ קריטיקער, נאָר אויך אַ פּובליציסט. און דער פּובליציסט אין אים האָט זיך באַנוצט מיט בעל־מחשבותס נייגונג צו דער בעלעטריסטישער פאָרעם (באַזונדערס אין דער ערשטער צייט פון זיין ליטעראַרי־שער טעטיקייט) און האָט אויסגעפּרוווט די כוחות אין האַלב־בעלעטריסטישע „ביל־

דער". לויט דער פאָרעם האָבן די דאָזיקע ווערק פון יונגן בעל־מחשבות אַ קנאַפּן ווערט, דערפֿאַר אָבער זיינען זיי וויכטיק אויף אָפּצודעקן די נאַציאָנאַלע וואָרצלען פון דאָזיקן ערשטן גרויסן קריטיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

אין זיין סקיצע „תשעה באב" באַשרייבט בעל־מחשבות דאָס אויסערלעכע פּנים פון אַ ייִדישער שול אין טאָג פון חורבן בית־המקדש און פון דער ייִדישער מלוכה און ער גייט איבער צו אַן אינערלעכער כאַראַקטעריסטיק פון די וויינענדיקע ייִדן:

פּרוּבט זיי אַלעמען, וועלכע וויינען „אויף די געשפּאָלטענע מויערן": וואָס ווילט איר? און זיי וואָלטן נישט געוווּסט אייך וואָס צו ענטפֿערן. אמת, אַ סך פון זיי וואָלטן געענטפֿערט: מיר ווילן, אַז ציון זאָל אויפֿגעריכט ווערן, מיר וואַרטן און האָפן אויף משיחס צייטן, מיר בעטן ביי „די הענט אומגע־וואַשן", אַז ער זאָל זיך אויף אונדז דערבאַרעמען. אָבער מען פֿילט, אַז אין זייערע ווערטער קלינגט נישט אַרויס קיין אמתער רצון, אַז זייער ווילן איז ווייך און צעבראָקלט, אַז אין זייער ענטפֿער הערן זיך די רייד פון אַ נאַכט־וואַנדלער, פון אַ בעל־חלומות, נישט דער ווילן פון אַ פֿאָלק.

און ווייטער:

נישט אויף דעם אַמאָליקן חורבן זאָלן מיר קלאָגן, נישט אויף די מויערן, וואָס זיינען פֿאַר צוויי טויזנט יאָר געשפּאָלטן געוואָרן, נישט אויף די נהרגים אויף קידוש השם, — נאָר אויף דעם, וואָס מיר זיינען בעלי־חלומות אָן אַ שטיקל ווילן, אַ שוואַך פֿאָלק, וואָס איז נאָר בכוח צו לעבן מיט דער טויטער געשיכטע, און איז נישט אין שטאַנד צו באַשאַפֿן אַ לעבע־דיקע. אָט דער קלאָג וואָלט אפֿשר נאָך צו עפּעס פֿירן.

אין אומצייליקע וואַריאַנטן געפֿינען מיר ביי בעל־מחשבות דעם פּובליציסט־בעלעטריסט אָט דאָס דאָזיקע געפֿיל פון נאַציאָנאַלער אומבאַפֿרידיקטקייט מיט אונ־דזער לעבן.

אָט איז אַ מעשהלע (פון בעל־מחשבותס „איראָנישע מעשהלעך") וועגן פּורים: „פּרשנדתא האָט זיך אָפּגעריסן פון דער תליה".

מרדכי איז באַליבט ביי אַחשוורושן און אָט איין מאָל, בעת אַ סעודה, זאָגט דער מלך טויפּש צו מרדכי:

„מרדכי! אַלץ וואָס דיין האַרץ גלוסט, זאָל היינט דערפֿילט ווערן: צי ווילסטו, אַז איך זאָל דיך און דיינע ברידער צוריקקערן אין אייער אייגן לאַנד? בעט, און דיין בקשה זאָל ווערן געשען!"

מרדכי, וועלכער האָט צווישן ייִדן און אין דער היים זיך געגרויסט מיט זיין ייִדישקייט, אָבער פֿאַר דער וועלט געשפּילט די ראָל פון דעם

גרעסטן פּאַטריאָט אין פּרס און איז מדי, איז געזעסן אַ ווײַלע ווי אַ צעמישטער. ענדלעך האָט ער זיך צונױפֿגענומען און געענטפֿערט ווי אַ גרויסער דיפּלאָמאַט: „מײַן לאַנד איז דער אָרט, איבער וועלכן עס שוועבן דײַנע דערהאַבענע טריט, און איך בין דײַן קנעכט“.

אַחשוורוש האָט דער ענטפֿער שטאַרק פֿאַרדראָסן. ס'טײַטש, ער וויל ווײַזן זײַן פֿרײַגעביקייט און מרדכי שטויסט אים אָפּ פֿון זיך, און דער קעניג האָט אָפּגעקערט פֿון אים זײַן גאָלדענעם שרביט.

און מרדכים (און די ייִדן) שונאים באַנוצן זיך מיט דעם. און דער נס פֿון פּורים ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ מפּלה.

בעל־מחשבות אַטאַקירט כסדר דאָ די אַסימילאַציע, דאָ די נישט־גענוגנדיקע נאַציאָנאַלע אַקטיווקייט.

אין זײַן סקיצע „ישראליק איז קראַנק“, שטעלט זיך ישראליק פֿאָר, אַז מתתיהו מיט זײַנע זין באַזוכן פֿישל דעם קרעמער בעת ער צינדט די חנוכּה־ליכטלעך און ווי זיי זײַנען איבערראַשט:

מיר האָט זיך פֿאָרגעשטעלט דער אײַנגעהויקערטער פֿישל מיט זײַנע קנעכטישע העוויות, מיט זײַנע ציטערע, קליינע, לויפֿנדיקע אײַגעלעך — דער אמתער מיאוסער ייִד מיט דעם טויזנט־יאָריקן גלות אויף די פּלייצעס... און דער מנובל וואָס האָט נישט קיין בושה פֿאַר זיך אַליין, וואָס פֿאַר אַ קאָפּיקע לאָזט ער זיך און זײַן פֿאָלק טרעטן מיט די פֿיס צוואַנציק מאָל אַ טאָג, אָט דער בענטשט חנוכּה־ליכט לכּבֿוד די חשמונאָים?!

אָט־אָ־דער נאַציאָנאַלער אומרו און די נאַציאָנאַלע אומבאַפֿרידיקטקייט האָבן בעל־מחשבותן געמאַכט פֿאַר אַן אידעאַלן קריטיקער פֿון אונדזערע קלאַסיקערס און בכלל פֿון ערשטן פּעריאָד פֿון אונדזער ליטעראַטור. בעל־מחשבות איז געווען אַן אידעאַלער קריטיקער, באַזונדערס פֿון מענדעלע מוכר ספֿרים און שלום עליכם, וואָס זייערע העלדן זײַנען — דער ייִדישער קאָלעקטיוו. ער האָט געזען נישט נאָר די שטייגערישע לעכערלעכקייט פֿון מענדעלעס און שלום עליכמס העלדן, נאָר אויך זייער נאַציאָנאַלע טראַגעדיע. ער האָט געזען נישט נאָר זײַנע העלדן און זייער ווינאָרט, נאָר אויך די טיפֿסטע וואָרצלען פֿון זייער אומגליקלעכן גורל.

אויף ווי ווײַט בעל־מחשבות דער נאַציאָנאַלער פּובליציסט גיסט זיך האַרמאָניש צונויף מיט בעל־מחשבותן דעם ליטעראַרישן קריטיקער באַווײַזט זײַן הערלעכע פּובליציסטישע סקיצע „פּסח־שטימונגען“.

דער „שפֿוך חמתך“ באַציט זיך שוין נישט אויף „זיי“ אַליין, גרייכט שוין אויך צו די אייגענע, די נאָענטע, די ברידער פֿון איין פֿאָלק, וועלכע צעפֿאַלן און צעפֿוילן און פֿאַרלייקענען דאָס ייִדנטום, דאָס ייִדישע פֿאָלק

> מיט נאָך אַ גרעסערער עקשנות ווי די פרעמדע פעלקער. אמת, ער (דער „שפוך המתך" צו די איגענע — י. ר.) ווערט נישט געזאָגט פסח ביי דער הגדה, דערפאַר אָבער קלינגט ער אַרויס פון צענדליגער ווילד־פלאַקערנדי־קע ביאַליקשע שירים און פון הונדערטער פּאָליטישע נאַציאָנאַלע רעדעס, וועלכע ווערן געזאָגט נישט ביים סדר, נאָר אויף עפנטלעכע בימות. דער „שפוך חמתך" איז געוואָרן די מעלאָדיע פון אַ גאַנץ יאָר, ער האָט זיך צעגאָסן אין אַלע אונדזערע גלידער, ער האָט זיך ווי אַ גיפט צעטראָגן דורך אַלע אונדזערע בלוט־אָדערן. עס פלאַמט און פלאַקערט אין אונדז אַ ווילדער כעס, אַ כעס אויף דער וועלט, אַ כעס אויף זיך אַליין, אַ כעס אויף דעם גאָט, וואָס האָט ווי פאַרגעסן זיין צחאָג אויף אַ דערלייזונג.

נאָר דער, אין וועמען עס איז קיין מאָל נישט פאַרשטומט געוואָרן אין גאַנצן די צאָרנדיקע מעלאָדיע פונעם נאַציאָנאַלן „שפוך חמתך" פון דער הגדה, האָט ווי געהעריק געקענט אויפנעמען און פאַרשטיין און איבערלעבן דעם דאָזיקן נייעם, נאַציאָנאַלן „שפוך חמתך" פון ביאַליקן. פון זיין נאַציאָנאַלער פּאָזיציע, ווי כ'האָב שוין געזאָגט אויבן, האָט זיך פאַר בעל־מחשבותן אַנטפּלעקט דער ברייטער נאַציאָנאַלער האָריזאָנט פון אונדזער יידישער ליטעראַטור.

בעל־מחשבות האָט אויסגעטייטשט אונדזער ליטעראַטור נישט נאָר ליטעראַריש, נאָר אויך נאַציאָנאַל. ער איז פאַר אונדזער ליטעראַטור געווען מער ווי סתם אַ פילבאַרער ליטעראַרישער קריטיקער, — ער איז געווען אַ פילבאַרער נאַציאָנאַלער קריטיקער פון אונדזער ליטעראַטור. אין דעם, אין וואָס אַנדערע זעען נאָך היינט בלויז שטייגער־שילדערונג, שטייגער־שילדערנדיקע סאַטירע, — האָט ער דערהערט דעם נאַציאָנאַלן געשריי, דעם פּאַטאָס פון נאַציאָנאַלן צער.



בעל־מחשבותעס סטיל איז אַ נערוועזער, אין וועלכן עס פילט זיך מער די רעאַקציע פון גייסטיקער איינדרוקבאַרקייט, ווי פון לאָגישן דענקען און אַנאַליזירן. דאָס הייסט נישט, נאַטירלעך, אַז בעל־מחשבות געהערט צום טיפּ שפּירבאַרע קרי־טיקער־אימפּרעסיאָניסטן, — אָבער די אַרבעט פון זיין געדאַנק און קריטישן אַנאַליז ווערן אונדז נישט אונטערגעטראָגן אין אַ טרוקענעם צושטאַנד, נאָר זיי ווערן דורכ־געלאָזט דורכן נערוועזן לירישן סטיל פון אַ געפיל־מענטש; זיינע געדאַנקען שטראַלן אויס אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט, די ווערטער זיינען באַהויכט מיט אַן אינערלעכער שיינקייט (אויסערלעך איז זיין שפּראַך אָפט נישט שיין און נישט ריין, — אין פאַרגלייך, נאַטירלעך, מיט דער היינטיקער שטופע פון יידיש־אַנטוויקלונג). די רייכקייט פון געדאַנקען און פון גייסטיקע אַספּעקטן זיינען געפּאָרט מיט בילדלעכ־

קייט און לירישער ווייכקייט; דער קריטישער אַנאַליז איז אָנגעלאָדן מיט נאַציאָנאַלן פּאַטאָס. און פון צייט צו צייט גיט זיך אַ שלענגל־דורך אַ בליץ פון שאַרפער איראָניע, פון בייסיקן סאַרקאַזם.

בעל־מחשבות איז אויסטערליש קורץ אין זיינע סקיצן, ווי דאָס פּאַסט זיך טאַקע פאַר אַ שרייבער מיט אַ נערוועזן סטיל. מען האָט אָפּט דעם איינדרוק אַז זיינע קרי־טישע סקיצן רייסן זיך איבער אומגעריכט, — דער אימפּולס פון נערוועזער גע־רייצטקייט האָט זיך געענדיקט און צוזאַמען מיט זיין פאַרשווינדן לייגט בעל־מחשבות אַוועק די פעדער אין אַ זייט ביזן נאָענטסטן נערוועזן אימפּולס. זיין דענק־פונקציע איז פאַרבונדן מיט דער צערייצונג פון די נערוועזע צענטערן. דערפון נעמט זיך זיין קורצקייט — זיך אָנגעצונדן, זיך אויסגעלאָדן, זיך איינגעלאָשן; אָבער דערפון נעמט זיך אויך זיין אויפריכטיקייט; דאָס געפיל, די נערוון זיינען אויפריכטיקער, אמתדיקער, אוממיטלבאַרער פאַרן געדאַנק, פאַרן מוח.

*

איך האָב זיך באַקענט מיט בעל־מחשבותן ביים טיפן באַרג־אַראָפּ פון זיין לעבן. ער האָט דאַן געלעבט אין בערלין, אַ קראַנקער. ביים באַזוכן אים אין זיין שטוב, פלעגט מען קענען שפירן אין דער לופט די טראַגעדיע, וואָס דערנענטערט זיך. און דאָך האָט מען אויך דאַן אין זיין לעבן געקענט בולט באַמערקן די ווערטפולסטע אייגנשאַפטן פון זיין ליטעראַרישן שאַפן: די נערוועזע אויפריכטיקייט, די אוממיטל־באַרקייט אין שמועס, די לירישע ווייכקייט פון געדאַנק און די קורצקייט פון אויס־דרוק: דער בליץ פון געדאַנק און זיין קורץ־דויערנדיקע אָפּשפּיגלונג פון דאָזיקן אויפבליץ, פונקט אַזוי פיל, וויפל דער דאָזיקער אויפבליץ פאָדערט אין זיין אומ־מיטלבאַרקייט; אַ פלאַטער און ציטער פון געדאַנק און אַ קורצער אויסדרוק פון דאָזיקן פלאַטער, פון דאָזיקן ציטער, פונקט אַזוי פיל, וויפל דער ציטער איז אומבאַדינגט נייטיק אויף בולט צו מאַכן זיין לירישן אינהאַלט.

אַזאַ אוממיטלבאַרע פילבאַרקייט פאַר יענעמס נויטן און פסיכישע אייגנשאַפטן און אַזאַ נאַטירלעכע עניוות, ווי ביי בעל־מחשבותן, האָב איך פערזענלעך ביי קיין שום אַנדערן שרייבער נישט געזען.

ב ע ל ־ מ ח ש ב ו ת ד ע ר מ ע נ ט ש א ו ן ב ע ל ־ מ ח ש ב ו ת ד ע ר ש ר י י ב ע ר ז ע נ ע ן נ י ש ט ג ע ו ו ע ן ק י י ן ק ע ג נ ז א צ ן, ו ו י ד א ָ ס ט ר ע פ ט א ָ פ ט ב י י ש ר י י ב ע ר ס.

דער, וואָס האָט געקענט בעל־מחשבותן כאָטש בלויז טיילווייז, זעט תיכף פאַר זיך ביים לייענען זיינע ווערק, זיינע גרויסע, בענקענדיקע ייִדישע אויגן — די אויגן פון אַ דיכטער, און ער הערט זיינע אויפריכטיקע, פון האַרצן אַרויסדרינגנדיקע רייד, וואָס פאַר יעדן וואָרט זייערן האָט זיין נשמה געצאָלט דעם פולן ווערט — מיט גאָלד־דעקונג.

# אברהם רייזען

קיין שום ענציקלאָפּעדיע אין דער וועלט וועט אייך נישט איבערצייגן, אַז אברהם רייזען איז אַלט געוואָרן זיבעציק יאָר *.
צוליב צוויי סיבות:

ערשטנס, גלייבט זיך עפּעס נישט, אַז רייזען איז שוין אַלט זיבעציק יאָר. עס גלייבט זיך בשום אופן נישט! רייזען און זיין שאַפן איז ווי די ערד: מערסטנטייל איז זי גרוי, דערפאַר אָבער ווערט זי נישט אַלט; זי וואַרפט זיך נישט אין די אויגן, אָבער זי ווערט אויך נישט צוגעגעסן.

און צווייטנס, גלייבט זיך עפּעס נישט, אַז רייזען איז אַלט נישט מער ווי זיבעציק יאָר. וואָס הייסט? נישט שוין־זשע איז ווען עס איז געווען אַ צייט, ווען מע פלעגט עפענען אַ צייטונג אָדער אַ זשורנאַל און נישט געפינען קיין רייזענישע דערציילונג, די רייזענישע לידער? עס איז עפּעס נישט מעגלעך זיך פאָרצושטעלן די יידישע ליטעראַטור אָן רייזענען, ווי עס איז נישט מעגלעך פאָרצושטעלן זיך אַברהם רייזענען אַ נישט־שרייבנדיקן. און איך האָב זיך לחלוטין נישט געוווּנדערט, ווען איך האָב אַ מאָל ערגעץ־ווו געלייענט, אַז שוין ווי אַ פערצן־יאָריק יינגל האָט רייזען פון זיין היימישן קוידאַנאָוו זיך איבערגעשריבן מיט פּרצן און שלום עליכמען. עס איז נישט קיין ספק, פון זיין געבוירנטאָג אָן האָט רייזען פאַרמאָגט אַ זעלבּ־שרייבנדיקע, אַן אייביק־שרייבנדיקע פעדער. אין אים אַליין איז דאָ עפּעס אַליינ־שרייבנדיקס. מע לייענט זיינע פערזן און דערציילונגען, און עס איז זיך שווער פאָרצושטעלן, מע זאָל איבער זיי האָבן געזעסן און געשוויצט מיט אַ פאַרקנייטשטן שטערן... רייזען איז אַזאַ מין ליטעראַרישע קוואַקע, וואָס לייגט טאָג־טעגלעך אַ דער־ציילונג, אַ ליד — אָן אָנשטרענגונג.

דער פּראָצעס פון שרייבן איז אַברהם רייזענס לעבנס־סטיכיע. און פון זיין גאַנצער מישפּחה. זיין פאָטער האָט געשריבן; זיין ברודער זלמן האָט געשריבן (ביז די באָלשעוויקעס האָבן ביי אים נישט אַרויסגעשאָסן די פעדער פון דער האַנט); אויך

---

* געשריבן אין 1947, צו אברהם רייזענס יובליי.

זיין שוועסטער שרה שרייבט. אָבער פון די צען מאָס שרייבעריי, וואָס איז פאַרטיילט געוואָרן דער מישפּחה רייזען, האָט אַברהם רייזען באַקומען ניין, און איין מאָס (און דאָס — נישט קיין פולע) איז געבליבן פאַר דער איבעריקער פאַמיליע.

ווען אַן אַנדערער שרייבער, אויף רייזענס אָרט, וואָלט געווען געשריבן אַזוי פיל בריוו צו אַלע באַרימטע, פיל־צוזאָגנדיקע שרייבערס און צו אַלע, וואָס גרייטן זיך צו זיין שרייבערס, וואָלט אים פאַר זיין אייגענעם שאַפן נישט פאַרבליבן קיין איין מינוט צייט. פאַר רייזענען אָבער זיינען דאָס נאַרישקייטן. דער שאַפונג־פּראָצעס איז פאַר אים — ווי דער פּראָצעס פון איינאָטעמען און אויסאָטעמען: ער אָטעמט אַריין אַן איינדרוק און אָטעמט אַרויס — אַ דערציילונג אָדער אַ ליד.

און זיינע לידער און דערציילונגען זיינען אויסערגעוויינטלעך פּשוט און עלע־מענטאַר. פאַראַן קריטיקערס וואָס שטרענגען זיך אָן אַרונטערצוטויכן אין די טיפע־נישן פון רייזענישן שאַפן און זיי פאַרזיכערן, אַז זיי טראָגן אַרויס פון די טיפענישן שיער נישט דעם פילאָסאָפישן שטיין. דאָס זיינען אָבער אויספאַנטאַזירטע טיפענישן און אַן אויספאַנטאַזירטער פילאָסאָפישער שטיין. רייזענס גאַנץ שאַפן געפינט זיך אויף דער אויבערפלאַך פון לעבן. עס איז נישט קאָמפּליצירט, ווי די איינצעלנע אָרגאַניזמען. ער באַהאַנדלט תמיד איינצלנע איבערלעבונגען, פּסיכאָלאָגישע אַטאָמען. מע קען נישט לייקענען, אַז אַ מאָל זיינען די דאָזיקע איינצלדיקע דערציילונגען זייער רירנדיק און דיק, אָבער זיי זיינען תמיד איזאָלירט אין זייער לעבנס־מהות.

רייזען איז באַקאַנט ווי דער זינגער פון דער אָרעמקייט, אָבער זיין שאַפן איז אויך פּסיכאָלאָגיש אָרעם. דערפאַר אָבער דעקט ער אָפּ די נישט קאָמפּליצירטע פּסיכישע צעלע אין איר גאַנצער איזאָלירטקייט ביז איר אַבסאָלוטער נאַקעטקייט און ער שטעלט זי זייער געשיקט אַרויס אין זיינע בעסטע דערציילונגען אָפּן פאַר אַלעמען. און עס באַקומט זיך עפּעס אַלמענטשלעכס, עפּעס עלעמענטאַר־וועזנטלעכס.

רייזען האָט געשאַפן אַ ספּעציעלן מין קליינע דערציילונגען, וואָס אונטערשיידט זיך פון דער קליינער דערציילונג פון מערב־אייראָפּע. די קליינע דערציילונג פון מערב־אייראָפּע איז צוגשפּיצט פאַבוליש, און רייזענס דערציילונג איז צוגעשפּיצט פּסיכאָלאָגיש.

דער דאָזיקער מין דערציילונג האָט זיך אָנגענומען אין דער ייִדישער ליטעראַטור און ער איז זיך אין איר שטאַרק פונאַנדערגעוואָקסן. אַ דאַנק רייזענס דערציילונגען האָט די ייִדישע ליטעראַטור אָנגעהויבן צו לייגן צופיל אַכט אויפן פּסיכאָלאָגישן אַטאָם, אַנשטאָט צו פאַרטיפן זיך אינעם פּסיכישן אָרגאַניזם ווי אַ גאַנצקייט און אַרומצו־כאַפּן זיין קאָמפּליצירטן מהות.

אַברהם רייזען איז אַ נאָוואַטאָר אין דער ייִדישער ליטעראַטור: ער האָט — איינער פון די ערשטע — אָנגעהויבן צו שילדערן אין דער ייִדישער ליטעראַטור די אינדי־ווידועלע טראַגעדיעס פונעם מענטשן. ק ל ײ נ ע נ ק ע, נ י ש ט ק אָ מ פּ־ ל י צ י ר ט ע ט ר אַ ג ע ד י ע ס, — אָ ב ע ר א י נ ד י ו י ד ו ע ל ע. און

אין אונדזער ליטעראַטור, אין וועלכער דאָס טיפּישע האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן, און האָט אַפילו געהאַט עפּעס ענלעכס צו אַ מאַנאָפּאָל, איז דאָס געווען אַ פּיאָנערישע טאַט, אַ טריט פאָרויס.

אַברהם רייזען שילדערט די אָרעמקייט פון די ייִדישע שטעטלעך. און אין דער דאָזיקער אָרעמקייט איז דאָ אַ סך טיפּישס, אָבער דורך דאָס טיפּישע שלאָגט זיך שוין דורך עפּעס אינדיווידועלס.

רייזען איז פּונקט אַזוי פּרוכטבאַר אין געביט פון דיכטונג, ווי אינעם געביט פון פּראָזע, אָבער רייזען דער פּראָזאַיִקער שטייט, לויט מיין מיינונג, העכער פאַר רייזענען דעם דיכטער. זיינע לידער זיינען זייער אָפט נישט מער ווי מיניאַטורע דערציילונגען וועגן דער זעלביקער נויט, וועגן זעלביקן הונגער, וועגן דער זעלביקער ענגשאַפט. און זיינע פּאָעטישע טרערן זיינען פּונקט אַזוי וואָכעדיק, ווי די פּראָזאַיִשע. און אפשר זיינען די פּראָזאַיִשע אַ מאָל רירנדיקער, מער דורכגעפילט, ווי די פּאָעטישע. די פּאָעזיע האָט ליב דעם פּראָצעס פון אויסקריסטאַליזירונג, דעם פּראָצעס פון קאָנדענסאַציע. אָבער רייזען טראָגט נישט אויס לאַנג, ער לייגט זיינע לידער, ווי אַ קוואָקע אירע אייער, — איינס־צוויי: דער פּראָצעס פון גראַמען, דאָס איבערדערציילן דעם איינדרוק אין געגראַמטער פּראָזע גיט זיך אים זייער לייכט, צו־לייכט. דער אויסדרוק בלייבט, דעריבער, אויף דער אייבערפלאַך, פּונקט ווי דער איינדרוק.

די דאָזיקע אויבערפלאַכלעכע אוממיטלבאַרקייט האָט נישט געשטערט רייזענען צו ווערן דער ליבלינג פון די ייִדישע ברייטע מאַסן, — אַדרבא, אָט־אָ־די צוטריטלעכקייט זיינע, אָט־אָ־די לייכטקייט האָט צו אים דערנענטערט די מאַסן. רייזענס דערציילונגען זיינען געוואָרן אַ באַליבטע לעקטור פון די ייִדישע מאַסן, און זיינע לידער האָבן זוכה געווען צו ווערן כמעט ווי פאָלקס־לידער. קיין איין דיכטער אונדזערן האָט מען אַזוי פיל נישט געזונגען, ווי רייזענען. „העמערל, העמערל קלאַפּ", „וואָס־זשע קלינגט איר קלויסטער־גלאָקן", „הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן", „מאַי קא משמע לן דער רעגן" און אַ סך אַנדערע זיינען געוואָרן די פּאָפּולערסטע לידער פון די ייִדישע מאַסן. נאָך שלום עליכמען איז רייזען דער פּאָפּולערסטער שרייבער אין דער ייִדישער ליטעראַטור.



אין זיינע דערציילונגען ווייזט אַברהם רייזען אָפט אַרויס אַ געפיל פון הומאָר, אָבער דאָס איז אַזאַ מין אינסטינקטיווער הומאָר, וואָס פאַרלאָזט רייזענען ווען עס קומט צו זיינע באַוווסטזיניקע אַרויסטרעטונגען.

אָט זיינען עטלעכע ביישפּילן.

מיט אַ יאָר פופצן צוריק איז אַברהם רייזען געקומען צו פאָרן קיין וואַרשע. נאָך זיין רעפעראַט האָט ער דעקלאַמירט עטלעכע פון זיינע פריש־געלייגטע לידער. דער עולם, וועמען עס איז געווען טייער דער אַלטער רייזען (און וועמען איז ער נישט

טייער?) האָט געשטורעמט: „העמערל, העמערל קלאַפּ!“ דעם עולם האָט זיך געוואָלט הערן פונעם דיכטערס מויל דווקא יענע לידער, וואָס זיינען געוואָרן זיינע — דעם עולמס — געזאַנגען.

יעדער אַנדערער דיכטער וואָלט געווען גערירט ביז דער טיפעניש פון דער נשמה; יעדער דיכטער וואָלט געווען געהאַלטן אַז דאָס איז דער טריומף פון זיין לעבן: ער איז אין דער פאָלקס־נשמה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לעבעדיקן געזאַנג. און רייזען, ווען ער וואָלט בייגעווען אַזאַ סצענע מיט אַן אַנדערן דיכטער, וואָלט איינס־צוויי געווען געלייגט אַ ליד אָדער אַ דערציילונג וועגן דער דאָזיקער טריומפאַלער מינוט. אָבער ווען דאָס איז געשען מיט רייזענען גופא, האָט ער זיך אויפגערעגט: אים, וואָס איז געוואָרן דער היינטצייטיקער דיכטער פונעם פּראָלעטאַריאַט, דערמאָנט מען די זינד פון זיין יוגנט, דאָס ליד וועגן שוסטערשן העמערל. און ער האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם גרויסן ניסיון און זיך צעשריגן: „איך שענק אייך אַוועק מיין „העמערל, העמערל קלאַפּ!“, איך בין שוין לאַנג אַוועק פון אים צו מאַשינעס“.

צי דען ווערט נישט אומעטיק, ווען אַ מענטש — און דערצו נאָך אַ דיכטער! — זאָגט זיך לייכטזיניק אָפּ פונעם בעסטן, וואָס ער פאַרמאָגט? פונעם בעסטן, וואָס ער האָט דערגרייכט?

די היינטצייטיקע מאַשין איז צו קאָמפּליצירט פאַר רייזענס נישט־קאָמפּליצירטן ליד. מיטן האַנטווערקערשן העמערל האָט ער נאָך אַ מאָל עפּעס אויסגעקלאַפּט אין אונדזערע הערצער. וואָס־זשע וועט אים בלייבן, ווען ער וועט אַוועקשענקען זיין העמערל?

דער עולם האָט געפייערט זיין דיכטער, און דער דיכטער האָט זיך געפילט באַליידיקט און נישט־פאַרשטאַנען, ווייל ער האָט זיך נישט אויסגעלערנט צו פאַרשטיין זיך גופא, באַוווסטזיניק.



אַברהם רייזען איז אַ נאַיווער מענטש. און אַ גוטער מענטש. און די ייִדישע ליטעראַטור האָט ער אַזוי ליב, אַז עס נעמט אָן אַ שרעק. ער האָט איר דער ערשטער באַקאַנט געמאַכט מיט דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור דורך זיין זשורנאַל „די אייראָפּעיִשע ליטעראַטור“. און ער האָט געהאַלטן אָפן זיין אַלזעעוודיק אויג און זיין אַלהערעוודיקן אויער, כדי אויפצוכאַפּן דאָס שורשען פון יעדן אויף ייִדיש באַשריבענעם בויגן פּאַפּיר און נישט צו פאַרזען דאָס דערשיינען פון יעדן טאַלאַנט. און אַ חוץ לידער, דערציילונגען און אויפמונטערנדיקע רעקאָמענדאַציע־בריוו, שרייבט אַברהם רייזען אויך קריטישע אַרטיקלען און איבערזיכטן.

ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט, אַז „קריטיק“ באַטייט אַ נעגאַטיווע באַציִונג צום קריטיקירטן ווערק? זאָלן די דאָזיקע רכילותניקעס איבערלייענען אַברהם ריי־

זענס קריטישע אַרטיקלען און זיי וועלן אײנזען זייער טעות: קריטיק באַטייט — באַגייסטערונג, פאַרגעטערונג, כורעים־פאַלן, הללויה־זינגען, קטורת־רויכערן! אַ מיליאָן דאָלאַר גיב איך יענעם, וועך עס וועט אין רייזענס אַרטיקלען געפינען אַפילו בלויז איין זידל־וואָרט אָדער אַ נעגאַטיווע באַמערקונג נידעריקער פון דער מדרגה „געניאַל"!

עס איז זייער גוט, וואָס די פעלקער פון דער ערד לייענען נישט רייזענס קריטישע אַרטיקלען, — אַנישט, וואָלט זיך ביי זיי די גאַל געוועזן צעגאָסן פון קינאה! שטעלט זיך פאָר: וויפל יאָרהונדערטער האָבן געמוזט פאַרגיין ביז עס האָבן זיך ביי זיי באַוויזן איין האָמער, איין — לי־טאַי־פּע, איין שעקספּיר און איין געטע; אָבער ביי אונדז האָט רייזען אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר געפונען זיבן האָמערס, וואָס האָבן אָנגעשריבן גוטע, אויסגעצייכנטע און פּשוטע עפּאָפּייעס, איין און צוואָנציק געטעס, זיבן שעקספּירס און ניין לי־טאַי־פּעס!

אַברהם רייזענס מענטשלעכע גוטסקייט, וואָס געפינט אָפט אַזאַ ליבן אויסדרוק אין זיינע הומאַניטאַרע, מיט מיטלייד אָנגעפילטע דערציילונגען, האָט באַוויזן ניסים אינעם געביט פון זיין קריטיק. די דאָזיקע גוטסקייט האָט איבערגעקערט מיט די פיס־אַרויף דעם סדר־העולם. געוויינטלעך זיינען שרייבערס פול מיט קינאה און זיינען קאַרג אויף קאָמפּלימענטן, אָבער ביי רייזענען איז פאַרקערט: נישטאָ אַזאַ טאַלאַנטלאָזיקייט, וואָס זאָל ביי רייזענען נישט זוכה זיין צום טיטל „זשעני".

נאַטירלעך, די דאָזיקע סימפּאַטישע גוטסקייט איז זייער נישט געזונט פאַר דער ליטעראַטור (עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די באמת־טאַלאַנטירטע שרייבערס האָבן מורא צו שיקן רייזענען זייערע ווערק, כדי נישט אַריינצופאַלן אין דער רשימה פון ז יי נ ע זשעניען), אָבער מיר מישפּטן דאָ נישט רייזענס קריטישן קאַפּריז, נאָר מיר ווילן געבן אַ פאָרטרעט פון דעם דאָזיקן שרייבער. און צום פּנים פון דאָזיקן דיכטער קליידט זייער די דאָזיקע תמימותדיקע גוטסקייט, וואָס קען זיך נישט נאָר נישט פאָרשטעלן, ווי אַזוי מ'קען צו אַ מחבר זאָגן „ס'איז שלעכט", נאָר וואָס קען זיך אויך נישט פאָרשטעלן, ווי אַזוי קען מען נישט זאָגן צו אַ שרייבער — „ס'איז גענויאַל".

מיר אָבער ווייסן דאָס. מיר וועלן אים בשום אופן נישט איינשליסן אין דער רשימה פון זיינע „זשעניס". ניין. דער ליבער און גוטער אַברהם רייזען איז נישט געניאַל. פאַרקערט, ער איז אָפט גרוי ווי די ערד, און פנימלאָז, ווי די לופט; אָבער ער איז פרוכטבאַר, ווי די ערד (און ער געבוירט נישט נאָר ווילד־גראָזן, נאָר אויך דערנערנדיקע קרייטעכצער) און ער איז אַ מאָל דורכזיכטיק און שטאַרקנדיק, ווי די לופט. און אויב עס האָלט שוין דערביי, טאָ נאָט אייך נאָך אַ בילדלעכן אויס־דרוק: פאַראַן זאַלצן וואָס מע פילט זיי נישט מיטן גומען, אָבער ווען זיי זיינען

צעלאָזן אין וואַסער, זיינען זיי שטאַרקנדיק און אָנגענעם, אויב זיי זיינען נישט היילנדיק.

אויב רייזענס שאַפן איז נישט אַזוי פּיקאַנט, און לאָזט זיך נישט שפּירן אין אונדזער ליטעראַטור אוממיטלבאַר, האָט עס אָבער, אויף יעדן פאַל, געווירקט אויף געזינטער צו מאַכן אונדזער ליטעראַטור. עס האָט געשטאַרקט אירע דערנערנדיקע אייגנשאַפטן.

רייזען איז נישט, „דאָס זאַלץ פון דער ערד" אין אונדזער ליטעראַטור. אָבער ער האָט עפּעס אי פון ערד, אי פון זאַלץ.

מיין גרוס פון דער וויטער פרעמד דעם אייביק־יונגן, דעם יוגנטלעך־לייכט־זיניקן און דעם זקניש־גוטן און רחמימדיקן און היימישן אַברהם רייזענען.

מעלבורן, 1947.

# ד״ר א. מוקדוני

פון מוקדוניס אַלע ביכער וואָס זיינען מיר באַקאַנט, איז דאָס סינטעטישסטע זיין בוך וועגן דער געשטאַלט און דער טעאַטראַל־דיכטערישער טעטיקייט פון י. ל. פרץ — „יצחק לייבוש פרץ און דאָס יידישע טעאַטער״.

ביים שאַפן דאָס בוך האָבן מיטגעאַרבעט האַרמאָניש די דריי מוקדוניס, וועלכע מיר קענען: מוקדוני דער טעאַטער־קריטיקער, מוקדוני דער ליטעראַטור־קריטיקער און מוקדוני דער מעמואַריסט.

און דאָס איז מוקדוניס בעסטע בוך, געשריבן מיט גרויסער ליבע, אָבער נישט מיט פאַרגלאָצטע אויגן: ער האַלט דאָרט אָפן סיי די אויגן און סיי דאָס האַרץ און זיי האַלטן אײַן גלייכגעוויכט.

ווען מע וויל אָבער באַהאַנדלען נישט דאָס־אָ ווערק מוקדוניס, נאָר זיין ליטע־ראַרישע טעטיקייט בכלל, מוז מען זיין ליטעראַרישן דריילינג באַטראַכטן איינצלווייז — מוקדוני דעם טעאַטער־קריטיקער, דעם ליטעראַטור־קריטיקער און דעם מע־מואַריסט.

## א. מוקדוני דער טעאַטער־קריטיקער

אויב עס איז דאָ אַ געביט אין אונדזער מאָדערנער וועלטלעכער קולטור, וואָס איז נאָך פאַרוואָרלאָזטער ווי אונדזער ליטעראַטור־קריטיק, איז דאָס די טעאַטער־קריטיק.

איר האָט אין אונדזער ליטעראַטור־קריטיק גענוג הפקרות, אָבער אין געביט פון טעאַטער־קריטיק זעט איר שוין גאָר בולט דעם אָפענעם קאַמף פאַר מאַכט. עס איז ביי אונדז כמעט ווי אַן אַקסיאָם, אַז אויב עמעצער דראַפּעט זיך אַרויף, מיט די אָדער יענע מיטלען, אויף אַ רעדאַקטאָרישן שטול, פאַרכאַפּט ער פאַר זיך אויך דאָס בענקל פון טעאַטער־קריטיק. דאָס איז אַ דירעקטער קוואַל פאַר מאַכט איבער די אַרטיסטן און דער עיקר — אַרטיסטקעס, אַ סך אַ דירעקטערע און אַ שטאַרקערע מאַכט ווי אין געביט פון ליטעראַטור־קריטיק.

אָט די טעאַטער־קריטיקערס האָבן נישט קיין אינטערעס פאַרן טעאַטער, נישט קיין וויסן וועגן טעאַטער און נישט קיין ליבע צום טעאַטער.

און דעריבער איז אַזאַ אָפּפרישונג צו לייענען מוקדוניס אַרטיקלען וועגן טעאַטער — סיי די טעאָרעטישע, וואָס פאַרנעמען זיך מיט טעאַטער בכלל, סיי די, וואָס פאַרנעמען זיך מיט איינצלנע פאָרשטעלונגען, און סיי זיינע וואָרטפּאָרטרעטן פון אַקטיאָרן.

אַן אויסקלייב פון מוקדוניס טעאַטער־אַרטיקלען, צונויפגענומען אינעם באַנד טעאַטער (ניו־יאָרק, 1927) פאַרמאָגן אַ שלל טעאַטער־וויסן, טעאַטער־ענטוזיאַזם און טעאַטער־ליבע.

דאָס בוך באַשטייט פון דריי טיילן, וואָס רעפּרעזענטירן מוקדוניס דריי מינים טעאַטער־אַרבעטן: 1. טעאָרעטישע אַרבעטן, ווי „גלגולים", „אָן אַן אידייע" און „אָן פליגלען"; 2. פּאָרטרעטן פון יידישע אַקטיאָרן און 3. טעאַטער־רעצענזיעס.

אין טעאָרעטישן טייל זיינען צום אינטערעסאַנטסטן און וויכטיקסטן נישט די אַלגעמיינע טעאַטער־אידייען פון מוקדונין, נישט דער אַנטוויקלונגס־וועג פון מאָדערנעם טעאַטער בכלל, נאָר זיינע יידישע טעאַטער־אידייען, זיין קריטיק פון יידישן טעאַטער. שוין די אַרטיקל־קעפּלעך גופא: („אָן אַ אידייע", „אָן פליגלען") זיינען גענוג צו געבן אַ באַגריף וועגן מוקדוניס קריטיק פון יידישן טעאַטער. פּונקט ווי פרץ האָט אַטאַקירט די ליטעראַטור אויף יידיש און געפאָדערט אַ יידישע ליטעראַטור, אַזוי אַטאַקירט מוקדוני מיט גרויסער קראַפט דאָס טעאַטער אויף יידיש און פּריידיקט אַ יידישן טעאַטער.

די עקסטרעמע פאַרקערפּערונג פון אָט דעם קעגנזאַץ־פּאָרל זעט מוקדוני אין דעם מאָסקווער קאַמער־טעאַטער („וואָס זאָגט זיך לחלוטין אָפּ פון יידישער שאַפונג") און אין דער „הבימה" („וואָס פּראָקלאַמירט דווקא יידישע שאַפונג").

בכלל פאַרנעמט אין מוקדוניס בוך וועגן טעאַטער אַ גרויסן אָרט די „הבימה": אי זיינע טעאָרעטישע טעאַטער־אַרטיקלען זיינען פול מיט ענטוזיאַזם פאַר איר, אי זיינע טעאַטער־רעצענזיעס. צום גליק האָב איך געזען „הבימה"־פאָרשטעלונגען און אַ דאַנק דעם קען איך עדות זאָגן, אַז מוקדוניס ענטוזיאַזם איז נישט קיין קינסטלעכער, — ער וואָרצלט סיי אין זיינע אַלגעמיינע אידייען וועגן טעאַטער, וואָס די „הבימה" האָט פאַרווירקלעכט, סיי אין זיינע יידישע טעאַטער־אידייען, וואָס די „הבימה" איז געוואָרן זייער לעבעדיקע טרעגערין.

פון איין זייט זעט מוקדוני אין דער „הבימה" דעם טריומף פון זעלבשטענדיקן טעאַטראַלישן פּרינציפּ, פון דער זעלבשטענדיקער טעאַטראַלער קונסט; „הבימה" איז פאַר אים אַ טעאַטער, וואָס איז נישט קיין דינסטמויד ביי דער ליטעראַטור אָדער ביי דער ווירקלעכקייט, ווי דאָס איז געווען — און איז — דער רעאַליסטישער טעאַטער; „הבימה" איז פאַר אים טעאַטער־קונסט.

און פון דער צווייטער זייט זעט ער אין דער „הבימה" אַ דערגראָבן זיך צו די קוואַלן, צו די וואָרצלען פון י ִ ד י ש ע ר טעאַטראַלישקייט.

„הבימה" איז פאַר מוקדונין געווען „דאָס ערשטע יידישע טעאַטער... מיט אַ קינסטלעריש־ייִדישן וועלטבאַנעם... וואָס איז געבוירן געוואָרן... פאַרן ייִדישן עכטן... גייסט און נישט פאַר עטנאָגראַפישע צופעליקייטן".

מוקדוני איז קעגן יעקב גאָרדינס ליטעראַרישער השכלהדיקער טעאַטראַליש־קייט; ער רופט צו אברהם גאָלדפאַדענס נאַציאָנאַל־פאָלקסטימלעכער טעאַטראַלישקייט, וואָס איז דערהויבן און פאַרטיפט געוואָרן דורך פּרצעס ייִדישער טעאַטראַלישקייט פון דער „גאָלדענער קייט".

„ייִדישע טעאַטער־קונסט — זאָגט מוקדוני — איז קודם־כל פסיכישע אומ־וואַנדלונג, אַרויסרייסן זיך פון דער פיזישער, צופעליקער ייִדישערווירקלעכקייט און אַריבערטראָגן זיך אין דער פסיכישער ווירקלעכקייט, וואָס איז אייביק און וואָס ווייס נישט פון קיין צופעליקייטן" („גלגולים").

אין דער „הבימה", האַלט מוקדוני, האָט די ייִדישע טעאַטער־קונסט באַקומען אַן אידייע, פליגלען, און טאַקע עכט ייִדישע.

די טעאָרעטישע אָפּטיילונג פון מוקדוניס טעאַטער־בוך איז זייער פאַרביק און לײדנשאַפטלעך געשריבן, ווי דאָס איז די אייגנשאַפט פון מוקדוניס סטיל, פון זיינע אַלע גוטע אַרטיקלען.

*

וועגן דעם צווייטן אָפּטייל פון בוך — די אַקטיאָרישע פּאָרטרעטן — איז מיר שווער אַרויסצוטראָגן אַן אורטייל: ער באַהאַנדלט מערסטנטייל אַקטיאָרן, וועלכע איך האָב נישט געזען. אָבער אין דעם דאָזיקן אָפּטייל קומט אָפּט צום וואָרט מוקדוני דער גוטער שריפטשטעלער (אויך מיט זיינע חסרונות).

אין דעם טעאָרעטישן אָפּטייל פון זיין בוך, ווו איר ווערט פאַרכאַפּט פון גע־דאַנקען, פון לײדנשאַפטלעך־אויסגעדריקטע געדאַנקען, וואָס ברענגען אין באַוועג־גונג אייער אייגענעם געדאַנק און טרייבן אים כסדר אָן, — ביי דעם אָ אָפּטייל האָט איר נישט קיין צייט צו באַמערקן מוקדוניס שוואַכסטע שריפטשטעלערישע זייט — זיין פילוואָרטיקייט (וואָס איז אויך דאָ אין דעם דאָזיקן אָפּטייל). אָבער אין די פּאָרטרעטן, וואָס זיינען ריין־ליטעראַרישע שאַפונגען, פילט מען אָפט מוקדוניס שרייבערישן חסרון.

מוקדוני שיסט אַרויס זיינע זאַצן ווי אַ מאַשינביקס. אָפט טרעפן זיי אין ציל, אָבער נישט אַלע מאָל. אָט איז ער גלענצנדיק, טרעפלעך, און אָט מליצהדיק — זייט ביי זייט.

אַ פּאָר מוסטערן פון מוקדוניס גוטן בילדערישן סטיל.

„יעקב גאָרדינס דראַמעס זיינען געווען אסתר רחלס וועלט, און אין דער

וועלט פון טאַטעס און מאַמעס איז זי געווען היימיש, אין די דאָזיקע היימישע, פלאַכע וואַסערן איז זי געשווומען בריהש".

„עס איז אונדזער קללה: אונדזערע פאָלקסמענטשן, ווען זייער טאַלאַנט בליצט אויף, בלייבן זיי ביי זייער אָרעמען קולטורעלן צושטאַנד. דער פאַרביקער טאַלאַנט בלייבט אין אַן אָרעמער ראַם" („א. ר. קאַמינסקי, די זאָגערין", ז' 99).

אָט רעדט מוקדוני וועגן מאָריס שוואַרצס דרייאייניקייט — דעם אַקטיאָר, רעזשיסאָר און דירעקטאָר ,גיט ער אַ זאָג: „זעט איר אַ מאָל דעם דירעקטאָר אויף דער סצענע, דעם אַקטיאָר ביי דער קאַסע און דעם רעזשיסאָר דעם קינסטלער, וואָס איז אַ רואה ואינו נראה, זעט איר אין דער פּובליסיטי..." (ז' 134).

ווי זאָגט מען: קורץ און שאַרף...

אין דער רעצענזיע וועגן אַ שבתי־צבי־פאַרשטעלונג:

„דאָס איז דער ביטערער גורל פון יעדן קליינעם משיח — אים רופט אַרויס דער ווילן פון פאָלק, אים זאַלבט דער יאוש פון פאָלק און אים באַשפּייט דערנאָך די פינצטערע אַנטוישונג פון פאָלק. די קליינע משיחים זיינען די קרבנות פון פאָלק".

דאָ האָט איר אַ טיפן געדאַנק, בילדלעך אויסגעדריקט.

און ווי שיין מוקדוני זאָגט אין „אַן פליגלען" (וועגן דער פאַרשווינדונג פון די העלדן אין דער ליטעראַטור):

„אין דער מינוט, ווען די העלדן האָבן צוגעמאַכט די אויגן אין דער ליטעראַטור, זיינען פיל פון זיי געשטאָרבן אין לעבן".

און מע קען ברענגען אַזעלכע קורצע, גלענצנדיקע כאַראַקטעריסטיקעס אין די הונדערטער; אָבער מוקדוני גיט זיי נישט שטענדיק קיין מעגלעכקייט זיך אויסצווירקן: ער פאַרוואַרפט אָט די קליינע גלאַנצשטעלן מיט ווערטער, וואָס דעקן־צו דעם בליץ אַזוי, אַז מע זעט אים קוים אַרויס.

אַ כאַראַקטעריסטישער ביישפּיל איז דער פּאָרטרעט פון מאַלי פּיקאָן.

קען זיין, אַז זי איז ווערט די באַגייסטערונג, מיט וועלכער מוקדוני שילדערט זי, אָבער וואָס מער ער וויל אויסדריקן זיין באַגייסטערונג, אַלץ מער ווערט ער סענטימענטאַל, אַלץ מער הייבט דער באַגייסטערטער פּאָרטרעט אָן צו זיין ענלעך אויף אַ קאַריקאַטור: די צעצויגנקייט און די סענטימענטאַלע אַנצאַליקע „שימחהלע", „צאַצקעלעך", „קאָזאַקלעך", „העוויהלעך", אויך אַזעלכע זאַצן ווי: „פלעכט זיך אַריין די מאַמע אין קינד און דאָס קינד אין דער מאַמען, שפּילן זיך צוויי נשמהלעך", — שוואַכן אָפּ דעם פּאָרטרעט.

אָפּט הערט אויף מוקדוני צו באַהערשן די שפּראַך, און די שפּראַך נעמט באַהערשן אים. אין גאָר חסדיקע מאָמענטן פון אינספּיראַציע איז דאָס אַ געווינס, סיי ביי מוקדונין, סיי ביי אַנדערע שרייבערס; אָבער מערסטנס איז דאָס אַ חסרון און דאָס טרעפט,ליידער, ביי מוקדונין נישט זעלטן.

איך האָב פריער געבראַכט אַ פּיינעם אָפּשניט פון זיין שבתי־צבי־רעצענזיע.

ווי טיפער געדאַנק באַקומט אַ גאַר גערעטענעם בילדערישן אויסדרוק; זעט אָבער צו וואָס מוקדוני דערפירט זיך דורך זיין האַסטיקייט פון סטיל, וואָס שאַפט היץ, וואָס דאַמפט זיך אויס אין מליצה. אָט איז אַ צווייטער זאַץ (דער היפוך פון דעם אויבן געבראַכטן): „די אַנטווישונג וואָלט געווען אַזוי מוראדיק, אַזוי חורבנדיק, אַז דער הימל מיט שווערע וואָלקנס וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און וואָלט זי מיט זיין חושכדיקן מויל איינגעשלונגען"...

דאָס האָט מוקדוניס פּאַטאָס דערפירט צו מליצה. און ס'וואָלט גענוג געווען איין טאָרמאָזירנדיקער געדאַנק, דאָס זאָל נישט געשען.

אַ וואַסערפאַל קען שאַפן עלעקטרישע קראַפט נאָר ווען מען צוימט זיין קראַפט, ווען מע שפּאַנט זי איין; דאָס אייגענע איז מיט דער קראַפט פון וואָרט. מוקדוניס שפּראַך איז באמת ענלעך אויף אַ וואַסערפאַל, וואָס איז נישט שטענדיק געצוימט.

זיין רעצענזיע וועגן פּרץ הירשביינס „גרינע פעלדער" — „הימל און ערד" (ז' 267), איז אַ בולטער באַווייז ווי דין און טיף מוקדוני קען אָפּשאַצן אַ טעאַטער־שטיק. אָבער באַשרייבנדיק מייסטעריש די אייגנשאַפט פון דער מעלאָדראַמע, ווערט ער אַליין, דורך דעם אומגעצוימטן שטראָם פון זיין שפּראַך, פאַרשלעפּט אין מעלאָדראַמאַטישקייט, און נישט ער רעדט, נאָר ער שרייט; נישט ער ווינט, נאָר ער יאָמערט. לויטן אינהאַלט — אַ פּרעכטיקע אַרבעט; לויט דער פאָרעם — אַ שטיק כאַאָס.

מיט איין וואָרט: סיי די טעאַטער־פאָרטרעטן, סיי זיינע טעאַטער־רעצענזיעס פאַרמאָגן אַ סך ווערטפולס, אָבער זיין ווערטערשטראָם, די איבערחזרונגען און די וואַריאַציעס פאַרווישן אָפט אָט דעם עיקר, פאַרטראָגן אים, אַזש איר מוזט אָפט אָרגאַניזירן רעטונגס־עקספּעדיציעס, כדי אים, דעם עיקר, אָפּצוגעפינען.

## ב. מוקדוני דער ליטעראַטור־קריטיקער

עס איז שווער צו שרייבן וועגן מוקדוני דעם ליטעראַטור־קריטיקער, ווייל אויב ער האָט אַ מאָל יאָ אַרויסגעגעבן אַ בוך מיט ליטעראַטור־קריטישע אַרבעטן, האָב איך עס קיין מאָל נישט געזען. און דעם „מאָרגן־זשורנאַל", ווו מוקדוני האָט אין משך פון לאַנגע יאָרן פאַרעפנטלעכט זיינע ליטעראַטור־קריטישע אַרטיקלען, פלעג איך אויך נישט זען צו אָפט. און חוץ דעם — אַרטיקלען, וואָס מע לייענט זיי אין אַ צייטונג, ווערן פאַרגעסן.

אמת, עס איז אַ מאָל שווער אָפּצוטיילן ליטעראַטור־קריטיק פון טעאַטער־קריטיק, ווייל סוף־כל־סוף איז אַ פּיעסע אויך אַ ליטעראַריש ווערק, און נישט נאָר אַ טעאַטראַלישע שאַפונג; און ווען מוקדוני רעצענזירט שעפעריש די פאָר־שטעלונג פון הירשביינס „גרינע פעלדער", איז דאָס, אין אַ גרויסער מאָס, אויך

ליטעראַרישע קריטיק. דאָס אייגענע איז אויך ווען מוקדוני אַנאַליזירט, אין זיין בוך פּרץ און דאָס יידישע טעאַטער, „די גאָלדענע קייט" — איז דאָס גוטע, שע־פערישע ליטעראַטור־קריטיק.

אויך אין מוקדוניס טעאָרעטישע טעאַטער־אַרטיקלען הילכן אָפּ גאַנץ דייטלעך זיינע מיינונגען וועגן דער יידישער ליטעראַטור. אין זיין אַרטיקל „גלגולים" (טעאַ־טער, ז' 23) אַטאַקירט ער דעם סאַמע קראַנקן פּונקט אין דער יידישער ליטעראַטור פונעם דור נאָך די קלאַסיקערס:

„נאָך דאָ נישט לאַנג איז די יידישע ליטעראַטור געווען דער איינציקער קונסט־צווייג אין דעם יידישן קולטורעלן לעבן, וואָס האָט דערגרייכט אַ הויכע קינסטלע־רישע מדרגה און האָט דעריבער אויך געהאַט די גרעסטע ווירקונג אויף אונדזער גייסטיקן לעבן.

„די ריין־קינסטלערישע און עסטעטישע שטרעבונגען זיינען געווען ענג פאַר־בונדן און פאַרוויקלט מיט נאַציאָנאַלע שטרעבונגען, חלומות און אידעאַלן. די ליטעראַטור איז געווען דער העכסטער אויסדרוק פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג... דער הייסער אָטעם פון אַ נאַציאָנאַלן אידעאַל האָט זי געוואָרעמט און באַגייסטערט, גרויסע האָפענונגען און פאַרביקע חלומות האָבן איר פליגלען געגעבן...

„אויסגעוואָקסן פון לעבן, איינגעוואָרצלט אין לעבן, האָט די יידישע ליטע־ראַטור געזוכט און געפונען עכט־יידישע אויסדרוק־מיטלען און אַן עכט יידיש־קינסטלערישע פאָרעם...

„די יונגע יידישע ליטעראַטור האָט זיך אָבער גיך אויסגעלעבט. נאָך אַן עופהלע, וואָס הייבט ערשט אָן צו מאַכן די ערשטע זיכערע טריט, איז זי אַנטלאָפן פון דער היים און זיך געלאָזט וואַגאַבונדעווען איבער דער גרויסער וועלט. זי האָט דאָרטן איבערגענומען אַלע ווילערישע חנדעלעך, אַלע פרעמדע, הפקרדיקע גרי־מאַסן, אַלע שפּיציקע העוויותלעך און אַלע קינסטלערישע שמד־שטיק...

„אַ ווילד־פרעמדע איז איצט די נייע יידישע ליטעראַטור. זי האָט נישט קיין פאָלק, זי האָט נישט קיין היימישע אידעאַלן, זי האָט נישט קיין היים, זי האָט נישט קיין נאַציאָנאַלע נשמה, אַ הפקרדיקע בעטלערין, וואָס לעבט פון די גייסטיקע ברעקלעך פון פרעמדע טישן.

„אונדזער יונגע ליטעראַטור האָט זיך אָפּגעריסן פון דעם אַלטן קולטורעלן בוים אונדזערן, האָט זי נישט פון וואַנעט צו ציען איר יניקה און איר פעלט דער געזונטער חיות.

„אָפּגעריסן פון אַלע אייביקע יידישע אידעאַלן, ווייט פון אַלטע חלומות, פעלט איר גלויבן, פעלט איר התלהבות, פעלט איר דבקות און זי וויל אַלץ פאַרדעקן מיט שמד־שטיק, מיט בריהשקייט און פלינקייט...

„די יונגע יידישע ליטעראַטור בלאָנדזשעט אַרום אין גייסטיקן חושך צווישן אומהיימלעכע חורבות..."

ווען מיר לייענען מוקדוניס בעסטע טעאַטער־קריטיק, ווי, למשל, וועגן די גרינע פעלדער אָדער וועגן הבימהס דיבוק און יעקבס חלום (עכטע פּאָעמעס!) ווייסן מיר, אַז די דאָזיקע קריטיק, סיי אין אירע פּאָזיטיווע אַקאָרדן, סיי אין אירע נעגאַטיווע, איז באַזירט אויף זיינע אַלגעמיינע טעאַטער־אידייען, דאָס הייסט אַז מוקדונים טעאַטער־קריטיק האָט אַן אידייע, פאַרמאָגט פליגלען, ער האָט אַ סיסטעם פון ווערטן, מיט וועלכע ער מעסט דעם יידישן טעאַטער.

צי באַזירט זיך אָבער אויך מוקדוניס ליטעראַטור־קריטיק אויף זיין טעאָרע־טישער אָפּשאַצונג פון אונדזער ליטעראַטור, אויף די אידייען פון דעם שרעקלעכן באַשולדיקונגס־אַקט, פון וועלכן איך האָב אויבן געבראַכט אויסצוגן?

אויף דער אויבן־געבראַכטער ברייטערער ציטאַט (ווו אַ ריכטיקער שטאַנדפּונקט איז צו פאַראַלגעמיינערט) קען מען בויען אַ גרויסע, געזונטע, שעפערישע, אַן אינ־טערעסאַנטע און סטימולירנדיקע קריטיק, וואָס מעסט איינצלנע ווערק און שריי־בערס לויט דער ברייט־אַנגעוואָרפענער ווערטן־סכעמע; אָבער אויפן סמך פון די אַ מאָל צופעליק געלייענטע אַרטיקלען איז דאָס מיר שווער פעסטצושטעלן און כ׳קען קיין אורטייל נישט אַרויסטראָגן. דאָס וועלן מוזן טאָן קריטיקערס אויפן סמך פון מוקדוניס געזאַמלטע אָדער געקליבענע אַרטיקלען אין בוכפאָרעם.

וואָס שייך מיינע אימפּרעסיעס פון אַמאָל און לעצטנס־געלייענטע ליטעראַטור־קריטישע אַרטיקלען זיינע, קען איך זאָגן בלויז דאָס: די שוואַכקייט פון מוקדוניס סטיל, זיין וואָרט־פאַרשווענדערישקייט, איז מער קענטיק אין זיין ליטעראַטור־קריטיק ווי אין זיין טעאַטער־קריטיק. ער איז אַ סך שטאַרקער ווען ער פאַרנעמט זיך מיט אַלגעמיינע ליטעראַרישע פּראָבלעמען, מיטן אַלגעמיינעם צושטאַנד פון דער יידישער ליטעראַטור, ווי מיט איינצלנע ליטעראַרישע ווערק.

אין די לעצטע עטלעכע יאָר האָט מוקדוני, למשל, פאַרעפנטלעכט אין פאַרשיידע־נע זשורנאַלן אַרטיקלען וועגן צושטאַנד פון אונדזער ליטעראַטור וואָס האָבן געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן רושם מיט זייער דורכדרינגלעכקייט און אַנטי־ראָבאַקיזם (אַ סינאָנים פאַר ביליקן אָפּטימיזם און גרונטלאָזער זעלבסטצופרידנקייט), אָבער ווען עס קומט צו קריטיק פון איינצלנע ווערק, קען איך מיט אים אָפט נישט מסכים זיין. איך קען היינט נישט פאַרשטיין זיין מילדע קריטיק פון ל. טרייסטערס פאַסטויך־קעניג ווי אַ ליטעראַריש ווערק, פונקט ווי איך האָב אַ מאָל נישט געקענט פאַרשטיין זיין פּאָזיטיווע באַציִונג צו אַהרן צייטלינס דראַמעס.

דאָס איז נאָך מער מאָדנע דערפאַר, וואָס פון איין זייט געהערט נישט מוקדוני צו אונדזערע פלאַכע אָפּטימיסטן און יאַ־זאָגערס, און פון דער צווייטער זייט פאַר־מאָגט ער שאַרפע קריטישע נעגל און דעם מוט זיי צו באַנוצן גאַנץ אָפט. (ער גע־הערט נישט ביי אונדז צו די קריטיקערס וועלכע פירן אַ ליטעראַרישע בוכהאַלטעריע).

איך קען דאָס אפשר דערקלערן טיילוויז מיט דעם, וואָס מוקדוני איז אַ שרייבער פון עמאָציאָנעלן טיפּ, אַן עכטער שרייבער אַן אימפּרעסיאָניסט, און ווען

ער דערזואַרעמט זיך עמאַציאַנעל צוליב וואָס עס איז, באַפּאַרבט עס זיין גאַנצן אַרטיקל; ער ווערט געוויינטלעך צעהיצט און ער פּאַרגאַלאָפּירט זיך.

## ג. מוקדוני דער מעמואַריסט

איך בין אַ מאָל געפאָרן אין לעטלאַנד מיט דער באַן — פון ריגע צו דער פוילישער גרענעץ. האָב איך אויפן וועג בייגעוווינט אַ סצענע וואָס איז געווען ווי פון דאָסטאָיעווסקיס אָדער גאָרקיס אַ ראָמאַן אַרויסגענומען. אויף אַ סטאַנציע זיינען אַרויפגעקומען רוסן, עטלעכע מענער און אַ פרוי; מען האָט געגומען עסן און „טרינקען", און ווען מען האָט זיך אָנגעשיכורט האָט איינער געגומען אויסלייגן טענות צו אַ צווייטן, און דעם שיכורן שמועס און די קריגערייַ האָט מע בלויז באַדאַרפט פילמירן, כדי צו האָבן אַ פּאַרטיקע סצענע פון דער עכטער רוסישער ליטעראַטור, מיט אַלע קנייטשן, פון שלאָגן זיך אין האַרצן ביזן ספּעציפישן וואָרט־אוצר פון נשמה־ברייטקייט און זינד־ און שולד־געפיל. און היות איך האָב דאָ נישט געקענט אָנווענדן אָסקאַר אוויילדס הנחה, אַז די קונסט און די ליטעראַטור פורעמען אויס דאָס לעבן (ווייל די רוסן אין לעטישן צוג זיינען נישט געווען קיין ליטעראַטור־געניסער), האָב איך געמוזט קומען צו דער הנחה, אַז די רוסישע ליטעראַטור שפּיגלט אָפּ ריכטיק דאָס רוסישע לעבן. דמיטרי קאַראַמאַזאָוו און גאָרקיס באָסיאַקעס זיינען אַ שטיק רוסיש לעבן, דורכגעלאָזט דורך דאָסטאָיעווסקיס און גאָרקיס קינסטלערישע פילטערס.

דאָס זעלביקע געפיל האָב איך געהאַט, ווען איך האָב געלייענט ד"ר מוקדוניס ערשטן באַנד זכרונות מיינע באַגעגעניש‏ן („ייִדישע געשטאַלטן, וואָס איך האָב באַגעגנט אין מיין לעבן"). די בעסטע פּאָרטרעטן אין דעם בוך, ווי „מיין רבי משה בצלאל", „יעקב משה דער חסיד" און נאָך און נאָך, זיינען ווי אַרויסגענומען געוואָרן פון דער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס האָט געטרייַ געשילדערט דאָס ייִדישע שטעטל.

די ייִדישע ליטעראַטור האָט אַזוי עכט געשילדערט דאָס שטעטל, אַז יעדער איינער, וואָס דערמאָנט זיך די טיפן פון זיין שטעטל, איז ווי ער וואָלט איבערגעגע־חזרט שטיקלעך ייִדישע ליטעראַטור. און דעריבער טאַקע איז דער דאָזיקער באַנד נישט אַזוי אינטערעסאַנט פּאַר אונדז, לויט מיין מיינונג. מיר קענען מוקדוניס שטעטל פון פריִער.

אַ סך אינטערעסאַנטער זיינען פּאַר אונדז זיינע שילדערונגען אין באַנד אויסלאַנד, וווּ ער גיט שטיקלעך אויטאָביאָגראַפיע, וואָס באַלייכטן אַ תקופה מיט אירע אייגנשאַפטן, — באַאָבאַכטונגען פון אַ בעלעטריסטיש־שאַרפן אויג, וואָס גיבן, אמת, נישט קיין געשיכטע, וואָס מאַכן אָבער פּאַרביק און נעענטער אַ שטיק גע־שיכטע פון אַן איבערגאַנג־תקופה. אָט די טיילן פון זיין אויסלאַנד, ווי „טומלער און צנועים אין דער סטודענטישער קאָלאָניע", „פּאָליטישע עמיגראַנטן", „ייִדישקייט

און אַסימילאַציע אין די סטודענטישע קאָלאָניעס״ — זיינען גוטער לעבעדיקער זיכרונות־רעפּאָרטאַזש, וואָס נישט בלויז ער לייענט זיך מיט גרויס אינטערעס, נאָר ער איז אויך זייער באַלערנדיק.

אָבער דאָס בעסטע אין מוקדוניס זיכרונות־ביכער זיינען די פּאָרטרעטן פון יידישע שרייבערס און געזעלשאַפטלעכע טוערס, וואָס מיר געפינען אין „אויסלאַנד״ און, באַזונדערס, „אין וואַרשע און אין לאָדזש״.

דאָס איז אַ שטיק אינטימער אַריינבליק אין אונדזער ליטעראַטור־געשיכטע.

ס׳אַרא פיינער מעמואַריסט ד״ר מוקדוני איז, האָב איך געזען מיט עטלעכע יאָר צוריק פון זיין בוך „פּרץ און דאָס יידישע טעאַטער״, אַ בוך וואָס גיט בולטע, ממש פּאַרכאַפּנדיקע פּאָרטרעטן פון פּרצן און זיינע מקורבים (ווייטער, דינעזאָן); דאָ האָבן מיר אַ גאַנצע ריי פּאָרטרעטן וואָס דאַרפן זיך נישט שעמען צו שטיין זייט ביי זייט מיטן פּרץ־פּאָרטרעט. צום דאָזיקן העכסטן ראַנג געהערן די פּאָרטרעטן פון נאָמבערג, יעקב קלאַצקין, בעל־מחשבות, לאַמעד שאַפּירא, ווייסענבערג, יונה ראָזענפעלד, ד״ר חיים זשיטלאָווסקי און אַנדערע. אין די דאָזיקע פּאָרטרעטן איז מוקדוני ממש קינסטלעריש. און דאָ איז ער אַפילו — אויף וויפל דאָס איז נאָר מעגלעך פאַרן אימפּולסיוון מוקדוני — וואָרטגעצוימט.

עס איז דאָ אין זיי וויניק ליטעראַטור־קריטיק, — מוקדוני פאַרנעמט זיך דאָ מער מיט די שרייבערס גופא ווי מענטשן, איידער מיט זייערע ווערק. אָבער דאָך געפינט איר דאָ פון צייט צו צייט דינע ליטעראַטור־קריטישע באַמערקונגען, טיפע און פולקום־אויסגעדריקטע פּסיכאָלאָגישע אַנאַליזן פון אַ נאָמבערג, אַ לאַמעד שאַפּיראָ און אַנדערע, וואָס וועלן אַריינגיין אין אַ געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור, אויב זי וועט געשאַפן ווערן פון אַן עכטן ליטעראַטור־קענער.

אָט איז אַ באַמערקונג (אויף ז׳ 227 פון „אין וואַרשע און אין לאָדזש״) וועגן לאַמעד שאַפּיראָס שפּראַך:

„ער איז שטאַרק אָפּגעהיט, אַז לשון זאָל נישט פאַרדעקן די אָרעמקייט פון אינהאַלט, אַז לשון זאָל נישט ווערן ביי זיך אַזוי גרויס, אַז עס זאָל זיך פאַרמעסטן צו ווערן אויך אינהאַלט.

„איך ווייס נישט נאָך איינעם, וואָס זאָל צוימען און אַזוי קוקן אויף די פינגער פון לשון און נישט לאָזן אים אַריבער זיין גבול, אָדער עס זאָל זיך פאַרמעסטן צו מאַכן דעם אינהאַלט איבעריק. עס איז געווען גרויסע ערליכקייט אַפילו אין זיין באַנוצן דאָס יידישע לשון.

„מליצה, לשונען איז פאַר אים געווען גניבת־הדעת, שווינדלען און באַשווינדלען דעם לייענער, מאַכן דעם אַנשטעל, אַז מע גיט דעם לייענער מי־יודע־וואָס פאַר אַ חכמה און אין דער אמתן גיט מען אים שטרוי, בלויז ווערטער״.

אמת, איר טרעפט אין זיינע פּאָרטרעטן אויך מיינונגען, וואָס מע מוז זיי אין גאַנצן (אָדער טיילווייז) אָפּוואַרפן. אַזאַ איז זיין מיינונג וועגן שלום אַשן: „ער פאַר־מאָגט אַ מעכטיקן אינטעלעקט״.

ווי אַזוי מע קען ביי שלום אַשן געפינען אינטעלעקט בכלל, איז אויך פאַר מיר אַ סוד, בפרט נאָך אַ „מעכטיקן אינטעלעקט״.

איר געפינט אויך אין זיינע שרייבער־פּאָרטרעטן מוקדוניס שוואַכסטן פונקט, — זיין ווערטערשטראָם, אָבער אַ סך זעלטענער ווי אין זיינע אַנדערע זשאַנערס.

דאָס נעמט זיך אפשר, אין אַ גרויסער מאָס, פון מוקדוניס אייגנשאַפט אַריינ־צופאַלן אין עקסטאַז און אימפּראָוויזאַציע (אַ דאַנק דעם עקסטאַז). אַזאַ איז דער סוף פון זיין פיינעם י. עפּרויקין־פּאָרטרעט. די לעצטע פיר שורות פון זייט 74 און די דריי ערשטע פון זייט 75 האָבן קיין שום שייכות נישט צום עפּרויקין־פּאָרטרעט, אָבער דער מאָמענט פון עמאָציאָנעלע אַסאָציאַציעס שפּילט ביי מוקדונין אַ גרויסע ראָלע און ער פאַרגעסט זיך צו קאָנטראָלירן, אַפילו ערב לאָזן דרוקן אַ בוך.

*

ווען איר נעמט אַראָפּ אָט די נעגאַטיווע פּרטים (פון וועלכע איך האָב געגעבן בלויז געציילטעביישפּילן, ווי פון פּאָזיטיווע), בלייבט אַ סאָלידער באַנד ליטעראַ־רישע פּאָרטרעטן, וואָס זיינען פול מיט מענטש־קענטעניש, מיט וואַרעמער קונסט־אַטמאָספער, מיט מיטרייסנדיקער מענטשליבשאַפט און בלויז זעלטן־זעלטן באַפּעפערט מיט אַ ביסל לשון־הרע. (ווי אין שיינעם, על־פּי־רוב ריכטיקן, זשיטלאָווסקי־פּאָרטרעט).

---

בעשריבן צו אַ. מוקדוניס ווערן אַ בן־שמונים.

# ז. סעגאַלאָוויטש

## (פראַגמענט)

מיר זיינען אַ פאָלק, וואָס האָט ליב טויטע שרייבערס.

בכל אופן זאָגן עדות דערויף די שמן־זיתדיקע הספד־אַרטיקלען, ווו אַלץ איז — וירא כי טוב...

און איך קען נישט פאַרשטיין פאַר וואָס דאַרף מען עס אַ טויטן שרייבער מער ליב האָבן ווי אַ לעבעדיקן, אָדער ריכטיקער נאָך: פאַר וואָס דאַרף מען אַ טויטן שרייבער ווייניקער פיינט האָבן ווי אַ לעבעדיקן, אויב דער שרייבער פאַרדינט מע זאָל אים פיינט האָבן?

און אפשר איז יאָ דאָ אַ גרונט סיי פאַר חער גרעסערער ליבע צו טויטע שרייבערס, סיי פאַר אונדזער קלענערער שינאה צו זיי.

די ליבע קומט זיי אפשר דערפאַר, ווייל זיי באַגנוגענען זיך מיט אַ פּאָר לויב־ווערטער און פאָדערן מער ניט בישט קיין עסן, נישט קיין אויפמערקזאַמקייט, — עס אַרט זיי נישט, אַז מע לייענט זיי נישט...

און אַ קלענערע שינאה פאַרדינען זיי שוין דערמיט אַליין, וואָס זיי הערן אויף צו שרייבן (אויב זייער שרייבן פאַרדינט נישט קיין ליבע אָדער פאַרדינט שינאה).

אָבער ווי די זאַך זאָל נישט זיין, — איך האָב נישט ליב דעם טאָן פון אונדזערע הספד־אַרטיקלען: אויב מע פאַרמאָגט שוין יאָ אַזוי פיל ליבע צו ייִדישע שרייבערס, דאַרף מען לאָזן אַ ביסל ליבע פאַר די לעבעדיקע אויך.

אויב מ'האָט נישט צו זאָגן עפּעס גוטס וועגן אַ טויטן שרייבער, דאַרף מען בעסער גאָר נישט זאָגן (סיידן דאָס איז שוין אַזאַ גרויסע שלעכטס, אַז עס איז אַ פאַרברעכן עס צו פאַרשווייגן); אָבער דאָס גוטע וואָס מע האָט צו זאָגן וועגן אַ שרייבער, דאַרף געזאָגט ווערן צניעותדיק, אין הסכם מיטן עכטן געדאַנק און געפיל, אָן גוזמאָס.

איך וויל גאָר נישט אויסבאַהאַלטן — אַפילו אין שאָטן פון טויט, — אַז סיי סעגאַלאָוויטש דער שרייבער, סיי סעגאַלאָוויטש דער מענטש האָבן פאַרמאָגט אַ סך זאַכן וואָס זיינען מיר נישט נאָר נישט ליב געווען, נאָר — האָבן מיך אַפילו

אָפּגעשטויסן. אָבער דווקא דערפֿאַר, וואָס איך קלייב זיך נישט צו שרייבן קיין הספּד פֿול מיט נישט איבערצייגנדיקער, איבערגעטריבענער, קריטיקלאָזער ליבע צום טויטן שרייבער ז. סעגאַלאָוויטש, קען איך אויפֿריכטיק ריידן וועגן דאָס גוטע, וואָס איך האָב צו זאָגן וועגן ז. סעגאַלאָוויטשן דעם לעבעדיקן שרייבער...



לויט דעם כמות מאַכט סעגאַלאָוויטשעס דיכטונג אויס אפשר קוים אַ צוואַנ־ציקסטל פֿון סעגאַלאָוויטשעס סכום געדרוקטע בויגנס; אָבער לויטן איכות איז סעגאַלאָוויטשעס דיכטונג די ווערטפֿולסטע טייל פֿון זיין שאַפֿן.

איך וויל דערמיט לחלוטין נישט זאָגן, אַז צווישן די זייער שלעכטע פּראָזע־ביכער, וואָס סעגאַלאָוויטש האָט געשריבן, געפֿינען זיך נישט אויך ווייניקער שלעכ־טע אָדער אַפֿילו גוטע נאָוועלן אָדער קאַפּיטלען. אָבער איך וויל דערמיט זאָגן, אַז קרעאַטיווע קראַפֿט און אָרגאַנישע גאַנצקייט פֿיל איך נאָר אין די בעסערע דיכטונגען סעגאַלאָוויטשעס, צי דאָס איז די פּאָעמע „קאַזשימיעזש", צי „רייזעלע דעם שוחטס", צי דער פּאָעמעס־ציקל וועגן חורבן פּוילן „דאָרט" אָדער „נישטאָ", צי אַ געראָטענע „שורות אַכט".

סעגאַלאָוויטש איז געווען אַ דיכטער, און זיין פֿולן דיכטערישן אויסדרוק האָט ער געפֿונען אין דיכטונג, אין געזאַנג, אין לירישן ניגון. אין דער דאָזיקער דיכטונג זעען מיר אויך זיין דיכטערישע געשטאַלט, מיר שפּירן זי דאָרט אין איר גאַנצקייט..

אין איין געלונגענעם אַכט־שורהדיקן ליד קען סעגאַלאָוויטשעס מהות, זיין עכטע באַציִונג צו דער וועלט און צום מענטשן, זיינע איבערלעבענישן געפֿינען אַ פֿול־ברוסטיקערן אויסדרוק ווי אין אַ ראָמאַן פֿון 300 זייטן אָדער ווי אין אַ נאָוועלע.

און דאָס וואָס איז טיפּיש און ווערטפֿול פֿאַר אַ שרייבערישער פּערזענלעכקייט, איז אויך ווערטפֿול פֿאַר דער ליטעראַטור.

ז. סעגאַלאָוויטש האָט געהאַט אַ סך לעזערס, און ער האָט שטאַרק באַאיינפֿלוסט זייער ליטעראַרישן געשמאַק; אָבער נאָך מיין טיפֿסטער איבערצייגונג — באַאיינ־פֿלוסט צום שלעכטן. ער האָט דעם לעזער פֿאַרוויגט מיט סענטימענטאַלע טענער, נישט געוועקט ביי אים דאָס טיפֿערע, נישט געריסן אים אין דער הויך, — ער האָט דעם לייענער מער געקיצלט עמאָציאָנעל, ווי אויפֿגעטרייסלט. אָבער די ליטעראַטור האָט ער באַאיינפֿלוסט נאָר מיט זיינע לידער. נישט אין אַזאַ מאָס ווי קולבאַק, מאַנגער, משה לייב האַלפּערן און אַנדערע; אָבער ער האָט אַ חלק אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער יִדישער דיכטונג, פֿון יִדישן פּערז, — ער האָט נישט נאָר געשריבן דיכטונג, — ער האָט געלאָזט זיין שפּור אין דער יִדישער דיכטונג.

ער איז נישט אַזוי טיף ווי באַריישאַ איז דאָס אָפֿט, ווי לייוויק איז דאָס אָפֿט; ער רודערט נישט אויף אַזוי שטאַרק עמאָציאָנעל, ווי קולבאַק און מאַנגער — אָבער זיין „קאַזשמיעזש" איז בשעתו געווען אַ נייעס אין דער יִדישער דיכטונג, — אַז

עכטע ראָמאַנטישע שאַפונג אין דער יידישער דיכטונג, וואָס איר פּערז גלאַנצט און פּליסט ווי די ווייסל־כוואַליעס אין אַ לבנה־נאַכט, וואָס איר ריטעם איז — עכטער געזאַנג, וואָס אירע בילדער זיינען פריש און לעבעדיק, וואָס איר אינהאַלט איז דעם דיכטערס אַן עכטע איבערלעבונג, געפורעמט מיט מאָס און פיינעם געשמאַק.

איך האָב זייער זעלטן הנאה געהאַט פון סעגאַלאָוויטשעס פּראָזע, — פאַרקערט, זי פלעגט מיך זייער אָפט אויפרעגן, דערעסן, גלייכגילטיק לאָזן, אָבער איך האָב זייער זעלטן נישט געגאָסן סעגאַלאָוויטשעס דיכטונג.

„רייזעלע דעם שוחטס" פלעג איך לייענען און דעקלאַמירן (פאַר זיך אַליין) גאַנץ אָפט אין דער יוגנט; „קאַזשמיעזש" געפעלט מיר נאָך היינט אויך; זיינע „שורות אַכט" זיינען זעלטן פּוסט, — עפּעס, — עפּעס אַן עכט דיכטעריש בילד, אַ דיכטערישן סימבאָל פאַרמאָגן זיי תמיד אין זיך, און זיי לאָזן תמיד איבער אַ ליריש־שטימונג.

און דערצו זיינען זיינע דיכטערישע מיטלען נישט ראַפינירט, נאָר פּשוט, און דאָס איז אויך איינע פון די מעלות פון סעגאַלאָוויטשעס דיכטונג, — די פאָרעם איז אוממיטלבאַר, נישט פּרעטענציעז, ווי דער אינהאַלט, — עס איז נישטאָ קיין דיס־פּראָפּאָרץ צווישן פאָרעם און אינהאַלט, דאָס הייסט זיין דיכטונג פאַרמאָגט איר אייגענע שלימות, זי איז ערלעך.

אָט די אַלע מעלות פאַרמאָגן אויך זיינע פּאָעמעס „דאָרט". און דאָ קומט נאָך צו דאָס, וואָס די איבערלעבונג איז דאָ שטאַרק און טיף, און דער גורם פון דער איבערלעבונג ביז גאָר באַדייטנדיק, ריזיק גרויס, דערשיטערנדיק, און במילא זיינען די דאָזיקע פּאָעמעס נישט דער ערך גרעסער און „אייביקער" פאַר די פריערדיקע.

אויך דאָ, — לאָמיר נעמען איין ביישפּיל, — זינגט סעגאַלאָוויטש וועגן קאַזש־מיעזש. אָבער דאָ איז שוין קאַזשמיעזש באַלויכטן נישט נאָר מיט סעגאַלאָוויטשעס פּערזענלעכן ליבע־ אָדער האַרבסט־טרויער, נאָר מיטן טרויער פון פאַרגיין, וואָס מע קען אים מיט קיין ווערטער נישט אויסדריקן. דאָ פלעכטן זיך די דערינערונגען פון קאַזשמיעזשס „זיין" מיט די דערינערונגען פון קאַזשמיעזשס פאַרגיין, — און קאַזשמיעזש איז דאָ נאָר אַ סימבאָל פאַר אַ לעבן פון אַ גאַנץ פאָלק און פאַרן פאַרגיין פון אַ גאַנץ פאָלק.

ווערן דעריבער די דאָזיקע געזאַנגען מיט רעכט באַטראַכט ווי סעגאַלאָוויטשעס בעסטע און גרעסטע ווערק; אָבער די מעלות פון די דאָזיקע פּאָעמעס זיינען שוין אַלע דאָ — און אין דער בולטסטער פאָרעם — אין זיין פריערדיקער דיכטונג.

דאָס זיינען פּאָעמעס פון לירישן שמערץ־אויסדרוק, פון לירישע דערינערונגען, וואָס אין דער דיכטער טוליעט זיי מיט ליבע צום האַרצן, אין זיי ווערן דעם דיכטער אין שלאָפלאָזע נעכט און טרויעמפולע טעג.

מעלבורן, 1949

# דער נאָכוווקס פון דער ייִדישער פּאָעזיע אין פּוילן

## א) חיים סעמיאַטיצקי

דאָס קליינעכקע ביכעלע קליינע לידער פון חיים סעמיאַטיצקי, אַרויס־געגעבן אומגעפער אין 1936־37 אונטערן טיטל „אויסגעשטרעקטע הענט", איז געווען אין אַ געוויסן זין אַ קליינע סענסאַציע אינעם לעבן פון דער יונגער ייִדישער פּאָעזיע אין פּוילן.

די מערהייט יונגע ייִדישע פּאָעטן אין פּוילן האָבן אין די לעצטע צוויי יאָר־צענדליגער פאַר דער מלחמה געווידמעט זייער לירע סאָציאַלע פּראָגן. חיים סעמיאַטיצקי איז געווען איינער פון יענע אויסנעמען, וואָס האָבן צוגעגעבן פאַרבנ־רייכקייט און פאַרשיידנאַרטיקייט דער דאָזיקער צו מאָנאָטאָנער, צו קאָלעקטיווער (לויט דער ענלעכקייט פון די מאָטיוון) פּאָעזיע.

חיים סעמיאַטיצקי איז נישט צוגעשטאַנען צום כאָר־געזאַנג, נאָר ער האָט פאַרצויגן אַן אינדיווידועלן ניגון, אויסשטרעקנדיק זיינע הענט צום הימל.

חיים סעמיאַטיצקי האָט באַרירט די רעליגיעזע סטרונע אין דער יונגער ייִדישער פּאָעזיע פון פּוילן.

און ער האָט זי באַרייכערט שוין דערמיט אַליין, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן זייער אַ שוואַכע פּאָעטישע שטים, וואָס זיין פאַרלאַנג האָט שטאַרק איבערגעשטיגן זיינע מעגלעכקייטן.

*

חיים סעמיאַטיצקי, ווי גראַדע, איז געקומען צו דער ייִדישער דיכטונג גלייך פון דער ישיבה־באַנק, מיט אַ היתר־הוראה אין דער קעשענע, מיט הייסע געפילן און מיט אַ פולשטענדיקער איגנאָראַנץ וואָס שייך דער פּאָעטישער מלאכה.

אויב גראַדע פאַרמאָגט אַ צו רייכן שפּראַך־אינסטרומענט, וואָס רייסט מיט זיין געפיל און באַהערשט עס אַפילו אַ מאָל, פּונקט ווי אַ מעכטיקער שטראָם רייסט

מיט אויך אַ גוטן שווימער און טראָגט אים אַוועק אין אַ זייט, קעגן זיין פאַרלאַנג, איז סעמיאַטיצקי כמעט ווי שטום, און זיינע געפילן האָבן אָפּט נישט מיט וואָס צוצודעקן זייער נאַקעטקייט, — זיי ליגן פאַר אונדז אין אַ רויען צושטאַנד, נישט פאַרקערפּערטע.

אויב ביי גראַדען איז די פאָרעם אַ מאָל צו ברייט פאַרן אינהאַלט און ער פאַרלירט זיך אין איר, איז ביי חיים סעמיאַטיצקין דער אינהאַלט כמעט ווי פאָרעמ־לאָז.. מיט איין וואָרט, — זיינע לידער זיינען אַ פּאָעטישע פּלאַזמע מיט שפּורן פון אַ התחלהדיקער אָרגאַנישער אַנטוויקלונג..

מע לייענט זיינע קליינע געדיכטן, וואָס זיינען ענלעך אויף שטיקלעך נאָך נישט אַנטוויקלט לעבן, און מיט אַ מאָל פאַרפּלייצט אייך אַ דין געפיל, נעמט אייך געפאַנגען אַ דין בילד און איר פילט אין פאַרויס יענע גערירטקייט און יענע עמאָציאָנעלע הנאה, מיט וועלכע סעמיאַטיצקיס פּאָעזיע וואָלט באַשאַנקען דעם לייענער, ווען דער דיכטער וואָלט פאַרמאָגט אַן אויסערלעכן אינסטרומענט, וואָס זאָל זיין עקוויוואַלענט צו זיינע אינערלעכע איבערלעבונגען און וויזיעס.

אָבער דאָס איז, צום באַדויערן, נישטאָ: סעמיאַטיצקי האָט באַרייכערט די יידישע דיכטונג אין פוילן בלויז מיט אָנדייטונגען און מעגלעכקייטן. ער האָט אַריינגעטראָגן אין איר האַנט־געלט אויף עפּעס נייס.

סעמיאַטיצקיס פּאָעזיע איז קרובהש דער פּאָעזיע פון צוויי טיטאַנען פון דער היינטצייטיקער וועלט־פּאָעזיע: פון טאַגאָרען און רילקען.

דער הינדוס ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע האָט דעראָבערט די הערצער פון דער גאָטלאָזער מערב־אייראָפּעישער אינטעליגענץ מיט זיין ריינסטער רעליגיעזער ליריק, און ריינער מאַריאַ רילקע (אַ האַלב־ייד), איינער פון די גרעסטע פּאָעטן פון דער דייטשישער שפּראַך אין אָנהייב פון 20סטן יאָרהונדערט, איז דער גרעסטער גאָט־קעמפער אין דער היינטצייטיקער ליריק, — אָבער אַ גאָט־קעמפער פון אַ ספּעציעלן מין: ער קעמפט נישט מ י ט גאָט, נאָר פ אַ ר אַ גאָט.

אויב טאַגאָרע לעבט מיט גאָט אונטער איין דאַך, אָדער ריכטיקער: אויב גאָט לעבט אין זיין האַרץ און ער איז אָנגעזעטיקט מיט גאָט ביז זיסער גערירטקייט ווי אַ מענטש, וואָס האָט דערגרייכט דאָס העכסטע גליק, — פילט רילקע גאָט, ווי אַ שכן („שכן־גאָט“, רופט ער אים אָן אין אַ פּרעכטיקן באַרימטן ליד פון זיין „שעהען־בוך“)), וועלכער לעבט אין דער נאָענט, אָט־אָ־דאָ איבער דער וואַנט, אָבער פאָרט באַזונדער און מ׳דאַרף אָנקלאַפּן צו אים, און נישט יעדעס מאָל קען מע זיך דערקלאַפּן.

סיי טאַגאָרע, סיי רילקע — זיינען רעליגיעזע פּאָעטן, אָבער דער ערשטער זינגט פון רעליגיעזער זאַטקייט, און דער צווייטער — פון רעליגיעזן הונגער.

צווישן די דאָזיקע צוויי ריזן פון דער היינטצייטיקער פּאָעזיע, שטייט דער קליינער מיזערנער אָנפאַנגער־דיכטער פון דער סאַמע יונגער כוואַליע פון דער

יידישער פּאָעזיע אין פּוילן — חיים סעמיאַטיצקי. ביי אים קען מע געפינען סיי אָפּקלאַנגען פון דער רעליגיעזער אַנגעזעטיקטקייט ביי טאַגאָרען, סיי אָפּקלאַנגען פון רעליגיעזן הונגער ביי רילקען. אָבער די דאָזיקע שוואַכע אָפּקלאַנגען זיינען נישט קיין אימיטאַציע — זיי זיינען די נאַטירלעכע פּרוכט פון סעמיאַטיצקיס נשמה, — הגם עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז טאַגאָרע, וועלכער איז איבערגעזעצט אויף העברעיש און יידיש, איז באַקאַנט געווען דעם דעביוטירנדיקן סעמיאַטיצקין און ער האָט געווירקט אויף אים, ווי עס קען ווירקן יעדע קרובהשע דערשיינונג אין דער ממשלה פון גייסט; רילקען, וועלכער איז כמעט אומבאַקאַנט דער יידישער ליטע־ראַטור, האָט סעמיאַטיצקי זיכער נישט געקענט.



ווי שוואַך עס זאָל נישט זיין, לויט איר אויסדרוק, סעמיאַטיצקיס פּאָעזיע, — איז זי אַ נאַטירלעכע פּרוכט פון זיין פּאָעטישער נשמה, אָבער די דאָזיקע אינדיווי־דועלע שאַפונג — ווי דאָס טרעפט אָפט אין געביט פון גייסטיקער שאַפונג — איז גלייכצייטיק אויך אַן אויסדרוק פון איינער פון די גייסטיקע שטרעמונגען פון היינטצייטיקן יידנטום, פון דער היינטצייטיקער יידישער ליטעראַטור.

ווי מיר זאָלן זיך נישט באַציען באַוווסטזיניק צו דער רעליגיע, — די דאָזיקע דערשיינונג איז נישט געשאַפן געוואָרן דורך כיטרע כוהנים, ווי דאָס האָט זיך אויסגעדאַכט דעם אויבערפלאַכלעכן ראַציאָנאַליזם פון אַכצנטן יאָרהונדערט. די רעליגיע — דאָס איז איינע פון די אָרגאַנישסטע שאַפונגען פון מענטשלעכן גייסט. נישט די כוהנים האָבן געשאַפן די רעליגיע, — די רעליגיע האָט געשאַפן די כוהנים. און אויב דער מענטש וואַקסט אויס פון דער סטאַדיע, ווען עס ווערט געשאַפן רע־ליגיע, ווי ער איז אויסגעוואַקסן פון דער סטאַדיע, ווען עס ווערט געשאַפן מיטאָ־לאָגיע, איז דער דאָזיקער איבערגאַנג צו אַ מער רייפן עלטער נישט אַזוי פשוט, נישט אַזוי ווייטיקלאָז. יעדע פּובערטעט (איבערגאַנג צו רייפקייט) איז קראַנק־האַפטיק. ווי אין יעדער איבערגאַנג־עפּאָכע, שטייט דער מענטש אַ צעשפּאָלטענער צווישן זיין פּראָגרעסיוון באַוווסטזיין און זיין קאָנסערוואַטיוון געפיל. נישט צוויי נשמות געפינען זיך אין מענטשנס ברוסט, — צוויי מלוכות געפינען זיך אין זיין נשמה: די ממשלה פון באַוווסטזיין, פון אינטעלעקט, און די ממשלה פון דער עמאָציע, פון געפיל.. און דאָס געפיל פון מענטשן ווערט אָפט שווער נישט צעריסן פון מאַנגל אין עמאָציאָנעלער שפּייז, פון איינזאַמקייט אונטערן קאַלטן פּוסט־געוואָרענעם הימל, — און אין אַזעלכע מאָמענטן פאַרציט דער מענטש אַ רעליגיעז לידל, עס באַרויקט אים, עס איז אים נייטיק.

אַזעלכע נשמה־ספּאַזמעס זיינען לעצטנס כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר דער יידישער ליטעראַטור, באַזונדערס פאַר דער יידישער פּאָעזיע, אומעטום, און אויך אין פּוילן.

און די כוואַליע אין דעם דאָזיקן שטראָם איז — חיים סעמיאַטיצקי.

ווי קליין די דאָזיקע כוואַליע זאָל נישט זיין, — דאָס, וואָס זי איז אַ טייל פון אַ שטרעמונג, מאַכט זי באַטייטעוודיק, זי איז ווערט אונדזער אויפמערקזאַמקייט.

זי איז אינטערעסאַנט נישט נאָר פון דער אינדיווידועלער זייט, נאָר אויך פון דער קאָלעקטיווער.

די שוואַכע פּאָעטישע שטים פון חיים סעמיאַטיצקי רופט זיך איבער אינדיווי־דועל נישט נאָר מיט טאַגאָרען און רילקען, נאָר אויך מיט די אַנדערע גלייכאַרטיקע שטימעס אין דער יידישער פּאָעזיע.

אַ מאָל פלעגט זיך אַפילו אָנהייבן צו דאַכטן, אַז נעבן דעם כאָר פון סאָציאַלער פּאָעזיע הייבט אָן אָנצוואַקסן אין דער יונגער פּאָעזיע אין פּוילן אויך אַ רע־ליגיעזער כאָר.

## ב) יחיאל לערער

איטשע־מאיר ווייסנבערג, דער מעכטיקער און הילפלאָזער, דער טראַגישער און קאָמישער ווייסנבערג, דער דאָזיקער עכטער סימבאָל פון לעגענדאַרן גולם, וואָס איז פול מיט שעפערישע כוחות, אָבער וועמען עס פעלט דער באַוווּסטזיניקער ווילן, וואָס זאָל זיין גלייך לויט דער ווערטפולקייט און קראַפט צו זיינע אינטויטיווע אימפּולסן, — אָט אָ דער ווייסנבערג האָט זיך, — אויף צו להכעיס דער אַזוי צו זאָגן אָפיציעלער ליטעראַטור, — אַרומגערינגלט מיט ליטעראַרישע פּאַרטיזאַנער, מיט וועלכע ער האָט געהאָפט צו דעראָבערן די מלוכה פון אונדזער ליטעראַטור, אָדער, — בעסער זיך אויסגעדריקט, — שאַפן אַ נייע יידישע ליטעראַטור.

צווישן אַלע דיכטערס וואָס האָבן אין די דרייסיקער יאָרן אַרומגערינגלט ווייסנבערגן, האָט זיך געפונען איין־אייגציקער, וועלכער איז אַריין אין דער נייער יונגער יידישער דיכטונג אין פּוילן, וועלכער איז אַריין און פאַרנומען דאָרט אַ פעסטע פּאָזיציע.

ווייסנבערג, וועלכער האָט נישט געוווּסט וועגן קיין גרענעצן — ווי אַן עכט קינד — נישט ביים לויבן זיינע ליבלינגס, נישט ביים טאַדלען זיינע פיינד, האָט מיר געזאָגט וועגן יחיאל לערערס ערשט בוך לידער (דאַכט זיך, אַז דאָס בוך האָט אַ כאַראַקטעריסטישן נאָמען — „שטילע ברייגעמער"): „ווען איך לייען לערערס בוך, האָב איך אַ געפיל, ווי כ׳וואָלט געלייענט אַ נייעם תהילימל".

דאָס דאָזיקע בוך איז אַזוי פאַרווישט אין מיין זיכרון, אַז איך געדענק נישט אויף זיכער נישט נאָר זיין נאָמען, — אויך דעם אינהאַלט. און מיין איינדרוק פון אים געדענק איך קוים. איך געדענק בלויז, אַז איך בין ווייט נישט געווען אַזוי שטאַרק אַנטציקט פון אים, ווי ווייסנבערג. איך געדענק בלויז, ווי דורך אַ חלום, אַז עס פלעגט אַ מאָל אונטערקריפן דער שטילער טאָן פון בוך, זיין פשטות. אויב איך וועל

זאָגן, אַז דאָס בוך איז געווען סימפּאַטיש, וועל איך, דאַכט זיך, אויסדריקן גענוג טרעפלעך מיין דעמאָלטיקן איינדרוק.

און דער דאָזיקער איינדרוק האַרמאָנירט מיט דער אויסערלעכער מענטשלעכער געשטאַלט פון דיכטער גופא, ווי זי האָט זיך איינגעקריצט אין מיין דערינערונג.

אַ שטילער — אין גיין און אין ריידן, — אַ נישט־הויכער בלאָנדין מיט טרויעריקע בלויע אויגן, פלעגט ער אַ מאָל אויסזען ווי אַ שטילער ברונעם (נישט שוין־זשע דאַכט זיך מיר דערפאַר, אַז זיין בוך האָט געהייסן „שטילע ברינעמער"?), וואָס באַהאַלט עפּעס אויס אין דער טיפער שטילקייט.

און דאָס דאָזיקע „עפּעס", ווי ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, איז געווען אַ שטאַרקער עפּישער טאַלאַנט, וואָס האָט צניעותדיק גערייפט אין דער שטיל.

יחיאל לערער האָט אַרויסגעגעבן אין 1937 אָדער אין 1938, אַן עפּישע פּאָעמע „מיין היים", וואָס איז איינס פון די בעסטע ווערק פון דער יידישער דיכטונג אין פוילן פאַרן לעצטן יאָר־צענדלינג פאַרן וועלט־קריג.



די יידישע היים!

וויפל די יידישע פּאָעטן און שרייבערס זאָלן זי נישט באַזינגען, פאַרדינט זי נאָך מער דערהויבענע הימנען.

ביאַליק האָט באַזונגען אין זיינע אומשטערבלעכע לידער נאָר איין קוואַל פון אונדזער לעבן — די פאַרגעלטע מגילות; עס איז אָבער דאָ נאָך אַ קוואַל פון אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן: אונדזער אַלטע יידישע עלטערן־היים, דאָס הייליקטום פון דער יידישער פאַמיליע. אין דער גאַנצער וועלט זיינען דאָך געווען בלויז צוויי ערטער, וווּ דער ייד האָט זיך געפילט געשיצט פונעם שלעכטן וועטער פון דער אַרומיקער וועלט — דער בית־מדרש און די עלטערן־היים. דאָ, אין די דאָזיקע מקום־מיקלטס, האָט דער ייד זיך געפילט פולווערטיק, פריי, ווי אַ געליבטער מיט־גליד פון כלל, פון דער מישפּחה, וווּ ער האָט געקענט — אַ גלייכער מיט גלייכע — זיך פרייען פון גאַנצן האַרצן, לאַכן, וויינען, מתפּלל זיין און אַרומקריגן זיך צווישן אייגענע, פולשטענדיק נאַטירלעך, נישט וואַרפנדיק קיין בליקן אין די זייטן, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף דער שטימונג און אויף דער רעאַקציע מצד פרעמדע...

און נאָך עפּעס: די יידישע עלטערן־היים איז געווען נישט נאָר אַ פיזישער און פּסיכישער מקום־מיקלט פאַרן קליינענקן און דערוואַקסענעם יידן, — זי איז אויך געווען אַן אָרט פון גייסטיקער און מאָראַלישער דערציִונג. אין בית־מדרש פלעגט דער ייד באַקומען זיין וויסן און דאָרט טאַקע האָט ער געהאַט אַ מעגלעכקייט אויס־צולעבן זיינע רעליגיעזע און קאָלעקטיווע געפילן, אָבער אין דער היים פלעגט ער דורכמאַכן אַ העכערע שול פון אידעאַליזם און ליבע.

אַ מוסטערהאַפטע יידישע שטוב — און אַזעלכע זיינען געווען נישט ווייניק — איז געווען אַ פּראַקטישער קורס פון אידעאַליזם און מענטשן־ליבע. די באַרימטע יידישע קעגנזייטיקע הילף איז אַן אײדעלער געוויקס פון יידישן עלטערן־הויז, און די באַרימטע יידישע גייסטיקייט, וואָס האָט אַזוי פיל בייגעשטייערט צום אוצר פון דער אייראָפּעישער קולטור פאַר די לעצטע הונדערט און פופציק יאָר, — די דאָזיקע גייסטיקייט איז אויסגעוואַקסן אין דער אַטמאָספער פון אידעאַליזם און גייסטיקייט, וועלכע האָבן געהערשט אומבאַגרענעצט אין דער יידישער היים.

אין אַ טיפּיש יידיש הויז איז מעגלעך געווען נישט צו האָבן אויף אַ מיטיק, עס איז אָבער תמיד געווען אויף רבי־געלט. עס פלעגט זיך תמיד געפינען אַ גראָשן אויף אַ נדבה, און די פליכט פון געוויסן, די פליכט פון רעליגיע, די פליכט פון מענטשן־ליבע האָט כמעט תמיד געהאַט די אויבערהאַנט איבער די גראָבע פאָדע־רונגען פון עגאָיזם, — מע האָט דאָרט, לכל הפחות, תמיד אָנערקענט זייער פּרימאַט. טעאָרעטיש האָט מען קיין מאָל נישט אָפּגעלייקנט; פּראַקטיש האָט מען אָפט געפאָלגט דעם דאָזיקן כלל.

און דאָס אַלץ האָבן מיר געפילט נישט נאָר אַמאָל, — דאָס פעלן פון דאָזיקן מעכטיקן דערציִונג־פאַקטאָר שפּירן מיר אויך איצט, גליוורענדיק פון קעלט גייסטיק און מאָראַליש אין די גרויסע שטעט, ווו די מערהייט יידישע היימען זיינען געוואָרן נשמהלאָז, זיי דערציִען נישט קיין אידעאַליסטן, אַקומולירן נישט קיין קעגנזייטיקע הילף און גיבן נישט קיין מאָראַלישן מקום־מיקלט דעם היימלאָזן יידן.

און מיר פילן ווייטיקדיק דעם דאָזיקן פאַרלוסט אי נאַציאָנאַל, אי אינדיווידועל. מיר זיינען פול מיט זאָרג סיי פאַרן פאָלק, סיי פאַר זיך און פאַר די אייגענע קינדער צוליבן פאַרלוסט פון אונדזער גרעסטן און הייליקסטן מקום־מיקלט — די אַלטע יידישע עלטערן־היים. און ס'איז קיין וווּנדער נישט, דעריבער, וואָס נישט נאָר די אַלטע יידישע שרייבערס, נאָר אויך די יונגע קערן זיך אום מיט אַ ליבע־געפיל און אַ ליבנדיקן געדאַנק צום דאָזיקן פאָלקס־הייליקטום, צום יידישן עלטערן־הויז. וועגן דער דאָזיקער יידישער היים דערציילט אויך יחיאל לערערס עפּישע פּאָעמע.

*

די עלטערן־היים פון יחיאל לערער איז נישט איזאָלירט פונעם לעבן פון דער געמיינדע, און אַפילו נישט פון לעבן פון דער גרויסער וועלט, וואָס רייסט זיך אַריין אין דעם יידישן מקום־מיקלט מיט דער קראַפט פון אַ שטראָם, וואָס קוועלט אַן אַ דאַנק אַ געפלאַצטער טאַמע. דאָס איז שוין נישט דאָס אידילישע הויז פון אַשס שטעטעלע, — די דאָזיקע יידישע היים פון דער יידישער קהילה איז שוין גייסטיק אָנגעשפּאָלטן; די פּאָזיציע פון יידישן ספר און פון יידישן שטייגער־לעבן איז אין געפאַר צוליבן אָנגריף פון אַנדערע ביכער און אַנדערע אידעאַלן; לערערס מאַמע קען נישט באַגרייפן — עפּעס אַ מאַרקס שטערט איר זין רעכטצייטיק חתונה צו

האָבן, ווי אין די אַמאָליקע גוטע צייטן. אין דער דאָזיקער אָנגעשפּאַלטענער היים זײַנען דאָ צוויי וועלטן, אָבער די קאָנטינויִטעט באַשטייט אין דעם, וואָס די דאָזיקע צוויי וועלטן בינדט צונויף דער געמיינזאַמער יראת הכבוד פאַרן גייסטיקן פּרינציפּ פון לעבן; אין דער דאָזיקער היים קומט פאָר אַ בייט פון אידעאַלן, אָבער נישט קיין אָוועקגיין פונעם אידעאַלן פּרימאַט פון לעבן.

אין לערערס היים קומט פאָר אַ שווערער קאַמף, אָבער דער דאָזיקער קאַמף ליגט נאָך הינטער דער שוועל פון באַוווסטזיין, — ער איז גיכער אַן אינערלעכער, ווי אַן אויסערלעכער. דאָס איז אפשר נאָך נישט קיין קאַמף, נאָר די אָנגעשטרענגטע שטימונג פון דער קאַמף־דערוואַרטונג. אָבער דער דאָזיקער פאַרשטיקטער קאַמף ווערט געגעבן אין לערערס פאָעמע אידיליש (ערטערווייז אונטער דער אָפענער שעפערישער ווירקונג פון טשערניכאָווסקיס אידיליעס), מיט אַ גרויסער דאָזע ליבע און וואַרעמקייט. די נאַיווע פאַרווונדערונג פון דער מאַמען, דער שוויַיגנדיקער פאַר־דרוס פון פאָטער, דער אָנוואַקסנדיקער איבערדרייס פון די אידעאַלן ביי די קינדער — דאָס אַלץ ווערט נישט פאַרגלעט, אָבער דאָס ווערט באַלויכטן מיט די לעצטע שטראַלן פון דער פּאַטריאַרכאַלישער גאַנצקייט, פונעם ייִדישן גן־עדן, פון דער ייִדישער היים.

דאָס איז אַן אידיליע, אין וועלכער עס רייפט אַן אַ טראַגעדיע, נאָך מער — זי איז שוין רייף געוואָרן, די דאָזיקע טראַגעדיע, אָבער זי האָט נאָך נישט אויס־געבראָכן. די לעצטע דריי־פערטל יאָרהונדערט, פון דער „השכלה“, זענען נישט פאַרביי אומזיסט: דער פּאַנאַטיזם סיי פון די טאַטעס, סיי פון די קינדער איז שטילער געוואָרן, דער צוזאַמענשטויס איז געוואָרן מער הומאַניטאַר, די פאָטערס האָבן גענומען פילן נישט נאָר אַ שינאה פאַרן פאַרראַט לגבי זייער וועלט, נאָר אויך אַ טרויער צוליב דעם זון־פאַרגאַנג פון זייער וועלט; און די קינדער האָבן אויפגעהערט צו פילן נאָר די שינאה צו די קייטן פונעם אַלטן, נאָר זיי האָבן גענומען שפּירן אַ בענקשאַפט צו דעם פאַרגייענדיקן.ביידע צדדים האָבן ווי אויף אַ העלפט שלום־געמאַכט מיט זייער גורל. דאָ זענען נישטאָ קיין אַבסאָלוטע זיגערס — ביידע צדדים פאַרלירן אַ סך. אָבער ס׳איז דאָ אויך אַ האָפענונג אויף אַ געווינס. לכל הפחות, ביי איין צד — ביי דער יוגנט.



„מיין היים“ פון יחיאל לערער איז אַ הויך־טאַלאַנטירטע באַשרייבונג פון דער אַלטער ייִדישער היים (דעם דאָזיקן לעבעדיקן קעמערל פון אַלטן ייִדישן שטעטל) פון אַ הייטנצייטיקן קוק־ווינקל. דאָס איז נישט אַש׳ס אידיליע, אָבער אויך נישט די טראַגעדיע פון די אַלטע משכילים. דאָס איז אַן אידילישע טראַ־געדיע פון דער ייִדישער וועלט, וואָס האַלט זיך אין ברעכן, און דעם דאָזיקן צו־

שטאַנד באַגלייטן, פון איין זייט, דער טרויער פונעם אַוועקגייענדיקן און, פון דער צווייטער, די האָפענונג פון דעם וואָס ווערט געבוירן.

געדרוקט אויף דער שוועל פון דער וועלט-מלחמה, איז די דאָזיקע פּאָעמע דערוויַיל דער לעצטער מעכטיקער אויפפלאַם פון ליבע צום געבענטשטן קוואַל פון יידישן לעבן, צו דער יידישער עלטערן־היים.

און ווער פון די סאַמע שוואַרצזעעוודיקע, שלעכט בשורה׳דיקע נביאים האָט דאַן געקענט פאָרויסזען אַז די דאָזיקע עלטערן־היים, דאָס גרעסטע הייליקטום פון פאָלק, וועט איבערלעבן אַזאַ פאַרניכטנדיקע קאַטאַסטראָפע?

ווי שטאַרק עס ווילט זיך איצט געניסן די טרייסט פון לערער׳ס בוך, — אַ טרייסט, וואָס עס ברענגט מיט זיך יעדע אמתדיקע, עכטע קונסט!

פון דער דאָזיקער גרויסער בענקשאַפט נאָך „מיין היים" איז טאַקע אויס־געוואַקסן מיין קליין אַרטיקל וועגן לערערס פּאָעמע.

אָבער די בענקשאַפט איז נישט איינגעשטילט געוואָרן.

פאַרקערט, ערשט איצט הייבט זי אָן צו נאָיען, ווי אַ וווּנד, צו וועלכער מען האָט זיך צוגערירט.

## ג) קאַדיע מאָלאָדאָווסקי

די דאָזיקע יידישע פאָלקס־שול־לערערין בלענדט נישט מיט קיין פּאָעטישן טאַלאַנט, — פאַרקערט, זי פאַלט אָפט אַריין אין פּראָזאַיזמען, זי שלאָגט זיך אַראָפּ פון וועג פון „פּאָעטישער" ריכטונג. דערפאַר אָבער פאַנגט זי אונדז מיט איר אוממיטלבאַרקייט, דורך איר פּשוטקייט, וועלכער זי פאַרראַט קיינמאָל נישט (צום גליק פאַר איר). זי זינגט:

מיין וועג איז וואָכעדיק  
שטענדיק.  
זונטיקן, מאַנטיקס  
אַטאַקירן —  
אַ שווערע, פינצטערע אַרמיי.

און דאָס איז נישט קיין פּאָזע; אין די דאָזיקע ווערטער איז דער אייגנאַר־טיקער קאָלאָריט און דער ספּעציפישער אַראָמאַט פון איר וואָכעדיקער פּאָעזיע.

דער יום־טוב קען ווערן פאַרשענערט, צוגעפּוצט, ער קען צודעקן די אָרעמ־קייט; אָבער דער אינדערוואָכן איז תמיד ערלעך־נאַקעט.

אָבער אירע וואָכעדיקע פערזן, וועלכע עס פעלט די טעמפּעראַטור פון פּאָע־טישע פיבער, פאַרמאָגן פונדעסטוועגן אַ שפּאָר ביסל געגנוג וואַרעמע ווערטער, באַשאָנקענע מיט דער טעמפּעראַטור פון לעבן, פון לעבעדיקע באַשעפענישן, און

איר ריטעם, הגם ער פאַרמאָגט נישט קיין באַזונדערע מוזיקאַלישקייט, פאַרמאָגט פונדעסטוועגן אַ מין צאַרטע ווייכקייט, אַ מין וואַרעמע אויפריכטיקייט. אין אַל־געמיין וואָלט מען מאַלאַדאָווסקיס פּאָעזיע געקענט באַצייכענען ווי אַ „פּאַטאָס פון פשטות".

זי זינגט נישט נאָר וועגן איר אייגענעם אינדערוואָכן, נאָר אויך וועגן אינדער־וואָכן פון די פאָלקס־מאַסן, פון פאָלק, — אַן אינדערוואָכן, וואָס איז גלייכצייטיק אויך אירער. און די דאָזיקע צוזאַמענגיסונג קומט אויך פאַר פשוט, אָן נאַציאָנאַלן פּאַטאָס (ווי קומט קאַדיע מאַלאַדאָווסקי צו פּאַטאָס!), בלויז מיט דער הילף פון נאַציאָנאַלן אינעדרוואָכן.

צען שורות פון מאַלאַדאָווסקי קענען אונדז זאָגן זייער ווייניק, אָבער די עלפטע שורה, וועלכע וועט זיך אייך אײנשניידן אי אין באַוווּסטזיין, אי אין האַרצן, אי אין אויער, אי אין דער פאַרשטעלונג־קראַפט, וועט אומבאַדינגט זיין אַ פּשוטע, אָן אוממיטלבאַרע, אַ פּערזענלעכע און גלייכצייטיק — אַ נאַציאָנאַלע, און אַפילו אַן אַלמענטשלעכע.

ווי אַלץ, וואָס איז באמת דיכטעריש, איז אויך מאַלאַדאָווסקיס פּאָעזיע, נישט געקוקט אויף איר פּשוטקייט, אָנגעלאָדן מיט סימבאָלישקייט.

פּיס מײַנע, קריכט אַרײַן אין די לעדערנע כאָדאַקעס.
דאַכט זיך, כ'האָב שוין ווידער נישט קיין דאַך,
כ'ווייס נאָך נישט, צי כ'וועל האָבן אויף דער באַן,
כאַפּט אַרײַן זיך אין די צוגעווינטע לעדערנע כאָדאַקעס —
מירן ווידער לאָזן זיך אין שפּאַן.
פּיס מײַנע, האָט נישט קיין פאַראיבל,
גיין איז גיין — ס'איז אַן אייגענער דער טראַקט,
נישט קיין זוניקער —
אונטער טעראָר, אונטער פּאָגראָמען
גייען אַלע באָרוועסע, ווי איך.
שוין אַזוי פיל שפּראַכן האָט מײַן צונג געלערנט,
מאָדנע קאַלט איז מײַן געמיט צו זיי.
כ'טראָג אַ שפּראַך אַזאַ, ווי כ'טראָג אַ לעבן,
אונטער שינאה, האַגל און געשריי.
כאָטש מײַן האַרץ איז שוין אַ ביטל כריפּעוואַטע,
זײַנען שטאַרקע נאָך, ווי שטיין, די פּיס...

אָט אַזוי, אומבאַמערקט, גיסן זיך צונויף דאָס פּערזענלעכע מיטן אַלגעמיינעם. און לאַנג־לאַנג קען מע נישט פאַרגעסן עטלעכע פון די דאָזיקע פּשוטע בילדער און ריטמען.

זי הייבט אָן אין ליד אַליין צו גיין, אָבער אָט גייט שוין מיט איר מיט אַ גאַנץ פֿאָלק...

און דאָן אַפילו, ווען מאַלאַדאָווסקי דערגרייכט אַ גרויסע הויך פֿון פּאַטעטישער סימבאָליק, בלייבט זי פּשוט און, אין געוויסע מאָמענטן, אונטערן חשד פֿון אומ־פּאַטעטישקייט.

אָט אַזוי איז איר ליד:

אַ מעשה שהיה,
אַ מעשה פֿאַראַן,
עס פֿאַרט מײַן געבײַן
אויף דײַטשלאַנדס אַ באַן.
שכן, וווּ פֿאַרט אַ ייִד ? . . .
נאָר ס׳זיצט מײַן שכן שטײַנערדיק־פֿאַרקלערט
אין באַן אויף דײַטשלאַנדס ערד.
שכן, אפֿשר מאַכן מיר אַ קראַם
(„פֿון ראָזשינקעס און מאַנדלען")
אפֿשר מאַכן מיר אַ קראַם
ביזן נאָענטסטן פּאָגראָם ? . . .
איך וואַרט אויף יאושדיקן : מסכים.
איך וואַרט, אַז קלײַנגעלט זאָל אַ בליאַסק טאָן.
נאָר ס׳זיצט מײַן שכן שטײַנערדיק־פֿאַרקלערט
אין באַן אויף דײַטשלאַנדס ערד.
שכן, אפֿשר איצט וועלט־אויס, וועלן־אײַן
זיך אַ שמד טאָן ביזן דריטן דור אַרײַן.
איך וואַרט מײַן שכן זאָל אַ שאָקל טאָן אויף — יאָ.
איך וואַרט — — —
עס איז פֿון נאַכט די שוואַרצסטע שעה.
נאָר ס׳זיצט מײַן שכן שטײַנערדיק־פֿאַרקלערט
אין באַן אויף דײַטשלאַנדס ערד.
שטומער שכן, קענסטו אָנשרײַבן אַ וואָרט ?
שטומער שכן, קענסטו לייענען אַן אַלף ?
און ס׳גיבן ליפּן זיך אַ קרום :
— „איך קען פֿון חד־גדיא אַ שיר,
„דעם שיר מיטן נקמהדיקן חלף".

מאַלאַדאָווסקי האָט אָנגעהויבן זייער פּשוט. און אָט פּשוט אַזוי הייבט זי זיך אויף אַלץ העכער און העכער און זייער פּשוט דערגרייכט זי אין דאָזיקן ליד די מייס־

טערשאַפט פון פשטות און פּאָעזיע, דערהייבנדיק זיך צו נאַציאָנאַלער סימבאָליק, צו נאַציאָנאַלן פּאַטאָס פון גוואַלדיקן אינהאַלט.

יאָ, דער עיקר פון אינהאַלט, ווייל די פאָרעם בלייבט צו שוואַך פאַרן גראַנ־דיעזן אינהאַלט.

## ד) רייזל זשיכלינסקי

רייזל זשיכלינסקי איז אַ קינד פון איינעם פון יענע שטעטלעך, וועלכע האָבן געשאַנקען דער ייִדישער ליטעראַטור כמעט אַלץ, וואָס זי פאַרמאָגט און מיט וואָס זי קען זיך גרויסן. דאָס דאָזיקע אָפּגעשטאַנענע, שמאָל־האָריזאָנטיקע, כמעט פאַר־מבולדיקע ייִדישע שטעטל איז רעהאַביליטירט געוואָרן דורך דער ייִדישער ליטע־ראַטור, וועלכע זי האָט געשאַפן. ס׳אַרא פאַרשיידנאַרטיקע טאַלאַנטן דאָס דאָזיקע מאָנאָטאָנע שטעטל האָט אַרויסגערוקט! זייט ביי זייט און איינצייטיק מיטן סענטי־מענטאַל־וויכן שלום אַש — דער פּולבלוטיקער, רויער, זאַפטיקער, הגם אַ ביסל אייליקער איטשע־מאיר ווייסנבערג!ביידע גרויסע, הגם נישט קולטיווירטע טאַ־לאַנטן, אָבער ס׳אַרא אונטערשייד: אַש איז דורך און דורך אַ שבת־יום־טובדיקער, בעת ווייסנבערג איז אין גאַנצן אַ וואָכעדיקער.

איצט האָט אונדז איינס פון די דאָזיקע שטעטלעך ווידער איבערראַשט מיט זיינע פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן: עס האָט אונדז געשאַנקען שוין נישט עפּעס סטיי־כישס, ווי דאָס ווייסנבערגישע, נאָר עפּעס עקזאָטישס, ווייל רייזל זשיכלינסקי מאַכט דעם איינדרוק פון אַ געוויקס, וואָס איז אויסגעהאָדעוועט געוואָרן אין אַ טרייב־הויז־וואַרעמקייט. אַן עקזאָטיש טרייב־הויז־געוויקס איןווילדן פעלד!

לויטן אויסזען זעט רייזל זשיכלינסקי אויס ווי אַ דאָרף־מויד, — אַ שעמעוודיקע, נישט־געהובלטע, נישט־קולטיווירטע, אָבער די דאָזיקע איינוווינערן פון עפּעס אַ גאָמבין שרייבט לאַבאָראַטאָרישע פּערזן פון די סאַמע לעצטע מוסטערן. אירע לידער זיינען לחלוטין נישט ענלעך אויף דער ליריק פון אירע קאָלעגן אין דער ייִדישער פּאָעזיע אין פוילן נישט לויטן אינהאַלט, נישט לויט דער פאָרעם: אין דער צייט, וואָס די מערהייט יונגע פּאָעטן אין פוילן שפּילן אויף די אַזויגערופענע סאָציאַלע סטרונעס, באַנוצט זיך רייזל זשיכלינסקי מיט דער סאַמע אינטימער סטרונע פון דער ליריק — מיט דער סטרונע פון אינערלעכע איבערלעבונגען פון סאַמע דינעם כאַראַקטער, וואָס לאָזן זיך גאָר נישט לאָקאַליזירן. און אין דער צייט, וואָס כמעט אַלע יונגע ייִדישע פּאָעטן פון פוילן זיינען אַזוי צו זאָגן ראַציאָנאַליסטן אין זייער מעטאַפאָריק און אין זייערע בילדער, שעפּט זי, רייזל זשיכלינסקי, פון די סאַמע טיפענישן פון דער אונטערבאַוווסטזיניקער טייל פון אונדזער פּסיכיק. זי לאָזט זיך אַרונטער אויפן דעק פון איר אונטערבאַוווסטזיין און ווי טונקל, ווי נישט אַרטיקו־לירט עס זאָלן נישט זיין אירע וויזיעס, פיקסירט זי זיי אויפן פּאַפּיר. אירע בילדער זיינען נישט אויפצונעמען מיטן פאַרשטאַנד, אירע אַסאָציאַציעס זיינען נישט לאָגיש,

זיי גיבן זיך נישט אונטער קיין שכלדיקער איבערזיכט. זי שרייבט ווי אַ לונאַטיקער שפּאַצירט איבער די געזימסן פֿון די הײַזער, — זעלבסט־זיכער, אָבער פֿאַר אונדז אומבאַגרײַפֿלעך.

לויט זייער טעכניק צו באַנוצן זיך מיט דער מעטאַפֿאָר, לויט דער טונקלקייט פֿון זייער סטיל און לויט די רעקאָרד־שפּרונגען פֿון די אַסאָציאַציעס, דערמאָנען אירע לידער די לידער פֿון דער דייטש־ייִדישער פּאָעטין עלזאַ לאַסקער־שילער ווי אויך פֿון אַ סך אַנדערע ראַפֿינירטע עקספּערימענטאַטאָרן פֿון מערב־אייראָפּעיִשן פּערז, אָבער דער אונטערשייד צווישן זיי איז אין פּאַלגנדיקן: אויב ביי די מערב־אייראָפּעיִשע קאָלעגן פֿון רייזל זשיכלינסקי זייַנען די לידער פּונקט אַזוי אומפֿאַר־שטענדלעך ווי אירע, איז, לכל הפּחות, פֿאַרשטענדלעך דער וועג, מיט וועלכן זיי זייַנען דערגאַנגען צו זייערע טעאָריעס און עקספּערימענטן; אָבער ביי זשיכלינסקין איז אויך דער דאָזיקער וועג אומפֿאַרשטענדלעך. ווי אַזוי האָט די דאָזיקע פּרימי־טיווע, כמעט דאָרפֿישע מיידל באַהערשט דאָס ראַפֿינירטסטע פּאָעטישע געווער פֿון די עקספּערימענטאַלע שטרעמונגען אין דער הײַנטצײַטיקער ליריק?

די קונסט־פֿאָרשערס פֿאַרזיכערן אונדז, אַז די אַלטע עגיפּטישע קונסט קען מען אַרונטערנעמען אונטער דער רובריק פֿון די סאַמע מאָדערנע עקספּערימענטאַלע שטרעמונגען אין דער קונסט. דער געביט, אין וועלכן עס באַוועגט זיך די מענטש־לעכע פּסיכיק, איז — ווייזט אויס — קרייזאַרטיק און פֿון אַ גאַנץ באַגרענעצטן פֿאַרנעם, און דאָס סאַמע פּרימיטיווע באַגעגנט זיך זייער אָפֿט מיטן סאַמע ראַפֿינירטן; וואָס ווייטער פֿונעם פּרימיטיוון, אַלץ מער דערנענטערט מען זיך צו אים. דער מענטש קערט זיך אָפּט אום צו זיין אויסגאַנג־פּונקט, — גראָד דאַן, ווען עס דאַכט זיך אים, אַז ער איז אין גאַנצן אַוועק פֿון אים.

איז דאָך אויך די פּאָלקס־דיכטונג אָפֿט אומלאָגיש, טונקל, זי רעדט ווי פֿאַר זיך אַליין, אַריינלאָזנדיק דעם בליק אין די אייגענע טיפֿענישן, אינעם אייגענעם אונטערבאַוווּסטזיין, און זי ווערט זיין טונקעלער אָראַקול.

שאַנכיי, 1944

# בריוו ווי ליטעראַטור־ און קולטור־ געשיכטלעכע דאָקומענטן

## (עמיל זעגאַדלאָוויטש און זיינע לייענערס)

זייער אָפט דערקענט מען אַ שרייבער בעסער פון זיינע בריוו ווי פון זיינע ווערק. דאָס איז באַזונדערס ריכטיק ביי גאָר באַדייטנדיקע שרייבערס, וועלכע אינ־טערעסירן אונדז נישט ווי קינסטלערס נאָר ווי פּ ע ר ז ע נ ל עכ ק ײ ט ן. אין די ווערק האָבן מיר זיי אין די קאָנצענטרירטע יום־טוב־מאָמענטן, ווען זייער גאַנץ וועזן איז געווענדט אין איין פּונקט, ווען אַל דאָס איבעריקע ווערט פאַרטריבן פונעם באַוווּסטזיין־פעלד; אין די בריוו האָבן מיר זיי אין דער פילגעשטאַלטיקער וואָכע־דיקייט, ווען דער שטראָם פון זייער באַוווּסטזיין פליסט אין זיין געוויינטלעכן צו־זאַמענשטעל פון גרויס און קליינס, וויכטיקס און אומוויכטיקס. אין די ווערק זעען מיר זיי אין ראַמפּע־שיין; אין די בריוו — אין טאָג־ליכט. עס איז אוממעגלעך צו קענען גאָר גוט אַ גרויסן שרייבער אָן זיינע בריוו־זאַמלונגען. פאַראַן, למשל, ביי טאָלסטאָיען בריוו, וואָס דעקן אָפּ טיפער די מאָטאָרן פון דעם דאָזיקן קאָמפּליצירטן גייסטיקן ריז, ווי זיינע אַלע ווערק. ערשט אַ דאַנק די בריוו און די טאָגביכער — בריוו צו זיך אַליין! — באַגרייפן מיר ווי געהעריק זיינע ווערק.

און טאָלסטאָי איז נישט קיין אויסנעם, הגם זייער אַ בולטער ביישפּיל (מחמת דער קאָמפּליצירטער, טיפער אויטאָביאָגראַפישקייט פון זיינע ווערק).

בריוו האָבן אַ קאָלאָסאַלן באַטייט פאַר דער ליטעראַטור־געשיכטע, צוליב דער גרויסער ראָלע, וואָס זיי שפּילן אין דער געשיכטע (ביאָגראַפיע) פון די גרויסע דיכטערס און דענקערס.

אויך קולטור־געשיכטלעך שפּילן בריוו אַ גרויסע ראָל. אַ דאַנק פּריוואַטע בריוו (אַפילו נישט פון באַדייטנדיקע פּערזאָנען) קען מען קאָנסטרויִרן די אינער־לעכע און אויסערלעכע געשטאַלט פון אַ געשעעניש, פון אַ תקופה אַפילו.

אַזוי האָט, למשל, גוסטאַוו לאַנדויער, דער באַרימטער דייטש־ייִדישער רעוואָ־לוציאָנער (דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשע יונקערס אין 1919) אַרויסגעגעבן

אַ צוויי בענדיק ווערק „בריוו פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע", ווו לאַנדויער גופא האָט בלויז געשריבן דעם פאָרוואָרט און געגעבן אַ מינימום באַמערקונגען צו דער זאַמלונג פריוואַטע בריוו, וואָס זיינען אַ גרויסער צושטייער פאַר דער אינער־לעכער געשטאַלט פון יענער עפּאָכע.

אַזעלכע בריוו־זאַמלונגען דינען נישט נאָר ווי דאָקומענטן־מאַטעריאַל פאַר היסטאָריקערס, נאָר זיי העלפן קאָרעגירן דאָס פאַרקריפּלטע בילד, וועלכן נישט ווייניקע היסטאָריקערס מאָלן אויס פון פאַרשיידענע עפּאָכעס.

דער היסטאָריקער באַאַרבעט אָפט דעם מאַטעריאַל טענדענציעז (באַוווסטזיניק צי אומבאַוווסטזיניק), ער שניצט אים צו צו דער מאָס פון זיין קאָנצעפּציע און פאַרשטאַנד, בעת די בריוו זיינען אַן אוממיטלבאַר קול פון דער עפּאָכע, פון טאָג־טעגלעכן לעבן מיט זיינע דאגות, פאַרשטעלונגען, האָפענונגען און פאַקטן.

די דאָזיקע געדאַנקען וועגן דער ראָל פון בריוו אין דער ליטעראַטור־ און קולטור־געשיכטע זיינען אין מיר אויפגעקומען ביים לייענען אַן אויסערגעוויינטלעך אינטע־רעסאַנט פויליש בוך, וואָס איז דערשינען אין 1937 אין דער „קשענגאַרניאַ פּאָוו־שעכנאַ", אונטערן טיטל „מיר שרייבן בריוו", און זיין מחבר איז אַ קאָלעקטיוו: „עמיל זעגאַדלאָוויטש און די לייענערס פון 'קאָשמאַרן'" *.

פון די 194 זייטן פון בוך געהער זעגאַדלאָוויטשן די קלענסטע טייל, בלויז דאָס פאָרוואָרט און עטלעכע ווערטער פאַר און נאָך יעדן בריוו (און דאָס אויך נישט יעדעס מאָל).



דאָס דאָזיקע בוך איז נישט נאָר אינטערעסאַנט, נאָר אויך וויכטיק ווי אַ קול־טור־געשיכטלעכער דאָקומענט. „ווי עס זעט אויס — זאָגט זעגאַדלאָוויטש וויציק — וועט די עפּיסטאָלאָגראַפיע (דאָס שרייבן בריוו) פאַרבייטן אויף אַ געוויסער צייט די פּרעסע, — די יעניקע, וועלכע פעלט..."

ריכטיק. דאָס דאָזיקע בוך דעקט אָפּ די אינערלעכע געשטאַלט פון אונדזער צייט מיט דער לעצטער אָפנקייט, אפשר ווירקזאַמער ווי די „קאָשמאַרן", ווייל „בריוו — שרייבט זעגאַדלאָוויטש — סטימולירן די וויזיאָנערישקייט, רופן אַרויס קאָנ־צעפּציעס", דאָס הייסט זיי טוען די זעלביקע אַרבעט, ווי אַ קונסטווערק, אָבער גלייכ־צייטיק פאַרלירן מיר נישט די גאַנצע צייט די זיכערקייט, אַז עסריידן צו אונדז לעבעדיקע מענטשן, אוממיטלבאַרע עדות פון זייער אייגענעם לעבן און ליידן, פון זייער אייגענעם טראַכטן און בענקען. די צייט רעדט צו אונדז דורך איר איינציקן רעפּרעזענטאַנט — דעם מענטשן — דירעקט, פון האַרץ צו האַרץ, פון מוח צו מוח.

*) „קאָשמאַרן" — דער טיטל פון עמיל זעגאַדלאָוויטשס אַ ווערק.

מיר קומען דאָ אין אַ הייליקער קאָמוניע מיט די אינטימסטע ליידן און האָפענונגען פונעם היינטיקן מענטשן, אויף וועמען עס לאַסטן די קאָשמאַרן און וואָס פילן זיך באַפרייט דורך זעגאַדלאָוויטשעס „קאָשמאַרן" (ליידן, וואָס געפינען קינסטלעריש אַ תיקון — ווערן באַפרייט פון אומזין).

*

מיר האָבן געוווּסט אַז זעגאַדלאָוויטשעס ק אָ ש מ אַ ר ן האָבן אַרויסגערופן אַ גרויסן טומל אין דער פּרעסע: רעצענזענטן און קריטיקערס האָבן געלויבט און געטאַדלט און זעגאַדלאָוויטש האָט אויפגענומען דעם קאַמף אויף די שפּאַלטן פון „וויאַדאָמאָשטשי ליטעראַצקע"*; די צענזור האָט קאָנפיסקירט און דער עולם האָט געלייענט; מ'האָט געהעצט קעגן זעגאַדלאָוויטשן און אים גענומען אין שוץ, — אָבער ביז דער דאָזיקער בריוו־זאַמלונג האָבן מיר נישט געהאַט קיין אַנונג ווי טיף זעגאַדלאָוויטשעס „קאָשמאַרן" האָבן אויפגעטרייסלט די געזעלשאַפטלעכקייט אין גאַנץ פּוילן. מיר האָבן פריִער געוווּסט מער וועגן אויסערלעכן טומל, — איצט שפּירן מיר די אינערלעכע ווירקונג.

די עטלעכע און זיבעציק בריוו פון דער דאָזיקער זאַמלונג זיינען בלויז אַ קליינע טייל פון די בריוו, וואָס האָבן בוכשטעבלעך פאַרפלייצט זעגאַדלאָוויטשעס שטוב, בריוו ווי אַן ענטפער אויף דער העצע קעגן אים. אָבער ס'איז אַ רייכקייט פון געפיל און געדאַנק זיי פאַרמאָגן, די דאָזיקע עטלעכע זיבעציק בריוו פון פרויען און מענער, יונגע, אַלטע און יוגנטלעכע, פון פאַרשיידענע שיכטן, פון פאַרשיידענע לעבנסאַנשויונגען און לעבנס־שיקזאַלן. פאַראַן בריוו, וואָס זיינען בעסער, אינטערעסאַנטער און רייפער אין זייער עסטעטישן און געזעלשאַפטלעכן אורטייל פון נישט ווייניק אַרטיקלען פון באַקאַנטע קריטיקערס, פאַראַן ווידער בריוו, וואָס שטאַמלען אין זייער געריכטקייט און דערשיטערטקייט, — אָבער אַלע ציִען זיי זיך מיט דאַנק, באַוווּנדערונג און צוטרוי צום מייסטער, וועלכער האָט מיט זיין טאַלאַנט און מוט אַריינגערעדט דירעקט אין זייערע מוחות און הערצער. זעגאַדלאָוויטשן איז געשען אַ גליק, וואָס נישט יעדער קינסטלער, אַפילו אַ גרויסער, דערלעבט עס: טויזנטער קאָשמאַר־געפּייניקטע האָבן אויפגענומען זיין ווערק ווי אַן ענטפער אויף זייערע שטומע הילף־געשרייען. פאַראַן בריוו, געשריבן מיט אַזאַ צאַרטער ליבע און אַזאַ שאַרפער אינטעליגענץ, אַז אַ שרייבער, וועלכער באַקומט זיי ווי אַ באַלוינונג פאַר זיין אַרבעט, קען רויִק זאָגן: וואָס איז די אומשטערבלעכקייט אַקעגן דער דאָזיקער לעבעדיקער פאַרבונדנקייט מיט דער ליידנדיקער שטערבלעכער מ ע נ ט של ע כ ק ײ ט?

* ליטעראַריש וואָכנבלאַט, אין פּויליש, דערשינען אין וואַרשע.

אַזעלכע בריוו, ווי די לייענערס פון די „קאַשמאַרן" האָבן געשיקט צו זייער מייסטער, קען מען בלויז כאַראַקטעריזירן, אָבער נישט ציטירן און איבערדערציילן. זייער ווערט באַשטייט נישט אין איינצלנע געדאַנקען און געפילן זייערע, נאָר אין זייער גאַנצער דינקייט, אין דער וויזיע פון די מענטשן, וועלכע זיי רופן אַרויס מיט אַזאַ שאַרפקייט אַז זיי ווערן נאָענט ווי די נאָענטסטע. די דאָזיקע בריוו דאַרף מע לייענען כדי צו זען, אַז דאָס לעבן באַשטעטיקט אונדזער אינטעלעקטועל וויסן וועגן דעם, אַז הינטער מויערן און וויטקייטן, אַז אונטערן אַש און שניי פון היינטיקן לעבן זיינען דאָ אַ סך מער איידעלע, גערעכטע און נשמה־רייכע, ווי עס קען זיך אויסדאַכטן לויט דער פרעסע, וואָס פעלט דווקא נישט...

*

צווישן די בריוו, וואָס זעגאַדלאָוויטש האָט באַקומען, זיינען אויך געווען זידל־בריוו. נישט נאָר די איידעלע האָבן זיך געאיילט אויסצודריקן זעגאַדלאָוויטשן זייער דאַנק, נאָר אויך די גראָבע — זייער פאַראַכטונג.

צווישן די עטלעכע און זיבעציק בריוו, וואָס זעגאַדלאָוויטש האָט פאַרעפנט־לעכט, זיינען דאָ אויך עטלעכע זאַפטיקע מוסטערן פון זידלעריי. זעגאַדלאָוויטש האָט אויסגעוויילט די סאַמע העסלעכסטע זידל־בריוו (מער כאַמישע קען מע זיך גאָר נישט פאָרשטעלן). און עס וואַרפט זיך אין די אויגן: די באַגייסטערטע ליבע־בריוו זיינען אַזוי רייך, אַזוי אינדיווידואַליזירט, אַזוי אָנגעלאָדן מיט אינטימער אי־בערלעבונג, בעת די זידל־בריוו זיינען אָרעם (נישט אין געדאַנק — דער דאָזיקער מין איז בכלל דאָרט נישטאָ) אין אויסדרוק, אין אינדיווידועלער שפּראַך. עס איז דאָ דאָרט בלויז אַן אומבאַגרענעצטע צאָל מאַרק־אויסדרוקן. דערביי איז אינטערע־סאַנט, אַז געשריבן האָבן דאָס „אינטעליגענטע", רעליגיעז־דערצויגענע פרויען, און אויסגעדריקט האָבן זיי אויף אַזאַ אופן זייער אויפגעבראַכטקייט אויף די מיאוסע ווערטער אין בוך „קאַשמאַרן". עס זעט אויס ווי אַ פּאַראָדיע, אָבער ס'איז, צום באַדויערן, די רעאַלסטע ווירקלעכקייט.

ווייזט אויס, אַז דער קלענסטער אויסדרוק פון רעאַקציע, פון כאַמישקייט איז פאַרמישפּט צו טראָגן דעם זעלביקן גורל פון אומשעפערישקייט, פון באַגרעניצט־קייט, ווי דער סאַמע גרעסטער אויסדרוק פון רעאַקציע — דער פאַשיזם.

ווי רייך עס איז די פּראָגרעסיווע ליטעראַטור, דער פּראָגרעסיווער געדאַנק, און ווי אָרעם די רעאַקציאָנערע, די פאַשיסטישע.

דער אמת איז רייך, פילגעשטאַלטיק ווי דאָס לעבן מיט זיינע טיפע איבערלעבונגען; דער ליגן איז אָרעם און שטייף ווי אַ מאַסקע, וועלכע מע ציט אַרויף אויף דער פילגעשטאַלטיקייט.

ווען דער רוסישער הייליקער סינאָד האָט אַריינגעלייגט טאָלסטאָיען אין חרם,

האָבן זיך פון גאַנץ רוסלאַנד און פון דער גאַנצער וועלט אַ שאָט געטאָן באַגריסונג־אויסדרוקן צום ריז פון „יאַסנאַיאַ פּאַליאַנאַ״. צווישן די דאָזיקע בריוו זיינען אָבער אויך געווען זידל־בריוו. און סיי די זידל־בריוו צו טאָלסטאָיען, סיי די זידל־בריוו צו זעגאַדלאָוויטשן זיינען דערשטוינלעך ענלעך נישט נאָר לויט זייער באַגרענעצטן וואָרט־ און באַגריפן־אוצר. פאַרשיידענע אינדיווידואַליטעטן פון פאַרשיידענעם פאַר־נעם אין פאַרשיידענעם באַטייט זיינען אַ טאָלסטאָי און אַ זעגאַדלאָוויטש, אָבער זייערע זידלערס זיינען די זעלביקע. ביידע ווינטשן זיי זייערע זידל־אָביעקטן אַ שנעלן טויט, ביידע וואַרפן זיי אַרויס אויפן געדולדיקן פּאַפּיר אַ געוויסע צאָל נישט־אַרטיקולירטע מיאוסע זידל־ווערטער און — שוין. אויף מער פעלט זיי אויס אָטעם.

מ׳קען דרייסט פאַרבייטן די בריוו. קיינער וועט דעם בייט נישט באַמערקן, פּונקט ווי קיין שום באַקטעריאָלאָג וועט נישט באַמערקן דעם אונטערשייד צווישן איין טיפוס־באַציל און דעם צווייטן.

וואַרשע, 1938.

# די פּסיכאָלאָגיע פון יאַנקל שאַפּשאָוויטש

שלום אַש׳ס דראַמע „גאָט פון נקמה״, ווו יאַנקל שאַפּשאָוויטש האַלט אין אונטערשטן שטאָק אַ הייזל און אין אייבערשטן אַ ספר־תורה, וואָס זאָל אָפּהיטן זיין טאָכטער פונעם אונטערשטן בייז, איז דורך שלום אַשן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מעלאָדראַמע.

שלום אַש האָט בכלל אַ שטאַרקע נייגונג צו מעלאָדראַמע. און אויב ער פאַלט אָפּט אַריין אין מעלאָדראַמאַטיזם אַפילו אין די ראָמאַנען, ווו ער געפינט זיך אויף זיין געביט, איז שוין קיין וווּנדער נישט, וואָס ער פאַלט אַריין אין דאָזיקן חטא, ווען ער נעמט זיך צו דער דראַמאַטישער פאָרעם, — אַ פאָרעם, וואָס איז אַבסאָלוט פרעמד זיין טאַלאַנט. איז דאָך דער שוואַכסטער פּונקט פון שלום אַש׳ס ראָמאַנען דער דיאַלאָג, וועלכן ער באַהערשט לחלוטין נישט.

איז טאַקע אַ גרויסער שאָד, וואָס דער שטאָף פון „גאָט פון נקמה״ איז פאַר־מעלאָדראַמאַטיזירט געוואָרן, וואָס אין דער מעלאָדראַמע פון יאַנקל שאַפּשאָוויטשעס שטראָף איז דערטרונקען געוואָרן דער קערן פון דער יאַנקל שאַפּשאָוויטש־געשטאַלט, — אַ געשטאַלט, וואָס טראָגט פּאָטענציעל די מעגלעכקייט צו ווערן איינע פון די גרויסע צענטראַלע געשטאַלטן אין דער וועלט־ליטעראַטור, ווי שעקספּירס „פאַל־סטאַף״, ווי מאָליערס „קאַרגער״. אויב די געשטאַלט פון יאַנקל שאַפּשאָוויטש וואָלט באַקומען איר פולע קינסטלערישע אַנטוויקלונג, וואָלט יאַנקל שאַפּשאָוויטשיזם געוואָרן פּונקט אַזאַ באַגריף, ווי דאָן־קיכאָטיזם, ווי פאַלסטאַפיזם. ווייל יאַנקל שאַפּשאָוויטש דעקט אָפּ אַן אייגנאַרטיק ווינקל פון דער מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע; און די דאָזיקע פּסיכאָלאָגיע קען באַצייכנט ווערן ווי די פּסיכאָלאָגיע פון יאַנקל שאַפּשאָוויטשיזם. ווייל יאַנקל שאַפּשאָוויטש איז אַן אַלמענטשלעכער טיפּ.

*

אין וואָס באַשטייט די פּסיכאָלאָגישע דערשיינונג פון יאַנקל שאַפּשאָוויטש?

דער מענטש ווייס, אַז אַ סך זאַכן טאָר ער נישט טאָן. צי דאָס זאָגט אים זיין געפיל, צי דער עטישער מאָסן־באַוווּסטזיין, צי די רעליגיע, איז אין אונדזער פאַל

נישט וויכטיק. דער עיקר איז, אַז דער מענטש גלייבט אויף כלערליי אופנים אין געוויסע פאַרבאָטן, וועלכע מע טאָר נישט אַריבערטרעטן. אָבער דאָס „פליישׁ איז שוואַך": דער מענטשלעכער עגאָיזם, די גיריקייט פון לעבנס־אינסטינקט, פון אויס־שפּרייטונג־אינסטינקט, פון געניוס־פאַרלאַנג איז מעכטיק, שיער נישט אַלמעכטיק. דער רוב מענטשן איז נישט בכוח מותר צו זיין, צוליב זייער גלויבן, אויף דעם קלענסטן פּערזענלעכן נוצן, — וועגן ברענגען גרעסערע קרבנות איז דאָך אָפּגערעדט. אָבער זייער וויניק מענטשן זיינען אויך אין אַזאַ מאָס אַנטי־מאָראַליש אָדער אַמאָ־ראַליש, אַז זיי זאָלן נישט האָבן — אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס — דאָס געפיל, אַז זיי זיינען נישט אין אָרדענונג לגבי זייער גלויבן. און זיי פילן אַ באַדערפעניש צו קאָמפּענסירן זייער גלויבן פאַרן עובר זיין אויף אים, — און זיי קאָמפּענ־סירן אים דורך אָבערגלויבן. וואָס שוואַכער עס איז ביי עמעצן דער גלויבן, ווען ער דאַרף זיך פאַרהאַנדלען אין מעשים, אַלץ שטאַרקער איז ביי אים דער אָבערגלייבן, וואָס צילט צו קאָמפּענסירן די דאָזיקע שוואַכקייט. אָבערגלויבן איז די פרומקייט פון די, וואָס זיינען צו־שוואַך צו לעבן פרום, ווי דאָס פאָדערט פון זיי זייער גלויבן.

יאַנקל שאַפּשאָוויטש איז צו־שוואַך אָפּצוזאָגן זיך פון דער פרנסה, וואָס אַ פריילעך הייזל ברענגט, אָבער ער פילט, אַז ער זינדיקט און ער האָט מורא פאַר דער נקמה פון דער דאָזיקער זינד, — לאָזט ער דעריבער שרייבן אַ ספר־תורה, וואָס זאָל האַלטן גלייכגעוויכט אין זיין זינד.

איר זעט עס אָבער נישט נאָר אין שלום אַשס דראַמע, ביי יאַנקל שאַפּשאָוויטש. די גרעסטע צאָל מענטשלעך לאָזן נייען פאַר ספר־תורהס די זינדיקסטע פרויען. דער באמת־פרומער וועט געבן הילף אַ מענטש, נישט באַטראַכטנדיק זיינע ציצית; אַ זינ־דיקער אָבער, וואָס פילט זיך זינדיק, וואָס פילט זיך שוואַך נאָכצוקומען די פאָדערונגען פון זיין גלויבן, וועט געבן הילף דווקא אַ פרומען, כדי יענעמס פרומקייט זאָל אויך אים שיצן, כדי זיך אַריינצושמוגלען אין גן־עדן אונטער יענעמס פאָלע, ווי קאָנטראַ־באַנדע. די כלי־קודש פון אַלע פעלקער לעבן, צום גרעסטן טייל, אויפן חשבון פון די זינדיקע, זיי זיינען זיך, אומדירעקט, מפרנס פון זינד. זיי לעבן אויף קעסט ביי די יעניקע, וועלכע ווילן זיך קויפן עולם־הבא אין זייער זכות.

איך האָב אַ מאָל געהערט אַן אינטערעסאַנטן פאַקט וועגן אַ למדן, וואָס האָט פיין געלעבט אין סיבירער יידישן מידבר פון דעם, וואָס ער פלעגט לערנען אַ פרק משניות פאַר די געשטאָרבענע עלטערן פון די יידישע זונות.

נישט ביי אַלע שאַפּשאָוויטשעס איז דאָס געפיל פון זינדיקייט אַזוי שטאַרק און דאָס געפיל פון וועלן אויסקויפן די זינד לגבי די עלטערן אַזוי רירנדיק, ווי ביי די אויבן דערמאָנטע זונות. אָבער אומעטום, ווו זינדיקע צבועקעס טרעטן אַרויס ווי פּאַרטיידיקערס פון רעליגיעזן גלויבן (אָדער פון אַנדערע גלויבנס), ווו הפקר־יונגעען האַקן ציין און זייטן ווי באַשיצערס פון שטעטלשן רבס אויטאָריטעט, — אומעטום האָבן מיר פאַר זיך די דערשיינונג פון יאַנקל שאַפּשאָוויטשיזם, פון שאַפּשאָוויטשעס

פּסיכאָלאָגיע: זיי ווילן אויפן קהלשן חשבון אַריינכאַפּן אַ ביסל עולם־הבא, פּאַר וועלכער זיי קענען נישט פּועלן ביי זיך צו צאָלן מיט אַ ביסל עולם־הזה.

די דאָזיקע דערשיינונג פון יאַנקל שאַפּשאָוויטשיזם האָט נאָך אַ צווייטע זייט פון דעם מעדאַל: דאָס, וואָס די פּרומע, די כלי־קודש (אויך פון וועלטלעכע רעליגיעס), זיינען תמיד גרייט אָנצונעמען די הילף פון די טרייפניאַקעס.

אָבער דאָס גייט שוין אַרויס פון די ראַמען פון יאַנקל שאַפּשאָוויטשיזם, — דאָס געהער שוין צו דער ממשלה פון פּאַלסטאַפן.

נישט צו דער ממשלה פון אָבערגלויבן, נאָר פון צביעות.

שאַנכיי, 1942

# זיבן רעפעראטן אויף יידישע טעמעס

## א

## וועגן קיום און המשך פון יידישן פאָלק

קיום און המשך איז די ריכטיקע טאָפּל־באַצייכענונג פאַר אונדזער טעמע, ווייל קיום אַליין באַטייט נאָך נישט קיין המשך, קיין המשכדיקן קיום.

אַ מענטש וואָס זיין „איך" איז געשפּאָלטן, צעצוויט אָדער וואָס פאַרלירט דעם זכרון, עקסיסטירט. מע קען ריידן וועגן זיין פיזישן „קיום", אָבער קיין גייסטיקן המשך פאַרמאָגט ער נישט.

דאָס זעלביקע איז גילטיק אויך פאַר אַ פאָלק. ווען זיין נאַציאָנאַלער „איך" איז געשפּאָלטן, ווען עס ליידט אויף אַ זיכרון־פאַרלוסט, קען מע ריידן וועגן זיין פיזישן קיום, אָבער נישט וועגן זיין גייסטיקן המשך.

מיר ווילן אָבער פאַרן יידישן פאָלק נישט נאָר פיזישן קיום, נאָר אויך (און בעיקר) אַ גייסטיקן המשך, ווייל נאָר צוליב דעם לעצטן אַליין איז אפשר באַרעכטיקט און ווערטפול אונדזער קאַמף פאַר אַ פיזישן קיום.

וואָס פאַרשטייען מיר אָבער אונטערן באַגריף „גייסטיקער המשך"? צי מיינט דאָס, אַז אַלץ מוז בלייבן היינט און מאָרגן, ווי עס איז געווען נעכטן און אייערנעכטן? אָדער מיינט עס אפשר גיכער ר' מאירס דרך, וואָס ער גופא האָט בילדלעך אויסגעדריקט אין זיין זאָג, אַז ווען ער געפינט אַ מילגרוים, וואַרפט ער אַוועק די שאָל און עסט אויף זיינע קערנער?

גייסטיקער המשך קען בשום אופן נישט מיינען (ווי מיר וועלן דאָס נאָך גענויער באַהאַנדלען) קיין אייביקער סטאַטוס קוואָ; עס קען בלויז מיינען אַ פּראָצעס פון עוואָלוציע, ביי וועלכן די שאָל, אָדער די פאָרעם ווערט בהדרגהדיק־לאַנגזאַם געביטן און דער אינהאַלט, דער קערן, ווערט כסדר אַנטוויקלט. מיט איין וואָרט: נישט קיין מעכאַנישער סטאַטוס קוואָ, וואָס מוז אָנהאַלטן אייביק; אויך נישט קיין פלוצלינגדיקער איבערייס מיטן פריער, נאָר אַן אָרגאַנישע, שעפערישע אַנטוויקלונג, ווי דאָס איז פאָרגעקומען מיטן יידנטום אויך ביז איצט (ווי מיר וועלן דאָס נאָך שפּעטער זען געזעוויער).

אין וואָס באַשטייט אָבער דער קערן, דער אייביקער קערן פון ייִדישקייט, וואָס איז פּושט צורה און איז לובש צורה און בלייבט דאָך, אין אַלע זיינע געשטאַלטן — קערנדיק דאָס זעלביקע?

צי איז בכלל דאָ אַזאַ ספּעציפישער ייִדישקייט־קערן, וואָס צוליב זיין המשך לוינט צו ליידן די צרות און די אַנשטרענגונגען פון אונדזער קיום?

פאַר מיר איז נישטאָ דער מינדסטער ספק, אַז אַזאַ ספּעציפישער ייִדישקייט־קערן איז דאָ. איך שפּיר אים מיט יעדן נערוו מיינעם. דער אייביקער קערן פון ייִדנטום איז אין די ווערטער: „א ו ן א י ר ז א ל ט מ י ר ז יי ן א ה יי ל י ק פ א ל ק".

קיין שום קולטור האָט אַזוי נישט געריסן זיך צו הייליקן דעם מענטשן אין זיין טאָג־טעגלעכקייט, ווי עס האָט דאָס געטאָן די ייִדישע קולטור.

די אומות־העולם האָבן אויך אַרויסגעבראַכט גרויסע געדאַנקען דורך גרויסע און אַפילו הייליקע פּערזענלעכקייטן, אָבער קיין מאַסן־דערשיינונג פון אַ באמת הייליקן לעבן איז ביי זיי נישט געווען; קיין טענדענץ און קיין דערגרייכונג צו הייליקן דאָס לעבן אין דער טאָג־טעגלעכקייט פון יעדן יחיד פון דער געזעלשאַפט, איז ביי קיינעם, אַ חוץ ביי ייִדן, נישט געווען אין אַזאַ בולטער פאָרעם. אין דער ריכטונג צו הייליקן דעם מענטשנס טאָג־טעגלעכקייט איז דאָס ייִדנטום אַוועק צום ווייטסטן. און דאָס איז דער זין און דאָס שטרעבן פון ייִדנטום, פון דער ייִדישער קולטור. דער אור־טרוים פון ייִדישן פאָלק, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין די חומש־ווערטער „און איר זאָלט מיר זיין אַ הייליק פאָלק", האָט אין משך פון אונדזער לאַנגער געשיכטע אָנגענומען פאַרשיידענע פאָרמען אין די פּרטים, אָבער דער קערן איז תמיד געבליבן אָט־אָ־דער שטאָלצער, ליידנשאַפטלעכער טרוים פון אַ „הייליק פאָלק", פון אַ „מלוכה פון כהנים" (נישט אַ מלוכה, וואָס זאָל באַהערשט זיין דורך כהנים, נאָר אַ מלוכה, וווּ יעדער יחיד זאָל ווי אַ כהן אָפּהיטן די גייסטיקע ריינקייט).

אָט דער קערן פון ייִדנטום איז ווערט אַ המשך דורך אונדזער קיום.

איך האָב אַ מאָל געהאַט אַ שמועס מיט עטלעכע אויסטראַליער אינטעלעקטואַלן וועגן דער אַנדערשקייט פון דער ייִדישער קולטור. איך האָב אָבער דערפילט, אַז אַפילו מיט אַ סך אַ בעסערן ענגליש פון מיינעם וועט זיין שווער באַגרייפלעך צו דערקלערן אָט דעם אונטערשייד, וועלכן איך פיל מיט מיין גאַנצן וועזן.

אין פאַרלעגנהייט האָב איך זיי דערציילט די מעשה פון חסידישן פאָלקלאָר (הגם דאָס איז וואַרשיינלעך אַ פאַקט), ווי אַזוי אַ פרוי פון אַ רבין האָט זיך שבתדיק אויסגעפּוצט, כדי צו גיין מיט איר דינסט, אַ יתומה, צום רב וועגן אַפּזאָגן איר, דער יתומה, פון דער שטעלע.

ווען די רביצין האָט דערזען אַז דער רבי טוט אויך אָן די שבתדיקע קאַפּאָטע, האָט זי אים געזאָגט, אַז זי נייטיקט זיך נישט אין זיין הילף, — זי וועט אַליין וויסן

וואָס צו טענהן ביים רב. האָט איר דער רבי געענטפערט: „אַז דו ווערסט זיך קענען אויסטענהן, ווייס איך; אָבער איך גיי צום רב, כדי צו העלפן דער יתומה זיך אויסטענהן, — זי וועט אַליין נישט קענען זיך אויסטענהן מיט דיר".

אָט דאָס קליינע מעשהלע האָט פאַר די אויסטראַליער אינטעלעקטואַלן בולט געמאַכט דאָס, וואָס איך האָב נישט געקענט אַרויסברענגען אין לאָגישע באַגריפן: צי דאָס דאָזיקע פאָלקלאָר־מעשהלע איז אַ רעאַלע געשעעניש, אָדער עס דריקט אויס די בענקשאַפט פון דער יידישער פאָלקס־נשמה, — דער אַראָמאַט זיינער איז אַ ספּעציפישער, וואָס טיילט אים אויס פון אַלע אַנדערע קולטור־אַראָמאַטן.

אין אָט דעם מעשהלע (וואָס האָט אַן אויסטראַליער שרייבערן געריררט כמעט ביז טרערן) איז דער טיפסטער עקסטראַקט פון יידנטום. אַ קולטור, וואָס אַזאַ רבי (אַזאַ מענטש!) איז איר טרוים, איר ציל, איר פּראָדוקט, האָט פאַרדינט אַז מע זאָל זאָרגן פאַר איר המשך. ווען אַזאַ מעשהלע וועקט אויף אין מיר דעם ספּעציפישן אַראָמאַט פון יידישן לעבן, ווען עס גיט מיר אַ קאָנקרעטן באַגריף צו וואָס יידן האָבן געשטרעבט, ווען עס גיט מיר אַ ברענג נעענטער דעם ים פון חסידישן פאָלקלאָר און דעם ים מתנגדישע מוסר־ספרימלעך, ווען איך דערמאָן זיך און כ'דערזע און כ'דערפיל אָט דאָס אַלץ, פאַרכאַפּט מיר דער אָטעם און עס שווינדלט מיר אין קאָפּ פון דער הויך, אויף וועלכער איך ווער פאַרטראָגן דורך זיי.

און דאָס אויבן געזאָגטע איז נישט קיין אויסגעטראַכטע התפעלות מיינע, נאָר אַ ווירקלעכקייט (פאַר מיר יעדנפאַלס).

און ווען איך רייד וועגן קיום און המשך פון יידישן פאָלק, איז דאָס פאַר מיר אַ צווייזיקייט, וואָס איז אַן איינהייט: איך וויל אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל האָבן אַ קיום, כדי צו קענען ממשיך זיין די גרויסע, איינציקאַרטיקע יידישע קולטור, וואָס האָט קיין מאָל נישט געוואָלט זיין אַבסטראַקט ,וואָס האָט קיין מאָל נישט געוואָלט בלייבן איינגעשלאָסן אין ספרים אָדער אין יחידים, נאָר איר פאַרלאַנג און חלום איז געווען אַרומצוגיין אין גאַס, אויסגעלעבט צו ווערן אינעם לעבן פון יעדן יחיד.

און זי האָט אויך געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג אין איר שטרעבן, אָט די ספּע־ציפישע יידישע קולטור.



צי מוז אָבער (ווי שוין געפרעגט אויבן) דער המשך פון יידנטום זיין פונקט דער זעלביקער ווי ער איז איצט ביי די אָרטאָדאָקסן? צי מוז זיין מאָרגן זיין אַ סטאַטוס קוואָ פונעם היינט און פונעם אייערנעכטן אויך אין דער פאָרעם?

מיר ווייסן פון דער געשיכטע — און אַפילו פון דער סאַמע נאָענטסטער צו אונדזערע טעג — אַז אַזאַ המשך־פאָרעם קען פון צו־לאַנג געדויערן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שאָל־המשך, אַן דעם קערן. די פאָרמען ווערן אַ געוווינשאַפט — בלויז אַ געוווינהייט! — און הערן אויף צו דערמאָנען אין דעם, וואָס עס האָט זיי אַרויס־

גערופן צום לעבן. קעגן דעם האָבן נאָך געדונערט די נביאים. נישט קעגן די פּאָרמען גופא האָבן זיי געדונערט, נאָר קעגן די מעכאַניש־געוואָרענע פּאָרמען.

און מיר ווייסן אויך, אַז אַ המשך קען זיין קערנדיק אויך אָן דער שאָל.

די שאָל אָדער די פּאָרעם — אין דאָזיקן פאַל די מצוות־מעשיות, די טראַדיציע — איז אַ גרויסע און וויכטיקע זאַך, אָבער זי מוז זיין לע־בעדיק, אַן אָרגאַניש־אויסוואַקסנדיקע צוזאַמען מיטן ייִדישקייט־קערן פונעם דור. זי דאַרף אויסוואַקסן מיטן קערן, און זי דאַרף לעבעדיק אַרומנעמען דעם קערן.

מען טאָר נישט מיט געוואַלט רייסן די שאָל פון קערן, איידער ער וואַקסט בהדרגהדיק אַרויס פון איר; אָבער ווען די שאָל שפּאַלט זיך און דער קערן נעמט גרויסקריכן פון איר, טאָר מען אים נישט צוריקשטופּן מיט געוואַלט אין דער געשפּאָלטענער שאָל אַריין, פון וועלכער ער רייסט זיך צו באַפרייען — דער קערן קען דאָרט נעמען פוילן; מ׳דאַרף אים אָבער אויך נישט לאָזן זיך וואַלגערן (ווייל אויך אין דעם פאַל וועט ער פאַרפוילט ווערן און גיין לאיבוד), — מע מוז אים פאַרפלאַנצן אין זיך, אין אייגענעם גייסט, פלעגן אים, כדי ער זאָל נעמען וואַקסן פון ס׳ניי, אָרגאַניש פאַרבונדן מיט אַ נייער שאָל, מיט נייער פאָרעם, מיט נייער און דאָך מיט המשך־שמעקנדיקער טראַדיציע.

נישט רייסן די שאָל, ווען זי איז נאָך אָרגאַניש פאַרבונדן מיטן קערן (ווי דאָס האָט עקסטרעם געטאָן די יעווסעקציע, און מילדער — אויך אַנדערע), און נישט קינסטלעך שטופּן דעם קערן אין דער אָפּפאַלנדיקער שאָל (ווי דאָס טוט היינט די עקסטרעמע אָרטאָדאָקסיע).

אין ווילנע, בעת די באָלשעוויקעס זיינען אַהין אַריינגעקומען אין 1941, האָב איך געוווינט אין אַ דירה אויף אַ צווייטן גאָרן. אונטער מיר, אויפן ערשטן, האָט געוווינט אין זלמן רייזענס שטוב, זלמן מייזנער (דער „פּריילאַנדיסט” פון וואַרשע), און איבער מיר, אויפן דריטן שטאָק — דער בריסקער רב מיט זיין מישפּחה (יעדעס מאָל, ווען איך פלעג זען אויף די טרעפּ זיינע זין, פלעג איך זען פּרצעס „מקובלים”).

אין די שלאָפלאָזע נעכט פלעג איך זיך צוהערן צי מע גייט נישט אַרעסטירן מייזנערן; און ער פלעגט זיך צוהערן צי מע גייט נישט מיך אַרעסטירן. און פאַרטאָג פלעגן מיר זיך טרעפן אויפן מיטן וועג צווישן ערשטן שטאָק און דעם צווייטן — יעדער איינער האָט געוואָלט וויסן צי מע האָט דעם צווייטן נישט אַרעסטירט.

אין יענע שלאָפלאָזע נעכט פלעג איך הערן איבער מיר די שווערע טריט פונעם בריסקער רב. ער פלעגט שפּאַן־לאַנג אַרומשפּאַנען הין און צוריק. ער האָט אויסגעלאָדן דעם אומרו אין נערוועזן שפּרייזן. אָבער עס איז נישט געווען קיין איין נאַכט אַז ער זאָל, נאָכן אויסלאָדן דעם אומרו, נישט זעצן זיך לערנען. און ער פלעגט דאַן לערנען מיט קראַפט און רו, באַזיגנדיק זיין אומרו און דעם דרויסן, פון וואַנען דער אומרו פלעגט קריכן צו אים.

אין מיין נישט אויסגעלאָדעגעם אומרו פלעג איך זיך ציִען צום דאָזיקן מעכטיקן דעמב איבער מיר. איך פלעג פיבערן מיט וויזיעס, ווי איך קום אַרויף צו אים, טוליע זיך גייסטיק צו צו אים און כ'ווער אויך שטאַרק און רויִק, פאַרוואָרצלט אין אַ טויזנט־יאָריקן יש, אַריינגעוועבט אין אַ טויזנט־יאָריקן וואָרצל.

אָבער אין דער פרי פלעג איך פילן אַז איך קען מיין קערן נישט אַריינטאָן צוריק אין דער שאָל, וואָס איז פון אים אַראָפּגעפאַלן, און וואָס איז נאָך לעבעדיק פאַרן בריסקער רב.

איך פלעג דערשפּירן, אַז דעם בריסקער רבס יִדישקייט־מהות קען אָננעמען אויך די פאַרשיידנסטע פאָרמען פון יִדיש־וועלטלעכן קידוש־השם, ווי מיר האָבן דאָס שפּעטער טאַקע אַזוי אָפט געזען אין די לעצטע יאָרן, אין די געטאָס, אין די לאַגערן, אויף די עקזאָדוס־שיפן און אין ישראל.

דער דאָזיקער ענין איז זייער אַ שווערער, אַ קאָמפּליצירטער, אָבער איינס איז קלאָר: די יִדישקייט־פאָרעם פון דער היינטיקער אָרטאָדאָקסיע מוז נישט (און קען גאָר נישט) זיין אומבאַדינגט די יִדישקייט־פאָרעם פון מאָרגן, ווי די יִדישקייט־פאָרעם פון היינט איז נישט געווען די יִדישקייט־פאָרעם פון נעכטן־אייערנעכטן.

צי איז דען דאָס יִדנטום פון בבל געווען דאָס יִדנטום פון שאול המלכס צייטן? און דאָס יִדנטום פון שפּאַניע — דאָס יִדנטום פון בבל? און דאָס יִדנטום פון פוילישן שטעטל — דאָס יִדנטום פון שפּאַניע?

די אגדתא דערציילט, אַז גאָט האָט געוויזן זיין ליבלינג, משה רבינון, ווי אַזוי זיין תורה וועט אויסזען אין ר' עקיבאס ישיבה. און משה רבינו, וואָס די תורה איז דאָך זיינע (תורת משה, תורה למשה מסיני), האָט נישט פאַרשטאַנען ר' עקיבאס תורה לערנען, הגם ר' עקיבא האָט נישט אויפגעהערט צו פאַרזיכערן, אַז „הלכה למשה מסיני" — ר' עקיבאס תורה, דאָס הייסט, ר' עקיבאס יִדישקייט איז אים, דעם שעפער פון אור־יִדישקייט, געווען פרעמד.

אָבער המשך, גייסטיקער המשך, באַשטייט גאָר נישט אין דעם, וואָס דער ערשטער פאַרשטייט די שפּעטערדיקע, נאָר אין דעם, וואָס די שפּעטערדיקע פאַרשטייען די פריִערדיקע ביזן ערשטן. דעם זוימען וואָלט געווען פרעמד דער בוים, וואָס וואַקסט אויס פון אים, ווען ער וואָלט אים געקענט זען אין זיין וויזיע; אָבער דער בוים מוז זיין אינטים פאַרבונדן מיטן זוימען, פון וועלכן ער איז אַרויסגעוואַקסן. און כל־זמן די ר' עקיבאס פון יעדן דור זיינען נאָענט די משהס פון די פריִערדיקע דורות, איז דאָ עכטער קיום — מיט אַ גייסטיקן המשך.

אונדז איז זיך שווער פאָרצושטעלן דעם צוקונפטיקן יִדן, ווען מיר דערבליקן אים אין אונדזער אינטויִטיווער פאָרשטעלונג, ווי משה רבינו האָט זיך צוגעקוקט צום צוקונפטיקן ר' עקיבא; אָבער אונדזער זאָרג דאַרף באַשטיין נישט אין דעם, מיר זאָלן דערקענען און פאַרשטיין די צוקונפטיקע דורות (דאָס איז אוממעגלעך, —

דאָס וואָלט געהייסן פֿאַרגליווערונג), נאָר אין דעם אַז די צוקונפֿטיקע דורות זאָלן פֿאַרשטיין אונדז, זיי זאָלן טראָגן לעבעדיק אין זיך אונדזער גייסטיקן זוימען, אונדזער גייסטיקן קערן, זאָל זיין אין אַ געענדערטער, אין אַן אָרגאַניש־געענדערטער פֿאָרעם, אין וועלכער עס איז דאָ לעבעדיקער המשך.

און טאַקע דעריבער זיינען מיר אַנטשיידן קעגן דעם המשך־איבעררייס סיי מצד די כלערליי יעווסעקציעס, סיי מצד די פֿאַרשיידענע כנענים. אָט דער איבעררייס מיטן קערן פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט, איז זעלבסטמערדעריש, — צי מ׳וויל אויס־רייסן פֿון דער יידישער קולטור, דאָס הייסט פֿון יידישן לעבן, פֿון יידישן המשך העברעיִש מיטן תנ״ך, תרגום־לשון מיטן תלמוד אאַז״וו, אָנהייבנדיק די יידישע קולטור מיט מענדעלען אָדער להבדיל מיט קלמן מרמרן, צי מע וויל אויסוואָרצלען פֿון דער יידישער קולטור, דאָס הייסט, פֿון יידישן המשך, יידיש מיט שלום עליכמען, די חסידישע רביים מיט זייער תורה און צאינה וראינה מיט די ווייבערישע תחינות.

פּרץ האָט געוויזן דעם וועג (און אין דעם איז זיין גרויסקייט) ווי אַזוי אָנצו־האַלטן אַן עמאָציאָנעלן קאָנטאַקט צווישן דער אַלטער יידישקייט־פֿאָרעם און די באַנייטע יידישקייט־אינהאַלטן: דאָס זעקעלע ארץ־ישראל־ערד, די יאַרמלקע און די צניעות־שפּילקע — אָט די דריי טייערע מתנות זיינען יידישקייט־פֿאָרעם, וואָס אַנטהאַלט אַ גרויסן אינהאַלט; און אָט דער אינהאַלט, ווען מע זייגט אים אויס עמאָציאָנעל פֿון דער אַלטער פֿאָרעם, וואָס נעמט זיך צעפֿאַלן, איז מסוגל מיט דער צייט צו באַקומען אָרגאַניש אַ פֿרישע פֿאָרעם, און גלייכצייטיק בלייבן לעבעדי־קער המשך.

*

מיר נייטיקן זיך איצט אין אַ נייעם פּרץ, וואָס זאָל לערנען אָט די המשך־לערע פֿאַר דער נייער אַקטועלסטער פּראָבלעם אין יידישן לעבן: דעם המשך צווישן ישראל און גלות, — אָדער די תפֿוצות, ווי מע רופֿט דאָס היינט.

דער וועג פֿון המשך איז נישט דער וועג פֿון די כנענים, וואָס ווילן זיך אָפּרייסן רעוואָלוציאָנער, לחלוטין פֿון גלותדיקן לעבן.

געוויס, דאָס לעבן אין גלות איז זייער אָפּט געווען אַ הינטיש לעבן (און דעריבער איז אויפֿגעקומען דער ציוניזם, און דעריבער האָט דער אידעאַל פֿון ציוניזם געזיגט נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן), אָבער צי קען מען פֿאַרגעסן דעם וווּנדער, וואָס אין דאָזיקן הינטישן לעבן האָבן מיר אויפֿגעהיט און געראַטעוועט דעם יידישן פּרינץ — דעם קערן פֿון גרויס־יידישקייט, זיין גייסט, און אים געלאָזט זיך אַנטוויקלען אין איינער פֿון די שענסטע פּרוכטן אויפֿן יידישקייט־בוים?

די וואָס ווילן איבעררייסן מיטן גלות אין אַלע זיינע פֿאָרמען און אינהאַלטן, זיינען פּונקט אַזוי לייכטזיניק, ווי די, וועלכע האַסן ישראל דערפֿאַר, ווייל דאָרט

נעמט אָן דאָס ייִדישע לעבן אַנדערע פאָרמען ווי די, צו וועלכע זיי זיינען געוווינט געווען אין גלות.

לייכטזיניק זיינען סיי די, וואָס רייסן די שאָל איידער זי פאַלט אַליין אַראָפּ, און סיי די, וואָס ווילן שטופּן מיט געוואַלט דעם קערן אין דער אַראָפּגעפאַלענער שאָל; זיי זיינען אַלע לייכטזיניק און אַ מאָל טאַקע פאַרברעכעריש, סיי ווען זיי ווילן אָנהייבן די ייִדישע קולטור מיט די סאָוועטישע שרייבערס, אָדער מיט מענדעלען, סיי ווען זיי ווילן אויסמעקן די ייִדישע געשיכטע פון די לעצטע פאַר טויזנט יאָר, און צוריקשטופּן דעם קערן אין דער לאַנג־אַראָפּגעפאַלענער שאָל; סיי ווען זיי האָבן פיינט ישראל און זיי ווילן חלומען וועגן אַ צוקונפטיק ייִדיש לעבן דווקא אין דער פאָרעם, ווי זיי קענען עס פון ליטע און פוילן.

די יעווסעקעס און די כבענים (די עקסטרעמע כבענים מעג מען אָנטאָן דעם „כבוד" צו פאַרגלייכן זיי מיט די עקסטרעמע קולטור־יעווסעקעס) האָבן קיין אַנונג נישט אַז זיי זאָגן זיך אָפּ פון דער וויכטיקסטער טייל גייסטיקע ירושה, פון אַ לעבנס־אינהאַלט, אין וועלכן עס האָט זיך רייך פונאַנדערגעבליט אין דער טאָג־טעגלעכקייט פון ייִדישן לעבן דער נביאישער גייסט (וואָס הגם ער האָט אויפגעוואַכט אין כנען, האָט ער אָבער געשעפּט זיין אינספּיראַציע אינעם קאַמף מיטן כנעניזם).

*

צווישן די אוצרות, וואָס זיינען בייטיק פאַר אונדזער אָרגאַנישן און תוכיקן המשך (און וועלכע אַ סך ווילן אַרויסוואַרפן בעת אונדזער מאַרש צו דער צוקונפט) געפינט זיך אויך די ייִדישע שפּראַך.

צי שטעלן זיך די דאָזיקע מענטשן אַ מאָל די פראַגע: ווי וואָלט אויסגעזען אונדזער געשיכטע, ווען די שובי ציון פון בבל וואָלטן גענומען אַרויסרייסן פון זייער לעבן דאָס אַלץ, וואָס איז אים צוגעקומען אין גלות בבל, ווו דאָס פאָלק האָט אויסגעשמידט זיין כאַראַקטער, ווו עס האָט קאָנסאָלידירט זיין נביאישע קולטור און זי גענומען האָדעווען אין טאָג־טעגלעכן לעבן, אויסגעשפּראָכן שעפעריש־המשכדיק?

ווי וואָלט אויסגעזען אונדזער געשיכטע, ווען די צוריקגעקערטע פון בבל וואָלטן גענומען אָפּוואַרפן אַל דאָס בבלדיקע (סינאָנים פאַר „אַל דאָס גלותדיקע"), וואָס איז געוואָרן ייִדישדיקס?

זיינען דאָך עזרא און דניאל פול מיט אַראַמעיִש!

און היינט, נאָך אַזאַ לאַנגן גלות (גלות בבל האָט געדויערט אַ מינוט, אין פאַרגלייך מיטן היינטיקן גלות), וואָס האָט אַזוי שטאַרק און טיף אויסגעפורעמט דאָס ייִדישע פאָלק (און נישט נאָר צום שלעכטן!), זאָל אַלץ אויסגעוואָרצלט ווערן, זאָל אַלץ אָפּגעוואָרפן ווערן? צי איז נאָך ביי עמעצן אַ ספק, אַז דער אָרגאַנישער המשך מוז דערפון ליידן?

אין זיין עסיי „תורה מציון" (פערטער באַנד פון „על פרשת דרכים", ז' קכד) שרייבט אחד העם, דער טיפסטער ייִדישער דענקער פון דער ערשטער העלפט פון 20סטן יאָרהונדערט:

„...אַפילו דער וואָס גלייבט נישט אין דער געטלעכקייט ווי אַזאַ, טאָר נישט לייקענען אין איר עקסיסטענץ ווי אַ רעאַלע היסטאָרישע קראַפט, און אַ נאַציאָנאַלער ייִד, אַפילו ווען ער איז אַן אַטעיִסט, קען נישט זאָגן: איך האָב נישט קיין טייל אינעם גאָט פון ישראל, אין יענעם היסטאָרישן כוח, וואָס האָט באַלעבט אונדזער פאָלק, האָט באַווירקט זיין גייסט, און זיין לעבנסשטייגער אין משך פון טויזנטער יאָרן. אויב עמעצער האָט באמת נישט קיין טייל אינעם גאָט פון ישראל, אויב עמעץ פילט נישט קיין שום גייסטיקע קרובהשאַפט צו יענער העכערער וועלט, אין וועלכער אונדזערע אָבות האָבן אַריינגעטאָן זייער מוח און זייער האַרץ אין אַלע דורות און פון וועלכע זיי האָבן געשעפּט זייער מאָראַלישע קראַפט, — אַזאַ איינער קען זיך זיין אַ פיינער מענטש, אָבער קיין נאַציאָנאַלער ייִד איז ער נישט. מעג ער אַפילו „וווינען אין ארץ־ישראל און ריידן אויף דער הייליקער שפּראַך".

אין אַ געוויסער מאָס (און אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס) זיינען די דאָזיקע ווערטער גילטיק אויך פאַר ייִדיש און פאַרן אייגנאַרטיקן גייסטיק־ייִדישן גלות־לעבן, וואָס האָט באַקומען אַן אויסדרוק אין ייִדיש, וואָס האָט זיך אויסגעלעבט אין ייִדיש און וואָס ייִדיש איז מיט אים אַנגעזאַפּט ביז איבער די ברעגעס. ווער עס וואַרפט אַרויס ייִדיש פון אונדזער המשך, פאַרלייקנט זיין אינטימע קרובהשאַפט צו אַ שטיק וויכטיק ייִדיש־גייסטיק פאָלקס־אייגנטום, מיט וועלכן דאָס פאָלק האָט געלעבט, און אין וועלכן דאָס פאָלק האָט אינוועסטירט אַ גרויסן טייל פון זיין נשמה. אַזאַ איינער מאַכט אַ גוואַלדריס אין אונדזער המשך.

איך ווייס נישט ווי לאַנג ייִדיש איז באַשערט צו לעבן (איך ווייס אַפילו נישט — און קיינער קען דאָס נישט וויסן — צי ייִדן האָבן נאַציאָנאַל אַ צוקונפט אין די אַלע לענדער, אין וועלכע זיי וווינען), אָבער איינס ווייס איך און פיל אויף זיכער: דער אמתער קיום־המשך פון אונדזער פאָלק איז אָפּהענגיק אויך פונעם המשך — ווי ווייט מעגלעך לענגער און פולער — פון דער ייִדישער שפּראַך, וואָס אין איר פליסט אַ טייל מים חיים, וואָס דאָס קערנדיקסטע גלות־ייִדנטום, דאָס פויליש־ליטוויש־רוסישע ייִדנטום האָט אַנגעזאַמלט אין משך פון איינער פון די ייִדיש־גייסטיק־פּרוכטבאַרסטע תקופות אין דער ייִדישער געשיכטע.

אויסוואָרצלען מיט געוואַלט ייִדיש פון אונדזער לעבן (אַפילו אין ישראל), צואיילן באַוווּסטזיניק איר אונטערגאַנג (אויב דאָס איז איר אַפילו סוף־כל־סוף באַשערט היסטאָריש), איז פּונקט אַזוי זינלאָז און לייכטזיניק פון היסטאָרישן שטאַנדי

פונקט, אַזוי איז שעדלעך פאַר אונדזער אָרגאַנישן המשך, ווי עס איז געווען דער יעווסעקישער פאַרלאַנג אויסצוואָרצלען העברעיִש, תנ״ך און די גאַנצע אַלטע ליטעראַטור פון יידישן קולטור־לעבן.

קען זיין, אַז דער יידישער קולטור־קערן וועט זיך אַלץ מער אויסשיילן פון דער יידיש־שאָל, וואָס האָט שוין נישקשהדיק געפּלאַצט און נעמט שטיקערווייז אַראָפּפאַלן; אָבער מיט געוואַלט — און מיט שאָדנפרייד — רייסן די יידיש־שאָל פון אונדזער קולטור־לעבן, הייסט שטעלן אין סכנה די גאַנצקייט פונעם קערן גופא, הייסט ברענגען שאָדן דעם פּיינעם און שווערן היסטאָרישן פּראָצעס, וואָס דאָס יידישע פאָלק מאַכט איצט דורך: דעם פּראָצעס פון גייסטיקער טראַנספאָרמאַציע, וואָס דאַרף זיך אָפּוויקלען וואָס אָרגאַנישער, וואָס עוואָלוציאָנערער, אָן דער גראָבער אַריינמישונג פון אומגעדולדיקע הענט, וואָס אָנשטאָט צו העלפן דער אָנווייטיקלעכער אָפּוויקלונג פונעם דאָזיקן פּראָצעס, ווילן זיי גאָר מיט געוואַלט צואיילן די טראַנספאָרמאַציע דורך אָפּרייסן די שאָל אַפילו דאָרט, וווּ דער קערן איז נאָך אָרגאַניש פאַרבונדן מיט איר, וווּ זיי בילדן נאָך אַ לעבעדיקע איינהייט.

---

רעדע געהאַלטן בעתן סימפּאָזיום פון מעלבורנער „קדימה״ אין 1951 אד״ט קיום און המשך פון יידישן פאָלק.

# ב

# די גורל־פאַרבינדונג צווישן פאָלק ישראל און ארץ ישראל

ווי לייכט און ווי שווער עס איז צו ריידן אויף דער טעמע ארץ־ישראל! לייכט, — ווייל דער אַקטועלער געשעעענישן־שטראָם כאַפּט אונטער און טראָגט און טראָגט; שווער, — ווייל עס איז שווער זיך אַרויסצורייסן פון דעם דאָזיקן אַקטועלן שטראָם און פאַרנעמען זיך מיט געשיכטלעך־פסיכאָלאָגישע באַטראַכטונגען.

מיר שטייען ביים ש ל ו ס פון אַן עפּאָכע און ביים גראַנדיעזן אָ נ ה י י ב פון אַ צווייטער. און מיר מוזן טיף פאַרשטיין וואָס עס איז געשען, כדי גרייט צו זיין צו דער נייער עפּאָכע, צום נייעם אָנהייב.

דער באַוואָפנטער קאַמף האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ ניצחון: עס הייבט זיך אָן דער פינאַל פון פּאָליטישן קאַמף, וועלכן מיר האָפן אויך צו געווינען, ווייל מיר גלייבן טיף, אַז די גערעכטיקייט איז אויף אונדזער זייט און דאָס מאָל זיינען מיר גרייט צו קעמפן פאַר אונדזער גערעכטער זאַך מיט אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן. אָבער נאָכן געווונענעם פּאָליטישן קאַמף וועט זיך אָנהייבן אַ פּעריאָד פון גראַנדיעזן און גורלדיקן איבערבוי, צו וועלכן מיר דאַרפן זיין גייסטיק צוגעגרייט, און מע מוז זיך, דעריבער, אומקוקן אויף צוריק, כדי צו וויסן ווי צו גיין ווייטער.



ווען די וועלט וואָלט געווען פעיִק צו פילן עכטע גרויסקייט, וואָלט זי פאַר די געשעעענישן אין ארץ־ישראל געווען געפאַלן אויף די קני מיט אַ „הללויה“ אויף די ליפּן. אָבער די וועלט איז נישט פעיִק — באַזונדערס אין דער היינטיקער צע־טומלטער צייט — צו פילן עכטע, צניעותדיקע, זינפולע אָדער זינגעבנדיקע גרויסקייט.

זייער ווייניק מענטשן האָבן דאָס געפיל, אַז די וועלט האָט באמת אַ זין; דאָס איז דערפאַר, ווייל עס זיינען דאָ זייער ווייניק באמת גלויביקע מענטשן. און דער רעזולטאַט דערפון איז דער, אַז די גרעסטע מערהייט מענטשן לעבט זינלאָז.

אָבער צווישן גלויבן אין אַ זין פון דער וועלט און פון אונדזער עקסיסטענץ און צווישן לעבן זינלאָז, איז דאָ אַ דריטע מדרגה: דער מענטש גלייבט נישט אין אַ לכתחילהדיקן זין פון לעבן, אָבער ער איז צופיל מענטש אויף צו לעבן זינלאָז, גיט ער אַליין צו אַ זין דעם לעבן (וואָס איז אפשר אין קאָסמישן זין זינלאָז).

אָט די דריטע מדרגה טראָגט — אָדער דאַרף טראָגן — דעם ערנהאַפטיקן טיטל: די העראָישע איינשטעלונג צום לעבן.

איז דען אָבער דאָ אַ מער העראָישע איינשטעלונג צום לעבן ווי די יידישע געשיכטע? און צי איז די פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם נישט דאָס זינפול־העראָישסטע וואָס די וועלט האָט ווען געזען? אַפילו דאָס העראָישסטע (אין דעם פריער־דעפינירטן זין) אין אונדזער העראָישער געשיכטע!

די וועלט, ווי געזאָגט, איז טעמפּ, זי פילט נישט קיין גרויסקייט, — בפרט די גרויסקייט פון די, וועלכע זי האָט פיינט (שינאה מאַכט בלינד!); אָבער ווי האַלט עס מיט אונדז, יידן? צי שפּירן מיר די גרויסקייט? צי פילן מיר אויף אַן אמת דעם שעפערישן פּונקט פונעם אָפּגעשלאָסענעם פעריאָד? און צי פילן מיר באמת דעם ציטער פון גרויסקייט, וואָס ליגט אינעם אַנטשטאַנענעם, אינעם דורכגעלעבטן געשיכטלעכן פעריאָד?

אין פינישן עפּאָס „קאַלעוואַלאַ" ווערט דערציילט ווי אַזוי אַ מוטער האָט מיט דער הילף פון די געטער מחיה־מתים געווען איר זון, דעם כישופמאַכער און העלד לעמינקיינען. און הגם די מוטער האָט פאַרמאָגט כישוף־כוחות און מעכטיקע געטער האָבן איר געהאָלפן, איז דאָס דאָך געווען אַ שווערע אויפגאַבע.

לעמינקיינען איז דורכן בלוטדורשטיקן זון פון טויט צעהאַקט געוואָרן אויף שטיקער און די צעשטיקלטע טיילן פון זיין גוף האָט ער צעוואָרפן אין טייך פון טויט. און אַפילו מיט אַ כישוף־קאָטשערע איז שווער געווען צונויפצונעמען די שטיקלעך און מאַכן פון זיי איינס.

און ווען דאָס איז שוין געלונגען נאָך שווערער מי, האָט מע נאָך באַדאַרפט גייסטיק לעבעדיק מאַכן דעם צונויפגעשטעלטן קערפּער פון לעמינקיינען!

לעמינקיינענס גורל איז ווי אַ סימבאָל פונעם גורל פון יידישן פאָלק.

דער בייזער גייסט פון דער געשיכטע האָט צעשטיקלט אונדזער גוף און צעוואָרפן די טיילן אין אַלע טייכן פון טויט. און מיר האָבן פאַר אונדזער גאַנץ־ווערן (פיזיש און גייסטיק) נישט געהאַט קיין דרויסנדיקע הילף: נישט פון קיין מעכטיקער מוטער און נישט פון נאָך מעכטיקערע געטער. מיר האָבן דאָס געמוזט אין מיר מוזן דאָס טאָן אַליין. אָבער דאָך האָבן מיר געהאַט און מיר האָבן אַ געוויסן אָנשפּאַר־פּונקט, וואָס בלויז אַ דאַנק אים איז דאָס אונדז געלונגען און וואָס בלויז אַ דאַנק אים וועט אונדז אויך ווייטער געלינגען. דאָס איז אונדזער ווילן צום לעבן

און אונדזער מיסטישע צוגעבונדנקייט צום געדאַנק פון אויסגעלייזט ווערן אין ארץ־ישראל.

אָט־אָ־דער נאָר וואָס דערמאָנטער פּסיכישער פּונקט האָט אויף אַן אויס־טערלישן אופן געלעבט אין יעדן צעשטיקלטן אבר, האָט געווירט אין אים, נישט געלאָזט אָפּשטאַרבן, און ווען די צייט איז געקומען — האָט ער גענומען דורכפירן די אַרבעט פון פאַראייניקן די טיילן און לעבעדיק מאַכן דאָס גאַנצע.

*

אונדזער געשיכטע הייבט זיך אָן מיט צוזאָגן אונדז דאָס לאַנד כנען. דאָס איז דער לעבעדיקער קערן — פאַרזייט אין דער רוי־ערד פון אונדזער נאָך דאַן נישט־אויסגעפורעמטן פאָלק, אַרום וועלכן עס האָט זיך אָנגעהויבן אויסצופורעמען אונ־דזער געשיכטע.

אָט דער פּונקט, וואָס לעבט און ווירט אין די קנעכט פון גושן, רייסט אונדז אַרויס פון מיצרים, — ער איז דער אָנשפּאַר־פּונקט פאַר משהס אויסקעמפן די פרייהייט. ס׳איז גענוג משה זאָל זיך צורירן צו אים, כדי ביי די קנעכט זאָל זיך צעבליִען די וויזיע פון צוגעזאָגטן לאַנד וואָס זיי מוזן און קענען דעראָבערן.

אָט דער פּונקט רייסט אונדז אַרויס פון בבל און ער האַלט אונדז אויף כמעט 1900 יאָר גלות אין פאַרשיידענע לענדער, אונטער אַן אומאויפהערלעכן פיזישן און גייסטיקן דרוק.

מיר פלעגן ביים לייענען אונדזער געשיכטע שטוינען פונעם מעכטיקן גלויבן פון אונדזערע אורעלטערן, וועלכע פלעגן קענען לאָזן אויף הפקר זייער פאַרמעגן און אַרויפגיין אויף די דעכער (ווי בעת דער שבתי צבי־באַוועגונג) וואַרטן אויף משיחן, ער זאָל זיי טראָגן צום הייליקן צוגעזאָגטן לאַנד.

אָבער צי דען האָבן די לעצטע עולי־ציון — פון די בילויִים ביז די עולי־עקזאָדוס — געהאַנדלט אַנדערש ווי יענע ייִדן פון די צייטן פון שבתי צבי?

מיר מוזן זיך אַריינטראַכטן אין דעם גייסטיקן גאַנג פון אונדזער לעצטן געשיכטע־קאַפּיטל, כדי צו באַגרייפן אַ ביסל אָט דעם מיסטישן כוח — דעם מאָטאָר פון אונדזער געשיכטע, וואָס האָט אונדז באַוועגט אין אַלע צייטן, און אויך אין דער לעצטער תקופה.

*

אין אונדזער אָקערשטיקער געשיכטלעכער תקופה האָבן געהערשט דריי נאַ־ציאָנאַלע באַוועגונגען: גלות־אויטאָנאָמיזם, משיח־סאָציאַליזם און טעריטאָריאַליזם־ציוניזם. דער ציוניזם האָט אויסגעזען צו זיין די סאַמע האָפענונגסלאָזסטע פון די אַלע דריי באַוועגונגען: די וועלט גייט צו פרייהייט פאַר אַלע פעלקער; די וועלט גייט צו סאָציאַלער פרייהייט, וואָס וועט אַראָפּברענגען דעם „באַחרית־הימים‟־אידעאַל אויף

*

דער וועלט; עס זיינען דאָ אַזוי פיל ליידיקע שטחים, — די ליבעראַלע וועלט וועט אונדז אָנווייזן און אָפּגעבן אַן אָרט: גייט און באַזעצט זיך דאָרט און ווערט אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך. אָבער ציוניזם? דאָס לאַנד איז קליין, נישט אַנטוויקלט, פּאָליטיש געפערלעך.

אַלע לאָגישע אַרגומענטן זיינען געווען פאַר די אַנדערע ריכטונגען אין אונדזער נאַציאָנאַלער דערוואַכונג פונעם לעצטן געשיכטלעכן פעריאָד; פאַר ארץ־ישראל איז געווען בלויז דער סענטימענט, דער מיסטישער פונקט אין דעם ייִדנס נשמה, וואָס איז דאָרט פאַרזעצט געוואָרן נאָך פאַר יציאת מיצרים, נאָך פאַרן קומען קיין גושן אויף פירהונדערט יאָר קנעכטשאַפט.

און דער ציוניזם האָט געזיגט נאָר צוליב דעם דאָזיקן סענטימענט, צוליב דעם־אָ מיסטישן פונקט, — ווייל אויך דאָס געוועד, וואָס האָט אַנטשידן וועגן גורל פון ישראל, האָט דאָך אונדז אַריינגעלייגט אין האַנט דעם סענטימענט, דעם גלויבן אין אים, די אוממעגלעכקייט זיך אָפּצורייסן פון אים, פון דאָזיקן מיסטישן פונקט.

אַן דעם־אָ מיסטישן גלויבן איז דאָך געווען לעכערלעך — פון לאָגישן קוק־ווינקל — אַרויסצוטרעטן מיט עטלעכע פאַרזשאַווערטע ביקסן קעגן אַ וועלט פון גוט־באַוואָפנטע שונאים.



דער ציוניזם האָט געזיגט, אָבער ווער האָט דערפירט צום דאָזיקן זיג? דער וווּנדער פון חלוציזם, — וועט מע מיט רעכט ענטפערן; דער וווּנדער פון די חלוצים, וועלכע זיינען געגאַנגען, נאָכן דערהערן דעם רוף פון זייער מיסטישן פונקט, ווי די אַמאָליקע ייִדן זיינען געגאַנגען נאָכן רוף פון יעדן איינעם, וואָס האָט געהאַט די קראַפט צו אַפּעלירן צום זעלביקן מיסטישן פונקט אין זיי.

די חלוצים זיינען געגאַנגען צו אַ מידבר, זיך געצויגן צו די זאַמדן, געטריבן פון אינסטינקט — קעגן דעם שכל־הישר.

מאַמעס האָבן זיך געשלאָגן קאָפּ־אָן־וואַנט — וואָס איז געשען מיט זייערע באַלעבאַטישע קינדער? זיי האָבן נישט באַגריפן די רעוואָלוציע — די עכטסטע און גרעסטע אין ייִדישן לעבן — וואָס איז אויפגעהויבן געוואָרן פון זייערע קינדער, געטריבן דורכן אויפגעוועקטן מיסטישן פונקט, וועלכער איז לאַנג געלעגן וואַרטנדיק אויף משיחן, און ער איז געוואָרן אומרויִק און אַקטיוו, ווען ער האָט אויפגעהערט באַפרידיקט צו ווערן דורך דעם פּאַסיוו־רעליגיעזן וואַרטן. די מאַמעס האָבן דעמאָלט נישט באַגריפן וואָס עס איז געשען מיט זייערע קינדער, אָבער היינט באַגלייטן זיי זיי מיט ברכות — צום פראָנט.

סאָציאַליסטן האָבן נישט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס אַנשטאָט צו גיין אין די פאַבריקן און פירן דעם קלאַסנקאַמף, גייען גאָר ייִדישע בחורים און מיידלעך האַקן האָלץ און טראָגן וואַסער?!

דאָס איז געווען די עכטסטע רעוואָלוציע אין ייִדישן לעבן, געטריבן פון אַ טיפן אינסטינקט, פון אויפגעוואַכטע טיפערע שיכטן. אין דער דאָזיקער יוגנט איז אויפגעלעבט געוואָרן די פעיִקייט צו שטאַרבן נישט כדי צו לעבן אויף יענער וועלט, נאָר כדי צו לעבן אויף ד ע ר וועלט, כדי צו לעבן ווי זיי ווילן, ווי אַזוי מע האַלט פאַר נייטיק נאָכן אייגענעם איינזען, נישט נאָך יענעמס דיקטאַט. אָט דער חלוציזם, וואָס איז געטריבן געוואָרן פונעם מיסטישן פונקט אינעם ייִדן, איז דער איינציקער און גרעסטער נס וואָס האָט געפירט צו אַלע אַנדערע ניסים, ביז צו די לעצטע, — איז דאָך דער באַוואָפנטער קאַמף פאַר מדינת ישראל בלויז אַ המשך פון חלוציזם: פריִער זיינען די חלוצים גרייט געווען צו שטאַרבן פאַרן רעכט צו באַאַרבעטן די ערד, צו שטאַרבן מחמת דעם פונק וואָס ליגט אונדז אין בלוט; איצט — גרייט צו שטאַרבן פאַרן באַשיצן די באַאַרבעטע ערד, צו שטאַרבן מחמת דעם פונק וואָס ליגט אונדז אין בלוט.

אין דעם איז דער גרעסטער נס: אַלץ וואָס האָט אויסגעזען אַזוי פאַרוואָרצלט, איז געווען געבויט אויף זאַמד: דער ליבעראַליזם און דער סאָציאַלער משיחיזם; בלויז דער זאַמד פון ארץ־ישראל האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט זיך איינצווואָרצלען.

פאַר וואָס? ווייל דאָס איז דער שעפערישער רייץ פונעם אָפּגעשלאָסענעם פּע־ריאָד: דער טרוים האָט זיך פאַרוואָרצלט און איז געוואָרן ווירקלעכקייט. אַ הייפל חלוצים האָבן ווי לונאַטיקערס זיך געצויגן צו זאַמדן און ווי נאָר זיי האָבן זיי באַרירט, איז פונעם זאַמד געוואָרן ערד, און זיי האָבן זיך אין איר אַזוי שטאַרק פאַרוואָרצלט, אַז עס איז מעגלעך געוואָרן די גרעסטע דערשיינונג פונעם נייעם פּעריאָד, אין וועלכן מיר טרעטן אַריין. ייִדן האָבן גענומען זייער מלוכה און זיי פאַרטיידיקן זי, ווי נאָר אַ פאַרוואָרצלט פאָלק קען פאַרטיידיקן זיין לאַנד.

אין זיין בוך „פּעלעסטיין מישן" זאָגט ריטשאַרד קראָסמאַן, אַז די ייִדן אין ארץ־ישראל זיינען געוואָרן אַ נאַציע.

די, וואָס האָבן בשעתו נישט פאַרשטאַנען וואָס ריטשאַרד קראָסמאַן מיינט מיט די דאָזיקע ווערטער, האָבן איצט אַ קלאָרן קאָמענטאַר צו זיי. דער ייִדישער לעמיג־קייגען האָט צונויפגענומען זיינע אייגענע שטיקער און — אָ, וווּנדער! — די צונויפ־גענומענע שטיקער — לעבן!...

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער „בונד" איז געקומען פון דרויסן, ווי אַ המשך און ווי אַ סאָציאַליסטישער וואַריאַנט פון דער ליבעראַלער עמאַנציפּאַציע; דער ציוניזם אָבער איז געקומען פון אינעווייניק, ווי אַ נאַטירלעכער, אָרגאַנישער המשך פונעם שטראָם פון דער ייִדישער געשיכטע, געטריבן פון איר אינערלעכסטן וויטאַלסטן פונקט — דער מיסטישער בענקשאַפט, דעם מיסטישן ארץ־ישראל־קאָמפּלעקס. און אפשר טאַקע צוליב דעם־אָ־פונקט האָט דער ציוניזם געזיגט איבערן טעריטאָריאַליזם, וועלכער איז דאָך אויך געווען אַ מין ציוניזם, נאָר אָן דעם מיס־טישן פונקט, אַ ציוניזם אַ שכל־הישרדיקער, אָן אונטערבאַוווסטזיניקע פּאָטענצן.

הערצל האָט געזאָגט, אַז ציוניזם איז אַ מעכטיקע לעגענדע; אָבער ציוניזם איז געווען מער ווי אַ לעגענדע, — אַ מיסטישע פאַרבינדונג, אַ גורל־פאַרבינדונג וואָס אָן איר צעפאַלט אפשר די פסיכיק פון יידישן פאָלק.



עס איז שווער פאָרויסצוזאָגן די צוקונפט, כמעט אוממעגלעך — אין פרטים. נאָר די נביאים האָבן דאָס געקענט, ווייל זיי האָבן געפילט מיט בײשפּיללאָזער קראַפט דעם אינערלעכן מיסטישן קערן פון דעם אייביקן, אינערלעכן, גייסטיקן בונד צווישן פאָלק און לאַנד.

אָט דער מיסטישער פונקט האָט אין זיי מעכטיק געווירקט, און אַלץ האָט זיך פאַר זיי געדרייט אַרום אים. טאַקע דערפאַר האָבן זיי פאָרויסגעזען דעם שיבת־ציון. (און אפשר איז דאָס מקויים געוואָרן דערפאַר, ווייל זיי האָבן זייער געפיל אַרויפגעצוווּנגען אויף אונדז, סוגערירט די קומענדיקע דורות).

מיר שטייען איצט פאַר דער מיסטעריע פון זייער מקויים געוואָרענער נבואה און מיר לעבן איבער שטיקער תנ״ך. און מיר ווייסן, אַז די דערשיינונג פון ישראל איז נישט קיין צופעליקייט, — דאָס איז דאָס העראָישסטע, דאָס זינפולסטע, דאָס זינגעבנדיקסטע וואָס די וועלט־געשיכטע האָט אויפצווייזן.

ביים ליכט פון דאָזיקן באַוווּסטזיין דאַרפן מיר נאָך אַ מאָל פאַרשניידן דעם אַלטן בונד צווישן ישראל און ארץ־ישראל: אָט דער בונד, ווייזט זיך אַרויס, איז שטאַרקער פאַר געשיכטלעכע צופאַלן; ער ליגט, דער מיסטישער פונקט, טיפער ווי מיר קענען געווײנטלעך זען; אָט דער בונד מיטן מיסטישן פונקט האָט דיקטירט אין לעצטן סך־הכל דעם גאַנג פון אונדזער געשיכטע (אויך פון איר לעצטן, דערוויילעצטן קאַפּיטל). צום דאָזיקן פונקט איז צוגעשמידט אונדזער פאָלקס־נשמה פון די אור־אורצייטן, נאָך איידער מיר זיינען געוואָרן אַ פאָלק, און אים, דעם דאָזיקן מיסטישן פונקט, זיינען מיר שולדיק אונדזער פאָלקסלעבן, — און אים, במילא, דאַרפן מיר אָפּגעבן אונדזערע לעבנס.

די גרעסטע מיסטעריע פון דער וועלט־געשיכטע האָט זיך אָנגעהויבן, — לאָמיר העלפן וואָס שנעלער און פולקומער זי צו רעאַליזירן.

די יידן אין ארץ־ישראל — און אַפילו זייטיקע באַאָבאַכטערס מיט אַ מינימום אָביעקטיווּויטעט — זאָגן, אַז די יידן מוזן געווינען, ווייל זיי האָבן נישט ווו צו גיין.

מיר מוזן אויסברייטערן דעם דאָזיקן געדאַנק. די יידן מוזן געווינען נישט נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט ווו אָפּצוטרעטן; מיר זיינען גייסטיק און פסיכיש צוגעשמידט צו דעם מיסטישן אָנהייב פון אונדזער געשיכטע, צום בונד מיטן לאַנד כנען, וואָס טראָגט אונדזער גורל; מיר האָבן נישט ווו אָפּצוטרעטן אויך גייסטיק. מיר קענען, ווייזט אויס, לעבן פיזיש און גייסטיק אַ פול פאָלקס־לעבן נאָר מיטן אָדער

אינעם דאָזיקן לאַנד. מיר האָבן דורכגעלעבט דעם גלות אפשר נאָר דערפאַר, ווייל כ׳לאַנד איז מיט אונדז מיטגעגאַנגען אומעטום. כ׳ווייס וואָס עס באַטייטן די דאָזיקע ווערטער — און דאָס דאָזיקע געפיל — פאַר די יעניקע, וועלכע ווייסן אָפּצו־שאַצן די גרויסקייט פון דער ייִדישער געשיכטע בכלל (נישט נאָר פון איר מיסטישן קערן) אין גלות; איך ווייס וואָס דאָס באַטייט פאַר יענע, וועלכע לעבן מיט די לעבנס־פאָרמען פון גלות און עס ווילט זיך זיי נישט שטאַרבן, נישט פאַרלירן, נישט אויפ־געבן זייער „איך" אַפילו פאַר דאָס גרעסטע. זיי ווייסן אַז דער מיזבח איז גרייט, און זיי ווייסן אויך, אַז דער מיזבח איז הייליק. אָבער עס ווילט זיך נישט פירן צו דער עקידה אַ שטיק פון דער הערא:ישער געשיכטע... דער מענטש גלייבט נישט גע־ווייניטלעך אין דאָס נישט געוווינטע, — פון בענקשאַפט ציט אים אויף צוריק. און אַפילו ווען מע לויפט פון ברענענדיקן סדום, קוקט מע זיך אום פון בענקשאַפט ווי לוטס ווייב, אויף צוריק. ווען נישט די מאַכט פון געוווינהייט, וואָלטן מיר איצט געווען געהאַט אין ארץ־ישראל מינימום אַ צוויי מיליאָן ייִדן. און היות אַיך בין אפשר מער ווי צייטנווייז איינער פון אָט די דאָזיקע בענקערס, דערמאָן איך זיך תמיד אין איינס פון שלום עליכמס טיפּזיניקע שטעלן אין זיין „טוביה דער מיל־כיקער".

ווען טוביה דערציילט האָדלען (וועלכע וויל פון אים אַוועקגיין קיין סיביר, צו איר פּעפּערל), אַ מעשה וועגן אַ הון, וואָס האָט אויסגעזעסן קאַטשקעלעך, און גרויס ווערנדיק לאָזן זיי זיך שווימען און לאָזן איבער די הון אַליין אויפן ברעג, — ענט־פערט אים האָדל: „ס׳איז אַוודאי אַ רחמנות, זאָגט זי, אויף דער קוואָקע; נאָר צוליב דעם, זאָגט זי, וואָס די קוואָקע קוואָקעט, זאָלן די קאַטשקעלעך נישט שווימען?"

דאָס איז אויך דער ווייטיק פון אַ סך, ווען מען דער גלות האָט זיך איינגעפרעסן נישט נאָר אין די ביינער, נאָר אויך אין דער נשמה; און נישט נאָר מיט קנעכטשאַפט, נאָר אויך מיט מענטשלעכער שיינקייט, מיט ייִדיש־גלותדיקער שיינקייט און גרויס־קייט. אָבער אויך אויף זייער שיינעם משל ענטפערט די געשיכטלעכע האָדל: צוליב די קוואָקעס זאָלן די קאַטשקעלעך נישט שווימען?!...

מיר האָבן זיי טאַקע אויסגעהאָדעוועט, אָבער זיי שווימען אַוועק, ווייל זיי דאַרפן און מוזן שווימען...

דאָס איז אַ טראַגעדיע, וואָס דער קלוגער טוביה האָט פאַרשטאַנען, און אַ סך פון אונדז וועלן דאָס אויך מוזן נעמען פאַרשטיין...

רעדע, געהאַלטן בעת אַ „הסתדרות"־פייערונג אין מעלבורן, אין 1948.

ג

# די קולטור־באַציִונגען צווישן גלות און ישראל

באַרירן דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פּראָגן איז נישט מעגלעך פאַר קיינעם, ווייל עס איז אוממעגלעך פאָרויסצוזאָגן ווי עס וועט זיך „אַנטוויקלען" דער „גלות" און ווי עס וועט זיך אַנטוויקלען ישראל.

ביי אַזעלכע צוקונפט־טעמעס מוז מע זיך באַגנוגענען מיט אַלגעמיינע ליניעס; און דערביי, נאַטירלעך, ווערן זיי געבוירן לויט דעם ווי מיר ווילן זיי זען, ווי מיר שטעלן זיי זיך פאָר אונטערן איינפלוס פון אונדזערע באַוווסטזיניקע און אונטער־באַוווסטזיניקע פאַרלאַנגען.

נישט נאָר חלומות גייען לויטן פּתרון, וואָס מע גיט זיי; אויך די צוקונפט. די צוקונפט איז אָפט אַזאַ (יעדנפאַלס אין די עיקרדיקע ליניעס) ווי מיר שטעלן זיך זי פאָר, דאָס הייסט ווי מיר ווינטשן זיך זי זאָל זיין.

די נבואה וועגן שיבת־ציון איז פאַרווירקלעכט געוואָרן; אָבער נאָר די פרומע גלייבן אין דעם אַז דאָס איז געווען פאָרויסבאַשטימט; די נישט־פרומע גלייבן אַז די וויזיע פון די נביאים האָט אַזוי שטאַרק געפאַנגען די פאַנטאַזיע (און זי האָט באַשטימט דעם ווילן) פון יידישן פאָלק, אַז די נביאים־וויזיע איז געוואָרן אַ לעבעדיקע נויט־ווענדיקייט פאַרן יידישן פאָלק, ווי מיר האָבן דאָס געזען אין בבל און ווי מיר זעען דאָס אין אונדזערע טעג.

אויב מע קען היינט זען זקנים און זקנות אין די גאַסן פון ירושלים, איז דאָס נאָר דערפאַר, ווייל זכריה הנביא האָט געחלומט וועגן דעם, אַז

„עס וועלן נאָך זיצן זקנים און זקנות אין די גאַסן פון ירושלים,
איטלעכער מיט זיין שטעקן אין זיין האַנט, פון טיפן עלטער,
און די גאַסן פון דער שטאָט
וועלן זיין פול מיט יינגלעך און מיידלעך
וואָס שפּילן זיך אין אירע גאַסן.

אויב דאָס וועט זיין וווּנדערלעך אין די אויגן
פון דעם איבערבלייב פון דעם דאָזיקן פאָלק אין יענע טעג,
זאָל עס אויך אין מיינע אויגן זיין וווּנדערלעך ?״

וואָס־זשע פאַר אַ צוקונפט ווילן מיר?
נאָך וואָס פאַר אַ קולטור־באַציִונגען צווישן גלות און ישראל בענקען מיר?

*

דער קאַמף צווישן יידיש און העברעיִש אין דער אַמאָליקער פאָרעם זיינער האָט זיך פאַרענדיקט מיטן זיג פון העברעיִש. העברעיִש האָט פאַרבונדן איר גורל מיט אַ טעריטאָריעלן צענטער, מיט אַ נאַציאָנאַלער היים, און היות ווי די נאַציאָנאַלע היים איז אַ געשעענער פאַקט, שפּאַרט זיך העברעיִש אָן אויף אַ פאַרוואָרצלט גע־מיינשאַפטלעך לעבן.

יידיש דאַקעגן האָט פאַרבונדן איר קיום מיט דער אינערציע, מיט דער גע־וווינהייט פון אַ יאָרהונדערטער־אַלטער גלות־יידישקייט, וואָס האָט די געוווינהייט, די אינערציע אויפגעהויבן ווי אַ נאַציאָנאַלע פאָן; זי האָט די דאָזיקע פאָן אויפ־געהויבן מיט מוט, מיט גלויבן, נישט געקוקט אויף די אַסימילאַציע־כוואַליעס פונעם אַרום.

איר פאַרצווייפלט־העראָישער קאַמף איז איצט, — נאָכן חורבן פּוילן, ליטע, ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע, — נאָך פאַרצווייפלטער געוואָרן. די אַסימילאַציע־כוואַליעס גרייכן שוין ביז דער ברוסט פון די פאָן־טרעגערס גופא. די יידיש־רעשטלעך פילן זיך אין אַ גרויסער געפאַר צו פאַרלירן דעם לעצטן אָנהאַלט פאַר די אָפּגעשוואַכטע פיס.

אָט דער געענדערטער מצב אין דער שפּראַכן־פראַגע מוז מע האָבן אין זינען, ווען מ׳טרעט צו צו באַהאַנדלען די פראַגע וועגן די קולטור־באַציִונגען צווישן דעם גלות און ישראל. קולטור־באַציִונגען זיינען אוממעגלעך אָן שפּראַכן־באַציִונגען. אָבער מיט דער פראַגע פון שפּראַך און קולטור איז ווי מיט לופט: נישטאָ קיין לעבן אָן אָטעמען, אָבער אָטעמען אַליין איז נאָך נישט קיין עכט לעבן: אויך ליגנדיק אָן באַוווּסטזיין אָטעמט מען, דאָס הייסט מע לעבט, אָבער דאָס איז נישט קיין טיף, נישט קיין באַוווּסטזיניק לעבן. קולטור באַשטייט נישט נאָר פון שפּראַך, — שפּראַך איז אַ טייל פון דער געשאַפענער קולטור און אַ מיטל אָן וועלכן עס איז נישט מעגלעך צו שאַפן קולטור, אָבער שפּראַך אַליין איז נישט קיין קולטור, — זי איז בלויז דער פונדאַמענט פון קולטור, פונקט ווי דער פונדאַמענט פון לעבן איז איינ־אָטעמען לופט.

און די צענטראַלסטע פראַגע, דער יסוד פון די קולטור־באַציִונגען צווישן גלות און ישראל, איז די פראַגע פון ייִדיש־העברעיִש.

דער קאַמף צווישן ייִדיש און העברעיִש איז איצט, אייגנטלעך, גאָר קיין קאַמף נישט: פון איין זייט איז אַ זיגער, מיט אַן אַרמיי פון הונדערטער טויזנטער (און צווישן זיי אַ גאַנצע אַרמיי קינדער), וועלכע לעבן זיך אויס אין העברעיִש; און פון דער צווייטער זייט איז אַ פאַרצווייפלט־פאַראומגליקטע מחנה כמעט אָן קינדער, און מיט זייער ווייניק הערוואָקסענע, וואָס לעבן מיט ייִדיש ווי עס לעבט אַ באַוווּסט־לאָזער, ווייל... ער אָטעמט.

די דאָזיקע פאַרצווייפלונג איז בולט צו זען אַפילו ביים לאַגער פון די עקסט־רעמע, גוטע ייִדישיסטן. אָט שרייבט צביון (אין זיינע „ייִדישע אינטערעסן", פ אָ ר־ווערטס, אָקט' 2, 1948):

„איך דאַרף זיך מודה זיין, אַז וואָס איז שייך צו דער אויפהאַלטונג פון דער ייִדישער שפּראַך, דורך די ייִדיש־וועלטלעכע שולן, האָב איך נאָך גרעסערע ספיקות. איך ווייס אַז מ'טאָר וועגן דעם נישט ריידן, ווייל אויב נישט די ייִדישע שפּראַך פון דער ייִדישער שול, טאָ וואָס דען? אָבער ווען איך בין מיט זיך אַליין, טראַכט איך אין דער שטיל, אַז אפשר... איז עס צו ריזיקאַליש אָנצוהענגען די גאַנצע ייִדישע נאַציאָנאַלע עקסיסטענץ אין אַמעריקע בלויז אויף דער ייִדישער שפּראַך. די ייִדישע געשיכטע האָט באַוויזן, אַז ייִדן האָבן אויפגעהאַלטן זייער נאַציאָנאַלע עקסיסטענץ אַפילו ווען זיי האָבן נישט געקענט אויפהאַלטן זייער שפּראַך".

אמת, נישט אַלע ייִדישיסטן אָדער ייִדיש־ליבהאָבערס זיינען גרייט צו קאַפּי־טולירן אַזוי ווי צביון, אָבער צביונישע שטימונגען בנוגע דער מעגלעכקייט אויפ־צוהאַלטן ייִדיש וועט מע געפינען ביי אַ סך (אויב זיי וועלן נאָר ריידן דרייסט און אָפנהאַרציק ווי צביון), און דאָס באַווייזט, אַז מ'דאַרף נישט ריידן מער וועגן אַ שפּראַכן־קאַמף, נאָר וועגן אַ שפּראַכן־שלום אויף נאַציאָנאַל־נוצלעכע יסודות פאַרן ייִדישן פאָלק.

אַמאָל — פאַרן חורבן — איז געשטאַנען די פראַגע צי עס וועלן זיך אויסבילדן צוויי פעלקער: אַ ייִדיש־ייִדיש פאָלק און אַ העברעיִש־ייִדיש פאָלק (אָדער אַ העברעיִ־שער שבט, ווי די דאַן שטאַרקערע ייִדישיסטן פלעגן זאָגן); היינט אָבער שטייט די פראַגע וועגן זען אויסבילדן פון די שארית החורבן אײן פאָלק.

*

די שפּראַכן־פראַגע איז תמיד געווען — אָביעקטיוו גענומען — אַ צוגאָב־אומגליק צו די פיל ייִדישע אומגליקן; זי האָט אָפּגעצאַפּט אַן אַ שיעור שאַפנדיקן כוח פון אונדזער נאַציאָנאַלן אָרגאַניזם. אָבער די, וואָס קוקן אויף ייִדיש ווי אויף אַן אומגליק, פאַרגעסן די ראָל, וואָס ייִדיש האָט געשפּילט: נאָר די ייִדיש־ריידנדיקע

גרופּע, — דאָס איז אַ היסטאָרישער פֿאַקט, — איז פֿאַר די לעצטע 5—6 יאָר־הונדערטער געווען דער שעפֿערישער מאָטאָר אין ייִדישן לעבן; אַפֿילו דער קאַמף פֿאַר אויפֿלעבן העברעיִש איז געקומען — און געקענט קומען — נאָר דורך איר, ווייל זי האָט אין זיך פֿאַרקערפּערט אַלע שעפֿערישע פּאָטענצן פֿון ייִדישן פֿאָלק. אַפֿילו דער בונט קעגן קעגן זיך גופא — קעגן ייִדיש און די ייִדיש־פֿאָרמען פֿון אונדזער לעבן — איז דאָך געקומען פֿון אָט דער גרופּע, ווייל זי איז געווען לעבעדיק און במילא פֿעיִק געווען אויף אַ רעוואָלט קעגן דעם גאַנג פֿון דער געשיכטע און דער אייגענער ראָל אין איר.

וועגן פֿירן אַ קאַמף קעגן העברעיִש קען איצט קיין רייד נישט זיין ביי קיין שום נאַציאָנאַלן ייִדן נישט נאָר פּאַקטיש (ווייל ייִדיש איז צו שוואַך דערצו), נאָר אויך נישט פּרינציפּיעל, ווייל אַזאַ ייִד קען גיט נישט אָנערקענען (ווי אַ טייל בונ־דיסטן טוען דאָס) מדינת ישראל, און מדינת ישראל איז זיך שוין אוממעגלעך היינט פֿאַרצושטעלן אָן העברעיִש, פּונקט ווי מ׳קען זיך נישט פֿאָרשטעלן אַ באַנייט, נאַציאָ־נאַל ייִדיש לעבן אויף דער גאַנצער וועלט אָן מדינת ישראל. העברעיִש איז היינט צוריק די שפּראַך פֿון אַ שטיק ייִדיש לעבן אין אַ מלוכה־פֿאָרעם וואָס ווערט דער צוציִונגס־צענטער פֿאַר דער פּעריפֿעריע פֿון ייִדישן לעבן.

אָבער עס טאָר אויך נישט זיין קיין פֿראַגע ווענן באַקעמפֿן ייִדיש ווי „זשאַרגאָן" אָדער ווי אַ שונא, אָדער ווי אַ גרילצנדיקע גלות־שפּראַך, פּונקט ווי עס קען נישט זיין קיין רייד וועגן אַ ביטול־באַציִונג צום רמב"ם און צום ווילנער גאון, צום בעל־שם־טוב און צו ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער דערפֿאַר, ווייל זיי זיינען גלות־ייִדן. און נישט נאָר דערפֿאַר טאָר מען ייִדיש נישט באַקעמפֿן, ווייל ייִדיש איז איינער פֿון אונדזערע נאַציאָנאַלע וווּנדער, אַ פֿורעם פֿול מיט נאַציאָנאַלער קולטור, וואָס מיר האָבן אים צו פֿאַרדאַנקען אונדזער קיום, — נאָר מע טאָר דאָס נישט אויך מחמת נאַציאָנאַל־אוטיליטאַרע טעמים. אויב ישראל וויל האָבן — און לויט אונ־דזער מיינונג מוז זי דאָס וועלן — אַ קאָנטאַקט מיט אַ נאַציאָנאַל־געזונטן גלות, מוז זי שטיצן און שאַנעווען ייִדיש, ווייל נישט העברעיִש וועט אין דער דיאַספּאָרע ירשענען דאָס אָרט פֿון דעם לשון ייִדיש, נאָר די פֿרעמדע שפּראַכן. מיטן פֿאַר־שווינדן פֿון ייִדיש אין גלות וועט פֿאַרשווינדן די גרעסטע נאַציאָנאַל־שעפֿערישע ענערגיע, וואָס האָט זיך היסטאָריש אויסגעבילדעט — ייִדיש לשון, ייִדיש לעבן אויף ייִדיש. עס וועט אַראָפּגעשווענקט ווערן די שטאַרקסטע, ווייל אינערלעך־פֿאַר־וואָרצלטע פֿאָלקסטימלעכע טאַמע קעגן דער אינערלעכסטער אַסימילאַציע.

העברעיִש שטייגט באַרג־אַרויף; ייִדיש גייט באַרג־אַראָפּ. ייִדיש איז שוואַך. העברעיִש האָט פֿון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט געוווּנען דעם קאַמף מיט ייִדיש, וואָס שטייט פֿאַר אַ צוגאָב־קאַטאַסטראָפֿע (נאָכן גרויסן חורבן); אָבער העברעיִש טאָר

זיך בישט פאַרשיכורן מיטן זיג, ווייל די צוגאָב־קאַטאַסטראָפע פאַר יידיש איז גלייכצייטיק אויך אַ נאַציאָנאַלע צוגאָב־קאַטאַסטראָפע, אַ נאַציאָנאַלער צוגאָב־קריזיס.

די זיגעריין העברעיש, וואָס שטיצט זיך אויפן גרעסטן וווּנדער אין יידישן לעבן, מוז שאַנעווען און העלפן דעם באַזיגטן יידיש (ווי די שבטים האָבן געהאָלפן צוריק אויפשטעלן דעם באַזיגטן שבט בינימין), וואָס האָט געליטן פון דער קאַטאַסטראָפע אין יידישן לעבן, וואָס פאַרמאָגט נישט די באַזע פון אַ געזונט, נאָרמאַל לעבן — נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, אַן אייגענע לעבנס־אַטמאָספער אין די אייגענע פיזישע אָדער גייסטיקע דלד אמות.

גראָד די יידישע מלוכה אין ישראל, וואָס האָט פאַרענדיקט דעם קאַמף יידיש־העברעיש, דאַרף שטיצן יידיש, שטאַרקן יידיש, ווייל איר אויפגאַבע איז היינט־צו־טאָג צו שטאַרקן דאָס פאָלק אין אַלע זיינע נאַציאָנאַלע פּאָטענצן, ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען און אין וואָס זיי זאָלן נישט באַשטיין.



יידיש, — האָב איך שוין אויבן געזאָגט, — פעלט די באַזע פון אַ געזונט, נאָרמאַל נאַציאָנאַל לעבן; עס פעלט איר די מעגלעכקייט פון פרייער נאַטירלעכער אַנטוויקלונג. און זי מוז אונטערגעהאַלטן ווערן דורך מדינת ישראל, וואָס פאַרמאָגט יאָ די דאָזיקע באַזע.

אַפילו פאַר יידיש? יאָ, אַפילו פאַר יידיש!

חנה סענעש האָט, פאַר איר אַוועקגיין אין אַ געפערלעכער שליחות, איבערגע־שריבן אירע העברעישע לידער אין אַ העפטל און זיי אַ נאָמען געגעבן „ללא שפה" (אָן אַ שפראַך). זי, די פּאָטענציעל גרויסע דיכטערין חנה סענעש, האָט געשפּירט אַז איר העברעיש קומט נישט פון איר טיף, אַז זי דיכטעט אָן אַ שפראַך.

אָבער ווי שוואַך עס זאָלן נישט זיין אירע לידער, פאַרמאָגט איר דיכטונג אַ גרויסן קולטור־ווערט, אַ גרויסן לעבעדיקן דיכטערישן כוח, ווייל איר דיכטונג גייט־אויף נאָרמאַל, פון דער ערד, פון אַ גאַנצער לעבנס־אַטמאָספער, פון אַ קולטור־געמיינשאַפט וואָס איז נישט נאָר שפראַך, נאָר אַ גאַנצער, פולבלוטיקער לעבנסקרייז.

חנה סענעשעס לידער זיינען שוואַך שפראַכלעך, אָבער אַ פאָלק זינגט זיי, ווייל עס וואַקסט אַרויס פון אַ קוואַליק פאָלקסלעבן, שפיגלט אָפּ — פרימיטיוו, אָבער עס שפיגלט אָפּ! — דאָס הערצישע לעבן פון אַ פאָלק, און דאָס פאָלק נעמט־אויף די דיכטונג, וואָס עס האָט אַליין, מיט זיין אייגן לעבן, אינספּירירט, נעמט עס אויף און לאָזט עס וואַקסן צוזאַמען מיט זיך. און חנה סענעשעס שוואַכער אויסדרוק וועט מיט דער צייט ווערן שטאַרקער, ווייל דאָס שוואַכענקע ביימעלע פון אַן אייגענער געמיינשאַפט, אַן וועלכן זי שפּאַרט זיך אָן, ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער און איר דיכטונג וואַקסט מיט מיט אים, ווי אַ שוואַך אַריינגעקריצטער נאָמען אין

אַ בוים ווערט אַלץ טיפער און טיפער, וואָס מער דער בוים וואַקסט און ווערט דיקער, שטאַמיקער. פון דער־אַ אַטמאָספער, פון מדינת־ישראל, וואָס וועט נישט זיין פיינדלעך צו יידיש (וואָס וועט זיך פאַרקרובהן מיט יידיש) וועט יידיש שעפּן זיין אידעאַל, זיין גלויבן, זיינע שעפערישע זאַפטן, מיט איין וואָרט — זיין קעגנ־וואָרט־ און צוקונפט־אינהאַלט צו זיין שפּראַך־לופט.

אָבער געבנדיק יידיש אַ לעבנס־אינהאַלט און אַ לעבנס־אַנהאַלט, וועט יידיש פאַר העברעיש און מדינת ישראל אויפהאַלטן אַ רעזערוואַר פון נאַציאָנאַלער ענערגיע, פון וועלכן זיי וועלן קענען שעפּן קולטור־לעבן, קולטור־סטימול, ווי העברעיש און ארץ־ישראל האָבן דאָס געטאָן ביז דער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע און ביז דער גרינדונג פון מדינת ישראל.

און נאָך עפּעס: פון יידיש, וואָס אין איר זיינען אַקומילירט, אויפגעזאַמלט, ווי אין לעבעדיקע זוימען, די זאַפטן פון יידישקייט; פון יידיש, וואָס האָט פון דער נייער העברעיש געזויגן אַזוי פיל סטיל־חיונה, זאַצבוי־פאָרמען, וועט העברעיש, וואָס איז אָפּגעריסן געוועזן פון יידישן לעבן זינט לאַנגע יאָרהונדערטער, זויגן ווי דורך אַ נאָפּל־שנור, די יידישע זאַפטן פון טויזנט יאָר שעפערישן גלות־לעבן.

דאָס לעבן פון יידיש־לשון איז צום גרעסטן טייל פאַרשוווּנדן; אָבער דאָס דאָזיקע לעבן איז פאַרבליבן אינעם יידיש־לשון. און דעריבער טאַקע דאַרף מע שעצן און שאַנעווען יידיש נאָך מער ווי פריִער, בעת דאָס לעבן גופא איז נאָך געווען לעבעדיק; מען דאַרף אָפּהיטן יידיש, כדי דער קולטור־אוצר, וועלכן ער פאַרמאָגט אין דער לעבעדיקסטער, אוממיטלבאַרסטער פאָרעם, זאָל נישט אונטערגיין.

אין ערגסטן פאַל, ביז מ'וועט נישט אויסזייגן פון אים — פאַר דער נייער שפּראַך־ און קולטור־פאָרעם — זיין גאַנצע חיות.

דאָס איז דער זין, וויל איך האָפן, פון דער נייער פּאָליטיק לגבי יידיש אין ישראל, ווי דאָס מאַניפעסטירט זיך אין „דער גאָלדענער קייט“, דער פערטליאָר־שריפט פון תל־אָביב. דער נאָמען באַטייט נישט קיין איבעררייס, נאָר — המשך; און אַ המשך מוז זיין בהדרגהדיקע אַנטוויקלונג, עוואָלוציאָנער.

מע קען נישט וויסן וואָס די צוקונפט טראָגט אין זיך, — אָבער עס איז אין איצטיקן מאָמענט, צום באַדויערן, וואַרשיינלעך, אַז יידיש וועט מיט דער צייט אויס־שפּילן איר ראָל אין גלות (אויב אויסלייזונג מוז דווקא זיין פאַרבונדן מיט אויפ־לייזונג, לויט דער דעפיניציע פון לעאָ קעניג), אָבער מ'טאָר נישט דערלאָזן אַז דאָס זאָל געשען צו פריִ, מחמת נישט וועלן עס אויפהאַלטן; מ'טאָר נישט דערלאָזן אַז דאָס זאָל געשען נישט עוואָלוציאָנער, נאָר קאַטאַסטראָפאַל. און נישט נאָר מיר טאָרן דערצו נישט דערלאָזן, — אויך מדינת ישראל טאָר נישט דערלאָזן דערצו.

דאָס יידישע לעבן האָט זיך געשיכטלעך גענומען איבערפאָרעמען פון אַ דיאַס־פּאָרע־לעבן אין אַ לעבן מיט אַ מלוכה־פאָרעם, אָבער מיר האַלטן נאָך ביים אָנהייב

פון אָט דער פאַרוואַנדלונג. און דערווייל איז דאָס נאָר אַ היסטאָרישע פאָרעם פון אַ נייער, קנאָספּ־אַרטיקער מלוכה, און אַן אַלטן — פון שטורעם און מאַנגל אין זאַפטן אָפּשטאַרבנדיקן בוים. אוןביידע זיינען איינס: מיר דאַרפן העלפן ישראל, און ישראל — דער דיאַספּאָרע.

דאָס דאַרפן פאַרשטיין די ייִדישיסטן פון גלות, און דאָס דאַרפן פאַרשטיין די העברעיִסטן אין ישראל (און טאַקע די רעגירונג פון ישראל).

און דאָס וועט נישט זיין — און דאַרף נישט זיין — מצד ישראל בלויז אַ טאַקטישער זשעסט פון אַ גרויסמוטיקן זיגער, נאָר אַ גוט־פאַרשטאַנענער האַרציקער זשעסט פון אַ נייטיקן שלום מיט אַ שוואַכן אבר פון אייגענעם נאַציאָנאַלן אָרגאַניזם.

דער גלות האָט נאָך אַ רייכן קולטור־אינהאַלט, וואָס ער קען און דאַרף איבער־טראַנספּערירן דער נייער העגעמאָן־יורשטע אין ייִדישן לעבן — דער מדינת ישראל מיט איר סינטעטישן העברעיִש, וואָס מוז איינזאַפּן אין זיך אַלע אַלטע זאַפטן און אַלע נייע זאַפטן פון ייִדישער געשיכטע און ייִדישן לעבן.

און דאָס איז מעגלעך נאָר דורך ייִדיש.

העברעיִש האָט נאָך אין זיך צו פיל פון דער קולטור, וואָס ווערט גענומען פון ספרים, פון דער קולטור, וואָס מוז זיך קינסטלעך אויפהאַלטן; ייִדיש האָט נאָך אין זיך גענוג פון דער קולטור, וואָס וואַקסט אין גאַס.

דער סינטעז פון ביידע מוז נאָך קומען.

ווי אַזוי — וועלן נישט מיר אַנטשיידן.

אָבער איינס איז זיכער: מיר טאָרן נישט קינסטלעך אונטערגראָבן די שוואַכע עקסיסטענץ פון איינעם פון די וויכטיקע קאָמפּאָנענטן פון אונדזער קומענדיקער סינטעטישער קולטור.



די שפּראַכן־פראַגע, — אין איר איצטיקער סטאַדיע, — די באַציִונג צו די שפּראַכן איז נישט עפּעס אַנדערש ווי די באַציִונג צום פאָלק, צו זיין גאַנצקייט, צו וועלן אים מאַכן גאַנץ (נישט דורך אָפּשניידן גאַנצע טיילן צוליב אידעאָלאָגישע פּרינציפּן), נישט צולאָזן צו פּאַטאַלע צעשפּאַלטונגען, נישט דערלאָזן עס זאָל לייכט־זיניק צעבראָכן ווערן — זיכער פאַר דער צייט!!! — אַ טיף־וואָרצלדיקער נאַציאָנאַלער פורעם.

דער אידעאַל וואָלט געווען: אַ שטאַרק העברעיִש ארץ־ישראל מיט ייִדיש ווי אַ צווייטע קולטור־שפּראַך; און אַ שטאַרקע ייִדישע דיאַספּאָרע מיט העברעיִש ווי אַ צווייטע קולטור־שפּראַך.

אָבער הגם דער אידעאַל הינקט צו: פּוילן איז נישטאָ, רוסלאַנד איז נישטאָ, אַמעריקע שטייט אונטערן וואָלקן פון אויבן ציטירטן (צו וויניק ציטירטן) צביון־פּראָגנאָז, טאָר מען דאָך נישט פאַרנאַכלעסיקן צו טאָן, וואָס מע קען טאָן.

און הילף פאַר אויפהאַלטן דעם נישט אידעאַלן, אָבער דאָך נוויטוועגדיקן, דערטרעגלעכן צושטאַנד זוכן מיר נישט נאָר ביי זיך, נאָר אויך ביי מדינת ישראל.

זי טאָר נישט זיין ענגהאַרציק אין דעם דאָזיקן פּרט.

זי מוז פאַרגעסן דעם קאַמף און דעם געוווּנענעם זיג; זי מוז געדענקען דעם גייטיקן שלום און זען אים צו געווינען, — אים, דעם שלום אין יידישן פאָלק!

מיר דאַרפן זיין מיט מדינת ישראל אין אַלץ וואָס מיר טוען און טראַכטן; אָבער אויך מדינת ישראל דאַרף טאָן דאָס זעלביקע.

---

רעדע, געהאַלטן אויפן סימפּאָזיום אד"ט „קולטור־באַציונגען צווישן גלות און ישראל". אין מעלבורן, „קדימה", אין יאָר 1949.

ד

# די אויפגאַבע פון אונדזער יוגנט

איך בין נישט קיין פּאַרטיי־מאַן און נישט קיין פּראָפּאַגאַנדיסט. איך קום נישט מיט קיין פּאַרטיי־פּראָגראַמען און אַוודאי נישט מיט קיין פּראָפּאַגאַנדע־לאָזונגען.

בלויז דאָס וואָס איך לעב איבער טיף פּערזענלעך, קען איך — און איך וויל — אייך זאָגן.

די יוגנט איז, לויט עמעצנס אַ פיינעם וואָרט, דער אייביקער גליק־שאַנס פון דער מענטשהייט. תמיד, ווען די מענטשהייט פאַרקריכט אין אַ טעמפּן ווינקל, קען די יוגנט זי פון דאָרט אַרויספירן.

יוגנט איז דאָך אַ נייער אָנהייב, אַ נייער קאָן וואָס די מענטשהייט הייבט אָן צו שפּילן. אין אַ געוויסן זין קען מען אַפילו זאָגן, אַז די יוגנט, דער נייער דור, איז אַ נייער „בראשית“.

אמת, די יוגנט שלעפּט א ו י ף ז י ך — און א י ן ז י ך — גענוג ירושה־קייטן פון די פריערדיקע דורות; אָבער זי האָט — זי דאַרף און קען האָבן — גענוג כוחות אַרויסצוגיין פון אַ טעמפּן ווינקל און פאַרקערעווען אין אַ נייער ריכטונג.

און דעריבער איז די יוגנט דער אייביקער גליק־שאַנס פון דער מענטשהייט, אַ דאַנק איר האָט די מענטשהייט אַ שאַנס נישט נאָר ו ו י י ט ע ר צ ו ל ע ב ן, נאָר אויך אַ נ ד ע ר ש צ ו ל ע ב ן.

די יוגנט, ווי געזאָגט, טראָגט טאַקע די ירושה פון די פריערדיקע פעלערן (באַגאַנגען דורך עלטערן און זיידעס), און זי געפינט דעם פלאַץ, אויף וועלכן מע דאַרף בויען דאָס לעבן, שוין פאַרנומען פון פריער; אָבער זי פאַרמאָגט די וווּנדער־טוענדיקע אייגנשאַפט פון קענען ברענגען קרבנות, פון קענען געבן מיט דער פולער האַנט פון דער פולקייט פון איר לעבן.

דאָס איז דאָס שענסטע פון דער יוגנט, און דאָס האָפענונגפולסטע פאַר דער מענטשהייט.

*

אין דער פרעמדער געשיכטע פון דער נייער צייט איז באַקאַנט דער באַפליג־לענדיקערביישפיל פון דער רוסישער יוגנט אין 19טן יאָרהונדערט. אין יענער רוסישער יוגנט האָט דערוואַכט דער שלאָפנדיקער — אָדער דער פאַרחלשטער — געוויסן פון זייערע טאַטעס און זיידעס, וועלכע האָבן געבויט, אונטערגעהאַלטן און גענאָסן די רוסישע פאָלק־ און פעלקער־אונטערדריקנדיקע אַליינהערשאַפט. און אַט די יוגנט האָט זיך אַרויסגעריסן פון די רייכע פריצישע הויפן און איז אַוועק אין פאָלק, זיך לערנען ביי אים (נישט אים צו דיקטירן, ווי דאָס טוט די היינטיקע רוסישע יוגנט) צו ליידן, און לערנען אים צו קעמפן. די דאָזיקע אידעאַליסטישע רוסישע יוגנט פון 19טן יאָרהונדערט האָט זיך געשטעלט די ריזיקע אויפגאַבע פון אַרויספירן איר פאָלק פון טעמפן ווינקל פון דער אַליינהערשאַפט, כדי אָנצוהייבן אַ ניי, אַ בעסער קאַפּיטל פון דער רוסישער געשיכטע.

און דאָס איז נישט נאָר איינער פון די שענסטע קאַפּיטלען פון דער רוסישער געשיכטע, נאָר אויך איינער פון די באַלערנדיקסטע: די דאָזיקע יוגנט האָט אויפגעטרייסלט די אַליינהערשאַפט פון איר זעלבסטזיכערקייט, און דאָס פאָלק — פון זיין דורותדיקער רעזיגנירטקייט.

און אין דער נייסטער ייִדישער געשיכטע האָבן מיר אויך אַ וווּנדערלעכן קאַפּיטל (וואָס האָט אפשר קיין גלייכן נישט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט), געשריבן דורך דער ייִדישער יוגנט: די בילויים, די חלוצים, די רעוואָלוציאָנערן, די געטאָ־קעמפערס, דער קאַמף פאַר פרייער עליה קיין ארץ־ישראל — דאָס אַלץ זיינען קאַפּיטלען פון אַן אומפאַרגלייכלעכן עפּאָס, געשריבן פון דער יוגנט, וואָס האָט דורך ברענגען קרבנות רעוואָלוציאָניזירט דעם גאַנג פון דער ייִדישער געשיכטע, געענדערט דאָס פּנים, דעם גורל און דאָס חשיבות־געפיל פון ייִדישן פאָלק.

זעלטן ווען אַ פאָלק גיט אַרויס אַזאַ ברוויזנדיקע יוגנט, מיט אַזאַ פעיִקייט צו ברענגען קרבנות, אַוועקצוגעבן מיט דער פולסטער האַנט זייערע יחידישע לעבנס פאַר אַ בעסערן, ווירדיקערן לעבן פון פאָלק.

דער חלוציזם, — אַ טיפּישע באַוועגונג פון דער טיפּישסטער יוגנט, ווי מיר האָבן זי אויבן דעפינירט, — איז די שענסטע און גרעסטע רעוואָלוציע אין ייִדישן לעבן.

ווען מע דערמאָנט זיך ווי די באַלעבאַטישע ייִדן און ייִדענעס פון די שטעט און שטעטלעך פלעגן רחמנות האָבן אויף די דאָזיקע „משוגעים“, כאַפּט ממש אָן אַ ספּאַזם פון געלעכטער: די אָרעמסטע צווישן די אָרעמסטע ביי אונדז (אָרעמסטע — אין אַלע הינזיכטן) פלעגן רחמנות האָבן אויף די רייכסטע צווישן אונדז!

מ׳קען זאָגן מיטן פולן מויל, נישט מורא האָבנדיק אַריינצופאַלן אין אַ פראַזע, אַז דער וואָס האָט קיין מאָל נישט מקנא געווען — כאָטש אויף אַ קליינעם מאָמענט

— די חלוצים און זייער לעבנספולקייט, זייער הונדערט־פּראָצענטיקע יונגשאַפט (נישט נאָר אין יאָרן, נאָר אין יוגנט־אויסלעבונג), איז קיין מאָל נישט יונג געווען.

און נאָך מער: דער וואָס פאַרמאָגט אין זיך יונגקייט, איז מאָמענטנווייז אַפילו מקנא די טראַגישע געטאָ־העלדן, ווייל פאַר יוגנט איז אָרעם און נעבעכדיק טרוקן דאָס לעבן אָן אַ גרויסער שיינקייט. איז זי, די דאָזיקע גרויסע שיינקייט, שעפעריש ווי די חלוצישע טאַט, איז זי אַוודאי געבענטשט; אויב אָבער זי איז אַפילו באַלויכטן בלויז מיט דער גרויסער טראַגישער שיינקייט פון אומקום, ווי דער געטאָ־אויפשטאַנד, איז זי אויך אומענדלעך גרויס און שיין און דערהויבנדיק און לעבן־ברענגענדיק פאַר די קומענדיקע דורות.



ווען מע גיט אַ קוק אויפן לעבן פון אונדזער יוגנט אין אַ סך טיילן פון דער וועלט, מוז מע קומען צום טרויעריקן אויספיר, אַז דאָס לעבן פון אַ טייל פון אונדזער יוגנט איז אָרעם געוואָרן אין יוגנטלעכקייט, אין עכטער יונגשאַפט, וואָס באַשטייט בשום אופן נישט אין יאָרן־יונגקייט, נאָר אין יוגנט־שיינקייט, איז פעיִקייט צו ברענגען קרבנות פאַר אַן אידעאַל, אין *פעיִקייט צו לעבן מיט און פאַר אַן אידעאַל* (און לעבן מיט און פאַר אַן אידעאַל איז אָפט אַ סך שווערער ווי ברענגען ספּאָנטאַן קרבנות פאַר אים).

דער גרעסטער שונא פון אונדזער יוגנט, וואָס שטערט איר צו דערפילן די יוגנט־אויפגאַבע פון ווערן דער גליק־שאַנס פון איר פאָלק, איז די אַסימילאַציע. זי רייסט זיי אָפּ פון דער גרויסער עפּאָפּייע — דעם קאַמף פאַר דער פרייהייט פון זייער פאָלק; זיי ווערן פאַרפרעמדט פונעם גרעסטן אידעאַל, וואָס צינדט די פאַנטאַזיע פון יעדער יוגנט — צו ברענגען קרבנות פאַר זייער פאַרקנעכטעט פאָלק, צו ענדערן זיין געשיכטלעכן גורל, צו באַנייען זיין מזל.

די אגדה דערציילט וועגן פּתם און רעמסס, אַז מע פלעגט איינמויערן ייִדישע קינדער אין די פונדאַמענטן פון די דאָזיקע, דורך ייִדישע קנעכט געבויטע שטעט. נישט נאָר די קראַפט פון זייערע הענט פלעגט מען ביי זיי צורויבן, נאָר אויך די פרוכט פון זייערע לענדן, זייער האָפענונג אויף אַ בעסערער צוקונפט.

היינט איז דאָס נאָך ריכטיקער און טראַגישער ווי דאַן. מיר בויען אין אַ סך ערטער פּתם און רעמסס, אַ מאָל בלויז מיט אונדזערע גופים, אָבער גאַנץ אָפט (און וואָס ווייטער אַלץ מער) מיטן גייסט פון אונדזערע קינדער.

מיר מויערן אַריין אין די פרעמדע פונדאַמענטן אונדזער גליק־שאַנס — אונדזערע קינדער, אונדזער יוגנט.

מיר, דער עלטערער דור, זיינען קנעכט, און איר, דער יונגער דור, אונדזער איינציקע האָפענונג — זענט אויך קנעכט. און נאָך גרעסערע פאַר אונדז: מיר ווייסן

כאָטש אַז מיר זיינען קנעכט, מיר ווייסן כאָטש וואָס אונדז פעלט און וואָס מיר פאַרלירן; אָבער איר ווייסט דאָס אַפילו נישט...



ווי פאַרקנעכטיקט עס איז דער אַלטער דור, האָב איך געזען אין שאַנכיי, פון וואַנען איך בין נישט־לאַנג צוריק געקומען אַהער.

אין שאַנכיי איז דאָ אַ קאָלאָניע רוסישע ייִדן. אַנטלאָפֿענע אַהין נאָך דער באָל־שעוויסטישער איבערקערעניש; אין שאַנכיי איז אויך דאָ אַ קאָלאָניע פון „ווייסע רוסן", אויך אַנטלאָפֿענע אַהין פון דער רעוואָלוציע. האָבן די ווייסע רוסן אויף דער עמיגראַציע אַלץ פאַרלוירן, אַ חוץ די שינאה צו ייִדן; און די ייִדן האָבן אויף דער עמיגראַציע אויך פאַרלוירן אַלץ וואָס ייִדיש, אַ חוץ דער ייִדישער קריכערישער קנעכטשאַפט: אַפילו אין שאַנכיי, ווו זיי זיינען פולשטענדיק פריי פון פּאָליטישן צוואַנג, פייערן זיי דעם יאָרצייט פון ניקאָליי דעם צווייטן. זיי זיינען געבליבן קנעכט פון די נעבעכדיקע ווייסע רוסן.

און די פּוילישע ייִדן האָבן געטרויערט נאָך שיקאָרסקין אין דעם זעלביקן שאַנכיי.

און אין זעלביקן שאַנכיי, ווו מען האָט זיך פריי געקענט אויסלעבן נאַציאָנאַל, ווו אַפילו די רוסן האָבן נאַציאָנאַלע שולעס, האָבן מיר, ייִדן, קיין זכר נישט געפונען פון אַן עכט־ייִדישער דערציִונג. און די יוגנט האָט נישט רעוואָלטירט קעגן דער קנעכטשאַפט פון זייערע טאַטעס (אַנדערע האָבן זי פאַרביטן אויף קנעכטשאַפט לגבי דעם קרעמל), און נישט קעגן דער אייגענער קנעכטשאַפט.

און צי דען איז אַנדערשוווּ, אַ חוץ אין ארץ־ישראל, אַנדערש?

ראָמען ראָלאַן, אין זיין גרויס ווערק „זשאַן קריסטאָף", שילדערט מיט געוואַל־דיקער קראַפט, ווי אַזוי דער יונגער זשאַן קריסטאָף זיצט ביים טויטן גוף פון זיין פאָטער, וועלכער האָט דערטרונקען אין שיכרות זיין גרויסן מוזיקער־טאַלאַנט, און איצט האָט מען אים געבראַכט אַהיים אַ פיזיש־דערטרונקענעם. און דער קליינעכקער קריסטאָף שטעלט זיך פאַר, אַז דער קלימאַקס־מאָמענט פון דער דאָזיקער גרויסער טראַגעדיע איז געווען דאַן, ווען דער פאָטער האָט אין די לעצטע סעקונדעס פון באַוווּסטזיין געמוזט שרעקלעך באַדויערן וואָס ער האָט מיט די אייגענע הענט נישט געלאָזט זיך פונאַנדערבליִען זיין גאונישן טאַלאַנט, וואָס ער האָט אַליין דער־שטיקט דעם גרעסטן זין פון זיין לעבן. און דער יונגער קריסטאָף גיט זיך אַ פייער־לעכע שבועה צו טאָן אַלץ, אַז מיט אים זאָל דאָס נישט קענען געשען: אַלץ, — גיט ער זיך אַ שבועה, — וועט ער נעמען אויף זיך מיט ליבשאַפט, די גרעסטע ליידן, די גרעסטע פּיינען, אַבי נישט דאַרפן איבערלעבן ביים סוף פון זיין לעבן די גרעסטע פּיין פון אַלע — די פּיין פון חרטה פאַר אַן אומזיסט פאַרשווענדט לעבן.

אויך איר, די היינטיקע יידישע יוגנט, וואָלט געוועזן באַדאַרפט זיך געבן אַ שבועה, אַז איר וועט נישט פאַרשווענדן אייערע לעבנס, ווי אייערע טאַטעס, כדי איר זאָלט נישט איבערלעבן די גרעסטע טראַגעדיע וואָס אַ מענטש קען איבער־לעבן: פילן, אַז מע האָט צעביטן עפּעס גרויס׳ און אומפאַרבייטבאַר־ווערטפולס אויף קליינס און נישטיקס. היט זיך אַז איר זאָלט נישט דאַרפן פילן דאָס, וואָס זשאַן קריסטאָפס פאָטער האָט געפילט אויפן שוועל פון טויט.

און איר האָט דאָך די גרויסע פאַרלייכטערונג, וואָס קיין פּיאָנערן דאַרפט איר אויך נישט זיין, כדי צו ראַטעווען אייער יוגנט פון צעביטן ווערן אויף קליינגעלט: דער וועג איז אויסגעטראָטן געוואָרן פאַר אייך דורך אַ פריערדיקן יונגן פּיאָנערן־דור. איר דאַרפט בלויז גיין אין זייערע פוסטריט.

און דער ערשטער שריט אייערער אויפן דאָזיקן וועג דאַרף באַשטיין אין ראַ־טעווען דעם כבוד פון דער יידישער היים.

אַמאָל האָט די יידישע היים אַרויסגעגעבן דאָס שענסטע, וואָס דער מענטש־לעכער גייסט האָט ווען אַרויסגעגעבן. זי האָט אַרויסגעגעבן אַ טיפּ מענטש, וואָס גייסט האָט פאַר אים בפועל ממש באַטייט נישט הער ערך מער ווי גשמיות. היינט אָבער איז די יידישע היים וויסט און פּוסט פון גייסט: עס הויזט דאָרט דער פּוסטער לוקסוס, עס הערשט דאָרט דער געלט־געץ און דער אומגייסט פון ביליקע פאַרגעניגנס, מיט זייער אומפאַרמיידלעכער באַגלייט־דערשיינונג — דעם ציניזם.

דאָס וואָס די יידישע עלטערן פלעגן אַמאָל געבן דער יידישער יוגנט — דרך־ארץ פאַר גייסט, ליבע פאַר דאָס העכערע און ריינערע אין לעבן, — אָט דאָס דאַרף היינט די יוגנט אַריינברענגען אין די יידישע היימען און אַרויפצווינגען דאָס אויף די עלטערן.

אויף דער יידישער יוגנט פון היינטיקן דור ליגט די אויפגאַבע אַריינצוברענגען צוריק אין די יידישע היימען די יידישע שכינה, וואָס איז פון די אַרויסגעטריבן געוואָרן.



די לאַגע פון יידישן פאָלק איז אין איצטיקן מאָמענט שרעקלעך: זעקס מיליאָן אומגעבראַכטע אויף אַ מוראדיקן אופן; דער יישוב אין ארץ־ישראל קעמפט פאַר־צווייפלט קעגן דעם פרווו צו פאַרוואַנדלען אים — די האָפענונג פון אַ פאָלק — **אין אַ געטאָ** אָן רעכט צו קויפן ערד אין זיין נאַציאָנאַלער היים און אָן רעכט אַריינצו־נעמען יידן אין זיין נאַציאָנאַלער היים; די אייראָפּעישע יידישע יישובים — **די** פאַרבליבענע רעשטלעך פון זיי — זיינען עקאָנאָמיש און גייסטיק **אויסגעוואָרצלט;**

די ייִדן אין צפון־אַמעריקע — דער גרעסטער אין צאָל ייִדישער קיבוץ אין דער וועלט — ווערט צעפרעסן פון אַסימילאַציע.

איז דען מעגלעך אַ מער טרויעריק בילד?

די איינציקע האָפענונג איז אויף אַ רעוואָלוציע ביי דער ייִדישער יוגנט, זי זאָל ווערן באמת יונג, דאָס הייסט גרייט אויף קרבנות און אויף געבן דעם פאָלק מיט אַ פולער האַנט פון איר פולקייט. און דערצו מוזן מיר שטרעבן סיי אין די גרעסטע ישובים, סיי אין די קלענסטע, ווייל דאָס איז אפשר די לעצטע מאָביליזאַציע אין אַ צייט פון גרעסטן קריזיס, פון גרעסטער נאַציאָנאַלער נויט.

איך האָב אַ מאָל געזען אַ זובר, און איך האָב נישט געפילט קיין נייגעריקייט צו דער זעלטענער חיה, נאָר שרעק פאַר איר. דער זובר איז געווען שטאַרק און שיין און דאָך האָב איך אין אים געזען אַ פאַנטאָם, עפּעס נישט לעבעדיקס: איך האָב געזען אין אים נישט זיין יחידיש לעבן, נאָר דעם אומקום פון זיין מין, זיין מינס אויס־שטאַרבן, דאָס פאַרשווינדן פון אַ לעבנס־פאָרעם.

צי דען וועט די ייִדישע יוגנט נישט פילן דאָס זעלביקע וואָס איך האָב געשפּירט לגבי דעם מין זוברעס, לגבי אַ פאָלק, לגבי זייער פאָלק, לגבי איינעם פון די עלטסטע און גייסטיק־ווערטפולסטע פעלקער אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט?

איך קוק אויף דער פאַרפרעמדעטער ייִדישער יוגנט און איך זע אין איר נישט איר יחידישע לעבעדיקייט, נאָר איר פאָלקס אָפּשטאַרבן.

צי וועט זי טאַקע נישט דערפילן מיט איר יוגנטלעכער שפּירבאַרקייט, אַז אין אירע הענט ליגט דער גורל פון אַן אַלט פאָלק, פון **איר** פאָלק; אַז פון איר הענגט אָפּ דער ווענדפּונקט פון אַ טויזנט־יאָריקער קולטור — צי לחיים, צי למות?!

איך האָב נאָך דער מלחמה געלייענט אַ פּוילישן זשורנאַל „ווידנאָקרענגי" און געפונען אַן אַרטיקל וועגן דער ייִדישער שארית הפליטה. און טרערן האָבן גענומען רינען פון מיינע אויגן, ווען איך בין געקומען צו דער באַשרייבונג, ווי אַזוי אַ פּאָליאַק קערט זיך אום אין זיין פאַרוויסט לאַנד, ווי אַזוי ער דערפרייט זיך מיט דער היימיש־קייט, וואָס ער געפינט; און אָט שרייבט ער וועגן די געציילטע לעבן־געבליבענע ייִדן, וועלכע קומען צוריק פון די באַהעלטענישן און זיינען איינזאַם, ווי קיין שום מענטש אויף דער וועלט.

אַלע ייִדן, וואָס פילן זיך ווי ייִדן, זיינען איינזאַם מיט דער דאָזיקער שרעק־לעכסטער איינזאַמקייט. ווי איינזאַם מיר זיינען, מיר, די אמתע ייִדן, וועלכע האָבן זיך נישט ווו אויסצולעבן ווי ייִדן, וועמען עס פעלט די גרעסטע און לעצטע האָפענונג פון יעדן לעבעדיקן וועזן — דער המשך פון מין.

ווען איך האָב געלייענט די אויבן־געבראַכטע ווערטער אין „ווידנאָקרענגי", האָב איך דערפילט נישט נאָר די איינזאַמקייט פון יענע ווייניק־געבליבענע פּוילישע ייִדן, נאָר אויך מיין איינזאַמקייט און אייערע (צי איר פילט זי, ווי איך, צי נישט).

אָט די שרעקלעכע איינזאַמקייט, וועלכע דער פּוילישער שרייבער האָט אַזוי שאַרף דערשפּירט, איז אונדזער אַלעמענס איינזאַמקייט, — דאָס איז די איינזאַמקייט סיי פון אַ זובר, ווען זיין מין שטאַרבט אויס, סיי פון יידן, ווען זייער פאָלק שטאַרבט אָפּ.

קעגן אָט דער אימהדיקער איינזאַמקייט איז דאָ בלויז איין מיטל — דער גליק־שאַנס פון דער יוגנט; זי זאָל אונדז און זיך אַרויספירן פון טעמפּן ווינקל, דורך אַ באַשלוס צו ענדערן אונדזער גורל, דורך אַ ווילן אָנצוקניפּן דעם גאָלדענעם פאָדעם און אים ווייטער  שפּינען איבער די וויסטעס פון אונדזער געשיכטע צום צוגעזאָגטן לאַנד, צו אַ צוגעזאָגטער, אַזוי אָפט געאַנטער און אַזוי לאַנג אויסגעבענקטער גייס־טיקער השלמה.

איר, יידישע יוגנט, זייט אונדזער איינציקער און לעצטער גליק־שאַנס — צי וועט איר אים ביי אונדז און ביי זיך אָפּנעמען? צי וועט איר אים קליינמוטיק פאַר־שווינדן, — איר, וואָס איר זייט יונג און אייער אויפגאַבע און אייער לעבנס־עלעמענט איז יוגנטלעכע קרבנות־גרייטקייט, יוגנטלעכע וואַגעניש צו דערגרייכן דאָס כלומרשט אָדער שיינבאַר אומדערגרייכלעכע?

אייער חוב לגבי אונדז און לגבי זיך אַליין איז דאָס צו פאַרשטיין, דערפילן און האַנדלען ווי יוגנט נישט נאָר לויט יאָרן, נאָר אויך לויטן גייסט.

אייער חוב, יידישע יוגנט, איז צו זיין באמת יונג, ווי דאָס איז תמיד יוגנט אויפן שיידוועג פון גרויסע אַנטשיידונג־מאָמענטן פאַר זייערע פעלקער.

יידישע יוגנט, ראַטעוועט זיך און אונדז פון פיזישער און גייסטיקער קנעכט־שאַפט, פונעם גורל פון זשאַן קריסטאָפס פאָטער, וועלכער האָט זיין ברילאַנטענעם יוגנט־גייסט צעביטן אויף קליינלעכקייט און נישטיקייט.

אַ יידיש־דייטשער דיכטער, ריכאַרד בער־האָפמאַן, האָט אַ מאָל אָנגעשריבן אַ וואונדערלעך־טיף ליד „אַ וויג־ליד צו מרימען".

געשריבן צו זיין טאָכטער, איז דאָס ליד גלייכצייטיק געווענדט צו אַלע זין און טעכטער פון דער יידישער צעשפּרייטקייט, וועלכע האָבן אויפגעהערט צו שפּירן אין זיך די המשכדיקייט פון די פריערדיקע דורות, וועלכע רייסן זיך דורך זיי, — אָט ידי מרימס, — צו די צוקונפטיקע, אָט צו די רינגען פון דער גאָלדענער קייט, די לויז־געוואָרענע רינגען, וואָס דראָען איבערצורייסן דעם עבר מיטן עתיד, דורך דער פעלנדיקער פאַרבינדונג מיט הווה, האָט ריכאַרד בער־האָפמאַן, איינער פון די טיפסטע און גרעסטע יידישע דיכטערס פון לעצטן האַלבן יאָרהונדערט (הגם ער האָט געשריבן אויף דייטש, וואָס איז אונדז געוואָרן מוקצה מחמת מיאוס) געזונגען מיט קראַפט און ליידנשאַפטלעכן ווילן זיי אויפצוּוועקן:

„צי שלאָפסטו מרים? מרים, מיין קינד, מיר זיינען ברעגעס, און טיף אין אונדז רינט דאָס בלוט פון געוועזענע צו די קומענדיקע, דאָס בלוט פון די

אָבות, וואָס איז פול אומרו און שטאָלץ. אין אונדז זיינען אַלע. ווער פילט
זיך אַליין? דו ביסט זייער לעבן; זייער לעבן איז דיינס, מרים, מיין לעבן,
מיין קינד..."

צי וועט איר נישט דערפילן ווי דער עבר שרייט צו אייך אין פאַרצווייפלונג,
איר זאָלט אים נישט אָפּרייסן פונעם עתיד, איר זאָלט זיי פאַרבינדן דורך זיך?
צי וועט איר פאַרראַטן אייער יוגנט און אונדזער עלטער, אָ, איר, דער לעצטער
גליק־שאַנס פון יידישן פאָלק?!

*

די אויפגאַבע פון אונדזער יוגנט איז צו געבן אַן ענטפער אויף דער דאָזיקער
גורלדיקער פראַגע, אויפן גורלדיקן געשריי פון אונדזער געשיכטע. און געבן אַן
ענטפער אַ פּאָזיטיוון, ווי עס פּאַסט פאַרן גייסט פון עכטער יוגנט.

קיצור פון אַ רעפעראַט, געהאַלטן סוף 1946 אין מעלבורן אין דער „קדימה"־יוגנט־
אָרגאַניזאַציע.

ה

# די אויפגאַבע פון אונדזער דור

ריידן וועגן דער אויפגאַבע פון אונדזער דור איז אי זייער לייכט אי זייער שווער.

ל יי כ ט — ווייל ס׳איז מיר אַזוי קלאָר אין וואָס די דאָזיקע אויפגאַבע דאַרף באַשטיין; און ש וו ע ר — ווייל עס איז שווער צו זאָגן פּשוטע זאַכן, וואָס עס איז זיי שווער אויסצופירן.

שטעלט זיך פאָר: מענטשן שטיקן זיך אין אַ תּפיסה אָן פענצטער; איז דען נישט קלאָר, פּשוט קלאָר וואָס זיי דאַרפן האָבן? פרישע לופט! אָבער ווי שווער עס איז צו זאָגן די אַרעסטאַנטן דאָס דאָזיקע פּשוטסטע שבפּשוטסטע, ווייל זיי איז דאָס שווער צו דערגרייכן. עס קען אויסזען ווי סתם רייד. נאָך ערגער: ווי שיטן זאַלץ אויף יענעמס וווּנדן.

עס איז לייכט צו וויסן אין וואָס די אויפגאַבע פון אונדזער דור באַשטייט; אָבער דער עיקר איז צו וויסן ווי אַזוי מע קען דערפילן אָט די אויפגאַבע.

אָבער ווי שווער דאָס זאָל נישט זיין — מוז דאָס געזאָגט ווערן.

אַ שאָק איז אַ שלעכטע זאַך, אַ פיינלעכע; אָבער פאַראַן פאַלן, ווען נישט באַקומען קיין שאָק איז נאָך אַן ערגערע זאַך ווי דער שאָק גופא. מע רופט אַ מאָל בכיוון אַרויס אַ פיזישן אָדער אַ גייסטיקן שאָק צוליב הייל־צוועקן, כדי גובר צו זיין די אַפּאַטיע, וואָס איז ערגער, געפערלעכער און טויטנדיקער פאַר אַלץ.

אין זיין פאָרוואָרט צו דער צווייטער אויפלאַגע פון זיין ערשטן באַנד „על פּרשת דרכים", שרייבט דער טיפסטער יידישער פובליציסט פון דער ערשטער העלפט 20סטן יאָרהונדערט, אחד העם: „תּמיד שווער ליידן און נישט פיינט באַקומען דאָס לעבן'— דאָס איז מעגלעך נאָר דאַן, ווען דער געפייניקטער ווייסט אַז ער לעבט און ליידט נישט נאָר דערפאַר, ווייל ער קען נישט שטאַרבן, נאָר אויך דערפאַר, ווייל ער דאַרף לעבן. דעריבער איז נישט קיין וווּנדער, וואָס מיר פילן מער פאַר אונדזערע עלטערן די שווערקייט פון אונדזער קנעכטשאַפט, און די שווערקייט פון גלות יעט אונדז אויס צו זיין אומדערטרעגלעך, מחמת דעם מאַנגל פון אַ נאַציאָנאַלן אידעאַל,

וואָס צוליב אים זאָלן מיר „ליב באַקומען די צרות״, ווי אונדזערע עלטערן; און דעריבער נייטיקן מיר זיך אין אַן אויפלעבונג פון נאַציאָנאַלן גייסטיקן אידעאַל נישט ווייניקער ווי אין דער אויפלעבונג פון דעם פאָלק גופא. ווען די קראַנקייט איז אַ לאַנגע און אַ שווערע, מוז דער קראַנקער שטאַרקן זיינע מאָראַלישע כוחות נישט ווייניקער ווי ער דאַרף אַ קערפּערלעכע רפואה, ווייל אָן דער מאָראַלישער קראַפט, וואָס זאָל אים אויפהאַלטן און פעיִק מאַכן אויסצוהאַלטן זיינע ווייטיקן, וועלן אויך כסדר זינקען די קערפּערלעכע כוחות ביז זיי וועלן פון זיך אַליין פאַרשווינדן נאָך איידער עס וועט קומען די רפואה...״

היינט זיינען מיר מער ווי ווען נישט איז פריִער שווער קראַנק, און אונדז איז שווערער ווי ווען נישט איז פריִער אַריבערצוטראָגן די ליידן, ווייל מיר האָבן פאַרלוירן דעם אַמאָליקן גרויסן עפּעס, וואָס מאַכט ליב די גרעסטע ליידן.

און די גרעסטע אויפגאַבע פון אונדזער דור איז אָפּצוגעפינען אָט דעם נויטווענדיקן גרויסן אידעאַל.

די רפואה איז אַזוי פשוט צו פאַרשרייבן, אָבער אַזוי שווער זי צו באַקומען...

*

קודם־כל איז די אויפגאַבע פון אונדזער דור צו מאַכן — אָדער איבערצומאַכן — צוויי גרויסע און דרינגנדיקע חשבונות: מיט דער וועלט און מיט זיך אַליין.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר האָבן אין ביידע חשבונות געמאַכט ממש פאַטאַלע טעותים: אין אונדזער חשבון מיט דער וועלט האָבן מיר געהאַט אַ טעות דערפאַר, ווייל מיר האָבן נישט אַריינגענומען אין אים די וויכטיקסטע פאָזיציע: דעם מאָראַלישן און שכלדיקן באַנקראָט פון דער וועלט.

די וועלט האָט באַנקראָטירט מאָראַליש און שכלדיק נישט נאָר אין באַציִונג צו אונדז, אָבער די בעסטע, דאָס הייסט די איבערצייגנדיקסטע אילוסטראַציע פאַר איר מאָראַלישן און שכלדיקן באַנקראָט איז איר באַציִונג צו אונדז.

אין רעכטן ברען פון 20סטן יאָרהונדערט האָט אין האַרץ פון אייראָפּע אַ גרויס פאָלק בין־לילה צעטרעטן אַלע געטלעכע און מענטשלעך־ציוויליזירטע געזעצן און אין מיטן העלן טאָג גענומען זינגען אַ בלוטטריפנדיקן נאַציאָנאַלן הימן — דאָס האָרסט־וועסעלליד. דאָס ליד פון אַלפאָנס האָרסט וועסעל איז געוואָרן דער נאַציאָנאַלער הימן פונעם פאָלק פון שיללער און געטע און קאַנט. „ווען ייִדנבלוט פון מעסער טריפט״...

אָדם־נאַקעט האָט אַ פאָלק דעקלאַרירט זיין פאַרוואַנדלונג אין קאַניבאַלן (אין פשוטן זין פון וואָרט), און די וועלט האָט נישט געמאַכט קיין „קאָרדאָן סאַניטער״ אַרום דער פּעסט־זאָנע. דאָס בלוט־טריפנדיקע ליד איז געוואָרן סאַלאָנפעיִק פאַר אַלע קייסערלעכע און פּרעזידענטישע הויפן פון דער וועלט.

די וועלט האָט פאַרגעסן דעם טיפן פּסוק פון קהלת: „גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן גלייך, אָבער זיי האָבן געזוכט פיל אויסטראַכטענישן". די וועלט האָט נישט געהאַנדלט פּשוט, אין הסכם מיטן עטישן אינסטינקט, לגבי דער חוצפּה פונעם היטלעריזם אויסצוזינגען אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט זיין קאַניבאַליסטישע לערע, זיין קאַניבאַליסטישן גלויבן, נאָר זי האָט געזוכט אַ סך פּראַקטישע חשבונות.

און די רעזולטאַטן האָבן זיך אויף זיך נישט געלאָזט לאַנג וואַרטן: אויב דאָס געזאַנג פון בלוט־טריפנדיקן האָרסט־וועסעל ליד האָט נישט באַליידיקט די קולטורעלע אויערן פון דער וועלט, מעג מען דאָס האָרסט־וועסעל־מעסער לאָזן אין גאַנג. און עס איז אַוועק אַ קאַניבאַלישע וואַקכאַנאַליע פון אַ לאַנגער, לאַנגער נאַכט פון לאַנגע מעסערס!... הונדערט יאָר פאַרשער־ און זאַמלער־אַרבעט וועט זיין ווייניק אויף אויפצורעכענען אַלץ, וואָס עס איז אָפּגעטאָן געוואָרן מיט די ייִדן אין דער דאָזיקער לאַנגער נאַכט פון לאַנגן היטלעריסטישן מעסער. און די וועלט? זי האָט ווידער געזוכט אַ סך חשבונות: זיך אָננעמען פאַר ייִדן? וועט דאָך היטלער זאָגן, אַז די מלחמה איז אַ „ייִדישע"! טאָ זאָל מען בעסער שווייגן... מען האָט אומבאַשטראָפט געלאָזט ביישפּיללאָז שענדן דעם מענטשן און די מענטשהייט בלויז דערפאַר, ווייל היטלער האָט איבער די גאַז־קאַמערן און איבער די טויטן־לאַגערן אויפגעהאָנגען אַ בלעטל: דאָ ווערן פאַרגאַזט און אויסגעמאָרדעט ייִדן!

דאָס מאָראַלישע געפיל האָט נישט אויפגעברויזט פּשוט, אָן חשבונות, און דאָס איז דער וועלטס מאָראַלישער, אָבער אויך שכלדיקער באַנקראָט, וואָס ווערט אַלץ טיפער און טיפער.

צי קען דען געמאָלט זיין אַ מער נידעריקע מאָראַלישע געפאַלנקייט ווי די באַהאַנדלונג וואָס מ'האָט געגעבן די דייטשע קאַניבאַלן און דאָס באַהאַנדלען אונדזער שארית־הפליטה? די דייטשן האָט מען שנעלער מוחל געווען די אויסמאָרדונג פון די זעקס מיליאָן, ווי אונדז, וואָס עס איז פאַרבליבן פון אונדז אַ שארית־הפליטה...

אָפט מאָל זעט עס אויס, אַז דאָס זוכן און מאַכן אַ סך חשבונות איז קלוג, נישט נאַיִוו, אָבער אין לעצטן סך־הכל ווייזט זיך אַרויס, אַז „גאָט האָט געשאַפן דעם מענטשן פּשוט", און דער טיפער אָן־חשבונדיקער אויפברויז קעגן מענטש־שענדונג איז נישט נאָר עטישער, נאָר אויך קליגער.

עס איז נישט קיין וווּנדער, וואָס נאָך אונדזער דערפאַרונג מיט דער וועלט פון 1933 ביז 1939, פון 1939 ביז 1945 און פון 1945 און ווייטער, האָבן מיר נישט קיין צוטרוי צו איר, — נישט צו איר שכל און אַוודאי נישט צו איר עטיק.

און ווער נאָך ווי מיר האָבן זיך פאַרלאָזן אויף דעם פּראָגרעס, אויפן ליבעראַלן און אַוודאי אויפן סאָציאַליסטישן! און ווער נאָך ווי מיר האָבן זיך געגלייטיקט אין דער דאָזיקער האָפענונג! איז טאַקע דעריבער אונדזער אַנטוישונג די סאַמע שוואַרצסטע.

און ווען מיר ענדיקן דעם טרויעריקן סך־הכל פֿונעם רעוויזירטן חשבון מיט דער וועלט, מוזן מיר מאַכן אַ טרויעריקן חשבון אויך מיט זיך גופא, מיט אונדזער אייגן לעבן.

און ווען מיר קוקן זיך צו צום בילד פֿון אונדזער לעבן, וואַרפֿט זיך אונדז קודם־כל אין די אויגן דער טראַגישער שטריך, וואָס נעמט אָן די פֿאָרעם פֿון אַ פֿראַגע (און ווען מיר שטעלן זי, ווערן מיר רויט פֿאַר חרפּה): ווו איז אונדזער שאָק? ווו איז דער שאָק, וואָס מיר וואָלטן געוועזן באַדאַרפֿט איבערלעבן ביי אַזאַ קאַטאַסטראָפֿע?

אַלץ איז עפּעס אַזוי נאָרמאַל, סיי ביי יחידים, סיי ביי פּאַרטייען, אַז עס כאַפּט זיך אַ מאָל אַריין אַ שרעקלעכער ספק: צי זיינען מיר שוין אַזוי טויט, אַז מיר זיינען שוין אויף אַ שאָק אויך נישט פֿעיִק? זאָלן האָבן מקוים געוואָרן ביאַליקס שרעקלעכע ווערטער:

עס גייט אונטער דאָס פֿאָלק, זיין געמיט איז פֿאַרשקלאַפֿט,
ס'האָט זיין אַרבעט קיין ווערט, און זיין אויפֿטו — קיין האָפֿט.
יאָרן טויזנטער גלות פֿון וויי און פֿון לייד,
האָבן אויסגעצערט אים און זיין האַרץ אָפּגעטויט.
קען דען איינער, געווינט צו דער שטראָפֿנדער האַנט,
נאָך דערשפּירן די לייד פֿון נשמה און שאַנד?
קען אַ פֿאָלק עפּעס זען, חוץ דער טעגלעכער נויט,
ווען עס טרינקט זיך אין פֿינצטערן גלות צום טויט —
קען עס האָפֿן אויף טאָג, ווען וואַרטן אויף שיין,
זאָגן דורות זיין וואָרט, זען אַ סוף צו זיין פּיין?
ווער נישט אויפֿכאַפּן זיך, סיידן ס'בייטשט אים די רוט,
ווער נישט אויפֿשטעלן זיך, סיידן ס'גיסט זיך זיין בלוט.
פֿוילע בלעטער פֿון בוים, גראָז צעטריקנט און גרוי
אַ צעקראַכן געוויקס — קען זיי אויפֿלעבן טוי?
און אַז ס'פֿלאַטערט די פֿאָן, און עס רופֿט דער טראָמפּייט —
קען דען רירן זיך יענער וואָס איז שוין לאַנג טויט?

(יידיש: י. י. שוואַרץ)



דער יידן־דור פֿון פֿאַרן חורבן האָט געלעבט אונטערן צייכן פֿון צוויי אילוזיעס:

אַז עס איז לייכט געוואָרן צו זיין אַ ייִד, און אַז עס איז לייכט געוואָרן צו ווערן אויס ייִד. עס איז לייכט צו זיין אַ ייִד: ווילסטו, ביסטו אַ ציוניסט און דו בויסט ישראל; ווילסטו — קענסטו זיין אַ גלות־נאַציאָנאַליסט און בויען אַן אויטאָנאָם ייִדיש

לעבן אין גלות, אונטערן שוץ פון ליבעראַלן געזעץ פאַר נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אָדער אונטערן סאָציאַליסטישן געזעץ פון „נאַציאָנאַלער פרייהייט פאַר יעדן פאָלק".

און עס איז אַוודאי לייכט צו ווערן אויס ייִד: ווילסטו — אַסימילירסטו זיך סתם אַזוי; ווילסטו ווידער דאָס מאַכן גרינגטלעכער — שמדסטו זיך נאָך צו אויך.

איצט זיינען די אילוזיעס צערונען: עס איז שווער צו זיין אַ ייִד, און עס איז שווער צו ווערן אויס ייִד.

עס איז שווער צו זיין אַ ייִד: באַנקראָטירנדיק, האָט די וועלט אויך געלאָזט גיין צום פראָטעסט איר ציוניסטישן וועקסל, — זי וויל אים מאַכן פאַר אַ שטיקל „וויס פאַפיר"; און די האָפענונגען אויף דעם מינדערהייטן־שוץ און אויף דער „נאַציאָנאַלער פרייהייט פאַר אַלעמען" זיינען אַוודאי צערונען. און אַפילו די טרייסט צו קענען לייכט ווערן אויס ייִד — איז אויך צונישט געוואָרן: מע האָט פון די אַרכיוון אויסגעגראָבן די הונדערט־יאָריקע מעטריקעס און אויסגעפונען יעדע ייִדישע על־טער־באָבע. עס האָט אויפגעהערט העלפן אַסימילאַציע, שמד, די פיינסטע מימיקרי, דער גרעסטער פּאַטריאָטיזם, — מ'האָט געגומען זוכן סימנים אין בלוט, אויף די נעזער, אין די קנייטשן פון מוח, אין די רעפלעקסיווע רעאַקציעס (פיזישע און גייסטיקע), וואָס מע קען זיי אי ן משך פון לאַנגע יאָרהונדערטערס נישט פאַרניכטן, ווי די ליניע פון דער כוואַליעס־באַוועגונג, ווי די ליניע פון אַ בערגלדיקן האָריזאָנט.

עס איז ווידער שווער געוואָרן צו זיין אַ ייִד און עס איז ווידער שווער געוואָרן צו ווערן אויס ייִד, — אָט דער באַוווסטזיין איז באַליכטן געוואָרן דורך די פלאַמען פון די קרעמאַטאָריעס, וואָס האָבן פאַראייניקט אין איין יסורימדיקן טויט דעם רב פון אַ קליין פּויליש שטעטל און דעם אַסימילירטן אָדער געשמדטן פּראָפעסאָר פון גרעסטן אייראָפּעיִשן אוניווערסיטעט.

און אָט דער באַוווסטזיין באַטייט, אַז די געשיכטע צווינגט ווידער אַרויף אויף אונדז אַ העראָיִשע תּקופה, וואָס מיר האָבן עס באַטראַכט פאַר אַ זאַך פון עבר, פון ווייטן געשיכטלעכן עבר.

ווי ייִדן געפינען מיר זיך אין דער לאַגע, אין וועלכער עס וואָלט זיך געווען געפונען די מענטשהייט, אויב עס וואָלט געווען ווידער געקומען אַן אייז־פעריאָד.

די מענטשהייט איז אים אַמאָל שוין איבערגעקומען מיט אַזוי פיל שווערי־קייטן, אינצווישן זיך צוגעוווינט צו אַזוי פיל באַקוועמלעכקייט, צו אַ לייכט לעבן, און מיט אַ מאָל — ווידער אָנהייבן דעם שווערן קאַמף פאַר עקסיסטענץ?

צי וואָלט די מענטשהייט געווען געהאַט קראַפט דערויף?

צי וועלן מיר, פאַרווייכטע ייִדן פון נאָך דער עמאַנסיפּאַציע־צייט, ווידער געפינען אין זיך די קראַפט דערצו? אָדער זיינען שוין די רעשטלעך פון אָט דער היסטאָרישער קראַפט אונדזערער פאַרברענט געוואָרן אין מאַידאַנעק?

צי זיינען מיר פסיכיש צוגעגרייט צו דער אויפגאַבע פון אונדזער דור צו אַ

הערלאַזשער עקסיסטענץ אין אַלט־יידישן זין? צי זיינען מיר גרייט צוצופּאַסן זיך צו אַ רעצידיוו פון אַ מיטלעלטער אין אַ פאַרערגערטער אויסגאַבע?

יעדער מין גרייט זיך צו אַ נייעם אייז־פּעריאָד דורך צוגרייטן זיין געווער; מיר, יידן, מוזן גרייטן צו אונדזער אייז־פּעריאָד אונדזער געווער, וואָס האָט אונדז גוט געדינט בעת דעם אַמאָליקן געשיכטלעכן אייז־פּעריאָד אונדזערן, — אונדזער גייסטיק געווער.

*

עס איז גרויס די געפאַר, ווען אַ פאָלק ווערט באַדראָעט פון גייסטיקער קנעכט־שאַפט; אָבער נאָך גרעסער איז די געפאַר ווען אַ פאָלק איז גרייט צו אַקצעפּטירן די קנעכטשאַפט. אַ פאָלק, וואָס איז גרייט צו אַקצעפּטירן קנעכטשאַפט, קען נישט האָפן איבערצולעבן דעם נייעם, שווערערן אייז־פּעריאָד, וואָס רוקט זיך אָן אויף אים.

איינער פון די בעסטע מינים געווער, וואָס מיט זיין הילף מיר האָבן געוווּנען אַלע געשיכטלעכע שלאַכטן, איז געווען דאָס געווער פון דער יידישער היים. און עס איז געווען צו פאַרגלייכן די אַמאָליקע יידישע היים מיט דער היינטיקער, כדי אַ ציטער צו טאָן פון פאַרצווייפלונג.

די אַמאָליקע יידישע היים מיט איר „זכר לחורבן" אויף דער וואַנט; מיטן חצות־וויינען אויף גלות השכינה; מיט אירע שענקלעך ספרים; מיטן אָפּגעבן די לעצטע גראָשנס פאַר שכר־לימוד, נישט לאָזנדיק אָפּט גאָר נישט פאַרן מיטיק־טאָפּ; מיטן טיילן זיך דעם אָרעמען מאָלצייט מיט אַ ישיבה־בחור; מיט איר יידישער פרומ־קייט און תפילות און מעשים טובים; מיט איר יידישער צניעות אין פרעדיקן און אין לעבן, — אָט די אַלע און נאָך אַנדערע גייסטיקע מעלות, וואָס האָבן געמאַכט די יידישע היים פאַר אַ פעסטונג פון יידישן גייסט, פאַר אַ שמידער פון יידישן כאַראַק־טער, — אָט די אַלטע יידישע היים ליגט אין חורבות. די קינדער פלעגן אין איר אָפט אויסגעהאָדעוועט ווערן אין פיזישער אָרעמקייט, אָבער דערפאַר אין גייסטיקער רייכקייט. היינט איז עס קאַפּויער: די קינדער לעבן זיך אין איר אויס אין פיזישער רייכקייט, אָבער אין גייסטיקער אָרעמקייט.

אין דער נייער יידישער היים איז נישטאָ נישט קיין סימן פון יידישער גייסטיקייט, נישט פון גייסטיקייט בכלל. עס ווערט אין איר אויסגעהאָדעוועט — אין אַן אַטמאָספערע פון קאָרטן־האַזאַרד, געלט־פאַרערונג און קערפּערלעכער אויבנ־אַניקייט — אַ גייסטלאָזער טיפּ ייד, וואָס וועט אַוודאי נישט פעיק זיין אין דער צייט פון ניסיון צו דער גרויסער מאָראַלישער אָנשטרענגונג, וואָס נאָר זי קען אונדז ראַטעווען אין אַ נייעם יידישן אייז־פּעריאָד.

די „אויפלעבונג פון די הערצער", וועגן וועלכער אחד העם האָט אַזוי שיין

און אַזוי טיף געפּרעדיקט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, איז נאָך קיין מאָל נישט געווען אַזוי אַקטועל און נייטיק, ווי היינט.

*

דערציִונג איז אַ זאַך פון אַליין־דערציִונג. דערציִען צו עפּעס קען מען דורך דעם וואָס מען דערציט פריִער זיך גופא צו אָט דעם עפּעס. אַ קאַמף פאַר און מיט די קינדער פאַר אַן „עפּעס", קען געווונען ווערן נאָר דאַן, ווען מע געווינט פריִער דעם קאַמף מיט זיך גופא פאַר אָט דעם „עפּעס".

דער אַמאָליקער ייִד, וועלכער האָט געפירט און געוווּנען דעם קאַמף מיט זיך גופא פאַר אַ ייִדישער גייסטיקייט, פאַר אַ ייִדיש לעבן, האָט אויך על פּי רוב געוווּנען דעם זעלביקן קאַמף מ י ט און פ אַ ר די קינדער.

אָבער היינט? ווי אַזוי קענען געלינגען אונדזערע נעבעכדיקע פּרווון צו דער־ציִען אין ייִדישקייט אונדזערע קינדער, אויב מיר אַליין פירן נישט קיין ייִדיש לעבן? אויב מיר אַליין נעמען עס נישט ערנסט?

דער ענטפער אויף דער פראַגע, צי מיר וועלן קענען דערפילן די אויפגאַבע פון אונדזער דור, איז אָפּהענגיק פון יעדן צווישן אונדז.

*

די פראַגע וואָס שטייט פאַר אונדזער דור איז נישט נאָר — „שטאַרבן צי לעבן"; סיי דאָס לעבן, סיי דער טויט האָבן צוויי פאָרמען: מע קען לעבן ווירדיק און אומווירדיק, און מע קען שטאַרבן ווירדיק און אומווירדיק.

וואָרעם וואָס שפּירן מיר צום שטאַרקסטן ביים איצטיקן חורבן?

אַלע קרבנות זיינען אומגעקומען, אָבער פון די וואָס זיינען געבליבן שטאַלצע ייִדן — און במילא שטאַלצע מענטשן — ביזן סוף, ביזן טויט אַריין, איז עפּעס נישט פאַרברענט געוואָרן, איז עפּעס געבליבן ווי אַ ירושה פאַר אונדז (אַ חוץ טרויער — די ירושה נאָך אַלע פאַרברענטע!): שטאָלץ, באַוווּנדערונג, אַן אונטערבאַוווּסט־זיניקע קינאה, ווי ביי עפּעס אויסטערליש שיינס, ווי ביי עפּעס אומגעהייער גרויס.

אַלע היטלער־קרבנות זיינען אומגעקומען, און אַלע זיינען אונדז טייער און זיי וועלן אייביק בלייבן טייער דעם פאָלקס־זיכרון, אָבער די, וועלכע זיינען געגאַנגען אין גאַז־אויוון אַריין מיטן „שמע ישראל!", אָדער מיטן „עם ישראל חי!", אָדער מיטן „נידער מיט היטלערן!" אויף די ליפּן, — האָבן אונדז געגעבן אַן אָנשווילעכע לעקציע פון דעם, וואָס עס הייסט ייִדישער „קידוש השם", וואָס עס הייסט גיין צום טויט ווי אַ ייִד. ביז איצט האָבן מיר דאָס געוווּסט בלויז פון געשיכטע, און עס האָט אונדז אָפט אויסגעזען לעגענדאַריש; אָבער איצט האָבן מיר דאָס געזען פאַר אונ־דזערע אויגן, געהערט מיט אונדזערע אויערן, דערפילט מיט אונדזער גאַנצן יש

(יעדנפאַלס האָבן מיר דאָס באַדאַרפט דערפילן מיט אונדזער גאַנצן ישו!), אַז ייִדישער גורל איז נישט נאָר אין די אַלטע בלעטער פון געשיכטע, נאָר אויך אין צאַפּלדיק־בלוטיקן היינט. און די אויפגאַבע פון אונדזער דור איז אויפצוכאַפּן אָט די ירושה פון די אַקטיווע היטלער־קדושים (אַקטיווע קדושים זיינען נישט נאָר די, וואָס האָבן געמאַכט די אויפשטאַנדן און געקעמפט פיזיש קעגן היטלערן מיט געווער און פויסטן, נאָר אויך די, וועלכע האָבן אים גייסטיק געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און פאַרברענט ווערנדיק ווי ייִדן, זיינען זיי אומגעקומען ווי ייִדן) און זי פאַרזייען אין זיך און אין אונדזערע קינדער, און זי לאָזן אויפגיין אין זיך, כדי ווען עס וועט, חס־ושלום, קומען די שווערע שעה פון ניסיון, זאָלן מיר זיי נישט פאַרשעמען, — די וואָס האָבן מיט זייער לעבן און גייסטיקער גרויסקייט געשריבן דאָס נייסטע קאַפּיטל פון ייִדישן קידוש־השם.

לאָמיר לעבן אַזוי, אַז ביי די שווערסטע באַדינגונגען זאָלן מיר שאַפן אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס וועט קיין מאָל נישט קענען פאַרברענט און געטויט ווערן. אָט דאָס איז די אויפגאַבע פון אונדזער דור.

---

רעפעראַט, געהאַלטן אין „פּאַלקסצענטער", אין סידנעי, מיי 1947.

ו

# באָדן פאַר דעם ייִדישן גייסט

ווען איך וואָלט געוועזן געקומען קיין סידנעי מיט סתּם יום־טובֿ־ווערטער, וואָלטן זיי נישט געווען ווערט די גרויסע הוצאות, אין וועלכע עס טרייבט אַרײַן אַן אַוויאָן־נסיעה פֿון מעלבורן קיין סידנעי.

סתּם יום־טובֿ־ווערטער לוינט נישט צו אימפּאָרטירן אַזש פֿון מעלבורן...

איך פֿאַרשטיי, בעת אַ יום־טובֿ קען מען נישט און מ׳טאָר אויך נישט זאָגן אַלץ וואָס עס ליגט אויף דער נשמה אײַנדערוואַכן. דעריבער וועל איך זיך מוחל זײַן וואָס איך זאָג נישט אַלץ, וואָס עס וואָלט אפֿשר געדאַרפֿט געזאָגט ווערן; און איר, האָף איך, וועט מיר דערפֿאַר מוחל זײַן, וואָס איך וועל אײַך זאָגן אַ ביסל פֿון דעם וואָס איר ווילט אפֿשר נישט הערן אַפֿילו אײַנדערוואַכן, בפֿרט אין אַ יום־טובֿ...

עס איז קיין שום ספֿק נישט, אַז די צענייאָריקע עקסיסטענץ פֿון סידנעיער „פֿאָלקס־צענטער" (וואָס גייט נאָך דערצו אַרײַן אין אַן אייגענער געבײַדע) איז אַ יום־טובֿ. דאָס איז אַ געשעעניש, מיט וועלכער מע מעג זיך משמח זײַן; אָבער מ׳טאָר נישט דערבײַ פֿאַרגעסן די ייִדישע טרער וואָס פֿלעגט פֿאַרגאָסן ווערן אויף יעדער ייִדישלעכער שׂימחה.

וואָס האָט באַטײַט די ייִדישע טרער אויף אַ ייִדישער שׂימחה? עס האָט באַטײַט, אַז דאָס שׂימחה־אײַנדזעלע האָט דעם ייִדן דערמאָנט אין דעם גרויסן אײַנדערוואַכן, וואָס רינגלט אים אַרום; גראָד די שׂימחה מיט איר נישט־געוויינלעכקייט האָט אונ־טערגעשטראָכן די געוויינלעכקייט פֿון ייִדנס לעבן. אמת, עס קען זײַן אַז צוליב דעם באַוווסטזײַן פֿון דעם ריזיקן אײַנדערוואַכן, פֿלעגט דאָס אײַנדזעלע שׂימחה נאָך טײַערער ווערן מיט זײַן זעלטנקייט; די טרער פֿלעגט, אַזוי צו זאָגן, צוגעבן דער שׂימחה אַ מין שײַנקייט־פֿעלער, וואָס אונטערשטרײַכט די שײַנקייט; אָבער די טרער פֿלעגט פֿאַרט זײַן, און זי איז געוואָרן ווי אַ באַשטאַנד־טייל פֿון יעדער ייִדישער שׂימחה. טאָ זאָל זי אויך בײַ אונדזער שׂימחה נישט פֿעלן...

עס איז הײַנט אַ שׂימחה אין ייִדישן סידנעי, און אַפֿילו אין ייִדישן אויסטראַליע

בכלל; אָבער עס דערמאָנט זיך מיר אַ פּרט פון דער ביאָגראַפיע פונעם גרויסן דענישן שרייבער מאַרטין אַנדערסען נעקסע (דעם אַזוי גערופענעם דענישן גאָרקי).

אין זיין אויטאָביאָגראַפיע דערציילט נעקסע וועגן דעם הויף ווו ער האָט פאַרבראַכט זיין קינדהייט. דאָס איז געווען איינער פון יענע גרויסשטאָטישע הייף, ווו עס איז קיין ברעקל גרינס נישטאָ, ווו די קינדער שפּילן לעבן די בית־הכסאות. און אָט, איין מאָל ווען דער קליינענקער נעקסע האָט אַרויסגעקוקט פונעם בוידעם־שטיבל, ווו זיינע עלטערן האָבן געוווינט, האָט ער אין דער דאַך־רינע דערזען אַ וווּנדער — אַ גרין שפּראָצל. דער ווינט האָט אין רינע פאַרטראָגן אַביסל ערד; דער ווינט האָט אין דער ערד פאַרטראָגן אַ קערנדל פון אַ געוויקס, און עס איז געשען אַ ווונדער: אין אַ וויסטן הויף האָט אַרויסגעשפּראָצט עפּעס לעבעדיקס.

טראַכט איך וועגן „פאָלקס־צענטער״, מוז איך נישט ווילנדיק טראַכטן וועגן דעם נס פון קליינעם בעקסעס גרינעם שפּראָצל אין דער דאַך־רינע.

דער בייזער ווינט פון ייִדישן לעבן האָט געבראַכט קיין אויסטראַליע י. נ. שטיינבערגן, מיט זיין אַקטיוון גייסט, מיט זיין מאַגנעטישער קראַפט צוצוציִען, אָנשטעקן און באַגייסטערן. ער און אַ הייפל מיט אים פאַרקרובהטע מיזרח־איירא־פּעיִשע ייִדן זיינען דאָס ביסל פּרוכטבאַרע ערד וואָס איז פאַרטראָגן געוואָרן אין דער סידנעיער וויסטע פון ייִדישן לעבן; און שטיינבערגס גייסט האָט אין דער דאָזיקער ערד פאַרטראָגן אַ קערנדל, וואָס האָט זיך אָנגענומען; און עס איז געשען דער גרויסער נס, אויף וועלכן אַפילו דער גרויסער אָפּטימיסט שטיינבערג האָט קוים געקענט האָפן. און נישט געקוקט אויף שטיינבערגס אָפּפאָר איז דאָס גרינע שפּראָצל אין דער וויסטע נישט פאַרטריקנט געוואָרן, נאָר אדרבא — עס האָט זיך אַנטוויקלט, עס האָט געלאָזן וואָרצלען. אָט דער נס איז אונדזער היינטיקע גרויסע שימחה; אָבער דער באַוווסטזיין אַז דער גרינער נס אין דער מידבר איז אויסגע־וואַקסן נישט אויף ערד אונטער די פיס, נאָר אויף אַ ביסל פאַרטראָגענער ערד אין אַ דאַך־רינע, — אין דעם באַשטייט אונדזער טרער אויף דער שימחה. ביי איינע וועט עס פאַרגרעסערן דעם ביטחון אין אונדזער גייסטיקן כוח: אונדזער גייסט איז אומ־פאַרוויסטבאַר; אָבער ביי אַנדערע וועט עס פאַרגרעסערן און פאַרשטאַרקן דעם באַוווסטזיין פון אונדזער באַדנלאָזיקייט: אַ ביסל ייִדיש־גייסטיקער באָדן ווערט פאַר־טראָגן דורכן בייזן ווינט פון ייִדישן לעבן אין די פאַרוואָרפנסטע דאַך־רינעס פון דער וועלט, און אומעטום באַווייזט ער ניסים, אָט דער דאָזיקער גייסט; אָבער נישט נאָר קען מע נישט לעבן מיט ניסים אַליין, נאָר אַ נס הענגט תמיד אויף אַ האָר...

מיר טאָרן נישט פאַרגעסן, אַפילו אויף אַ שימחה, אַז מיר לעבן אין אויסטראַ־ליע (ייִדיש־גייסטיק גאַטירלעך) פון אַ ביסל גרייטן קאַפּיטאַל, וואָס מיר האָבן מיט־געבראַכט מיט זיך, אין זיך. אָבער דעם דאָזיקן קאַפּיטאַל עסן מיר אויף, און קיין נייעם שאַפן מיר נישט. צי וואַקסן אויף, אויפן היימישן באָדן, מענטשן, וואָס זאָלן

קענען פאַרבייטן די שטיינבערגס און זיינע מיטבויערס, וועלכע האָבן דערמעגלעכט דעם היינטיקן גרויסן יום־טוב? עס איז געווען צו שטעלן די דאָזיקע פראַגע, כדי די טרער זאָל זיך באַווייזן אין אונדזער שימחה־צעשטראַלטן אויג... עס איז גוט ווען מע קען געבן אַ געפערלעך קראַנקן קינסטלעכע אָטעמונג, כדי אים אַריבערצוהעלפן איבערן קריזיס, ביז ער וועט קענען אָנהייבן צוריק נאָרמאַל צו אָטעמען... אָבער האָפענונגלאָז איז אַ קראַנקער, וועלכער מוז כסדר אָנקומען צו קינסטלעכער אָטעמונג, פאַר וועמען קינסטלעכע אָטעמונג איז געוואָרן אַ נאָרמאַלע דערשיינונג... עס איז אפשר נישט טאַקטפול צו צווינגען זען די היינטיקע שימחה דורכן שלייער פון אַ פאַרטרערטן אויג; אָבער עס איז קורצזיכטיק און אַ מאָל טאַקע פאַטאַל צו פאַרגעסן, אַז מיר האַלטן זיך אויף ביים לעבן מיט קינסטלעכער אָטעמונג.

אויף קיין איין מאָמענט טאָרן מיר נישט אַרויסלאָזן פון אויג דעם גרויזאַמען אמת, אַז מע קען נישט בויען אויף אָנגעטראָגענער ערד אין אַ דאַך־רינע, — מע מוז שאַפן באָדן אונטער די פיס, באָדן, וועלכן מע זאָל קענען אַקערן און פאַרזייען, און וועלכער זאָל אַרויסגעבן גרינע שפּראָצונגען אָן דעם חסד פון ווינט, וואָס פאַרטראָגט אַ מאָל אַ קערנדל אין אַ דאַך־רינע.



צי איז דען אָבער דאָ אין אויסטראַליע אַן אַטמאָספער פאַר אַ גייסטיקן באָדן־וווּקס?

אין שאַנכיי האָב איך געהאַט, גלייך ביים קומען אַהין, אַ שאַרף געפיל: איך האָב געראַטעוועט נישט נאָר מיין גוף, — אויך מיין גייסט איז אַרויס אומגעבראָכן פון דעם ערשטן ווולקאַן־אויסבראָך. אָבער ווער דאַרף דאָ מיין גייסט? איך האָב באַוויזן צו ראַטעווען די וואָרצלען, אָבער איז דען דאָ ווו זיי צו פאַרזעצן אויף ס׳ניי?

ס׳איז אַמאָל געווען אַ געמיינזאַמע, איינהייטלעכע קולטור־אַטמאָספער אין ייִדישן לעבן. די דאָזיקע קולטור־אַטמאָספער איז געווען טייער סיי דעם למדן, סיי דעם עם־הארץ. דער תלמיד־חכם האָט געהאַט הנאה פון דעם וואָס ער קען לערנען די תורה; דער עם־הארץ האָט הנאה געהאַט פון דעם וואָס עס איז דאָ אַ הייליקע תורה, וועלכע אַנדערע לערנען. צי ער האָט געלערנט די תורה, צי אַנדערע, — די תורה איז געווען דער העכסטער ווערט פון יעדן ייִדן, דער געמיינזאַמער טייער־סטער אוצר. און נאָר אַ דאַנק אָט דער באַציִונג צו דער ייִדישער קולטור האָט זי געקענט בלייען.

אַמאָל פלעגט אַ קולטור־אָרעמער ייִשוב (און אַפילו אויך אַ מאַטעריעל־אָרע־מער) אַרויסשיקן שליחים אַראָפּצוברענגען גרויסע רבנים, וואָס זאָלן פלאַנצן ביי זיי די הייליקע תורה, וואָס אין זייער הייליקן גלאַנץ זאָלן זיך וואַרעמען די אָרעמע

אין גייסט. אַ ביסל פון אָט דער עכטער קולטור־אַטמאָספער איז נאָך פאַרבליבן ביי ייִדן: יעדע עטלעכע הונדערט ייִדן שאַפן און האַלטן אויס אַ שול; זיי דינגען און האַלטן אויס בכבוד אַ רב, אַ חזן; אָבער די מאָדערנע קולטור האָט דאָס נישט, אָדער זי האָט דאָס אין זייער אַ קנאַפּער מאָס. אין אַ סך ייִדישע שטובן פלעגט מע האַלטן בכבוד ספרים, וואָס די באַלעבאַטים פלעגן אין זיי אַפילו נישט קענען אַריינקוקן. זיי האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז העכער פאַר זייערע פּערזענלעכע באַציִונ־גען מיטן ספר, — עס איז אָבער דאָ אַ נאַציאָנאַלע שייכות צווישן זיי. הייַנט איז נישטאָ אָט די נאַציאָנאַלע באַציִונג. לייגט מען עמעצן פאַר אַ בוך, האָט ער אַ גענוגנדיקן גרונט נישט צו קויפן, אויב ער זאָגט: „איך דאַרף דאָס נישט האָבן"; „איך האָב נישט קיין צייט צו לייענען". די געמיינזאַמע קולטור־אַטמאָספער צווישן דעם לערנער און דעם עם־הארץ איז צעשטערט געוואָרן, דאָס הייסט — עס איז צעשטערט געוואָרן די אַטמאָספער וואָס מאַכט מעגלעך קולטור. און דער רב פון דער הייַנטיקער מאָדערנער קולטור און דער ייִדישער שרייבער זיינען דעריבער איינזאַם. מע דאַרף זיי נישט האָבן, ווייל מע וואַרעמט זיך נישט אין די קולטור־שטראַלן, וואָס זיי טיילן אויס פון זיך. נישט נאָר שיקט קיינער נישט אַרויס קיין שליחים נאָך זיי, כדי זיי זאָלן אַריינברענגען אַ ביסל ייִדישע שכינהדיקייט אין קולטור־אָרעמע ייִשובים, נאָר ווען דער בייזער ווינט פון דער ייִדישער געשיכטע פאַרטראָגט שוין אַ מאָל אַ ייִדישן שרייבער אין אַ קולטור־אָרעמען ייִדישן ייִשוב, געפינט ער ניט נישט נאָר קיין אַטמאָספער נישט אויף צו וואַקסן, נאָר אויך נישט אויף צו קאָנסערווירן זיין גייסט, וואָס איז אויסגעוואַקסן נאָך אין די אַלטע ייִדישע היימען.

איך קען ניט נישט זען בעת דער הייַנטיקער שימחה דעם עלנטן ייִדישן גייסט. איך האָב איבערגעלעבט אין „פאָלקס־צענטער" עטלעכע אומפאַרגעסלעכע אָוונטן; איך קען די מענטשן וואָס שטייען ביי דער אַרבעט אין „פאָלקס־צענטער" און איך שעץ זייערע גוטע כוונות; אָבער איך קען ניט נישט זען, אַז אָט די אַרבעט איז בלויז אַן אָפּשטראַל פון דעם אַמאָל, און אינעם ביסל אָנגעטראָגענעם זאַמד איז דעם פאַרטראָגענעם גייסט נישט מעגלעך אויסצולעבן זיך, שוין אָפּגערעדט פון וואַקסן.

אָט דעם קאָמפּלעקס געדאַנקען און געפילן האָב איך, ווי געזאָגט, שוין שאַרף איבערגעלעבט אין שאַנכיי. איך וויל דאָ נישט אַנאַליזירן ווו איך האָב איבערגעלעבט אַ שאַרפערע פאַרצווייפלונג: אין שאַנכיי צי אין אויסטראַליע; אָבער איינס ווייס איך אויך זיכער: אויב כ'האָב געהאַט און כ'האָב ענלעכע פּיינלעכע איבערלעבונגען אין ביידע ערטער, איז דאָס מיסתמא נישט קיין צופאַל, נאָר אַ רעזולטאַט פון אונדזער לעבן, אַ באַגלייט־דערשיינונג פון אונדזער לעבן.

און איך וויל פאַרענדיקן מיין נישט־יומטובדיקע רעדע מיט אַ פּאָר ווערטער פון מיינעם אַן אַרטיקל, געשריבן פאַר די שאַנכייער ייִדן, אָבער ער איז צוגעפּאַסט

אויך פאַר די אויסטראַליער (צי פון מעלבורן, צי פון סידנעי; אויף פּראָצענטער מעסט מע נישט אַזעלכע איבערלעבונגען). דער אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן אין אַ זאַמלהעפט, אַרויסגעגעבן דורך אַ גרופּע יידישע שרייבער־פּליטים אין שאַנכיי. און איך האָב אין מיין נאָמען און אין נאָמען פון די אַנדערע יידישע שרייבערס געזאָגט צו די שאַנכייער יידן:

„קיינער טוט גאָרנישט פאַר יענעם, אַלץ טוט מען פאַר זיך. אויך אונדזער קולטור־אַרבעט, וואָס מיר ווילן דאָ טאָן, איז אונדזערע אַ באַדערפעניש. מיר טוען אייך נישט קיין טובות, ווייל אייער יידישע אָפּפרישונג איז פאַר אונדז לופט צום אָטעמען, אונדזער אַרבעט־סביבה, קאָלעקטיווע אויסלעבונג (די העכסטע און אפשר איינציקע מעגלעכקייט פאַר אַ מענטשן אויסצולעבן זיך מענטשלעך). אָבער אויך איר טוט אונדז נישט קיין טובה, ווייל דאָס איז אייך נייטיק פּונקט ווי אונדז, און אפשר נאָך מערער ווי אונדז. אונדז איז שווער אָן אייער קולטור־קרובהשאַפט, אָבער מיר פילן נאָך אין זיך די קולטור־פאַרבונדנקייט פון אונדזער ווייטער, געפּייניקטער היים, פון אונדזערע ווייטע, אַ מאָל פיזיש־געפּייניקטע און אַ מאָל גייסטיק זיך־פּייניקנדיקע היימען. אויך פון דעם האָט איר אַ סך ווייניקער ווי מיר. מיר פילן נאָך שאַרף אונדזער פרישע אָפּגעריסנקייט, און אויב מיר וועלן נישט געשפּייזט פון קיין וואָרצלען, האָבן מיר נאָך געצוג מיטגעבראַכטע זאַפטן אין אונדזערע אויסגעריסענע און פאַרוואָרפענע שטאַמען. איר פילט שוין כמעט נישט דעם ווייטיק פון אויסגעריסנקייט. אָבער איך קען נישט גלייבן איר זאָלט נישט פילן, אַז איר האָט קיין וואָרצלען נישט און אַז דער שטאַם איז טרוקן. איך קען דאָס נישט גלייבן, — איך זע די זאָרג אין אייערע אויגן, ווען איר קוקט אויף אייערע קינדער אָדער ווען איר רעדט וועגן זיי... איך זע ווי איר האַלט בכבוד די פאַרוואַלגערטע יידישע ביכלעך; זיי זיינען פאַר אייך נישט קיין לעבעדיקע שפּייז, וואָס מע פאַרנוצט און מע בייט יעדן טאָג, נאָר זיי זיינען ווי רעליקוויעס, וואָס מ'האַלט בכבוד, אָבער גוצן ניצט מען דאָס נישט.

„איר האָט איצט אַ שאַנס אַ ביסל אַרויסצוגיין פון אייער יתומים־צושטאַנד; איר האָט אַ שאַנס אַז אייערע קינדער זאָלן באַקומען דעם עלעקטרישן שלאָג פון אַ קאָנטאַקט מיט אַ נאָך צאַפּלדיקן אבר פון אַ צעשונדענעם, אָבער נאָך לעבעדיקן פאָלקס־אָרגאַניזם. מיר בעטן ביי אייך נישט קיין טובות און מיר ווילן אייך קיין טובות נישט טאָן, — מיר בענקען נאָך געמיינזאַמער אַרבעט פאַר אַ געמיינזאַמער נויטווענדיקייט. דאָס איז אונדזער ציל און אָט דאָס איז דער זין פון אונדזער באַשיידענער אַרבעט".

אויב עס האָט זיך עפּעס געענדערט זינט 1941, ווען דער אַרטיקל, פון וועלכן עס שטאַמט דער ציטאַט, איז געשריבן און געדרוקט געוואָרן, האָט זיך עס געענ־דערט צום ערגערן. די פיזיש און גייסטיק געפּייניקטע היימען אונדזערע זיינען שוין

אין גאַנצן נישטאָ; געבליבן איז בלויז אַ ביסל זאַפט פון אַמאָל, ווי דאָס בלייבט אַ געוויסע צייט אין יעדן אויסגעריסענעם שטאַם. און עס איז נאָך טויזנט מאָל מער נייטיק פאַר אונדז און פאַר אייך זיך איינצוואָרצלען אין אַ באָדן, אויב נישט אין אַ פיזישן, איז לכל הפחות אין אַ גייסטיקן. און אַלע אָנשטרענגונגען אונדזערע דאַרפן האָבן נאָר איין ציל: שאַפן באָדן פאַר אונדזערע אויסגעריסענע וואָרצלען.

פון דער רעדע, געהאַלטן ביי די פייערונגען צום צען־יאָריקן יובילײ פון „פאָלקסצײַטער" אין סידני, 1951.

ז

# פּופציק יאָר „בונד“ און ציוניזם

## (אויפלייזונג אָדער דערלייזונג)

גייט מען שרייבן וועגן אַ וועלכער נישט איז היסטאָרישער באַוועגונג, פאָדערט זיך קודם־כל מע זאָל זי באַטראַכטן אָביעקטיוו. דאָס איז אָבער זייער שווער אַפילו בנוגע אַ היסטאָרישער באַוועגונג, וואָס געהער אין גאַנצן דער פאַר־גאַנגענהייט, בפרט בנוגע אַזאַ (אָדער אַזעלכע), וואָס געהער אָדער געהערן צו דער פאַרגאַנגענהייט אָדער דער קעגנוואַרט.

דאָס איז שווער שוין צוליב דעם אַליין וואָס *אָביעקטיווקייט איז פון אַלע רעלאַטיווע באַגריפן אפשר דער סאַמע רעלאַטיווסטער*. נישטאָ אַזאַ דערשיינונג אין לעבן — און במילא אין דער געשיכטע, — לגבי וועלכער אַ מענטש זאָל קענען זיין לגמרי אָביעקטיוו, — דאָס הייסט נישט פאַראינטערעסירט, — אויף די גאַנצע הונדערט פּראָצענט. אָדער מ׳איז פאַראינטע־רעסירט מחמת צוגעהעריקייט צו אַ באַשטימטער געזעלשאַפטלעכער ריכטונג, אָדער מ׳האָט אַ גרעסערע „שוואַכקייט“ צו איין מיינונג ווי צו דער צווייטער. און חוץ דעם: נישטאָ קיין שום גאַראַנטיע, אַז אַפילו לגבי אַ זאַך וואָס גייט, דאַכט זיך, לחלוטין נישט אָן, קען מע זיין פולשטענדיק אָביעקטיוו. נישט דער שכל גיט אַזאַ גאַראַנטיע (מען איז דען פעיִק אַלץ אַרומצונעמען מיטן פאַרשטאַנד, אַבסאָלוט אָפּשאַצן און אַרויסטראָגן אַן אַבסאָלוט־ריכטיקן אורטייל?) און נישט דער געהיימער דיקטאַט פון אונטערבאַוווסטזיין, וואָס קען אונטערקויפן אויף טויזנט אומבאַמערקבאַרע אופנים.

אָבער, ווי וויכטיק עס זאָל נישט זיין איינצוזען אָט די באַוואָרענישן, ווען מ׳גייט צו אורטיילן געשיכטלעכע דערשיינונגען און באַוועגונגען, איז אָבער נאָך וויכטיקער פאַרן סאָציאַלן לעבן די זיכערקייט פונעם מענטשן, אַז ער קען אָביעק־טיוו אורטיילן און פאַראורטיילן. אָן אָט דעם געפיל וואָלט נישט מעגלעך געווען קיין שום סאָציאַל לעבן (דאָס הייסט בכלל נישט קיין לעבן, ווייל יחידיש לעבן קען געמאָלט זיין נאָר אין די ראַמען פון אַ סאָציאַלן לעבן).

פּונקט ווי קיינער קען נישט פעסטשטעלן מיטן אַקוראַט צי עס איז דאָ פרייהייט פון ווילן, און דאָך שפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָל אין דער געשיכטע דאָס געפיל פונעם מענטשן, אַז ער איז פריי אויסצווויילן זיין וועג, אַזוי שפּילט אויך אַ געוואַלדיקע שעפערישע ראָל אין דער געשיכטע דאָס געפיל, די איבערצייגונג פונעם מענטשן, אַז ער קען אורטיילן אָביעקטיוו וואָס פאַר אַ וועג אין דער געשיכטע עס איז ריכטיק און וואָסערער — נישט.

אָביעקטיווקייט ווערט נישט גאַראַנטירט דורך שטייַן פון דרויסן, פּונקט ווי דאָס ווערט אפשר נישט באַשטעטיקט דורך אַ געשיכטלעכן דערפאָלג, ווייל ווי גרויס עס זאָל נישט זיין דער זיג פון איין געשיכטלעכער באַוועגונג איבער אַ צווייטער, קען מען זיך תמיד אַרויסדרייען פונעם אורטייל מיטן פאַררופן זיך אויף דער געשיכטלעכער לאַנגאָטעמדיקייט. די געשיכטע האָט זיך נאָך נישט פאַרענדיקט, מ׳עט נאָך זען...

דאָס איז תמיד די טרייסט פון געשיכטלעך באַזיגטע.

אָבער אָט די אַלע באַטראַכטונגען זיינען אפשר נייטיק און אינטערעסאַנט ווען מע כאַפּט זיך אויף אַ מינוט אַרויס פון געשיכטלעכן פּראָצעס און מ׳קען זיך דערלויבן צו קוקן אויף אַלץ מן הצד, — פון אַ פילאָסאָפיש־דיכטערישן קוקווינקל.

א י ן ל ע ב ן מוזן מיר האָבן — און מיר האָבן טאַקע על־פּי־רובן! — די זיכערקייט, אַז מיר קענען אָביעקטיוו אָפּשאַצן דעם ווערט און דעם אומווערט פון אַ באַוועגונג, בפרט ווען מיר האָבן דערויף די באַשטעטיקונג פון דער געשיכטע.

אָט מיט די פילאָסאָפישע אַריינפיר־באַטראַכטונגען וועל איך צוטרעטן צו באַטראַכטן אין דער געשיכטלעכער פּערספּעקטיוו די פופציק יאָר עקסיסטענץ פון „בונד״ און ציוניזם.

איך קען נישט געבן קיין גאַראַנטיע פון אַבסאָלוטער אָביעקטיווקייט, ווייל נישט נאָר דאָס איז נישט מעגלעך פאַר די באַגרענעצטע גייסטיקע פעיִקייטן פונעם מענטשן, נאָר אַזאַ זאַך ווי אַבסאָלוטע אָביעקטיווקייט עקסיסטירט אפשר נישט אָביעקטיוו גענומען, סיידן אין אונדזער געפיל, סוביעקטיוו. אָט־אָ־די סוביעקטיווע אָביעקטיווקייט וועל איך אַריינברענגען אין מיינע באַטראַכטונגען אין דער פולסטער מאָס.

איך וועל זיין אויפריכטיק, — איך וועל זאָגן נאָר דאָס אין וואָס איך גלייב, וואָס איך פיל, נאָכן שטעלן מיין גלויבן און מיינע געפילן פאַרן שטרענגן מישפּט פון מיין פאַרשטאַנד.

מער קען אַ מענטש נישט צוזאָגן, אָבער איך זאָג נישט צו ווייניקער.



איידער איך גיי צו דירעקט צו מיין טעמע, וויל איך זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם, וועגן וואָס איך וועל נישט ריידן.

איך וועל נישט ריידן וועגן דער האַלב־יאָרהונדערטדיקער געשיכטע פון די צוויי גרויסע באַוועגונגען ,און אַוודאי נישט וועגן דער געשיכטע פון זייער קעגנזייטיקן קאָנקרעטן קאַמף אין דער געשיכטלעכער טאָג־טעגלעכקייט, — איך וועל ריידן בלויז וועגן דעם אידייִשן עיקר פון די צוויי באַוועגונגען און וועגן דעם אורטייל פון דער געשיכטע אין משך פון די דאָזיקע פופציק יאָר.

דערביי מיין איך נישט מיט די ווערטער „אורטייל פון דער געשיכטע" דעם חורבן פון אייראָפּעיִשן ייִדנטום און דעם אויפבוי פונעם ישוב אין ארץ־ישראל *). מ׳קען נישט און מ׳טאָר נישט פאַרווענדן דעם דירעקטן היטלער־חורבן פאַר אַ באַווייז קעגן „בונד", ווייל אַט די קאַטאַסטראָפע האָט שיער־שיער נישט איינגעשלונגען אויך דעם ארץ־ישראל־ישוב. און ווען דאָס וואָלט חס־ושלום געשען, וואָלט עס פונקט אַזוי ווייניק באַוויזן די פאַלשקייט פון ציוניסטישן וועג, ווי דאָס באַווייזט נישט די פאַלשקייט פונעם בונדישן וועג.

מיטן „אורטייל פון דער געשיכטע" מיין איך דעם אורטייל וועגן דער ריכטיקייט אָדער פאַלשקייט פון די אידעאָלאָגישע פאָר־הנחות פון די צוויי באַוועגונגען.



עס איז — פון דער געשיכטלעכער פּערספּעקטיוו — נישט קיין צופאַל, וואָסביידע באַוועגונגען, די ציוניסטישע ווי די בונדישע, זיינען געשאַפן געוואָרן אין איין צייט, מע קען זאָגן: גלייכצייטיק.

ביים סוף פונעם נײַנצנטן יאָרהונדערט איז די ייִדישע געשיכטע דערגאַנגען צו אַ טעמפּן ווינקל: דער ביז דעמאָלטיקער וועג האָט זיך געהאַט פאַרענדיקט.

וועגן אַט דעם איבערבראָך, פון וועלכן אונדזער געשיכטע איז אַרויס אין גאַנצן אַ געענדערטע; פון וועלכן עס שטאַמט אונדזער גאַנצער מאָדערנער וועג, — אָדער די מאָדערנע וועגן, — אין דער ייִדישער געשיכטע, קען מע ריידן גאַנצע טעג און נעכט און נישט אויסשעפּן די טעמע נישט אין דער ברייט און נישט אין דער טיף. וועל איך דעריבער נעמען דעם קירצסטן וועג, דעם בילדלעכן, כדי כאָטש סימבאָליש צו געבן אַ באַגריף וועגן דער דערמאָנטער ערדציטערניש אין אונדזער לעבן.

אין זיינע דערינערונגען דערציילט אַברהם ליעסין (אין זשורנאַל „צוקונפט", אין די דרייסיקער יאָרן) אַ רירנדיקן עפּיזאָד פון זיין קינדהייט.

זיין פאָטער, אַ רעליגיעזער און בכלל אַ הייסער ייִד, אַן אינטערעסאַנטער און טיפער מענטש, האָט איין מאָל געזאָגט צו זיין יונגן זון, גייענדיק מיט אים אַהיים

*) ווען איך האָב געהאַלטן דעם רעפעראַט האָט נאָך מדינת ישראל נישט עקסיסטירט.

אין אַ שבת צו נאַכטס, נאָך אַ הייסער דיסקוסיע ביים אַלטן וואַלטס ברודער, וועגן דער חובבי ציון־באַוועגונג:

„איך — האָט ליעסינען געזאָגט דער פאָטער, שטיין בלייבנדיק אין מיטן פון די פינצטערע גאַסן פון ידישן מינסק — בין נאָך געגאַנגען מיט אַן אויסגעטראָטענעם וועג. דיר אָבער וועט שווין זיין שווער: דיין וועג וועט זיין פול מיט גריבער און ס'וועט דיר אָנקומען שווער צו בלייבן אַ גוטער ייד".

עס איז געוואָרן שווער צו זיין אַ ייד; דער אויסגעטראָטענער וועג פון דער געשיכטע איז פאַרשוואונדן און דאָס פאָלק האָט זיך דערפילט אויף אַ שיידוועג אָן וועגווייזנדיקע צייכנס וווהין צו גיין.

פאַרן פאָלק האָבן זיך געשטעלט די גורלדיקע פראַגעס: וואָס ווייטער? וווהין?

און די פאַרשיידענע טענדענצן אין אונדזער לעבן, סיי די טיף־אינסטינקטיווע, סיי די נייע, אינטעלעקטועל־דערוואָרבענע, האָבן זיך אַ ריס געטאָן אין פאַרשיידענע ריכטונגען און האָבן פיבערדיק גענומען שאַפן פאַר זיך אידעאָלאָגישע באַזעס פון קאַמף.

ביידע באַוועגונגען — דער ציוניזם און דער „בונד" — האָבן געוואָלט לייזן די יידנפראַגע, דאָס הייסט אָנווייזן אַן אויסוועג פון דער פאַרלוירנקייט פונעם „אויפן שיידוועג" און אויסטרעטן אַ וועג פאַר יידן, עס זאָל ווידער לייכט ווערן צו זיין אַ ייד, ווייל ער וועט האָבן אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכן גלייכן וועג.

ווי אַזוי אָבער האָבן דאָס ביידע באַוועגונגען געטאָן?

דער ציוניזם איז געקומען ווי אַ מאָדערנער המשך פונעם אַלטן גאולה־געדאַנק: פונקט ווי אויפן סוף פונעם אַלטן יידישן וועג איז געשטאַנען משיח, האָט דער ציוניזם אויך אַוועקגעשטעלט אויפן סוף פון זיין נייעם וועג — די פּאָליטישע זעלבסט־אויסלייזונג פון גלות.

דער בונדיזם איז געקומען ווי אַ מאָדערנער — סאָציאַליסטישער — המשך פון דער אויפקלערעריש־ליבעראַלער עמאַנציפּאַציע; — די יידנפראַגע וועט גע־לייזט ווערן דורך עמאַנציפּירט ווערן פונעם סאָציאַליזם. דער סאָציאַליסטישער גלות וועט אויפהערן צו זיין אַ גלות.

ציוניזם איז געווען אַ המשך פונעם הויפּט־שטראָם פון דער יידישער געשיכטע — מיט זיין טענדענץ אַרויסצוגיין פון גלות; בונדיזם איז געווען אַ המשך פון אַ ביישטראָם פון דער יידישער געשיכטע — פון דער בירגערלעכער עמאַנציפּאַציע־באַוועגונג. מער נישט — אָנשטאָט דער באַנקראָטירטער ליבעראַלער עמאַנציפּאַציע, איז אויפגעקומען אַ נייע, די סאָציאַליסטישע עמאַנציפּאַציע.

ד ע ר צ י ו נ י ז ם א י ז אַ ד י ר ע ק ט ע ר ה מ ש ך פ ו ן ד ע ר י י ד י ש ע ר ג ע ש י כ ט ע, אַ ד י ר ע ק ט ע ר ה מ ש ך פ ו ן א י ר ע ט י פ ע נ י ש ן; ד ע ר ב ו נ ד י ז ם ק ו מ ט פ ו ן ד ר ו י ס ן.

און פון דעם נעמט זיך וואָס דער ציוניזם האָט טיפער אָפּגעשאַצט און געשפּירט דעם אַנטיסעמיטיזם, און דער בונדיזם — פלאַכער.

דער ציוניזם האָט געפילט דעם אַנטיסעמיטיזם מיטן טיפן ייִדישן אינסטינקט — ער האָט נישט געגלייבט אַז די ליבעראַלע טעאָריעס וועלן אים אָפּשאַפן. מיטן אויסגעשאַרפטן חוש — אין משך פון לאַנגע יאָרהונדערטערס — צו דערשפּירן דעם שונא, האָט דער ציוניזם געפילט אַז די וועלט קען אַפילו ווערן ליבעראַל און יושרדיק, און דאָך אויסשליסן פון דעם דאָזיקן גן־עדן די ייִדן (אחד העם און ביאַליק האָבן אַזוי פאָרמולירט דאָס געפיל פונעם ציוניזם בנוגע דעם אַנטיסע־מיטיזם); אַן אינסטינקטיווע שינאה לאָזט זיך נישט באַזייטיקן איינס־צוויי — דורך אַן אויפגעקלערטן ראַציאָנאַליזם.

דער „בונד", וואָס איז אַרויסגעפאַלן פונעם הויפּט־שטראָם פון דער ייִדישער געשיכטע, ווי מיט הונדערט יאָר פריִער — די ליבעראַלע עמאַנציפּאַציע־באַוועגונג האָט פאַרלוירן אָט דעם זיכערן אינסטינקט און געגלייבט גלייבן ראַציאָנאַליס־טיש, אַז אָט קומט דער סאָציאַליזם, וואָס וועט שוין באַזייטיקן אַנטיסעמיטיזם און וועט געבן ייִדן פולע נאַציאָנאַלע רעכט: די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע.

ווער עס איז אין דעם דאָזיקן פאַל געווען גערעכט — צי דער אינסטינקט פון אַ פאַרפאָלגט פאָלק, צי דער ראַציאָנאַליסטישער גלויבן אין אַ פאַרטיי־פּראָגראַם, — דערויף האָבן די פאַרפלאָסענע פופציק יאָר געגעבן אַ קלאָרן ענטפער מיט דער טראַגישסטער שאַרפקייט.

פאַר די לעצטע פופציק יאָר האָבן מיר איבערגעלעבט די באַציִונג פון די פּוילישע סאָציאַליסטן צו די ייִדישע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס; מיר האָבן איבער־געלעבט די באַציִונג פון די רוסישע קאָמוניסטן צו די ייִדישע נאַציאָנאַלע אַספּיראַ־ציעס. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אחד העם און ביאַליק זיינען געווען גערעכט: עס קען קומען אַ צייט, ווען סאָציאַליסטישע פּאַרטייען וועלן קומען צו דער מאַכט אומעטום, און זיי זאָלן אַפילו האָנאָרירן זייערע פּאַרטיי־פּרינציפּן לגבי אַלעמען, אַ חוץ לגבי ייִדן.

דער מענטשלעכער געוויסן איז זייער עלאַסטיש, ער האָט אָרט פאַר אַלערליי לאָגישע אומזיניקייטן, ווען דער אינסטינקט דיקטירט זיי אים.

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז נישט נאָר די עמאַנציפּאַציע האָט געהאַט אַ טעות בנוגע דעם ליבעראַליזם (ער האָט באַוויזן צו שאַפן אַ ליבעראַלן אַנטיסע־מיטיזם), נאָר אויך די בונדישע נעאָ־עמאַנציפּאַציע האָט געהאַט אַ טעות בנוגע דעם סאָציאַליזם (וועלכער האָט שוין אויך באַוויזן צו שאַפן אַ סאָציאַליסטישן אַנטי־סעמיטיזם).

אמת, סיי די עמאַנציפּאַציע, סיי די נעאָ־עמאַנציפּאַציע קענען שרייען (און זיך טרייסטן מיט חלשות־טראָפּנס!) אַז דאָס איז נישט קיין עכטער ליבעראַליזם, נישט

קיין עכטער סאָציאַליזם; אָבער דער עכטער ליבעראַליזם און דער עכטער סאָציאַ־ליזם לעבן נאָר אין אונדזער טרוים, אינעם טרוים פון די פּאַרפּאָלגטע, בעת דער נישט־עכטער ליבעראַליזם און סאָציאַליזם זיינען דיווירקלעכקייט. זיי הערשן איבער דער ווירקלעכקייט.

די אויסטערלישע לעבנס־פעיקייט פונעם אַנטיסעמיטיזם — ביי ליבעראַלן, ביי סאָציאַליסטן, ביי קאָמוניסטן, ביי דענקערס און דיכטערס — האָט אפשר מער ווי יעדע אַנדערע דערשיינונג אין משך פון די לעצטע פופציק יאָר באַוויזן די ריכטי־קייט פונעם ציוניזם, וואָס האָט באַזירט די נעגאַטיווע טייל פון זיין פּראָגראַם אויף דעם נאַציאָנאַלן אינסטינקט, אויפן טרויעריקן פאַקט פון „שינאת עולם לעם עולם", און די אומגערעכטיקייט פונעם „בונד", וואָס האָט באַזירט די פּאָזיטיווע טייל פון זיין פּראָגראַם אויפן אָפּטימיסטישן גלויבן, אַז דער סאָציאַליזם באַטייט אַ טויט פאַרן אַנטיסעמיטיזם.

דער פּראָגנאָז וועגן אַנטיסעמיטיזם, וואָס ביידע באַוועגונגען האָבן קעגנזעצלעך געשטעלט, האָט געגעבן גערעכט דעם ציוניזם.

ציוניזם איז אַרויסגעוואָקסן פון די סאַמע טיפענישן פון יידישן פאָלק, און בונדיזם איז אַן אָנוווקס פון דרויסן.

דער ציוניזם האָט זיך גענומען פון דרויסן, אָבער זיין איבערלעבסטן קערן האָט עס אַסימילירט; אָבער דער בונדיזם, וואָס איז אָנגעוואָקסן פון דרויסן, האָט דאָס אינערלעכע אַלץ מער און מער דערשטיקט, ווי אַ פּאַראַזיטישער וווקס דער־שטיקט און צעפרעסט די לעבעדיקסטע צעלן פון אַ קערפּער.

ווי ווייט דער בונדיזם איז פלאַך, באַווייזט דער באַרימטער נייטראַליזם פון „בונד".

דער נייטראַליזם דאָס איז די פּסיכאָלאָגיע פון אינדיפערענטיזם: מיר זיינען קעגן דעם דרוק, וואָס וויל אַז מיר זאָלן אונטערגיין ווי אַ פאָלק; אָבער אויב מיר וועלן נאַטירלעכערהייט פאַרשווינדן, נאָך דעם ווי מ'וועט אונדז געבן גלייכהייט, איז נישט קיין אומגליק.

דאָס זעט אויס כמעט ווי ברוטאַלער ציניזם; אָבער אין דער אמתן איז דאָס דער רעזולטאַט פון פאַרפרעמדקייט פון זיך אַליין, פון אייגענעם קערן.

דער „בונד" האָט אויפגעהערט צו שפּירן די נאַטירלעכע, די לעבעדיקע נויט־ווענדיקייט צום לעבן, וואָס עס שפּירט יעדע לעבעדיקע באַשעפעניש. ער האָט אויפגעהערט צו שפּירן די וויכטיקייט פון אייגענעם לעבן. דאָס געפיל פון אַבסט־ראַקטן יושר איז פאַר אים געוואָרן באַצווינגענדיקער, ווי זיין אוממיטלבאַר לעבעדיק לעבן. ער האָט אויפגעהערט צו פילן די שרעק פאַרן אומקום, — ער האָט בלויז געפילט דאָס וואָס מע וויל אים אומברענגען מיט געוואַלד פון דרויסן. קעגן נאַטיר־לעכן אומקום האָט ער נישט געפילט קיין שום אימפּולס צו קעמפן. אדרבא, אינעם

נייטראַליזם האָט אפשר אומבאַוווסטזיניק געווירקט אַ פאַרלאַנג אומצוקומען: זאָל אַ סוף נעמען צו אַ פּאַרוויקלטער פראַגע (מעג די פראַגע זיין: אידן), וואָס שטערט דעם קלאַסן־באַוווסטזיין, וואָס שטערט דער סאָלידאַריטעט פונעם פּראָלעטאַריאַט.

און מ׳קען אַפילו נישט זאָגן אַז דער נייטראַליזם איז געווען בלויז אַ קינדער־קראַנקייט ביים „בונד" — ער איז פונעם „בונד" נישט פאַרשוווּנדן אין גאַנצן ביז צום לעצט. און נישט נאָר ער לעבט אין פאַרשיידענע געשטאַלטן פון שטעלן העכער די אַבסטראַקטע פּאַרטיי־דאָגמע פאַר די לעבעדיקסטע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, נאָר ער איז געבליבן לעבן ביז צו לעצט אַפילו אין זיין נאַקעטער אור־געשטאַלט פון פּשוטן, נאַקעט־פאָרמולירטן נייטראַליזם. זינט דער קאַטאַסטראָפע און דער געבורט פון מדינת ישראל האָט זיך אַ סך געענדערט ביי גרויסע טיילן פון „בונד".

אמת, אין „בונד" זיינען שוין פאַר דער מלחמה געווען צוויי גרופּעס: מער נייטראַלע און מער נאַציאָנאַלע. אָבער די מער נאַציאָנאַלע גרופּע איז על־פי־רוב באַשטאַנען פון די רעשטלעך אינטעליגענץ פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע פּאַרטייען און גרופּעס, וואָס דער „בונד" האָט פאַרשלונגען ביי זייער ליקווידאַציע, אָבער נישט געקענט אין גאַנצן פאַרדייען. דאָס זיינען בונדיסטן — געוועזענע ס־עסאָווצעס און געוועזענע פאָלקיסטן, געוועזענע סיימאָווצעס און געוועזענע ציוניסטן.

אָבער דער נייטראַליזם פון די מער נייטראַלע איז אָפט נישט געווען ווייניקער שאַרף און אָפן ווי מעדעמס.

אָט ווי מעדעם דריקט אויס דעם נייטראַליזם:

„מיר זיינען נישט קיין נאַציאָנאַליסטן... מיר זיינען נישט קיין אַסי־מילאַטאָרן. מיר פירן אַ קלאַסנקאַמף... דאָ איז די ספערע פון אונדזערע אויפגאַבן, דאָ איז דער געביט פון אונדזערע צילן. זאָל, זיין אַז די געשיכטע האָט פאַרמישפּט די ייִדן צו ווערן ענלעך אויף אַנדערע פעלקער; מיר וועלן נישט אָננעמען קיין מיטלען, כדי אָפּצוהאַלטן דעם דאָזיקן פּראָצעס, מיר וועלן אים אָבער אויך נישט אונטערשטיצן. מיר זיינען נייטראַל... זאָל די געשיכטע צוזאָגן ייִדן אַ פונאַנדערבלי פון אַן אייגנאַרטיקער קולטור; מיר וועלן זיך נישט באַמיען צו שטערן די דאָזיקע פאַרשיידנאַרטיקייט, אָבער מיר וועלן זיך אויך נישט באַמיען וועגן איר דערפאָלג. מיר זיינען נייטראַל".

אָט אַזוי האָט געשריבן מעדעם אין ערשטן יאָרצענדלינג פונעם „בונד"ס עק־סיסטענץ, אין 1906, אין זיין אַרבעט „די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און די נאַציאָנאַלע פראַגע" (ציטירט לויט דובנאָוון, אין זיינע „בריוו פון אַלטן און נייעם ייִדנטום").

און אין יאָר 1938, אין לעצטן יאָרצענדלינג פונעם בונדס עקסיסטענץ ווי אַ מאַסנבאַוועגונג, האָב איך נאָך געהאַט אַ געלעגנהייט צו פּאָלעמיזירן אין דער פריילאַנדיסטישער „נייע שטימע" (נומער 4- מיטן נאַקעטן נייטראַליזם פון איינער

פון די אינטעליגענטסטע און טאַלאַנטירטסטע בונדישע פירער אין פוילן, דעם מאַרטירער וויקטאָר אַלטער. דער אַרטיקל מיינער הייסט „דער נייער גילגול פון נייטראַליזם" און ער פּאָלעמיזירט מיט וויקטאָר אַלטערס אַן אַרטיקל אין זיין פוילישן וואָכנבלאַט „מישל סאָציאַליסטיטשנאַ". פון 15טן יוני, 1938.

דער נייטראַליזם, וואָס איז, אמת, נישט אָפיציעל, נישט גייסטיק־אידעאָלאָגיש, אָבער פּאַקטיש שטיקלעכוויז געהאַט באַגראָבן געוואָרן, לעבט ווידער אויף אין אַלטערס אַרטיקל.

דער הויפּט־געדאַנק פונעם אַרטיקל איז פאָלגנדיקער: אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, ווו אַלע מענטשן און נאַציעס וועלן זיין פריי און גלייכבאַרעכטיקט, וועלן ביי יידן קעמפן צווישן זיך צוויי טענדענצן: אַ טענדענץ פון נאַציאָנאַלער קאָנסאָלידאַציע און אַ טענדענץ פון אַסימילאַציע. און וויקטאָר אַלטער טרעט אַרויס אין קאַמף פאַר דער גלייכבאַרעכטיקונג פון די דאָזיקע צוויי טענדענצן. „צי איז אָבער די אַסימילאַציע־טענדענץ יענץ „פאָלקס־אומגליק" — פרעגט וויקטאָר אַלטער — „ווי עס מיינען די נאַציאָנאַליסטן?"

און וויקטאָר אַלטער זאָגט דאָרט אָפן, אַז באַקעמפן דאַרף מען נאָר די צוואַנג־אַסימילאַציע און אויך נישט פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט, נאָר „אין נאָמען פון מענטשנס פרייהייט", אָבער אין נאָמען פון דער זעלביקער פרייהייט פאָדערט ער דאָרט צו

„פאַראורטיילן דעם קאַמף קעגן דער פרייוויליקער אַסימילאַציע. שווער מאַכן דער יידישער באַפעלקערונג די פרייע אַנטוויקלונג פון איר נאַציאָנאַלער קולטור איז בלי שום ספק אַן אויסדרוק פון נאַציאָנאַליזם, אָבער נאַציאָנאַליזם איז אויך דאָס אוממעגלעך מאַכן אָדער באַשווערן דאָס צונויפגיסן זיך מיט אַן אַנדער קולטור פאַר יענע עלעמענטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע ווילן דאָס".

נישט וועלן אונטערגיין ווי אַ פאָלק, נישט זיין נייטראַל צום געשפּענסט פון אונטערגאַנג ,איז ביי וויקטאָר אַלטערן געווען אַ פאַרברעכן.

ער שרייבט: „יענץ „אויפהאַלטן דאָס יידנטום פאַר יעדן פרייז", איז אַ נאַציאָנאַליסטישע פראַזע, אַ יידישע איבערזעצונג פון דער היטלעריסטישער פלוידעריי וועגן דער ריינער דייטשער ראַסע".

ווי מיר זעען האָט נאָך דער עכטער נייטראַליזם געלעבט אויך אין 1938.

דאָס איז דאָך אָבער פונקט אַזוי ווי מ׳וואָלט געוועזן זאָגן: צוויי טענדענצן קעמפן פאַר באַהערשן דעם מענטשלעכן קערפּער: די טענדענץ פון געזונטהייט און די טענדענץ פון קראַנקייט. לאָמיר־זשע זיין טאָלעראַנט און לאָזן פריי זיך אויסלעבן ביידע טענדענצן. וועט איינער האָבן אַ גאָר געזונטן אָרגאַניזם — וועט ער גובר

זיין די אַטאַקעס פון די באַצילן; וועט ער האָבן אַ שוואַכן אָרגאַניזם, וועט ער קראַנק ווערן.

פאַר וואָס אָבער זאָל מע נישט העלפן שטאַרקן דעם שוואַכן, קראַנקן אָרגאַניזם? פאַר וואָס נישט אַרויסנעמען אים פון דער סביבה, ווו ער ווערט — און מוז ווערן — אַטאַקירט פון טויט־באַצילן?

צי וואָלט וויקטאָר אַלטער אויך געווען נייטראַל, ווען ער וואָלט געוואָלט געזען ווי אַ שטאַרקער און אַ שוואַכער שלאָגן זיך? צי וואָלט ער נישט געווען געלאָפן באַשיצן דעם שוואַכן?

איך בין זיכער, אַז דער ריטערלעכער וויקטאָר אַלטער וואָלט געווען איינגעשטעלט זיין לעבן, כּדי צו פאַרטיידיקן דעם שוואַכן. פאַר וואָס־זשע האָט ער געפּרייּדיקט נייטראַלקייט לגבי דעם ייִדישן פאָלק, וואָס ווערט אַטאַקירט אין אומגינסטיקע באַדינגונגען.

וויקטאָר אַלטער איז געווען אַ גייסטרייכער מענטש און ער האָט זייער גוט געוווּסט (פון זיין אייגענער דערפאַרונג), אַז „מענטשן לעבן נישט נאָר מיט ברויט אַליין, און זייערע גייסטיקע באַדערפעניש בינדן זיי צונויף מיט זייער נאַציאָנאַלער קולטור און נאַציאָנאַלער געמיינשאַפט“. אָבער דאָס האָבן די בונדישע נייטראַליסטן געוווּסט בנוגע דער נאַציאָנאַלער פראַגע בכלל; ווען עס קומט אָבער צו דער קאָנקרעטער ייִדישער נאַציאָנאַלער פראַגע, פאַרלירן זיי זייער קלאָרקייט און פּשטות: „די אמתע פרייהייט דריקט זיך אויס אין געבן פולע פרייהייט דיביידע טענדענצן, וואָס קעמפן פאַר דער נשמה פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. דאָס איז אַ מין אייגנאַרטיקער אויסדרוק פון רעכט אויף אַליין־באַשטימונג פאַר דער ייִדישער נאַציאָנאַלער מינדערהייט“.

טאַקע באמת אַן אייגנאַרטיקער אויסדרוק פאַר אַן אייגנאַרטיקן רעכט...

נאָר אַ פּאַרטיי וואָס האָט געוואָלט לייזן די ייִדנפראַגע פון דרויסן, האָט געקענט שאַפן דעם נייטראַליזם, וואָס איז אין תוך אַ פאַראורטיילונג פון אַסימילאַציע, דאָס הייסט אַז אין תוך גענומען איז דער „בונד“ געווען נייטראַל צו דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג פון ייִדישן פאָלק, אָבער נישט צו זיין אַסימילירן זיך. ווען מע פרײדיקט נייטראַלקייט לגבי אַן אָפּגעשוואַכטן שווימער אין אַ שטאַרקן שטראָם, הייסט דאָס אַז מע פאַראורטיילט אים אויף דערטרונקען ווערן.

דער אינערלעכער אַבסאָלוטער דראַנג צו לעבן, די אינטימע פאַרבינדונג מיט אַ פאָלקס נשמה, מיט זיין קולטור, קען נישט אַרויסרופן אַזאַ שטעלונג, וואָס איז אין אַבסטראַקטן זין נייטראַל, אָבער אין פּאַקטישן — אַ הילף פאַרן אַסימילירנדיקן צד.

נייטראַלקייט איז אין אַזאַ פאַל אינדיפערענטיזם, אינערלעכע אָפּגעשטאָרבנקייט פאַרן כּלל, וואָס צו זיין לעבן איז מען נייטראַל.

ווען מ׳האָט ליב אַ מיידל, און אַ צווייטער, בפרט אַ שטאַרקערער, באַמיט זיך צו געווינען איר אויפמערקזאַמקייט, באַציט מען זיך נישט נייטראַל — מע פֿאַרטאָפּלט, מע פֿאַרצענפֿאַכט די אָנשטרענגונגען זי צו געווינען.

אויב מען איז נייטראַל — איז אָדער מ׳האָט נישט ליב דאָס מיידל, אָדער מען איז אויסגעליידיקט פֿון לעבנסקראַפֿט; מען איז — אין אונדזער פֿאַל — נאַציאָנאַל טויט...

דער ציוניזם — פֿלעגן די בונדיסטן אָפּט טענהן — איז אַ רעזולטאַט פֿון פּאָגראָמען, און ער לעבט פֿון פּאָגראָמען.

מע זאָל דעם בונדיזם וועלן אָפּצאָלן מיט אַ פֿלאַכקייט פֿאַר אַ פֿלאַכקייט, וואָלט מען אים אויף זיין פּאָגראָם־פֿאָרוווּרף געוועזן געקענט ענטפֿערן, אַז דער סאָציאַליזם איז אַ רעזולטאַט פֿון עקספּלואַטאַציע און ער לעבט פֿון עקספּלואַטאַציע.

איך וויל אָבער דעם אומגערעכטן פֿאָרוווּרף לגבי דעם ציוניזם נישט אָפּקלאַפּן מיט אַ צווייטן אומגערעכטן פֿאָרוווּרף — איך וויל אויפֿווייזן זיין אומריכטיקייט.

אין אַ געוויסן זין איז דער פֿאָרוווּרף ריכטיק, אָבער נישט אין זיין וווּלגאַרן זין: דעם ציוניזם איז נישט נייטיק געווען דער פּאַקטישער פּאָגראָם; ס׳איז פֿאַר אים גענוג געווען דער מעגלעכער פּאָגראָם. דער ציוניזם האָט געשעפּט זיין קראַפֿט — און די זיכערקייט אין זיין גערעכטקייט — פֿון דעם, וואָס ער האָט אַרויסגעשפּירט אַרום ייִדישן לעבן די פּאָגראָם־אַטמאָספֿער.

אָבער מיט דער זעלביקער רעכט קען מע זאָגן אַז דער בונדיזם איז, אין זיין וועלן׳ לייזן די נאַציאָנאַלע פֿראַגע, געווען אַ רעזולטאַט פֿון פּ ס י כ י ש ן פּ אָ ג ר אָ ם, וואָס הערשט אין דער ייִדישער געשיכטע. וואָרעם וואָס איז נייטראַליזם, אויב נישט אַ הנחה פֿאַרן פּסיכישן דרוק, דעם פּסיכישן טעראָר פֿון דרויסן, וואָס שרייט כסדר — „פֿאַרשווינדט! פֿאַרשווינדט!“

דער „בונד“ האָט ווי געזאָגט צום דאָזיקן טעראָריזירנדיקן דרויסן: איך וועל זיך אַנטקעגנשטעלן דעם צוואַנג! הער אויף צו דראָען, צו צווינגען, און איך וועל זיך נישט אַנטקעגנשטעלן דער פֿרייוויליקער, נאַטירלעכער פֿאַרשווינדונג...

דער „בונד“ ווי אַ רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, וואָס קעמפֿט קעגן געוואַלד־הערשאַפֿט, האָט באַקעמפֿט אויך דעם דאָזיקן מין „קולטור“־געוואַלד. דער „בונד“ האָט פֿאַרמאָגט און געפּריידיקט מענטשלעכע ווירדע און ער האָט ווי געזאָגט צום טעראָריזירנדיקן דרויסן: הערט אויף פֿיזיש און גייסטיק צו שעכטן, וועלן מיר אפֿשר אַליין באַגיין גייסטיקן זעלבסטמאָרד...

*

ווי איז אויסגעפֿאַלן דער אורטייל פֿון אַ האַלבן יאָרהונדערט איבער די צוויי קעגנערישע אידייען צו לייזן די ייִדנפֿראַגע?

די סאָציאַליסטישע עמאַנציפּאַציע־אידייע האָט, ווי שוין געזאָגט, פּונקט אַזוי באַנקראָטירט, ווי די ליבעראַלע.

דער אַנטיסעמיטיזם — האָט זיך אַרויסגעוויזן — איז טיפער פאַרוואָרצלט ווי דער מאַרקסיזם האָט זיך דאָס פאָרגעשטעלט. ער איז נישט נאָר אַן עקאָנאָמיש־פּאָליטישע קראַנקייט (אָט די קראַנקייט פאַלט אויך צו אין גינסטיקע מאָמענטן,) — ער איז אין דער ערשטער ריי אַ פּסיכישע קראַנקייט. און היות דער שוואַכסטער פּונקט פון מאַרקסיזם איז תמיד געווען פּסיכאָלאָגיע (ער האָט נישט באַגריפן נישט די פּסיכאָלאָגיע פונעם מענטשן — מעג ער זיין אַן אַרבעטער — נישט די פּסיכאָ־לאָגיע פון די מאַסן און נישט די פּסיכאָלאָגיע פונעם נאַציאָנאַליזם), האָט ער אויך נישט באַגריפן די פּסיכאָלאָגיע פונעם אַנטיסעמיטיזם. פּונקט ווי ער האָט געהאַפט צו באַזיגן דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט דורך פרייידיקן קלאַסנקאַמף, האָט ער אויך געהאַפט צו באַזייטיקן דעם אַנטיסעמיטיזם דורך אויפקלערן די מאַסן אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז דער קלאַסנקאַמף פון נאַראָנים.

פּונקט ווי דער ראַציאָנאַליסטישער מאַרקסיזם האָט געהאַלטן אַז רעליגיע האָבן אויסגעטראַכט די עקספּלואַטירנדיקע קלאַסן, כדי צו פאַרטויבן — מיטן רעליגיע־אָפּיום — די עקספּלואַטירטע מאַסן, אַזוי האָט ער אויך געהאַלטן, אַז דעם אַנטיסע־מיטיזם האָבן צוגעטראַכט די הערשנדיק־עקספּלואַטירנדיקע, ווי אַ בליצאָפּוועגדער פאַרן צאָרן פון די באַוואָלהטע מאַסן.

דער מאַרקסיזם האָט נישט געקענט פאַרשטיין, אַז פּונקט ווי די הערשנדיקע קלאַסן נוצן אויס פאַר זייערע צוועקן — מיסברויכן — די גרויסע קראַפט פון רעליגיע (ווי מע נוצט אויס אַ פאַרטיקן וואַסערפאַל אויף צו טרייבן אַ מיל), אַזוי נוצן זיי אויך אויס דעם פאַראַנענעם אַנטיסעמיטיזם, כדי צו טרייבן זייער מיל.

געוויס, מ׳קען נישט שטעלן קיין גלייכונג־צייכן צווישן רעליגיע און אַנטיסע־מיטיזם (רעליגיע איז אַ טבע; אַנטיסעמיטיזם איז אַן איינגעוואָרצלטע געוווינשאַפט — די צווייטע טבע), אָבער דער טעות, וואָס דער מאַרקסיזם האָט געמאַכט בנוגע ביידע, איז דער זעלביקער: ער האָט צו אויבערפלאַכלעך אויסגעטייטשט ביידע.

דעריבער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז מע קען זיין אַן איבערגעצייגטער ליבעראַל און גלייכצייטיק — אַן אומפאַרבעסערלעכער אַנטיסעמיט; מ׳קען זיין אַ סאָציאַליסט און — אַן אַנטיסעמיט; און מע קען זיין אַ קאָמוניסט און — אַן אַנטיסעמיט.

אַנטיסעמיטיזם איז טאַקע אַ פאָראורטייל, אָבער אַזאַ וואָס באַזירט אויף געוויסע נאַטירלעכע אייגנשאַפטן פונעם מענטשן; און היות ווי מע האָט אָט דעם נאַטירלעכן פראָדוקט פון שינאה צום פרעמדן, אַנדערשדיקן און פעיקערן אין משך פון דורות געפלעגט קעגן אַ באַשטימטן שטאַרק־פרעמדן און אויסטערליש־ אַנדערש־דיקן און אויסטערליש־פעיקן אָביעקט, איז ער געוואָרן שטאַרק, ווי געוויסע קולטי־ווירטע מינים מיקראָבן.

דער ציוניזם, וועלכער איז צוגעגאַנגען צום אַנטיסעמיטיזם מיטן ייִדישן חוש, האָט ריכטיק געשטעלט דעם דיאַגנאָז: מע מוז האָבן אַן אייגענע היים, ווייל איידער מ'וועט דעם קולטיווירטן און מעכטיק־געוואָרענעם אַנטיסע־מיטישן מיקראָב רעדוצירן צו זיין נאַטירלעכער מאָס, אָדער מ'וועט אים — מיט דער הילף פון פראָגרעס — אין גאַנצן טויטן, וועלן שוין נישט זיין קיין ייִדן וואָס זאָלן קענען געניסן פון משיחס צייטן...

דער ציוניזם האָט פאַרשטאַנען נאָך דער דערפאַרונג מיט דער ליבעראַלער עמאַנציפּאַציע, אַז פון דער סאָציאַליסטישער נעאָ־עמאַנציפּאַציע וועט זיך אויסלאָזן דער זעלבער טייך... און דער ציוניזם האָט אַרויסגעשטעלט קעגן דער רפואה פון דער נעאָ־עמאַנציפּאַציע — די רפואה פון אויטאָ־עמאַנציפּאַציע: שאַפן פאַר זיך אַן אייגענע היים, זיך אַליין־עמאַנציפּירן, ווייל דאָס איז די איינציקע מעגלעכקייט איבערצובויען דאָס ייִדישע פאָלק מאָראַליש, פיזיש און עקאָנאָמיש.

דער אורטייל פון די לעצטע פופציק יאָר געשיכטע איז אַ פאַרניכטנדיקער פאַר דער אידייע פון נעאָ־עמאַנציפּאַציע, און במילא אַ באַשטעטיקונג פאַר דער אויטאָ־עמאַנציפּאַציע (אַפילו ווען מיר זאָלן נישט נעמען אין באַטראַכט דעם פאַקטישן טריומף פון ציוניזם — דעם אויפבוי פון אַן אויטאָנאָמען ייִשוב אין ארץ־ישראל).



די ציוניסטישע אידייע, ווי ריכטיק זי זאָל נישט זיין, איז אַזוי שווער צו פאַרווירקלעכן, אַז עס זיינען נייטיק דערצו אַלע אָנשטרענגונגען פון יעדן ייִדישן יחיד און פון גאַנצן ייִדישן כלל *). און דער בונדיזם (וויפל פאָזיטיווע דערגרייכונגען ער זאָל נישט האָבן אויפצוווייזן אין דער היסטאָרישער טאָג־טעגלעכקייט) איז באַגאַנגען — פון אַ ברייטער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו — אַ נאַציאָנאַלן פאַר־ברעכן: ער האָט אָפּגעריסן פון ריכטיקן וועג אַ גרויסע טייל פון אַקטיוזסטן טייל פון פאָלק, פון דער יוגנט.

ווי גוט דער בונדיזם זאָל נישט האָבן געמיינט — פאַקטיש האָט ער געבראַכט אַ גרויסן שאָדן: אָנשטאָט צו לענקען די דורך אים אויפגעוועקטע ענערגיע פון די ייִדישע מאַסן אין אַן אַבסאָלוט־נאַציאָנאַלער ריכטונג, צו בויען אַן אייגענע היים אין נייעם גייסט, האָט ער געבויט אַ שטוב פאַר אַנדערע און — אַ נאַציאָנאַלע תפיסה פאַר זיך (אין בעסטן פאַל).

די אילוזיע זיינע איז געווען נישט מער ווי אַ שיינער חלום (ווי לייכט עס איז די גאולה און ווי נאָענט זי איז!), און די רעזולטאַטן אירע זיינען געווען אַנגעגנעם

---

*) אַפילו נאָך היינט, שוין נאָכן גריגדן די ייִדישע מלוכה.

אין דער ליטעראַטור, אָבער פאַטאַל — ווען מ׳קוקט זיך צו טיפער צו אונדזער לעצטן קאַפּיטל געשיכטע.

די יידישע ליטעראַטור, וואָס האָט זיך אין אַ גרויסער מאָס פונאַנדערגעבליט אונטער די אילוזיעס פון פאַרשיידענע מינים נעאָ־עמאַנציפּאַציעס, האָט זיך געווענדט צום יידישן יחיד און אים געטרייסט, פאַרוויגט, פאַרגעסנדיק די ברייטע נאַציאָנאַלע האָריזאָנטן; זי האָט זיך על־פּי־רוב באַגנוגנט מיט ברעקלעך מענטשלעכן גורל, און פאַרגעסן דעם פאָלקס גורל.

די באמת נאַציאָנאַלע ליטעראַרישע שאַפונגען זיינען געשאַפן געוואָרן דורך דער ציוניסטישער אידייע.

דער „בונד" רימט זיך דערמיט, אַז ער האָט אין אַ גרויסער מאָס געבויט די יידישע ליטעראַטור, און דאָס איז ריכטיק. אָבער אויך אין דעם דאָזיקן פאַרדינסט זיינען זעט מען דעם שאָדן וואָס ער האָט געבראַכט: ער האָט נישט פאַרמאָגט קיין נאַציאָנאַלן פּאַטאָס, און ער האָט נישט אינספּירירט צו שאַפן אַ ברייט־האָריזאָנטיקע נאַציאָנאַלע ליטעראַטור.

די גרעסטע נאַציאָנאַלע שאַפונגען אין אונדזער ליטעראַטור זיינען געשאַפן געוואָרן דורך נישט־בונדיסטן, אָדער דורך בעלי־תשובה.



אין לייוויקס בוך וועגן דער שארית־הפליטה זאָגט איינער פון די לעבנגעבלי־בענע פון די קאַלכאויוונס: „מיטן גלות האָבן מיר שוין פאַרענדיקט".

דאָס איז נישט גילטיק פאַר יעדן יידישן יחיד, אָבער פאַרן לעבעדיקן קערן פון פאָלק — יאָ.

עס איז זיך גענוג צו דערמאָנען אין דער עפּאָפּייע פון „עקזאָדוס 1947", כדי דאָס צו פילן.

מענטשן, וועלכע האָבן יאָרן לאַנג דורכגעליטן אַלע שבעה מדורי גיהנום, זיינען גרייט אויף אַזאַ רייזע, וואָס עס איז נייטיק צו איר נישט נאָר גלייכגילט צום טויט, נאָר נאָך מער — ווילן צו אַ זעלבשטענדיק לעבן.

נאָר מענטשן וואָס האָבן פּסיכיש פולשטענדיק פאַרענדיקט מיטן גלות, וועלכע האָבן פאַרברענט אַלע בריקן וואָס פירן צוריק צום גלות — נאָר אַזעלכע מענטשן זיינען גרייט און רייף פאַר אַזאַ עפּאָפּייע ווי „עקזאָדוס 1947".

אָט די מענטשן וויסן נישט מיט וואָס זייער עפּאָפּייע וועט זיך פאַרענדיקן, אָבער איינס וויסן זיי: זייערע אילוזיעס וועגן אַ וואָסער־נישט־איז נעאָ־עמאַנציפּאַציע האָבן זיי פאַרענדיקט; זיי האָבן געזען דאָס לעבן אין זיין לעצטער נאַקעטקייט, און זיי האָבן מער נישט קיין אילוזיעס.

און דאָס וואָס דער „בונד" וויל מיט געוואַלד ווייטער לעבן זיין אילוזאָריש־

אידעאָלאָגיש לעבן איז איצט אַוודאי שוין נישט נאָר אַ נאַרישקייט, נייערט אַ פאַר־ברעכן: ביי אונדזער צעשטיקלטן דור וויל ער צורויבן דאָס איינציקע ווערטפולע, וואָס ער האָט אַרויסגעטראָגן פון דער גרויסער קאַטאַסטראָפע — זיין פעיִקייט זיך צו לאָזן צו זיין צוקונפט אויף אַן „עקזאָדוס 1947״.

דער „בונד״ וויל אויסנוצן די מענטשלעכע שוואַכקייט, וואָס קען נישט לעבן כסדר אין העראָישער שפּאַנונג; ער וויל אויסנוצן די מענטשלעכע שוואַכקייט, וואָס עס ציט איר צום געוווינטן, צום אינערטן, און ער רוקט ווידער אַרויס — נאָכן גרויסן מבול — זיין קעפּעלע פון די אָפּגעפּאַלענע וואַסערן און רופט צום פאַרגעסן, רופט צו אַלטע ווערטער, צו אַלטע פּלאַכקייטן, וואָס האָבן נישט קיין זין, נאָך ווייניקער ווי ווען נישט איז פריִער.

דער „בונד״ וויל ווידער אָפּווענדן די אויפמערקזאַמקייט פונעם העראָיש־גרויסן און פאַרוויגן מיט קליינעכקע אילוזיעס.

אָבער דער לעבעדיקער שטראָם פון דער געשיכטע וועט אים פאַרבייגיין און ער וועט בלייבן ליגן אויף דער טריקעניש, אויב ער וועט מיט די לעצטע כוחות זיך נישט מיטכאַפּן מיט די לעצטע כוואַליעס פונעם פאַרבייאיילנדיקן שטראָם, וועלכן ער האָט, מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, אויסגעמיטן אין זיין בלינדקייט.

און פאַר טעמפּער עקשנות האָט די געשיכטע נאָך אַן ערגערע שטראָף, ווי פאַר ערלעכער בלינדקייט.

---

קיצור פון אַ רעפעראַט, געהאַלטן אין מעלבורן אין 1947, צום פופציק־יאָריקן יובל פון „בונד״ און פון ציוניזם.

# ליטעראַרישע זיכרונות

## דערינערונגען וועגן י. מ. ווייסנבערג

(סאָקראַט און קסאַנטיפּע אין איין פּערזאָן)

שלמה שיינבערג, וועלכער האָט אַמאָל געזוכט אַן אַריינגאַנג אין דער ייִדישער בעלעטריסטיק און זיך „צייטווייליק" פאַרהאַלטן אויף איר פּעריפעריע ווי אַן איבערזעצער (אין פּראָזע און אויך אין פּערזן) און פאַרלעגער, האָט מיר אַ מאָל דערציילט אַן אינטערעסאַנטן פּאַקט פונעם לעבן פון יונגן ווייסנבערגן, וועלכן ער האָט געקענט זייער גוט, ווייל ער האָט זיך נישט נאָר געדרוקט אין ווייסנבערגס אויסגאַבעס, נאָר איז אויך געווען נאָענט מיט אים, אים מיטגעהאָלפן און זיך געקריגט מיט אים, ווי כמעט אַלע (דעם כמעט וואָלט מען, אייגנטלעך, געקענט אַרויסוואַרפן), וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט אים, וועמען אַלע האָבן באמת ליב געהאַט ווי דעם האַרציקן דיכטעריש־פילנדיקן מענטש שלמה שיינבערגן (אגב, די דאָזיקע ליבע איז געווען אַ קעגנזייטיקע: אויך ווייסנבערג האָט ליב געהאַט דעם דאָזיקן שיינבערג מיט זיין דיכטערישן געמיט).

דער יונגער ווייסנבערג — האָט דערציילט ש. שיינבערג — איז געווען אַ קליינגעוויקסיקער גבר מיט אַ האַלדז פון אַן אָקס און מיט אַן עקשנות און אַ דרייסטקייט פון אַ צעווילדעוועטן אָקס. איין מאָל, ווען אינעם שטעטל ווו ווייסענבערגס כלה האָט געוווינט, האָט זיך צעהוליעט אַ גרופּע קאָזאַקן און געוואָלט אַריינרייסן זיך אינעם הויז פון זיין כלה, האָט זיי ווייסנבערג פאַרשטעלט דעם וועג מיט זיין אייגענעם קערפּער און זיי פונאַנדערגעשליידערט ווי אַ כאָפּטע הינטלעך.

ער האָט דאַן אויסגעזען — האָט צוגעגעבן ש. ש. — ווי אַ גיבור. עס איז געווען אַ נחת צו קוקן אויף זיין קראַפט און זיין דרייסטקייט.

ווייסנבערג איז געווען איינער פון יענע פאָרשטייערס פון די „בידעריקע" ייִדישע מאַסן, וואָס האָבן אויסגעפירט די ראָל פון אַ רעטונגס־אַרמיי פאַר די ייִדישע

שטעטלעך ביי יעדן צייכן פון אַ פּאָגראָם אָדער פון אַ פּאָגראָמעלע. ווייסנבערג איז געווען איינער פון יענע העלדישע שלעגערס, וועלכע שלום אַש האָט אַזוי ליב צו באַשרייבן אין זיינע ווערק פון ערשטן פּעריאָד. איר געדענקט דעם געשלעג בעתן מאַרק אין „ר׳ שלמה נגיד״? ווייסנבערג איז אין דער יוגנט תמיד גרייט געווען אַריינצורייסן זיך מיט אַ דראַנג אין דער רעכטער געדיכטעניש פון אַ מאַרק־געשלעג, כדי צו פאַרטיידיקן יידיש לעבן, יידיש פאַרמעגן און יידישן כבוד.

איך גאַראַנטיר נישט פאַר דער גענויקייט פון דער דאָזיקער פּריוואַטער אינפאָרמאַציע — אָבער ערשטנס שטימט זי מיט אַנדערע דערציילונגען וועגן ווייסנבערגן און חוץ דעם האַרמאָניזירט זי מיטן אופן ווי אַזוי דער יונגער ווייסנבערג — דער שלימזלדיקער אַרבעטער פון זשעלעכאָוו, וועלכער האָט איבערגע־פּרוווט נישט איין פאַך — האָט זיך אַריינגעריסן אין דער יידישער ליטעראַטור. זיינע ערשטע דערציילונגען, — וואָס האָבן אים תיכף באַוווּסט געמאַכט ביי אַלע יידיש־לייענערס און אים אַוועקגעשטעלט ביי דער מיזרח־וואַנט פון דער דעמאָלט יונגער יידישער ליטעראַטור — שוימען פון קראַפט, מיט שפּילעוודיקער העזה, מיט שפּיל פון מוסקולן אינעם איבערפלוס פון לעבנס־כוח. יעדעס וואָרט און יעדעס בילד זיינען טרעפלעך און זיגעריש־זיכער.

עס איז שווער צו גלייבן, אַז די דאָזיקע דערציילונגען האָט געשריבן ווייסנבערג, וועלכער האָט אין די רייפע יאָרן און אויף דער שוועל פון דער עלטער אָפט נישט געקענט עברידיק אָנשרייבן אַ בריוול. אָבער די דאָזיקע צוויי ווייסנבערגס — דער וווּנדערלעכער קינסטלער פון וואָרט און דער אומבאַהאָלפענער בריוול־שרייבער — זיינען נישט פונאַנדערגעטיילט דורך דער צייט: זיי האָבן געלעבט גלייכצייטיק אין ווייסנבערגן, ווי עס זאָגן עדות דעריוף געוויסע דערציילונגען וואָס ער האָט געדרוקט אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, געוויסע קאַפּיטלען פון זיינע גרויסע ווערק פון דער לעצטער צייט, און אַפילו געוויסע זייטלעך פון זיינע פּאַמפלעטן, אָט די פּערל פון סטיל, געדאַנק און איינגעבוירענעם עסטעטישן גע־שמאַק אינעם מיסט פון זיין קסאַנטיפּישן פּסעודאָ־שאַפן פונעם לעצטן פּעריאָד פון זיין לעבן.

א. מ. ווייסנבערג פלעגט צייטנווייז מאַכן אויף מיר דעם איינדרוק פון אַ „גולם״ וואָס האָט זיך צעפלאַקערט מיט קראַפט און אַ פאַרשטאַנד פון אונטער דער ווירקונג פונעם „שם־המפורש״, און וואָס קערט זיך אום צו זיין גולמשער עקסיסטענץ, ווען ער פאַרלירט דעם „שם־המפורש״ — זיין קינסטלער־טאַלאַנט, וואָס פלעגט אַ מאָל איינשלאָפן.

ווייסנבערג איז געווען דער טראַגישסטער יידישער שרייבער. ווייל זיין טראַ־געדיע איז אַרויסגעפלאָסן פון אינעווייניק, פון זיין אייגענעם „איך״. ווייסנבערג איז באַשאָנקען געוואָרן מיט נישט קיין דורכשניטלעכן קינסטלערישן טאַלאַנט,

אָבער זיין נישט אַנטוויקלטער אינטעלעקט האָט נישט געקענט גיין פּוסטריט מיט זיין קינסטלערישער באַגאַבונג. ווען זיין אינסטינקטיווע באַגאַבונג פּלעגט זיין אין פולן צופּלוס, פּלעגט זי דאַן קאָמפּענסירן זיין „ווי ס נ ש אַ פ ט ל ע כ ע" עם־הארצות און די אינטעלעקטועלע אָפּגעשטאַנענקייט. אָבער ווען זיין קינסטלער־טאַלאַנט פּלעגט זיך געפינען אין צושטאַנד פון אָפּפלוס, דאַן פּלעגט אַרויסטרעטן אויף דער אויבערפלאַך די גאַנצע שוואַכקייט פון זיינע אינטעלעקטועלע פעיקייטן. זיין שטאָלץ פּלעגט זיך דעמאָלט צעבונטעווען און זיין עקשנות פּלעגט נישט וועלן אויפגעבן קיין שום פּאָזיציע און ער האָט זיך געפייניקט און געפייניקט אַנדערע, — זיך נאָך מער פאַר אַנדערע.

דער דאָזיקער מענטש פּלעגט אין אַזעלכע מאָמענטן זיין סיי טראַגיש, סיי לעכערלעך. פאַר יענע, וועלכע האָבן אים נישט געקענט אָדער נישט פאַרשטאַנען, איז ער געווען נאָר לעכערלעך, אָבער פאַר יענע, וואָס האָבן געקענט ווייסנבערגן דעם קינסטלער פון וואָרט, פאַר יענע, וואָס האָבן פאַרשטאַנען זיין שטאַמלען, וועלכע האָבן אַרויסגעהערט אַפילו אין זיינע נישט־אַרטיקולירטע קלאַנגען דעם שטומען געשריי פון אַ רייכער געפאַנגענער נשמה, — פאַר יענע איז ער געווען דער טראַגישסטער שרייבער אין דער יידישער ליטעראַטור.

אָט די דאָזיקע פּלעגן פאַרשטיין ווייסנבערגס גרימצאָרן: ווי אַזוי האָט ער געקענט רויק צוזען, ווי אויבערפלאַכלעכע שרייבערלעך, זשורנאַליסטלעך פון לעצטן סאָרט שליטלען זיך גלאַטיק איבער די וועגן פון וואָרט, בעת פאַר אים — פאַרן מחבר פונעם „טאַטע מיט די בנים", פון „דער שלעכטער פּרוי", פון „אַ מעשה מיט אַ ציג" — זיינען זיי פול מיט גריבער, מיט תהומות און מיט דערנער וואָס צערייסן די הויט ביז בלוט. און ער האָט זיי פיינט געהאַט נישט מיט יענער באַרעכ־טיקטער שינאה, וואָס עס שפּירט יעדער שעפערישער מענטש צו עקרדיקע נאָכ־מאַכערס, נאָר מיט אַ שינאה אַ פערזענלעכער, גלייך ווי יעדער איינער פון זיי וואָלט געווען אַ דירעקטער שולדיקער פון זיין אָפּטער גייסטיקער אימפּאָטענץ.

און ער האָט דערקלערט אַ מילחמה דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור, אירע טמאימדיקע ברואים ווי אויך אירע ריינע שאַפערס און אַרבעטערס. און יעדער איינער, וועמען די יידישע ליטעראַטור פּלעגט אָפּשטויסן, צי פון בלינדקייט, צי פון זעעוודיקייט, — פּלעגט ווערן ווייסנבערגס נאַטירלעכער פאַרבינדעטער, זיין נושא־כלים. און צוגלייך מיט טאַלאַנטן, וועלכע ער האָט געראַטעוועט פאַר אונדזער ליטעראַטור (וואָס ליידט אָפּט אויף אַ קאַטער) אַ דאַנק זיין געזונטן חוש פון אַ קינסטלער, האָט ער אונדז אויך אָנגעבונדן אויפן האַלדז בפירושע גראַפאָמאַנען, וועלכע ער האָט גענערט, אויף צופּיקעניש זיינע אמתע און אויסגעטראַכטע שונאים — מיט זיין שאַרפער, גיפטיקער שינאה.

עס פּלעגט אַ מאָל ווערן מאָדנע שרעקלעך און אַפילו מיסטיש־אומהיימלעך

צו הערן, ווי אַזוי ווייסנבערג, וועלכער האָט נאָר וואָס אָפּגעלויבט אין הימל אַריין אַן אומפּאַרדיילעכע שמירעריי, נעמט פּלוצלינג אַרויסלייגן זיינע טיפע, אָריגינעלע געדאַנקען וועגן דער האַמלעט-געשטאַלט; און עס פלעגט אַ מאָל ווערן מאָדנע שרעקלעך און שיער נישט מיסטיש-אומהיימלעך ביים געפינען אין ווייסנבערגס אומפּאַרדיילעכער בראָשור „וועגן קונסט" אַ פּרעכטיק זייטל וועגן רעאַליזם. די זעלביקע פעדער וואָס האָט בעכטן געשריבן אַ נישט-אַרטיקולירטן „בריוו אין רע-דאַקציע", האָט היינט געפונען אַזעלכע טרעפלעכע אויסדרוקן, כדי צו מאַכן פאַר אונדז פּלאַסטיש-בולט זיינע געדאַנקען וועגן רעאַליזם אין דער קונסט? יאָ, די זעלביקע געבענטשטע און טראַגישע פעדער. אָבער איין מאָל האָט ווייסנבערג מיט איר געפירט אונטערן איינפלוס פון ווירקזאַמען שם-המפורש און דאָס צווייטע מאָל — ווען דער שם-המפורש האָט אין אים אויפגעהערט צו ווירקן.

און וועגן דאָזיקן טראַגישן שרייבער, וועגן אָט דעם סאָקראַטעס און קסאַנטיפּע אין איין פּערזאָן, וויל איך דערציילן אַ ביסל היסטאָרישע אַנעקדאָטן און טראַגישע פאַקטן וואָס כאַראַקטעריזירן די טראַגישסטע, אָבער אויך אַנעקדאָטאַרישסטע דער-שיינונג אין דער יידישער ליטעראַטור.

שרייבערס שרייבן וועגן מענטשן נישט נאָר פון דער גוטער זייט, און אַ דאַנק דעם באַקענען זיי אונדז מיטן מענטשן, לערנען אונדז דאָס וויכטיקסטע וויסן, — מענטש-קענטעניש. און ווען מע שילדערט שרייבערס, אין ווענען אַל דאָס מענטשלעכע באַקומט אַזאַ בולטן אויסדרוק — ווי אין אַ פאַרגרעסער-גלאָז — נישט נאָר פון דער פּאָזיטיווער זייט, דינען מיר דערמיט דער שריפטשטעלערישער אויפגאַבע צו פאַרשפּרייטן מענטשן-קענטעניש. אַ דאַנק דעם, וואָס שרייבערס ציִען צו זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט, זיינען זיי סיי מענטשן, סיי געשטאַלטן, און זייער ריכטיקע לעבנס-באַשרייבונג ברייטערט אויס אונדזער מענטש-קענטע-ניש, ווייל מיר באַקענען זיך אַ דאַנק דעם מיט מענטשן-געשטאַלטן.

דאָס בוך וועגן באַרימטן פראַנצויזישן דיכטער פּאָל ווערלען „אַ מלאך און אַ חזיר", וואָס געהער דער פּען פון זיין פּרוי, איז בשום אופן נישט קיין דערני-דערונג פאַרן אָנדענק פון דעם גרויסן דיכטער: דיכטערס און שרייבערס דערנערן זיך מיטן אמת און לערנען דעם אמת, — און אויף צו דינען דעם אמת דאַרף זיין אָפּגעגעבן אויך זיין לעבנס-באַשרייבונג.

פּונקט אַזוי ווייניק דערנידערנדיק איז פאַר אַנאַטאָל פראַנסן דאָס בוך פון זיין סעקרעטאַר: „אַנאַטאָל פראַנס אין פּאַנטאָפל".

איך טראָג צו אַ היפּן מאַטעריאַל פאַר ווייסנבערגס קומענדיקן ביאָגראַף, וועל-כער וועט שרייבן וועגן „דעם סאָקראַטעס און דער קסאַנטיפּע" פון אונדזער ליטע-ראַטור, וועגן דער טראַגישער און קאָמישער געשטאַלט — איטשע-מאיר ווייסנבערג.

*

ס׳האָט מיר דערציילט צלאל געלענדער, דער אַמאָל אין וואַרשע גוט־באַקאַנטער פליישער־אַרבעטער, וועלכער האָט געקענט אַלץ און אַלעמען אין וואַרשע (די גרעסטע טייל בילדער פון „אַלט־וואַרשע״, ווי אויך די גרעסטע טייל פּאָרטרעטן פון וואַרשעווער טיפּן, וואָס י. י. זינגער אָדער ג. קופּער האָט געשריבן אין „היינט״ און אין „פאָרווערטס״, האָט ער געשעפּט ביי צלאל געלענדערן):

ווען דער יונגער וויסנבערג איז פון זשעלעכאָוו געקומען צו פאָרן קיין וואַרשע, האָט אים מקרב געווען אַ העברעיִשער לערער (מיר דאַכט זיך, אַז ראָזנבערג אָדער פון אַן ענלעכן פאַמיליע־נאָמען): ער האָט אים געגעבן אַ געלעגער ביי זיך אין הויז, עסן און אַפילו אַ פּאָר גאַנצע שיך. דער דאָזיקער לערער האָט שטאַרק געשעצט וויסנבערגס טאַלאַנט און ווען וויסנבערג האָט געבעטן דעם לערער — זיין ווילטוער — ער זאָל לערנען מיט אים העברעיִש, איז דער לערער געווען ממש אויפן זיבעטן הימל פון שימחה. אָבער גלייך ביי דער ערשטער לעקציע, ווען ער האָט געוואָלט אָנהייבן מיט דער לערנבוך, האָט זיך וויסנבערג צעבונטעוועט: אַ לערנבוך איז נישט פאַר אים, ער וויל אָנהייבן גלייך פון תנ״ך און טאַקע פון ישעיה הנביא.

דער לערער האָט מסכים געווען: דער שילער איז לויט די יאָרן אַ דערוואַקסענער; לויט די פעיִקייטן — אַ וויסנבערג, — זאָל־זשע זיין פון ישעיה הנביא. אָבער ביים צווייטן פּערז האָט שוין וויסנבערג אַרויסגעוויזן זיין כאַראַקטער: ער האָט דערקלערט דעם דערשטוינטן לערער, אַז ישעיה הנביא געפעלט אים נישט — ער איז אַ שלעכטער סטיליסט...

אַזאַ דעטאַל איז שווער צוצוטראַכטן, און ווייניקער פאַר אַלע האָט דאָס געקענט צוטראַכטן דער גוטמוטיקער, איינפאַכער צלאל געלענדער. דאָס האָט ער געוווּסט דירעקט פון זיין פריינד, דעם העברעיִשן לערער.

חוץ דעם: דער דאָזיקער עפּיזאָד, וואָס קלינגט ווי אַן אַנעקדאָט, איז אין הסכם מיט צענדליגער פאַקטן, וואָס איך אַליין בין געווען זייער עדות.

וויסנבערג, למשל, האָט מיך אַ מאָל געפרעגט, ווּעמען איך האַלט פאַרן בעסטן יידישן איבערזעצער. איך האָב געענטפערט, אַז מיר איז שווער צו געבן אַן ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע, ווייל איך האָב געלייענט (דאָס איז געווען אין 1926 אָדער 1927) נישט גאָר קיין סך איבערזעצונגען אין יידיש, און דער איינדרוק פון לייענען איז אויך ווייניק פאַר אַזאַ אורטייל: מ׳דאַרף פאַרגלייכן די איבערזעצונגען מיט די אָריגינאַלן און דערנאָך אַ סך איבערזעצונגען צווישן זיך.

— און איך האַלט פאַרן בעסטן איבערזעצער מאַרק ראַקאָווסקין, — האָט וויסנבערג געזאָגט מיט זיכערקייט.

— ראַקאָווסקין? — און איך האָב מיט חשד אַ קוק געטאָן אויף וויסנבערגן, וועלכער איז געזעסן אין דער רעדאַקציע פון זיין „איינדזער האָפנונג״: צי מאַכט ער נישט חוזק פון מיר?

איך האָב דאַן נישט געוווּסט, ווי כ׳ווייס עס אויך היינט נישט, ווער עס איז אונדזער בעסטער איבערזעצער, אָבער אַז ראַקאָווסקי איז איינער פון די ערגסטע, איינער פון די נאַכלעסיקסטע און אומאינטעליגענטסטע — דאָס האָב איך געוווּסט, פּונקט ווי דאָס גאַנצע יידיש־ליטעראַרישע וואַרשע. עס זיינען גאָר קיין צוויי מיינונגען וועגן דעם נישט געווען.

איך זע אָבער, אַז וויסנבערג מיינט עס ערנסט.

— וואָס האָט איר געלייענט פון ראַקאָווסקיס איבערזעצונגען? — האָב איך אַ פרעג געטאָן וויסנבערגן, כדי אויף אַ קאָנקרעטן ביישפּיל אים צו דערווייזן ווי ווייט זיין מיינונג איז טעותדיק.

— איך האָב גאָרנישט געלייענט — איז געפאַלן אומגעריכט אַן ענטפער.

— ווי אַזוי־זשע קענט איר וויסן, אַז ער איז דער בעסטער איבערזעצער? — האָב איך אים געפרעגט פול מיט שטוינונג. (איך האָב נאָך דאַן וויסנבערגן ווייניק געקענט).

— איך דאַרף נישט לייענען, איך שפיר, אַז ער דאַרף זיין דער בעסטער איבערזעצער.

קעגן אַזאַ אינטויציע האָט נישט געהאַט קיין זין צו פּאָלעמיזירן...

אַ צווייטן מאָל — שוין אַ סך שפּעטער — זיץ איך אויף טלאָמאַצקע 13 מיט אַ בוך פון עגאָן ערווין קיש אין דער האַנט. קומט אַריין וויסנבערג, גייט צו צו מיר און פרעגט, שטייענדיקערהייט:

— וואָס פאַר אַ בוך האָט איר דאָס?

— פון עגאָן ערווין קיש.

— וועגן וואָס שרייבט ער?

— וועגן זיין רייזע קיין אַמעריקע.

— ער שרייבט גוט?

— אָ, זייער גוט. לעבעדיק, בילדלעך, דורכדרינגלעך, פאַראַלגעמיינערנדיק.

— ווייזט נאָר ס׳בוך.

ווייסנדיק, אַז וויסנבערג קען נישט לייענען דייטש, דערלאַנג איך אים דאָס בוך מיט פאַרוווּנדערונג: וואָס וועט ער טאָן מיט אים?

וויסנבערג נעמט דאָס בוך, בלעטערט אַהער, בלעטערט אַהין, גיט עס אַ מאַך־צו מיט אַ טראַסק, און גיט עס מיר אָפּ מיט אַן אורטייל:

— און מיר געפעלט עס נישט.

— אָבער וואָס הייסט, איר האָט עס דאָך נישט געלייענט!?

— איך דאַרף נישט לייענען, איך שפיר, אַז עס טויג נישט.

וואָס ליגט אין אַזעלכע געננג? סתם לעכערלעכקייט, סתם „דזשיוואַקישקייט“?

מיר דאַכט זיך, אַז דאָ ליגט עפּעס מער. ווייסנבערג האָט באמת פאַרמאָגט אַ נישט־דורכשניטלעכע אינטויציע. איז דעריבער נישט קיין וווּנדער, וואָס שפּירנדיק די דאָזיקע קראַפט און ער האָבנדיק די דערפאַרונג — אין זיין פּראַקטיק — פון אירע אויסטערלישע נביאישע אייגנשאַפטן, איז ער געווען געניגט צו פאַרלאָזן זיך אויף איר, בפרט אַז דער צווייטער עלעמענט וואָס האַלט אין גלייכגעוויכט די אינטוי־איציע, זי יאָל נישט פאַרפליִען אין די פּוסטע הימלען, דער עלעמענט פון אינטעלעקט האָט ווייסנבערגן געפעלט. נישט ווילנדיק האָט ער זיך געמוזט אָנשפאַרן אויפן עלעמענט, וואָס ער האָט יאָ פאַרמאָגט, און דערפון נעמט זיך זיין איבעראַשנדיקע איינזייטיקייט, וואָס ער פלעגט קרענקלעך דעמאָנסטרירן.

נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט נאָרמאַל זיך צו לערנען, נישט געוווינט, און ווייזט אויס נישט פעיִק צו לאָגיש־גייסטיקער אַרבעט, פלעגט ער, אומבאַוווּסטזיניק פאַר זיך גופא, זוכן אַן אויסרייד צו דעזערטירן פון דער ווידערשפּעניקער גייסטיקער אַרבעט, כדי צו באַווייזן, אַז ער ווייסט בעסער פאַר יענע טיפן, וואָס „קענען גוט אין די ביכער״, ווי עס דריקט זיך אויס ווייסנבערגס אַ העלד.

דעריבער איז מעגלעך, אַז ער, וועלכער קען קוים אויפן גאָפּל העברעיִש, זאָל צונישט מאַכן ישעיה הנביאס סטיל; און העריבער איז מעגלעך, אַז ער, וועלכער האָט נישט קיין מעגלעכקייט צו פאַרגלייכן מיט די אָריגינאַלן ראַקאָווסקיס איבער־זעצונגען, שפּירט, אַז ער, ראַקאָווסקי, איז דער בעסטער איבערזעצער. און טאַקע דערפאַר, ווייל יענע, וועלכע „קענען גוט אין די ביכער״, האַלטן אים פאַרן ערגסטן; דעריבער איז מעגלעך, אַז ער, וועלכער קען נישט ע. ערווין קישן און קוקט אַריין אין זיין דייטשישן בוך ווי אַ האָן אין בני אָדם, שפּירט, אַז קיש איז גאָר נישט ווערט. און ער, ווייסנבערג, קען נישט און וויל נישט פאַרשטיין אַז אַזאַ „מיינונג״ קען צופעליק זיין ריכטיק פונקט ווי נישט־ריכטיק, אָבער דעם ווערט פון אַ מיי־נונג פאַרמאָגט זי נישט, ווייל דאָס איז גאָר קיין מיינונג נישט, נאָר אַ קאַפּריז. און ווייסנבערג דאַרף דאָס גאָר נישט און טאָר דאָס גאָר נישט פאַרשטיין, ווייל דורך דעם וועט ער פאַרלירן זיין איינציקן אָנשפּאַר — דעם אומבאַגרענעצטן גלויבן אין זיין אינטויציע, — אַ גלויבן, וואָס ווערט נישט קאָנטראָלירט דורכן פאַרשטאַנד, ווי יעדער נישט־פאַרשטאַנדיקער גלויבן.

דעם דאָזיקן שטריך פון ווייסנבערגס פּסיכיק אילוסטרירט אויך אָט דער אַנעקדאָט:

נאָמבערג האָט באַשלאָסן אויסצובילדן דעם עם־הארץ ווייסנבערג. איז אָט גיט ער אים אַ לעקציע אין קאָסמאָגראַפיע: די ערד, ווי אַלע הימלישע קערפּערס איצט, איז אַמאָל־אַמאָל געווען אַ פייערדיקע קויל, אַ פלאַמענדיקער פייער...

אָבער דאָ רייסט ווייסנבערג איבער זיין לערער:

— נאָך וואָס וועסטו צוטראַכטן?... מיינסט, אַז דו האָסט געפונען אַ שוטה, וואָס

וועט דיר גליבן? די ערד איז געווען אַ פלאַמענדיקער פייער, אַזוי גאָר? און וואָס האָבן די מענטשן געטאָן? זיך געבריט די פּיענטעס, האַ?...

אין דעם איז דאָ די באַגרענעצטקייט פון אַ פּויער, אָבער אויך די זעלבסט־פּאַרטיידיקונג פון דער דאָזיקער באַגרענעצטקייט, אַז מע זאָל זי נישט אָפּנאַרן. דאָס איז די עקסטרעמע חשדישקייט און פאָרזיכטיקייט פון דער עם־הארצות, וואָס פּאַלט אָפּט אַריין אויך אין אַ צווייטן עקסטרעם — אין קינדערישער נאַיִווקייט.

אָט דאָס אַלץ איז טאַקע געווען אין ווייסנבערגן, ווען מע גייט צו צו אים פון דער לינקער זייט.

אָט־אָ־דער אַנעקדאָט (איך גאַראַנטיר נישט פאַר זיין פאַקטישער ריכטיקייט, — מע פלעגט אים אָפט דערציילן אין ליטעראַטן־פּאַראיין, — אָבער דערפאַר גיט ער איבער אויסגעצייכנט דעם מהות פון ווייסנבערגס פּסיכיק) דערמאָנט אין אַ געוויסער שטעלע אין „שלמה ר׳ חיימס" פון מענדעלע מוכר ספרים, ווו מענדעלע דערציילט וועגן צוויי שטעטלשע „חקרנים" („פילאָסאָפן") וואָס חקרענען זיך וועגן „שכל פון דער באַנקע".

„אַזוי איז די מעשה, רבותי! דורך דעם שטעק מיט דער ברענענדיקער ליכט, וואָס מע טוט אין דער באַנקע, ווערט זי, אָט אַפּנים, אויסגעליידיקט פון דער לופט, היינט געדענקט־זשע, ידן! אַזוי ווי מיר האָבן אַ קימא־לן אַז די נאַטור האָט פיינט ליידיקייט, בכן, רבותי, ציט זיך דאָס לייב, אָט אַפּנים, פאַרנעמען דאָס ליידיקע אָרט אין דער באַנקע.

— „וואָס מיר שטעק, וואָס מיר ליידיקייט־שמיידיקייט! — זאָגט אייזיק מיט אַ שמייכעלע גאַנץ רויק, נעמענדיק זיך פאַרן בערד׳ל. — און פריער וואָס איז דעה, זאָלט איר מיר געזונט זיין, די באַנקע געווען נישט ליידיק? לופט האָט דען אַ ממשות? אדרבא, פּרוווט זיך אויסציִען אויבן אין דער הויך אויף דער לופט, אויב ס׳איז אַזוי. און גאָר אַ חוץ דעם, וואָס איז עס גלאַט פאַר אַ לשון — אויסגעליידיקט דורך אַ שטעק מיט דער ליכט!

— „דאָס איז נישט מיין לשון — פּאָנפּעט בייזלעך לייזקע, — אַזוי זאָגט אַריסטו. איר הערט? אַריסטו!

— „אָוואַ, אַריסטו! אַ קאַטאָוועס אַ ביסל, אַריסטו! אַ רב איז ער דען, וואָס פּסקנט שאלות, האַ?"

ווייסנבערג האָט געהאַט אין זיך עפּעס אי פּויערישס, אי קינדישס, אי עפּעס פון ייִדישלעכן אייזיק.

ווי פּיקחותדיק עס איז ווייסנבערג דער קינסטלער, ווען די כוואַליע פון זיין אינספּיראַציע שטייגט און הייבט אים אויף הויך־הויך איבער זיין אייגענעם וווּקס; און ווי אייזיק־אַרטיק ער איז, ווען די כוואַליע פאַלט און ער קען נישט זען וויטער פון זיין נאָז. דאַן פלעגט ער מיט אַ חוזקדיק שמייכעלע פרעגן: „און וואָס האָבן

די מענטשן געטאָן? זיך געבריט די פּיענטעס, האַ?...״ און עס איז אומזיסט געווען יעדער פּרווו צו איבערצייגן אים אין זיין אומגערעכטיקייט. ער פלעגט אין אַזעלכע פאַלן זיין אַזוי ענג, אַז קיין שום אַרגומענטאַציע, אַפילו די דינסטע, האָט צו אים נישט געקענט דורכדרינגען.

און ער פלעגט פייערן און געניסן זיין „זיג״ איבער די לייט, וואָס „קענען גוט אין די ביכער״.

*

עס זיינען געווען מער פּשוטע אַנעקדאָטן, וואָס הגם זיי גיבן נישט קיין אַריינבליק אין די טיפסטע סודות פון דער דערשיינונג ווייסנבערג, דאָך וואַרפן זיי אַ שאַרף ליכט אויף ווייסנבערגס כאַראַקטער.

לאָמיר ברענגען צוויי פון זיי, — איינער ביי וועלכן איך בין אַליין געווען אַן עדות, און דעם צווייטן, וואָס באַגלייבטע קאָלעגן האָבן מיר דערציילט.

איין מאָל, איז אין ליטעראַטן־פאַראיין אַריינגעקומען יונה ראָזנפעלד, וואָס איז אָקאָרשט געקומען פון אַמעריקע.

ווייסנבערג, וואָס איז געווען יונה ראָזנפעלדס אַ פריינד פון דער צייט, איידער ער איז אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע, איז גראָד געווען אין פאַראיין. די צוויי פריינד האָבן זיך אַרומגענומען און צעקושט, זיך געפרעגט איינער אויפן צווייטנס געזונט, און תיכף אַריבער צו דער פראַגע פון לעבן, — דאָס הייסט אַריבער דערצו איז ווייסנבערג.

— יונה, — האָט ער געזאָגט מיט זיין כאַראַקטעריסטישן לאַנגזאַמען אַרט ריידן, — יונה, דו קומסט דאָך עפּעס פון אַמעריקע, גיב מיר אַ הונדערט דאָלאַר.

יונה ראָזנפעלד, אַן אימפּולסיווער, האָט שנעל גענומען ריידן, אונטערשפּרינגענדיק ווי אין טאַקט צו די רייד:

— וואָס מיינסטו, איטשע מאיר, איך בין אַ גביר? געקומען אַ רייכער פעטער פון אַמעריקע? הונדערט דאָלאַר! הונדערט דאָלאַר! וואָס מיינסטו, עס שיט זיך ביי מיר? צוואַנציק קען איך דיר געבן!

און שנעל אַרויסציִענדיק פון בוזעם־קעשענע דעם פּאָרטפעל, נעמט ער אַרויס אַ צוואַנציק דאָלאַר־באַנקנאָט און דערלאַנגט אים ווייסנבערגן.

ווייסנבערג האַלט דעם באַנקנאָט ביי די שפּיצן מיטביידע הענט, באַטאַפּט אים, קוקט אויף אים און זאָגט געלאַסן, באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט:

— נו, גוט, יונה, ביסטו מיר נאָך שולדיק אַכציק דאָלאַר.

יונה ראָזנפעלד גיט האַסטיק אַ צי אויס די רעכטע האַנט, כאַפּט אַרויס ביי ווייסנבערגן דעם צוואַנציק דאָלאַר־באַנקנאָט (ווייסנבערגס ביידע הענט בלייבן הענגען אין דער לופטן מיט די פינגער ווי אָפענע ליידיקע קלאַמערס און זאָגט שנעל, מיטן פולן מויל:

— נו, גוט, וועל איך דיר שוין בעסער שולדיק זיין הונדערט דאָלאַר...

אין די אָנהייב צוואָנציקער יאָרן (אפשר נאָך פריִער, אָבער איך האָב אים געזען אין 1921, ווען איך בין געקומען פון ביאַליסטאָק אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַראיין אַריין ווי אַ דעלעגאַט פון דאָרטיקן פאַרלאַג און פון דער דאָרטיקער צייטונג צו דער אַלפּוילישער קאָנפערענץ פון זשורנאַליסטן און שרייבער), איז אין וואַרשע געווען זייער פּאָפּולער אין די יידישע ליטעראַרישע קרייזן קאַליאַ טעפּער. אַ פרעכ־טיקער עסייִסט און רעדנער, אַ מענטש פול מיט וויסן און אַ „טשודאַק" פון ערשטן סאָרט (ער האָט פאַרענדיקט ווי אַ דיאַקאָן פון אַ פּראַוואָסלאַוונער צערקווע אין ראָטנפאַרבאַנד וווהין ער איז אַוועקגעפאָרן און דאָרט זיך געשמדט). איין מאָל האָט ער באַקומען אַ גרעסערע סומע געלט, עטלעכע הונדערט דאָלאַר, און ער האָט גענומען לעבן אַ גוטן טאָג.

האָט אים ווייסנבערג גענומען זאָגן מוסר און אים פאָרגעלייגט, אַז ער, קאַליאַ טעפּער, זאָל אים, ווייסנבערגן, אָפּגעבן דאָס געלט צום האַלטן און ער, ווייסנבערג, וועט אים אויסטיילן אויף אַ באַשיידענעם לעבן, וועט ער צוערשט נישט הולטאַיעווען און דערנאָך — נישט שטאַרבן פון הונגער.

קאַליאַ טעפּער האָט איינגעזען אַז דער פאָרשלאָג איז גוט פאַר אים און ווייסנבערג איז געוואָרן זיין אַפּוטרופּוס.

יעדן טאָג, צו מיטיק־צייט, פלעגט ווייסנבערג אַראָפּקומען אין ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13 און אַכטונג געבן וואָס טעפּער טוט. און היות טעפּער פלעגט זיך לאָזן ווילגיין מיט קאָמפּאָט, פלעגט ער צוגיין צו אים און זאָגן:

— און אָן אַ קאָמפּאָט קענסטו נישט עסן אַ מיטיק? מיט קאָמפּאָט וועל איך נישט צאָלן.

און צורופנדיק די קעלנערשע, האָט ווייסנבערג געגעבן פאַראָרדענונגען וואָס פאַר אַ מיטיק מע זאָל געבן קאַליאַ טעפּערן: — פאַר מער וועט ער נישט צאָלן...

און קאַליאַ טעפּער איז געזעסן ווי אַ פאַרשולדיקט קינד, און ווייסנבערג האָט געפילט אַז ער טוט זיין פליכט פון אַן אַפּוטרופּוס...



ביז 1925 האָב איך ווייניק געוווסט וועגן ווייסנבערגן. אין דער יוגנט פלעג איך, נאַטירלעך, לייענען זיינע דערציילונגען און אייניקע פון זיי זיינען מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן, בעת אַנדערע — כ׳געדענק דאָס ווי איצט — פלעגן אַרויסרופן ביי מיר אַ פראַגע: „ווי אַזוי קען מען אַזאַ שרייבער האַלטן שיִער נישט פאַר אַ קלאַסיקער?"

און כ׳פלעג דערפילן אַ גרינגשעצונג צו דער יידישער ליטעראַטור.

היות איך פלעג אין דער יוגנט לייענען בלויז די ווערק פון אַ שרייבער און

נישט זוכן די קריטיק וועגן אים, באַווייזט דאָס, ווי ווייט ווייסנבערג איז געווען אָנערקענט אין דער יידישער וועלט. אַפילו אָן דער הילף פון בעל־מחשבותעס אַרטיקלען וועגן אים, האָט דער יונגער לייענער געוווסט וועגן ווייסנבערגס שיער־נישט קלאַסיקער־פּאָזיציע.

די ידיעה וועגן דער טעטיקייט פון ווייסנבערגן דעם בונטאַר איז דערגאַנגען צו מיר, — ווען איך האָב געאַרבעט אין ריגע, אין דער צייטונג „דאָס פאָלק", — צוזאַמען מיט האַראַנטשיקס ראָמאַן „פאַרפלאָנטערטע וועגן", וואָס ווייסנבערג האָט אַרויסגעגעבן מיט זיינעם אַ פאָרוואָרט און מיט אַ צוגעשריבענעם קאַפּיטל־פּאַמפלעט וועגן יידישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין וואַרשע. דער דאָזיקער ראָמאַן — ריכטיקער, ווייסנבערגס שפּורן אין דעם ראָמאַן — האָבן אַרויסגערופן אַ שטורעם אינעם יידישן ליטעראַרישן וועלטל אין וואַרשע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אָפענער קריג צווישן ווייסנבערגן און טלאָמאַצקע 13, און אַ קרבן פון דעם דאָזיקן קאַמף איז געפאַלן אַ יונגער, צוזאָגנדיקער שרייבער און זיין בוך, וואָס אַלע בוכהאַנדלונגען און אַלע צייטונגען האָבן אויף זיי דערקלערט אַ באָיקאָט. איך בין דאַן — אין 1924 — אַרויסגעטראָטן אין ריגער „דאָס פאָלק" קעגן דעם באָיקאָט אויפן בוך און אויפן מחבר, הגם מע האָט נישט געקענט לייקענען, אַז ווייסנבערגס אַטאַקע איז געווען אַכזריותדיק און ערטערווייז שרעקלעך גראָב *).

אַ דאַנק דעם רעצענזיע־עקזעמפּלאַר איז ווייסנבערג צום ערשטן מאָל דער־שינען פאַר מיר אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט: אינעם אָרעאָל פון אַן איינזאַמען קעמפער קעגן אַלע. און ווען איך בין אין 1925 אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע, האָב איך זיך גענומען אינטערעסירן מיט ווייסנבערגס קאַמף. איך פלעג באַזוכן זיינע רעפעראַטן וועגן דער יידישער ליטעראַטור בכלל און וועגן איינצלנע יידישע שרייבערס בפרט, למשל וועגן אַשן, וועגן אָפּאַטאָשון, — די צוויי, וואָס זיינען געווען פאַר ווייסנבערגן ווי אַ רויטע טוך פאַר אַן אָקס.

די דאָזיקע לעקציעס (אין לאָקאַל פון די „פאַראייניקטע" אויף לעשנאָ 47) פלעגן מאַכן אויף מיר אַ מאָדנעם איינדרוק. ווייסנבערג האָט גערעדט לאַנגזאַם, מיט מי; ער פלעגט זיך אָנשטרענגען אויסצודריקן זיין געדאַנק וואָס פּרעציזער, אָבער דער געדאַנק פלעגט זיך אָפט בשום אופן נישט קענען דורכשלאָגן צו דער אייבער־פלאַך. זיינע ווערטער האָבן בשום אופן נישט געקענט אויסשטעלן זיך אין גלייכע רייען און זיי פלעגן בלייבן סטאַרטשען פאַראיינזאַמטע, ווי אַ צעשאָטענע מאָזאַיק. דאָך פלעגט מיך דערצערענען דער אויבערפלאַכלעכער עולם (באַזונדערס אַ גע־

*) ליידער האָב איך נישט אין מיין באַזיץ די דאָזיקע רעצענזיע, געדרוקט אין די ערשטע פיר חדשים פון 1924. איך האָב זיך געווענדט אין דער ביבליאָטעק פון ירושלימער אוניווער־סיטעט, אָבער דאָרט זיינען נישטאָ די קאָמפּלעטן פון „דאָס פאָלק".

וויסער מין וואַרשעווער ליטעראַטן), וואָס פלעגט קומען צו ווייסנבערגס אַ רעפּעראַט ווי צו אַ קאָמישער פאָרשטעלונג, און פלעגט זעלבסטצופרידן לאַכן פון זיין גייסטיקן שטאַמלען נישט האָבנדיק קיין אַנונג, אַז דאָ שפּילט זיך אָפּ פאַר זיי אַ טראַגעדיע: אַ פיינער קינסטלער, אַ שפּירעוודיקער ווי אַ סייסמאָגראַף, רעגיסטרירט אָפּאַטאַשוס יעדן קינסטלערישן אָפּנייג אין די „פּוילישע וועלדער". אָבער דאָס דאָזיקע אינס־טינקטיווע וויסן זוכט אומזיסט אַן אויסדרוק אין וואָרט. עס איז געפּאַנגען ביי דער שטומקייט פון דער רייכער נשמה. אָט די צוהערערס, וואָס יעדער איינער פון זיי וואָלט געקענט ריידן הונדערט מאָל גלאַטיקער פאַר ווייסנבערגן, זיינען געווען אויף אַזוי ווייט טעמפּ, אַז זיי האָבן אַפילו נישט חושד געווען, אַז זיי זיינען אַנוועזנדיק ביי חבלי לידה מיט אַן אומגליקלעכן אויסגאַנג.

איך פלעג ווערן אויפגעטרייסלט פון דער טראַגעדיע פון דעם דאָזיקן מענטשן, און ווען מיינע פּרוּוון צו מאַכן זי פאַרשטענדלעך פאַר אַנדערע צוהערערס (באַזונ־דערס פאַר מיינע שרייבער־קאָלעגן; כ'געדענק אַ העפטיקן שמועס מיט מאַרק ראַ־קאָווסקין נאָך ווייסנבערגס אַ רעפּעראַט שבת בייטאָג וועגן אָפּאַטאַשוס „פּוילישע וועלדער") פלעגן זיך אָנשטויסן אויף אַ ביישפּיללאָזער טעמפּקייט און שמאָלקעפּל־דיקייט, איז ווייסנבערגס טראַגעדיע נאָך מער אויסגעוואַקסן אין מיינע אויגן. זיינע לעקציעס האָבן זייט־ביי־זייט מיט נאַרישקייטן און שטאַמלענישן (וואָרטלעכע און געדאַנקלעכע שטאַמלעניש) פאַרמאָגט אין זייער יסוד די דינסטע באַאָבאַכטונגען פון אַן ערשטראַנגיקן קונסט־קענער.

ווען ווייסנבערג איז אין מיטן פון די צוואַנציקער יאָרן צוגעטראָטן אַרויסגעבן אַ צוויי־וואָכנזשורנאַל אונטערן לאָזונג „פאַר דער יידישער ליטעראַטור" אונטערן נאָמען „א ו י ף   ד י   ח ו ר ב ו ת", האָב איך געשריבן וועגן דעם פון וואַרשע צום ריגער „דאָס פאָלק" (אין 1925 אָדער 1926):

„דער דאָזיקער זשורנאַל, וואָס וועט דערשיינען יעדע צוויי וואָכן, איז נישט סתם אַ ליטעראַרישער זשורנאַל, ער איז אַ קאַמף־אָרגאַן פון אַ געוויסער גרופּע, אין דער שפּיץ פון וועלכער עס שטייט ווייסנבערג.

„דער קאַמף פון דאָזיקן זשורנאַל דאַרף, לויט ווייסנבערגס אַן אָפענעם בריוו אין דער יידישער פּרעסע, געפירט ווערן „אויף די חורבות" פון דער יידישער לי־טעראַטור „פאַר דער יידישער ליטעראַטור".

„שוין צוויי יאָר ווי ווייסנבערג שטייט אין אַן אָפענעם קאַמף קעגן דער אָפּי־ציעלער און „מאָדערנער" יידישער ליטעראַטור, וועלכער ער באַשולדיקט אין שונד־מעטאָדן, אין שונד־טענדענצן און אין „מלאכה" — אַנשטאָט שאַפן. אין שריפט און אין וואָרט באַשולדיקט ער שלום אַשן, אַז ער איז מיט זיינע לעצטע ווערק (און מיט „די לעצטע ווערק" מיינט ווייסנבערג אַלע שלום אַשס ווערק, אַ חוץ זיינע ערשטע פיר ביכער) זיינען שונד־אַרבעט. דאָס זעלבע באַשולדיקט ער אויך (נאָך

אין אַ גרעסערער מאָס) די לעצטע ווערק פון אָפּאַטאָשו און אַלע ווערק פון סעגאַ־לאָוויטשן. פון די „מאָדערנע" דיכטערס איז דאָך שוין אָפּגערעדט אַז ער וואַרפט זיי אַלע אין איין הויפן און וויל אָפּמעקן זייערע נעמען פון די ביבליאָטעקישע קאַטאַלאָגן...

„נישט אַריינגייענדיק אין תוך פון דער פראַגע צי וויסנבערג איז גערעכט אין גאַנצן, טיילווייז אָדער גאָר נישט, צי ער געפינט די ריכטיקע פאָרעם פאַר זיין קריטיק אַפילו דאָרט, וווּ ער איז פולקום גערעכט — נישט באַרירנדיק די און נאָך פראַגן אין עצם פון דאָזיקן קאַמף — מוז מען אָבער אָנערקענען, אַז דער קאַמף איז שוין מיט דעם אַליין אינטערע־סאַנט, וואָס סוף־כל־סוף הערשט אין אונדזער ליטעראַטור אַ צו גרויסע בית־הקברות־שטילקייט און ווען די דאָזיקע שטילקייט זאָל נישט אַרומ־נעמען אויך וויסנבערגס קאַמף מיט שטומע דערשטיקונג־צוואַנגען, וואָלט אַפילו וויסנבערגס אומגערעכטיקייט געקענט פירן צו אַן אינטערעסאַנטער דיסקוסיע און צו אַן איבערשאַצונג פון געוויסע ווערטן.

„אָבער אַנשטאָט צו דיסקוטירן און אויפווייזן וויסנבערגס אומגע־רעכטיקייט, אָדער אָפּטיילן דאָס אומגערעכטע פונעם גערעכטן, — שווייגט מען בעסער. עס איז רויִקער און... באַקוועמער.

„וויסנבערגס זשורנאַל איז אַ פּרווו צו צעטרייסלען די דאָזיקע שטילקייט, נישט לאָזן אונטערגיין אַן רעזולטאַטן זיין אָנגעהויבענעם קאַמף..." *).

*

איך ווייס נישט, צי עמעצער האָט איבערגעגעבן וויסנבערגן מיין מיינונג וועגן זיינע רעפעראַטן (איך פלעג אָפט ריידן וועגן זיי מיט פאַרשיידענע מענטשן), אָבער איין מאָל האָט עמעצער מיר געזאָגט, אַז וויסנבערג טרעט צו אַרויסצוגעבן אַ זשור־נאַל, אַן אָרגאַן פון קאַמף פאַר דער באַנייונג פון דער יידישער ליטעראַטור, און ער לאַדט מיך איין פאַר אַ מיטאַרבעטער און בעט מיך אַריינצוקומען צו אים.

איך פלעג זייער נישט גערן באַזוכן שרייבערס, אַפילו די באַליבטסטע. איך האָב אַ סך מער ליב געהאַט די שאַפונגען זייערע, ווי זיי גופא. באַזונדערס שטאַרק האָב איך מורא געהאַט פאַר אַ באַגעגעניש מיט וויסנבערגן, איך האָב געפילט, אַז די דאָזיקע באַגעגעניש מוז בלייבן פרוכטלאָז און אפשר פירן צו צוזאַמענשטויסן. זיך האָב איך גוט געקענט און וויסנבערגן האָב איך שוין אויך

*) דער קליינער אַרטיקל (פון וועלכן איך נעם די דאָזיקע ציטאַט) האָט זיך אויפגעהיט ביי מיינעם אַ ברודער אין ארץ־ישראל.

אָנגעהויבן צו דערקענען לויט זיינע רעפעראַטן, לויט זיינע אַרטיקלען און „בריוו אין רעדאַקציע“, לויט דעם דערציילן פון קאַלעגן־שרייבערס...

אָבער פון דער צווייטער זייט איז געווען אינטערעסאַנט זיך אַ ביסל נעענטער צו באַקענען מיט אָט דעם געהיימעניש־פולן מענטשן: קעמפערישע שרייבערס ציִען מיך באַזונדערס צו. און איך בין אַוועק צו וויסנבערגן מיט אַ גרויסן אַרטיקל וועגן ראָמען ראָלאַן (שפּעטער געדרוקט געווען אין צוויי נומערן פון ד״ר י. נ. שטיינבערגס „פרייע שריפטן“ און דערנאָך איז עס אַריין אין ערשטן באַנד פון מיינע „אויף די וועגן פון דער נייער אייראָפּעִישער ליטעראַטור“).

וויסנבערג האָט דעמאָלט געלעבט אין וואַרשע (שפּעטער — נעבן וואַרשע, אין אָטוואָצק) אויף עלעקטאָראַלנע גאַס (דאַכט זיך 14 אָדער 12) אין אַ קליינער, אָרעמער, אָפּגעלאָזענער דירהלע. מיר האָבן גערעדט אַ ביסל וועגן די אויפגאַבעס פון נייעם זשורנאַל (דאַכט זיך „אונזער — אינזער“ — האָפענונג — „האָפעניינג“) און דערנאָך האָט וויסנבערג גענומען מיין מאַנוסקריפּט וועגן ראָלאַנען און אָנגע־הויבן לייענען, אָפּט אַ קוק געבנדיק אויף מיר פון אַ זייט.

„יאָ, — האָט ער געזאָגט, ווען ער האָט געענדיקט לייענען (הגם איך בין נישט געווען זיכער צי ער האָט געלייענט), — איר קענט שרייבן, אָבער איר גייט אויף אַ שלעכטן וועג: איר שרייבט, ווי מע שרייבט אין גאַנץ אייראָפּע“...

איך האָב זיך בשום אופן נישט געקענט דערשלאָגן צו קיין קלאָרן ענטפער, וואָס עס באַטייט „שרייבן, ווי מע שרייבט אין גאַנץ אייראָפּע“ און מיט וואָס עס איז שלעכט דאָס שרייבן אַזוי.

דאָ האָב איך זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט זיין פּרינציפּלאָזער קריטיק פון דעם אַלעם, צו וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין צוטריט. זיין געפיל פון מינדער־ווערטיקייט, וואָס האָט אונטערגעגראָבן — אומבאַוווסטזיניק — די דאָזיקע אָנגע־ווייטיקטע נשמה, האָט זיך קאָמפּענסירט דורך אַן אַרויספאָדערנדיקן שטאָלץ. גאַנץ אייראָפּע, — צו וועלכער ער האָט געהאַט אַ צוטריט נאָר דורך אַ שפּעלטעלע פון ווייניקע, אָפּט אומפאַרדייליכע איבערזעצונגען, — טויג נישט, און יעדער איינער, וואָס האָט געשריבן נישט אַזוי ווי ער, האָט געהערט צו „גאַנץ אייראָפּע“, און דאָס האָט ער אָפּגעוואָרפן אָן שום אַרגומענטאַציע. ווי ווייט די דאָזיקע וויסנבערגישע אייראָפּע־קריטיק איז געווען פון טאָלסטאָיס אייראָפּע־קריטיק! ק י ש טויג אויף זיכער נישט, הגם ער האָט קיין איין שורה זיינע נישט געלייענט; מאַרק ראַקאָווסקיס איבערזעצונגען זיינען די בעסטע, ווייל זיי באַגראָבן די דאָזיקע פאַרהאַסטע אייראָפּע וואָס האָט אויפגענומען אַשן, זיין שונא נומער איינס.

דאָס פלעגט דערגיין צו אומגעהייערע ווילדקייטן.

איין מאָל האָט וויסנבערג אַרויסגעגעבן אַ פילאָסאָפישע בראָשור. אין דעם אַרכי־געשמאַקלאָזן אַנאָנס וועגן איר (געשריבן פון וויסנבערגן אַליין), האָט זיך

געזאָגט, נישט מער און נישט ווייניקער, אַז טויזנטער בענד פילאָסאָפיע האָבן נישט אַרויסגעבראַכט ד ע ם א מ ת וואָס ער, ווייסנבערג, אַנטפּלעקט אין זיך בראָשור. איך האָב אים געפרעגט:

— גוט, ס׳קען זיין, אַז ביז אייך האָט קיינער נישט אַנטדעקט אַזאַ פילאָסאָפישן אמת, ווי איר אַנטפּלעקט אין אייער בראָשור, אָבער איר האָט דאָך די טויזנטער פילאָסאָפישע ביכער נישט געלייענט, טאָ פון וואַנען ווייסט איר, אַז דאָרט איז אייער אמת נישטאָ? אפשר האָט זיך עמעצער אויך דערטראַכט צו אים?

דערויף האָב איך באַקומען דעם קורצן, ווייסנבערגישן ענטפער:

— איך דאַרף זיי נישט לייענען. כ׳ווייס אַזוי אויך, אַז דאָרט איז דאָס נישטאָ.

איך האָב בשעת־מעשה זיך דערמאָנט אַ נאָכמיטיק, ווען איך מיט נאָך עטלעכע שרייבערס זיינען אויף טלאָמאַצקע 13 געזעסן ביי אַ טישל מיט ווייסנבערגן און ער האָט גערעדט וועגן אַשן און אַנדערע פון זיינע „ליבלינגס״. ווי אַנדערש יענער ווייסנבערג איז געווען פון דעם־אָ! דאַן איז ער אפשר אין תוך נישט געווען קיין סך גערעכטער ווי היינט, אָבער דאַן איז פאַר אונדז געווען ווייסנבערג דער בעלעט־ריסט. יעדעס וואָרט איז געווען אַ בילד און פון יעדן בילד האָט געשפּראָצט מיט בעלעטריסטישן בלוט, מיט בעלעטריסטישער געזונטקייט! אָבער היינט? פון ווייסנ־בערג דעם פילאָסאָף, וועלכער פאַרטיידיקט זיין פּאַטענט אויפן אמת, האָט געשלאָגן מיט עקרדיקער עקשנות, מיט פסיכישן ווילדגראַז.

— אַש? — האָט ער זיך אַ קרום געטאָן און אַלע מוסקולן אויף זיין פּנים האָבן זיך צעשמייכלט אַרום די שמייכלענדיקע קאַלמיקישע אייגעלעך — אַש איז ביי זיין קומען געווען ווי אַ ראש־חודש־רעטעכל. ער איז געווען רויט־חנעוודיק, מיט אַ סאַמעטן הייטל (און ווייסנבערגס פינגער האָבן גענומען גלעטן דאָס דאָזיקע סאַמעטענע הייטל...), — עס שמעקט דאָך פון דעם, מ׳דערקוויקט זיך מיט דעם, אַ מאכל פאַרן אויג, פאַרן גומען. אָבער איצט? פונעם ראש־חודש־רעטעכל איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסער, ביטערער רעטעך...

— און X? אָט יענער מיט די רויטע בעקעלעך? ער זעט אויס, ווי אַ יונג ווייבל, וואָס צוויי זעלנער האָבן זי נאָר וואָס...

ווי אומגערעכט יענער ווייסנבערג איז נישט געווען — איז ער אין די אומגע־רעכטסטע, גרעבסטע מאָמענטן געבליבן ווייסנבערג... אָבער דער דאָזיקער? ווייסנ־בערג האָט דאַן אויסגעזען אין מיינע אויגן ווי אַ קאַריקאַטור אויף זיך אַליין: ער דאַרף נישט לייענען די טויזנטער בענד פילאָסאָפיע, ער ווייסט אַזוי אויך, אַז קיינער האָט זיך נישט דערטראַכט צו דעם, וואָס ער...

און וווּ איז אַהינגעקומען ווייסנבערגס הומאָר?

*

איך האָב זיך לחלוטין נישט באַליידיקט פאַר דעם, וואָס ווייסנבערג האָט מיין אַרטיקל נישט געוואָלט דרוקן. דער מאָטיוו איז געווען אַזוי קינדיש, אַז ער האָט גאָר נישט געקענט באַליידיקן.

איך האָב אָנגעהויבן אַריינצוגיין צו ווייסנבערגן און כ׳האָב גענומען לייענען זיינע פּעריאָדישע אויסגאַבעס. און פאַר מיר האָט זיך אַלץ מער און מער אַנטפּלעקט די דאָזיקע קאָמפּליצירטע נשמה מיט איר געמיש פון טיפער אינסטינקטיווער חכמה און טעמפּער עקשנות און נאַרישקייט; מיט איר קאַמף קעגן מיסברויכן אין אונדזער ליטעראַרישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן און מיט איר, גלייכצייטיקן, אויס־כאָווען גראַפאָמאַניע, מיט איר קינאה צו טאַלאַנטן — עפּעס ווי עמעצן אויף צו להכעיס. מיר איז אַלץ מער קלאָר געוואָרן, אַז אויב ווייסנבערג איז טאַקע געווען „אונדזער האָפענונג" (ווי מיר האָבן זיך געגייטיקט און ווי מיר נייטיקן זיך אין בונטאַרן וואָס זאָלן אָפּפרישן אונדזער ליטעראַטור!) האָט ער זיך אָבער אַרויסגע־שטעלט ווי „אונדזער פאַרלוירענע האָפענונג". אויף איין אמתדיק־בונטאַרישן, שאַ־פערישן שריט — האָט ער געמאַכט צען ייִנגלשע שריט, וואָס דיסקרעדיטירן דעם דאָזיקן איינעם, מאַכן צונישט זיין אויפטו; אויף איין דרוקבויגן, וואָס איז פּאַסיק פאַר אַ זשורנאַל, וואָס שטרעבט צו באַנייען די ליטעראַטור — גיט ער צען דרוק־בויגן נאַרישקייטן און גראַפאָמאַניע; אויף איין גראַם סאָקראַטישע דיאַלעקטיק און אַריסטאָפאַנישן סאַרקאַזם — צען פונט קסאַנטיפּישע זינלאָזע זידלערייַ און אומ־לאָגישע, גרונטלאָזע קריטיק.

איין מאָל האָט זיך אין זיין זשורנאַל באַוויזן אַן אַרטיקל פון פּראָפ׳ פּרויד וועגן חלומות. היות דער דאָזיקער אַרטיקל איז מיר נישט געווען באַקאַנט, האָב איך געפרעגט ווייסנבערגן, פון וואַנען ער האָט אים אַרויסגענומען. ער האָט גע־ענטפערט, אַז פון אַ פּויליש ביכל. איך האָב אים געבעטן מיר לייענען דעם פּוילישן טעקסט.

—צו וואָס טויג אייך דאָס פּוילישע אַרטיקל — האָט ווייסנבערג געענטפערט געלאַסן, ווי תמיד — איך האָב עס סיי ווי איבערגעאַרבעט, פאַרבעסערט.

— איר אַרבעט איבער פרוידן? איר בעסערט אים אויס? — בין איך געוואָרן אויסער זיך פון שטוינונג.

— נו, יאָ. ער איז אַ שלעכטער סטיליסט. געדאַנקען האָט ער גוטע, ער קען זיי אָבער נישט אַרויסברענגען ווי געהעריק, איז מאַך איך קלאָרער זיינע געדאַנקען.

— וואָס רעדט איר!? פרויד איז דאָך איינער פון די געציילטע געלערנטע, וועלכע שרייבן אויף דייטש און זיינען גלייכצייטיק גוטע, אַפילו גרויסער שרייבער.

— פּסיכאָלאָגיע אָבער איז נישט קיין זאַך פאַר געלערנטע, נאָר פאַר קינסט־לערס פון וואָרט. פּסיכאָלאָגיע איז דאָך אַ נאַטירלעכע זאַך, וואָס געפינט זיך אין

מענטשן פון דער נאַטור, טאָ צו וואָס דאַרף מען דאָ געלערנטע? דאָס איז אַ זאַך פאַר קינסטלערס. איז דערגאַנץ איך פרוידן.

— אָבער, ווייסנבערג, וואָסער וויסנשאַפט האָט דאָס צו טאָן מיט נישט קיין נאַטירלעכע זאַכן אָדער דערשיינונגען?

אויף דער דאָזיקער פראַגע האָב איך נישט באַקומען קיין ענטפער, נאָר אַ בליק, וואָס האָט דערמאָנט דעם פּאָפּולערן אַנעקדאָט זיינעם מיט נאָמבערגן: „און די מענטשן וואָס? זיי האָבן זיך געבריט די פּיענטעס, האַ?"

ווייסנבערג פלעגט תמיד איבעררייסן אַ דיסקוסיע, ווען עס פלעגט זיך אויס־שעפּן דער אַרסענאַל פון זיינע „אַרגומענטן". ער פלעגט אַנטשוויגן ווערן נישט מיטן געפיל פון אַ באַזיגטן (הגם עס איז שווער געווען אַריינצודרינגען אין דער דאָזיקער כיטרער, פאַרשלאָסענער, מיט גיפט פון אַנטוישונג אָנגעפילטער קינדישער נשמה), נאָר מיט אַ געפיל פון איינעם, וואָס האָט געזאָגט זיין לעצט וואָרט, קעגן וועלכן עס איז נישטאָ קיין אַפּעלאַציע. Dixi! ער וועט זיך נישט לאָזן פאַרדרייען דעם קאָפּ.

איך געדענק נאָך אַן אויסטערלישן פאַל, ווען די גאווה וואָס באַזירט זיך בלויז אויף אַן אויפבליץ פון אַ גרויסקייט־מאַניע, האָט אויסטערליש באַלויכטן מיט אַן אימהדיק ליכט די אָפּגרונטן, אין וועלכע דער דאָזיקער מענטש איז אַלץ מער און מער געזונקען.

מיר זיינען געשטאַנען אין ליטעראַטן־פאַראיין און גערעדט וועגן דער וועלט פונעם מענטשן, וועגן דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, וועגן דעד פּראָבלעם „מענטש", וואָס איז גלייכציייטיק אי אַן אָפּגעשלאָסענער אינדיווידוּם, אי אַ מיטגליד פון דער געזעלשאַפט און אין זיין נשמה ראַנגלען זיך די ביידע כוחות.

ווייסנבערג האָט אין אַנגראַ אויסגעלאַכט אַלע פּרווון און אַלע האָפענונגען אויסצובעסערן סיי די געזעלשאַפט, סיי דעם מענטשן. מיין פּעסימיזם האָט זיך דערפילט אַזוי קליין לגבי זיינעם, אַז עס האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ גרויל נישט נאָר פאַר ווייסנבערגן, נאָר אויך פאַר זיך גופא: כ'האָב געזען באַשיימפערלעך צו וואָס מע קען זיך דערקייקלען פונעם פּעסימיסטישן שפּוע.

— איז וואָס — האָב איך געפרעגט מיד פון צוזען, ווי מיינע אַרגומענטן ווערן צעשמעטערט אינעם פעלדז פון זיין אַפּריאָרישן באַשלוס אַז אַלץ, וואָס מענטשן טוען, איז אַרויסגעוואָרפענע טרחה, — איז שוין טאַקע נישטאָ קיין שום האָפענונג?

— ניין, — ענטפערט ער — ס'איז דאָ.

— אין וואָס־זשע באַשטייט זי? — כאַפּ איך זיך אָן אין דעם פלוצלינגדיקן רעטונגס־ברעט, וואָס מע וואַרפט צו אַ טרינקענדיקן.

— דאָס קען איך אייך נישט זאָגן; איר וועט דאָס סיי ווי נישט קענען פאַרשטיין.

— טאָ זאָגט עס נישט מיר, זאָגט עס אַנדערע, — אויב איר האָט אַ האָפענונג, אַן אויסוועג, טאָרט איר דאָך אים נישט האַלטן בלויז פאַר זיך.

— דאָס וועט קיינער נישט קענען פאַרשטיין.

— נאָר איר איינער אין דער גאַנצער וועלט קענט עס פאַרשטיין? מער קיינער נישט?

— יאָ, איך בין דער איינציקער. מער קיינער נישט.

איך געדענק עס ווי איצט: קיין איין לאַך־מוסקל האָט אין מיר קיין ציטער נישט געטאָן; איך האָב געפילט ווי אַ גרענעצלאָזער צער נעמט מיך אַרום. אין יענעם מאָמענט וואָלט איך געוועז גליקלעך, ווען איך זאָל געוועזן קענען גלייבן, אַז ער טרייבט שפּאַס. כ׳האָב אָבער מורא געהאַט, אַז ער מיינט דאָס ערנסט: נישט נאָר האָט זיך קיינער אין דער וועלט נישט דערטראַכט צו ווייסנבערגס לייזונג פון די סאָציאַלע פּראָבלעמען, פון דער פּראָבלעם „מענטש״, נאָר קיינער קען אַפילו נישט באַגרייפן זיין לייזונג...

כ׳האָב שיער־נישט אַ שעפּטשע געטאָן: „אָרעמער ווייסנבערג...״ איבערטראַגן אַזאַ איינזאַמקייט!

מיט אַ געפיל פון טיפן טרויער האָב איך דאַן געשריבן פאַר די „פרייע שריפטן״ אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען: „אונדזער פאַרלוירענע האָפענונג״ (אַן אָנדייטונג אויף ווייסנבערגס זשורנאַל „אינדזער האָפעניננ״).

אין דעם דאָזיקן קליינעם אַרטיקל (דערשינען אין נומער 4 אָדער 5 פון די („פרייע שריפטן״) האָב איך אונטערגעפירט אַ קליינעם סך־הכל זינט מיין אַרטיקל (אין ריגער „דאָס פאָלק״) וועגן האַראָנטשיקס „פאַרפלאָנטערטע וועגן״, ווען איך האָב זיך צום ערשטן מאָל אָנגעצונדן מיט אינטערעס צו ווייסנבערגס קאַמף, ביז זיין זשורנאַל „אינדזער האָפעניננ״, וואָס האָט געדאַרפט אויסברייטערן און פאַרטיפן דעם דאָזיקן קאַמף, און ער האָט אים גאָר — אוי, ווי! — פאַרמיסטיקט, געמאַכט פאַר קליינלעך און אָפּט — אומגערעכט.

נישטאָ וואָס צו זאָגן — אַ קאַמף פאַר באַנייען די ליטעראַטור מיט דער הילף פון גראַפאָמאַניע, קליינלעכקייט און אומגערעכטיקייט!!

ווייסנבערג איז פאַרקראָכן אינעם זומפּ פון זיין דאַן קיכאָטישן „קאַמף קעגן די „ליטוואַקעס״: די ליטוואַקעס זיינען שולדיק אין דער ירידה פון דער יידישער ליטעראַטור, ווייל שפּעטעריש זיינען נאָר די פוילישע יידן. און גלייכצייטיק האָט ער געפירט אַ קרייצצוג קעגן אַשן און אָפּאַטאָשון — ריינבלוטיקע פוילישע יידן (אַגב אורחא: עס איז געוועזן נאָך אַ רעגיאָנעלע טעאָריע: בעל־מחשבות, שטיף און בערגעלסאָן האָבן אין די צוואָנציקער יאָרן, אין בערלין, געשאַפן די טעאָריע אַז די פוילישע יידן זיינען נישט שעפעריש — שעפעריש זיינען נאָר די דרום־רוסישע יידן). אַל דאָס שלעכטס קומט פון די „ליטוואַקעס״.

אין דער דאָזיקער מאַניע זיינער איז געווען עפּעס ענלעכס אויפן אַנטיסעמי־טיזם — אין אַלץ זיינען שולדיק די ייִדן. און אויב עמעצער טוט עפּעס שלעכטס, הייסט עס, אַז ער איז אַ ייִד, אויב אַפילו ער איז דאָס נישט...

אויב אַש שרייבט שלעכט — איז ער אַ „ליטוואַק"...

ווייסנבערג האָט איינגעפירט זיין אייגענעם אויסלייג, אַ ווילדן און כאַאָטישן, אָבער ער האָט פאַרמאָגט איין גרויסע — די גרעסטע! — מעלה: ער האָט זיך שטאַרק אונטערגעשיידט פון דעם אויסלייג וואָס די „ליטוואַקעס" האָבן איינ־געפירט.

עס איז שווער געווען צו דערגיין אויף זיכער: צי האָט ווייסנבערג דעם אויסלייג פאַר שלעכט דערפאַר, ווייל די „ליטוואַקעס" האָבן אים איינגעפירט, אָדער דערפאַר ווייל דער אויסלייג איז שלעכט, האָבן אים די „ליטוואַקעס" איינגעפירט... דער עיקר אָבער איז געווען, וואָס ער האָט געוואָלט איינפירן אין דער ייִדישער ליטעראַטור נישט קיין פאַרעלטערטן אויסלייג, נאָר אַזאַ נייעם, וואָס זאָל זיין ענלעך אויפן ראַציאָנאַלן אויסלייג פון דער ענגלישער שפּראַך...



פון צייט צו צייט פלעגט ווייסנבערג לאָזן צו רו סיי די „ליטוואַקעס", סיי זייער אויסלייג, און פלעגט זיך נעמען באַשעפטיקן מיט שאַפן אַ מין ווייסנבערגישע ליטעראַטור־אַקאַדעמיע: ער פלעגט אָפּדרוקן אין זיינעם אַ זשורנאַל אָדער אין אַ טאָגצייטונג אַ מאַניפעסט, אַז די גרעסטע דריי שרייבערס און דיכטערס זיינען די און די, אַנרופנדיק דערביי אַזעלכע נעמען, וואָס אָדער זיי זיינען געווען אָנפאַנגערס, צוזאָגנדיקע שרייבערס, אָדער אומבאַקאַנטע גראַפאָמאַנען אָדער אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן בכלל נישט געשריבן (ווי, למשל, דער קצב ערלעך, אַ ווילער מענטש, ווייסנבערגס אַן אָנהענגער, אָבער לגמרי נישט קיין שרייבער און נישט קיין גראַ־פאָמאַן). אָבער אַפילו דאָס דאָזיקע לעצטע האָט ווייסנבערגן לחלוטין נישט גע־שטערט: עס איז געווען גענוג וואָס ער שפּירט, אַז דער און דער קען זיין דער בעסטער ייִדישער שרייבער (אויטענטיש!).

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ קאַמף האָט נישט געקענט ברענגען קיין נוצן אונדזער ליטעראַטור, נאָר אדרבא, — בלויז נאָך מער אָפּטויטן דעם „שם־המפורש" ביי ווייסנבערגן, וואָס פלעגט זיך טאַקע אַלץ זעלטענער און זעלטענער ביי אים אויפכאַפּן.

יעדע ליטעראַטור לעבט אין זייער אַ גרויסער מאָס מיטן גייסט פון אָפּאָזיציע, און איינצלנע גרויסע אָפּאָזיציאָנערן קענען שטאַרק באַפרוכטיקן אַ ליטעראַטור. אַזאַ איז געווען פאַר דער עסטרייכישער ליטעראַטור פון פאַר דער מילחמה דער אייביקער אָפּאָזיציאָנער קאַרל קראַוס, אַ ווינער שרייבער און זשורנאַליסט, אַ ייִד, וועלכער האָט פאַר זיך דורכגעלייגט אַן איינזאַמען וועג אין דער ליטעראַטור —

קעגן אַלעמען. פֿון קראַוס׳ אַלע מיטצייטלערס אין אייראָפּע האָט ער אָנערקענט בלויז דריי שרייבערס. ער האָט אַפילו רעווידירט די לעגיטימאַציע, וואָס היינריך היינע האָט באַקומען פֿון דער אַלוועלטלעכער ליטעראַרישער געזעלשאַפטלעכער מיינונג. אָבער זיין ביכל וועגן היינען איז אַ צושטייער צו דער ליטעראַטור, אויב מע זאָל עס אַפילו נישט האַלטן פֿאַר גערעכט אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט, און אַפילו אויף פֿופֿציק. און יעדער נעגאַטיווער אַרטיקל זיינער איז געווען פּאָזיטיוו פֿאַר דער ליטעראַטור אַ דאַנק דעם אייגענעם ליטעראַרישן ווערט, אָן אונטערשייד צי ער פֿאַרניכט טאַקע דעם אומגליקלעכן קרבן, אָדער נישט.

אָט אַזאַ בונטאַר וואָלטן מיר אויך באַדאַרפֿט האָבן. און נאָך ווי! אָבער וויסנבערג האָט לעכערלעך געמאַכט זיין קאַמף, און דער רוב פֿון זיינע אָנגריפֿן (אמת, נישט אַלע!) מאַכן אָרעמער אונדזער ליטעראַטור. און זיינע צאָלרייכע זשורנאַלן זיינען, צום באַדויערן, נישט קיין פֿאַקלען („פֿאַקעל״ איז געווען דער נאָמען פֿון קאַרל קראַוס׳ אינדיווידועלן זשורנאַל) און זיי באַלייכטן גאָר נישט, נאָר לאָזן איבער אַ טשאַד. ס׳איז נישט אמת, אַז עס איז נישטאָ קיין רויך אָן פֿייער, — עס איז דאָ! דאָס פֿייערל אין דאָזיקן טשאַד איז אַזוי קליין, אַז מע זעט אים גאָרנישט אַרויס, און ער ווערט שנעל אויסגעלאָשן און לאָזט איבער נאָך זיך אויף לאַנג אַ שטיקנדיקן, עיפּושדיקן רויך. עס וועט זיין אַ צו שווערע אַרבעט אָפּצוגראָבן פֿון אונטער די חורבות פֿון וויסנבערגס זשורנאַלן עטלעכע בונטאַריש־אָפּרישנדיקע זייטלעך.



ווי ווייט וויסנבערג איז אָפֿט מאָל געווען אַ גרויס קינד, באַווייזט אָט דער פֿאַקט:

איין מאָל יאָגט ער מיך אָן אין גאַס און זאָגט, אַז ער וויל זיך מיט מיר מיישב זיין.

— וואָס ?

עס איז געקומען צו פֿאָרן יעקב באַטאַשאַנסקי און ער וויל קויפֿן ביי אים, ביי וויסנבערגן, פֿאַר דער בוענאָס־איירעסער „די פּרעסע״ אַ ראָמאַן. צי זאָל ער אים פֿאַרקויפֿן דעם ראָמאַן?

— פֿאַר וואָס נישט? — פֿרעג איך אַ דערשטוינטער.

— פֿאַר וואָס נישט? — פֿרעגט וויסנבערג איבער מיט אַ טאָן פֿון אַ פֿאַר־שווערער — איך טרעט די גאַנצע צייט אַרויס קעגן דער געלער פּרעסע, קעגן די „ליטוואַקעס״, איז זאָל איך זיי איצט פֿאַרקויפֿן מיינעם אַ ראָמאַן?...

— טאָ וואָס פֿרעגט איר מיך אַן עצה, אויב איר ווייסט אַליין אַז איר דאַרפֿט דאָס נישט טאָן?

— איר פאַרשטייט, זיי גיבן מיר אַ גוטן פּרייז, וועל איך פאַרן דאָזיקן געלט דערנאָך קענען אָפּדרוקן אַ פּאַמפלעט קעגן זיי. וואָס זאָגט איר?

— וואָס קען איך אייך זאָגן? איך וואָלט דאָס נישט געטאָן. אָבער איר מוזט אַליין באַשליסן. קיין עצה קען איך אייך נישט געבן.

אַזוי איז ער מיט מיר אַרומגעגאַנגען הין־און־צוריק איבער עלעקטראַלנע גאַס און איבערגעחזרט דאָס אַלטע קאָמישע מעשהלע פון „האָב חתונה, האָב נישט חתונה".

פלעג איך אים זאָגן, אַז נישט, האָט ער מיר אויפגעוויזן אַז ס'איז דאָ אַ וויכטיקער מאָטיוו אויף יאָ; פלעג איך מסכים זיין אויף יאָ, פלעגט ער מיר אויפווייזן, אַז ס'איז דאָ אַ וויכטיקער מאָטיוו אויף ניין. און דערביי איז ער געווען אין אַ רויק־פייערלעכער שטימונג, וואָס אי ער קען פאַרקויפן אַ ראָמאַן, אי ער קען נאָך זאָגן „ניין".

צום סוף, פאַרן אַוועקגיין, זאָגט ער צו מיר: קומט היינט ביינאַכט אויף טלאָמאַצקע 13. ס'איז היינט אַ באַנקעט פאַר באַטאַשאַנסקין. איר וועט קומען?

— אַוודאי וועל איך קומען.

אין אָוונט, איך קום אַריין אין קאַנצעלאַריע, ווו מיר האָבן אַוועקגעלייגט די זאַכן (ס'איז געווען באַקוועמער ווי אין דער גאַרדעראָבע), זע איך וויסנבערגן. איך וויל צוגיין צו אים ריידן — גיט ער זיך אַ דריי אַוועק און גיט אַ ווונק צו מיר מיט די אייגן, איך זאָל נישט ריידן מיט אים.

איך האָב פאַרשטאַנען: ער האָט מיך דאָך „איינגעלאַדן" אויפן באַנקעט. ער האָט דאָך גערעדט מיט מיר וועגן באַטאַשאַנסקין, צי פאַרקויפן אים דעם ראָמאַן, צי נישט; איז אַז באַטאַשאַנסקי וועט באַמערקן, אַז איך רייד מיט וויסנבערגן, וועט ער דאָך פאַרשטיין די „פאַרשווערונג", מאַכט ער דעריבער אַן אָנשטעל, אַז מיר ריידן נישט צווישן זיך. קאָנספּיראַציע!...

אין יענעם מאָמענט האָב איך נאָך נישט געוווּסט, אַז ער האָט עפּעס צוגעגרייט פאַר באַטאַשאַנסקין, און היות ער האָט מיך געבעטן בייזיין, האָט ער נישט געוואָלט מע זאָל אַנטדעקן אונדזער „פאַרשווערונג".

שפּעטער, נאָך זיין רעדע אויפן באַנקעט, איז מיר גאָר קלאָר געוואָרן זיין קינדישע שפּיל.

אויפן באַנקעט האָט וויסנבערג אויסגעמיטן צו קוקן אויף מיר, ער איז געזעסן זייער שטיל, אויסגעהערט אַלע רעדעס, און ווען עס איז געקומען זיין ריי צו ריידן, איז ער געלאָסן אויפגעשטאַנען און מיט אַ מאָל איז דאָס דאָזיקע גרויסע קינד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן ערשטקלאַסיקן, געפערלעכן פּעכטער.

ער האָט אָנגעהויבן פון גאָר ווייט, פון אַ בלעטל יידיש־אַרגענטינער געשיכטע: וועגן טעאַטער און די טמאים. גערעדט שיין, הגם לאַנגזאַם, קלאָר און געלאַסן

ווי אַ גזלן, און מיט אַ מאָל, שנעל ווי אַ בליץ, האָט ער זיך געגעבן אַ וואָרף אויף זיין קרבן, אויף באָטאָשאַנסקין, און מיט עטלעכע ווערטער פאַרוואַנדלט דעם משל אין אַ נמשל, און אַריינגעשטאָכן דעם גיפטיקן שווערד־שפּיץ גלייך אין האַרצן.

איך געדענק נישט דעם דאָזיקן מערקווירדיקן קער. איך האָב נישט מיינע נאָטיצן פון דעמאָלט, און עטלעכע מענטשן, וואָס זיינען געווען אויף יענעם באַנקעט צוזאַמען מיט מיר, און ביי וועלכע איך האָב זיך נאָכגעפרעגט, געדענקען אויך נאָר אין אַלגעמיין די דאָזיקע געשיכטע. און עס איז טאַקע שווער צו געדענקען געגוי נאָך אַזוי פיל יאָרן, — דאָס איז געווען אַזוי דין, אַזאַ קונציקער טריק!

אַלע האָבן זיך צעלאַכט, באָטאָשאַנסקי אויך. זאָגן דאָס אויף אַ באַנקעט האָט געקענט, אַפילו בלויז ווי אַ משל, אָדער אַ קינד אָדער אַ גראָבער יונג. (און מיט וואָס פאַר אַ רויִקייט ער האָט זיך געגרייט דערצו!) און וויסנבערגן האָט מען מוחל געווען אַ סך, ווייל ער פלעגט אָפט אין אַזעלכע פאַלן זיין אַ קינד. עס איז געפעלן געוואָרן, ווי עס געפעלט אַ גראָבע חכמה פון אַ קינד, וואָס ווייסט גאָר נישט וואָס עס האָט געזאָגט אַזוינס. מען האָט געקוואָלן פונעם שפּיצל פונעם וווּנדערקינד. און אויך באָטאָשאַנסקי האָט געקוואָלן דערפון. ער האָט, ווי אַלע, אָפּגעשאַצט דעם שאַרפזין און דעם קינדישן מוט, וואָס נאָר אַ וויסנבערג קען עס פאַרמאָגן. אָט אַזעלכע קינדער מאַכן אָן צרות טאַטע־מאַמע ווען געסט זיינען דאָ, אָבער זיי זאָגן אויך אָפט דעם קעניג אַז ער איז נאַקעט.

די דאָזיקע רעדע וויסנבערגס איז לאַנג געווען די סענסאַציע פון ייִדיש־ליטעראַרישן וואַרשע. אָבער קיינער האָט נישט געוווסט דעם פּראָלאָג צו איר: זיין שמועס וועגן ראָמאַן און זיין נישט לאָזן דערקענען זיך אין דער קאַנצעלאַריע: ער האָט עפּעס פאַרטראַכט, האָט ער — ווי אַ קינד — געמיינט, אַז אַלע וועלן דערקענען זיין סוד, אויב איך, מיט וועמען ער האָט יענעם טאָג גערעדט, וועל מיט אים ריידן עפנטלעך!



איך האָב געמיינט אַז מיט מיין אַרטיקל „אונדזער פאַרלוירענע האָפענונג“ האָב איך פאַרענדיקט אַלע חשבונות מיט וויסנבערגן. ס'האָט זיך אָבער אַרויסגע־שטעלט פונקט דאָס פאַרקערטע. מיר איז נאָך אויסגעקומען צונויפצושטויסן זיך און צו פאַרבינדן זיך מיט אים אַ סך שטאַרקער און נעענטער ווי פריִער. און די דאָזיקע צוזאַמענשטויסן האָבן דערגרייכט אַזעלכע דראַמאַטישע קלימאַקסן (נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן די דאָזיקע דראַ־מאַטישע קלימאַקסן, זיינען געווען קליינע און אַפילו קליינלעכע), אַז אַפילו איצט איז מיר שווער צו אַנטשליסן זיך צו באַשרייבן זיי אַפילו אין זייערע אַלגע־מיינע ליניעס, דורכלאָזנדיק נישט קיין וויכטיקע, הגם עקלדיקע פּרטים.

איין מאָל האָט זיך אין דער פּרעסע באַוויזן וויסנבערגס אַ בריוו וועגן דעם, אַז

ער טרעט צו צו גרינדן אַ קולטור־געזעלשאַפט, וואָס וועט האָבן פאַר אַן אויפגאַבע צו הייבן דעם ניוואָ פון דער יידישער קולטור בכלל און פון דער יידישער ליטעראַטור בפרט דורך אַ גאַנצער ריי טעטיקייטן. דער בריוו איז געווען אָנגעשריבן — ווי כמעט אַלע „בריוו אין רעדאַקציע" פונעם מחבר פון „קריינדעלע", פון אַ „מעשה מיט אַ ציג" — אַנאַלפאַבעטיש. אַ חוץ פאַרדרוס, האָט אַזאַ בריוו, נאַטירלעך, גאָר נישט געקענט אַרויסרופן. אָבער מיר איז נאָך באַשערט געווען זיך אָנצולאַכן אַ דאַנק דעם דאָזיקן פּראָיעקט.

איין מאָל, אַריינקומענדיק אויף טלאָמאַצקע 13, דערוויס איך זיך פון קאָלעגן, אַז איך פאָר אין די נאָענטסטע טעג אַרויס אויף דער פּראָווינץ צו פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער דאָזיקער נייער קולטור־געזעלשאַפט, ווערבירן פאַר איר מיטגלידער און זאַמלען פאַר איר געלט. צוערשט האָב איך דאָס אָנגענומען פאַר אַ שלעכטן וויץ מצד מיינע קאָלעגן. עס האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז גאָר געווען אַ גאַנץ געלונגענער וויץ מצד ווייסנבערגן, הגם ער גופא האָט מיט זיין וויץ געמיינט גאַנץ ערנסט.

אָפּגעדרוקט זיין בריוו אין די צייטונגען, האָט ווייסנבערג — ווילכער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסן אָרגאַניזאַטאָר — תיכף אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן פון אַן אַקציע פאַר זיין געזעלשאַפט. קודם־כל האָט ער באַשטימט, דאָס הייסט נאָמינירט פיר אָרגאַניזאַטאָרן פאַר דער פּראָווינץ און איינער פון זיי בין איך דאָס געווען.

איך האָב נאָך נישט באַוויזן קומען צו זיך פון שטוינונג און אָפּכאַפּן דעם אָטעם פונעם אָנפאַל פון ספּאַזמאַטישן געלעכטער — אַהאַ, ווייסנבערג איז דאָ. ער איז נישט אַריין — נאָר אַריינגעלאָפן, אַריינגעפלויגן. גאָר נישט ווי זיין שטייגער, ווייל ווייסנבערג פלעגט תמיד אַריינקומען מיט לאַנגזאַמע טריט. ער האָט דאָס מאָל אויסגעזען יינגער אין זיין אויסגעריבענעם מאַנטל, אין זיין פאַרשמאָלצעוועטן גלאַנציקן קאַפּעלושל, מיטן אייביקן אויסגעריבענעם פּאָרטפעל אונטערן אָרעם. זיין גאַנג האָט עפּעס דאָס מאָל געהאַט אין זיך אַן איינגעהאַלטענעם טאַנץ־ריטעם. אין זיינע אויגן האָט געגלאַנצט עפּעס אַ יום־טובדיקייט, עפּעס אַ שטיפערישקייט, אַ שפּילעוודיקע שטיפערישקייט, ווי ביי אַ מענטשן, וואָס פילט אַז ער האָט געזיגט, אַז ער האָט „זיי" שוין איין מאָל אָפּגעטאָן אויף טערקיש: ער האָט שוין אַ געזעלשאַפט מיט אַ נייער ליטעראַטור און קולטור. ער האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרשווערער, וואָס דאַרף זיך שוין מער נישט אויסבאַהאַלטן מיט זיין פאַרשווערונג, ווייל ס'איז שוין מיט מזל און גליק נאָך אַלעמען, און דאָס קינדישע אין דעם דאָזיקן כיטרען, חשדישן, טיף־פּעסימיסטישן מענטשן האָט זיך שוין געקענט פאַרגינען דורכצושלאָגן אויבנאויף. און עס איז טאַקע געווען אין אים — ווי אין אַלע דאָן־קיכאָטישע בונטאַרן — עפּעס קינדיש־גלויביקס. און ס'האָט מיר, ווי אָפט, אָנגעכאַפּט אַזאַ רחמנות אויף אים; און ס'איז מיר געוואָרן אַזוי אומעטיק ביים געדאַנק וועגן דעם אומפאַרמיידלעכן אינהאַלט פון אונדזער שמועס. און ס'איז געווען אַ מאָמענט, ווען אין קאָפּ

איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק: אָננעמען זיין פאָרשלאָג, אַבי נישט צו צווינגען אים איבערצולעבן אין אַזאַ מאָמענט אַ נייע אַנטוישונג.

„דאָס איז געווען בלויז אַ געדאַנק אויף אַ רגע — איך האָב תיכף דערפילט, נאָך אין דער קעגנוואַרט פון דאָזיקן געדאַנק, אַז אָט־אָ דער פּראָדוקט פון רחמנות איז נישט לעבנספעיק, אַז איך בין נישט פעיק אויף אַזעלכע קרבנות, און דאָך בין איך נאָך אויך היינט גרייט מוחל צו זיין זיך זייער אַ סך פאַרן בלויזן אויפקום און פאַר דער מינוטיקער עקסיסטענץ פון אָט דעם געדאַנק.

ווייסנבערג איז צוגעטרעטן צום ענין אָן אַריינפירן. ער האָט מיך באַשטימט פאַר איינעם פון פיר פּראָפּאַגאַנדיסטן פון דער נייער, רעטנדיקער קולטור־געזעלשאַפט.

— אָבער וואָס הייסט: איר באַשטימט מיך, נישט פרעגנדיק מיך אַפילו צי איך בין מסכים?

— ווי אַזוי קענט איר נישט מסכים זיין? איז איך דען נישט ליב און טייער דער גורל פון דער יידישער קולטור?

— געוויס. אָבער כדי צו אַגיטירן פאַר אַ קולטור־געזעלשאַפט, דאַרף מע וויסן גענוי אירע צילן און מסכים זיין מיט זיי. און איך ווייס גאָר נישט די צילן פון אייער געפּלאַנטער געזעלשאַפט, און מיט אייערע צילן און מיטלען בין איך אָפּט לגמרי נישט איינשטימיק.

— אָבער צו וואָס דאַרפט איר וויסן די צילן פון דער געזעלשאַפט און מסכים זיין מיט זיי? איך וועל אייך געבן גענויע אינסטרוקציעס, וואָס איר זאָלט ריידן און ווי אַזוי אַגיטירן. און אויב איר וועט נישט מסכים זיין מיט מיר, וועט איר נישט אַריינטרעטן אין דער געזעלשאַפט.

— האָט איר טאַקע אויף אַן אמת געמיינט, אַז איך וועל אַרומפאָרן איבער דער פּראָווינץ ווי אייערער אַ פאָנאָגראַף און כ'וועל אַגיטירן פאַר אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער איך קען נישט אַריינטרעטן?

— פאַר וואָס קענט איר נישט? איר קענט...

— ווי אַזוי קען איך, אויב איך בין נישט מסכים מיט אייערע צילן און מיטלען?

— אויב איר וועט נישט וועלן, וועט איר נישט אַריינטרעטן, אָבער דאָס איז אַ זאַך אויף שפּעטער. דערווייל קענט איר פאָרן און ווערבירן מיטגלידער, זאַמלען געלט. אָט זיינען די אינסטרוקציעס...

און ווייסנבערג האָט זיך גענומען גראַבלען אין זיין איבערגעפּאַקטן פּאָרטפעל.

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אים איז שווערער געווען צו גלייבן אין דעם ערנסט פון מיין אָפּזאָג, ווי מיר — אין דעם ערנסט פון זיין נאָמינירן מיך.

— איצט זע איך — האָט ער געזאָגט מיט פאַרביטערונג און פאַראַכטונג, אַ פאַרעלטערטער אין די אויגן — אַז נאָר מיטן מויל האָט איר ליב די יידישע קולטור. ווען עס קומט צו מעשים, זוכט איר אויסריידן, כדי אַרויסצודרייען זיך פון אַרבעט.

זיין לאָגיק האָט געאַרבעט אַנדערש, ווי אין „גאַנץ אייראָפּע", אָדער זי האָט ציטנווייז אין גאַנצן נישט געאַרבעט...

דער ענין מיט דער קולטור־געזעלשאַפט איז איינגעשלאָפן און איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ שפור בלויז אינעם בריוו אין דער וואַרשעווער יידישער פּרעסע און אין מיין זיכרון. אָבער דער קולטור־מנחם־מענדל אין ווייסנבערגן האָט זיך קיין מאָל נישט געקענט באַרויקן.



איין מאָל קומען צו גיין צו מיר ווייסנבערגס צוויי נושאי־כלים פון יענער צייט — ש., דער ראַכיטישער דראַמאַטורג, און יחיאל לערער, וועלכער האָט געגעבן אַ ביסל שפּעטער דער יידישער ליטעראַטור איינס פון די בעסטע פּאָעטישע ווערק פון לעצטן יאָרצענדלינג (פאַר דער מילחמה) אין פּוילן: „מיין היים", — און לייגן מיר פאַר מיטצואַרבעטן אינעם צווייוואָכנבלאַט, וואָס ווייסנבערג טרעט צו אַרויסצוגעבן, אָבער רעדאַקטירן דעם זשורנאַל (דעם נאָמען זיינעם געדענק איך נישט) וועלן זיי — ש. און לערער, — ווייסנבערג גיט איבער דעם זשורנאַל אין זייערע הענט.

איך האָב זיך באַצויגן סקעפּטיש צו זייער פאָרשלאָג: נישט שוין־זשע וועט זיך טאַקע ווייסנבערג נישט אַריינמישן אין די רעדאַקציאָנעלע ענינים?

כדי אויפצוקלערן דעם דאָזיקן ענין, האָב איך פאָרגעשלאָגן אַ געמיינזאַמע באַגעגעניש מיט ווייסנבערגן.

מיר האָבן זיך געטראָפן אויף טלאָמאַצקע 13, און אין דער קעגנוואַרט פון ש. און י. לערערן האָב איך געפרעגט ווייסנבערגן צי וועט ער באמת זיין בלויז דער אַרויסגעבער און דער מיטאַרבעטער פון דעם געפּלאַנטן צוויי־וואָכנזשורנאַל. זיין ענטפער איז געווען אַ באַשטעטיקנדיקער.

דאַן האָב איך מסכים געווען מיטצואַרבעטן אין דעם זשורנאַל, מיט צוויי באַדינגונגען: 1) מיינע אַרטיקלען זאָלן נישט געענדערט אָדער געקירצט ווערן און 2) די קאָרעקטור פון מיינע אַרטיקלען וועל איך אַליין מאַכן.

ווייסנבערג האָט מסכים געווען אויף מיינע פאָדערונגען.

איך האָב געשטעלט נאָך אַ באַדינג: מיינע אַרטיקלען זאָלן געדרוקט ווערן מיט דעם אָנגענומענעם אויסלייג, אָבער היות ווייסנבערג איז באַשטאַנען אויף אַן איינהייטלעכן אויסלייג — אויף זיינעם, נאַטירלעך, — האָב איך מקריב געווען די דאָזיקע פאָדערונג, וואָס איז פאַר מיר געווען אַ צווייטראַנגיקע. דערביי האָט ווייסנבערג גענומען אויף זיך די טרחה איבערצושרייבן מיינע אַרטיקלען אין זיין ווילדן אויסלייג.

פאַרן ערשטן נומער האָב איך געגעבן אַ קריטישן אַרטיקל א"נ: „אַרכיטעקטאָנישע פעלערן אין דער יידישער ליטעראַטור", — וועגן אַשן און זינגערן, —

און אַ שאַרפן פּאַמפלעט קעגן אַהרן צייטלינען, א״נ: „קאַבאַליסטישער שונד און פאַרשוינדעוועטע קבלה״.

מיין אַרטיקל (די ערשטע העלפט וועגן אַשן) האָב איך באַקומען אין דער קאָרעקטור אין אַ נישט־געענדערטער פאָרעם.

ווען וויסנבערג האָט מיך געפרעגט, צי איך בין צופרידן מיט דער קאָרעקטור, און איך האָב אים געענטפערט, אַז איך האָב נישט קיין סיבה פאַר דער מינדסטער אומצופרידנקייט, האָט ער געזאָגט:

— נו, זעט איר? טאָ צו וואָס זאָלט איר מיר באַשווערן די אַרבעט דורך שיקן אייך די קאָרעקטור? אייער פּאָלעמישער אַרטיקל וועט דערשיינען אין זעלביקן צושטאַנד, אין וועלכן איר האָט אים אונדז געגעבן.

איך האָב אַפילו געפּאָדערט אויך די ווייטערדיקע קאָרעקטור, אָבער שוין נישט אַזוי אַנטשיידן, ווייל באַשטיין אויף מיינס וואָלט געהייסן זאָגן וויסנבערגן אין די אויגן אַז איך גלייב נישט זיין וואָרט. און דאָס איז מיר באַזונדערס שווער געווען נאָך דעם, ווי וויסנבערג האָט געהאַלטן וואָרט לגבי מיין אַרטיקל.

אין עטלעכע טעג אַרום, גייענדיק אַהיים שפּעט אין אָוונט פון דער רעדאַקציע „וואָכנשריפט״, וווּ איך האָב געמאַכט די קאָרעקטור, באַגעגן איך קאָלעגע ש. דערזעענדיק מיך, האָט ער זיך שטאַרק פאַרלוירן. ער האָט אָנגעהויבן צו שטאַמלען: שוין עטלעכע טעג ווי ער ווייסט נישט ווי ער זאָל האַנדלען; פון איין זייט האָט וויסנבערג געהייסן מע זאָל מיר גאָר נישט זאָגן, אָבער פון דער צווייטער זייט׳האָט ער לגבי מיר מאָראַלישע פליכטן. מיט איין וואָרט: עס איז געשען דאָס, וואָס איך האָב אים און לערערן פאָרויסגעזאָגט פון אָנהייב אָן. אין דער לעצטער מינוט, פאַרן אָפּשלוס פונעם ערשטן נומער, האָט וויסנבערג געמאַכט אַן איבער־קערעניש, ער האָט די רעדאַקציע אַראָפּגעזעצט, איז אַליין געוואָרן רעדאַקטאָר און שרעקלעך פאַרקריפּלט מיין פּאָלעמישן אַרטיקל. מאָרגן גייט דער נומער אַריין אין דרוק.

— ווו זעצט מען דעם נומער?

ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס קען ער נישט זאָגן. וויסנבערג האָט אָפּגעגעבן אַ שטרענגן באַפעל, מע זאָל מיר נישט מיטטיילן די געהיימעניש, ווו דער זשורנאַל ווערט געבוירן.

סוף־כל־סוף האָט מיר ש. אויסגעגעבן דעם סוד; איך האָב אָבער געמוזט צוזאָגן נישט צו פאַרראַטן אים פאַר וויסנבערגן. ער האָט מורא.

צומאָרגנס, גאַנץ פרי, בין איך אַריינגעדרונגען אין דער פאַרקאָנספּירירטער זעצעריי, — אויפן פערטן צי פינפטן שטאָק אויף מילע גאַס, ביי אַ גוט־באַקאַנטן זעצער, אַ פרומען חסיד, וואָס פלעגט אָפּט אַרבעטן אויך פאַר מיר. איך האָב דאָרט געטראָפן אין פולן קאָמפּלעט די עקס־רעדאַקטאָרן, וועלכע האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם פאַרענדיקטן נומער, ווי ביי אַ צעבראָכענער קאָריטע.

איך האָב גענומען אַ קאָרעקטור פון מיין פּאָלעמישן אַרטיקל און אים נישט דערקענט: די גאַנצע אַרגומענטאַציע און די גאַנצע ממשותדיקע פּאָלעמיק זיינען פאַרשווונדן, און זייער אָרט האָבן פאַרנומען זידל־ווערטער, קסאַנטיפּישע קללות, אָפּט כמעט פון נישט־צענזורעלן כאַראַקטער.

וויסנבערג איז נישט געווען. וואַרטן אויף אים האָב איך זיך נישט געקליבן: מיר האָבן שוין נישט געהאַט וועגן וואָס צו ריידן. דער אַרטיקל, ווי די גאַנצע צייטונג, זיינען שוין געווען מאַטריצירט און אין אַ שעה־צוויי אַרום וועט זי אַראָפּ־געשיקט ווערן אין דער מאַשין אַריין — צום דרוק.

עס איז מיר געווען קלאָר, אַז בלויז איין אויסוועג איז דאָ: אַוועקקראַצן פון אונטערן פאַרקריפּלטן אַרטיקל — פון די מאַטריצן — מיין אונטערשריפט, — זאָל דער ממזר נישט האָבן קיין פרעמדן טאַטן.

— זאָגט וויסנבערגן, — האָב איך געזאָגט צו די „רעדאַקטאָרן״, וואָס האָבן זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען, — אַז איך פאָדער צו באַזייטיקן מיין אונטער־שריפט, אַנישט וועל איך דעם דאָזיקן ענין אויפקלערן אין דער פרעסע.

ביים אַראָפּגיין פון זעצער, אונטן אין הויז, האָב איך זיך צונויפגעשטויסן מיט וויסנבערגן.

מיר האָבן זיך אַ קוק געטאָן אין די אויגן און וויסנבערגן איז אַלץ קלאָר געוואָרן.

— אַהאַ, די ממזרים האָבן אייך שוין דערטראָגן... ווער האָט אייך דערציילט, ווי דער נומער זעצט זיך?

וויסנבערג האָט אויף אַן אמת געהאַלטן, אַז אין דער דאָזיקער גאַנצער אַפּערע האָט נישט ריכטיק געהאַנדלט בלויז יענער, וואָס האָט מיר אויסגעזאָגט דעם סוד, ווי דער נומער ווערט געבוירן.

יעדער איינער, ווער עס איז נאָר אַ האָריטשקע געווען באַקאַנט מיט וויסנ־בערגן, ווייסט, אַז ס'האָט נישט געהאַט קיין זין אים אויסצוריידן, מאַכן פאָרווורפן, פירן לאָגישע דיסקוסיעס וועגן זיינע האַנדלונגען. און איך האָב אים דעריבער אין דעם פינצטערן הויז איבערגעחזרט דאָס, וואָס איך האָב געהאַט אָנגעזאָגט זיינע נושאי־כלים מיט פינף מינוט פריער.

— וואַרט נאָר צו!

און וויסנבערג איז שנעל אַרויף אויבן. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער אַראָפּ־געגאַנגען אין דער באַגלייטונג פון דער „רעדאַקציע״.

— קומט!

און נעמענדיק מיך אונטערן אָרעם, האָט ער שנעל גענומען שפּרייזן, גאָר נישט ווי זיין געוווינהייט איז געווען.

מיר זיינען געגאַנגען שווייגנדיק. אין גיכן זיינען מיר געקומען אויף דער שמאָלער מילע, אין אַ קליין צימערל פון איינעם פון זיינע נושאי־כלים. אַ חוץ ש.

און לערער, ווייסנבערג און איך, האָט זיך דאָרט אויך געפונען א. פּאַליוואַ און נאָך אַ צוויי פּערזאָן (איך געדענק נישט ווער).

— צוליב וואָס ער האָט מיך געבראַכט אַהער? ער, ווייסנבערג, וויל, אַז די גאַנצע „רעדאַקציע" זאָל אַרויסטראָגן אַן אורטייל וועגן מיין אַרטיקל און זיין „רעדאַקציע".

און אַרויסכאַפּנדיקביידע מאַנוסקריפּטן הייבט ער אָן צו לייענען, נישט געקוקט אויף מיין באַמערקונג, אַז איך דאַרף נישט די דאָזיקע קאָמעדיע, אַז זי וועט גאָר נישט העלפן.

— איך וויל צוריק די צווייטע טייל פונעם קריטישן אַרטיקל „אַרכיטעקטאָנישע פעלערן אין דער יִדישער ליטעראַטור", וואָס דאַרף גיין אינעם צווייטן נומער (וועגן י. י. זינגערס „שטאָל און אייזן") און מער גאָר נישט.

אָבער ווייסנבערג האָט געטאָן דאָס זייניקע. ער האָט צוערשט געלייענט „מיינס" און דערנאָך „זיינס" און מיט יעדן קלאַנג פון זיין שטימע איז געוואָרן אַלץ קלאָרער און קלאָרער, אַז דער דאָזיקער גרויסער קינסטלער איז פאַרקראָכן אין אַזאַ טעמפּן ווינקל, וואָס פון אים איז אפשר שוין נישטאָ קיין אויסוועג. ער האָט אַפילו נישט געפילט ווי לעכערלעך ער איז געווען מיט זיינע גראָבע „אויסבעסערונגען", דורך וועלכע ער איז געזונקען צו דער מדרגה פון אַ מאַרק-הענדלערקע בעת אַ קריגערייַ מיט אַ קאָנקורענטקע.

ווען ווייסנבערג האָט דערזען, אַז זיין פאַרגלייכנדיקער לייענען האָט מיך נישט איבערגעצייגט און אַז די גאַנצע „רעדאַקציע" זיצט מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, נישט אָפּרופנדיק זיך אויף ווייסנבערגס אויפפאָדערונג צו דערקלערן וואָסער וואַריאַנט עס איז בעסער, האָט ער אויסגעשריגן מיט כעס:

— און איצט קענט איר באַקומען צוריק אייערע מאַנוסקריפּטן.

— גיט אים אָפּ צוריק די מאַנוסקריפּטן, — האָט ער זיך געווענדט צום סעקרעטאַר פון דער „רעדאַקציע", א. פּאַליוואַ.

— און אייער נאָמען אונטער דעם אַרטיקל וועגן אַהרן צייטלינען וועלן מיר אויסקראַצן.

איך בין אַוועק, אונדזער מיטאַרבעט איז געווען פאַרענדיקט.

אָבער דער דאָזיקער פינאַל האָט אין ווייסנבערגן, ווי ס׳שיינט, געבריענט ווי אַ פייער.

מ׳האָט נישט געקענט זאָגן, אַז ער איז געווען אַרומגערינגלט בלויז מיט גראַפאָמאַנען, — צווישן זיינע נושאי־כלים האָבן זיך געפונען אויך פעיקע אָנפאַנגער־שרייבערס און אַפילו טאַלאַנטן. אויך יחיאל לערער, דער מחבר פון „מיין היים", איז געווען צווישן זיי, און ער איז זיכער שוין דאַן געווען אַ פיל־צוזאָגנדיקער דיכטער. אָבער צווישן זיינע נושאי־כלים האָט זיך נישט געפונען קיין איין מענטש, וועלכער זאָל האָבן גענוג גייסטיקע קראַפט און כאַראַקטער־פעסטקייט צו זאָגן

ווייסנבערגן דעם אמת אין די אויגן און שטעלן אַ ווידערשטאַנד זיינע קאַפּריזן פון אַ „סאַמאַדור".

און אַלע זיינע גייסטיקע קעסט־קינדער, וואָס האָבן עפּעס פאַרגעשטעלט מיט זיך, וואָס האָבן פאַרמאָגט אַן אייגענע פּערזענלעכקייט, פלעגן געצוווּנגען זיין פריער אָדער שפּעטער אַוועקצוגיין פון אים (אויך י. לערער האָט דאָס געטאָן אַ ביסל שפּעטער), באַקומענדיק פון ווייסנבערגן פאַר לעצטגעלט דעם צונאָמען „פאַררע־טער", „פּחדנים", וועלכע רייסן זיך צו דער אַלגעמיינער קאַריטע פון דער יידישער ליטעראַטור.

וואָס ווייטער זיינען נעבן אים פאַרבליבן בלויז די כאַראַקטערלאָזסטע און אומפּעיקסטע, וועלכע פלעגן קומען צו אים דערפאַר, ווייל דער וועג צו דער יידישער ליטעראַטור איז געווען פאַר זיי פאַרמאַכט אַפילו ביים בעסטן ווילן פון דער ליטעראַטור זיי אויפצונעמען מיט ברייט־אויסגעשטרעקטע אָרעמס.

די דאָזיקע אַטמאָספער פון לאָזן אים טאָן אַלץ וואָס ער וויל, האָט געהאַט אַ פאַטאַלע ווירקונג אויף ווייסנבערגס אַזוי אויך שטאַרק „סאַמאַדורנעם" כאַראַקטער. און עס איז נישט דעריבער קיין וווּנדער, וואָס מיין אַנטשלאָסענער, בליצאַרטיקער פאַרירן האָט אַרויסגערופן זיין אויפברויז. ער האָט זיך געפילט באַעוולהט, באַדראָעט אין זיין אויטאָריטעט. און ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט מיר אין ליטעראַטן־פאַראיין האָט ער פאַרלוירן די הערשונג איבער זיך. ער איז מיר נאָכגעגאַנגען פּוסטריט און כסדר זיך באַמיט מיך צו שטעכן. און וואָס מער איך בין געוואָרן קאַלטבלוטיק־איראָניש, אַלץ מער איז ער געוואָרן אַגרעסיוו.

— איר קענט דאָך גאָר נישט שרייבן...

— דאַרפט איר זיך שעמען: מיט דריי וואָכן צוריק האָט איר געהאַט אַן אַנדער מיינונג...

— כ'האָב זיך טועה געווען...

— נו, אויב ווייסנבערג קען אַ טעות האָבן, האָב איך דאָך די האָפענונג, אַז ער מאַכט דעם טעות איצט...

דערזען, אַז פון דער דאָזיקער זייט איז מיך שווער צו פאַרווונדן, האָט ער אין אַ ווילדע אַרום גענומען מיך אַטאַקירן פון אַ צווייטער זייט.

— איר זייט דאָך אַ „ליטוואַק", טאָ פאַר וואָס־זשע האָט איר אַראָפּגענומען אייער נאָמען פון אַרטיקל וועגן צייטלינען? איר וואָלט געווען באַדאַרפט אָפּוואַרטן ביז דער נומער וועט דערשיינען און דאַן אַרויסגיין מיט אַ געוואַלד, מיטן אמתן קוויטש אין דער פּרעסע!...

— זעט איר דאָך אָבער, אַז כ'האָב געטאָן דאָס פאַרקערטע. הגם איך בין אַ „ליטוואַק", האָב איך בעסער אַראָפּגענומען מיין נאָמען, איידער מאַכן אַ געוואַלד.

— האָט איר טאַקע מיסתמא חרטה אויף דעם...

— איר ווייסט וואָס, ווייסנבערג, — איך האָב אַ סך מאָל געטראַכט, ווי אַזוי

האָט איר געקענט אַזוי טיף אַריינדרינגען אין דער פּסיכאָלאָגיע פון אַ שלעכטער פּרוי („אַ שלעכטע פּרוי" איז איינס פון זיינע בעסטע זאַכן, פון פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט). איצט בין איך דערגאַנגען אייער סוד: די שלעכטע פּרוי — דאָס זייט איר גופא...

ווי נאָר איך האָב דאָס געזאָגט, איז ווייסנבערג געוואָרן, ווי פון אונטער די הענט: איך האָב אים, ווייזט אויס, געטראָפן נישט אין ברעם, נאָר אין סאַמע אויג, אין סאַמע שוואַרצאַפּל.

ווי עס ווייזט אויס, האָט ווייסנבערג נישט נאָר דערשפּירט דעם קלאַפּ, נאָר ער האָט אים אויך ווי געהעריק אָפּגעשאַצט.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט געוווּסט וועגן מיין אַרטיקל „אונדזער פאַרלוירענע האָפענונג"; נישט געקוקט דערויף, וואָס איך האָב אים געזאָגט גלייך אין די אויגן, אַז אונטער זיין רעדאַקציע וועל איך מער קיין מאָל נישט מיטאַרבעטן, ווייל נישט נאָר איז ער נישט פעיק צו רעדאַגירן אַנדערע, נאָר ער גופא נייטיקט זיך אין אַ רעדאַקציע, און וואָס שייך קאַמף־אַרטיקלען — אפילו ביי אַ שטרענגער קאָנטראָל; נישט געקוקט אויף מיין אויבן באַשריבענעם ווידערשטאַנד, האָט ווייסנ־בערג אָנגעהויבן אַרויסצוווייזן וואָס ווייטער אַלץ אַ גרעסערן אינטערעס פאַר מיר.

ווען ווייסנבערג האָט מיר געגעבן במתנה זיין ניי־דערשינענעם באַנד דער־ציילונגען „גורלות וואָס לאַכן" (אַלטע און נייע דערציילונגען), — וואָס דאָס אַליין איז שוין געווען ביי ווייסנבערגן אַ גרויסע אויסצייכענונג, — און איך האָב, ביי אַ באַגעגעניש מיט אים אין ליטעראַטן־פאַראיין, מינדלעך רעצענזירט איינע פון זיינע דערציילונגען וועגן אַ טומטום („ווי דער גורל פירט"), אָנווייזנדיק אים אין וואָס, לויט מיין מיינונג, עס ליגט די קראַפט פון דער דאָזיקער דערציילונג און ווו עס ליגט איר שטרויכלונג (פאַראַן דאָרט זייטלעך, וואָס זיינען פּערפעקט, און פאַראַן זייטלעך, וואָס פאַרגרעבן שטאַרק די דין־דינע טעמע), האָט ער שווייגנדיק אויסגעהערט סיי מיין באַגייסטערונג, סיי מיין שאַרפע קריטיק, סיי מיין אָפענעם באַדויערן, וואָס די דערציילונג האָט נישט געהאַט קיין גוטן רעדאַקטאָר, און נאָך אַ לאַנגן שווייגן פלוצלינג געזאָגט:

— אויב איך וועל קריגן געלט, וועל איך אַרויסגעבן אַ זשורנאַל און איך וועל איך מאַכן פאַרן רעדאַקטאָר. און איך וועל קריגן געלט. איר וועט זען, אַז איך וועל קריגן.

איך האָב נישט צוגעגעבן קיין שום פּראַקטישע באַדייטונג זיינע ווערטער, אָבער דאָס, וואָס ווייסנבערג האָט זיי געזאָגט, איז געווען פאַר מיר דער שענסטער מאָמענט אין מיינע באַציִונגען מיט אים.

דער דאָזיקער פאַקט האָט געוואָרפן אַ סימפּאַטיש ליכט אויף אַ פאַרוואָרפן ווינקעלע אין ווייסנבערגס כאַראַקטער: ער האָט געקענט אויפנעמען קריטיק; ער האָט, ווייזט אויס, דערפילט אין מיין קריטיק מער ליבע ווי אין דער עקרדיקער

חניפה פון זײַנע נושׂאי־כּלים; ער האָט אפשר געגומען באַגרײַפן אין יענעם שווײַ־גענדיקן מאָמענט, אַז ער גייט מיט אַ שלעכטן וועג, אַז ער דאַרף זען אַרויסקלעטערן אויף אַ העכערן ניוואָ פון קאַמף, אַז ער דאַרף זיך באַפרײַען פון זײַנע נושׂאי־כּלים, וועלכע קאָמפּראָמיטירן אים, וועלכע לאָזן אים זיך קאָמפּראָמיטירן; ער האָט אפשר אין יענעם מאָמענט דערפילט דעם אָפּגרונט, אין וועלכן ער גליטשט זיך אַרײַן, און ס׳האָט זיך אים פאַרבענקט נאָך אַ האַנט, וואָס זאָל אים אָפּשלעפּן פון גליטשיקן ראַנד.

די ווערטער וועגן איבערגעבן מיר צו רעדאַקטירן ז ײ נ ע ם אַ זשורנאַל — ווערטער, וואָס זײַנען געווען, דאַכט זיך, נישט אויף דער טעמע, זײַנען אפשר גראָד געווען אַ ריכטיקער אויספיר פון זײַן דענקענדיקן שווײַגן.

ווײַזנבערג איז אין יענעם מאָמענט אפשר געשטאַנען אויפן פּרשת דרכים פון זײַן לעבן, — ער האָט דערפילט, אַז ער איז פאַרקראָכן אין אַ זומפּ און ס׳האָט זיך אים פאַרבענקט צוריק.

ער האָט גאָר נישט געזאָגט, חוץ די אויבן־געבראַכטע ווערטער, אָבער וואָס מער איך טראַכט וועגן זײַן שווײַגן — ווי מאָדנע ער האָט געשוויגן, ווי שטיל, ווי פאַרטיפט אין זיך! ווי צניעותדיק ער האָט געשוויגן! — פיל איך די טיפע שײַכות צווישן דעם שווײַגן און זײַן מאָדנער אַסאָציאַציע וועגן איבערגעבן מיר זײַנעם אַ זשורנאַל.

אַז איך שאַץ נישט איבער זײַן שווײַגן, האָבן באַוויזן די ווײַטערדיקע געשעע־נישן צווישן מיר און ווײַסנבערגן.



איין מאָל, גייענדיק אויפן פשעיאַזד, האָט מיך אָנגעיאָגט ווײַסנבערג און ער האָט געגומען גיין מיט מיר. צוערשט האָט ער געשוויגן. דערנאָך האָט ער גענומען ריידן מיט מיר וועגן אַרבעטן צוזאַמען, וועגן פירן געמײַנזאַם אַ קאַמף קעגן דער ייִדישער ליטעראַטור־סביבה. ער האַלט מיך פאַר אַ גוטן שרײַבער, וואָס פאַרמאָגט אַ גרויסן אוצר — כאַראַקטער.

איך האָב אים דערמאָנט, אַז גאָר נישט־לאַנג האָט ער מיר דאָך געזאָגט, אַז כ׳קען נישט שרײַבן.

ער האָט פּשוט געענטפערט, אַז מאַלע וואָס מ׳זאָגט אַ מאָל פון כּעס. איך דאַרף דאָס נישט נעמען ערנסט.

איך האָב אים מיט דער גרעסטער אויפריכטיקייט און האַרטקייט געזאָגט, אַז מיך אַרט נישט וואָס ער האָט דאַן געזאָגט, אָבער איך גלייב נישט אַז זײַן חרטה וועט לאַנג אָנהאַלטן: ווי נאָר איך וועל נישט וועלן פאָלגן זײַנע קאַפּריזן, וועט ער ווידער דערפירן צו אַ סקאַנדאַל. איך בין זייער צופרידן, וואָס ער האָט אַ גוטע מיינונג וועגן מײַן כאַראַקטער, אָבער איך, צום באַדויערן, האָבן נישט קיין צוטרוי צו

זיינעם. איך גלייב אים, אַז ער מיינט ערנסט און אויפריכטיק מיר זאָלן צוזאַמען אַרבעטן, אָבער איך קען אים צו גוט, איך זאָל זיך מאַכן אילוזיעס: ביי דער קלענסטער קלייניקייט וועט ער אַרויסווייזן דעם דעספּאָט, וואָס זיצט אין אים.

מיר זיינען לאַנג געגאַנגען און גערעדט. איך געדענק נישט, נאַטירלעך, גענוי דעם שמועס, אָבער ער איז דער עיקר באַשטאַנען אין אויבן־געבראַכטן דיאַלאָג: וויסנבערג האָט מיך באַשאָטן מיט קאָמפּלימענטן און איך האָב אים באַשאָטן מיט פאַרוווּרפן. איך האָב אים אויפגעוויזן, אַז עס איז בעסער פאַר אונדז ביידן מיר זאָלן זיך מער נישט פאַרבינדן: ער איז געוווינט צו אַנדערע פריינד און מיטאַרבעטערס ווי איך בין, און איך וועל נישט קענען זיין קיין פּאַסיווער נושא־כלים.

מיר זענען זיך צעגאַנגען מיט גאָר נישט.

איין מאָל, אַריינקומענדיק אין ליטעראַטן־פאַראיין, דערוויס איך זיך פון באַקאַנטע, אַז איך וועל רעדאַקטירן אַ זשורנאַל, וואָס וויסנבערג פּראָיעקטירט אַרויסצוגעבן.

ווידער אַ נאָמינאַציע!

קיינער וויל אָבער נישט גלייבן, אַז דאָס איז פאַר מיר אַ נייעס.

— וואָס הייסט? — טענהט מען צו מיר מיט כיטרע שמייכעלעך. — איר ווייסט טאַקע נישט, אַז וויסנבערג איז געווען אין לאָדזש, ביי דער גרופּע פון זיינע אָנהענגערס, און אויסהערנדיק זיינע באַגייסטערטע אָפּרופן וועגן אייך, וועמען ער וויל מאַכן פאַרן רעדאַקטאָר פונעם געפּלאַנטן זשורנאַל, האָט די גרופּע פון וויסנבערגס פריינד באַשלאָסן צו סובסידירן אַ קליינעם חודשניק *)? וויסנבערג האָט זיך נעכטן צוריקגעקערט און ער דערציילט אויף רעכטס און אויף לינקס, אַז איר נעמט אויף זיך צו רעדאַקטירן דעם זשורנאַל.

צוערשט האָב איך בשום אופן נישט געקענט נעמען ערנסט די דאָזיקע קלאַנגען, ווייל כ'האָב גוט געדענקט סיי אונדזער צוזאַמענשטויס צוליבן אַרטיקל וועגן אַהרן צייטלינען, סיי אונדזער שמועס וועגן זיין פאַרשלאָג צו באַנייען אונדזער צוזאַמענאַרבעט. אָבער ווען וויסנבערג האָט דעם זעלביקן טאָג באַשטעטיקט די דאָזיקע קלאַנגען, האָב איך אויף דער אייגענער הויט געגומען שפּירן זייער שאַרף דאָס רוסישע שפּריכוואָרט: „אי עס ווילט זיך, אי עס שטעכט זיך".

פון איין זייט האָב איך זיך דאַן שטאַרק גענייטיקט אין אַן אייגענעם אָרגאַן, כדי צו קענען פירן זעלבשטענדיק מיין ליטעראַרישן קאַמף און נישט זיין אָנגעוויזן מיט מיינע קריטישע אַרטיקלען אויף זשורנאַלן אין אַלע פיר עקן וועלט, וואָס אי

---

*) ווען איך בין אין 1937 (מיט צוויי יאָר שפּעטער) געווען אין לאָדזש, האָבן מיר וויסנבערגס פריינד (באַזונדערס דער זאָקן־פאַבריקאַנט שמעיה צימערמאַן) דערציילט וועגן די שבחים, מיט וועלכע וויסנבערג האָט מיך באַשאָטן דאַן, ווען ער האָט גערעדט וועגן געפּלאַנטן זשורנאַל און וועגן דעם געפּלאַנטן רעדאַקטאָר פאַר אים.

זיי זיינען נישט תמיד גאַסטפריינדלעך, אי זיי צעברעקלען — און שוואַכן אָפּ — מיין פּאָלעמישע אַרבעט: אָפט פלעגט זיך מיינע אַ פּאָלעמיק מיט אַ שרייבער צעברעקלען, צעשפּריצן פון וואַרשע ביז קראָקע און לאָדזש, אָדער נאָך ערגער: פון וואַרשע ביז בוענאָס־איירעס, ניו־יאָרק און לאָנדאָן. און צוליב דער דאָזיקער צעברעקלטקייט פלעגן מיינע אָנגריפן פאַרלירן אויב נישט אין קראַפט, איז אין ווירקונג: מיין קאַמף פלעגט דערגיין אין אַלע זיינע פּאַזעס אפשר צו דער שרייבער־חברותא, אָבער זיכער נישט צום לייענער. אין דער צייט, וואָס מיין וואַרשעווער לייענער פלעגט לייענען דעם אָנהייב פון מיין פּאָלעמיק אין דער „וואָכנשריפט" אָדער דער „אַרבעטער צייטונג" אין וואַרשע, אין דער „פּאָסט" פון קראָקע אָדער אינעם „אינדזל" אין לאָדזש, פלעגט דער ניו־יאָרקער לייענער לייענען איר מיטלסטן רינג אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע" און דער בוענאָס־איירעסער אינעם „שפּיגל", און דער לאָנדאָנער פלעגט לייענען איר סוף אינעם „פרייע וואָרט". און אַ מאָל — און אפשר אָפטער ווי אַ מאָל — פלעגט טרעפן, אַז איך פלעג אָנהייבן אַ פּאָלעמיק אויף די זייטן פון אַ וואָסער נישט איז זשורנאַל און צו ענדיקן זי פלעגט מיר אויסקומען אין שופלאָד פון מיין שרייבטיש, ווייל די רעדאַקטאָרן פלעגן אָפט האָבן זייערע אייגענע אויסרעכענונגען אָדער זיי פלעגן פּרינציפּיעל נישט מסכים זיין מיט מיר...

פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט איז ווייסנבערגס פאָרשלאָג געווען באַצויבערנדיק אָבער פון דער צווייטער זייט האָב איך נישט געקענט פאַרמאַכן די אויגן אויף דער געפאַר: דאָס איז דאָך אַ פאָרשלאָג מצד ווייסנבערגן, אַ מענטש אָן לאָגיק (לכל הפּחות זעט זי אויס ביי אים לגמרי אַנדערש, ווי ביי אונדז), אַ מענטש, וואָס איז אַ קנעכט ביי קאַפּריזנע אָנפאַלן פון דעספּאָטיזם, וואָס איצט לייגט ער אים אַריין אין מויל אַזעלכע שבחים וועגן מיר, אָבער מאָרגן קען ער זיך זידלען, ווי זעלטן ווער.

און איך האָב זיך פאַר קיין פאַל נישט געקענט אַנטשליסן אָנצונעמען ווייסנבערגס פאָרשלאָג.

איך געדענק ווי איצט איינעם פון אונדזערע שמועסן אויף דער דאָזיקער טעמע. ווייסנבערג איז געווען אַזוי ווייך און האָט מיך מיט אַ ברייטער האַנט באַשאָטן מיט קאָמפּלימענטן:

— איר זייט דער איינציקער מענטש מיט כאַראַקטער אין אונדזער סביבה. איך האָב צו אייך צוטרוי. איך פיל צו אייך אַכטונג פאַר אייער אומקאָמפּראָמיסלעכער פּאָזיציע לגבי אונדזער געלער טאָג־פּרעסע. מיר דאַרפן אַרבעטן צוזאַמען. איך גיב אייך איבער דאָס רעדאַקטירן דעם זשורנאַל. איך וועל זיך נישט מישן אין די רעדאַקציע־ענינים. איך גיב אייך דאָס רעכט אָפּצוּוואַרפן אָדער רעדאַקטירן מיינע אייגענע אַרטיקלען.

דערויף האָב איך אים געענטפערט מיט דערמאָנען (ווי דאַן אויפן פּשעיאַזד און לעשנע) זיין אויפפירונג דאַן, ווען ער האָט מיך פשוט אָפּגענאַרט און הינטער

מיינע פּלייצעס פאַרקריפּלט מיין אַרטיקל און דערצו האָט ער זיך נאָך נוקם געווען אין מיר (פאַר מיין ווידערשטאַנד) ווי אַ יינגל, און געענדערט זיין אייגענע מיינונג וועגן מיר.

— איר ווייסט דאָך זייער גוט, — האָב איך צו אים געזאָגט, — אַז איך בין נישט קיין פּאַר צו אייערע נושאי־כלים, וועלכע איר קענט באַשטימען פאַר רעדאַק־טאָרן און אַראָפּזעצן זיי פון די רעדאַקטאָרשע שטולן צו יעדער מינוט און נישט אָנטרעפן אויף קיין פּיצל ווידערשטאַנד. אויב איך וועל ווערן רעדאַקטאָר, וועל איך זיין רעדאַקטאָר נישט אויף קיין קאַטאָוועס אַפילו לגבי ווייסנבערגן. און דאָס, האָב איך מורא, וועט פירן ווידער צו אַ צוזאַמענשטויס, נעמענדיק אין באַטראַכט אייער כאַראַקטער. איז אפשר, אויב אַזוי, בעסער צו פאַרבלייבן פריינד אויף אַ געוויסן מרחק, כדי אויסצומיידן צוזאַמענשטויסן?

נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען, בעת וועלכע ווייסנבערג האָט אַרויסגעוויזן אַ באמת הייליקע הכנעה און אַ מלאכישע געדולד, האָב איך מסכים געווען, אָבער מיט איין תנאי: די אַדמיניסטראַציע זאָל איבערנעמען אונדזער געמיינזאַמער פריינד, דער שרייבער משה גראָסמאַן. איך האָב געוואָלט איבערגעבן גראָסמאַנען די אַדמי־ניסטראַציע נישט נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט געאַרבעט אין דער אַדמיניסטראַציע פון „היינט" און ער האָט גוט געקענט די טעכניק פון אַזאַ אַרבעט, נאָר אויך — און דער עיקר — דערפאַר, איך זאָל האָבן אַן עדות, איך זאָל נישט בלייבן מיט ווייסנבערגן ביי אַזאַ אונטערנעמונג אונטער פיר אויגן.

ווייסנבערג האָט דערויף מסכים געווען, אָבער מצד גראָסמאַנען איז אויסגע־וואַקסן אַ שטערונג: אַרבעטנדיק אין „היינט", קען ער נישט אָפיציעל איבערנעמען די אַדמיניסטראַציע פון אַ זשורנאַל, אָבער נישט אָפיציעל וועט ער אונדז העלפן אין דער אַרבעט מיט וואָס ער וועט נאָר קענען.

ענדלעך איז געקומען דער פייערלעכער מאָמענט פון ענדגילטיקן אָפּשליסן דעם ענין. ווייסנבערג און גראָסמאַן זיינען געקומען צו מיר און נאָך אַ „דעקלאַ־ראַציע" פון מיין זייט און ווייסנבערגס (באַשטימט פאַרן עדות משה גראָסמאַן), האָבן מיר באַשלאָסן:

1) דער זשורנאַל וועט הייסן „דער קריטיקער";

2) דער זשורנאַל וועט אַרויסגעגעבן ווערן „אונטער דער רעדאַקציע פון י. ראַפּאָפּאָרט, ביי דער נאָענטער מיטאַרבעטערשאַפט פון י. מ. ווייסנבערג";

3) איך האָב דאָס רעכט צו רעדאַקטירן אָדער אין גאַנצן אָפּצוואַרפן ווייסנ־בערגס אַרטיקלען, און חוץ דעם האָב איך דאָס רעכט נישט פרעגן קיין עצות ביי ווייסנבערגן וואָס שייך דעם אַריינגעגעבענעם מאַטעריאַל, און איך דאַרף אים נישט מודיע זיין וואָסער מאַטעריאַל עס גייט אַריין אין נומער; ערשט נאָכן דערשיינען פון אַ נומער, האָט ווייסנבערג דאָס רעכט צו קומען און קריטיקירן דעם נומער;

4) פאַרן רעדאַקטירן דעם זשורנאַל נעם איך נישט קיין שום באַלוינונג, אויך נישט פאַר מיינע אַרטיקלען;

5) ווען ווייסנבערג ברענגט מיר 100 זל׳ (די סובסידיע פון ווייסנבערגס לאָדזשער פריינד), מרעט איך צו אַרבעטן אויפן נומער;

6) די צאָל זייטן פון זשורנאַל הענגט אָפּ פון דעם, וויפל מע קען אַרויסגעבן פאַר הונדערט זל׳;

7) אויב דער זשורנאַל וועט האָבן אַ מאַטעריעלן דערפאָלג, וועט דער ריווח געטיילט ווערן אויף גלייכע טיילן צווישן מיר און ווייסנבערגן.

פון ווייסנבערגס פאָרשלאָג צו מאַכן אַ פּראָטאָקאָל, האָב איך, צום באַדויערן *), זיך אָפּגעזאָגט צוליב אַ סך טעמים, הגם מיר האָט זיך שטאַרק געוואָלט נישט נאָר האָבן אַ שריפטלעכן אָפּמאַך, נאָר אויך אַ סטענאָגראַפישן באַריכט פון אונדזערע רעדעס, פון אונדזערע דעקלאַראַציעס, אין וועלכע עס איז פיקסירט געוואָרן מיט אַ נישט געוויינטלעכער אָפנהאַרציקייט די אויסערלעכע און אינערלעכע געשיכטע פון מיין רעדאַקטאָריי לויט ווייסנבערגס ווילן, — אַ געשיכטע, וואָס איך גיב דאָ איצט איבער פון מיין זכרון אין אַ סכעמאַטישער פאָרעם נישט נאָר צוליב מענטשלעכער פאַרגעסלעכקייט, נאָר אויך צוליב דעם, ווייל די סטענאָגראַפירטע רעדעס וואָלט איך דאָ גערן געוועז געבראַכט, בעת שרייבן פון זכרון דאָס, וואָס איך און ווייסנבערג האָבן געזאָגט, איז פאַר אַ מענטשן אומבאַקוועם: עס וועט אויסזען ווי געשיכטע־פאַרשענערונג. (אַזוי וועט עס שוין אויסזען אַפילו אין דער סכעמאַטיזירטער פאָרעם; אָבער דאָ קומט מיר צו הילף דער באַוווסטזיין, אַז דער יעניקער, וועלכער ווייסט די דאָזיקע געשיכטע ווי דער דריטער, משה גראָסמאַן, געפינט זיך, גאָט צו דאַנקען, צווישן די לעבן געבליבענע).

אויב מיר האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואָלט האָבן אַ שריפטלעכן באַריכט, טאָ פאַר וואָס־זשע האָב איך נישט אָנגענומען ווייסנבערגס פאָרשלאָג צו שרייבן אַ פּראָטאָקאָל?

דעם ענטפער אויף דער דאָזיקער ריכטיקער פראַגע דאַרף מען זוכן ביי דער פסיכאָלאָגיע (אין מיינער, נאַטירלעך):

ווייסנבערג האָט געהאַלטן אַזאַ דזשענטלמענישע רעדע און ער האָט אונטערגעשטיצט זיינע ווערטער מיט אַזעלכע ווייטגייענדיקע הנחות לטובת מיר (הנחות, וואָס האָבן קיין גלייכן נישט נישט אין דער געשיכטע פון ווייסנבערגס לעבן און נישט אין דער געשיכטע פון די באַציִונגען צווישן וועלכע עס זאָל נישט זיין צוויי

---

*) דאָס איז געשריבן געוואָרן אין שאַנכיי, ווען איך האָב נאָך געקענט גלייבן, אַז סיי מיין אַרכיוו, סיי דער אַרכיוו ביי ווייסנבערגס פריינד גאָלדסאָבעל וועלן בלייבן גאַנץ. איצט איז דער „צום באַדויערן" איבעריק: סיי ווי וואָלט דער פּראָטאָקאָל געווען אומגעקומען אין וואַרשע, ווי די אַנדערע דאָקומענטן.

אַנדערע נישט גלייכמאָסיקע שרייבערס: פון איין זייט ווייסנבערג מיט זיין אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור און פון דער צווייטער זייט — אַן אָפיציעל נישט־אָנערקענטער קריטיקער), אַז איך האָב באַטראַכט פאַר דערנידעריקנדיק — אין אַ געוויסן זין — פאַר ווייסנבערגן נישט נאָר צו פיקסירן אונדזערע רעדעס, נאָר אַפילו בלויז אונדזער אָפּמאַך. וואָס הייסט, לאָזן ווייסנבערגן פיקסירן שריפטלעך, מיט זיין אייגענער אונטערשריפט, אַז ער איז געקומען צו מיר פאָרלייגן איך זאָל רעדאַקטירן זיין זשורנאַל, און איך האָב נישט געוואָלט? לאָזן אים פיקסירן מיט זיין אייגענער אונטערשריפט, פאַר וואָס איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון דאָזיקן כבוד? לאָזן אים פיקסירן מיט זיין אייגענער אונטערשריפט, אַז איך קען וואַרפן זיינע אַרטיקלען אין רעדאַקציע־קויש? מיט איין וואָרט, לאָזן אים פיקסירן מיט זיין אייגענער אונטערשריפט מיין רעדע פון אַ זיגער און זיין רעדע פון אַ קאַפּיטולירנדיקן? אין יענעם מאָמענט איז דאָס מיר פאָרגעקומען שרעקלעך, ממש לעסטערנדיק! ווייסנבערג איז דאַן געווען אַן עכטער „קריסט“ און ער איז גרייט געווען אונטערצושטעלן ביידע באַקן — מען זאָל פּאַטשן אין זיי, אָבער ווער האָט געקענט זיין אויף אַזוי פיל כאַם, צו באַנוצן זיך מיט ווייסנבערגס הכנעה? אויף וויפל עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן זשורנאַל, וועגן דעם ענין גופא, האָב איך געמוזט זיין פעסט און האַרט, אַפילו אַכזריותדיק, כדי ווייסנבערג זאָל נישט קענען האָבן אויף אים זיין פאַטאַלע השפעה, אָבער זיין אַכזריותדיק אין טאַקטלאָז צוליב פאָרמאַליטעטן, צוליב היסטאָרישן באַפרידיקט זיין? דאָס האָב איך אינסטינקטיוו אָפּגעוואָרפן.

חוץ דעם האָט דאָ אויך געווירקט אַ געוויסע דאָזע לאָגיק:

— וואָס קען דאָ געשען, — האָב איך נישט נאָר אין געדאַנק אָפּגעוויגן די ערגסטע מעגלעכקייט, — אין ערגסטן פאַל? ווייסנבערג וועט אָנהייבן צו מאַכן זיינע שטיק און וועט מיר נישט געבן די הונדערט זלאָטעס, וואָס ער וועט באַקומען אויף אַרויסצוגעבן דעם זשורנאַל? נו, גוט, וועט קיין וויטערדיקער נומער נישט אַרויסגיין. מיט אַ פּראָטאָקאָל וועל איך אים אויך צום ונתנה תוקף נישט לאָדן. און אויב ער וועט געבן די הונדערט זלאָטעס, וועט דער נומער סיי ווי אַרויסגיין אין דער פאָרעם, ווי איך וויל און פאַרשטיי, נישט געקוקט אויף זיינע קאַפּריזן.

און דעריבער האָב איך אויך נישט אָנגענומען ווייסנבערגס פאָרשלאָג אַרויסצונעמען די קאָנצעסיע אויפן זשורנאַל אויף מיין נאָמען.

— צו וואָס טויג אייך דאָס? — האָב איך אים געזאָגט אין גראָסמאַנס קעגנוואָרט, ביים אָפּשליסן דאָס „געשעפט“. — אויב דער זשורנאַל וועט זיין אויף מיין נאָמען, און איר וועט ענדערן אייער מיינונג וועגן מיר, וועט איר ווייטער נישט קענען אַרויסגעבן דעם זשורנאַל. אויב אָבער די קאָנצעסיע וועט זיין אויף אייער נאָמען, קענט איר צו יעדער מינוט פריי ווערן פון מיר: איר וועט מיר קיין געלט

נישט געבן, וועל איך נישט צוגרייטן קיין נומער און „דער קריטיקער" וועט קענען דערשיינען ווייטער „אונטער דער רעדאַקציע פון י. מ. וויסנבערג".

אָט אין וואָס פאַר אַן אַטמאָספער פון גרויסמוט צווי' דאָן קיכאָטן האָבן געבויט אַ זשורנאַל פאַרן געמיינזאַמען קאַמף קעגן די מיסברויכן און דער גראַפאָמאַניע אין דער יידישער ליטעראַטור.

אָבער איך בין זיך מודה: אַ חוץ דעם גרויסמוט און דער לאָגיק און דעם דרך־ארץ פאַר וויסנבערגן דעם קינסטלער, האָב איך געהאַט נאָך אַ נאַיוון מאָטיוו אויף נישט אָנצונעמען וויסנבערגס גרויסמוטיקע פאָרשלאָגן צו פיקסירן שריפטלעך אונדזער אָפּמאַך און אַרויסנעמען די קאָנצעסיע אויף מיין נאָמען: איך בין עפּעס געווען פעסט איבערגעצייגט, אַז וויסנבערג וועט זיך שעמען פאַרן עדות פון זיין רעדע און פון מיינער, פאַרן עדות פון מיין אָפּזאָג צו פיקסירן אַלץ אויפן פּאַפּיר, צו פאַרזיכערן זיך מיט דער קאָנצעסיע אויף מיין נאָמען; איך האָב אים געוואָלט ווייזן, אַז איך גיי צו צום ענין מיט צוטרוי צו אים, אָן הינטער־כוונות, אַז איך גיב אים איבער די שליסלען, כדי וויסנבערג זאָל אַפילו נישט דאַרפן גובר זיין קיין ניסיון, ווייל כ'האָב אים דאָך נישט גאָר מיט נישט געבונדן. נאָכן דערשיינען פון אַ נומער, מיט וועלכן ער וועט נישט זיין צופרידן, אָדער נאָך דער קלענסטער איבערקערעניש אין זיינע געפילן צו מיר, קען ער איבערהאַקן אונדזערע באַציִונגען בלויז מיט דעם, וואָס ער וועט צו מיר נישט קומען מיט קיין געלט פאַרן ווייטער־דיקן נומער.

איך בין געווען זיכער אַז מיט איבערגעבן אים די שליסלען, נעם איך אַרויס דאָס קלענסטע געווער פון זיינע הענט אויף צו פירן קריג מיט מיר.

און אויב דער זשורנאַל וועט האָבן דערפאָלג און ס'וועט אויסקומען צו מישפּטן זיך צוליב דער פאַרטיילונג פונעם ריווח? קיינער פון אונדז איז נישט געווען אַזוי נאַריש צוצולאָזן דעם דאָזיקן געדאַנק!

אָבער נישט געקוקט אויפן דאָזיקן גאַנצן גרויסמוט פון מיין זייט, און אויף דער גאַנצער ביישפּיללאָזער הכנעה פון וויסנבערגס זייט; נישט געקוקט אויף די אַלע פאַרזיכט־מיטלען, איז דאָך זייער שנעל דערגאַנגען צו אַ צוזאַמענשטויס און טאַקע צו אַ גאַנץ דראַמאַטישן, ווי כ'האָב שוין אויבן באַמערקט.



איין מאָל, קומענדיק אַהיים נאָך האַלבער נאַכט, געפין איך וויסנבערג ביי מיר אין שטוב.

— ער וואַרט שוין אויף דיר פון ביין אָוונט, — זאָגט מיר מיין פרוי.

דער ערשטער געדאַנק: ס'איז דאָך אַזוי שפּעט און וויסנבערג דאַרף דאָך פאָרן קיין אָטוואָצק! ס'איז מיסתמא עפּעס גאָר וויכטיקס.

איך גיי אַריין אין צימער, — ווייסנבערג זיצט ביים טיש אין מאַנטל, מיט דער טרייער טעקע נעבן זיך אויפן טיש.

— ווייסנבערג, וואָס איז געשען?

— איך האָב באַקומען פון לאָדזש די הונדערט זלאָטעס פאַרן ערשטן נומער „דער קריטיקער" און איך וויל אייך אָפּגעבן דאָס געלט. — און ווייסנבערג דער־לאַנגט מיר 100 זלאָטעס.

— מיט דעם האָט מע דאָך געקענט וואַרטן ביז מאָרגן!

— איך האָב עס אייך געוואָלט אָפּגעבן נאָך היינט.

— האָט איר דאָך געקענט איבערגעבן פאַר מיר מיין פרוי!

— ניין, כ'האָב עס געוואָלט איבערגעבן אייך אַליין.

צי איז דאָס געווען איינער פון ווייסנבערגס געוויינטלעכע קאַפּריזן; צי האָט ער דערמיט געוואָלט אונטערשטרייכן זיין אַבסאָלוטע לאָיאַלקייט, זיין אומדערשי־טערלעכע גרייטקייט צו האַלטן זיך ביים אות פונעם אומגעשריבענעם אָפּמאַך; צי האָט ער, דער איינגעוואָרצלטער אָרעמאַן, פּשוט מורא געהאַט איבערצונעכטיקן מיטן געלט? — דאָס איז מיר שווער צו זאָגן. איך מיין, אַז אין דעם איז געווען אי אַ שטיקל פאַרלאַנג צו באַווייזן מיר, אַז אַלע, וואָס וואָרענען מיך נישט־אַריינצולאָזן זיך מיט ווייסנבערגן („דאָס איז פּונקט ווי אָנטרויען זיך דעם וואָסער צופוס", האָט מען מיר געזאָגט און איך האָב אים דאָס איבערגעחזרט, בעת אונדזערע אונטער־האַנדלונגען), זיינען נישט גערעכט, אי אַ פּאַנישער אַנטלויפן פון ניסיון (נישט פון קיין געלט־ניסיון). אין דעם איז געווען וואַרשיינלעך עפּעס פון אַן אָנשטרענגונג זיך גובר צו זיין, — אַן אָנשטרענגונג, מיט וועלכער איך דערקלער בכלל דעם דאָזיקן גאַנצן מאָדנעם, אויסטערלישן עפּיזאָד פון אַוועקשטעלן איבער זיך אַ נישט נאָכגיביקן רעדאַקטאָר „מיט אַ כאַראַקטער", ווי ער גופא האָט דאָס דעפינירט. (דער אָנהייב פון דאָזיקן עפּיזאָד אין ווייסנבערגס ביאָגראַפיע איז געווען דער פּרווו איבערצוגעבן די רעדאַקציע פון זיינעם אַ זשורנאַל זיינע צוויי נושאי־כלים: י. לערערן און ש.) און אין זיין (אָפטער) קינדישקייט און אין זיין ליידנשאַפטלעכקייט האָט זיך די דאָזיקע אָנשטרענגונג אויסגעדריקט אין דאָזיקן אויסערלעך־קאָמישן, אָבער אין תוך רירנדיקן וואַרטן פון ניין אַ זייגער ביז נאָך צוועלף ביינאַכט.

אמת, ער האָט געקענט איבערלאָזן דאָס געלט ביי מיין פרוי מיט אָדער אָן אַ בריוועלע. אָבער דערויף איז ער דאָך געווען ווייסנבערג, דער פויער — לויט דער פּסיכאָלאָגיע — אין דער יידישער ליטעראַטור.

און ס'קען אויך זיין, אַז דאָס דאָזיקע עקשנותדיקע וואַרטן האָט געהאַט אַ טיפערע פּסיכאָלאָגישע דערקלערונג און מע דאַרף עס פאַרבינדן מיטן דראַמאַטישן מאָמענט, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן אונדז אין דער זעלביקער האַלבער נאַכט.

נאָך דעם, ווי ווייסנבערג האָט מיר איבערגעגעבן דאָס געלט און געזאָגט, אַז איצט קען איך נעמען גרייטן דעם ערשטן נומער, האָבן מיר זיך געזעגנט (ער

האָט זיך געאײַלט צו די לעצטע הינטערשטאָטישע באַנען, כדי אַהיימצופאָרן קיין אָטוואָצק). אָבער צוגעקומען צו דער טיר, האָט זיך ווייסנבערג אומאַנטשלאָסן אויסגעדרייט, געמאַכט אַ פּאָר טריט צו מיר (איך בין געשטאַנען ביים טיש, נישט ווייט פון דער טיר) און אומדירעקט געזאָגט:

— איך האָב איבערגעגעבן אין אײַערע הענט די גאַנצע רעדאַקציע. כ׳וואָלט אָבער געוואָלט, אַז דער אויסלייג פונעם זשורנאַל זאָל זיין מײַנער.

ווייסנבערגס אומדרייסטקייט און זיין בקשה־טאָן האָבן מיך טיף גערירט. איך האָב זיך דערפילט צווישן דער קאָוואַדלע און דעם האַמער. מיטן געפיל האָב איך געפילט, וואָס עס באַטייט פאַר ווייסנבערגן די דאָזיקע בקשה: אַ סימבאָלישער באַווייז פון אַ בכבודיקער קאַפּיטולאַציע. אָבער מיטן באַוווּסטזיין האָב איך געוווּסט, אַז אַנטקעגנקומען דער דאָזיקער בקשה איז אוממעגלעך: דאָס וואָלט געהייסן אַריינפירן דורכן הינטערשטן גאַנג דאָס, וואָס מע וואַרפט אַרויס דורכן פאָדערשטן. „דער קריטיקער״ דאַרף ממשיך זיין אויך ווייסנבערגס קאַמף, אָבער נאָר אין זיינע גערעכטע, געזונטע עלעמענטן, — נישט אין זיינע לעכערלעכקייטן.

— איך פאַרשטיי אייך, — האָב איך געענטפערט ווייסנבערגן, אונטערדריקנדיק מיט דער גאַנצער אָנטשלאָסנקייט פונעם באַוווּסטזיין די אויפגעוואַכטע פילבאַרקייט פון האַרצן, — אָבער אָננעמען אייער פאָרשלאָג איז פאַר מיר אוממעגלעך. אָט האָט איר צוריק דאָס געלט — האָב איך אים דערלאַנגט דעם הונדערט זלאָטיקן באַנקנאָט, אַרויסנעמענדיק אים פון פּאָרטפעל, — און גיט איבער די רעדאַקציע עמעצן אַנדערש. איך קען נישט.

נישט נעמענדיק דאָס געלט, האָט ווייסנבערג מיטן זעלביקן אומדרייסטן, נעבעכדיקן, בעטנדיקן קול געמאַכט נאָך איין פּרווו צו ראַטעווען פאַר זיך סימבאָליש כאָטש עפּעס פון דער פריייוויליקער קאַפּיטולאַציע:

— איך וויל, אַז מײַנע אַרטיקלען, לכל הפּחות, זאָלן גיין אין מיין אויסלייג.

— איך קען נישט. דער לעזער וועט נישט קענען פאַרשטיין, וואָס איז דאָס פאַר אַ זשורנאַל מיט צוויי אויסלייגן.

— טאָ גיט אַ באַמערקונג, אַז לויט ווייסנבערגס בקשה ווערן זיינע אַרטיקלען געדרוקט מיטן דאָזיקן אויסלייג...

— דערויף — האָב איך געזאָגט — וועל איך אפשר קענען איינגיין, הגם איך דאַרף נאָך אַ טראַכט טאָן וועגן דעם. צוזאָגן אויף זיכער קען איך נישט...

און ווייסנבערג איז אַוועק.

איך בין בעתן דאָזיקן עפּיזאָד געווען אויף אַזוי ווייט אַבסאָרבירט פון מיין אינערלעכן קאַמף, אַז איך האָב נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט ווי געהעריק צו אָבסערווירן ווייסנבערגן. אָבער מיין פרוי, וועלכע איז בייגעווען די דאָזיקע סצענע, האָט מיר דערנאָך דערציילט, אַז דער מאָמענט, ווען ווייסנבערג האָט זיך צוריקגעקערט פון דער טיר מיט זיין בקשה און איך האָב אים אָפּגעזאָגט און צוריקגעגעבן

דאָס געלט, איז געווען אַ הויך־דראַמאַטישער אין פּולן זיין פון דעם וואָרט. און ביזן הייַנטיקן טאָג דערמאָנט זי דעם דאָזיקן מאָמענט און זי קען בשום אופן נישט פאַרשטיין, פאַר וואָס וויסנבערג האָט נישט איבערגעריסן מיט מיר גלייך ביים ערשטן אַרויסווייזן מיין אַנטשלאָסנקייט נישט צו זיין קיין שירמע, נאָר באמת אַן אַנטשיידנדיקער פאַקטאָר ביים רעדאַקטירן ז יי ן זשורנאַל.

און אויך איך האָב דאָס נישט געקענט, — און כ׳קען דאָס נאָך אויך עד־היום נישט פאַרשטיין פולשטענדיק.

משה גראָסמאַן, וועלכער האָט גוט געקענט, און אַגב, שטאַרק געשעצט וויסנ־בערגן, האָט געהאַלטן, אַז גראָד מיין פעסטקייט האָט וויסנבערגן אימפּאָנירט און דעריבער האָט ער זיך אונטערגעגעבן מיין האַרטקייט.

ווייזט אויס, אַז אין וויסנבערגן איז פאָרגעקומען אַן אינערלעכער קאַמף וועגן זיין פאָדערונג, און דערמיט קען מען אפשר דערקלערן זיין דריי־שעהדיקן וואַרטן אויף מיר און זיין אומאַנטשלאָסנקייט; צוערשט איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר, און דערנאָך זיך אומגעקערט צוריק...

אין עטלעכע טעג שפּעטער, ווען איך בין נאָך אַלץ נישט געווען דעצידירט, צי זאָל איך דרוקן וויסנבערגס אַרטיקלען מיט זיין אויסלייג, — אָבער מיט אַ צושריפט פון דער רעדאַקציע, — איז וויסנבערג צוגעקומען צו מיר אין ליטעראַטן־פאַראיין און צו מיין גרויסער פאַרוווּנדערונג געזאָגט:

— איך האָב מיך באַרעכנט, אַז איר זייט גערעכט: מע קען נישט מישן קיין צוויי אויסלייגן. דרוקט אויך מיינע אַרטיקלען מיט אייער אויסלייג.

איך געדענק נאָך ווי איצט: אין זיין טאָן האָט מען כמעט ווי געקענט הערן אַ פריילעכקייט, ווי נאָך אַן איבערגעשטאַנענער שפּאַנונג. ער איז געווען צופרידן פון זיך, ווי אַ קינד, וואָס פילט אַז מען איז פון אים צופרידן און — מיט רעכט צופרידן. ער האָט ווי געפּראַנטעוועט מיט דעם וואָס ער האָט גובר געווען זיין קליינמוטיקע ליידנשאַפט צו דרוקן כאָטש זיינע אייגענע אַרטיקלען מיט דעם אייגענעם אויסלייג אין אַ זשורנאַל, וואָס ער אַליין האָט אים איבערגעגעבן אין אַנדערע הענט, און ער האָט אַליין זיך אָפּגעזאָגט פון האָבן אַ השפּעה אויף אים.

קיינער פון די נעענטערע באַקאַנטע האָט נישט געקענט באַגרייפן וואָס עס איז געשען מיט וויסנבערגן. און איך האָב שוין אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז אפשר איז טאַקע פאָרגעקומען אין אים אַן ערנסטע אינערלעכע איבערקערעניש און ס׳וועט אויף אַן אמת געלינגען צו אַרבעטן מיט אים צוזאַמען צו אונדזער ביידנס נוצן און צום נוצן פון דער ידישער ליטעראַטור.

— ווער ווייסט? — האָב איך געקלערט. — איך טרעט צו צו רעדאַקטירן דעם „קריטיקער" ווי צו אַ זאַך אַ צופעליקע: וואָס וועט מיר שאַדטן, אויב עס וועט אַרויסגיין איין נומער אָדער צוויי נומערן? ס׳קען זיך אָבער אַרויסשטעלן, אַז „דער

קריטיקער״ וועט ווערן אַ ווענדפּונקט נישט נאָר אין מיין ליטעראַרישן לעבן, נאָר אויך אין ווייסנבערגס ליטעראַריש־קעמפערישער ביאָגראַפיע.



נאָכן דערשיינען פונעם ערשטן נומער „דער קריטיקער״, האָט זיך ווייסנבערג געפילט באַזונדערס מונטער. ער פלעגט אַריינקומען צו מיר עטלעכע מאָל אַ טאָג און מיר צוגעבן מוט:

— גוט. זייער גוט. איר האָט זייער שטאַרק געקירצט מיין אַרטיקל, איר האָט זיך רעוואַנזשירט (ער האָט געמיינט — פאַר מיין אַרטיקל וועגן אַהרן צייטלין, וועגן וועלכן איך האָב פריער דערציילט. — י. ר.), אָבער ס'מאַכט נישט, ס'איז גוט...

איך האָב עטלעכע מאָל פרובירט אויפקלערן אים, אַז וועגן רעוואַנזש קען דאָ קיין רייד נישט זיין, אַז איך האָב זיך גערעכנט נאָר מיט די פאָדערונגען פון לאָגיק, סטיל און געשמאַק, מיט ריין־ליטעראַרישע קאַטעגאָריעס, — אָבער ווייסנ־בערג האָט זעלבסטזיכער אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט מיינע פאַרזיכערונגען:

— איר האָט זיך רעוואַנזשירט, — האָט ער כסדר איבערגעחזרט מיט אַ קענטלעכער צופרידנקייט. ערשטנס האָט ער דאָס באַטראַכט פאַר אַ באַקוועמער געלעגנהייט צו מאַכן מיט מיר קוויט פאַר דער ליטעראַרישער עוולה, וואָס ער איז באַגאַנגען לגבי מיר, וואָס אינערלעך האָט ער זי, ווייזט אויס, אָנערקענט ווי אַזאַ; און צווייטנס, די טעזע וועגן מיין רעוואַנזש־נקמה איבער זיין אַרטיקל, האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט אַרויסצווייזן זיין גרויסמוט: — איר, זעט איר, זייט זיך נוקם אין מיר, און איך האַלט מיין וואָרט, איך אָנערקען אייערע רעדאַקטאָרישע רעכט אויף אַזוי ווייט, אַז איך פּראָטעסטיר נישט קעגן דער נקמה...

איין מאָל איז ער אַריינגעקומען און געוויזן מיר אַ קאַרטל פון זיינע לאָדזשער פריינד, ווו זיי מאַכן אים אויפמערקזאַם, אַז זיי גיבן אים געלט נישט דערויף, כדי ראַפּאָפּאָרט זאָל קעמפן קעגן דעם וואָכנבלאַט „די ליטעראַרישע בלעטער״ און זיין רעדאַקטאָר נחמן מייזיל, (דעם ליטעראַרישן כלעסטאַקאָוו און פאַלסטאַף אין איין פּערזאָן), וועלכן איך פלעג אַטאַקירן ביי יעדער געלעגנהייט ווי די בולטסטע דערשיינונג פון אונדזער ליטעראַרישן פונאַנדערפאַל, און וועלכן איך האָב אַטאַקירט־אויסגעלאַכט אויך אין ערשטן נומער „דער קריטיקער״.

— נו, מילא, — האָב איך געזאָגט נאָכן איבערלייענען דאָס קאַרטל, — אויך אין צווייטן נומער וועט זיין עפּעס וועגן „די ליטעראַרישע בלעטער״, אויב זיי וועלן געבן אַ געלעגנהייט דערצו. אויב זיי, אין לאָדזש, געפעלט עס נישט, איז דאָס זייער זאַך און — אייערע.

— ס'מאַכט נישט, ס'מאַכט נישט, — האָט ווייסנבערג געענטפערט, — רעכנט זיך נישט מיט די דאָרטיקע קרעמערלעך. עס מאַכט גאָר נישט אויס.

מיט איין וואָרט — עס האָט ביי אונדז געהערשט אַן אידיליע, מיר האָבן

געלעבט האַרמאָניש, ווי בעתן האָניק־חדש, אָנשטאָט זיך אָנצושטויסן ווי אַ קאָסע אויפֿן שטיין.

און דאָס ליטעראַרישע וועלטל האָט נישט געקענט באַגרייפֿן וואָס דאָ קומט פֿאָר.

איך געדענק מיין אַריינקומען אין ליטעראַטן־פֿאַראיין אויף טלאַמאצקע 13 אין אָוונט פֿון יענעם טאָג, ווען עס איז דערשינען דער ערשטער נומער „דער קריטיקער".

זלמן רייזין איז גראָד געווען אין וואַרשע און ער איז געזעסן מיט „קריטיקער" אין דער האַנט און געקוקט דאָ אין „קריטיקער" און דאָ אויף מיר און ס'האָט זיך מיר געדאַכט, ווי ער קלערט: איז דאָס אַ חלום? איז דאָס וואָר? וויסנבערג אַרבעט טאַקע האַרמאָניש מיט ראַפּאָפּאָרטן? וויסנבערג שאַפֿט אַ זשורנאַל און ראַפּאָפּאָרט רעדאַקטירט און ס'איז שלום ושלווה?

אומגעפֿער אַזוי האָבן געקוקט אויך אַנדערע.

אַלע האָבן זיך געוווּנדערט, אָבער אַ גרויסע טייל האָט אויך געהאַט פֿאַרדרוס פֿון דעם: זיי האָט נישט געלוינט איך זאָל האָבן אַן אייגן געווער אין דער האַנט.



איך בין שוין צוגעטראָטן צו רעדאַקטירן דעם דריטן נומער „קריטיקער" און ס'איז נאָך אַלץ נישט געווען קיין שום צוזאַמענשטויס. נישט נאָר איך — אַלע זיינען געווען אויסער זיך (מיט „אַלע" מיין איך דאָס ליטעראַרישע וואַרשע).

עס זיינען געווען מאָמענטן פֿון גערייצטקייט, — אָבער היות דאָס איז געווען נישט פֿון רעדאַקציאָנעלן, נאָר פֿון אַדמיניסטראַטיוון כאַראַקטער, האָב איך פֿאַרשוויגן.

אָבער ביים דריטן נומער האָבן זיך אויפֿן הימל פֿון אונדזער אידיליע באַוויזן שוואַרצע וואָלקנס: צוערשט איין קליין וואָלקנדל, דערנאָך אַ צווייטס...

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס פֿון דעם (יעדנפֿאַלס האָט זיך דאָס אָנגעהויבן פֿאַר מיר פֿון דעם, ווייל וואָס עס איז פֿאָרגעקומען הינטער די קוליסן, ווער עס האָט אַלץ געגראָבן אונטער אונדזער בונד, האָב איך נישט געוווּסט), וואָס וויסנבערג האָט געבראַכט פֿאַרן דריטן נומער אַן אַרטיקל וועגן ש. סטופּניצקין, דעם אַלטן פֿאַרדינסטפֿולן זשורנאַליסט, וועלכער האָט דאַן געאַרבעט אין „מאָמענט". דער דאָזיקער אַרטיקל איז געווען פֿול נישט נאָר מיט די געמיינסטע זידלערייען, נאָר אויך מיט דער גרעבסטער, בייזוויליקסטער רכילות און ליגנס. וויסנבערג האָט אַפֿילו צוגענומען ביי סטופּניצקין זיינע שטודיר־יאָרן אין דער שווייץ, זיין וויסן, זיין טאַלאַנטפֿולע פֿעדער — מיט איין וואָרט, סטופּניצקי, איז אויסגעקומען לויטן אַרטיקל, האָט אויסגעטראַכט זיין גאַנצע ליטעראַרישע ביאָגראַפֿיע.

איך האָב געזאָגט וויסנבערגן, אַז אין אַזאַ פֿאָרעם קען דער אַרטיקל נישט געדרוקט ווערן אונטער מיין רעדאַקציע. די שטרענגסטע קריטיק און אויסטייטשונג

פון פאַקטן — בכבוד גדול! אַפילו קעגן גרעסערע ווי סטופּניצקי; אָבער סתּם זידלערייען און פאַרדרייען פאַקטן — אַפילו קעגן קלענערע ווי סטופּניצקי אויך נישט. קיין מאָל נישט!

ווייסנבערג האָט אויסגעהערט מיינע באַמערקונגען שווייגנדיק, אָבער מיט פייערלעך אין די אויגן, — מיט פייערלעך פון ווייסנבערגישער חשדישקייט. ער האָט ווי געזאָגט:

— אָט וואָס... נו, ס'איז דאָך קלאָר: אַ שותּפות מיט סטופּניצקין...

צו אַן אָפענעם קאָנפליקט איז נאָך נישט דערגאַנגען. ווייסנבערג האָט צוגעזאָגט אָנצושרייבן אַ צווייטן אַרטיקל, ווייל אויף מיינע קירצונגען האָט ער דאָס מאָל נישט געוואָלט איינגיין. איך האָב אָבער דערפילט, אַז ווייסנבערג וועט שוין לאַנג נישט אויסהאַלטן דעם שווערן יאָך פון אונטערגעוואָרפנקייט, וואָס ער גופא האָט אים אַרויפגעלייגט אויף זיין האַלדז.

וואָס שייך מיר, האָב איך אין יענעם מאָמענט דערפילט, אַז נישט געקוקט דערויף, וואָס איך טרעט שוין צו צום דריטן נומער, בין איך געווען צו נאַיִוו, ווען איך האָב גענומען אויף זיך צו רעדאַקטירן אַ זשורנאַל ביי ווייסנבערגס מיטאַר־בעטערשאַפט: דער צוזאַמענשטויס איז אומפאַרמיידלעך. וואָס מער און וואָס לענגער ווייסנבערג וועט אונטערדריקן אין זיך זיין נאַטור, אַלץ אומפאַרויסגעזעענער און שטאַרקער וועט פאַרקומען דער אויפרייס פון די אונטערגעדריקטע אינסטינקטן. און אויב דער אויפרייס וועט נישט קומען פון זיין זייט, וועט ער קומען פון מיינער.

און איך האָב אַ טראַכט געטאָן: אפשר אַרויסלאָזן דעם דריטן נומער און — אָפּהאַקן?

און איך האָב זיך אָנגעהויבן שואל עצה צו זיין וועגן דעם מיט נאָענטע מענטשן, אָבער דעם ענדגילטיקן באַשלוס — צום באַדויערן — האָב איך אָפּגעלייגט ביז נאָכן דריטן נומער.

ס'איז מיר געווען אַ שאָד אויסנצולאָזן אַ נומער. אַ קליינלעכקייט — די ליטעראַ־רישע תאווה!

און דאָס איז געווען אַ פאַטאַלער טעות: איך האָב באַדאַרפט איבעררייסן נאָך פאַרן אַרויסלאָזן דעם דריטן נומער; פאַרענדיקן מיטן צווייטן...



אַ טאָג צוויי פאַרן אַרויסלאָזן דעם דריטן נומער, האָב איך געטראָפן ווייסנבערגן אינעם ליטעראַטור־פאַראיין. אויף זיין פראַגע — געשטעלט צום ערשטן מאָל זינט אונדזער מינדלעכן אָפּמאַך, — וואָס עס גייט אַריין אין דריטן נומער, האָב איך אָנגערופן די נעמען פון עטלעכע שרייבער און זייערע אַרטיקלען. ווייסנבערג האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו פאָדערן אַ דין־וחשבון וועגן צוזאַמענשטעל פון געגרייטן

נומער, כ'האָב אָבער נישט געהאַלטן פאַר נייטיק אַרומצורינגלען מיט אַ סוד דעם אינהאַלט פון נומער, אויב ער פרעגט מיך וועגן דעם.

— מ'זאָגט, — גיט וויסנבערג אַ וואָרף אויף מיר די אויגן, — אַז איר פילט אויס דעם גאַנצן נומער, אַז י. ל. גאָרין איז אויך אייערער אַ פסיידאָנים.

איך דערקלער אים, אַז י. ל. גאָרין איז דער פסיידאָנים פון אַ ווילנער יונגן שרייבער — גערמאַנישסקי (אומגעקומען שפּעטער אין קאַרטוז בערעזע, אין באַרימטן קאָנצענטראַציע־לאַגער פון דער פּוילישער „סאַנאַציע"); אַז זיין רעצענזיע וועגן אלחנן וואָגלערס בוך האָב איך געדרוקט גראָד אויפן חשבון פון מיינער, וועלכע איך האָב צוריקגעצויגן פון זעצער, כדי צו קענען אַריינגעבן עפּעס פון אַ יונגן באַגאַבטן שרייבער.

איך זע אָבער, אַז וויסנבערג גלייבט מיר נישט.

ווייסנדיק, אַז דער נאָמען י. ל. גאָרין האָט מען אָנגענומען ווי מיין פסיידאָנים נאָך ביי זיין דערשיינען אין „וואָכנשריפט", האָב איך גענומען פאַרשטיין, אַז עמעצער העצט וויסנבערגן קעגן מיר מיט אַלע מיטלען: אפילו מיט דעם בילבול, אַז איך האָב פאַרכאַפּט דעם גאַנצן זשורנאַל פאַר זיך, און אַ ראיה: י. ל. גאָרין!

אָבער איך האָב זיך נאָך נישט ריינגעוואַשן פון דער ערשטער באַשולדיקונג, און שוין קומט אַ צווייטע:

— פאַר וואָס גיט איר גאָר נישט קיין אַרטיקלען וועגן אייראָפּעישע שרייבערס? וועגן קיפּלינגען, למשל?

איך דערקלער אים מיינע מאָטיוון (הגם איך פיל, אַז דאָס זיינען נישט סתם קיין פּראַגעס, נאָר אונטערגעלייגטער אויפרייס־שטאָף): „דער קריטיקער" איז אַ קליינער זשורנאַל און ער דאַרף זיך אָפּגעבן מיט פּראַגעס פון דער יידישער ליטעראַטור, פון יידישן טעאַטער און פון דער יידישער קולטור אין ברייטסטן זין פון דאָזיקן וואָרט. פאַר אַרטיקלען פון דער אייראָפּעישער ליטעראַטור האָב איך ווייניק פּלאַץ, סיידן דאָס איז וויכטיק אויך פאַר אונדז. און קיפּלינג איז מיר נישט נייטיק.

— אָבער מ'זאָגט מיר, אַז דער זשורנאַל רופט זיך נישט אָפּ אויף אַקטועלע דערשיינונגען... אָט איז געשטאָרבן קיפּלינג, אַזאַ גרויסער שרייבער, און אונדזער זשורנאַל רופט זיך נישט אָפּ מיט קיין אַרטיקל...

וויסנבערג פאַרטיידיקט קעגן מיר די אינטערעסן פון דער אייראָפּעישער ליטעראַטור! דערלעבט אַ צייט! ווי קומט דאָס צו וויסנבערגן? עמעצער רעדט אַרויס דורך וויסנבערגן! אָדער אפשר זוכט ער אויף בלינד אַ סיבה פאַר אַ שטרייט? ס'האָט מיך אויפגעריסן:

— איר ווייסט זייער גוט, אַז די אייראָפּעישע ליטעראַטור קען איך בעסער פאַר אייך. אויב איר מוזט האָבן אינעם „קריטיקער" אַן אַרטיקל וועגן קיפּלינגען,

קענט איר פון פערטן נומער אָן נעמען אַן אַנדער רעדאַקטאָר, — איך האָב גאָר נישט קעגן דעם. פאַרקערט, כ׳וועל אפשר זיין צופרידן...

און איך האָב אים געלאָזט שטיין. כ׳בין אַריין אין גרויסן זאַל, ווו עס איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג.

ווי נאָר די פאַרזאַמלונג האָט זיך געענדיקט, איז ווייסנבערג אויסגעוואַקסן פאַר מיר ווי פון אונטער דער ערד (ער פלעגט נישט קומען צו אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, ווייל אָפיציעל, דאַכט זיך, האָט ער נישט געהערט צום ליטעראַטן־פאַראיין):

— איך האָב גאָר נישט קעגן אייער אַרבעט אַלס רעדאַקטאָר פונעם „קריטי־קער״, אָבער איך האָב אין זינען די אינטערעסן פונעם זשורנאַל, וואָס איז אונדז ביידן טייער...

און מיר האָבן זיך איבערגעבעטן.

דאָס איז געווען אַ מיטוואָך אָדער אַ דאָנערשטיק. מיר האָבן זיך געזעגנט זייער פריינדלעך, די באַציִונגען האָבן ווידער געשיינט צו זיין די בעסטע, דער דראָענדיקער שטורעם איז פאַרביי און דער הימל איבער דער רעדאַקציע פונעם „„קריטיקער״ איז געווען אויסגעלייטערט.

אין מיין פאָרטפעל האָב איך געהאַט ווייסנבערגס אַן אַרטיקל (נישט וועגן סטופּניצקין — דעם אויסגערעדאַקטירטן סטופּניצקי־אַרטיקל האָט ווייסנבערג צו־גענומען), און אין אַ צען טעג אַרום האָט געזאָלט דערשיינען דער נייער נומער פונעם זשורנאַל, וואָס, אין זיין גרעסטער טייל, איז ער שוין געווען אויסגעזעצט.

און אין אַ צוויי אָדער דריי טעג אַרום איז אויסגעבראָכן דער שטורעם, וואָס איך האָב געהאַט געמיינט, אַז ער איז שוין אַריבער.

איך קום אַהיים שבת צו נאַכט אַ זייגער אַכט און איך דערוויס זיך, צו מיין גרעסטער פאַרוווּנדערונג, אַז ווייסנבערג האָט מיך שוין געזוכט אַ דריי־פיר מאָל.

ווייסנבערג שבת אין וואַרשע? ער קומט דאָך קיין מאָל נישט אַראָפּ פון אָטוואָצק אום שבת! און תיכף, כ׳ווייס נישט פאַר וואָס, איז פאַר מיר אויפגעשווומען ווייסנבערג מיט זיין נודנעם, זינלאָזן צושטיין צו מיר וועגן קיפּלינגען. דאָס איז דער המשך פון דאַן!

אָבער לאַנג טראַכטן וועגן די סיבות פון ווייסנבערגס אַראָפּקומען אום שבת, איז מיר נישט אויסגעקומען — אָט איז שוין דאָ ווייסנבערג גופא צום פערטן אָדער פינפטן מאָל!

— וואָס טוט איר עפּעס אום שבת אין וואַרשע?

— כ׳בין געקומען צו פאָרן צו אייך.

— צו מיר? עפּעס אייליקס?

— איך וויל וויסן דעם אינהאַלט פונעם נומער.

דאָס איז געזאָגט געוואָרן מיט אַזאַ טאָן, אַז נישט ווילנדיק, כמעט אינסטינקטיוו, האָט ער אַרויסגערופן אַ ווידערשטאַנד:

— מיטוואָך, ווען איר האָט מיך געפרעגט, האָב איך אייך געזאָגט, אָבער איצט, ווען איר זייט געקומען צו פאָרן אין איין איילעניש און איר פאָדערט עס, און נאָך מיט אַזאַ טאָן, אַפילו נישט זעצנדיק זיך — וועל איך אייך נישט זאָגן. ווען דער נומער וועט דערשיינען, וועט איר וויסן זיין אינהאַלט.

— ניין, איר וועט מיר יאָ זאָגן דעם אינהאַלט פונעם נומער!

— מיר האָבן נישט קיין געשריבענעם אָפּמאַך, אָבער איר ווייסט זייער גוט, אַז ביים באַשטימען מיך פאַר רעדאַקטאָר האָב איך באַקומען דאָס רעכט אַרויסצולאָזן דעם זשורנאַל אָן אַ קאָנטראָל. ערשט נאָך זיין דערשיינען האָט איר רעכט צו קומען צו מיר מיט קריטיק.

— איך האָב אייך געמאַכט פאַר רעדאַקטאָר און איך מאַך אייך אויס.

— דאָס איז נישט אַזוי פּשוט ווי עס דאַכט זיך אייך. איך האָב נישט בדעה צו פאַרכאַפּן די רעדאַקטאָריי פונעם „קריטיקער". איר ווייסט עס בעסער פאַר אַלע, אַז איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון אַן אָפּמאַך, וואָס איר האָט פאָרגעלייגט צו שליסן, אַז איך האָב נישט אָנגענומען אייער פאָרשלאָג אַרויסצונעמען די קאָנצעסיע אויף מיין נאָמען. מיטוואָך האָב איך אייך אַליין פאָרגעלייגט איבערצוגעבן די רעדאַקציע אַן אַנדערן נאָכן דריטן נומער, און איר האָט זיך אָפּגעזאָגט דערפון. טאָ וואָס־זשע איז פאָרגעקומען אין משך פון די דאָזיקע צוויי־דריי טעג, וואָס איר קאָנט נישט איבערוואַרטן דאָס דערשיינען פון דריטן נומער? דער נומער איז שוין כמעט אין גאַנצן פאַרטיק. איך טראָג די אחריות לגבי דעם זעצער פאַרן געלט. און חוץ דעם וועל איך נישט דערלויבן, אַז צוליב אייערן אַ קאַפּריז זאָל גיין לאיבוד מיין אַרבעט. דער דאָזיקער נומער וועט דערשיינען, איך וועל אין אים געבן אַ מעלדונג, אַז אויף ווייטער האָב איך קיין שום שייכות נישט צום „קריטיקער" און — אַ גליקלעכן שליטוועגס. אמת, איר האָט מיך געמאַכט פאַר אַ רעדאַקטאָר, און אייך איז דאָס, אַגב אורחא, נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט, אָבער אויסשטיין אייערע קאַפּריזן וועל איך נישט. מיטן מאָמענט, וואָס איר האָט מיר געבראַכט די הונדערט זלאָטעס אויף אַרויסצוגעבן דעם דריטן נומער, בין איך דער באַלעבאָס פונעם זשורנאַל ביז זיין דערשיינען.

— אויב איר וועט מיר גלייך נישט אָפּגעבן דאָס געלט, וועל איך גיין צום פּראָקוראָר און זאָגן, אַז איר האָט פאַרכאַפּט מיינע הונדערט זלאָטעס.

— וואָס מע האָט געשיקט אויף אייער אַדרעס און איר האָט זיי מיר געבראַכט אַהיים? איך האָב אַ סך געוווּסט וועגן אייך, ווייסנבערג, אָבער אַז איר זייט פעיק אויף אַזעלכע נאַרישע דראָונגען, וואָלט איך נישט געוועןגעגלייבט. מער האָבן מיר נישט וועגן וואָס צו ריידן. גייט צום פּראָקוראָר!

און איך האָב אים געלאָזט זיצן (סוף־כל־סוף האָט ער זיך צוגעזעצט) און

כ׳האָב זיך גענומען פאַרנעמען מיטן זון, מיט באַקאַנטע (וועלכע האָבן געוואַרט אויף מיר, ווייל מיר האָבן געדאַרפט גיין צו אַ קאָנפערענץ אָדער פּלענום פון „יִוואָ״; צווישן זיי איז געווען מיין פריינד, דער לערער און שרייבער פון ווילנע, ראובן ליכטשטיין ע״ה, וועלכער איז שפּעטער אומגעקומען דורך די נאַצי־רוצחים).

אַ געוויסע צייט איז ווייסנבערג געזעסן שטיל, דערנאָך האָט ער זיך אויפגעשטעלט און געבעטן צוריק זיין אַרטיקל.

— אייער אַרטיקל קען איך אייך אומקערן, אָבער איר מעגט זיין זיכער, אַז דער נומער וועט דערשיינען אויך אָן אים.

און כ׳בין צוגעגאַנגען צום שופלאַד, אַרויסגענומען זיין אַרטיקל, וואָס איז שוין געווען גרייט צום דרוק, און אים דערלאַנגט ווייסנבערגן.

אין ענטפער דערויף האָט ווייסנבערג אָנגעהויבן צו באַשיטן מיך מיט אַזעלכע זידלאָזע, אומפאַרשעמטע זידלערייען און קללות, אַז איך בין ווי פאַרשטאַרט געוואָרן, פּונקט ווי עס האָט געטראָפן מיינע געסט. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עס שטייט פאַר מיר נישט קיין מענטש, נאָר אַ ווילד באַשעפעניש, וואָס הערשט נישט איבער זיינע נערוון, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין לאָגיק, נישט קיין געפיל פון חרפּה, נישט קיין באַגריף פון דער עלעמענטאַרסטער גערעכטיקייט און אָביעקטיווקייט.

מיין פאַרשטאַרטקייט איז תיכף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געפיל פון עקל און פאַראַכטונג, אין אַ שטאָלענער אַנטשלאָסנקייט אַראָפּצוואַרפן פון זיך דאָס דאָזיקע גליטשיקע, שמוציקע, וואָס האָט זיך איינגעזויגן אין מיר, און איך האָב אַרויסגעדונערט נישט מיט מיין קול: „אַרויס פון מיין שטוב!״ און מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, מיט אַן אויסגעשטרעקטן וויזפינגער האָב איך אָנגעהויבן גיין אויף ווייסנבערגן, און ער האָט גענומען אָפּטרעטן הינטערווייַלעכץ צו דער טיר אין אַ שרעקלעכן, ממש אימהדיקן שטילשווייגן. איך האָב אָנגעגריפן און ער איז אָפּגעטראָטן אונטערן אַקאָמפּאַניאַמענט פון רעגולערע אויסרופן: „אַ ר ו י ס! אַ ר ו י ס! אַ ר ו י ס!״

איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן זיין בליק ביי דער סאַמע טיר, ווען ער איז זייטיק אַריבערגעטראָטן די שוועל, איבער וועלכער ער האָט שוין מער נישט אַריבערגעטראָטן אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. איך ווייס נישט וואָס עס איז מער געווען אין דעם דאָזיקע בליק: צי פאַרוווּנדערונג, צי אַכטונג. קיין אַנדערע געפילן האָב איך אין אים נישט באַמערקט. (אמת, איך בין דאַן נישט פּעניק געווען געניט צו באָאַבאַכטן). אָדער אפשר דאַכט זיך מיר נאָר אַזוי?

אַ געוויסע אָביעקטיווע באַשטעטיקונג פון מיין איינדרוק האָב איך באַקומען אין אַ טאָג אַרום, ווען איך בין געקומען צו דער צווייטער זיצונג פון דער „יִוואָ״־קאָנפערענץ. איך האָב דאָרט געטראָפן זלמן רייזענען, וועלכער האָט מיך תיכף געפרעגט:

„וואָס איז נעכטן געשען צווישן אייך מיט ווייסנבערגן? איר האָט אים אַרויס־געוואָרפן? איר האָט געכאַפּט ביי אים הונדערט זלאָטיס?“

— פון וואַנעט ווייסט איר שוין, אַז כ'האָב אים אַרויסגעוואָרפן?

— נעכטן, שפּעט אין אָוונט, ווען איך מיט נאָך אַ שרייבער זיינען געזעסן אין באַן צו פאָרן קיין אָטוואָצק, איז אין אונדזער קופּע אַריינגעקומען ווייסנבערג. ער האָט זיך קוים באַוויזן אַוועקצוזעצן, זאָגט ער צו אונדז:

— איר ווייסט, דער קליינער ליטוואַק האָט מיך נאָר וואָס אַרויסגעוואָרפן!

— איז דאָס אמת? און וואָס איז דאָס פאַר אַ געלט, וואָס איר זאָלט האָבן פאַרכאַפּט ביי אים?

איך האָב אים דערציילט, וואָס עס איז פאָרגעקומען.

אַפילו אין דער פאָרעם, אין וועלכער ווייסנבערג האָט דעם זעלביקן אָוונט דערציילט די דאָזיקע געשעעניש פאַר פרעמדע, איז דאָ מער פאַר אַלץ — פאַר־וווּנדערונג:

— „איר ווייסט, דער קליינער ליטוואַק האָט מיך נאָר וואָס אַרויסגעוואָרפן“.

ווען איך האָב רייזינען דערציילט, וואָס עס איז פאָרגעקומען, האָב איך צו־געגעבן:

— ווען עמעצער וואָלט מיט צוואַנציק יאָר צוריק געווען רעאַגירט אויף ווייסנבערגס ווילדע גענג, ווי איך נעכטן, וואָלט ווייסנבערג געוווען געבראַכט מער נוצן דער יידישער ליטעראַטור. עס איז אָבער נישט געווען ביי אונדז קיינער, וואָס זאָל אים אַ ביסל דערציִען.

און ביז אויפן היינטיקן טאָג בין איך אין דעם איבערגעצייגט. און אויב איך באַדויער צייטנווייז מיין האַנדלונג, שעם איך זיך אָבער נישט מיט איר. און איך בין כמעט ווי זיכער, מישפּטנדיק לויט צופעליקע בליקן, וואָס ווייסנבערג פלעגט אַ צייט שפּעטער וואַרפן אויף מיר, אַז אין דער טיף פון זיין האַרצן האָט ער גוט־געהייסן מיין האַנדלונג. אַז אויב זיין שרייבערישער אַרכיוו איז געבליבן גאַנץ און ער וועט זיך אַ מאָל אָפּזוכן, וועט מען אין אים געפינען שריפטשטעלע־רישע שפּורן סיי פון דער דאָזיקער געשעעניש, סיי פון זיין גוטהייסן זי.



צומאָרגנס נאָך דער דראַמאַטישער סצענע מיט ווייסנבערגן, איז געקומען צו מיר זיין פריינד ש. מיט ווייסנבערגס אַרטיקל, וואָס ער האָט נעכטן געהאַט אָפּגע־נומען, איך זאָל אים אַריינגעבן אינעם נומער דריי „דער קריטיקער“. איך האָב ביי אים געבעטן אַ שריפטלעכע באַשטעטיקונג, אַז ווייסנבערג בעט אָפּצודרוקן זיין אַרטיקל. און אין נומער דריי איז דער אַרטיקל דערשינען. אין נומער דריי איז אויך דערשינען מיינע אַ באַמערקונג, אַז פון פּערטן נומער אָן האָב איך קיין שום

שייכות נישט מער צו דער רעדאַקציע „דער קריטיקער". איך האָב אויך געפאָדערט, אַז איידער איך וועל איבערגעבן ווייסנבערגן דעם אָפּגעדרוקטן נומער דריי, זאָל זיך צונויפקומען אַ בוררים־געריכט פון ווייסנבערגס פריינד ביים בייזיין פון מיין עדות משה גראָסמאַן.

ווייסנבערגס פריינד, ערליך און גאָלדסאָבל, זיינען זיך צונויפגעקומען ביי ערליכן אין שטוב; זיי האָבן אויסגעהערט מיך און גראָסמאַנען און צונויפגעשטעלט אַ פּראָטאָקאָל, וואָס זאָל מיך פאַרטיידיקן קעגן די מעגלעכע בייזוויליקע נקמה־אַטאַקעס מצד ווייסנבערגן.

זיי האָבן דורכגעזען אַלע חשבונות, וואָס איך און ווייסנבערג האָבן צוגעשטעלט און פון וועלכע עס איז קלאָר געווען, אַז צו די דריי הונדערט זלאָטעס, וואָס ווייסנבערג האָט מיר געגעבן אויף אַרויסצוגעבן די דריי נומערן, האָב איך נאָך צוגעטראָגן פון מיין קעשענע אויף אַלע קליינע הוצאות, ביז מאַרקעס אויף פונאַנ־דערשיקן די ערשטע צוויי נומערן. פון ווייסנבערגס חשבונות איז געווען קלאָר, אַז ער האָט מיר פון די אַדמיניסטראַציע־ הכנסות גאָר נישט געגעבן.

דער פּראָטאָקאָל מיט אַלע דאָקומענטן איז איינגעלייגט געוואָרן ביי ווייסנ־בערגס פריינד און פּראָטעקטאָר גאָלדסאָבל.

איך געדענק, ווי משה גראָסמאַן האָט צו מיר געזאָגט:

— איר מעגט שוין זיין זיכער, אַז די דאָקומענטן וועלן ליגן אין דער בעסטער אָרדענונג עד שיבוא אליהו.

(ער האָט נישט פאָרויסגעזען דעם חורבן, וואָס וועט אַלץ — פונעם גרעסטן ביזן קלענסטן — צעשטערן, פאַרניכטן מיטן שורש).

פאַר אַ באַלוינונג פאַר מיין מי און עגמת־נפש האָב איך געפאָדערט בלויז צו דרייסיק עקזעמפּלאַרן פון יעדן נומער פון „דער קריטיקער".

ווייסנבערג האָט מיר זיי צוגעשיקט.

מיין מיטאַרבעט מיט ווייסנבערגן איז געווען פאַרענדיקט.

עס איז נאָך אינטערעסאַנט צוצוגעבן, אַז ווייסנבערג איז געווען שרעקלעך אין כעס אויף זיין נאָענטסטן מענטשן, אויף זיין פּראָטעקטאָר און פריינד ערליך; ער איז אַרויף צו אים אין שטוב מיט אַ סקאַנדאַל, פאַר וואָס ער האָט געזאָגט אַ טאָג נאָכן סקאַנדאַל מיט מיר, אַז ראַפּאָפּאָרט איז געווען פולשטענדיק גערעכט. (איך האָב ערליכן געענוי דערציילט אַלץ גלייך צומאָרגנס, ווען איך בין געקומען אַ זיגער עלף פרי צו דער „ידווא"־קאַנפערענץ). העכער אַ האַלב יאָר (האָט מיר ערליכס פרוי דערציילט אַ צייט שפּעטער) איז ער צו אים נישט אַריינגעקומען. און איך בין זיכער, אַז ערליכס שטעלונג צום סקאַנדאַל האָט אים אויפגערעגט אַזוי שטאַרק גראָד דערפאַר, ווייל ער האָט אָנגעטראָטן אויף אַ ווייטיקדיקן פונקט:

ווייסנבערגס געוויסן איז נישט געווען ריין...

און די שטעלונג פון אַלע זיינע פריינד — אַן אויסגעשפּראָכענע שטעלונג קעגן אים — האָט אים שטאַרק געדריקט.

*

אין פערטן נומער „דער קריטיקער" האָבן אַלע — און אויך איך — דערוואַרט אַ ביטערע אַטאַקע קעגן מיר, אָבער צו אַלעמענס איבערראַשונג האָט ווייסנבערג גאָר נישט געשריבן, ער האָט אַפילו נישט קאָמענטירט מיין נאָטיץ וועגן מיין איבערדרייסן מיטן „קריטיקער".

מער פון אַלע בין איך געווען איבערראַשט, ווייל איך האָב אין פערטן אָדער פינפטן נומער פון „קריטיקער" (מער איז ער נישט דערשינען) דערזען ווייסנבערגס אַרטיקל וועגן סטופּניצקין אין דער פּאָרעם — אַ וווּנדער! — ווי איך האָב אים אויסרעדאַקטירט: דאָרט האָבן געפעלט די אַלע שטעלן, וועגן וועלכע איך האָב אים געזאָגט, אַז זיי זיינען אומדערלאָזלעך, ווייל זיי זיינען נישט אַחריותדיק, נישט ריכטיק און נישט ערלעך.

מיט דער דאָזיקער רעדאַקטאָרישער השפּעה מיינער אויף ווייסנבערגן אַפילו שוין נאָך אונדזער דראַמאַטישן אינצידענט, מעג איך באמת זיין שטאָלץ.

און דער דאָזיקער אַרטיקל, געדרוקט דורך ווייסנבערגן לויט מיין רעדאַקציע, פירט מיך אַרויף אויף אַ סך געדאַנקען, אָבער איינער פון זיי אינטערעסירט מיך באַזונדערס שטאַרק און פאַרשאַפט מיר אי פריידע, אי טרויער: ווען נישט ווייסנבערגס שנעלער טויט („דער קריטיקער" איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 1936 און ווייסנבערג איז געשטאָרבן אין 1938), איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דער באַשריבענער דראַ־מאַטישער עפּיזאָד מיט ווייסנבערגן וואָלט נישט געווען דער סוף פון אונדזער קעגנזייטיקן צוגעצויגן און אָפּגעשטויסן ווערן.

און נאָך עפּעס ווילט זיך מיר זאָגן, הגם דאָס ליגט תמיד באַהאַלטן אין די טיפסטע ווינקלען פון מיין האַרץ און מוח: איך בין פולשטענדיק גערעכט געווען אין מיין האַנדלונג לגבי ווייסנבערגן, ווייל ער האָט באַליידיקט נישט נאָר מיך, ווי אַ מענטש, נאָר אויך מיין אויסערגעוויינטלעכע לאָיאַלקייט צו אים בעת די אונ־טערהאַנדלונגען וועגן איבערנעמען די רעדאַקציע פון „קריטיקער"; און דאָך מאַך איך זיך אַ מאָל פאָרוורפן, אַז ווען איך האַנדל נישט לגבי אים ווי ר' שמאי, נאָר ווי ר' הלל, וואָלט דער רעזולטאַט אפשר געווען אַ בעסערער.

ווען איך וואָלט דאַן געווען רעאַגירט נישט אינסטינקטיוו; ווען איך וואָלט פּסיכאָלאָגיש געווען געפּרוווט אַריינדרינגען אין ווייסנבערגס סתירותדיקער באַ־נעמונג בעת דעם גאַנצן „קריטיקער"־פּעריאָד, וואָלט איך געווען איינגעזען, אַז האַנדלען לגבי ווייסנבערגן ווי אַ גערעכטער, איז נישט גענוג, ווייל מע דאַרף

האַנדלען לגבי אים ווי לגבי אַ קראַנקן, וועלכן מ׳דאַרף אויסבעסערן נישט מיט שטראָף, נאָר מיט היילקונסט.

איך בין געווען אויף הונדערט און איינס פּראָצענט גערעכט לגבי אים. אָבער דאָס באַווייזט נאָר, אַז אויך גערעכטערהייט קען מע זיין אומגערעכט.

אָבער ווו נעמט מען די הללס?

און צו ווייסנבערגן האָט מען טאַקע באמת באַדאַרפט האָבן הללס געדולד.

צו מיין גרויסן באַדויערן האָב איך עס נישט פאַרמאָגט און פאַרמאָג עס נישט אויך איצט.

די פיינע פעדעם, וואָס האָבן זיך געקענט אויסשפּינען צווישן מיר און ווייסנ־בערגן לטובת דער יידישער ליטעראַטור, זיינען איבערגעריסן געוואָרן צוליב ווייסנבערגס שולד און מיין קפדנישן גערעכט זיין.

שאַנכיי, 1942.

# ד״ר חיים זשיטלאָווסקי

ווען איך האָב, אין מיין פריִער בחורשאַפט, געלייענט זשיטלאָווסקיס פיר בענד אַרטיקלען, איז דאָס פאַר מיר געווען אַ שטאַרקע איבערלעבונג. די פאַרשיידנ־אַרטיקייט פון דער טעמאַטיק, דער פאַרנעם פונעם באַהאַנדלען די טעמעס, דער סטיל און דער טאָן, — דאָס אַלץ האָט מען דאַן נישט צו אָפט געפונען אין דער יידישער ליטעראַטור. זשיטלאָווסקי איז פאַר מיר געוואָרן עפעס ענלעכס צו אַ יידישן אחד העם.

אַ באַזונדערס שטאַרקן איינדרוק האָבן געמאַכט אויף מיר אַזעלכע אַרבעטן זשיטלאָווסקיס ווי „היסטאָרישע אידייען־פאַרבינדונגען״, די אָפּהאַנדלונגען וועגן „איובן״ און וועגן מעטערלינקס „בלויען פויגל״.

ווען ד״ר הערמאַן פראַנק ע״ה האָט אין די לעצטע יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מילחמה (אָדער גלייך נאָך דער מילחמה?) געגרינדעט אין ביאַליסטאָק דעם „זשיטלאָווסקי־קלוב״, האָט דער נאָמען אַליין שוין צוגעגעבן אין מיינע אויגן גרויס חשיבות דעם דאָזיקן קלוב.

היות איך פלעג דאַן נישט לייענען די אַמעריקאַנער יידישע טאָג־פּרעסע, ווי אויך נישט די דאָרטיקע פּעריאָדישע אויסגאַבעס, איז זשיטלאָווסקי פאַר מיר פאַר־בליבן יאָרן לאַנג דער מחבר פון די פיר בענד. און ווען איך האָב צום ערשטן מאָל, אין בערלין, דערזען די ברייטע (פופצנבענדיקע) אויסגאַבע פון זיינע ווערק (אַרויס־געגעבן טאָקע אין בערלין), איז מיר דאָס געווען פּסיכאָלאָגיש שווער צו פאַרדייען — דער געשלאָסענער קרייז פון מיין אינטים־גייסטיקער פאַרבונדנקייט מיט זשיט־לאָווסקין איז ווי אויפגעריסן געוואָרן. ס'איז מיר געווען שווער אַריינצולאָזן אין דעם דאָזיקן קרייז נייע איינדרוקן. און איך קען זאָגן מיט זיכערקייט, אַז קיין שום אַרבעט זשיטלאָווסקיס האָט שוין נישט געמאַכט אויף מיר אַזאַ רושם ווי זיינע ערשטע פיר בענד.

אמת, אין די פיר בענד איז דאָ פונעם בעסטן, וואָס זשיטלאָווסקי האָט געשאַפן; אָבער דאָ האָט געשפּילט אַ ראָלע גיכער דער פּסיכאָלאָגישער מאָמענט, ווי דער ליטעראַריש־קוואַליטאַטיווער.

דער ערשטער פּערזענלעכער קאָנטאַקט מיט חיים זשיטלאָווסקין, וועלכער איז מיר שטאַרק געבליבן אין זיכרון (און וועלכן איך האָב געניויער באַשריבן אין מיין אַרטיקל וועגן ש. אַנסקין, אין מיין בוך „העלדן און קרבנות פון דער איבערגאַנג־צייט“), איז פאָרגעקומען אין הויז פונעם פועל־ציוניסט כאַזאַנאָוויטש.

דער לעצטער האָט געוווינט אין אַ ווייטער בערלינער פאָרשטאָט, וואָס האָט זיך ערשט געבויט. איך בין געפאָרן אומענדלעך לאַנג מיט אַ טראַמוויי. ווען די שינעס האָבן זיך אויסגעלאָזט, האָב איך אין אַ רעגנדיקן פאַרנאַכט געטאָפּטשעט אין בלאָטע פון אַ נישט־ברוקירטער גאַס. דער וועג אָן טראָטואַרן, די אָן אַ שיעור האַלב־אויפגעבויטע הייזער, דאָס בילן פון הינט ווי אין אַ דאָרף, — דאָס אַלץ האָט געהאַט דעם טעם פון אַ קאָשמאַר. נישט איין מאָל האָב איך זיך געוואָלט אומקערן, אָבער דער ציל פון מיין גיין איז געווען צו באַקומען אַרבעט ווי דער פּערזענלעכער סעקרעטאַר פון זשיטלאָווסקין (איך האָב זיך דערוווּסט, אַז ער זוכט אַ פּערזענלעכן סעקרעטאַר) און איך האָב נישט געוואָלט קאַפּיטולירן פאַרן האָפּע־נונגלאָזן וועג.

ענדלעך האָב איך אין דער פינצטער געפונען כאַזאַנאָוויטשעס הויז. דעם באַלעבאָס האָב איך געטראָפן אַ דענערווירטן, אַ שפּאַצירנדיקן הין־און־צוריק איבערן צימער. אַפילו ביים פרעגן מיך וועמען איך דאַרף, און ביים אָנווייזן מיר די טיר צו זשיטלאָווסקיס צימער, האָט ער קוים איינגעהאַלטן זיין נערוועזן שפּאַנען איבערן צימער (אין אַ קורצער צייט אַרום איז כאַזאַנאָוויטש געשטאָרבן). איך בין אַריין אין אַ טונקל־באַלויכטענעם צימער. ביי אַ נישט גרויסן טיש איז געזעסן זשיטלאָווסקי. ער האָט געלייענט אַ בוך. ביים דערהערן מיין פאַמיליע־נאָמען, האָט ער באַקומען ווי אַ שאָק, — זיין לעבנס־פריינד, ש. אַנסקי, וועלכער איז מיט אַ קורצער צייט צוריק געהאַט געשטאָרבן, האָט געהאַט דעם זעלביקן פאַמיליע־נאָמען.

מיר האָבן אַ ביסל געשמועסט און ער האָט געבעטן מיין אַדרעס: ער וועט זיך נאָכפרעגן וועגן מיר און מיר לאָזן וויסן.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך פון זשיטלאָווסקין באַקומען אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט מיר מיטגעטיילט, אַז איך האָב באַקומען די שטעלע פון זיין פּער־זענלעכן סעקרעטאַר.



זשיטלאָווסקי האָט געוווינט מיט זיין פאַמיליע אין אַ דאָרף. ער פלעגט איין מאָל אַ וואָך קומען קיין בערלין. איך פלעג אים אָפּוואַרטן ביי דער באַן (געוויינטלעך פלעגט אויך זיין דערביי זיין לעבנס־פריינד מענדל ראָזענבאַום), מיטפאָרן מיט אים צו זיינעם אַ וויטן קרוב, וווּ ער פלעגט איינשטיין בעת זיין זיין אין בערלין. דאָרט

פלעג איך אים איבערגעבן די אָפּגעטוענע אַרבעט, און ער פלעגט מיר „פאַרגעבן" אַרבעט אויף דער קומענדיקער וואָך.

די אַרבעט מיינע איז באַשטאַנען אין איבערזעצן מאַטעריאַלן, וואָס זיינען זשיטלאָווסקין געווען נייטיק פאַר זיין געפּלאַנטן גרויסן ווערק, וואָס האָט געזאָלט הייסן (אומגעפער) „דער גייסטיקער קאַמף פון יידישן פאָלק פאַר זיין עקסיסטענץ".

זשיטלאָווסקי פלעגט מיר זאָגן, אַז אים זיינען נייטיק די און די ציטאַטן פון די און די העברעיִשע, דייטשישע, רוסישע אָדער פראַנצויזישע ווערק, און מיין אויפגאַבע איז באַשטאַנען אין אויפזוכן די ביכער און איבערזעצן אין יידיש די געהעריקע שטעלן.

מיר איז ביי דער אַרבעט אָפט אויסגעקומען צו ריידן מיט זשיטלאָווסקין וועגן זיין געגרייטן בוך. לויט זיינע רייד האָט ער שוין געאַרבעט אויפן דאָזיקן בוך אַ פּאָר צענדליג יאָר. ער האָט עס באַטראַכט פאַר זיין לעבנסווערק. אָבער מאָדנע: גלייכצייטיק האָב איך אַרויסגעפילט, אַז דאָס אומאויפהערלעכע זאַמלען מאַטעריאַלן איז אַ מיטל אָפּצולייגן, מיט אַ רויִקן געוויסן, אַן אַרבעט, מיט וועלכער מען איז אַריין אין אַ טעמפּן ווינקל.

איך האָב אים עטלעכע מאָל געפרעגט צי ער האָט שוין אָנגעהויבן שרייבן דאָס בוך, וועגן וועלכן ער פלעגט ריידן מיט אַזוי פיל ענטוזיאַזם, מיט אַזוי פיל גלויבן אין זיין וויכטיקייט. און יעדעס מאָל פלעג איך אין זיין נעגאַטיוון ענטפער אַרויספילן אַ שטילן טאָן פון טראַגיק: נישט ער האָט, ווי עס שיינט, געקענט אָפּלאָזן די דאָזיקע טעמע, און נישט ער האָט זי געקענט שעפעריש באַהערשן.

עס טרעפט אָפט אין שעפערישן לעבן פון אַ שרייבער, אַז מע פאַרשפּעטיקט דעם צוג. און דער שרייבער דרייט זיך דאַן אַרום אויף דער סטאַנציע נישט אַהין און נישט אַהער: אי מ'קען נישט פאָרן וווהין מע וויל, אי עס איז שווער צו פאַרלאָזן די סטאַנציע.

זשיטלאָווסקי האָט אין זיין יוגנט אָנגעכאַפּט (אין רוסיש) אַ וויכטיקע און ביז גאָר אינטערעסאַנטע טעמע („דער צוויי טויזנט-יאָריקער גייסטיקער קאַמף פון יידנטום"). ער האָט זיך צוגערירט צו איר מיטן שפּיץ פעדער. ער האָט גענומען וואַרעמען דעם געדאַנק וועגן אומקערן זיך צו איר, זי אויסצושעפּן. אָבער טויזנט אַנדערע טאָג- און צייט-טעמעס האָבן אין משך פון יאָרצענדלינגער אָפּגעצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט און זיין ענערגיע, און די הויפּט-טעמע, דאָס געפּלאַנטע לעבנס-ווערק איז געבליבן אָן דערנערונג, אָן אַ לעבעדיקן אימפּולס אויף צו וואַקסן. כדי נישט מודה זיין זיך אין דער מפּלה, האָט זשיטלאָווסקי כסדר געזאַמלט מאַטעריאַלן, וואָס האָבן אים געדינט (פאַר אים גופא), ווי אַן אַליבי, פאַר וואָס ער שרייבט נישט דאָס ווערק.

איך ספק צי ער האָט געלאָזן צווישן זיינע כתבים, אויב נישט דאָס גאַנצע

לעבנסווערק, איז כאָטש אַ פּאַרטיקן טייל; דערפאַר אָבער דאַרפן זיך דאָרט געפינען תמרים מאַטעריאַלן פון אַזאַ בוך, און צווישן זיי נישט ווייניק אין מיין האַנטשריפט.



פאַראַן קליינִיקייטן, וואָס פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון אַ מענטשן זיינען זיי פּונקט אַזוי וויכטיק (און אפשר נאָך מער דעצידירנדיק) ווי גרויסע זאַכן.

צוויי אַזעלכע קליינִיקייטן האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין זיכרון און אין געמיט, און תמיד, ווען איך דערמאָן זיך אין זשיטלאָווסקין, שווימען זיי אויף אין מיר.

די גאַנצע צייט, וואָס איך זיץ און שרייב די דערינערונגען וועגן אים, האַלטן זיי אין איין פּיקן אין מיין מוח, איך זע זיי מיט אַלע פּיטשעווקעס (אַ סך בולטער ווי איך בין פעיִק זיי צו שילדערן). זיי לאָזן נישט צורו. און וואָס מער איך אונטערדריק זיי (ווייל סוף־כל־סוף זיינען זיי נישט וויכטיק), אַלץ אימפּעטיקער רייסן זיי זיך צו דער אייבערפלאַך. איז לאָמיר פּטור ווערן פון זיי.

איין מאָל איז זשיטלאָווסקי געקומען צו פאָרן קיין בערלין מיט אַ גרויסן באַגאַזש און אַ דינסט און ער האָט געדאַרפט אַריבערפאָרן פון איין וואָקזאַל אויף אַ צווייטן, כדי אָפּצופאָרן צו זיין פאַמיליע, וואָס האָט זיך געפונען ערגעץ אין דייטשלאַנד אויף אַ זומער־וווינונג. ער האָט מיך אַרויסגערופן מיט אַ קאַרטל און איך האָב אים אָפּגעוואַרט אויפן וואָקזאַל.

אַרויסגעקומען פון וואַגאָן, האָט ער געגעבן דעם באַגאַזש־צעטל אַ באַן־טרעגער, ער זאָל דעם באַגאַזש באַזאָרגן צום צווייטן וואָקזאַל. יענער האָט גענומען אַ צווייטן און זיי האָבן אָפּגענומען אַ ריזיקן קאָרב און נאָך פּעק און אָנגעהויבן טראָגן אויף דער גאַס אַרויס, צום צווייטן וואָקזאַל. זשיטלאָווסקי, די דינסט, איך און נאָך עטלעכע פריינד זשיטלווסקיס זיינען נאָכגעגאַנגען.

מיט אַ מאָל פרעגט זשיטלאָווסקי די טרעגערס וווּהין זיי גייען מיטן באַגאַזש. ענטפערן זיי — צום נאָענטסטן טראַמוויי, וועלכער וועט אים מיטן באַגאַזש אָפּפירן צום צווייטן וואָקזאַל.

האָט זיי זשיטלאָווסקי געהייסן אָפּשטעלן זיך און געזאָגט:

— איך האָב געמיינט, אַז איר טראָגט דעם באַגאַזש צום צווייטן וואָקזאַל; צום טראַמוויי קענען מיר אַליין צוטראָגן דעם באַגאַזש; איך דאַרף נישט אייער הילף.

די טרעגערס זיינען רויִק אַוועק און איבערגעלאָזט (יעדנפאַלס ביי מיר) אַ פּריקרען טעם. דער גאַנצער שכר טרחה פון די טרעגערס האָט בכלל געקענט באַטרעפן ממש גראָשנס (בפרט סוף 1923, אין דער אינפלאַציע־צייט), איז ווי אַזוי הייסט מען טרעגערס, איך מיטן זייער אַרבעט, אַוועקשטעלן דעם באַגאַזש און נעמען דעם דרך, נישט באַצאָלנדיק אַפילו פאַרן אָפּנעמען דעם באַגאַזש?

עס האָט אין מיר געקאָכט, ווען איך האָב געזען מיט וואָס פאַר אַ רויִקייט

זשיטלאָווסקי האָט איינגעשפּאַנט די דינסט, זיך און די אַרומיקע, כדי איינצושפּאָרן אַ שיבוש ממש.

איך געדענק: אין אַ יאָר אַרום, בעת אַ רייזע אין דער זאַקסישער שווייץ מיט אַ באַקענטן, האָבן מיר, ליגנדיק אין די האָטעל־בעטן, זיך צערעדט וועגן זשיטלאָווסקין. האָב איך זיך נישט געקענט איינהאַלטן און דערציילט מיט ביטערקייט וועגן דעם אינצידענט מיטן באַגאַזש. און הגם דער דאָזיקער געשמאַקלאָזער אינצידענט האָט, נאַטירלעך, נישט געקענט באַאיינפלוסן מיין באַציִונג צו זשיטלאָווסקין דעם פיינעם דענקער, דעם גוטן קריטיקער, דעם הערלעכן פּובליציסט, דעם מאַכלדיקן רעדנער און דעם פיינעם פריינד, — דאָך האָבן די דאָזיקע אַלע מעלות און זיין גוטע באַציִונג צו מיר נישט געקענט אויסמעקן אין מיר יענעם אומגליקלעכן שטומען אינצידענט ביים וואָקזאַל.

אַ מענטש, בפרט אַ באמת גרויסער מענטש, וועלכער קען זיין אַזוי קליינלעך, שטעלט זיך אויס אַ זייער שלעכטע צייגעניש.

און דער צווייטער עפּיזאָד, וואָס האָט געשטעלט זשיטלאָווסקין אין אַ שלעכט ליכט אין מיינע אויגן, איז נאָך אומשולדיקער פאַרן ערשטן.

איך און נאָך עטלעכע פּערזאָן (צווישן זיי — מענדל ראָזענבאַום) האָבן אָפּגע־וואַרט זשיטלאָווסקין ביי דער באַן און זיינען צוגעפאָרן צו אים אין דער דירה, וווּ ער פלעגט תמיד איינשטיין.

מיט אַ מאָל זע איך, ווי זשיטלאָווסקי ,זיצנדיק נאָך אין מאַנטל, שיילט אַ מאַראַנץ. אַ לפי ערך גרויסער עולם געפינט זיך אין צימער; זיין שיינע, שטאַלטנע סקאַנדינאַווישע פרוי פאַרעט זיך אַרום אין צווייטן צימער מיטן מיטגעבראַכטן קליי־נעם געפּעק, און זשיטלאָווסקי זיצט אַריינגעטאָן מיטן גאַנצן וועזן אינעם שיילן דעם מאַראַנץ. דער איינדרוק איז געווען, אַז ער טוט אַ הייליקע עבודה. ער האָט געהאַלטן דעם מאַראַנץ, ווי אַ פרומער ייִד פון פאַרצייטן פלעגט האַלטן אַן אתרוג; זיינע באַ־וועגונגען ביים שיילן אים זיינען געווען פאָרזיכטיק, קינסטלעריש. וואָלט איך גע־זאָגט. און ווען ער האָט אים שוין געהאַט אָפּגעשיילט, האָט ער אים גענומען צענעמען אויף פּענעצלעך און לייגן אין מויל אַריין — מיט אַזעלכע באַוועגונגען, אַז איך האָב זיך, געדענק איך, געפרעגט: ווער האָט פונעם מאַראַנץ מער הנאה — זיין גומען אָדער זיינע פינגער, וואָס האַלטן מיט אַזאַ כוונה יעדעס פּענעצל מאַראַנץ.

איך האָב נישט געקענט אויפהערן קוקן אויף דער עבודה פון עסן אַ מאַראַנץ, אויף דער קונסט פון עסן אַ מאַראַנץ. און וואָס מער איך האָב געקוקט, אַלץ בולטער האָבן זיך אָפּגעשטעמפּלט אין מיין געמיט צוויי זאַצן:

1) ס׳אַראַ עגאָיסט זשיטלאָווסקי איז; 2) ווי ליב ער האָט דאָס לעבן.

איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז די וועלט מעג זיך איבערקערן, — ער וועט נישט אָוועקלייגן דעם מאַראַנץ און אַפילו נישט צואיילן דעם פּראָצעס פון אָפּשיילן

אים און פון אויפעסן אים; ער וועט נישט פאַרלירן קיין איין טראָפּן געגוס, וואָס עס ציִען אַרויס פון דאָזיקן פּראָצעס די אויגן, וועלכע ער נעמט נישט אַוועק פונעם מאַראַנץ, כדי אויסצוזויגן דעם פולן געגוס פון זיין שיינעם קאָליר און פון זיין שיינער פאָרעם; די פינגער, וואָס געניסן די הויט זיינע, די נאָז, וואָס ציט אַריין אין זיך דעם מחיהדיקן אַראָמאַט און דער גומען,ביים פאַרענדיקן דעם דאָזיקן קאָלעקטיוון געגוס־פּראָצעס דורך אַראָפּשלינגען דעם אויסגעפּרעסטן מאַראַנצן־זאַפט.



איין מאָל, ווען איך בין געקומען צו זשיטלאָווסקין מיט די אויסגעזוכטע און איבערגעזעצטע מאַטעריאַלן, האָב איך אים געטראָפן לייענען אַ נומער פון דער ריגער טאָגצייטונג „דאָס פאָלק", אין וועלכער איך האָב מיטגעאַרבעט. און געלייענט האָט ער דאָרט אַ גענויעם, כמעט סטענאָגראַפישן טעקסט פון זיינעם אַ רעפעראַט וועגן „אָרט", וואָס זשיטלאָווסקי האָט געהאַט געהאַלטן אין בערלין מיט עטלעכע חדשים צוריק און איך האָב אים באַאַרבעט פאַר „דאָס פאָלק" לויט עטלעכע נאָטיצן און זיכרון־פאַרצייכענונגען. די ריגער ביוראָ פון „אָרט" האָט אים צוגעשיקט דעם נומער מיט זיין רעפעראַט.

ער האָט אויף אַ מינוט אַוועקגענומען די אויגן פון דער צייטונג און פון הינטער די ברילן אַפער אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט זיין רויִקן, דורכדרינגענדיקן בליק, וואָס האָט אַזוי האַרמאָנירט — סיי מיט דער רויִקייט, סיי מיט דער דורכדרינגלעכ־קייט — מיטן שרייבער און רעדנער אין אים.

דערנאָך האָט ער ווידער אַריינגערוקט דעם גאַנצן קאָפּ אין דער גרויסער צייטונגס־זייט און דערלייענט ביזן סוף.

— אַ חוץ איין וואָרט, — האָט ער געזאָגט און מיר געוויזן אַן אונטערגעשטראָכן וואָרט, — האָט איר אַלץ איבערגעגעבן ריכטיק, ווי אַ סטענאָגראַמע. איך האָב דאָ מיין גאַנצן רעפעראַט, פון „א" ביז „ת". פאַר וואָס האָט איר מיר גאָר נישט געזאָגט, אַז איר שרייבט?

— וואָס האָב איך אייך געהאַט צו זאָגן? איך שרייב.

— אפשר קענט איר מיר ברענגען עטלעכע אַרטיקלען אייערע?

— אויב איך וועל געפינען, וועל איך דעם נאָענטסטן מאָל מיטברענגען.

פון אַלע אַרטיקלען, וואָס איך האָב דאַן שוין געהאַט געדרוקט, האָב איך געפונען ביי זיך בלויז אַ צוויי־דריי, פון אַ סעריע אַרטיקלען וועגן ייִדישע פּראָבלעמען, געדרוקט אין 1921 אין פּסח קאַפּלאַנס ביאַליסטאָקער „דאָס נייע לעבן".

די צווייטע וואָך האָב איך די אַרטיקלען געבראַכט זשיטלאָווסקין, ווי אויך

מיינע אַן איבערזעצונג פון עמיל ווערהאַרנס אַ ליד — „די ווינטער־נאַכט הייבט אויף איר כּוס צום הימל".

זשיטלאָווסקי האָט דאָס איבערגעלייענט און מיר פאָרגעלייגט צוויי זאַכן: 1) איך זאָל אים געבן די איבערזעצונג פון ליד, ווען ער דאָס אַוועקשיקן אין דער „צוקונפט", און 2) איך זאָל אים ברענגען אַן אַרטיקל אָדער אַ קאָרעספּאָנדענץ פון בערלין, וועט ער דאָס אַוועקשיקן אין „טאָג" מיט זיינער אַ רעקאָמענדאַציע.

לאָגיש קען איך ביזן היינטיקן טאָג נישט דערקלערן, פאַר וואָס איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון ביידע פאָרשלאָגן, וואָס וואָלטן אפשר געווען באַווירקט דעם גאַנג פון מיין שריפטשטעלערישן לעבן. איך וויל דאָס גאָר נישט פּרוּוון דערקלערן, ווייל איך בין נישט זיכער צי מיינע דערקלערונגען וואָלטן נישט געווען קיין אַריינ־טייטשונגען, וואָס האָבן מיט די דעמאָלטדיקע מאָטיוון (אָדער ריכטיקער: מיטן דעמאָלטדיקן אימפּולס אָדער מיט דער דעמאָלטדיקער שטימונג) קיין שום שייכות נישט (אַגב, בעת זשיטלאָווסקיס אַ שפּעטערדיקן ענלעכן פאָרשלאָג האָב איך גע־האַנדלט פּונקט ווי דעם ערשטן מאָל, — דאָס איז ביי מיר, ווייזט אויס, געווען אַ טיף־פאַרוואָרצלטער קאָמפּלעקס פון עפּעס ענלעכס ווי פאַרטיידיקן מיין זעלב־שטענדיקייט).

איך געדענק ווי איצט, ווי זשיטלאָווסקי האָט זיך רויק געוווּנדערט וואָס איך זאָג זיך אָפּ פון זיין הילף־פאָרשלאָג (ווי ער האָט זיך געוווּנדערט אין די אָנהייב דרייסיקער יאָרן, ווען ער איז געווען אין פּוילן און מיר ווידער פאָרגעלייגט צו פאַרבינדן מיך מיטן ניו־יאָרקער „טאָג" און איך האָב ווידער נישט אָנגענומען זיין פאָרשלאָג).

עס איז צוגעפאַלן דער פאַרנאַכט, זשיטלאָווסקי האָט זיך געקליבן ערגעץ־ווו. מיר זיינען אַראָפּ צוזאַמען פון די טרעפּ. מיר זיינען געגאַנגען צום טראַמוויי. זשיט־לאָווסקי האָט די גאַנצע צייט געשוויגן. ווען זיין טראַמוויי האָט זיך גענומען דער־נעענטערן, האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן:

— איר מוזט זיין אַ שרייבער. שרייבט.

אין אַ קורצער צייט אַרום, ווען איך בין אַרויפגעקומען צו אים, האָט ער מיר דערציילט, אַז ער פּלאַנירט צוזאַמען מיטן ד״ר י. נ. שטיינבערג צו באַנייען אין בערלין זיין צייטשריפט „דאָס נייע לעבן", און בקרוב וועט ביי ד״ר שטיינבערגן אין שטוב פאָרקומען וועגן דעם אַ זיצונג, צו וועלכער ער לאַדט מיר איין. ער וויל מיר איבערגעגעבן צו פירן אין זשורנאַל אַן אָפּטיילונג „נאָטיצן".

די זיצונג איז פאָרגעקומען. זשיטלאָווסקי האָט מיך אַהין אַוועקגעפירט אין איינעם אַ פאַרנאַכט. ביי דער זיצונג זיינען געווען ד״ר י. נ. שטיינבערג ע״ה, ד״ר אַהרן שטיינבערג (אים צו לענגערע יאָרן), זשיטלאָווסקי, איינער ד״ר העללער

און איך. עס איז באַהאַנדלט געוואָרן דער פּלאַן פון באַנייטן זשורנאַל, אָבער פונעם פּלאַן איז, צום באַדויערן, גאָר נישט אַרויסגעקומען.

אָבער די דאָזיקע זיצונג האָט מיך פאַרבונדן מיט ד״ר י. נ. שטיינבערג ע״ה און עס איז פון דעם אַרויסגעקומען אַ לאַנגיאָריקע פריינדשאַפט, וואָס איז געווען פרוכטבאַר מיט גייסטיקער אַרבעט. אָבער דאָס געהער שוין צו אַן אַנדער קאַפּיטל פון מיינע דערינערונגען.



פון דער בערלינער צייט איז ווערט זיך אָפּצושטעלן אויף נאָך אַ דערפאַרונג מיינער מיט ד״ר זשיטלאָווסקי.

אַרום פּורים־צייט פון 1923 האָב איך זיך געפילט נישט גוט אין געזונט. איך האָב גענומען טראַכטן וועגן פאָרן אויף אַ צוויי חדשים קיין ביאַליסטאָק (ווּהין עס האָט מיך שטאַרק געצויגן אויך געזונטערהייט). איך האָב דאָס דערציילט זשיטלאָוו־סקין, ווען ער איז געקומען קיין בערלין.

ער האָט מיר גענומען איינריידן, איך זאָל אַריבערקומען אויף אַ צוויי חדשים צו אים אין פאַרוואָרפענעם ווינקל אַריין.

— קיין ציוויליזאַציע, — האָט ער מיר געזאָגט, — וועט איר דאָרט נישט האָבן, — וואַסער צום וואַשן זיך וועט איר מוזן אָנשעפּן פון אַ ברונעם, אָבער די לופט איז גוט, צום שלאָפן וועט איר האָבן אין אייער רשות אַ בוידעם־שטיבל, עסן וועט איר ביי אונדז.

איך האָב זיך געוואַקלט. פון איין זייט האָט מיר דער פּלאַן שטאַרק געשמעקט. עס האָט זיך געוואָלט זיין אַ פּאָר חדשים נאָענט צו זשיטלאָווסקין. ערשטנס — דאָס זיין נאָענט אין אַ וויסטן העק וועט מוזן פירן צו אַ נעענטערן אינטים־גייסטיקן קאָנטאַקט; צווייטנס איז מיר טאַקע געווען אינטערעסאַנט צו זען זשיטלאָווסקין אין קרייז פון זיין פאַמיליע, — דער סקאַנדינאַווישער פרוי און זיינע האַלב־יידישע און האַלב־גויישע קינדער.

פון דער צווייטער זייט אָבער האָב איך מורא געהאַט, אַז איך וועל זיך פילן אומבאַקוועם, ביי מיין שעמעוודיקייט, אין אַ פרעמדער שטוב, אין אַ פרעמדער סביבה. און אַגב האָט מיך טאַקע שטאַרק, גאָר שטאַרק געצויגן קיין ביאַליסטאָק.

איך האָב געזאָגט זשיטלאָווסקין, אַז איך וועל זיין פאָרשלאָג דורכטראַכטן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך באַקומען אַ קאַרטל פון זיין פרוי (געשריבן, אויף וויפל איך געדענק, אין רוסיש), אַז איר מאַן האָט איר דערציילט וועגן זיין פּלאַן, און זי לאַדט מיך האַרציק איין צו פאַרברענגען ביי זיי אַ פּאָר חדשים.

דאָס דאָזיקע קאַרטל האָט מיר צוגעגעבן מוט און איך האָב אָנגענומען דעם פאָרשלאָג. איך האָב אָבער אָפּגעלייגט דאָס פאָרן ביז איך וועל ברענגען אין אָרדע־

נונג מיין פּוילישן פּאַס און זיך פאַרזאָרגן מיט אַן אַרויספאָר־ און אַריינפאָר־וויזעס, כדי נאָך מיין באַזוך ביי זיי זאָל איך גלייך קענען פאָרן פאַרענדיקן מיין קוראַציע אין ביאַליסטאָק.

די קלאָפּאָטן מיט מיין פּאַס און מיינע וויזעס האָבן געדויערט אַ סך מער ווי איך האָב גערעכנט. אינצווישן פלעגט פרוי זשיטלאָווסקי, ביי איר קומען קיין בערלין מיט איר מאַן, מיך צואיילן צו קומען צו זיי און איך פלעג צוזאָגן, אויפריכטיק גערירט פון זשיטלאָווסקיס באַציִונג צו מיר, — איך האָב דאָך פאַרשטאַנען, אַז זיין פרוי לאַדט מיך איין צו זיי שריפטלעך און מינדלעך אונטער זשיטלאָווסקיס „דירעקציע".

אָבער ווען איך האָב ענדלעך געהאַט פאַרטיק דעם פּאַס און די וויזעס, האָט מיך אָנגעכאַפּט אַזאַ היימווי, אַז איך האָב אָנגעשריבן אַ קאַרטל צו די זשיטלאָווסקיס, פול מיט אַנטשולדיקונגען און דאַנקבאַרקייט, אַז איך קען נישט קומען, ווייל איך מוז פאָרן קיין ביאַליסטאָק.

איך בין עד־היום חושד, אַז מיין וואַרטן מיטן פאָרן צו די זשיטלאָווסקיס ביז איך וועל האָבן די וויזעס אויף אַרויסצופאָרן און אַריינצופאָרן קיין דייטשלאַנד, איז געווען אַ טריק פון כיטרען אונטערבאַוווסטזיין; ער האָט געוווסט פון פאָרויס, אַז מיין באַוווסטזיניקע הסכמה צו פאָרן צו די זשיטלאָווסקיס וועט זיין שוואַכער פאַר מיין אומבאַוווסטזיניקן ווידערשטאַנד, פון מיין נאַטור.

איך האָב זינט דעמאָלט אומצאָליקע מאָל באַדויערט וואָס איך בין נישט געפאָרן כאָטש אויף אַ פּאָר וואָכן צו זשיטלאָווסקין. איך ווייס אַז איך האָב דורכגעלאָזן אַן איינציקע געלעגנהייט צו באַקענען זיך אינטים מיטן דאָזיקן ביז גאָר טאַלאַנטירטן און אינטערעסאַנטן מענטשן. אָבער ווען איך פּיר דורך פאַר מיין גייסטיקן בליק אַ שטיק פון מיין לעבן, זע איך, לויט אַ סך אַנדערע אימפּולסיווע האַנדלונגען, אַז אַנדערש האָט דאָס נישט געקענט זיין: אי איך האָב דאַן געמוזט פאָרן קיין ביאַליסטאָק, אי איך האָב געמוזט נישט פאָרן צו די זשיטלאָווסקיס.



בעת מיין וויילן אין ביאַליסטאָק, האָב איך באַקומען אַ בריוו פון ת. עדות, דעם אייגנטימער און רעדאַקטאָר פון ריגער „דאָס פאָלק" (ווו איך האָב מיטגעאַרבעט פון בערלין), איך זאָל קומען קיין ווילנע, וווהין ער פאָרט אַרויס, — ער וויל מיט מיר פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן קומען קיין ריגע.

מיר זיינען דורכגעקומען, הגם איך בין געווען אומאַנטשלאָסן. איך האָב באַשטימט צו פאָרן קיין ריגע איבער בערלין. אפשר, טאָמער.

אין בערלין האָב איך גענומען אַ וויזע קיין פּאַריז, אָבער, צום באַדויערן, זי אויסגעלאָזט און אָפּגעפאָרן קיין ריגע.

אין בערלין בין איך געווען אַזוי פאַרנומען מיט די וואַקלענישן וווהין צו פאָרן, אַז איך האָב זיך מיט זשיטלאָווסקין (אויף וויפל איך געדענק) נישט געזען. פון ריגע האָב איך אים געשריבן עטלעכע מאָל און באַקומען ענטפערס. ערשט אין וואַרשע האָב איך זיך מיט אים ווידער באַגעגנט, בעת זיין צווייטמאַליקן באַזוך אין די סוף צוואַנציקער (אָדער אָנהייב דרייסיקער) און אין די מיטן דרייסיקער יאָרן.

פון די דאָזיקע באַגעגענישן מיט אים זיינען מיר פאַרבליבן עטלעכע אינטע־רעסאַנטע איינדרוקן, וועלכע איך וויל דאָ איבערגעבן.

ווען זשיטלאָווסקי איז געקומען קיין וואַרשע אין די סוף צוואַנציקער אָדער אָנהייב דרייסיקער יאָרן, בין איך געשיקט געוואָרן דורך די „ליטעראַרישע בלעטער" צו נעמען ביי אים אַן אינטערוויו. איך בין געקומען צו אים, זיך פונאַנדערגערעדט און דאַן אים געפרעגט וואָס ער האַלט פאַר וויכטיק צו זאָגן די יידישע לייענערס פון פוילן.

האָט מיר זשיטלאָווסקי געענטפערט בנעימות ווי זיין שטייגער איז געווען, אַז אַליין וויל ער גאָר נישט זאָגן — ער וועט ענטפערן אויף פראַגעס.

האָב איך אים געזאָגט, אַז אָט דעם מין אינטערוויו האָב איך זייער פיינט. ווען עס קומט אַ גרויסע פערזענלעכקייט, שטעלט מען אים אַלערליי פראַגעס, און ער ענטפערט, ווי אַן אָראַקל, הגם עס טרעפט אַ סך מאָל, אַז די געשטעלטע פראַגעס אינטערעסירן אים גאָר נישט אָדער ער קען זיך נישט אויס אין זיי — זיי געהערן נישט צו זיין געביט; דער פראַגע־שטעלער שטעלט פראַגעס וואָס, אָדער זיי אינ־טערעסירן אים אָדער ער שטעלט זיי סתם, ווייל זיי פאַלן אים פונקט איין. איז האַלט איך דעריבער אַז אַן אינטערוויו דאַרף אָנהייבן דער גאַסט מיט דעם וואָס אים אינטערעסירט, און ערשט דאַן קען דער פרעגער ווערן אַקטיוו נישט סתם אין דער וועלט אַריין, נאָר צוועקמעסיק.

היות ביידע האָבן מיר זיך איינגעשפּאַרט, האָב איך אים דערקלערט, אַז אויב אַזוי וועט זיין אויס אינטערוויו, און איך האָב באַהאַלטן אין קעשענע מיין בלייפעדער און מיין בויגן פּאַפּיר.

איך דערצייל דאָס נישט כדי צו ווייזן מיין עקשנות, אָדער ווייל איך האַלט אַז איך בין גערעכט געווען; פונקט פאַרקערט: איך האָב שפּעטער באַגריפן, אַז גערעכט איז געווען זשיטלאָווסקי. געוויס מיסברויכט מען מיט דער אָנגענומענער פאָרעם פון אינטערוויו, אָבער דאָס הייסט נישט אַז מ'דאַרף אים אַנולירן; דאָס הייסט בלויז אַז מע דאַרף אים אויסבעסערן. צי קען מע דען נישט צוגרייטן אַ ריי פראַגעס וואָס זיינען צוגעפּאַסט פאַרן אינטערוויוּירטן? אויב איך האָב דאָס נישט געטאָן, איז דאָס געווען מיין שולד (גוט האָב איך בלויז געטאָן, וואָס נישט האָבנדיק צוגעגרייט קיין געהעריקן אַסאָרטימענט פון פראַגעס, האָב איך בעסער זיך אָפּגע־זאָגט פונעם אינטערוויו, איידער שטעלן אויסגעדראָשענע שאלות).

איך דערציייל דאָס כדי אונטערצושטרייכן זשיטלאָווסקיס אַ גוטע מידה. כמעט יעדער איינער וואָלט זיך געוועזן געפילט באַליידיקט פון מיין האַנדלונג, און ער וואָלט מיר געוועזן געוואָרן אַ שונא ביזן בלוט, ביזן טויט אַריין. ביי זשיטלאָווסקין האָב איך דאָס נישט געפילט נישט גלייך אויפן אָרט (מיר האָבן ממשיך געווען אונדזער שמועס אַ לאַנגע צייט, אין דער גרעסטער געמיטלעכקייט) און נישט שפּע־טער. אדרבא, איך האָב אַ געוויסן גרונט צו גלייבן אַז מיין אַפּווייכן פון שאַבלאָן איז אים געפעלן געוואָרן.

בכלל, מישפּטנדיק פון מיין דערפאַרונג, האָט זשיטלאָווסקי נישט אַרויסגעוויזן קיין גאווה לגבי יינגערע קאָלעגן־שרייבערס: פאַרקערט, ער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך דזשענטלמענישקייט און חברישקייט, נישט געקוקט אויף זיין איינגעבוירענעם עגאָ־איזם. דאָס האָט זיך גענומען דערפון, וואָס גייסטיק שאַפן איז געווען נישט נאָר זיין פאַך, נאָר אויך זיין לעבן, און אויפן דאָזיקן געביט זיינען פאַר אים אַלע געווען גלייך, — עס איז דאָ געגאַנגען נישט אין העכער און נידעריקער לויט דעם ראַנג, נאָר אין ווער עס איז גערעכט אין געגעבענעם מאָמענט.

גייסטיק שאַפן איז געווען פאַר אים אַ זאַך „לשמה", און ער איז געווען טאָלע־ראַנט צו יעדער דערשיינונג אירער.

און אין דעם האָט זיך אַרויסגעוויזן נישט נאָר זיין גוטע מידה, נאָר אויך זיין גרויסע קולטור.

איך געדענק אַ זייער אינטערעסאַנטן פאַל.

דער פאַרלאַג ה. בזשאָזע האָט איבערגעדרוקט אין וואַרשע זשיטלאָווסקיס איבערזעצונג פון ניטשעס „זאַראַטוסטראַ". איך האָב דאָס בוך געלייענט און גע־מאַכט אַ ריי נאָטיצן וועגן דער איבערזעצונג, ספּעציעל וועגן די פאַרגרייזטע שטעלן, וואָס זעלטן ווען אַן איבערזעצונג — אַפילו אַ גוטע — איז אין גאַנצן פריי פון זיי.

ווען זשיטלאָווסקי איז געקומען קיין וואַרשע, האָב איך נאָך די רעצענזיע וועגן זיין „זאַראַטוסטראַ"־איבערזעצונג נישט געהאַט אָנגעשריבן (איך געדענק אַפילו נישט צי איך האָב בכלל געהאַט געדרוקט אַ רעצענזיע וועגן זשיטלאָווסקיס אי־בערזעצונג).

איין מאָל זיצנדיק מיט זשיטלאָווסקין נאָכן פרישטיק אין זיין האָטעל־צימער, גיט ער מיך אַ פרעג צי איך האָב געלייענט זיין „זאַראַטוסטראַ"־איבערזעצונג. איך האָב אים געזאָגט אַז יאָ. און ווען ער האָט מיך געפרעגט וואָס איז מיין מיינונג וועגן דער איבערזעצונג, האָב איך אים געזאָגט דעם אמת. און איך האָב אים דערציילט, אַז אין מיין עקזעמפּליאַר האָב איך אָנגעצייכנט געוויסע פאַרגרייזטע טייטשן.

ווען זשיטלאָווסקי האָט מיך געפרעגט וואָסערע, האָב איך אויף אויסווייניק

געדענקט בלויז איין פאַרגרייזטן זאַץ: „חשוב פאַר אַ לייב", בעת אין אָריגינאַל שטייט „איינעס לעהוּוען ווירדיג".

— און ווי וואָלט איר געוועז איבערגעזעצט דעם „איינעס לעהוּוען ווירדיג"?

— האָט מיך זשיטלאָווסקי אַ פרעג געטאָן.

דערויף האָב איך געמוזט ענטפערן: „דאָס קען איך אייך אויפן אָרט נישט זאָגן, מ'דאַרף אַ טראַכט טאָן וועגן דעם. איך ווייס נאָר אַז „חשוב פאַר אַ לייב" איז נישט ריכטיק".

זשיטלאָווסקי האָט פון אָנהייב נישט מסכים געווען, אָבער דערנאָך האָט ער דערפילט, און צוגעגעבן, אַז „חשוב פאַר אַ לייב" איז טאַקע נישט ריכטיק און איז בכלל אַ ביסל אַ מגושמדיקער זאַץ.

— אָבער ווי אַזוי קען מען אַנדערש איבערזעצן? — האָט ער נישט אויפגע־הערט צו פרעגן, ביז מיר זיינען אַריבער אויף אַנדערע פראַגעס.

אַ גאַנצן טאָג האָט מיך דער „חשוב פאַר אַ לייב" געפּיקט אין מוח. און עס האָט פאַרדראָסן, שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס עס פעלט מיר גאָר נישט איין קיין אַנדער, מער פּאַסיק וואָרט פאַר „חשוב".

אָבער נאָך די זעלביקע נאַכט איז אין מיין מוח אויפגעשווומען מיט דער גרעסטער אַליין־פאַרשטענדלעכקייט דער זאַץ „ראוי פאַר אַ לייב".

עס איז ממש נישט געווען צו פאַרשטיין ווי אַזוי איך האָב באַדאַרפט זוכן אַזאַ פשוט וואָרט אַ גאַנצן טאָג. און בכלל, ווי אַזוי איז עס קיין איינעם פון אונדז נישט געקומען אויפן זינען אין דער פרי, וועןביידע האָבן געקנייטשט די שטערנס אַ היפשע ווײַלע?

איך האָב זיך קוים דערוואַרט אויפן פרימאָרגן. ניין אַ זייגער האָב איך שוין אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון זשיטלאָווסקיס צימער, אין האָטעל „בריל" (אָדער ברילאָווסקי), קעגנאיבער דעם זאַקסישן גאָרטן.

ווען איך האָב געעפנט די טיר, ביים הערן זשיטלאָווסקיס „קאָם אין", האָב איך פון ערשטן גרויסן צימער, דעם סאַלאָן, געזען זשיטלאָווסקין אין די אונטער־וועש, ביים וואַשטיש, רייניקנדיק די ציין. זיינע פיס האָבן אין די וואָלענע גאַטקעס אויסגעזען אויסערגעוויינטלעך לאַנג און דאַר, אין פּראָפּאָרץ צו זיין אייבערשטן האַלבן גוף.

ווען איך האָב אַריינגעשריגן אין צווייטן צימער אַריין, אַז דעם „חשוב פאַר אַ לייב" דאַרף מען פאַרבייטן מיט „ראוי פאַר אַ לייב", האָט זשיטלאָווסקי אַרויסגע־נומען פון מויל דאָס ציין־בערשטעלע, איז אַריין אין די אונטערוועש אין סאַלאָן, צוגעגאַנגען צו זיין וועסטל, וואָס איז געהאָנגען אויפן ווענטל פון אַ שטול, האָט אַרויסגענומען פון אַ וועסטל־קעשענע אַ קליין, פיין־צונויפגעלייגט צעטעלע, עס צעעפנט און מיר עס צוגעטראָגן מיט אַ צופרידענעם: „לייענט".

אויפן פּאַפּירעלע איז געווען אָנגעשריבן „ראוי פאַר אַ לייב״.

זשיטלאָווסקי, דער מענטש מיט טויזנט פאַרדינסטן פאַרן יידישן וואָרט, פאַרן יידישן געדאַנק, פאַר דער יידישער קולטור, פאַר דער יידישער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, — דער גרויסער זשיטלאָווסקי האָט ממש געשטראַלט פון שימחה, וואָס ער איז נישט געבליבן הינטערשטעליק אין אויסגעפינען אַ ריכטיקן אויסדרוק, פאַר אויסבעסערן זיינס אַ פאַרגרייזט-איבערגעזעצט וואָרט.

— איך האָב נעכטן, — האָט זשיטלאָווסקי דערציילט, — אַ גאַנצן טאָג גע־טראַכט וועגן דעם „חשוב פאַר אַ לייב״ און אין אָוונט איז מיר געקומען אויפן געדאַנק דער ריכטיקער אויסדרוק. כדי נישט צו פאַרגעסן, האָב איך עס צוגעגרייט אויף אַ צעטעלע פאַר אייך אויף היינט אין דער פרי (איך פלעג זייער אָפט קומען צו זשיטלאָווסקין אין האָטעל אַריין אַ זייגער ניין, איידער ער פלעגט אַרויסגיין אין גאַס. איך פלעג קומען סיי פאַר סתם אַ שמועס, סיי געשעפטלעך: זשיטלאָווסקי האָט פאַרהאַנדלט מיט ה. בזשאָזען, ביי וועמען איך האָב געאַרבעט ווי אַן איבערזעצער און קאָרעקטאָר, וועגן אַרויסגעבן אַ צוגאָב פון אַ 7־8 בענד צו זיינע פופצן, וואָס זיינען דערשינען אין 1922 אין בערלין.

ווער עס קען די שרייבערישע סביבה אונדזערע, וויים גאַנץ גוט, אַז פאַר אויפווייזן אַ שרייבער (דעם קלענסטן שבקלענסטן) אויף זיינעם אַ גרייז (אַפילו אין אַן איבערזעצונג), מוז קומען אויב נישט קיין אָפענער, איז אַ געהיימער ברוגז, מיט אַלע קאָנסעקווענצן וואָס אַזאַ „חוצפה״ פאָדערט.

ווי רויק, ווי אַליין־פאַרשטענדלעך האָט זשיטלאָווסקי דאָס אויפגענומען! אַנ־שטאָט צו זידן מיט צאָרן און נקמה־פלענער, האָט ער גאָר געזוכט צו פאַרבעסערן זיין טעות.

אָט דער פאַל האָט מיסתמא אויך געהאַט אַ ווירקונג אויף זיין פאָדערונג איך זאָל אומבאַדינגט זיין דער קאָרעקטאָר פון די 7־8 בענד, וואָס בזשאָזע האָט באַדאַרפט אַרויסגעבן, בעת בזשאָזע האָט גאָר געוואָלט אַז דער קאָרעקטאָר זאָל זיין זיינער אַ שוואָגער (וואָס איז אַגב געווען, לויט זיין קענען, אַ פאַסיקער קאָרעקטאָר, אין קעגנזאַץ צו אַ סך קאָרעקטאָרן אין אַנדערע פאַרלאַגן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שום קוואַליפיקאַציעס פאַר זייער אַרבעט, אַ חוץ די קוואַליפיקאַציעס פון פאַרטיי־מיטגלידשאַפט און פון פערזענלעכע קאָנטשאַפטן). איך געדענק אַ סצענע אין האָ־טעל. זשיטלאָווסקי איז געזעסן ביים טיש; נעבן אים איז געשטאַנען אַ ריזיקער געפלאָכטענער קאָרב, אָנגעפיקעוועט מיט ציילונג־אויסשניטן פון זיינע אַרטיקלען, און ער האָט גערעדט צו בזשאָזען:

— איך וועל אַוועקפאָרן רויק נאָר דאַן, ווען איך וועל אָט דעם ים אויסשניטן איבערלאָזן אונטער ראַפּאָפּאָרטס אויפזיכט.

און דאָס איז געזאָגט געוואָרן אַ פאַר וואָכן נאָכן אויפווייזן אים אויף אַ גרייז!



איך געדענק בולט נאָך אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטן פּרימאָרגן־שמועס אין זשיטלאָווסקיס ריזיקן האָטעל־צימער.

איך בין געזעסן מיט זשיטלאָווסקין ביים טיש, און קעגנאיבער, אויף אַ קאַ־נאַפּע, איז געזעסן האַלב־ליגנדיק, מיט אַרויסשטאַרצנדיקע לאַנגע פיס, אַ שרייבער, וואָס איך קען זיך בשום אופן נישט דערמאָנען זיין נאָמען. אַ מאָל דאַכט זיך מיר, אַז איך געדענק ווער דאָס איז געווען, אָבער איך צווייפל שטאַרק דאָס מאָל אין דער פּינקטלעכקייט פון מיין זיכרון.

אין מיטן שמועס (ער איז געווען אַ ליטעראַרישער) האָט מיר זשיטלאָווסקי געגעבן אַ פרעג:

— און וואָס איז אייער מיינונג וועגן לייב ניידוס?

איך האָב אים געזאָגט מיין מיינונג: ניידוס איז געווען אַ דיכטער מיט גרויסע טעכנישע פעיקייטן אויפן געביט פון שפּראַך און ווערסיפיקאַציע; ער האָט אַריינ־געבראַכט אַ סך נייע פאָרמען און טעמעס אין דער יידישער דיכטונג; אָבער די דאָזיקע פעיקייטן זיינע האָבן צו פיל אַבסאָרבירט זיינע דיכטערישע כוחות און עס איז צו ווייניק געבליבן פאַרן אינהאַלט; ער גלאַנצט מער ווי ער וואַרעמט.

זשיטלאָווסקי האָט אויסגעהערט מיין מיינונג (ער איז בכלל געווען אַ מענטש וואָס האָט אי געקענט ריידן און דיסקוטירן, אי — אויסהערן געדולדיק יענעם, צוויי זאַכן וואָס פאַרן זיך זעלטן) און געענטפערט, אַז ער איז מיט מיר נישט מסכים. ער האַלט זייער שטאַרק פון ניידוסעס דיכטונג. ווער רעדט ווען ער שטאַרבט נישט אַזוי יונג.

עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ שמועס וועגן דער יידישער ליטעראַטור בכלל און וועגן יידישער דיכטונג בפרט.

ווען איך האָב זיך אויפגעהויבן צו גיין, האָט מיך זשיטלאָווסקי באַגלייט צו דער טיר. ווען מיר זיינען געווען אין מיטן צימער, נאָך אַלץ פאַרטאָן אין שמועס, האָט זיך פלוצלינג אָפּגערופן דער שווייגנדיקער דריטער, וועגן וועמען איך האָב שוין געהאַט פאַרגעסן אַז ער געפינט זיך אין צימער.

ער האָט געבומען, פון זיין זיץ־אָרט אויף דער קאַנאַפּע, אַטאַקירן מיין שטעלונג צו דער יידישער ליטעראַטור, — איך בין צו שטרענג, איך זוך בלויז חסרונות, אאַז״וו פון באַקאַנטן פּזמון.

געענטפערט האָט אים — אומגעריכט — זשיטלאָווסקי, אָבער טאַקע אויף אַן עכט־זשיטלאָווסקישן שטייגער. איך זע נאָך איצט ווי מיר שטייען אין מיטן צימער און זשיטלאָווסקי קוקט פון אונטער די ברילן אַפּער אויף די לאַנגע אויסגעשטרעקטע פיס פונעם דריטן, און ער רעדט בנעימות, אילוסטרירנדיק די דראַסטישערע שטעלן פון זיין ענטפער מיט פּלאַסטישע הענט־באַוועגונגען:

— איך האַלט, — האָט זשיטלאָווסקי געזאָגט, — אַז בדרך כלל איז ראַפּאָפּאָרט גערעכט אין זיין צוגאַנג צו דער יידישער ליטעראַטור. ווען אַ קינד איז קליין, גלעט מען דאָס איבערן קעפּל פאַר יעדער זאַך; אַפילו ווען עס מאַכט אָן אונטער זיך, ווישט מען דאָס אויס מיט אַ שמייכל, און מע גיט עס נאָך אַ קוש אין... אָבער ווען אַ קינד ווערט עלטער, האַקט מען דאָס אָן אין הינטן פאַר אַזאַ זאַך.

— די יידישע ליטעראַטור איז שוין אויסגעוואַקסן פון די וויקעלעך; און אַז עס מאַכט אונטער זיך, דאַרף מען עס אָנהאַקן אַ הינטן. און דאָס טוט ראַפּאָפּאָרט. אויב ער איז אין אַ קאָנקרעטן פאַל נישט גערעכט, ווי אין זיין אָפּשאַצן דעם ווערט פון ניידוסעס דיכטונג, ענטפערט מען אים, שטעלט מען אַנטקעגן זיין מיינונג די אייגענע מיינונג, אָבער פאָדערן פאַר יעדער זאַך אַ קוש אין קעפּל, דאָס איז שוין צו פיל. מיר קענען זיך שוין היינט דערלויבן צו זיין שטרענג. און מע דאַרף זיין שטרענג.

איך וויל דערמאָנען נאָך איין פאַל, וואָס האָט בולט געוויזן זשיטלאָווסקין דעם שרייבער אין אַ שיין ליכט.

אַרום 1928 איז דער ח. בזשאָזע־פאַרלאַג צוגעטראָטן צוצוגרייטן אַ זשיטלאָווסקי־זאַמלבוך.

אין דעם דאָזיקן זאַמלבוך האָבן געדאַרפט אַריינגיין אויך צוויי אַרבעטן פון רוסיש — איינע פון זשיטלאָווסקין און איינע — פון וויקטאָר טשערנאָוו (ביידע יוגנט־אַרבעטן פון די צוויי חברים, אויב איך מאַך נישט קיין טעות בנוגע טשערנאָווס אַרבעט).

ח. בזשאָזע האָט געוואָלט איינשפּאָרן געלט אויף די איבערזעצונגען, האָט ער געבעטן אַ ווילנער באַקאַנטן, ער זאָל אים חבריש איבערזעצן צוערשט זשיטלאָווסקיס אַרבעט און דאַן — טשערנאָווס.

דער חבר ט., פון דער גרופּע „פרייע שריפטן", האָט טאַקע איבערגעזעצט זשיטלאָווסקיס אַרבעט חבריש, אָבער זייער שלעכט. האָט בזשאָזע מיר געבעטן איך זאָל די איבערזעצונג אויסבעסערן.

די איבערזעצונג איז אָבער געמאַכט געוואָרן אַזוי שלעכט, אַז עס איז אַ סך לייכטער געווען זי צו איבערזעצן, ווי אויסצובעסערן. אָבער היות בזשאָזע האָט נישט געוואָלט צאָלן פאַר דער איבערזעצונג, האָב איך אים צוריקגעגעבן אונדזער געמיינזאַמען פריינדס איבערזעצונג. איך האָב זיך תמיד געהאַלטן ביים כלל: שרייבן שרייב איך אומזיסט אָדער כמעט אומזיסט, ווייל איך האָב דאָס ליב, האָב איך קיין ברירה נישט, — אויף אָט דעם געביט קען מען מיך עקספּלואַטירן, אין הסכם מיטן גמרא־ווערטל, אַז „מער ווי דאָס קאַלב וויל זויגן, וויל די קו אָנזייגן"; אָבער איבערזעצונגען און קאָרעקטור וויל איך פאַר פאַרלעגערס נישט מאַכן אומזיסט אָדער ביליק (סיידן ביים העלפן פריינד ווי ס'האָט אַ סך מאָל געטראָפן).

האָט בזשאָזע מיר געגעבן צו איבערזעצן טשערנאָווס אַרבעט און זשיטלאָווסקיס האָט אים עמעצער „אויספאַררירכט" פֿאַר אַ שיבוש.

ווען זשיטלאָווסקי איז געווען אין וואַרשע (אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן, דאַכט זיך) פרעגט ער מיך איין מאָל, זיצנדיק מיט מיר ביים מיטיק, אויף טלאָ־מאַצקע 13:

— ראַפּאָפּאָרט, ווער האָט איבערגעזעצט טשערנאָווס אַרטיקל (ווי אַ סך איבערזעצונגען מיינע, — נישט נאָר אין זאַמלביכער, נאָר אַפילו אין בוכפאָרעם, — האָב איך פאַרגעסן אונטערצושרייבן).

ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז דאָס איז מיין איבערזעצונג, האָט ער מיט אַ טיפן אומעט געזאָגט:

— אַ שאָד וואָס איר האָט נישט איבערגעזעצט אויך מיין אַרטיקל.

זשיטלאָווסקיס שרייבערישער נאָמען האָט נישט געקענט ליידן פון דעם וואָס זיינער אַ רוסישער אַרטיקל פון די יוגנט־יאָרן איז שלעכט איבערגעזעצט געוואָרן; אָבער דער געוויסנהאַפטיקער שרייבער אין אים האָט געהאַט גרויס צער וואָס דער יידיש אין זיינעם אַן אַרטיקל איז שלעכט.

ווען איך האָב אים דערציילט וואָס עס איז געשען מיט זיין אַרטיקל, האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעחזרט:

— ווען איך וואָלט עס פריִער געוווּסט...

און ער האָט אויך עטלעכע מאָל איבערגעחזרט, פול קנאת סופרים:

— טשערנאָווס איז אַזוי גוט איבערגעזעצט געוואָרן...

נישט געקוקט אויף לאַנגע יאָרצענדלינגער שריפטשטעלערישער אַרבעט, איז אין זשיטלאָווסקיס באַציִונג צום וואָרט נישט געווען קיין שפור פון ציניזם. ער האָט זיך צום געשריבענעם וואָרט ביזן סוף באַצויגן מיט דער זעלביקער הייליקער תמימות, ווי אַ גלויביקער אָנפאַנגער.

און דאָס זאָגט אַ סך וועגן אַ שרייבער. גאָר אַ סך גוטס.



ווען איך האָב דערהערט צום ערשטן מאָל אַז זשיטלאָווסקי איז געוואָרן אַ סניגור פון קרעמל־רעזשים, שיער נישט פון דער „הייליקער" אַליאַנס היטלער־סטאַלין, האָב איך נישט געוואָלט גלייבן מיינע אויערן; און ווען איך האָב געלייענט דערנאָך זיינע פּראָ־סאָוועטישע אַרטיקלען אָדער ציטאַטן פון זיי אין אַרטיקלען פון אַנדערע, האָב איך נישט געוואָלט גלייבן מיינע אויגן.

הזאת נעמי?

אין די אָנהייב דרייסיקער, ווען חיים זשיטלאָווסקי איז געווען אין וואַרשע, בין

איך נאָך זיינעם אַ רעפעראַט אין קאַמינסקיס טעאַטער, געגאַנגען אַ היים מיט ד״ר י. ב. שטיינבערג, וועלכער איז דאַן אויך געווען אין וואַרשע.

ריידנדיק וועגן זשיטלאָווסקין, פון וועמענס רעפעראַט מיר זיינען ביידע געווען אַנטציקט, האָב איך געזאָגט:

— אין זאַך שטויסט מיך אַלץ מער און מער אָפּ פון זשיטלאָווסקין: זיין לאָגיק, וואָס באַהערשט אים אַלץ מער און מער. ווען עפּעס פאַרטשעפּעט זיין לאָגיק און זי נעמט זיך באַוועגן, איז זי ווי זי וואָלט געאַרבעט אין אַ פוסטן חלל — נישטאָ וואָס עס זאָל זי אָפּשטעלן אָדער אָפּווענדן אין אַן אַנדער ריכטונג. זי באַוועגט זיך ווי אין אַ אַבסטראַקציע, כמעט ווי אויף פּוסט.

אַ קאָמוניסטישער עפּעס האָט פאַרטשעפּעט זיין לאָגיק און זי האָט זיך גענומען באַוועגן אין דער ריכטונג, אָן שום קאָנטראָל פון עפּעס אַנדערש.

אַ לאָגיק, וואָס אַרבעט מעכאַניש, אין אַ פוסטן חלל, באַוועגט זיך אומגע־שטערט, גלאַט צום סאַמע תהום, צום גרעסטן אַבסורד...

צי עס זיינען געווען פאַר זשיטלאָווסקיס קאָמוניזאַציע אויך אַנדערע גורמים, אַ חוץ דער גורם פון אַבסטראַקטער, אומברחמנותדיקער לאָגיק, ווייס איך נישט; איך ווייס בלויז אַז די היפּערטראָפיע פון זיין לאָגיק האָט אין דעם זיכער געהאַט גאָר אַ גרויסן חלק.

מעלבורן, 1957.

# ווי איך האָב געזען דוד בערגעלסאָנען

דוד בערגעלסאָן איז אַריינגעקומען אין דער יידישער ליטעראַטור דורך אַ טריומפאַלן טויער.

אמת, עס איז אים נישט לייכט אָנגעקומען דאָס אַריינגעלאָזט צו ווערן אין דער יידישער ליטעראַטור, אָבער ווי נאָר דער קאָנסערוואַטיווער ווידערשטאַנד קעגן עפּעס נייעס איז געבראָכן געוואָרן, און זיין ערשט בוך איז דערשינען, האָט עס באַקומען אַ טריומפאַלן קבלת־פנים. זיין ערשטלינג־ווערק „אַרום וואָקזאַל" איז געווען אַ רייף, אויסגעשטאַנען קונסטווערק, און אַ קונסטווערק, וואָס האָט געגלאַנצט מיט נייקייט אין דער יידישער ליטעראַטור.

אַלע בליקן זיינען גלייך צוגעשמידט געוואָרן צום נייעם שרייבער; מ'האָט דערפילט, אַז דאָ האָט מען פאַר זיך נישט סתם נאָך אַ שרייבער, נאָר אַז מיט זיין דערשיינען הייבט זיך אָן אַ ניי קאַפּיטל אין דער יידישער ליטע־ראַטור. אַלץ אין זיין ערשטן בוך האָט געאָטעמט מיט אייגנאַרט, — סיי דער פּער־פעקטער סטיל, סיי די אַטמאָספער, אין וועלכער זיינע העלדן האָבן זיך באַוועגט, סיי די העלדן גופא. דער נייער שרייבער — האָט מע געפילט, — זעט, פילט, נעמט אויף אייגנאַרטיק זאַכן און מענטשן; ער שילדערט נישט קיין סטאַבילע וועלט, נאָר ער שאַפט אַן אייגענע וועלט, וואָס ווערט באַהערשט פון זיינע, בערגעלסאָנישע, געזעצן.

דאָס צווייטע בוך זיינס, — „נאָך אַלעמען", — האָט מער ווי באַשטעטיקט דאָס, וואָס „אַרום וואָקזאַל" האָט געלאָזט פאַרויסזאָגן: עס איז געקומען אַ שרייבער וואָס פאַרמאָגט אַ גרויסן כוח יצירה, וואָס קנעט איבער די וועלט פון אַרום אין זיין אייגנאַרטיקן קינסטלערישן פורעם.

דאָס וויכטיקסטע אין בערגעלסאָנען איז געווען דאָס, וואָס ער האָט שפּעטער געגומען קנעטן די נייע ווירקלעכקייט אונדזערע, די וועלט פון דעם נייעם יידן, פונעם היינטצייטיקן יידישן מענטשן, — זיין וועלט און זיין כאַאָס, זיין כאַאָסדיקע וועלט.

בערגעלסאָן איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט פאַר אונדז געגומען אָפּ־שפּיגלען אין קלאָרע בילדער דעם כאַאָס פונעם איבערגאַנג־דור.

עס איז היינט, נאָך אַ קאַרגן האַלבן יאָרהונדערט, שווער צו געבן צו פאַרשטיין אַ דרייסיק־פערציק־יאָריקן דעם טעם פון בערגעלסאָנס דערשיינען אין אונדזער ליטעראַטור ערב דעם ערשטן וועלט־קריג.

זיין שרייבן האָט געהאַט אַ טעם און אַ ריח, וואָס איז געווען אי ניי, אי אַפּעטיטלעך.

איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן נישט נאָר דעם ערשטן איינדרוק פון בערגעלסאָנס ערשטע ביכער, נאָר אויך נישט די שטימונג וואָס עס האָט געהערשט אין דער ביאַליסטאָקער „יידישע קונסט"־געזעלשאַפט, ווען מע האָט עפנטלעך גע־מישפּט מירעלען פון „נאָך אַלעמען".

אין מילחמהדיקן ביאַליסטאָק האָט געהערשט הונגער און נויט, אָבער דער זאַל פון „יידישע קונסט" איז געווען אָנגעפּראַפּט און אָנגעגליט ביז ווייס, ווייל עס איז געגאַנגען ממש אין אַ לעבנס־פראַגע: ווי וועט אויספאַלן דער אורטייל איבער מירעלען, נאָך די עדות־דערקלערונגען און די רעדעס פונעם פּראָקוראָר און פאַר־טיידיקער? יעדער איינער פון די צוויי צדדים (מירעלעס פאַראורטיילערס און פאַר־טיידיקערס) האָט דאָס געפילט ווי אַ פּערזענלעכע זאַך.

איך געדענק די שטימונג פונעם אַרום, און אַוודאי און אַוודאי געדענק איך מיין אייגענע שטימונג, וואָס איז צום בולטסטן געקומען צום אויסדרוק אין מיין זאָג, בעת די אומענדלעכע וויכוחים מיינע אויפן זאַל מיט מירעלעס קעגנערס: „אויב עס זיינען דאָ ביי אונדז אַזעלכע מירעלעך, איז דאָ צוליב וואָס צו לעבן".

די באַגרינדונג פון מיין דאַזיקן זאָג געדענק איך שוין נישט; אָבער די שטימונג, אין וועלכער ער איז געבוירן געוואָרן, פיל איך אויך נאָך איצט. און עס איז געווען אַ וווּנדערלעכע שטימונג, וואָס האָט טאַקע געגעבן אַ טעם דעם לעבן.

נישט קיין סך יידישע ביכער האָבן אַזוי געכישופט דעם יידישן לייענער; נישט קיין סך יידישע ביכער האָבן זיך אַריינגעריסן אין אונדזער לעבן און עס אויפ־געררודערט אין אַזאַ מאָס, ווי „נאָך אַלעמען".

און די, וועלכע האָבן איבערגעלעבט יענע וווּנדערלעכע צייט, האָבן זי תמיד געדענקט בערגעלסאָנען ווי אַ „חסד נעורים", אַפילו אויך אין יענער צייט, ווען דוד בערגעלסאָן איז נידעריק געפאַלן.



איך געהער צו די, וואָס האַלטן בערגעלסאָנען פאַרן גרעסטן פּראָזע־מייסטער אין דער יידישער ליטעראַטור. און איך האַלט אים אויך פאַר איינעם פון די אינטע־ליגענטסטע פון אונדזערע קינסטלערס.

מיר האָבן פאַרמאָגט גרויסע פּראָזע־קינסטלערס אויך פאַר בערגעלסאָנען, אָבער זייער קונסט איז געווען מער אָן אינסטינקטיווע ווי אַ באַוווּסטזיניק־געפלעג־טע. מענדעלע מוכר ספרים האָט זיך מיט מי אַרויפגעדראַפּעט אויף די הויכע גאַרנס

פון קינסטלערישער ראַפינירטקייט אַ דאַנק אַ מערקווירדיקן קינסטלערישן אינס־טינקט, וואָס האָט אים אָנגעטריבן, ווי דער מלאך די שפּראַצונגען: „וואַקס! וואַקס!"

שלום עליכם און וויסנבערג (יעדער פון זיי אויף זיין אייגענעם שטייגער) האָבן אויך געשאַפן זייערע קונסטווערק אינסטינקטיוו. אָבער בערגעלסאָן האָט אָנגעווענדט זיין קינסטלערישן אינסטינקט מיט באַוווסטזיניקער ראַפינירטקייט.

דער זואָס האָט דאָס נישט געוווּסט פון פריִער (פון לייענען זיינע ווערק, פון שמועסן מיט אים), קען דאָס איצט דערזען אַזוי קלאָר ווי מעגלעך דורך לייענען זיינע בריוו, וואָס זיינען אָפּגעדרוקט אין אַכטן באַנד „זאַמלביכער" (אַרויסגעגעבן פון לייוויק־אָפּאַטאָשו). די בריוו געהערן, וואָרשיינלעך, צו די אינטעליגענטסטע און באַוווסטזיניקסטע, וואָס אונדזער בריוו־ליטעראַטור פאַרמאָגט.

און ווען לאַצקי־בערטאָלדי האָט מיך אין בערלין, אין 1922, געשיקט מיט אַ בריוועלע צו בערגעלסאָנען (וועגן מיין איבערזעצונג פון טאַגאָרס „נאַציאָנאַליזם"), איז דאָס פאַר מיר געווען אַ גרויסע איבערלעבונג.

מיר איז אויסגעקומען צו זיין ביי אים אין שטוב מערערע מאָל, אָבער באַזונ־דערס האָבן זיך מיר איינגעשניטן אין זיכרון צוויי שמועסן אונדזערע.

בעת איינעם פון מיינע באַזוכן ביי בערגעלסאָנען, ווען עס איז אויסגעקומען צו ריידן וועגן אָפּאַטאָשון, האָב איך אים געזאָגט, אַז אָפּאַטאָשוס ראָמאַן „אין די פוילישע וועלדער", וואָס איז גאָר נישט קיין גוט בוך, פאַרשאָטנט, צוליב דער בלינדקייט פון דער יידישער קריטיק, געוויסע קליינע דערציילונגען זיינע, וואָס זיינען נישט דער ערך בעסער און וויכטיקער פאַרן ראָמאַן.

און איך האָב בערגעלסאָנען דערציילט, אַז עס ליגט ביי מיר אַן אַרטיקל, אין וועלכן איך אַנאַליזיר סיי אָפּאַטאָשוס „פוילישע וועלדער" און סיי זיינע אַ דער־ציילונג „לינטשעריי", און איך באַמי זיך אויפצווייזן אַז די דערציילונג איז נישט דער ערך שעפערישער פאַרן ראָמאַן.

בערגעלסאָן האָט מיך געבעטן, איך זאָל ביי מיין נאָענטסטן באַזוך ביי אים מיטברענגען דעם דאָזיקן אַרטיקל מיינעם.

דאָס נאָענטסטע מאָל, ביים קומען צו אים, האָב איך אים פאַרגעלייענט מיין אַרטיקל.

נאָכן לייענען האָט בערגעלסאָן מיר געזאָגט, אַז אויך ער האַלט נישט פון אָפּאַטאָשוס „פוילישע וועלדער", אָבער מיין קריטיק איז נישט געניג שאַרף. ביי דער געלעגנהייט האָט ער מיר דערציילט וועגן אַ טעאָריע, וואָס בעל־מחשבות, ב. שטיף (בעל־דמיון) און ער, בערגעלסאָן, זיינען די שעפערס אירע. און די טעאָריע איז פאָלגנדיקע: די פוילישע יידן זיינען נישט שעפעריש; שעפעריש זיינען נאָר די דרום־רוסישע יידן. און היות אָפּאַטאָשו איז אַ פוילישער ייד, איז ער טאַקע נישט שעפעריש. ווי מע זעט, האָט זיך די דאָזיקע טעאָריע אַריינגעפּאַסט אין דעמאָלטדיקן בערלין, ווו עס האָט געגומען וואַקסן די ראַסן־טעאָריע.

אויף מיין פראַגע, וואָס וועט די טעאָריע טאָן מיט פּרצן, האָב איך נישט באַקומען קיין שום תשובה. אַלע טעאָריעס האָבן פּיינט און איגנאָרירן דערשיינונגען, וואָס פּאַסן זיך נישט אַריין אין זייערע ראַמען.

איך געדענק בולט דעם דאָזיקן שמועס נישט נאָר צוליב זיין ליטעראַרישן אינהאַלט און זיין ליטעראַרישער קוריאָזישקייט; איך געדענק אים ווי איצט אויך צוליב אַן אַנדערן טעם: ער איז מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער געוואָרן דער אויסגעצייכנטער פּונקט פון מיין שטאַרק קריטישער באַציִונג צו בערגעלסאָנס כאַראַקטער.

מיין שמועס מיט בערגעלסאָנען וועגן אָפּאַטאָשון האָב איך געהאַט סוף 1922, און אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָב איך צופעליק געפונען אין אַן אַלטן ליטעראַרישן זשורנאַל (איך געדענק גראָד נישט ווי ער האָט געהייסן און ווו ער איז דערשינען), פון פּאַר 1922, בערגעלסאָנס אַ באַגייסטערטן בריוו צו אָפּאַטאָשון וועגן... „אין די פּוילישע וועלדער"...

צוערשט האָב איך מיינע אייגענע אויגן נישט געוואָלט גלייבן, אָבער דער בריוו האָט גערעדט דייטלעכע דיבורים. דאָס איז דאָן געווען פאַר מיר אַ שאָק און נישט נאָר לגבי בערגעלסאָנען, נאָר לגבי דער יידישער ליטעראַטור בכלל.

עס איז פאַר מיר דאָן געווען אַ נייעס, אַז שרייבערס, און דערצו נאָך גרויסע, קענען זיין אַזוי צווייזייטיק: אין בריוו צום מחבר זיך באַגייסטערן מיט זיינס אַ ווערק, וואָס הינטער די אויגן האָבן זיי פאַר דעם בלויז פאַרניכטנדיקע קריטיק.

זינט דאָן האָב איך זיך דערמיט באַגעגנט זייער אָפט, אָבער צוגעוווינען זיך דערצו קען איך נאָך אַלץ נישט. ביי יעדן נייעם פאַל איז דער שאָק פּונקט אַזוי שטאַרק, ווי ער איז געווען דאָן, ביים ערשטן פאַל.



דעם אינטערעסאַנטסטן שמועס מיט בערגעלסאָנען האָב איך געהאַט אין איינעם אַ פאַרנאַכט, אין זיין קאַבינעט.

דער לאָמפּ אויפן שרייבטיש האָט שוואַך באַלויכטן דעם צימער, וואָס האָט זיך געטונקט אין שאָטנס. בערגעלסאָן האָט נערוועז שפּאַצירט איבערן גרויסן צימער און גערעדט וועגן יידישער צוקונפט, וועגן דער יידישער פּראָבלעם איבער אַלע פּראָבלעמען. ער האָט גערעדט וועגן זיין קליינעם זון (דעמאָלט אפשר פון אַ יאָר 5—6), וואָס ער וועט אים נישט קענען דערהאַלטן ביי יידישקייט **אין גלות. און** מיט אַ מאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט פאַר מיר און געזאָגט מיט היץ, ווי ער וואָלט געפירט אַן אינערלעכן קאַמף מיט זיך גופא: „**איך וועל צוליבן זון אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישראל, ווייל דאָס איז דער איינציקער אָרט, וווּ איך וועל אים קענען געבן אַ יידישע דערציִונג.**"

איך בין געבליבן זיצן איבערראַשט. איך האָב געוווּסט, אַז בערגעלסאָן איז

נישט קיין ציוניסט; ער האָט בכלל קיין מאָל נישט גערעדט ווי אַ פּאַרטיי־מאַן; און זיינע היציקע ווערטער וועגן פאָרן זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל, ווערטער וואָס זיינען געווען ווי אַ רעזומע פון אַ העפטיקן אינערלעכן וויכוח, האָבן אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן רושם.

הייסט עס, אַז נישט געקוקט דערויף וואָס בערגעלסאָן איז בלויז שרייבער־עסטעט, וואָס שרייבן איז פאַר אים זיין לעבנס־פונקציע, קען ער דאָך נישט לעבן מיט זיין קונסט. דער אינטעלעקט זיינער מאָנט אַ חשבון וואָס עס וועט זיין מיטן המשך פון זיין, בערגעלסאָנס, זון; די פראַגע פון גייסטיקן תכלית, פון נאַציאָנאַלן תכלית עגבערט אין מוח ווי אַ פליגעלע. און אָט קומט בערגעלסאָן, דער ייִדישער שרייבער, צו אַן עקסטרעמען באַשלוס: ער וועט אַוועק קיין ארץ־ישראל, ווו זיין זון וועט קענען זיין צווישן ייִדן.

ווען בערגעלסאָן האָט אין אַ פּאָר יאָר אַרום נאָך דעם דאָזיקן שמועס אונדזערן, געגומען גיין „אין שפּאַן" (פון דער יעווסעקציע), איז דאָס פאַר מיר געווען, אמת, דער צווייטער שאָק, וואָס בערגעלסאָן האָט מיך געצווונגען איבערצולעבן (פאַר וואָס, וועל איך שפּעטער נאָך ריידן וועגן דעם). אָבער איינס איז מיר געווען קלאָר: ווי אומזיניק און פאַלש דער דאָזיקער שריט זיינער זאָל נישט זיין, — מוז איך אים פאַרבינדן מיט בערגעלסאָנס ווערטער אין יענעם אָוונט, ווען ער האָט אַזוי אומדערוואַרט אַרויסגעפּלאַצט מיט זיין סוד אַז ער טראַכט וועגן פאָרן קיין ארץ־ישראל צוליב זיין זון.

בערגעלסאָן האָט געזוכט אַ נאַציאָנאַלן אָנהאַלט; ער האָט זיך געוואָרפן פון איין עקסטרעם צום צווייטן; דאָ איז ער גרייט געווען איינצוגיין אַפילו אויף אַ העברעיִזירטער ייִדישקייט, אַבי צו ראַטעווען זיין זון פון דער דייטשישער גוועער־נאַנטקע; און דאָ האָט ער גאָר באַשלאָסן זיך איבערצוענטפערן אין די הענט פון דער יעווסעקציע, וואָס ער האָט זי אַזוי שטאַרק פיינט געהאַט און פאַראַכט, אַבי צו געפינען אַ ייִדישן מקום מיקלט פאַר זיין זון אין ביראָבידזשאַן.

דער שמועס מיט בערגעלסאָנען יענעם אָוונט וועגן ייִדישער דערציִונג, אָדער ריכטיקער: וועגן דער טראַגעדיע מיט ייִדישער דערציִונג, האָט אַריינגעבראַכט אַן אינטימע שטימונג צווישן אונדז.

מיר זיינען לאַנג געזעסן און גערעדט, ביז בערגעלסאָן האָט זיך דערמאָנט, אַז ער דאַרף ערגעץ צוגיין. איך האָב געדאַרפט פאָרן אין אַ צווייטער ריכטונג. כ'האָב אים אָבער באַגלייט ביזן אויטאָבוס. דאָרט, שטייענדיק ביי דער אויטאָבוס־סטאַציע, מיט אויפגעהויבענע קאָלנערס (ס'איז געווען שפּעט אין האַרבסט און עס האָט געדזשימדזשעט אַ רעגנדל), האָב איך אים, נאָך אַלץ אונטערן איינדרוק פון אונדזער שמועס, געפרעגט, צי ער ווייס אַז אין איינער פון א. נ. גנעסינס דערציילונגען טראַכט דער העלד דאָס זעלביקע, כמעט מיט די זעלביקע ווערטער (וועגן חתונה

האָבן מיט אַ קריסטין און באַפרייען זיך פונעם פּסיכישן יידישן דרוק), ווי זיין, בערגעלסאָנס, העלד אין „אָפּגאַנג".

בערגעלסאָן האָט זיך זייער פאַראינטערעסירט מיט דעם, אָבער ער האָט קיין אַנונג נישט געהאַט, אַז אויך דער גרעסטער העברעישער פּראָזאַיקער האָט אין זיינעם אַ העלד אויסגעגראָבן די זעלביקע טיף־פאַרבאָרגענע געדאַנקען, ווי דער גרעסטער יידישער פּראָזאַיקער.

איך פיל נאָך איצט די שטימונג פון יענעם אָוונט, ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט בערגעלסאָנען און בין אַוועקגעגאַנגען זוכן אין רעגן מיין טראַמוויי. איך האָב זיך געפילט ווי אַן אָבל; און אויך ער, בין איך זיכער, האָט זיך דאַן אַזוי געפילט.



איך האָב בערגעלסאָנען געזען נישט נאָר אין זיין צימער, — אויך אויף עפנט־לעכע פאַרזאַמלונגען האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייט אים צו אָבסערווירן.

אין בערלין איז געווען אַ „קולטור־ליגע". דאָרט פלעגן פאָרקומען פאַרזאַמ־לונגען. און טאַקע עכט־יידישלעכע — שטורמישע.

איך זאָל היינט זאָגן מיט זיכערקייט צוליב וואָס מ'האָט זיך דאָרט אַרומגע־קריגט, קען איך נישט. אָבער בערגעלסאָנס ראָל אין עטלעכע שטורמישע פאַרזאַמ־לונגען געדענק איך קלאָר.

בערגעלסאָן האָט שטאַרק פיינט געהאַט דעם „בונד" (יעדנפאַלס דאַן, אין זיין בערלינער פעריאָד). ער האָט איין מאָל איבערגעריסן אַ פאַרזאַמלונג (ער איז דאַן געווען פאָרזיצער) פון דער „קולטור־ליגע" און געדראָעט צו רופן פּאָליציי, אַז זי זאָל אַרויסוואַרפן די בונדיסטן.

היות פאַר די קאָמוניסטן איז בערגעלסאָן דאַן אַוודאי נישט געווען (וועגן דעם וועל איך ריידן אַ ביסל שפּעטער), מוז איך אָננעמען אַז אָדער ער איז געווען פאַר אַ ציוניסטישער גרופּע אָדער פאַר אַ גרופּע סתם עמך־יידן (דאָס לעצטע איז דאָס וואָרשיינלעכסטע). די קריגעריי פון יענעם אָוונט, בערגעלסאָנס שטורמישער אויפברויז, זיין זינלאָז דראָען מיט פּאָליציי, די שטימונג פון נאָענטן פּויסטן־געשלעג, וואָס איז געוואָרן אַרויסגערופן דורך בערגעלסאָנס היסטערישער האַלטונג, האָט מיר קלאָר געמאַכט איינס: בערגעלסאָן איז הימל־ווייט פון מאַרקסיזם און בונדיזם.

ווי שאַרף עס איז געווען בערגעלסאָנס שטעלונג צו די קאָמוניסטן, האָב איך געזען אויף אַן אָוונט פון יידישן סטודענטן־פאַראיין.

מיר האָבן אין 1923 איינגעלאַדן בערגעלסאָנען צו באַטייליקן זיך אין אַ דיסקוסיע־אָוונט (וועגן וואָס געדענק איך שוין נישט). איז אויפן דאָזיקן אָוונט אויסגעבראָכן אַ שטורמישער וואָרט־דועל צווישן אים און משה לוריע, אַ קאָמוניס־טישן גדול, דעם „אויג פון מאָסקווע" אין סטודענטן־פאַראיין.

משה לוריע האָט שטודירט אין בערלין ביבלקריטיק. גלייכצייטיק האָט ער אויך איבערגעזעצט פאַרן „כלל־פאַרלאַג" דאָסטאָיעווסקיס „די ברידער קאַראַמאַזאָוו" און געגרייט די רעוואָלוציע אין סטודענטן־פאַראיין.

יעקב ראַוויטש, אַ סטודענט, מיינער אַ חבר פון ביאַליסטאָק (שפּעטער איז ער געוואָרן אַ טשעקיסט), האָט אין יענער צייט אָנגעשריבן אין רוסיש אַ סאַטירע אויפן דאָזיקן לוריע אין סטיל פון די אַלט־רוסישע „בילינעס", אונטערן טיטל „אַטאַמאַן לוריענקאָ".

דער דועל צווישן משה לוריע און בערגעלסאָנען איז נישט געווען קיין גלייכער. לוריע האָט בערגעלסאָנען געזידלט און אים פאַרגעוואָרפן זיין מיטאַרבעט אין געלן „פאָרווערטס"; און בערגעלסאָן האָט געלאָזט אין גאַנג זיין בעלעטריסטישן טאַלאַנט, אויסלאַכנדיק לוריעס העוויות און תנועות מיט אַזאַ קאַריקאַטוראַלער בולטקייט, אַז דער זאַל האָט שיער נישט געפּלאַצט פון געלעכטער.

און אַ מאָדנע זאַך: וואָס מער לוריע האָט זיך געקאָכט און געשריגן „שונדיסט", „געלער שרייבער", אַלץ רויִקער איז בערגעלסאָן געוואָרן. איך האָב צוגעשריבן זיין רויִקייט דעם געפיל פון טיפער פאַראַכטונג, וואָס ער האָט געהאַט צום קאָמוניסט לוריע. שינאה שטויסט צו אויפרעגונג; פאַראַכטונג איז רויִק. אַ מענטש, צו וועלכן איר שפּירט טיפע פאַראַכטונג, קען אייך נישט אַרויסברענגען פון די כלים.

יענער אָוונט האָט מיר אַנטפּלעקט אַז צום „בונד" פילט אפשר בערגעלסאָן שינאה (בכל אופן צום „בונד" אין דער בערלינער „קולטור־ליגע"), אָבער צו די קאָמוניסטן האָט ער געפילט גרענעצלאָזע פאַראַכטונג. די פּערזענלעכע פאַרניכטונג פון קאָנקרעטן קעגנער לוריע האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַן אַלגעמיינער אָפּרעכענונג מיט דער יעווסעקציע.

מ'קען זיך דעריבער פאָרשטעלן מיין שטוינונג, ווען בערגעלסאָן האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין בערלין זיין פּראָ־קאָמוניסטישע „אין שפּאַן" און ווען ער איז דערנאָך אויף אַן אמת אַוועק אין שפּאַן.

משה לוריע איז פיזיש אומגעקומען אין די דרייסיקער יאָרן בעת דער גרויסער אַלגעמיינער רייניקונג אין ראַטנפאַרבאַנד; בערגעלסאָן איז אומגעקומען צוערשט גייסטיק (און דערנאָך — פיזיש) בעת אַ ריין־ייִדישער רייניקונג אין די יאָרן 1949—52.

ווי אַזוי בערגעלסאָן, וואָס האָט געפילט פאַראַכטונג צו דער יעווסעקציע, וואָס איז געווען אַ פּקח און חלפדיק־אינטעליגענט, וואָס איז געווען ווייט נישט נאָר פון מאַרקסיזם, נאָר פון סאָציאַליזם בכלל, — ווי אַזוי אָט דער דוד בערגעלסאָן האָט געקענט זוכן אַ מקום מיקלט פאַר זיין שעפערישן טאַלאַנט און פאַר זיין זונס ייִדישקייט אין ראַטנפאַרבאַנד, ווו יעדע שעפערישקייט האָט נישט קיין פּלאַץ און יעדע ייִדישקייט איז פאַראורטיילט געווען מצד די יעווסעקעס ווי מצד די גויים, איז פאַר מיר פאַרבליבן אַ רעטעניש.

איך ווייס, אַז ער איז געקומען אַהין צוליב זיין זון און צוליב זיין שאַפן, אָבער ווי אַזוי ער האָט געקענט צוליב אָט די צוויי זאַכן קומען גראַד אין דעם אומפּאַ־סיקסטן אָרט (נאָכן אינערלעכן באַשלוס צו גיין קיין ארץ־ישראל), איז שווער צו פאַרשטיין.

*

דער ערשטער זיכערער גרוס פון בערגעלסאָנען אין ראַטנפאַרבאַנד איז געווען אַזאַ, אַז מ'וואָלט אויף אים גופא געקענט אָנווענדן די טרעפלעכע כאַראַקטעריסטיק, וואָס ער, בערגעלסאָן, האָט געמאַכט פון משה לוריען.

איינער אַ רוסישער שרייבער האָט אין דער סאָוועטישער פּרעסע אויסגעדריקט זיין שטוינונג, וואָס קיינער האָט נאָך נישט געגעבן קיין קריטישע אָפּשאַצונג פון טאָלסטאָיען אין ליכט פון דער מאַרקסיסטישער קריטיק. איז בערגעלסאָן אַרויס־געקומען מיט אַ בריוו אין דער פּרעסע: ס'טייטש, און ווו איז לענינס אָפּהאַנדלונג וועגן טאָלסטאָיען (לענין האָט עפּעס אָנגעשריבן אַ פיר־פינף זייטלעך וועגן טאָלסטאָיען)?

אין אַן אַנדער לאַנד וואָלט דאָס געווען בלויז אַ נאַרישקייט; אין ראַטנפאַרבאַנד אָבער איז אַזאַ „בריוו אין רעדאַקציע" אַ שענדלעכע לעקערישקייט און מסירה. בערגעלסאָן האָט „געכאַפּט" די געלעגנהייט צו פאַלן כורעים (צו „סלוזשען") פאַר די באַלעבאַטים. וואָס הייסט — פאַרגעסן גאָר לענינס אַ פּאָר זייטלעך?

דער דאָזיקער פאַל האָט באַוויזן אַז בערגעלסאָן האָט געכאַפּט דעם שניט, אַז ער קען זיך צופּאַסן צום סאָוועטישן כאַמישן קלימאַט, אַז ער קען זיך אַריינפּאַסן אין דער געזעלשאַפט, וואָס ער האָט זי אַזוי שטאַרק און אויפריכטיק פאַראַכט.

און דאַן איז געקומען זיין בוך „ביראָבידזשאַנער". עס האָט אַזוי ווי געטאָן! בערגעלסאָן, אָט דער גאָט־געבענטשטער קינסטלער, וואָס יעדעס וואָרט זיינס פלעגט אַרויסוואַקסן פון דער פולקייט פון זיין שטימונג, פון דער פולקייט פון זיין איבער־לעבונג און זיין „איך", האָט דאָרט געגומען שרייבן לויט אַ שאַבלאָן, מיט אַ בליק אין דער זייט, צי מע מעג, צי עס איז לויט דער ליניע.

אמת, אין ערשטן באַנד „פּענעק" האָט ער זיך אין אַן אַ צאָל שטעלן ווידער דערהויבן צו עכטער קינסטלערישקייט, ער האָט ווידער באַקומען זיין זיכערקייט, זיין נאַטירלעכקייט און נישט די געצוווּנגענע שטעלן זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַרן דאָזיקן בוך, נאָר די נאַטירלעכע; דער קינסטלער אין אים האָט זיך אָנגעכאַפּט אין אַזאַ שטאָף, וואָס ער האָט ביי אים געקענט על־פּי־רוב זיין ערלעך מיט זיך.

דאָך וועט מיסתמא אויף אייביק בלייבן פאַרבאָרגן פון אונדז בערגעלסאָנס שטימונג, ווען ער האָט זיך אַרומגעזען וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטאָן.

דאָס קאַפּיטל „בערגעלסאָן אין ראַטנפאַרבאַנד" וועט, לויט אַלע וואַרשיינלעכ־קייטן, בלייבן אַן אָפּגעווישט בלעטל. בכל אופן אַ שטאַרק פאַרקריפּלטס.

בלויז נאָך איין מאָל הערן מיר פון דאָרט בערגעלסאָנס עכטע ייִדישע שטים:

אין זיין „דוד ראובני". די עקסיסטענץ פון יידישן אַנטי־פּאַשיסטישן קאָמיטעט, דאָס רעכט צו רופן די יידן אין דער וועלט, „ברידער יידן", האָט בערגעלסאָן, ווי אַ סך אַנדערע רוסיש־יידישע שרייבערס, אויסגעטייטשט ווי משיח־צייטן און ער האָט געשריבן אַן עכט־נאַציאָנאַלע דראַמע, ווו דער טרוים פון יידישער דערלייזונג באַקומט לשון.

דאָס איז אָבער געווען בערגעלסאָנס שוואַנען־ליד.

און אפשר האָט די דאָזיקע דראַמע זיינע צוגעאיילט דעם פּסק־דין אויף אים און אויף זיינע קאָלעגן.



בערגעלסאָנען קען מען זיין פּעלער ווייניקער מוחל זיין, ווי קולבאַקן און עריקן; דאָך קענען מיר זיין טראַגעדיע נישט אָפּפּטרן מיט אַ קאַלטן „רעכט אויף אים!"

ער, דער קלוגער, מיטליאַריקער בערגעלסאָן, האָט נישט געטאָרט זיין אַזוי לייכטזיניק ווי דער יונגער דיכטער קולבאַק, ווי דער קאָמוניסט עריק; אָבער דאָך קענען מיר נישט, ווי געזאָגט, אָפּפּטרן זיין טראַגעדיע מיט אַ קאַלטן „רעכט אויף אים!", ווייל די טראַגעדיע פון בערגעלסאָן דעם קינסטלער איז אויך אונדזער טראַגעדיע, — די טראַגעדיע פון דער יידישער ליטעראַטור , די טראַגעדיע פון דער־שטיקטן יידישן לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד.

מעלבורן, 1955.

# מיין וועג אין דער יידישער ליטעראַטור

(פראַגמענט)

1

ווען איך טראַכט וועגן מיין וועג צו דער ליטעראַטור־קריטיק, מוז איך אָנהייבן גלייבן אין באַשטימונג, אין אומפאַרמיידלעכקייט פון גורל.

מיין ליבע צו „קריטיקירן“ האָט זיך אָנגעהויבן זייער פרי: איך האָב פאַר מיין רבין, צו זיין גרויסער שרעק, נישט אויסבאַהאַלטן מיין מיינונג וועגן דער תלמוד־שטעלע, ווו עס ווערט געזאָגט, אַז מ׳טאָר נישט משתין זיין נעבן אַ וואַנט, ווייל דאָס קען איר ברענגען שאָדן.

— ווי אַזוי קען מע זיין אַזוי גראָשנדיק? — האָב איך זיך געבייזערט, און מיין רביס שווינדזיכטיק רויטלעכע באַקן (אויב מע האָט די הויט אויף זיינע באַקנביינער געקענט אָנרופן „באַקן“) זיינען נאָך רויטער געוואָרן, און זיינע תמיד־פאַרלוירענע אויגן זיינען נאָך פאַרלוירענער געוואָרן.

— מע דאַרף הונדערט יאָר משתין זיין נעבן אַ וואַנט, כדי זי אפשר צו שעדיקן אַ ביסל, איז פאַרנעמט מע זיך מיט דעם?

אָבער איך האָב שוין דאַן אַרויסגעוויזן נישט נאָר מיין נייגונג צו נעגאַטיווער קריטיק, — איך האָב אויך געלויבט.

ווען איך פלעג קומען צו אַן אגדתא, בפרט צו אַזאַ ווי וועגן די פייגל, וואָס פלעגן פאַרברענט ווערן ביים אַריבערפליען איבער דעם לערן־אָרט פונעם תנא ר׳ יונתן בן עוזיאל (אַזוי שטאַרק האָט געפלאַקערט זיין תורה־התלהבות), פלעג איך זיך נישט קענען איינהאַלטן צו געבן דעם תלמוד אַ פינף מיט אַ פּליוס.

דעם זעלביקן גורל האָט געטיילט דער תנ״ך: שופטים האָט באַקומען ביי מיר אַ גוטע „רעצענזיע“, „דברי הימים“ און טיילן פון „ויקרא“ פלעג איך אַראָפּרייסן...

מיין בולטערע ליטעראַריש־קריטישע טעטיקייט האָב איך אָנגעהויבן ביי מיין טאָפּלטן רבי — אין ציוניזם און אין דער רוסישער ליטעראַטור, — ביים שוואַרץ־טשופריניקן רוסישן פּריוואַט־לערער פעקער.

פּושקין איז מיר נישט געפעלן געוואָרן צוליב זיין אָפטן באַנוצן זיך מיט די

בעמען פון די גריכישע געטער, — איך האָב פאַר דעם קיין נאָמען נישט געהאַט, אָבער דאָס האָט מיך אָפּגעשטויסן ווי עפּעס פּרעמדס, קינסטלעכס.

אַ פיינע קריטישע טעמע — די ערשטע, — איז געבוירן געוואָרן אין מיר ביים לערנען גאָגאָלן און ביים לייענען דיקענסן, מאַרק טווענען און שלום עליכמען.

איך האָב שוין דאַן געהאַט געלייענט בעלינסקין און פּיסאַרעוון און כ׳האָב געוווּסט, אַז נישט נאָר קען מען שרייבן ליטעראַטור, נאָר מ׳קען אויך שרייבן וועגן ליטעראַטור. און אָט האָב איך איין מאָל דעם לערער מיינעם אין וועלטלעכן וויסן דערציילט מיין ערשטע ליטעראַטור־קריטישע טעמע: איך וואָלט וועלן אָנשרייבן אַן אַרטיקל וועגן דעם הומאָר ביי גאָגאָלן, דיקענסן, טווענען און שלום עליכמען און אויפווייזן ווי פאַרשיידן ער איז ביי יעדן פון זיי.

איך האָב דערביי מיסתמא געהאַט אַ פאָרשטעלונג וועגן הומאָר, ווי וועגן אַ סטאַבילער, קאָנקרעטער זאַך, וואָס אַ געוויסע צאָל שרייבערס באַנוצן זי און דאָך זעט זי אויס ביי יעדן פון זיי אַנדערש.

הגם עס וואָלט מיר נאָך היינט געווען שווער — און אפשר אוממעגלעך — קלאָר און פּרעציז אויסצודריקן אין וואָס עס באַשטייט די אַנדערשדיקייט פון די דאָזיקע פיר הומאָריסטן, דאָך האָב איך עס דאַן זייער שטאַרק און בולט אָפּגעפילט; איך האָב אָן ווערטער דערשפּירט, אַז די שטראַלן פון „זעלביקן" הומאָר ברעכן זיך אַנדערש איבער דורך דער פּריזמע פון יעדנס נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, פון יעדנס נאַציאָנאַלער מיליע.

אַ ווייטערדיקער טריט פאָרויס אויפן וועג פון מיין קריטישער זעלבסט־אַנטוויקלונג איז געווען מיין פאַרטיפן זיך אין טאָלסטאָיען.

גייסטיקע איבערברוכן אין מענטשן האָבן מיך פון קינדוויז אָן שטאַרק אינ־טערעסירט. איך געדענק אַז ריש לקישעס פאַרוואַנדלונג פון אַ רויבער אין אַ תנא, ווי אויך ר׳ עקיבאס פאַרוואַנדלונג פון אַ פּאַסטעך אַן עם־הארץ אין אַ תנא, האָבן אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. הערצלס פאַרוואַנדלען זיך פון אַן אַסימילאַטאָר אין אַ ייִדישן פירער האָט מיך אויף אייביק אָנגעפילט מיט גרענעצלאָזן דרך־ארץ צו דער דאָזיקער געשטאַלט.

דאָס זעלביקע איז געווען מיט טאָלסטאָיען, ווען איך האָב געלייענט זיין „ווידוי". וויפל מאָל איך האָב דאָס געלייענט, איז מיר אַלץ געווען ווייניק, — כ׳האָב געוואָלט אַריינדרינגען הינטער יעדן וואָרט צו דער איבערלעבונג גופא.

היות טאָלסטאָיס „ווידוי" איז צעוואָרפן איבער אַלע זיינע ביכער, האָב איך טאַקע געלייענט אַלע ביכער זיינע מיט דער זעלביקער גייסטיקער גיריקייט. און ביים לייענען „מלחמה און שלום", וואָס האָט מיך ממש פאַרכישופט מיט די וווּנ־דערלעכע געשטאַלטן און מיט די טיפע סצענעס, האָב איך אָנגעהויבן אויך צו שפּירן אַ ווידערווילן צו געוויסע שטעלן פון דאָזיקן בוך, — צו די פילאָסאָפישע שטעלן אויף דער טעמע „נאַפּאָלעאָן".

איך האָב דאַן נישט געהאַט קיין אַנונג אַז אויך אַנדערע, מער באַרופענע פון מיר, האַלטן נישט פון טאָלסטאָיס היסטאָריאָסאָפיע, — איך האָב זיך געפילט ווי אַן ערשטער אַנטדעקער. און איין מאָל, ווען דער העברעיִשער (פון ביאַליסטאָק) לערער ס. איז געווען ביי אונדז צוזאַמען מיט מיין מומע יענטע גאָלדבערג (אַ ציוניסטישע טוערין, אַ פרוי מיט גרויס בילדונג און אַ אייפעריקער מיטגליד פון „חובבי שפת עבר"), האָב איך אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג וועגן טאָלסטאָיס פילאָסאָפיע מיט דער גאַנצער אַנונגסלאָזיקייט פון אַ קאַספּאַר האַוזער, וועלכער איז נאָך נישט ציוויליזירט און רעדט אָפן וואָס ער פילט. דער העברעיִשער לערער איז געוואָרן אויפגערעגט (ס'האָט זיך אין אים אָפּגערופן דאָס פּראָפעסאָרישע בלוט) און מיך אויסגעשייגעצט:

— ווי אַזוי דערוועגט זיך אַזאַ „מאַלאָקאָסאָס" צו קריטיקירן טאָלסטאָיען, — און אַזוי ווייטער, אין באַקאַנטן נוסח.

איך, וואָס פלעג אָפט בייזיין ביי דער מומע יענטע גאָלדבערג די צונויפקומען פון אַ גרופּע „חובבי שפת עבר", צווישן וועלכער עס פלעגן תמיד זיין ס. און אַ צווייטער ביאַליסטאָקער העברעיִשער לערער, רעזניק, — האָב זיך נישט אונטער־געגעבן און געהאַלטן אַ גאַנצן רעפעראַט קעגן טאָלסטאָיס פילאָסאָפיע (איך האָב דאַן שטאַרק געהאַלטן פון העלדן־קולט; אַגב, איך האַלט פון אים אויך איצט), און פאַראייניוועגס פאַרטיידיקט די פרייהייט פון מיינונג אַפילו פון אַ יינגל.

איך האָב זיך אַפילו דערהיצט דערצו — אַ שרעק זיך מודה צו זיין! — אַז די „דינסט" ביי אונדז איז שטוב זאָגט אַרויס מיינונגען וועגן דער סאָציאַלער לאַגע פון מענטשן, וואָס ווייזט אויף אַ גרעסערער איינגעבוירענער אינטעליגענץ, ווי עס ווייזט אַרויס די פּראָפעסיאָנעלע „אינטעליגענץ", — און אַ ראיה: דער אָנפאַל אויף מיין מיינונג וועגן טאָלסטאָיען...

יענעם אָוונט האָב איך באַקומען די ערשטע וואָרענונג נישט צו ווערן קיין קריטיקער, — אָבער לײדער האָב איך די וואָרענונג נישט פאַרשטאַנען (ווי איך האָב שפּעטער נישט פאַרשטאַנען די עצה פון מיין יוגנט־פריינד מ. מ., איך זאָל שרייבן נאָר וועגן פּאָזיטיווס, און דאָס נעגאַטיווע — פאַרשווייגן. און אפשר האָב איך די עצה יאָ פאַרשטאַנען, אָבער עס איז איבער מיינע כוחות זי אָנצונעמען...).

די טענדענץ פון לערער ס. אָנצושרייען אויף מיר, האָט זיך זינט דאַן אָן אַ שיעור מאָל איבערגעחזרט: מע האָט קיין איין מאָל נישט פּרובירט אויפווייזן אַז איך בין אין תוך נישט גערעכט, — מ'האָט תמיד געניצט דעם איינציקן „אַרגומענט": ווי אַזוי דערוועג איך זיך צו ריידן קעגן אַזאַ און אַזאַ.

אָבער דער בעסטער באַווייז, אַז קריטיק איז מיין באַשטימונג און גורל, איז פאַר מיר דאָס, וואָס איך האָב זיך פאַרשטאַנען אויף זיך גופא (די שווערסטע זאַך אין דער וועלט).

נישט געקוקט דערויף, וואָס איך האָב מיט התמדה דערפילט מיין קריטישע פונקציע, האָב איך זיך דאָך געגרייט צו אַן אַנדער קאַריערע: צו ווערן אַ רוסישער דיכטער און צוריק אויפלעבן דעם ראָמאַנטיזם, אין זיין בייראָניסטישער און לעאָ־פּאַרדישער געשטאַלט. הגם מיין רוסיש־לערער האָט מיך געראָטן וויטער שרייבן מיין ראָמאַן (אויף רוסיש), דאָך האָב איך אים אומברחמנותדיק צעריסן און זיך גענומען מיט אומגעהייערן פלייס צו דיכטונג. כ׳האָב געשריבן אייגענע לידער און איבערגעזעצט טשערניכאָווסקין און יהודה הלוין אויף רוסיש.

צוערשט האָב איך די לידער געדרוקט אין אַ העקטאָגראַפירטן זשורנאַל, אַרויס־געגעבן דורך אַ גרופּע פון צעירי־ציון, אָבער דערנאָך גענומען דרוקן אין דעם ביאַליסטאָקער וואָכנבלאַט „בעלאָסטאָטשאַנין". מיינע לידער — די אָריגינעלע ווי די איבערגעזעצטע — האָבן אַרויסגערופן גרויסן אינטערעס אין שטאָט. מיינער אַ חבר, ר., האָט אַפילו צו איין איבערזעצונג פון טשערניכאָווסקי פאַרפאַסט מוזיק. אין „חובבי שפת עבר" האָט מען מיך גענומען צוריידן צו שרייבן העברעיִש. כ׳האָב זיי צוליב געטאָן און גענומען איבערזעצן היינען אין העברעיִש.

אָבער פּלוצלינג האָב איך מיין דיכטונג אַוועקגעוואָרפן. אויף אַלע פראַגעס און פאַרוואורפן, האָב איך געהאַט איין ענטפער:

— אַזוי ווי איך וויל שרייבן לידער, קען איך נישט, און אַזוי ווי איך קען — וויל איך נישט.

אמת, בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע האָב איך געהאַט אַ רעצידיוו פון דער דיכטונג־קראַנקייט: כ׳האָב גענומען שרייבן לידער אויף יידיש און כ׳האָב איבער־געזעצט לערמאָנטאָוון אין יידיש און „געדרוקט" די לידער — די אָריגינעלע און די איבערגעזעצטע — אין די געשריבענע זשורנאַלן פון „יוגנט־פאַראיין" (וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע קולטור־געזעלשאַפטלעכע ראָל אין ביאַליסטאָק אין דער אָקופּאַציע־צייט) און פון „צעירי ציון". איינער פון מיינע באַקאַנטע — שאול גאָלד־מאַן, אומגעקומען אין ראַטנפאַרבאַנדישן אַרעסט — האָט מיך אַפילו געלויבט אַזוי, אַז ס׳איז מיר אומבאַקוועם (ווייל כ׳ווייס אַז ס׳איז נישט ריכטיק) עס איבערצוחזרן:

— איר שרייבט דאָך, — האָט ער געזאָגט וועגן מיין ליד „שנייעלעך פאַלן" — שענער פון דוד איינהאָרנען.

און געוויסע איבערזעצונגען זיינען באמת געווען נישט שלעכט, — אַפילו לויט מיין היינטיקן קריטעריום. דאָך האָב איך שוין נישט געקוקט דערויף ערנסט, ווייל איך האָב דערפילט, נאָך צו 16־17 יאָר, אַז כ׳וועל קענען ווערן אַ שטיקל בעל־מלאכה אַ פאַרטאַטש, אָבער איבערגעבן אין אַ דיכטערישער פאָרעם דאָס, וואָס איך פיל, וועל איך קיין מאָל נישט קענען.

פאַרמאָגן יונגערהייט אַזאַ מאָס פון זעלבסטקריטיק — ׳ביי אַ לפי־ערכדיקן

דערפאָלג און אַנצאַליקע דערמוטיקונגען — איז נישט קיין אָפּטע דערשיינונג. אַ סך שרייבערס ביי אונדז פאַרמאָגן דאָס נישט אַפילו אין די רייפע יאָרן און אויף דער עלטער אויך נישט...

אָבער די מי צו שרייבן גוטע לידער און צו איבערזעצן געטריי און שיין, זיינען נישט געגאַנגען לאיבוד: איך האָב דערוואָרבן אַ גרויסע קענטשאַפט — נישט פון ביכער, נאָר פון אייגענער דערפאַרונג — ווי מ׳דאַרף נישט שרייבן און ווי מע דאַרף נישט איבערזעצן דיכטונג. און אין מאָמענטן ווען איך פאַל אַ קרבן פון אַ גאווה־אָנפאַל, גלייב איך באמונה שלימה אַז ביי געוויסע בעסערע באַדינגונגען (און ביי אַ „בעסערן" כאַראַקטער) וואָלט איך געוועזן געקענט ווערן דער דיכטערישער קריטיקער אין דער יִדישער ליטעראַטור. אָבער די יִדישע דיכטערס האָבן דאָס בשום אופן נישט געוואָלט און ווילן דאָס נישט און — ס׳איז זיי געלונגען (בעסער ווי דער מערהייט — זייערע ווערק...).

אָבער אין גאַנצן אַן אַ נחת־רוח איז מיין לעבן פון אַ קריטיקער נישט אַדורך: ווען איך לייען היינט מיינע אַלטע אַרטיקלען וועגן דיכטונג אָדער דיכטערישע איבערזעצונגען, און כ׳לייען זיי ווי אַ זייטיקער, האָב איך אַזאַ גייסטיקע הנאה, אַז ווען די אַרטיקלען וואָלטן געווען געשריבן פון אַן אַנדערן, וואָלט איך זיי געוועזן געלויבט גאָר שטאַרק. אָבער אַ חוץ אין פריוואַטע בריוו, האָב איך נאָך כמעט קיין גוט וואָרט וועגן זיי נישט געהערט (און מען איז דאָך ביי אונדז אַזוי פאַרשווענדעריש אויף לויבגעזאַנגען... אַלע זיינען דאָך גוטע מענטשן, נישט אַזעלכע רשעים ווי איך, וואָס זשאַלעווע אַ גוט וואָרט).

פון יענעם פּעריאָד, ווען איך האָב געאַרבעט איבער פּאָעזיע, געדענק איך צום בולטסטן — און כ׳האָב אים צו פאַרדאַנקען צום מערסטן — דעם קאַמף מיינעם פאַר היינעס דיכטונג.

מיינע קריטישע געצייג האָבן זיך גענומען אַלץ מער אויסשאַרפן אין פאַרלויף פון מיינע ראַנגלעניש מיט פאַרשיידענע גרעסערע אָדער קלענערע אויטאָריטעטן, אויף וועלכע איך האָב געוואָלט אַרויפדריקן מיין אייגענעם הכשר (פאַרן אייגענעם געברויך), און איינער פון מיינע פּרוֹבטבאַרסטע קאַמפן אין דאָזיקן פּרט, איז, ווי געזאָגט, געווען מיין קאַמף פאַר היינעס דיכטונג: צי איז זיין אָריגינאַל טאַקע בעסער פאַר די איבערזעצונגען פון זיינע ווערק, ווי אויטאָריטעטן זאָגן, אָדער די איבער־זעצונגען זיינען קלינגעוודיקער — און במילא בעסער, — ווי מיר האָט זיך דאַן געדאַכט. אָט דעם קאַמף מיינעם פאַר היינען האָב איך באַשריבן אַ ביסל געגויער אין אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען „עפּעס וועגן ווען פון דיכטונג" און דער אַרטיקל איז אַריין אין מיינער אַן עסייען־זאַמלונג א״ט „טראָפּנס גלויבן", — וועל איך זיך דערויף דאָ נישט אָפּשטעלן.

דערפאַר אָבער וועל איך זיך דאָ אָפּשטעלן געגויער אויף מיינעם אַן אינערלעכן קאַמף מיט געטעס אַ ליד:

„טיפע רוהע הערשט אים וואַסער, / אָהנע רעגונג ליגט דאַס מעער;
„אונד בעקימערט זיהט דער פישער / גלאַטע פלעכע רינגסאומהער.
קיינע לופט פאַן קיינער זייטע, / טאָדעסשטיללע — פירכטערליך;
„אין דער אונגעהויערן ווייטע / רעגעט קיינע וועללע זיך".

דאָס ליד איז מיר זייער געפעלן געוואָרן, באַזונדערס די לעצטע שורה. אין יאָרן אַרום, בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מילחמה, איז מיר אַריינגעפאַלן אין דער האַנט אַ דייטשישע כרעסטאָמאַטיע, ווו איך האָב געפונען דאָס אויבנדערמאָנטע ליד.

כ'האָב זיך צוגעכאַפּט צו דעם, אָבער ס'האָט עפּעס נישט געהאַט דעם טעם פון אַמאָל. פלעג איך עס דעקלאַמירן אויף אויסנווייניק, פלעג איך ווידער פילן די באַפרידיקונג פון אַמאָל; האָב איך עס געלייענט אין דער כרעסטאָמאַטיע, בין איך געבליבן אַנטוישט.

דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז כ'האָב באַמערקט, אַז די לעצטע שורה „רעגעט קיינע וועללע זיך" איז אין דער כרעסטאָמאַטיע אָפּגעדרוקט אַנדערש: „קיינע וועללע רעגעט זיך". און כ'האָב דערזען, אַז די גאַנצע זאַך שטעקט דאָ אין דער ענדערונג פון אַ „קלייניקייט": די שורה אינעם נוסח פון דער כרעסטאָמאַטיע נעמט אַוועק דאָס זאַלץ פונעם ליד. און נאָכשפּירנדיק מיין געפיל ביים לייענען די שורה אין איר ריכטיקן נוסח, האָב איך אַנטפּלעקט די סיבה פון דער באַפרידיקונג, וואָס זי גיט.

דאָס קליינע ליד שילדערט די טויטע שטילקייט פון אַן אַבסאָלוט רויקן ים, און דער פישער, וואָס דאַרף אַ ווינט פאַר די זעגלען, קוקט מיט זאָרג אויף דער טויטער שטילקייט (אָדער זאָרגט ער זיך אפשר דערפאַר, ווייל די שטילקייט איז אַן אָנזאָג אויף אַ שטורעם?) און אָט קומט די לעצטע שורה, וואָס זאָגט אַז אויף דער אומגעהייערער פלאַך פונעם ים רירט זיך נישט קיין שום כוואַליע, אָבער דאָס וואָרט „רעגעט", וואָס שטייט פון אָנהייב שורה, גיט אַ וויג כוואַליעאַרטיק די דאָזיקע שורה, ווי דער דיכטער, היפּנאָטיזירט פונעם פישערס פאַרלאַנג, וויל דורכן מאַגישן ריטעם פון דער כוואַליע־באַוועגונג אַרויסרופן די דאָזיקע באַוועגונג. אויפן ים איז שטיל, אָבער אין פישערס געמיט, וואָס קוקט מיט זאָרג אויפן ים, גיט זיך עפּעס אַ ריר פון גרויסן פאַרלאַנג. די כרעסטאָמאַטיע האָט, דורך אַ פּשוטן דרוק־טעות, אַפּגענומען פונעם ליד דעם דאָזיקן כישוף.

אין אַ סך, אַ סך יאָרן אַרום, ריידנדיק מיט איינעם פון אונדזערע גרעסטע דיכטערס וועגן דיכטונג (קיין בעסערן מיטשמועסער וועגן דיכטונג קען מע זיך גאָר נישט ווינטשן), האָב איך אים דערציילט וועגן מיין אינטערעסאַנטער דערפאַ־רונג מיט געטעס ליד. דער דיכטער איז מיט זיין שנעלן גאַנג צוגעגאַנגען צום טיש, גענומען אַ דיקן בוך וועגן דיכטונג פון דייטשישן פּראָפעסאָר ערמאַטינגער, און

אויפגעמישט אַ זייטל, ווי דער פּראָפעסאָר אַנאַליזירט די ריטעם־אייגנשאַפט פון דער לעצטער שורה פון געטעס ליד. באַטירלעך, וועגן דעם אינטערעסאַנטן פעלער פון דער כרעסטאָמאַטיע האָט ער נישט געוווּסט...

אַן אומפּאַרגעסלעכע איבערלעבונג (וואָס האָט קריסטאַליזירט מיין ליטעראַרישן געשמאַק און באַוווּסטזיניק געמאַכט מיינע אינסטינקטיווע ליטעראַרישע ביי־גונגען) איז געווען מיין באַקענען זיך גלייכצייטיק מיט די צוויי גרעסטע היינט־צייטיקע דיכטערס — עמיל ווערהארן און וואָלט וויטמאַן.

און באַקענט האָב איך מיך מיט זיי אויף אַ מערקווירדיקן, כ׳וואָלט געזאָגט: גורלדיקן אופן.

נאָך אַ לאַנגער קראַנקייט, בין איך ענדלעך (נאָך העכער צוויי יאָר) אַרויס אויפן גאַס שפּאַצירן. איך בין געגאַנגען לאַנגזאַם, קוים באַוועגנדיק מיט די פיס. צוגעקומען צו קאָופּמאַנס בוכהאַנדלונג, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט פאַר דעם שויפענצטער, ווי די דייטשישע אָקופּאַציע פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט געבראַכט די נייסטע ביכער פון דער אייראָפּעישער ליטעראַטור, אַ זאַך וואָס פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ביאַליסטאָק דאָס געקענט אין אַ סך אַ קלענערער מאָס.

און אָט דערזע איך אין שויפענצטער צוויי ביכלעך פון „אינדזל״־פאַרלאַג מיט נעמען פון אומבאַקאַנטע מחברים און מיט טיטלען, וואָס גיבן אַ צי מיט צויבער מיין אָפּגעשוואַכטע לעבנסקראַפט: „הימנען צו דער ערד״ און „גראָז־בלעטער״.

כ׳האָב גענומען דורכדרינגען מיט די אויגן די ביכער־טיטלען ביז צום אינהאַלט אַריין. די טיטלען האָבן צו מיר אַזוי פיל גערעדט! איך האָב דערפילט אַז איך מוז האָבן די ביכלעך. אָבער איך האָב ביי זיך קיין געלט נישט געהאַט. כ׳האָב דערזען דעם פּרייז אויף זיי און באַשלאָסן קומען מאָרגן.

צומאָרגנס האָב איך אין שויפענצטער נישט געזען די ביכלעך. כ׳בין אַריין זיך נאָכפרעגן — די ביכלעך זיינען נעכטן פאַרקויפט געוואָרן.

מיין עגמת־נפש איז זיך שווער פאַרצושטעלן. כ׳האָב זיך געפילט ווי אַ מענטש, אַ שטאַרק הונגעריקער, וועלכער זעט שפּייז און מע נעמט אים עס צו פון אונטער דער נאָז: דאָס בילד פון דער שפּייז פאַרפאָלגט אים אומאויפהערלעך.

אין אַ צוויי טעג שפּעטער, אַריינקומענדיק צו מיין דעמאָלטיקן חבר יעקב ראַוויטש, האָב איך אים דערציילט מיין עגמת־נפש. איז ער צו צו זיין גרויסער ביבליאָטעק און אַרויסגענומען די צוויי ביכלעך און מיר זיי געליִען.

אָבער ערשט ווען איך האָב גענומען לייענען ווערהארענען (אין סטעפאַן צווייגס וווּנדערלעכער איבערזעצונג) און וויטמאַנען, האָב איך פאַרשטאַנען, ס׳אַרא פיינע אויזאָרן דער צופאַל שטריקט אויס: ביים ערשטן אַרויסגאַנג נאָך אַ לאַנגער קראַנקייט, וואַרפן זיך מיר אין די אויגן צוויי ביכלעך, וואָס איך האָב זיי געדאַרפט האָבן צו מיין געזונט ווערן מער ווי אַלע מעדיצינען; די ביכער פאַרשווינדן ווען איך וויל זיי

קויפן (אַריינגעפירט אַ שפּאַנונג, ווי מיט אַ כּיוון), אָבער זיי געפינען זיך אָפּ ביי מיינעם אַ פריינד. און אָט לייען איך זיי און פיל, אַז עס זיינען דאָ פאַלן ווען מע זעט ממש בחוש, אַז גאָט שיקט צו דעם וועבער זיין ליין און דעם טרינקער זיין ווייַן...

אין די דאָזיקע צוויי ביכער האָב איך באַקומען אַ באַשטעטיקונג פאַר מיין אינסטינקטיווער זיכערקייט, אַז די נייע דיכטונג קען נישט געשאַפן ווערן דורך זוכן בגוואַלד נייע פאָרמען, ווייל נייע פאָרעם געדייעט נאָר דאָרט, וווּ עס איז דאָ נייער אינהאַלט. אַ באמת מאָדערנער אינהאַלט, אַ באמת מאָדערנער לעבנס־געפיל וועבט אַרויס פון זיך אַ באמת מאָדערנע נייע פאָרעם, ווי דאָס איז געלונגען וועראַהארענען, וועלכער האָט באמת פאַרמאָגט אַ נייעם לעבנס־געפיל. דאָס זעלביקע ביי וויטמאַנען, הגם ביים לעצטן איז שווער צוריידן וועגן אַ נייער פאָרעם, ווייל זיין גראַנדיעזער נייער לעבנס־געפיל קנוילט זיך אין זיין דיכטונג ווי אַ נעפּל־מאַסע וואָס איז טראָגעדיק מיט נייע וועלטן, וואָס איז פּאָטענציעל פרוכטבאַר מיט פאָרעם־אינהאַלטן, אָבער דערווייל איז נאָך די נעפּל־מאַסע פאַרעמלאָז, מער כאַאָס ווי וועלט.

ווערהארן האָט מיר באַוויזן, אַז מ אָ ד ע ר נ ע ד י כ ט ו נ ג מ ו ז ג ע ב ו י ר ן נ י י ע פ אָ ר ע ם אויף אַן אָרגאַנישן אופן, — דורך אַ לעבעדיקן זוימען פון אַ נייעם אינהאַלט: דורך נייע וועלט־ און לעבנס־געפיל פאַר אַ נייער פאָרעם.

פון די דאָזיקע יאָרן געדענק איך נאָך עטלעכע שאַרפע „קריטישע" איבער־לעבונגען, וואָס האָבן געהאָלפן בילדן מיין געשמאַק און האָבן אָנגעצייכנט מיין וועג אין דער יידישער קריטיק.

ווען איך האָב געלייענט שלום אַשס אַמאָליקע „מערי", האָב איך נישט געהאַט קיין אָנונג אַז דאָס בוך האָט ביי דער יידישער קריטיק נישט אויסגענומען. איך בין דאַן גראָד געווען אונטערן שטאַרקן איינדרוק פון שלום אַשס „ר' שלמה נגיד", וואָס איך האַלט עס ביז היינט פאַר אַשס סאַמע געלונגען ווערק, און במילא בין איך צוגעטראָטן לייענען „מערי" אָן הינטער־געדאַנקען. אָבער דאָס בוך האָט מיך אַזוי אָפּגעשטויסן מיט זיינע אומגעלומפּערטקייטן, אַז זינט דעמאָלט האָב איך אָנגעהויבן קוקן מיט חשד אויף יידישע ביכער. דאָ איז אויך כּדאַי צו דערמאָנען מיין באַציִונג צו פּרצעס און רייזינס דיכטונג. פּרצעס פּראָזע־ווערק זיינען מיר אויסערגעוויינטלעך געפעלן. ווען איך פלעג זען זיינעם אַ באַנד (פון דער צווייבענדיקער אויסגאַבע) פלעג איך אים מוזן אַ נעם טאָן אין דער האַנט, אויפמאַכן און לייענען. ער פלעגט תמיד ווירקן אויף מיר סטימולירנדיק. אַנדערש איז אָבער געווען מיט זיינע לידער. אייניקע האָבן מיך געלאָזן גלייכגילטיק, אייניקע זיינען מיר אַ ביסל געפעלן געוואָרן, אָבער אין אַלגעמיין האָב איך זיינע לידער געהאַלטן פאַר גאָר שלעכט, פאַר שלעכטע אימיטאַציעס פון היינעס דיכטונג. איך געדענק אַז פּרצעס ליד „אויף דיין באַלקאָן הענגען מיינע אויגן" האָט מיך געררייצט צו פּאַראָדיע: „שטעל צו אַ לייטער און נעם זיי אַראָפּ".

רייזינס לידער פֿלעג איך ייִנגלווייז אַ סך לייענען, אָבער איך האָב שנעל דערשמעקט זייער סענטימענטאַלע פֿאַרטרערטקייט און לייכטוואַגיקייט.

ווען לייב ניידוס איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן דורך די „צעירי־ציון" קיין ביאַליסטאָק צו האַלטן אין זייער לאָקאַל אַ רעפֿעראַט וועגן דער ייִדישער דיכטונג, האָט מיך זיין רעפֿעראַט — מייסטערהאַפֿט לויט דער פֿאָרעם — געצייצט צו ווידערשפּרוך מיט זיין הימען פֿאַר פּרצעס און רייזינס דיכטונג.

איך האָב אין דער לעבעדיקער צייטונג פֿון פֿאַראיין „ייִדישע קונסט" אַרייַנגעגעבן אַ רעצענזיע — מיין ערשטע רעצענזיע! — וועגן דעם רעפֿעראַט, און איך האָב שאַרף אַטאַקירט סיי פּרצעס, סיי רייזינס לידער. הגם דאָס איז געווען מיין ערשטע רעצענזיע און כ'האָב זי אונטערגעשריבן מיט אַ שפּאָגל־נייעם פּסעוודאָנים („נאַבאַדי"), זי אַריינגעטראָגן אין דער רעדאַקציע אין דער לעצטער מינוט, דורך אַ הינטערטיר, האָבן דאָך אַלע אין זאַל גלייך פֿאַרטייטשט: ראַפּאַפּאָרט. ווי אַזוי דאָס איז געשען — איז פֿאַר מיר אַ רעטעניש ביז אויף הייַנטיקן טאָג.

...אַ שטאַרקן אינערלעכן קאַמף, וואָס האָט געדויערט יאָרן, האָב איך געפֿירט פֿאַר און קעגן אָנערקענען יעקב כהנס דיכטונג.

עטלעכע יאָר פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה (1911 אָדער 1912) האָט מיינער אַ ברודער (אומגעקומען דורך די דייטשן ימח שמם וזכרם) געקויפֿט די דריי דיכטונג־ביכער פֿון ביאַליק, טשערניכאָווסקי און יעקב כהן. איך האָב די דאָזיקע דיכטערס פֿריִער געקענט פֿון זייערע קלענערע אויסגאַבעס, אָבער איצט האָב איך זיי געהאַט אין איינבענדיקע, גרויסע, פֿולע זאַמלונגען.

טשערניכאָווסקי איז געווען מיין ליבלינג פֿון תמיד אָן, אָבער אויך ביאַליק איז מיר שוין דאַן געווען איינגעבאַקן אין האַרצן (איך מוז זיך מודה זיין, אַז ייִנגלווייז איז מיר י. ל. גאָרדאָן געפֿעלן געוואָרן מער פֿאַר ביאַליקן, און היות כ'האָב ביי דער מומע יענטע אין שטוב אַרויסגעזאָגט דעם דאָזיקן געדאַנק און אים עקשנותדיק פֿאַרטיידיקט, האָב איך באַקומען די ריכטיקע „עליה"); איך האָב נישט געקענט מושווה ווערן מיט זיך אַליין ווער פֿון די צוויי גייט אויפֿן ערשטן און ווער אויפֿן צווייטן אָרט.

גאָר עפּעס אַנדערש איז געווען מיט יעקב כהנען. דאָ פֿלעגט זיך מיר דאַכטן, אַז די „וועלט" איז גערעכט: ער איז טאַקע אַ גרויסער דיכטער; אָבער אַן אַנדערש מאָל פֿלעגט מיר ווערן קלאָר אַז נישט, ער בראַקט פֿראַזן.

עס איז נישטאָ קיין שיעור וויפֿל מאָל איך האָב געלייענט כהנס לידער, — איך זע זיך נאָך הייַנט, ווי איך זיץ גאַנצענע טעג איבער זיין בוך און קנעל אַריין אין זיינע לידער און וואַקל זיך אַהין און אַהער: דאָ איז ער אַ דיכטער און דאָ — אַ רעטאָריקער. ביז איך האָב ענדלעך באַשלאָסן, אַז וואָס שייך יעקב כהנען, האָט מען מיך אָפּגענאַרט.

אין יאָרן אַרום, ווען איך האָב אָנגעהויבן מיטצואַרבעטן אין ביאַליסטאָקער

„דאָס נייע לעבן“, האָב איך איין מאָל געבראַכט פּסח קאַפּלאַנען מיין ערשטן קריטישן אַרטיקל וועגן אַ ייִדישן דיכטער — וועגן יעקב כהן.

ער האָט געלייענט, געלייענט, צייטנווייז אַ קוק געטאָן אויף מיר און ענדלעך געזאָגט:

— וועגן אַזאַ אָנערקענטן דיכטער קען איך נישט דרוקן אַ ז אַ אַרטיקל...

פּסח קאַפּלאַן האָט זייער שטאַרק געהאַלטן פון מיין שרייבן, אָבער „אַ ז אַ אַרטיקל וועגן אַן אָנערקענטן שרייבער...“.

איך בין דאַן געשטאַנען ביים סאַמע אָנהייב וועג, איך בין געווען אויפגעבראַכט אויף דעם דאָזיקן מעכאַנישן ענטפער (נישט ער האַלט מיין אַרטיקל פאַר אומ־ריכטיק, נאָר די אָנערקענטקייט פון יעקב כהן שטערט אים...). אָבער כ'האָב נישט באַגריפן אויך די דאָזיקע צווייטע וואָרענונג...

איך האָב נאָר געפּרוווט באַווייזן די ערנסטקייט פון מיין צוגאַנג:

— כ'האָב זעכצן מאָל איבערגעלייענט און דורכגעטראַכט יעדעס ליד זיינס...

אָבער דאָס זיינען געווען אַרויסגעוואָרפענע ווערטער: פאַר אַן ערנסטן אַנאַליז פון אַ דיכטער איז קיין אָרט נישט געווען (און ס'איז נאָך היינט אויך נישטאָ) אין דער ייִדישער ליטעראַטור...

אַ שטאַרקע השפּעה אויף מיין ליטעראַר־קריטישן וועג האָט אויך געהאַט מיין קאַמף מיטן רום פון אָפּאַטאָשוס „אין פּוילישע וועלדער“.

גלייך ווי כ'האָב געהערט וועגן אַ נײַ גרויס ווערק פון אָפּאַטאָשו, האָב איך עס געקויפט און מיט אינטערעס גענומען לייענען. די ערשטע טייל פון ערשטן באַנד פון דער טרילאָגיע האָט אויף מיר געמאַכט נישט קיין שלעכטן איינדרוק: דאָס לעבן פון דער ייִדישער פאַמיליע אין וואַלד איז געווען געשריבן — בדרך־כלל — אין סטיל פון דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור: אַן אויסגעטראָטענער וועג. פּרטים אָבער האָבן שרעקלעך שאָקירט: דער פּרט, למשל, ווי מרדכי, דערשיטערט פון שוחטס באַזוך, כאַפּט זיך אויף ביינאַכט, באַגאַסן מיט אַ קאַלטן קאָשמאַר־שווייס און — אַ געגנעץ טוענדיק, גייט ער אין שטאַל אַליין שעכטן אַ הון.

די גאַנצע זאַך איז צוגעטראַכט, אָבער די מעשה מיטן געגנעץ איז גאָר שלעכט. אין צושטאַנד פון שרעק האָט נאָך קיין שום מענטש נישט געגענעצט. דאָס איז, וואַרשיינלעך, פיזיאָלאָגיש נישט מעגלעך...

אָבער די דאָזיקע זעלטענע שלעכטע שטעלן פון ערשטן טייל בוך ווערן אַ געוויינטלעכע דערשיינונג אין די ווייטערדיקע טיילן אַפילו פון ערשטן (בעסטן) באַנד פון דער טרילאָגיע („אין פּוילישע וועלדער“). און איך האָב זיך צעבונטעוועט קעגן דער פאַלשער לויב־קריטיק.

פּונקט איז מיר דאַן אַריינגעפאַלן אַ העברעיִשער זשורנאַל (אַרויסגעגעבן אין אַמעריקע), וווּ עס איז געדרוקט געוואָרן אָפּאַטאָשוס דערציילונג „מות כושי“. די דאָזיקע דערציילונג איז, לויט מיין מיינונג, געווען טויזנט מאָל שטאַרקער געשריבן

פּאַר „די פּוילישע וועלדער״. און וועגן אָט דער דערציילונג האָט מען, אין פאַר־גלייך מיטן ראָמאַן, ווייניק געשריבן.

האָב איך אָנגעשריבן אַן אַרטיקל וועגן אָפּאָטאָשוס ראָמאַן און וועגן זיין גוטער דערציילונג, — כ׳האָב אויפגעוויזן, אַז דער אויפגעבלאָזענער שאָטן פון ראָמאַן פאַרשטעלט פאַרן לייענער די גוטע, שעפערישע דערציילונג.

„דאָס נייע לעבן״ האָט אויך דעם דאָזיקן אַרטיקל נישט געוואָלט דרוקן, — און ער איז ביי מיר פאַרבליבן אין אַרכיוו ווי איינער פון אַ סך עדות, אַז אַפילו פון דער אַלגעמיינער מיינונג איז אין אונדזער קריטיק נישט פון די לייכטע זאַכן...

אין בערלין האָב איך איבערגעלעבט נאָך אַ פיינלעכערע דערפאַרונג אויף מיין וועג — פון אַ לונאַטיקער — צו דער יידישער קריטיק.

לייוויקס „גולם״ איז מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן צוליב דער טעמאַטיק, וואָס פאַרמעסט זיך אַזוי ברייט און טיף; ווי אויך צוליב געוויסע דערגרייכונגען ביים געבן אַ דיכטערישע פורעם זיינע טיפע געדאַנקען און אָנונגען. אָבער די דיכטערישע נישט־דערבאַקנקייטן פון דעם דאָזיקן גרויסן ווערק (וואָס האָט אַ ריס געטאָן די יידישע ליטעראַטור אויף צען שטאַפלען העכער, ווי זי איז געשטאַנען פאַרן גולם) ווי אויך לייוויקס אומפעיקייט קריטיש צו קאָנטראָלירן אַפילו אַזעלכע פעלערן, וואָס זיינען לייכט צו באַמערקן און באַזייטיקן, האָבן געגרייצט מיין קריטישן חוש. יעדעס מאָל, ביים לייענען דעם „גולם״, פלעגט זיך מיין קריטישע באַציִונג צום ווערק פאַרשטאַרקן און הגם איך האָב נישט געטראַכט וועגן שרייבן אַ רעצענזיע, פלעג איך אָפט פירן וואָרט־געפעכטן וועגן „גולם״ מיט זיינע אומצאָליקע באַגייס־טערטע אָנהענגערס.

קומענדיק קיין בערלין, האָב איך גענומען פאַרעפנטלעכן אַרטיקלען אין אַ דאָרטיקן פּועלי־ציוניסטישן זשורנאַל (ווי ער האָט געהייסן געדענק איך נישט, אָבער דאָרט האָט געאַרבעט מלך ניישטאַט, און אפשר האָט ער דעם זשורנאַל רעדאַקטירט). מיינע אַרטיקלען זיינען זייער גוט אויפגענומען געוואָרן. איין מאָל האָב איך פאָרגעלייגט צו שרייבן וועגן לייוויקס „גולם״. דער פאָרשלאָג איז אַקצעפּ־טירט געוואָרן. אָבער מיין אַרטיקל האָט אַריינגעבראַכט די רעדאַקציע אין אַ פאַר־לעגנהייט. קיינער האָט נישט געזאָגט, אַז דער אַרטיקל איז שלעכט געשריבן, אָבער מע האָט איבערגעחזרט פּסח קאַפּלאַנס „אַרגומענט״: „וועגן אַזאַ דיכ־טער אַזאַ אַרטיקל?״

פון דעם דאָזיקן פאַרפאָלגנדיקן ענטפער־שאַבלאָן בין איך געוועזן מער גע־פלעפט, ווי מיינע רעדאַקטאָרן פון מיין פריי־אויסגעדריקטער מיינונג וועגן „גולם״. איך האָב רעאַגירט דערויף — ווי אָפט אין מיין הילפלאָזיקייט — דורך ברוגז ווערן: כ׳האָב אין גאַנצן אויפגעהערט צו געבן אַרטיקלען. אין פּרט פון ליטעראַ־רישער עלאַסטישקייט האָב איך זיך כמעט ווי נישט אַנטוויקלט פון מיינע ערשטע טריט ביז היינט... און דער רעזולטאַט איז היינט פּונקט דער זעלביקער ווי דאַן...

איך בין עד־היום איבערגעצייגט, אַז מיין מיינונג וועגן „גולם" איז אין תוך געצומען געווען אַ ריכטיקע, געבוירן פון אַ געזונטן חוש פאַר דיכטונג, געבוירן פון אַ פעיִקייט אַרויסצושפּירן די קלענסטע קליינוקייט, וואָס שטערט דער אָרגאַנישקייט פון אַ דיכטערישׁ ווערק.

איך ווייס נישט צי מיר איז דאַן געלונגען, ביי מיינע ערשטע טריט אין דער קריטיק, אַרויסצוברענגען גענוג איבערצייגנדיק דאָס, וואָס איך האָב געפילט און געוווּסט; אָבער עס קען קיין ספק נישט זיין, אַז די יידישע ליטעראַטור וואָלט גאָר נישט געווען פאַרלוירן, ווען מע דרוקט אָפּ אַפילו נישט קיין רייפע נעגאַטיווע מיינונג וועגן „גולם"; אַדרבא, זי וואָלט מער געוווּנען ווי דורך אָפּדרוקן אַזוי פיל אומרייפע פּאָזיטיווע מיינונגען וועגן „גולם".

און פאַר מיינע קריטישע פעיִקייטן וואָלט אַזאַ נאָרמאַלע באַציִונג אַוודאי און אַוודאי געווען פון גרויס נוצן. און דורך געבן אַן אַנטוויקלונג־מעגלעכקייט מיין קריטישן חוש, וואָלט איך געווען געגאָסן די יידישע קריטיק בכלל און במילא — אויך די יידישע ליטעראַטור.

מ׳האָט מיך נישט איין מאָל געפרעגט, פאַר וואָס איך האָב אַ סך מער געשריבן וועגן אייראָפּעיִשע שרייבערס ווי וועגן יידישע.

און א י ך ווונדער זיך פאַר וואָס איך האָב בכלל געשריבן — נאָך אַזעלכע ביטערע דערפאַרונגען ביים שטעלן די ערשטע טריט, און אויך שפּעטער — וועגן יידישע שרייבערס. אַלץ איז ווי אומיסטן געטאָן געוואָרן, כדי מיך אָפּצושטויסן פון דער יידישער ליטעראַטור בכלל און פון שרייבן וועגן יידישע שרייבערס בפרט.

יידישע שרייבערס קלאָגן זיך אָפּט אויף דער מאָגערקייט און נישט שעפע־רישקייט פון דער יידישער קריטיק. צי זיינען זיי טאַקע אַזוי בלינד נישט צו זען, אַז זיי גופא, — די יידישע ליטעראַטור גופא, — האָבן אַלץ געטאָן, כדי צו קאַסטרירן די יידישע קריטיק אָדער, לכל הפחות, נישט לאָזן זי באַמאָנט ווערן?

אָט דאָס איז אין קורצן געווען מיין וועג צו דער יידישער קריטיק.

געגאַנגען בין איך אויף אים ווי אַ לונאַטיקער, מיט פאַרמאַכטע אויגן, אָבער מיט שאַרפע זיכערע חושים.

מ׳האָט מיך אָבער נישט איין מאָל אויפגעוועקט אין מיטן לונאַטישן גאַנג, און במילא בין איך נישט איין מאָל געניזוקט געוואָרן...

אפשר מער ווי עס דאַכט זיך מיר אַ מאָל...

## 2

אין בערלין האָט מיר ד״ר אַלשוואַנגער, פון כלל־פאַרלאַג, געגעבן זייערס אַן אויסגאַבע, אַ ביכל פון טאַגאָרס דערציילונגען, און געבעטן אָנשרייבן אַ רעצענזיע. טאַגאָרן האָב איך שוין דאַן, אין 1922, גוט געקענט: כ׳האָב געהאַט געלייענט

זיינע לידער אין העברעיִש און דייטש, ווי אויך אין ענגליש; כ׳האָב געהאַט געלייענט אין דייטש זיינע דערציילונגען, זיינע פילאָסאָפישע עסייען; זיין וווּנדערבאַרן „נאַציאָ־נאַליזם״ האָב איך טאַקע געהאַט געבראַכט צום כלל־פאַרלאַג אין מיין יידישער איבערזעצונג, זיי זאָלן דאָס אַרויסגעבן.

אַלשוואַנגערן איז די איבערזעצונג גאָר שטאַרק געפעלן געוואָרן; בעל־מחשבותן, דעם לעקטאָר פון פאַרלאַג, אויך; אָבער ד״ר קאַליסקי, דער הויפּט־דעה־זאָגער, האָט געלייגט זיין וועטאָ: די יידישע ליטעראַטור נייטיקט זיך נישט אין אַזעלכע סובטעלע ווערק. בעל־מחשבות, וועלכער האָט געוואָלט שרייבן אַ פאָרוואָרט צום בוך, איז געווען אויסער זיך און גערעדט אַזוי אַ פאַרקצוגיין פון כלל־פאַרלאַג; ד״ר אַלשוואַנגער האָט מיך געשיקט צו לאַצקי־באַרטאָלדין מיט אַ באַגייסטערטן בריוו (ווי באַרטאָלדי האָט מיר דערציילט), אָבער דערווייל האָט ער מיר געוואָלט געבן באַשעפטיקונג פון אַ רעצענזענט. אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָב איך ד״ר אַלשוואַנגערן אָפּגעבראַכט דאָס ביכל אַ נישט רעצענזירטס. אויף זיין פראַגע: פאַר וואָס? האָב איך געענטפערט:

— כ׳בין שטאַרק באַשעפטיקט אין „יִיטאָ״, ביי טשעריקאָווערן און אין „אַרבעטס פאָלק״, און כ׳האָב נישט קיין צייט נאָך אַ מאָל איבערצולייענען טאַגאָרס אַלע ווערק.

איך געדענק נאָך היינט, ווי ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און געזאָגט, אַ ביסל מיט פאַרוווּנדערונג און אַ סך מיט כּעס:

— קיין רעצענזענט וועט איר שוין קיין מאָל נישט זיין.

און ער איז, ווי עס ווייזט אויס, געווען גערעכט: נישטאָ ביי אונדז קיין אָרט פאַר קריטיקערס וואָס נעמען צו ערנסט זייער אויפגאַבע.

אַ צו אַחריותדיקע באַציִונג איז געווען דער גרעסטער שטער אויף צו דער־גרייכן עפּעס אין דער יידישער ליטעראַטור.

אַגב אורחא— אויך אין דער זשורנאַליסטיק.

איך געדענק אַן ענלעכע סצענע אין ריגער „דאָס פאָלק״.

איך בין אַראָפּגעקומען אין „דאָס פאָלק״ פון בערלין אין 1924. אין אַ צוויי וואָכן אַרום נאָך מיין קומען, זיינען פאַרגעקומען וואַלן צום רייכסטאַג. זאָגט מיר דער באַלעבאָס, ת. עדות: „גיט אונדז בילדלעך פון די וואַלן. איר קענט דאָך די גאַסן, די לאַגע״.

האָב איך אים געענטפערט:

— ווי אַזוי קען איך שרייבן בילדלעך פון בערלין, אַז איך זיץ אין ריגע? געוויס קען איך גוט די לאַגע און די גאַסן, אָבער פעלשן וועל איך נישט. כ׳וועל שרייבן אַ פּאָליטישן אַרטיקל.

און עדות האָט געזאָגט דאָס זעלביקע וואָס ד״ר אַלשוואַנגער:

— קיין זשורנאַליסט וועט איר שוין נישט זיין.

די אַחריותדיקע באַציִונג צום געשריבענעם וואָרט ליגט מיר אין בלוט און

כ׳האָב אַ גאַנץ לעבן נישט געקענט פּטור ווערן פון דער דאָזיקער דריקנדיקער און שטערנדיקער משא.

איך וויל דאָס אילוסטרירן מיט אַ ריי דערמאָנונגען.

אין ריגער „דאָס פאָלק״ האָב איך געהאַט פולע פרייהייט פון שרייבן. ת. עדות, אַ פעיִקער זשורנאַליסט און שריפטשטעלער, אָבער אויך אַ גרויסער ציניקער (וועגן אים און מיינע באַציִונגען מיט אים וועל איך שרייבן באַזונדער), האָט שטאַרק געהאַלטן פון מיר (טאָקע ער האָט מיך אַרויסגערופן פון בערלין) און כ׳פלעג מיינע אַרטיקלען אַליין אָפּגעבן צום זעצן.

אין ריגע האָב איך צום ערשטן מאָל געלייענט שלום אַשס „די כישופמאַכערין פון קאַסטיליע״. דאָס ווערק האָט אויף מיר געמאַכט נישט אַזאַ איינהייטלעכן איינ־דרוק, ווי אַשס פריִערדיקע ביכער: אָדער שלעכט אָדער גוט. איך האָב אַי גע־פילט, אַז דאָס בוך איז שיין און אַי, אַז דאָס בוך איז עפּעס נישט עכט אין זיין שיינקייט. כ׳האָב געהאַט דאָס נישט אין גאַנצן זיכערע געפיל, אַז דאָס איז ווי אַ קאָפּיע פון עפּעס פאַרטיקס, אַן דער עכטער אָריגינעלער וויזיע.

כ׳האָב מיין מיינונג געוואָלט אויסדריקן אויפן פּאַפּיר, אָבער ס׳האָט מיך אָפּגעהאַלטן די אַבסאָלוטע פרייהייט צו שרייבן וואָס כ׳וויל.

בלויז אין געציילטע יאָרן שפּעטער האָב איך געשריבן פריי — אין די „פרייע שריפטן״ — מיין מיינונג וועגן שלום אַשס ביכער, ווייל ס׳איז געווען ווער עס זאָל קאָנטראָלירן מיין מיינונג און מיין טעמפּעראַמענט; אין ריגע בין איך געווען דער פּוסק אַחרון און היות כ׳בין נישט געווען אין גאַנצן זיכער אין מיין מיינונג צי זי איז ריכטיק, האָב איך אויף זיך נישט געוואָלט שטעלן. פרייהייט האָט מיך קיין מאָל נישט געררייצט צו הפקרות, — אדרבא, כ׳האָב זי געפילט ווי אַ צוים.

אָבער געוויינטלעך פלעג איך גיין ווי אַ לונאַטיקער — מיט זיכערקייט, מיט פאַרמאַכטע אויגן אויפן אַרום, און כ׳האָב לאַנג־לאַנג נישט פאַרשטאַנען וואָס זיי ווילן פון מיר: איך פיל שטאַרק מיין גערעכטיקייט, איך זאָג אַרויס מיין מיינונג, מיין געפיל, דערוואָרבן מיט אַזוי פיל אַרבעט און ספיקות, מיט אַזוי פיל וועגן־און־מעסטן, מיט אַזוי פיל אַחריות. ווי לעכערלעך עס פלעגן מיר פאָרקומען די פאָרווורפן אַז איך האָב ביים שרייבן פערזענלעכע פּניות, אַ פּערזענלעכע באַציִונג. איך האָב ביסלעכווייז אַנטדעקט די אמתע סיבה פון מיין שאַרפקייט: דאָס נישט האָבן פאַר די אויגן דעם מחבר פּערזענלעך; איך פלעג, שרייבנדיק וועגן אַ ווערק, אין גאַנצן נישט געדענקען וועגן מחבר, — כ׳פלעג זען בלויז אַן אַבסטראַקט ווערק, און אַט די אומפּערזענלעכע באַציִונג האָט פריי געמאַכט דעם וועג פאַר מיין נאַקעטן אמת.

פלעג איך זען דעם מחבר, פלעגט דאָס מיר אָפּט שטערן צום שרייבן.

איך געדענק צוויי בולטע, הגם פאַרשיידענע פאַלן:

איך האָב געשריבן אַ רעצענזיע וועגן איינער פון די ערגסטע איבערזעצונגען

אין יידיש: וועגן פרוידס „דער „איך" און די פסיכאָלאָגיע פון די מאַסן". ס'איז געגאַנגען דורכצולייענען עטלעכע זאַצן, כדי צו זען דעם ווערט פון דער איבערזעצונג. איך האָב אָבער פאַרגליכן כמעט דאָס גאַנצע בוך מיטן אָריגינאַל. דער רעזולטאַט איז געווען אַ שרעקלעכער. אָבער צום אומגליק האָב איך געוווסט ווער עס באַהאַלט זיך אויס אונטערן ווייבערישן פּסעוודאָנים, — און כ'האָב געזען דעם אָרעם־געקליידטן שעמעוודיקן איבערזעצער, מיט וועמען כ'בין אַפילו נישט געווען אָפיציעל באַקאַנט, און כ'האָב געגומען זוכן אַ נישקשהדיקן זאַץ, אַ נישקשהדיקן וואָרט און געגומען אַפּשוואַכן מיין אורטייל דורך מלמד זכות זיין אויף אַלערליי אופנים. דאָס פּערזענלעכע האָט ווייכער געמאַכט דעם געדרוקטן אורטייל, אָבער נישט צוליב פּערזענלעכע פּניות, נאָר דערפאַר, ווייל די אַבסטראַקציע איז פאַרשוווּנדן...

און אַ צווייטער פאַל, — וואָס האָט שוין געהאַט אַ גאַנץ אַנדערן סוף:

דער מחבר פון אַ ראָמאַן (איך ברענג נישט דעם נאָמען פון מחבר און נישט דעם טיטל פון בוך, ווייל דער מחבר האָט זיך צום גליק געראַטעוועט פון היטלער־גיהנום) איז מיר פּערזענלעך געווען זייער סימפּאַטיש, צוליב זיין שטילקייט און איידלקייט; זיין בוך אָבער איז מיר שטאַרק נישט געפעלן געוואָרן.

דורכגעלייענט די אָנגעשריבענע רעצענזיע, וואָס איז געווען זייער שאַרף, איז מיר געוואָרן אַ רחמנות אויפן מחבר. און כ'האָב באַשלאָסן זי איבערצושרייבן, — זאָגן די זעלביקע מיינונגען, אָבער אין אַ מילדערער פאָרעם.

כ'האָב די ערשטע רעצענזיע צעריסן און זיך געזעצט שרייבן אַ צווייטע מיט דער בעסטער כוונה. ווען איך האָב איבערגעלייענט די צום צווייטן מאָל אָנגעשריבענע רעצענזיע, האָב איך דערזען אַז די גוטע כוונה האָט גאָר נישט געהאָלפן, — זי איז געווען נאָך שאַרפער פאַר דער ערשטער. מיין כוונה האָט באַהערשט מיין באַוווסטזיין, אָבער נישט מער.

כ'האָב דאַן בולט דערפילט, אַז איך קען נישט דיקטירן מיין פעדער, — אויב זי שרייבט, מוז זי שרייבן אין הסכם מיט מיין געפיל, מיט מיין פון די טיפענישן געבוירענעם געדאַנק.

נישט נאָר דיקטירן מיין פעדער קען איך נישט, — א ו י ך  ד י ק ט י ר ן  ז י ך  נ י ש ט  צ ו  ש ר י י ב ן  ק ע ן  א י ך  נ י ש ט: אויב איך האָב ווען געהאַט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג עפּעס צו שרייבן און כ'האָב אים נישט אויסגעפירט, לאָזט ער מיך נישט צורו אַ גאַנץ לעבן. דאַקעגן, ווען איך שרייב עס אָן און כ'קען עס נישט אָפּדרוקן, ווער איך אינערלעך באַפרייט.

קענענדיק די שאַלקהאַפטיקייט פון דער מענטשלעכער נאַטור, וועל איך נישט זאָגן מיט זיכערקייט, אַז מיין שרייבן איז קיין מאָל נישט באַאיינפלוסט געוואָרן פון כעס אָדער ליבע, פון רחמנות אָדער פאַראַכטונג; אָבער די דאָזיקע מעגלעכע באַאיינפלוסונג איז תמיד געקומען אומבאַוווסטזיניק, — באַוווסטזיניק איז מיין שרייבן קיין מאָל פון גאָר נישט נישט באַאיינפלוסט געוואָרן, ווייל מיין שרייבן איז

צו אימפּולסיוו, צו אינסטינקטמעסיק, צו אָרגאַניש, עס זאָל יעדן באַוווסטזיניקן פּרווו באַאיינפלוסט צו ווערן נישט אַרויסשטויסן פון זיך ווי אַ פּרעמדקערפּער.

אין אַ ליטעראַטור, וווּ כמעט אַלע בעלעטריסטן און דיכטערס זיינען געוואָרן רעצענזענטן נישט צופעליק (זיי ווילן האָבן אין דער האַנט אי אַ בייטש אויף יענעם, אי סחורה אויף אויסטויש...), איז נישט לייכט צו גיין ווי אַ לונאַטיקער אויף הונדערטער שריפטשטעלערישע הינעראויגן.

און וואָס מער עס האָבן זיך ביי מיר אין שופלאָד געמערט נישט־פאַרעפנטלעכטע רעצענזיעס וועגן ייִדישע שרייבערס, אַלץ ווייניקער חשק האָב איך געהאַט צו שרייבן וועגן ייִדישער ליטעראַטור, און וואָס פאַרביטערטער איך בין געוואָרן, אַלץ שאַרפער פלעגט זיין דער טאָן ווען איך פלעג שוין שרייבן רעצענזיעס אָדער אַרטיקלען וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור. אמת, עס איז נישט ריכטיק די מיינונג, וואָס מע האָט עקשנותדיק געלאָזט אין אומגאַנג, אַז איך „רייס" נאָר אַראָפּ, — אָבער ס'איז אויך נישט אויסגעשלאָסן, אַז ווען מע האָט מיך אויפגעוועקט פון *מיין לונאַטיקער־גאַנג, האָב איך גענומען מער גערן שרייבן* — אויב כ'האָב שוין געשריבן — *נעגאַטיווע רעצענזיעס ווי פּאָזיטיווע, נישט נאָר צוליב מיין נאַטירלעכער פעיִקייט צו זען פעלערן, נאָר אפשר אויך צוליב דער אינסטינקטיווער מורא טאָמער וועט מע זאָגן, אַז כ'האָב זיך אונטערגעגעבן,* אַז כ'האָב זיך „אַרומגעזען". באַוווסטזיניק האָב איך דאָס נישט געטאָן, אָבער אומבאַוווסטזיניק האָט דאָס *אפשר* געהאַט אַ השפּעה אויף מיר.

דאָס בלוט פלעגט נעמען קאָכן אין מיר, ווען איך פלעג באַקומען אַן איינלאַדונג מיטצואַרבעטן, אָבער „שרייבט בעסער וועגן אייראָפּעיִשער ליטעראַטור", אָדער „שרייבט פּאָזיטיווע רעצענזיעס".

דעריבער געדענק איך נאָך אויך איצט מיין פריידיקע איבעראַשונג, ווען איך האָב באַקומען אומגעריכט אַ בריוו פון ליעסינען, אין וועלכן ער האָט מיר געשריבן (כ'ציטיר פון זיכרון, ווייל מיין גאַנצער אַרכיוו איז פאַרלוירן געגאַנגען אין וואַרשע; אָבער מיינע ענטפער־בריוו צו ליעסינען וועלן געווי באַשטעטיקן דעם אינהאַלט פון מיינע באַציִונגען מיט אים): איך האָב געלייענט אין „וואָכנשריפט" אייערע אַרטיקלען וועגן מאַנגערן און כ'לאַד אייך איין מיטצואַרבעטן אין דער „צוקונפט". שרייבט וועגן ייִדישע שרייבערס.

נישט אין דער איינלאַדונג מיטצואַרבעטן איז געלעגן מיין טריומף, נאָר אין דער איינלאַדונג צו שרייבן וועגן ייִדישע שרייבערס. ס'קען זיין אַז ליעסין האָט דערמיט גאָר נישט געוואָלט אונטערשטרייכן, אָבער ביי מיר האָט זיך דאָס פאַרבונדן מיט אַ גאַנץ לאַנגער ביטערער דערפאַרונג; מע שעצט מיין פעדער, אָבער מ'וויל איר נישט געבן קיין מעגלעכקייט פריי זיך אויסצולעבן, מ'וויל זי פאַרשפּאַרן

אין אַ געטאָ; איז אָט קומט ליעסין און עפנט אויף פאַר איר דעם געטאָ־טויער און לאָזט זי פריי: קום אַריין אין דעם געביט, וווהין מע לאָזט דיך נישט צו.

אָבער מיין פרייד איז געווען אַ צו קורצע.

די איראָניע פון גורל האָט געוואָלט, אַז מיין ערשטער צוזאַמענשטויס מיט ליעסינען זאָל פאָרקומען נישט צוליב מיינער אַ נעגאַטיווער מיינונג וועגן אַ ייִדישן שרייבער, נאָר צוליב מיינער אַ צו פּאָזיטיווער מיינונג...

שוין מיין אַרטיקל וועגן טשערניכאָווסקין האָט אַרויסגערופן ביי ליעסינען (אין אַ בריוו צו מיר) אַ לייכטע אומצופרידנקייט: „איר שאַצט צו פיל איבער טשער־ניכאָווסקין, — האָט ליעסין געשריבן צו מיר, — אָבער איך גיב אייער אַרטיקל אַזוי ווי איר האָט אים געשריבן, ווייל כ׳וויל אים פאַרשאַפן פאַרגעניגן, ער איז אַ ווילער מענטש, און כ׳האָב אים ליב״.

אָבער מיין אַרטיקל וועגן איזי כאַריק האָט אַרויסגערופן ליעסינס שאַרפע קעגנערשאַפט: ער האָט געבעטן אַ דערלויבעניש אויסצומעקן טײלעכע צו איבער־געטריבענע שבחים וועגן כאַריקס עטלעכע זאַכן. איך האָב זיך קאַטעגאָריש אָפּגע־זאָגט אויסצומעקן די דאָזיקע שטעלן (עטלעכע ווערטער וואָלט איך היינט אַליין געווען אויסגעמעקט). דערויף האָב איך באַקומען אַ בריוו, אַז דער אַרטיקל וועט געדרוקט ווערן אַזוי ווי כ׳האָב אים צוגעשיקט, אָבער מער וועגן דיכטונג זאָל איך נישט שרייבן, — בלויז וועגן פּראָזע. דערביי האָט ליעסין צוגעגעבן, אַז מיט מיר איז שווער אויסצוקומען. ווי איינער זאָגט: וואָס באַדייטן עטלעכע שורות צווישן אַ רעדאַקטאָר און זיינע מיטאַרבעטערס? מ׳קומט לייכט דורך! בלויז איך בין אַן עקשן...

אָבער אויך מיט מיין פּראָזע־מיטאַרבעט האָב איך זיך נישט געעלטערט בשלום אין דער „צוקונפט״.

צוערשט איז אַפילו געגאַנגען גאַנץ גוט. איך פלעג שיקן אַ רשימה פון טעמעס (צוערשט פלעגט ליעסין מיר שיקן טעמעס, — אָבער היות כ׳פלעג זעלטן אָננעמען זיינע אַ טעמע, האָט ער פאַרגעלייגט אַז איך זאָל אים צושיקן טעמעס) און ליעסין פלעגט מיר שרייבן וועלכע ער נעמט אָן.

די באַציִונגען זיינען געוואָרן זייער גוטע; איין מאָל האָט ער מיר אַפילו גע־שריבן אַ בריוו פול מיט „סודות פון דער רעדאַקציע״.

איך האָב זיך דאַן געהאַט פאַרטשעפּעט מיט אַ מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס״, — דאָס הייסט איך האָב פאַרטשעפּעט זיינס אַ ווערק, האָט ער זיך אָפּגערופן מיט אַ בריוו אין דער „פ. אָ. ש.״. האָב איך געענטפערט (כ׳האָב נאָך דאַן נישט געהאַט קיין שכל נישט צו ענטפערן, ווי כ׳טו עס די לעצטע פאַר יאָר, — נויט ברעכט נישט נאָר אייזן, נאָר זי גיט אויך איין שכל...), — האָט זיך פאַרקאָכט אַ קאַשע און דער צאָרן קעגן מיר האָט געפלאַקערט נאָך העכער פאַר דער „עמפּייר״־בילדינג.

איז דאַן — האָט מיר ליעסין געשריבן — געקומען צו אים אותו האיש און געדונערט: „איך האַלט איך פאַרן גרעסטן דיכטער ביי ייִדן און איר דרוקט

ראַפּאָפּאָרטס אַרטיקלען״? (דאָס איז געווען אַ פאַרשפּרייטע פאָרעם פון „פּאַלעמי־זירן״ מיט מיר; געוואָלט אויך אַנדערע פאָרמען: אַריינשושקען עמעצן אין אויער: „ראַפּאָפּאָרט האָט געזאָגט וועגן אייך דאָס און יענץ״ און ענלעכע „כשרע״ מעטאָדן...).

האָב איך אים געענטפערט, — האָט ליעסין געשריבן: קיינער בעט אייך נישט איר זאָלט האַלטן פון מיר און זאָגט מיר נישט קיין דעות וועמען צו דרוקן.

אָבער 'קורץ נאָכן דאָזיקן בריוו איז דורכגעלאָפן צווישן אונדז אַ שוואַרצע קאַץ...

איך האָב געהאַט פאַרגעלייגט ליעסינען — צווישן אַנדערע טעמעס — צו שרייבן וועגן י. י. זינגערס „די ברידער אַשכנזי״. ליעסין האָט די דאָזיקע טעמע אַקצעפּטירט. היות בזשאָזאַ, דער פאַרלעגער פון „די ברידער אַשכנזי״, איז געווען אויך מיין פאַרלעגער און כ'בין געווען איינער פון זיינע הויפּט־איבערזעצערט און קאָרעקטאָרן, פלעג איך זיך זען מיט אים כמעט יעדן טאָג. האָב איך אים, אין מיין תמימות, דערציילט, אַז כ'שרייב פאַר דער „צוקונפט״ אַן אַרטיקל וועגן „די ברידער אַשכנזי״, הגם בזשאָזאַ האָט געוווסט גאַנץ גוט מיין מיינונג וועגן דעם בוך.

מיט אַ מאָל קומט צו מיר אַ בריוו פון ליעסינען, אין וועלכן ער שרייבט, אַז וועגן זינגערס בוך זאָל איך נישט שרייבן, ווייל ער האָט די טעמע ביי מיר נישט באַשטעלט. דערויף האָב איך געענטפערט ליעסינען, אַז אויב ער האָט חרטה אויף אַ באַשטעלטער טעמע, קען ער שרייבן אָפּן, אָבער שרייבן אַז ער האָט די טעמע נישט באַשטעלט קען ער נישט, ווייל עס ליגט נאָך ביי מיר דער בריוו, אין וועלכן ער באַשטעטיקט די דאָזיקע טעמע. און כ'האָב זיך נישט געפוילט און ציטירט זיין בריוו.

ס'איז אפשר נישט געווען טאַקטיש פון מיר, וואָס איך האָב נישט צוגעדריקט אַן אויג אויף ליעסינס אומגעשיקטן אויסמיידן זיך מיטן אמת; אָבער איך האָב שוין דאַן געשפּירט אַז דאָ איז אָפּגעטאָן געוואָרן אַ נבלה און כ'האָב נישט געוואָלט לאָזן צודעקן די דאָזיקע נבלה מיט וואַרפן די שולד אויף מיר.

אַן אומבאַקוועמער אמת רעגט אויף ווייזט אויס יעדן 'איינעם, אַפילו אַזאַ איש אמת ווי ליעסין; האָט ער מיר געענטפערט, אַז מע האָט אים דערציילט אַז איך בין אין כעס אויף זינגערן און ער האָט מורא, אַז איך וועל נישט שרייבן אָביעקטיוו. דעריבער ציט ער צוריק אָט די טעמע. (היינט וואָלט עס מיך שוין נישט געאַרט).

איך האָב אים דערויף געענטפערט מיט אַ קלאָרן בריוו, וואָס דאַרף זיך געפינען אין ליעסינס אַרכיוו (אויב ער האָט געהאַט אַ געוווינהייט צו זאַמלען באַקומענע בריוו). איין פראַגע, וואָס איך האָב אים דאַן געשטעלט, וויל איך דאָ איבערחזרן (ווייל אין איר ליגט אפשר אַ גרויסע העלפט פון דער געשיכטע פון דער יידישער קריטיק): צי האָט ער מורא אויך ביי אַ „גוטן״ אַרטיקל, טאָמער איז דער מחבר נישט אָביעקטיוו, ווייל דער רעצענזירטער איז זיינער אַ פריינד אָדער ער איז דעם רעצענזירטנס אַ רעצענזיע־בעל־חוב?

פון ליעסינס בריוו, ווי אויך פון בזשאָזאָס עטלעכע ווערטער איז מיר קלאָר געוואָרן אַז: בזשאָזאָ האָט געגעבן צו וויסן וועמען מע דאַרף, אַז ראַפּאָפּאָרט שרייבט וועגן די „ברידער אַשכנזי״ אין „צוקונפט״; איז „עמעצער״ געלאָפֿן צו ליעסינען און „דאָלאָזשעט״, אַז ראַפּאָפּאָרט וויל זיך אָפּרעכענען מיט זינגערן (מיט וועלכן ער האָט, אַגב, קיין מאָל קיין פּערזענלעכן צוזאַמענשטויס נישט געהאַט) און ליעסין קען, חס ושלום, נכשל ווערן מיט אַ „פּערזענלעכער״ רעצענזיע. דאָס איבעריקע איז שוין קלאָר.

אונדזער ליטעראַטור האָט אַזאַ שוואַכן אַנאַליטישן פאַרשטאַנד (אָדער אפשר האָט מען זי מיט אַ כיוון אַזוי פאַרטעמפּט), אַז „פּערזענלעכע״ קריטיק איז ביי איר נאָר נעגאַטיוו; אַז פּערזענלעכע קריטיק (אָן געענדזנפּיסלעך!) קען פונקט אַזוי מיסברויכן מיט פּאָזיטיווע מיינונגען (און נאָך מער, ווייל דאָס איז לייכטער און ריווחדיקער), דאָס פאַלט איר גאָר נישט איין (אָדער זי שרייט: „כאַפּט דעם גנב!״ מאַקע דערפאַר, ווייל זי וויל פון זיך אָפּציִען די אויפמערקזאַמקייט).

הגם איך האָב ליעסינען נישט נאָכגעגעבן אויף אַ האָר, ווען איך האָב זיך געפילט גערעכט (און וואָס שייך „פילן זיך גערעכט״ האָב איך זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן...), דאָך האָב איך אויך נאָכן דאַזיקן שאַרפן אינצידענט ווייטער מיטגעאַרבעט אין דער „צוקונפט״.

אָבער גלייך נאָך ליעסינס טויט איז אין דער „צוקונפט״ אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף מיר אַ חרם, און אַפילו איינעם אָדער צוויי מאַנוסקריפּטן, וואָס זיינען פאַרבליבן פון ליעסינס צייטן, זיינען מיר נישט צוריקגעשיקט געוואָרן. אויף מיינע בריוו האָט מען אויך נישט געענטפערט...

אפשר ליגט נאָך אין די אַרכיוון פון דער „צוקונפט״ מיינס אַ טשעקאַווע קאַרטל וועגן די דאָזיקע מידות.

אָבער אויב מע האָט עס אַפילו פאַר כעס צעריסן, איז אויך נישט קיין אומגליק: דאָס געפיל פון זיין גייסטיק פריי, — ביי דער גרעסטער מאַטעריעלער פאַרשקלאַפטקייט, — צו שרייבן אַזאַ קאַרטל, איז ווערט געווען דעם חרם.

בלויז דאָס קאַרטל איז פאַרלוירן געגאַנגען, אָבער אָט דאָס געפיל, וואָס האָט עס דיקטירט, פאַרמאָג איך נאָך אויך היינט אין אַ גרויסער מאָס (נישט בשלימות!).

מיין סאַמע ווערטפול שטיקל פאַרמעגן.

און נאָך אַן אינטערעסאַנטע מעשה פון זעלביקן מין.

אַ גרויסע יידישע פּערזענלעכקייט, אין וועמענס זשורנאַל איך האָב מיטגעאַרבעט, איז געפאָרן קיין אַמעריקע גראָד נאָכן אָפּדרוקן מיינעם אַ נעגאַטיוון קריטישן אַרטיקל וועגן אַ בוך פון אַ גרויסן שרייבער. געקומען קיין ניו־יאָרק, האָבן אים די גרויסע יידישע שרייבערס דעם ערשטן אָוונט אָוועקגעפירט אין אַ קאַפע און דאָרט, ביי אַ פיינעם טיש, גענומען אויפווייזן, אַז עס פּאַסט נישט פאַר אַזאַ מענטש ווי ער צו דרוקן אין אַזאַ זשורנאַל אַזאַ אַרטיקל פון אַזאַ שרייבער ווי

ראַפּאָפּאָרט וועגן אַזאַ שרייבער ווי דער „אַראָפּגעריסענער". ווען דער רעדאַקטאָר מיינער איז פון ניו־יאָרק געקומען אין שיקאַגאָ, האָט ער פאַר אַ גרופּע פריינד דערציילט די מאָדנע באַגעגעניש און צוגעגעבן:

— נישט שוין־זשע האָבן זיי נישט געהאַט צוריידן מיט מיר ביי דער ערשטער באַגעגעניש וועגן וויכטיקערע זאַכן, ווי וועגן דרוקן צי נישט־דרוקן ראַפּאָפּאָרטס קריטישן אַרטיקל וועגן שרייבער איקס?

דערויף האָבן אים די שיקאַגאָר פריינד געענטפערט:

— זיי אַרט נישט אַזוי וואָס איר האָט געדרוקט אַ נעגאַטיוון אַרטיקל וועגן שרייבער איקס; זיי האָבן מורא, אַז אויב איר דרוקט ראַפּאָפּאָרטס אַרטיקלען וועגן איקסן, וועט איר נאָך דרוקן זיינע אַרטיקלען אויך וועגן זיי...

און איין שרייבער אין וואַרשע האָט אַפילו אין זיין געלער ציימונג געשריבן — אין אַ „גוטער" רעצענזיע וועגן דעם זשורנאַל, ווו איך האָב געדרוקט מיינע „סקאַנדאַליעזע" אַרטיקלען — אַז אין אַזאַ זשורנאַל פּאַסט נישט צו דרוקן ראַפּאָ־פּאָרטס אַרטיקלען.

און דאָס זיינען איינצלנע קאָנקרעט־באַקאַנטע פאַלן פון הונדערטער אומבאַ־קאַנטע, פון אַ גאַנצער סיסטעם, וואָס נישט תמיד איז זי אָפן פאַר מיר, אָבער תמיד פיל איך איר ווירקונג אויף מיין לעבן (אויף מיין שריפטשטעלערישן לעבן).

לאָמיר זיך אָבער אומקערן צו אַ פּאָר גרעסערע ביישפּילן:

איין מאָל, אין יאָר 1935 צי 1936, באַקום איך אַ בריוו פון שיקאַגאָ (פון מיין פרי־פאַרשטאָרבענעם פריינד ד״ר מ. פינקל, אַז היות אין שיקאַגאָ גייט אַרויס אַ זאַמלבוך דוד איגנאַטאָוון דעם בעל־חמישים, לייגן זיי מיר פאָר צו שרייבן אַ גרעסערע אַרבעט וועגן אים. איך בין פריי צו שרייבן וואָס איך וויל (ד״ר פינקל האָט מיך גוט געקענט). האָנאָראַר — 30 דאָלאַר. אויב איך בין מסכים, וועלן זיי מיר צושיקן איגנאַטאָווס אַלע ביכער.

איך האָב מסכים געווען. איך האָב באַקומען די ביכער און זיך געזעצט צו דער אַרבעט. ווען די אַרבעט איז שוין געווען כמעט פאַרטיק, באַקום איך פּלוצלינג אַ בריוו פון דעם זעלבן ד״ר פינקל: היות עס איז דאָ ווייניק געלט און מען קען מיר געבן בלויז 10 דאָלאַר, זאָל איך שרייבן אַ קליינע אַרבעט.

איך האָב דערויף געענטפערט, אַז היות די אַרבעט איז שוין באַלד פאַרטיק, וועל איך זי נישט צושניידן לויטן געלט; זאָל זיין דער זעלביקער אַרטיקל פאַר אַ דרייטל אָפּגערעדטן האָנאָראַר.

איך האָב אָפּגעשיקט די אַרבעט און באַקומען די צען דאָלאַר, מיט אַ בריוו אַ צולאָג, אין וועלכן ד״ר פינקל שרייבט מיר, אַז די גרופּע האָט געמאַכט אַ פאַר־לייענונג פון מיין אַרטיקל און אַלע זיינען אַנטציקט מיט מיין אַרבעט.

ווען דאָס איגנאַטאָוו־בוך איז אַנגעקומען, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די

אויגן: פון דער גאַנצער אַרבעט איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ פּיצעלע פראַגמענט פון פיר זייטלעך, — די פּאָזיטיווע ראָזשינקע פון אַרטיקל (פּאָזיטיוו פאַר איגנאַטאָוון).

אויף מיין געוואַלד האָב איך באַקומען אַ גרויסן בריוו מיט אַן אויפקלערונג: די רעדאַקציע פון זאַמלבוך האָט איינגעפונען, אַז עס פּאַסט נישט אין אַ יובל־בוך צו געבן אַ נעגאַטיווע אָפּשאַצונג. (נישט געקוקט אויפן פאַרשלאָג צו שרייבן וואָס איך וויל; מע האָט זיך, ווייזט אויס, פאַרלאָזט דערויף, אַז כ'וועל זיך באַגנוגענען מיטן קאָמפּלימענט אָדער ווי מע זאָגט: לאָמיר אַליין געבן דעם גנב דעם שליסל, וועט ער במילא נישט גנבענען...). דערפאַר אָבער האָט דער פאַרלאַג ל. מ. שטיין, פון שיקאַגאָ באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אין בראָשור־פאָרעם מיין אַרבעט און מיר באַצאָלן האָנאָראַר מיט אַ גרויסער צאָל עקזעמפּליאַרן. צי בין איך מסכים?

איך בין מסכים געווען.

דערויף האָב איך באַקומען אַ תשובה, אַז... עס פּאַסט נישט אַרויסצוגעבן אין זעלביקן פאַרלאַג, אין וועלכן עס איז דערשינען דאָס יובל־זאַמלבוך, אַ נעגאַטיווע אָפּשאַצונג (אויב אַ קריטישער אַרטיקל איז נישט געשריבן מיט פויקן־טראָסקעריי, איז ער נעגאַטיוו און אַראָפּרייסעריש, אויב ער באַהאַנדלט אַ חשובן שרייבער) איז לייגט מען מיר דעריבער פאָר אַז דער פאַרלאַג שטיין זאָל מיר שיקן צוואַנציק דאָלאַר, איך זאָל אַליין אַרויסגעבן די בראָשור אין וואַרשע און שיקן שטיינען פופציק עקזעמפּליאַרן פאַר די צוואַנציק דאָלאַר.

איך בין אויך דערויף באַשטאַנען; און אַזוי איז געשען.

איך האָב אָבער פאַרשטאַנען, אַז דאָ האָבן געווירקט מעכטיקע כוחות. און כ'האָב אין בריוו אָפּן געשריבן וועגן מיינע השערות און זיך געגרייט צו פאַרעפנט־לעכן אַן אָפענעם בריוו, ווי אַזוי מ'האַנדלט ביי אונדז.

אינצווישן האָב איך באַקומען אַ בריוו פון דוד איגנאַטאָוון. ער האָט געשריבן, אַז ער האָט זיך דערוווּסט וועגן דער מעשה מיטן אַרטיקל מיינעם, און ער האַלט פאַר זיין חוב מיר צו דערקלערן, אַז ער האָט וועגן דעם גאָר נישט געוווּסט און ער האָט זיך נישט געמישט אין דער גאַנצער אויסגאַבע.

דערביי האָט ער אָנגעפרעגט צי איך האָב נישט דערלייגט צו דער בראָשור וועגן אים, און אויב יאָ — זאָל איך אים שרייבן, וועט ער מיר דעקן דעם היזק.

איך האָב אים געענטפערט, אַז איך האָב נישט קיין גרונט חושד צו זיין אים גופא אין דער סקאַנדאַליעזער האַנדלונג און צו זיין בראָשור האָב איך נישט דער־לייגט — אדרבא, איך האָב נאָך פון די צוואַנציק דאָלאַר פאַרדינט גאַנצע פיר זלאָטעס. איך בעט ער זאָל מיר נישט שיקן קיין געלט, אָבער אויב ער וויל מיר העלפן, זאָל ער העלפן פאַרשפּרייטן די בראָשור מיינע וועגן אים.

דערויף האָב איך באַקומען פון איגנאַטאָוון אַ געהעריקע תשובה: ער איז נישט אַזאַ קריסט, ער זאָל אַליין פאַרשפּרייטן אַ בראָשור קעגן זיך.

דעם דאָזיקן בריוו זיינעם האָב איך זייער גוט פאַרשטאַנען און אים געגעבן

גערעכט; כ׳האָב אָבער בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין, פאַר וואָס האָט ער עפּעס געדאַרפט זיין אַזוי קריסטלעך געשטימט, כדי צו וועלן מיר דעקן די היזקות וואָס איך האָב זיך מיטן אייגענעם ווילן פאַרשאַפט (ווי ער האָט געמיינט) דורך אַרויסגעבן אַ בראָשור קעגן אים. (פאַקטיש נישט קעגן אים, נאָר וועגן זיינע ווערק. אָבער שרייבן וועגן אַ ווערק נישט פּאָזיטיוו, ווי דער שרייבער זויל, הייסט ביי אונדז שרייבן קעגן שרייבער. אָבער דאָס הייסט נישט, נאַטירלעך, „אַריינברענגען דעם פּערזענלעכן מאָמענט”).

דאָס איז אָבער נישט די איינציקע זאַך וואָס איך פאַרשטיי נישט ביי אַ סך פון אונדזערע שרייבערס (אַ חוץ זייערע ווערק...). אונדזערע שרייבערס און אונדזער ליטעראַטור ווי אַ גאַנצע האָבן מאָדנע גענג; מאָדנע אַפילו פאַר אַ ליטעראַטור, וואָס האָט בכלל ליב מאָדנע גענג...

און עד־היום קומען פאָר אין אונדזער ליטעראַטור זאַכן, וואָס שענדן זי אין אַזאַ מאָס אַז עס איז פּשוט אַ חרפּה פאַר זיך אַליין: אין אַ ליטעראַטור, וואָס דאַרף זיין דער המשך פון די נביאים, זאָל אַזוינס פאָרקומען אָן אַ פּיפּס פון פּראָטעסט פון וועמען דאָס זאָל נישט זיין...

# רעצענזיעס בקיצור

## ווערק פון איציק מאַנגער

### א

### „קיין רגע שיינקייט גייט נישט אויף דער ערד פאַרלוירן"

איציק מאַנגער: „דער שניידער־געזעל נטע מאַנגער זינגט", מיט אַ פאָרוואָרט פון מחבר און אַן עסיי פון ד"ר שלמה ביקל. הילע געצייכנט פון אַרטור קאָלניק. פאַרלאַג „אררט", לאָנדאָן, 1948.

ווען איך לייען מאַנגערס אַ נייעם בוך לידער, דערמאָנט ער מיר אַן אַ שיעור מאָל אין זיין וואָרעמען און וווּנדערלעך־וויבריִרנדיקן פערז: „ק יי ן ר ג ע ש יי נ ק יי ט ג יי ט נ י ש ט א ו י ף ד ע ר ע ר ד פ אַ ר ל ו י ר ן".

מאַנגערס ביכל „דער שניידער־געזעל נטע מאַנגער זינגט", האָט מיך דערמאָנט מאַנגערס שליחות. נישט אַזוי אָפט ווי זיינע אַנדערע ביכער, אָבער גענוג אָפט.

*

מאַנגער איז מיד.

ער האָט אָפט באַטאָנט זיין מידקייט, אָבער איצט פילט מען זי. מ'פילט זי אין דער צו גרויסער דאָזיע לייכטקייט, וואָס איז דאָ אין זיין לעצטן בוך.

די דאָזיקע מידקייט, וואָס דערקלערט אַ סך, פילט זיך אויך אין דעם, וואָס מאַנגער האָט ווי אַן עפּילאָג צום בוך געגעבן זיין באַרימט ליד:

„איך בין מיד, אַ גוטע נאַכט
ס'קלעבן שווער זיך מיינע אויגן..."

דאָס דאָזיקע ליד איז געשריבן געוואָרן אין 1942, אָבער די מידקייט פון 1948 קומט צום אויסדרוק (אין אַ בולטער פאָרעם) אין דעם, וואָס די לעצטע שורות פון

ליד, די שורות פון שטורמישן צאָרן, זיינען דאָ אויסגעלאָזן געוואָרן; די דאָזיקע שורות זיינען ווי צו שטאַרק פאַר זיין מידקייט.

אָבער דער וואָס וויל ווי געהעריק אָפּשאַצן מאַנגערס דיכטערישע קראַפט, וועט דאָס אפשר בעסער קענען גראָד אַ דאַנק דעם דאָזיקן מידן בוך: ווי גרויס עס איז זיין דיכטערישע קראַפט, זיין דיכטעריש ק ע נ ע ן און זיין חוש אויסצוגעפינען רגעס שיינקייט אַפילו אין אַ מידן צושטאַנד.



אַ סך, זייער אַ סך האָבן ליב געהאַט און האָבן ליב צו הערן מאַנגערס שטיפע־ריש לידל „היידל, דידל, דאַם" אויף באַנקעטן און פריילעכע אָוונטן. די מעלאָדיע איז אַ מחיה צו הערן און די ווערטער — שטיפעריש, ווילעריש, — אַ ליד אָן אַ לאַסט. עס לאָזט נישט קיין שפור בענקשאַפט, קיין גראַם טרויער, ווי געוויינטלעך דיכטונג.

אויך מיר האָט אָט־דאָס ליד פאַרשאַפט פאַרגעניגן אומצאָליקע מאָל בציבור און ביחידות, ווען עס ווילט זיך סתם אונטערברומען אַ פיינע מעלאָדיע. אָבער כ'בין זיך מודה: כ'האָב זיך קיין מאָל נישט פאָרגעשטעלט אַז מאַנגער וועט אָט דאָס ליד איינשליסן אין זיינעם אַ בוך.

און „היידל, דידל, דאַם" איז נישט איינזאַם אין דעם דאָזיקן ביכל.

אָבער ווער עס וועט נאָך די דאָזיקע לידער גלייך אַ קרום טאָן מיט דער נאָז און וועט צומאַכן מאַנגערס ביכל, וועט מאַנגערן טאָן אַ גרויסע עוולה, און זיך וועט ער באַרויבן פון איינציקאַרטיקע דיכטערישע דערפאַרונגען.

צי האָט נישט געלוינט אַרויסצוגעבן אַ ביכל אַפילו בלויז צוליבן סאָנעט „קעץ אין מערץ" ? (ז' 82).

זיינען דען דאָ אין דער רייכער יידישער דיכטונג אַ סך אַזעלכע עכט־טיפע סאָנעטן, ווי דער דאָזיקער? און וויפל וועט איר זיי אָנציילן אין דער גרויסער וועלט־דיכטונג? אפשר אין די הונדערטער?

די טעמע איז געוואַגט, אָבער מאַנגער איז בייגעקומען מיט זיין טיפן געפיל און מיט זיין גרויסן דיכטערישן קענען אַלע שוועריקייטן. די דאָזיקע געוואַגטע, אויסערלעך אַפילו לייכטזיניקע טעמע איז אויסגעוואַקסן צו דער קלייגער קאַטע־גאָריע לידער — בפרט סאָנעטן, וואָס זיינען על־פּי־רוב אַזוי שטייף און דעקאָ־ראַטיוו־פּוסטלעך — וואָס דערוועקן אין אייך אַ טיף, קאָסמיש געפיל, לידער וואָס זיינען מסוגל אַרויסצורופן אַן עכט־רעליגיעזע שטימונג, וואָס גייט תמיד געפּאָרט מיט אַ געפיל פון אימהדיקן יראת־הכבוד פאַרן סוד פון אוניווערס און זיינע דער־שיינונגען.

„קעץ אויף דעכער, מערץ, קאַלטער שטערנשיין.
די מיאַוקענדיקע סערענאַדע איז לאַנג געצויגן, שאַרף.
אַ פרעמדער ליבע־גאָט גרימפּלט אויף זיין האַרף.
זיינע גרינע אויגן בלישטשען אין דער נאַכט אַריין.
ס׳איז אַן אַלטע תאווה אויסגעמישט מיט נייער פּיין.
מיין בלוט האָרכט אויף. און זע, מיין בלוט פאַרשטייט.
קערפּערס שטויסן זיך אין קערפּערס, די אַכזריותדיקע פרייד
ציטערט, פיבערט אונטערן קאַלטן שטערנשיין.
קעץ אויף דעכער, מערץ. וואָס ווייסט דער ווינט
פון דער זיסער גסיסה ווען דער זאָמען רינט
פון גוף צו גוף אין דער קאַלטער שטערנדיקער נאַכט.
און וואָס ווייסט, און ער, און וואָס ווייס איך אַליין,
וואָס האַלט דעם פערז ווי אַ הונט אַ ביין צווישן די ציין,
און וואָס ווייסט „ער״ וואָס האָט דאָס אַלצדינג אויסגעטראַכט ?״

דער געמיש פון אויסערלעך־פרעמדן, פריוואַלן און קאַלטן מיטן אינערלעך־וואַרעמען, באַטייטפולן און נאָענטן, איז אַזוי מייסטערהאַפט אויסגעפלאָכטן, מיט אַזאַ געפיל פון מאָס און ריטמישער וויברירונג, אַז וויפל מאָל מ׳זאָל דאָס ליד נישט לייענען, שטראַלט עס אויס פון זיך אַלץ מער און מער געפיל־טיפקייט און געדאַנק־וויבראַציע. די קאַלטע בילדלעכקייט פון אָנהייב מיטן עמאָציאָנעלן פיבער פון די לעצטע פערזן זיינען אַ לעבעדיקע איינהייט פון אַ גרויסן קונסטווערק.

„קעץ אין מערץ״ זיינען אפשר די פיינסטע פערזן שורות אין מאַנגערס לעצטן בוך, — די טיפסטע זיכער. אָבער אויך דאָס דאָזיקע ליד איז נישט פאַראיינזאַמט, ווי עס איז נישט פאַראיינזאַמט „היידל, דידל, דאַם״.

„אין רויך פון מיין זיידנס ליולקע״ (ז׳ 34) איז אַ ליד, וואָס וואָלט, ביי אַ גע־סדרטער אויסגאַבע פון מאַנגערס דיכטונג לכבוד זיינעם אַ יובילייַ, באַדאַרפט פאַר־נעמען אַ בכבודיקן אָרט אין מאַנגערס פרעכטיקן ציקל בעל־שם־טוב־לידער. ווי טיף און שיין עס זיינען אַזעלכע פיר שורות:

„מיט אַרבעט און מעשים טובים
זמרט מיין האַרץ צו דיר.
דורך די אויגן פונעם מינדסטן קראַליק
קוקסטו צו מיר אַפיר״.

און ווי שיין עס איז דאָס רירנדיקע ליד „נטעס שלאָפליד״. איר לייענט איבער אַ צוויי סטראָפעס:

„און אפשר וועט נאָך דיין ברודער
פאַרוואָגלען אַהער זיינע טריט,
און אַוועקלייגן אויף דיין קבר
דיין חלום — אַן אייביק ליד.

אפשר ? דערווייל וואָגלען די וואָלקנס
זייער אַלטן אייביקן וועג —
פיגורן, פלאַנצן, כימערעס,
ביזן סוף פון אַלע טעג״, —

און דאָס לייכטזיניק־שטיפערישע פון דאָזיקן בוך ווערט פאַרגעסן, פאַרווישט ווי אַ ביסל שטויב פון אַ גאָלדענעם שבת־בעכער; עס לוינט זיך גאָר נישט צו ריידן וועגן דעם. איר האָט דאָ צוריק דעם עכטן מאַנגער מיט אַלע זיינע מעלות און איינציקאַרטיקן טאָן אין דעם גרויסאַרטיקן כאָר פון יידישער דיכטונג.

*

עס איז זיך נישט פאָרצושטעלן, אַז אַ יידישער דיכטער זאָל אַרויסגעבן אַ בוך לידער אין 1948 און עס זאָלן אין אים נישט זיין קיין שפּורן פון יידישן חורבן־אייראָפּע.

אין „אַלבום פאַר מאַרגאַרעט״ איז דאָ אַ כאַראַקטעריסטיש ליד:

„מיר זינגען אינאיינעם „אָלד לאַנג סאַין״
און מיר האַלטן זיך ביי די הענט.
דער וויין אין די גלעזער פינקלט רויט,
דאָס ליכט אין די שפּיגלען בלענדט.
איך זינג אויף אַ קול „פאַר אָלד לאַנג סאַין״
מיט אויגן פאַרוויינטע, רויטע —
איך זינג מיט אייך, און האַלט ביי די הענט
מיינע מיליאָנען טויטע״.

אַפילו ווען מאַנגער זינגט פרעמדע לידער און האַלט זיך ביי די הענט מיט לעבעדיקע פרעמדע, דערפילט ער אַז ער האַלט גאָר די הענט פון היימישע טויטע.

אָבער אַ גרויסן דיכטערישן אויסדרוק פאַר אונדזער טראַגעדיע האָט מאַנגער געגעבן בלויז אין אַ אַכט־שורהדיק ליד, אין זיין „אַלבום פאַר מיין שוועסטער שיינדעלע״.

די דירעקטע חורבן־לידער זיינען אָדער גאָר שוואַך, ווי „מיין שינאה־ליד״ (ז׳ 57) און „צינישע אידיליע״ (ז׳ 61) אָדער נישט צו שטאַרק, ווי „דער סוף פונעם קלאָר־ווייסן ציגעלע״ (ז׳ 59) און „די אוהבי ישראל״ ביים טויטנלאַגער בעלזשעץ״

(ז' 73). „דער סוף פונעם קלאָר־ווייסן ציגעלע“ איז אין פאָלקסטימלעך־מאַנגערשן סטיל, אָבער דאָס קען זיך אַפילו נישט פאַרגלייכן מיט מאַנגערס אַמאָליקע צוויי שורות „אונטער יאַנקעלעס וויגעלע, ליגט געקוילעט דאָס גאָלדענע ציגעלע“.

און דאָס צווייטע ליד „די אוהבי ישראל“, וועלכע מעקן אויס גאָט, שטייענדיק ביי די בעלזשעצער הויפנס אַש, פון דער „עדה אמתע אוהבי ישראל“, איז געוואַלדיק לויטן מאָטיוו, אָבער דער אויספירונג פעלט קראַפט, עס פעלט איר דיכטערישע סוגעריר־קראַפט. דער געדאַנק בלייבט — פון דיכטערישן שטאַנדפּונקט — נאַקעט. דערפאַר אָבער איז מאַנגערן געלונגען אַריינצודריקן די גאַנצע טראַגעדיע אויף אַ סוגעסטיוו־ווירקזאַמען דיכטערישן אופן אין די אַכט שורות פון זיין ליד (ז' 70) „צום בראַסלאַווערס זיבעטן בעטלער“.

ווי באַקאַנט האָט דעם בראַסלאַווערס זיבעטער בעטלער (פון זיין באַרימטער „מעשה מיט זיבן בעטלערס“) נישט פאַרענדיקט זיין מעשה (יעדער פון די זיבן בעטלערס דערציילט אַ מעשה). נוצט מאַנגער אויס דעם דאָזיקן פּרט, כדי צו באַפּאַלן, דורך אַן אַלוזיע, דורך אַ בילדלעכער, דיכטערישער אַסאָציאַציע, אונדזער געמיט און אים אוממיטלבאַר פאַרבינדן מיט אונדזער גרויסער קאַטאַסטראָפע:

„זיבעטער בעטלער, פאַרענדיק די מעשה!
מיר זיינען די לעצטע הערער.
אַזוי פיל ייִדן האָבן זיך נישט דערוואַרט,
צו וואָס־זשע וואַרטסטו מערער?
זיבעטער בעטלער, דו דרעמלסט, דו שווייגסט
און די וואָלקנס ווערן שווערער —
„מיר וואַרטן, דערצייל. טאָמער ווערט צו שפּעט,
ווער וועלן זיין די הערער?“

פאַר מאַנגערן איז אפשר גאָר נישטאָ קיין אַנדער וועג אויף אויסצודריקן זיין געפיל פון דער קאַטאַסטראָפע, ווי נאָר דער פאָלקסטימלעך־סימבאָלישער, דער ליריש־אַסאָציאַטיווער. קיינער פון אונדזערע דיכטערס איז נישט אַזוי ווייט, ווי ער, פון צוגיין צו אַ טעמע דירעקט.

דאָס קליינע געדיכט „צום זיבעטן בעטלער“ וועט פאַרבלייבן ווי אַ דימענט אין אונדזער חורבן־ליטעראַטור. און עס וועט אונדז תמיד משתּף זיין צו אונדזער טרויעריקער שטימונג־וועלט פון דער חורבן־תקופה.

אַגב: דער אופן ווי מאַנגער דריקט אויס אונדזער טראַגעדיע אין זיין „זיבעטן בעטלער“ איז ענלעך צום אופן, מיט וועלכן י. גלאַטשטיין באַנוצט זיך אין זיין ליד „אַן ייִדן“. אָבער מיטן מעטאַד ענדיקט זיך דער פאַרגלייך.

*

אין דעם דאָזיקן לידער־בוך האָבן מיר פאַר זיך טראָפּנס פון מאַנגערס אַ סך שאַפונג־זשאַנרען. צום מערסטן איז אָבער אין דעם בוך פאַרטראָטן דער פאָלקס־טימלעך־סטיליזירטער זשאַנר: פון איין זייט אין סטיליזירט־פאַראַפראַזירטע אָדער גראָטעסק־וואַריִירטע פאָלקסלידער פון ערשטן טייל בוך (ווי, למשל: „ביי דער באָליע וועש", „פאַרלאָזט", „נאַכט־מוזיק", „ליבשאַפט" א״אַ), און פון דער צווייטער — אין לעצטן טייל בוך — „דער שניידער־געזעלן נטע מאַנגער לערנט תנ״ך", — אין לידער, וואָס זיינען אַ המשך פון זיינע „חומש־ און מגילה־לידער".

די „חומש־לידער" זיינען געווען גלענצנדיק — כמעט אַלע; די „מגילה־לידער" האָבן שוין געהאַט אין זיך מער ווילן צו שאַפן אַ המשך פון די פראַקטיקע „חומש־לידער", ווי שעפערישקייט. די תנ״ך־לידער, וואָס גייען אַריין אין דאָזיקן בוך, זיינען אַ געמיש פון ביידע תנ״ך־ביכער: פאַראַן איינצלנע לידער וואָס זיינען אַ שעפערי־שער המשך פון די מערסטע „חומש־לידער", און פאַראַן אַ סך לידער וואָס זיינען אַן אָנשטרענגונג נאָכצומאַכן די וויניקער־געלונגענע מגילה־לידער.

דאָס ערגסטע אין די דאָזיקע לידער איז אפשר דאָס, וואָס זיי זיינען נישט קיין ערשטע; אָבער עס פעלט זיי אויך דאָס ביסל לירישע טיפקייט און שיינקייט, מיט וואָס עס האָבן זיך אויסגעצייכנט די חומש־לידער. עס איז צום מערסטן געבליבן אין זיי פון די חומש־לידער — ד ע ר נ ו ס ח, ד אָ ס ג ר אָ ט ע ס ק ע ב י ל ד פ ו ן ק ד מ ו נ י מ ד י ק ע ג ע ש ט אַ ל ט ן א י ן ה יי נ ט־צ יי ט י ק ע מ אַ ס ק אַ ר אַ ד ־ מ ל ב ו ש י ם, פון פאַרהייליקטע געשטאַלטן מיט קליינבירגערלעך־קליינשטעטלדיקע זיטן.

אויך זיי פאַרמאָגן על־פי־רוב מאַנגערס גלענצנדיקע טעכניק און קאָמישע אַרכאַיִשקייט , אָבער דאָך וויניק סיי פאַר עכטער ליריק, סיי פאַר עכטן, טיף־שניידיקן גראָטעסק.

פאַראַן נאָך ערגערס: זינלאָזע סטראָפעס אַפילו פאַר אַ גראָטעסק־זשאַנר, וואָס וויל נישט ווערן „באַלאַגאַן".

נעמט, למשל, דאָס ליד „דוד המלך און אבשלום". דאָס גאַנצע ליד איז שוואַך, אָבער וואָס זאָל מען זאָגן צו אָט אַזאַ סטראָפע, וואָס דוד זאָגט צום טויטן אבשלום אויף דער תליה:

„עפן די אויגן און נאַדיר אַוועק
דאָס צירונג און דאָס גאָלד;
און אַפילו די „הייליקע וועטשערע",
וואָס רעמבראַנדט האָט געמאָלט" ?

דאָס איז אין זעלביקן זשאַנר ווי דינהס הערץ אין שכם „אַ נייעם וואַלצער פון יאָהאַן שטראַוס", אָבער טויזנט מאָל זינלאָזער. דאָרטן דריקט אויס יאָהאַן שטראַוס׳ וואַלצער וויניק, אָבער דאָך עפּעס (נאָך עפּעס איז דאָך דינה געלאָפן קיין שכם); דאָ

אָבער הייסט דאָס סתם צוטראַכטן נישט־געשטויגענע זאַכן, וואָס גיבן גאָר נישט. אָבער דאַך זיינען אויך דאָ פאַראַן איינצלנע סטראָפעס און איינצלנע לידער, וואָס טראָגן אויף זיך דעם שעפערישן חותם פון מאַנגערס בעסטע חומש־לידער.

אין אַנדערע לידער קומט דאָס שעפערישע אַנטקעגן אין איינצלנע געפליגלטע שורות. אַזוי, למשל, אינעם ליד „שמואל הנביא און דער פאַסטעך דוד". דער נביא זעט צום ערשטן מאָל דעם, וואָס וועט פאַרבייטן „דאָס פייפל אויף דער קרוין", און

„... ס'פאַרשמעקט מיט תהילים און פידל־שפּיל
געמישט מיט אַל דאָס בייז".

דאָס ליד „דער אַלטער ר' ישי" איז שוין נישט אָנגעוויזן אויף אַ צוויי שורות, — עס האָט שוין אין גאַנצן אַ מער וואָגיקע קינסטלערישע געשטאַלט. אָבער ערשט „דוד המלך און אבישג" גיט אונדז אַ צופּ ביים האַרצן ווי נאָר עכטע דיכטונג קען דאָס. דאָ איז אַ סך וויניקער „קונץ", ווי אין די איבעריקע „לידער פון תנ"ך", אָבער דערפאַר טאַקע אויך אַ סך מער קונסט.

בכלל איז די סעריע לידער וועגן אַבישג דאָס בעסטע פון גאַנצן לעצטן טייל, אָבער באַזונדערס צוויי פון זיי: דאָס אויבן־דערמאָנטע „דוד המלך און אַבישג" און „אַבישג שרייבט אַהיים אַ בריוו".

אָט די לידער זיינען שוין נישט סתם אַ שטיפעריי — דאָ שטייט הינטער דער שטיפעריי אַ שטיק ערנסט, אַ שטיקל לעבנס־אמת, וואָס קוקט כסדר אַרויס אויף אונדז פון הינטער דעם גראָטעסק מיט ריינע, טיף־כשרע, ערנסטע אויגן טאַקע פון אַבישג.

„זי האָט געמיינט... נאָר מאַלע וואָס
אַ דאָרפיש מיידל מיינט...
זי האָט נישט איין מאָל אין די נעכט
איר גורל שטיל באַוויינט.

„אמת, עס זאָגן קלוגע לייט,
אַז זי טוט אַ ווילדע זאַך.
זיי זאָגן איר אַפילו צו
אַ שורה אין תנ"ך.
אַ שורה פאַר איר יונגן לייב,
און פאַר אירע יונגע יאָר.
אַ שורה טינט אויף פערגאַמענט
פאַר אַ גאַנצער וואָר" **אאַז״וו.**

אין אָט אָ די צוויי לידער פילן מיר — ווי מאַנגערס מאַרקע, — אַז „קיין רגע שיינקייט גייט נישט אויף דער ערד פאַרלוירן". ווייל וואָס־וואָס — דאָס לערנט דיכטונג אויף זיכער: אַז אויך אין טרויער איז דאָ שיינקייט. און אפשר די גרעסטע אויף דער ערד.

די טיפסטע אַוודאי.

„די טרער פאַרמעקט די „מאַמעשי",
און פאַרמעקט דעם „ליפּע־בוים",
און אין אַ ווינקל כליפּעט שטיל
אַ צאַרטער מיידל־טרוים".

אַלץ האָט אַבישגס טרער געקענט פאַרמעקן, אָבער נישט דאָס וואָס דער דיכטער האָט הינטער איר דערזען, דערפילט און אויסגעזונגען טיף און שיין. שיין — ביז גערירטקייט ביים דיכטן און ביים לייענען דאָס געדיכטעטע.



אַ מיד בוך. נישט אַזוי פאַרשווענדעריש אין שיינקייט, ווי מיר זיינען געווען געוווינט על־פּי־רוב ביי מאַנגערן, אָבער אַ בוך, ווו דער עכטער מאַנגער איז דאָ אין אַ סך זייטלעך, אין אַ סך לידער.

מעלבורן, 1950.

ב

## ליטעראַטור - געשיכטע אין דיכטערישע בילדער

**איציק מאַנגער: „נאָענטע געשטאַלטן". פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע 1938.**

אין מאַנגערס „נאָענטע געשטאַלטן" טאַפּט מען ערטערווייז אָן בחוש די המשכדיקע געקייטלטקייט פונעם ליטעראַרישן שאַפן: שלמה עטינגערס קאָמעדיע „סערקעלע" סטימולירט אַברהם בער גאָטלאָבערן אָנצושרייבן די קאָמעדיע „דאָס דעקטוך, אָדער צוויי חופות אין איין נאַכט"; איציק אייכלס קאָמעדיע „ר' הענעך, אָדער וואָס טוט מען דאַמיט" מאַכט אַזאַ איינדרוק אויף זיין פריינד אַהרן וואָלפסאָן, אַז „ביי אים אין דימיון האָט זיך אויך עפּעס אָנגעהויבן צו וועבן, אַ ליסטשפּיל אויפן שטייגער פון איציק אייכלס קאָמעדיע. וואָס, ווער און ווי אַזוי, ווייסט ער נאָך נישט אויף קלאָר, אָבער אַז די אָנרעגונג וואָס ער האָט באַקומען פון זיין פריינדס קאָמעדיע וועט נישט פאַרלוירן גיין, דאָס ווייסט ער אויף זיכער".

לעבעדיקע זאַכן צייכענען זיך אויס נישט נאָר מיט דעם, וואָס זיי לעבן, נאָר אויך מיט דעם וואָס זיי שאַפן ניי לעבן. און אויך לעבעדיקע ליטעראַרישע ווערק צייכענען זיך אויס מיט דער דאָזיקער אייגנשאַפט פון לעבעדיקע וועזנס.

און אַ באַווייז דערויף זיינען נישט נאָר די ביישפּילן, וואָס געפינען זיך אין איציק מאַנגערס „נאָענטע געשטאַלטן", נאָר זיינע „נאָענטע געשטאַלטן" גופא. זיי זיינען בלי שום ספק אַרויסגערופן געוואָרן צום לעבן אַ דאַנק י. אָפּאַטאָשוס גרויסאַרטיקן עסקיז „אליהו בחור", וואָס האָט דורך עטלעכע בעלעטריסטישע פּרטים אויפגעלעבט די אינטימע געשטאַלט פון אליהו בחור און די גייסטיקע אַטמאָספער פון זיין צייט. אויך מאַנגערס „נאָענטע געשטאַלטן" טראָגן דעם זעלביקן כאַראַקטער.



די „נאָענטע געשטאַלטן" זיינען דיכטעריש־קאָנדענסירטע שטיקער ליטעראַטור־געשיכטע. מאַנגער לעבט קינסטלעריש אויף געוויסע פּרטים פון אַ שרייבערס לעבן און באַלייכט דורך דעם נישט נאָר דעם שרייבערס אינטימסטן ביאָגראַפישן קערן, נאָר אויך די קעגנזייטיקע באַציִונג צווישן אים מיט זיין צייט. דערביי זיינען די דאָזיקע סילועטן פון דער יידישער ליטעראַטור־געשיכטע אין זייער גרעסטער מערהייט אַזוי דיכטעריש אין זייער אויספירונג, אַז זייער דיכטערישער ווערט שטעלט אָפּט מאָל אין שאָטן דעם ליטעראַר־היסטאָרישן.

איך זאָג „אָפּט מאָל" דערפאַר, ווייל אַזעלכע זאַכן ווי „געלע" (ז' 17), „ישראל אַקסנפעלד" (ז' 47), אייזיק מאיר דיק (ז' 65), פאַרמאָגן נישט קיין שטאַרקן דיכטערישן קערן, קיין אינטימען פּונקט, און זיי טיילן זיך אויס מיט זייער בלאַסקייט צווישן אַזעלכע זאַכן ווי „אייזיק וואַליך ווירמייסן", „ד"ר שלמה עטינגער" (איינע פון די בעסטע סקיצן אין באַנד), „מיכל גאָרדאָן" א"אַ. זיי בלייבן בלויז ליטעראַטור־היסטאָרישע און קולטור־היסטאָרישע מאַטעריאַלן אין אַ פאַרבעלעטריסטישער פאָרעם, בעת די אַנדערע וואַקסן אַריבער זייער ליטעראַטור־היסטאָרישן ווערט און ווערן לידער אין פּראָזע, אָדער ריכטיקער: ליטעראַטור־געשיכטע אין דיכטערישע בילדער.



שוין מאַנגערס ערשטע געשטאַלט „אייזיק וואַליך ווירמייסן" פאַרמאָגט אַלע אויבן־אויסגערעכנטע מעלות. שילדערנדיק די באַגעגעניש פון ר' שלמה זינגער פון פּראָג מיט דעם פּרנס פון וואָרמס ר' אייזיק וואַליך, באַקענען מיר זיך דערביי נישט נאָר מיט די דאָזיקע צוויי פּערזאָנען, דעם פּראָפעסיאָנעלן יידישן זינגער און דעם דיכטענדיקן פּרנס, נאָר מיר דערשפּירן אויך די קולטור־אַטמאָספער פון יענער צייט, — די קולטור־אַטמאָספער פון די וואַנדערנדיקע „נאַרן", וואָס טראָגן פונאַנדער אין מויל דאָס יונגע יידיש־ליד, די בלי־צייט פון די פּורים־שפּילן און פּורים־לידער. אָבער צו דעם אַלעם קומט נאָך צו אַ דיכטעריש־אינטימער פּונקט, וואָס גיט ערשט

צו דעם ליטעראַר־היסטאָרישן סקיץ וועגן אייזיק וואַליך ווירמייסן איר גרויסן זעלבשטענדיקן ווערט ווי אַ שאַפונג.

נאָך דעם ווי אייזיק וואַליך האָט פאַרגעלייענט פאַר זיין גאַסט שלמה זינגער פון פּראָג עטלעכע לידער זיינע, גייען זיי ביידע אַרויס צו אַ פאַרבייגייענדיקער לוויה. אייזיק וואַליך דערציילט דעם גאַסט וועגן געשטאָרבענעם און וועגן דער חתונה פון פאַרשטאָרבענעמס טאָכטער, בעת וועלכער ער האָט געהערט און פאַרשריבן לייב קוטניסעס „שיינע כלה־לידער".

„דאָס חתונה־בילד אין דימיון און דאָס לוויה־בילד אויף דער וואָר האָבן דעם גוטן, פרומען פּרנס צערודערט. ער האָט דערפילט שאַרף און ווייטיקלעך די פאַרגענגלעכקייט פון אַלץ, און אַט דאָס נאָגנדיקע געפיל האָט ער מיטגענומען מיט זיך אַהיים, ס'האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן. דער ווייסער כלה־שלייער און דאָס שוואַרצע טהרה־טוך האָט געפלאָכטערט אין זיין חלום. דער פריילעכער ניגון פון ר' לייב קוטניס כלה־ליד האָט זיך צונויפגעפלאָכטערט מיטן קדיש־ניגון, וואָס איז געפאַלן ווי אַש אויפן קבר פונעם וואָרמסער בית־עולם.

„ער איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און געפילט, ווי דאָס נאָגנדיקע געפיל ווערט וואָרט און דאָס וואָרט ווערט ליד. קודם אומקלאָר, דערנאָך קלאָרער, קלאָרער . . .

„און סטראָף נאָך סטראָף, בילד אויף בילד. דער צער און די וויזיע פון דער פאַרגענגלעכקייט . . .

„ווען די מאָרגן־בלויקייט האָט געדעמערט, איז אייזיק וואַליך אַנט־שלאָפן געוואָרן. זיין צער איז געוואָרן ליד. ער האָט שטיל געאָטעמט. דער ערשטער און לעצטער פּרנס, וואָס האָט עפּעס אויפגעטאָן פאַר דער יידישער ליטעראַטור. ער איז געשלאָפן און (האָט) נישט געאַנט, דער זאַמלער און דיכטער אייזיק וואַליך, אַז ער האָט זיך באַהעפט מיט קומענדיקע דורות..."

דאָס איז דיכטונג און זייער גוטע דיכטונג, אָבער זי מאַכט אונדז אָפּט טאָפּלט נאָענט דעם וואָרמסער פּרנס: דיכטעריש־מענטשלעך און ליטעראַר־היסטאָריש, ווייל די באַהעפטונג מיט די קומענדיקע דורות, וועלכע ער האָט נישט געקענט, דערשפּירן מיר, — אַ דאַנק דער דיכטערישער שורה וועגן זיין אַנונגסלאָזיקייט, מיט דער גרעסטער שאַרפקייט.

דאָס זעלבע וועט איר געפינען אין „מיכל גאָרדאָן", אין דער שלוס־סצענע, וואָס איז בעלעטריסטיש אויסגעצייכנט לויט איר סובטעלער שטאַרקייט און פּסיכאָ־לאָגישער דינקייט.

דער אַלטער מיכל גאָרדאָן, דער טרובאַדור פון דער השכלה, מאַכט אַ סך־הכל פון זיין לעבן און קאַמף, פון די דערגרייכונגען און אַנטוישונגען:

„אַ גאַנצן טאָג האָט מיכל גאַרדאַן זיך נישט געקענט באַפרייען פון אָט די אַלע מחשבות. זיי האָבן אים אויסגעפילט אין גאַנצן און ער האָט כמעט אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז ער איז אַן עלנטער איינזאַמער זקן. ערשט ווען דער פאַרנאַכט האָט אָנגעהויבן צו טונקלען אין צימער, האָט ער דער־שפּירט בולט זיין עלנט און פאַרלאָזנקייט.

„ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן צימער, זיך אָפּגעשטעלט פון צייט צו צייט און זיך צוגעקוקט, ווי די זאַכן ווערן פאַמעלעך טונקעלער, ווי זיי לעשן זיך אויס. קודם די שאַפע, דערנאָך דער קאָמאָד, דערנאָך די בילדער אויף די ווענט.

„צום סוף איז נאָך געבליבן דער וואַנט־שפּיגל, וואָס האָט געליכטיקט. מיכל גאַרדאַן איז צוגעגאַנגען צום שפּיגל און אַריינגעקוקט.

„ווער איז די הויכע געשטאַלט מיט דער עטוואָס איינגעהויקערטער פּלייצע דאָרט אין שפּיגל?

. . . „די געשטאַלט האָט גרויסע, בלויע אויגן און אַ קליין ווייס בערדל, וואָס איז אַמאָל געווען בלאָנד. ס׳איז ער, מיכל גאַרדאַן, צי אפשר גאָר אַן אַנדערער? אַזוינער, וואָס האַלט זיך ערשט אין דערנענטערן צו אים? אָט דער וואָס דאַרף ערשט קומען? נאָך אַ טאָג, נאָך אַ וואָך, און ער וועט קומען.

„מיכל גאַרדאַן האָט געטראַכט וועגן טויט און — מערקווירדיק: אין דער דאָזיקער רגע האָט זיך דער פּחד פון אים אָפּגעטאָן. ער האָט נישט געפילט קיין שום מורא פאַרן „מלאך מיט די טויזנט אויגן״. פאַרקערט, ס׳איז אים געוואָרן לייכט און מאָדנע גוט אויף דער נשמה, טראַכטנדיק וועגן דעם סוף. ער איז געשטאַנען פאַרן שפּיגל און שטיל און רויִק גענו־מען דעקלאַמירן זיין ליד „מיין לעבנס־צייט״ . . .

„שפּעטנס האָבן זיך פאַרקליבן אין שפּיגל אַריין. די געשטאַלט, וואָס האָט אַזוי וווּנדערלעך אַרויסגעטאָטעמט איר ליריש־קאָסמישן אַני־מאַמין (גאַרדאַנס שיין ליד „מיין לעבנס־צייט״ — י. ר.), האָט זיך אָנגעהויבן אויסצולעשן. פאַמעלעך, פאַמעלעך און זי איז נישט געוואָרן.

„אין מיטן צימער איז בלויז געשטאַנען די הויכע, עטוואָס איינגע־בויגענע פיגור פון מיכל גאַרדאַן און זיינע גרויסע, בלויע אויגן זיינען געווען צוויי טראָפּנס טרויער״ . . .

**איך האָב געבראַכט די דאָזיקע צוויי ציטאַטן ווי מוסטערן פון דעם, וואָס איך האַלט פאַר דאָס ווערטפולסטע אין מאַנגערס „גאָענטע געשטאַלטן״: דער דיכטעריש־אינטימער קערן, וועלכער ווערט אַרויסגעשיילט פון דער ליטעראַר־היסטאָרישער, אויך גאַנץ געשמאַקער שאָלעכץ.**

*

די, וואָס קענען מאַנגערס לידער, ווייסן ווי שטאַרק דער דאָזיקער דיכטער איז פאַרוואָרצלט אינעם יידישן פאָלקסטימלעכן שאַפן פון אַ הערשעלע אָסטראָפּאָליער, פון אַ גאָלדפאַדן, פון אַ וועלוול זבאַרזשער (וועמען ער האָט געשטעלט אַזאַ פּראַכטיקן דענקמאָל אין זיין לידער־ביכעלע „וועלוול זבאַרזשער שרייבט בריוו צו מלכהלע דער שיינער").

מאַנגער איז ממש פאַרליבט אין פאָלקסטימלעכן יסוד פון אונדזער ליטעראַטור און אין געוויסע טיילן פון זיין שאַפן איז ער זיין טאַלאַנטפולסטער יורש און ווייטער־בויער.

די דאָזיקע ליבשאַפט און קענטשאַפט (אַ קענטשאַפט נישט בלויז אַן ערודי־טישע, נאָר אַ פאַרליבט־אינטימע) קומט בולט צום אויסדרוק אין אַלע „נאָענטע געשטאַלטן", אָבער צום בולטסטן און צום בעסטן אין די לעצטע דריי געשטאַלטן: „הערשעלע אָסטראָפּאָליער", „דער כעלעמער זצ"ל" און „די גאָלדענע פּאַווע". איך רעכן צו צו די דריי געשטאַלטן אויך „די גאָלדענע פּאַווע" — דער סימבאָל פונעם יידישן פאָלקס־ליד — דערפאַר, ווייל אויך די צוויי ערשטע (פון די דריי לעצטע) זיינע קאָלעקטיווע געשטאַלטן: הערשעלע אָסטראָפּאָליער רעפּרעזענטירט די יידישע פאָלקס־מאַסע (הערשעלע איז אין מאַנגערס סקיץ שוין טויט, און דער עולם מאַכט אים לעבעדיק דורך דערציילן זיינע „שטיקלעך" בעת זיין לוויה; הערשעלע לעבט ווייטער אינעם פאָלקס־מענטשן, וועמענס פּראָטעסט ער האָט אויסגעדריקט אין זיין בונטאַרישער לצנות) און דער כעלעמער רב רעפּרעזענטירט דעם יידישן פאָלקס־געלעכטער, די יידישע פאָלק־שאַפונג, „די עפּאָפּייע, ווו דער שטות קושט דעם שכל־הישר אין סאַמע שטערן אַריין".

מאַנגער האָט אין די דאָזיקע דריי סקיצן געשטעלט קליינע, אָבער שיינע דענק־מעלער דעם יידישן בונטאַרישן וויץ, דעם יידישן תמימותדיקן געלעכטער און — באַזונדערס! — דעם יידישן פאָלקסליד.

וואַרשע, 1938

ג

## פון באַלאַדעסקן פּאַטאָס צו לירישער פאָלקסטימלעכקייט

**איציק מאַנגער:** „וועלוול זבאַרזשער שרייבט בריוו צו מלכהלע דער שיינער".

ווען מ'זאָל וועלן צייכענען אַ דיאַגראַמע פון איציק מאַנגערס שאַפן, וואָלטן זיינע „מגילה־לידער" געבילדעט אַ טאָל צווישן די שפּיצן פון „חומש־לידער" און „וועלוול זבאַרזשער".

די „מגילה־לידער" בילדן אַ טאָל אין דער דיאַגראַמע נישט צוליב די „מיאוסע" ווערטער וואָס געפינען זיך אין זיי (ווי מ'האָט עס פאַרגעוואָרפן מאַנגערן); איך

האַלט אויך פאַר לעכערלעך פאַרצוואַרפן מאַנגערן אַז מיט די „מגילה־לידער״ האָט ער זיך געוואָלט צופּאַסן צו אַ געוויסער אודיטאָריע, חנדלען זיך צום „פּעבל״; אַדרבה, איך באַטראַכט די „מגילה־לידער״ פאַר אַ פיין ביכעלע, ווו מע קען געפינען עטלעכע גאָר פיינע סאַטירישע און אַפילו לירישע לידער, — אָבער דאָך בילדן זיי אַ טאָל אין מאַנגערס שאַפן, פּונקט ווי עס זיינען דאָ טאָלן אויך אין בערג, אויף וויפל הויכקייטן ליגן צווישן העכערע שפּיצן.

לויטן פּלאַן און דער אויספירונג זיינען די „מגילה־לידער״ אַפּאָקריפיש לגבי די „חומש־לידער״; אויך די לירישע אינדזעלעך, וואָס זיינען צעוואָרפן אין דאָזיקן ביכעלע, קענען נישט אויסהאַלטן קיין פאַרגלייך נישט מיט די ענלעכע אינדזעלעך אין די „חומש־לידער״, נישט מיט „וועלוול זבאַרזשער״.

*

איך האָב שוין געפּרוווט אויפוויזן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט אַז די „חומש־לידער״ באַדייטן נישט (ווי אַנדערע זיינען געניגט אַנצונעמען) קיין אומגעריכטן שפּרונג אין מאַנגערס שאַפן. שוין אין ערשטן בוך מאַנגערס, אין זיין אומפאַרגעסלעכן „שטערן אויפן דאַך״, געפינען זיך די עלעמענטן, פון וועלכע עס האָבן געצויגן חיונה און זיך אַנטוויקלט די „חומש־לידער״. דער גראָטעסק־עלעמענט איז אַן אָרגאַנישע אייגנשאַפט פון מאַנגערס טאַלאַנט. דאָס זעלביקע איז אויך מיטן פאָלקסטימלעכן לירישן טאָן, וואָס האָט געפונען אַזאַ רייפן, רירנדיקן אויסדרוק אין וועלוול זבאַרזשערס בריוו: דער דאָזיקער טאָן איז היימיש שוין אין „שטערן אויפן דאַך״.

אָבער די דאָזיקע עלעמענטן פון גראָטעסק און פאָלקסטימלעכקייט, וואָס זיינען מאַנגערן אייגן נישט ווייניקער ווי דער פייערלעך־פּאַטעטישער טאָן פון דער באַלאַדע, האָבן לעצטנס געגומען איבערהאַנט איבער מאַנגערן: די בעסטע זאַפטן פון זיין גרויסן טאַלאַנט גיט ער אָפּ די דאָזיקע, אין ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן אַ ביסל פאַרנאַכלעסיקטע, עלעמענטן. (דאָס זעט מע נישט נאָר אין די „חומש־לידער״ און די „זבאַרזשער־לידער״, נאָר אַפילו אין מאַנגערס בוך „דעמערונג אין שפּיגל״ ווי מיר וועלן זען ביי אַן אַנדער געלעגנהייט).

*

„...מלכהלע די שיינע, זע —
דו ביסט געוואָרן ליד...״

אין די דאָזיקע פייערלעכע שורות איז נישטאָ קיין ברעקל גוזמא: מלכהלע, זבאַרזשער און זייער ליבע זיינען געוואָרן ליד — און וואָסער ליד! די דאָזיקע פרעמדע, ווייטע ליבע איז אַ דאַנק דעם קליינעם ביכעלע געוואָרן אַזוי נאָענט, אַזוי מימרייסנדיק, אַזוי האַרץ־פאַרקלעמענדיק און אַזוי קאָנקרעט־וואַרעם! אָט די פאָלקס־

טימלעכע ליבע־געזאַנגען זײַנען גלײַכצײַטיק אַזוי סובטיל אין זײער אויסדרוק, אין זײער צניעותדיקער אײַנגעהאַלטנקייט ביים אויסדריקן דעם ליבע־װײטיק! לײענט, אַדרבה, דאָס שײנע ליד „אַ בעטלער האָט הײנט", װוּ עס קומט צום אויסדרוק די פאַרצװײפלונג פון װײטן װעלװל זבאַרזשער:

די בענקשאַפט האָט גילדענע פליגל,
די ליבע אַ בעכער מיט סם —
די ליבע לאַכט, װען די בענקשאַפט
רעדט צו איר מיטן גראַם.

זײ יאָגן זיך אײנס דאָס צװײטע
ביז די בענקשאַפט גײט אויס
און די ליבע שטאַרבט, װי אַ שמעטערלינג
אויף אַ פאַרװיאַנעטער רויז.

און זבאַרזשער פאַרזיכערט צניעותדיק:

מלכהלע, זײ מיך נישט חושד,
אַז איך האָב דאָס לידל געמאַכט,
מײַן ליבע האָט נאָך לעסאַטע
צו אַזאַ טרויער זיך נישט דערטראַכט,

נאָר אַדרבה: מײַן בענקשאַפט
גלוסט נאָך כּסדר און װאַרט,
די זינגט: די אמתע ליבע
האָט נאָך קײנעם נישט אָפּגענאַרט.

און דאָס ליד „ס'איז, מלכהלע, נאָך האַלבער נאַכט", די נאַכט פאַר מלכהלעס אָפּפאָר קײן קאָנסטאַנטינאָפּאָל, איז אויסטערליש שײן אַפילו צװישן די לידער פון דאָזיקן שײנעם ביכעלע. ס'פאַרדריסט בלויז, װאָס מאַנגערס ליבע צום „לאָקאַלן קאָליר" פון דער השכּלה־עפּאָכע, צום דײַטשמעריזם, איז גובר אַפילו זײַן מאָס־געפיל און זײַן דורכגעטראַכטן אַרט שאַפן. און אין אַזאַ ליד װאָס ציטערט פון אײַנגעהאַלטענעם, װילד־יוירנדיקן געזעגענונג־װײ, טריפט ער אַרײַן אַזאַ דזשעגעכץ־שורה: „ס'איז, װעלװל, ניכט אויף אימער", און עס גיט אַ מיניע אויף אַ װײל די אָפּשטויסנדיקע צורה (אין דאָזיקן פאַל!) פון פאַראָדיע, פון פאַרשטעלטקייט. (דאָס טרעפט אויך מיט מאַנגערס ליבע צום פאַלקסטימלעכן אויסדרוק: אין שענסטן ליד פון די „מגילה־לידער", פאַסטריגאָסאָס ליבע־טענות צו אסתרן, אין לירישסטן מאָ־מענט, לאָזט ער פאַסטריגאָסאָן זאָגן „גיב לשון, אסתר". און עס גיט אַ גרילץ אַן אַבסאָלוט אַנטי־לירישער טאָן).

די דאָזיקע ליבע מאַנגערס צום יידיש־דייטש, ווען זי קומט צום אויסדרוק אין אַזעלכע לידער זיינע (אין „דעמערונג אין שפיגל״), ווי „איין ניי שיין ליד פון אייזיק וואָלעך ווירמייסן״, אָדער „איין קעסטליך ליד צום זינגען״, איז דאָס קונסטרייכע סטיליזאַציע און טאַקע אַ דיכטעריש־שיינע דערצו: די פאָרעם דעקט זיך מיטן אינהאַלט, לאָזט זינגען די לידער די אַלטע יידיש־דייטש־דיכטערס מיט זייער לשון. נישט אַזוי שיין, אָבער אויך צוועקמעסיק איז די דייטשמערישקייט אינעם ליד (אויך אין „דעמערונג אין שפיגל״) „שונד־ראָמאַנס״. אָבער וואָס פאַר אַ זין האָט די דייטש־מערישקייט אין ערשטן ליד פון וועלוול זבאַרזשער: „יאָסי, אַבענדס, זיבן אוהר״? נישט נאָר וואָס דער אינהאַלט פאָדערט נישט די דייטשמערישקייט (דער „קוליער לאָקאַל״ איז דאָ לחלוטין נישט בייטיק פאַרן אינהאַלט!), נאָר זי שטערט. אין דאָזיקן ליד זיינען גראָד דאָ אַזעלכע שיינע שטעלן, וואָס וואָלטן אונדז טיף געריהרט, ווען נישט דאָס קאַלטע פרעמדע הייטל פון נישט־בייטיקער, אומאָרגאַנישער סטיליזאַציע. די פרעכטיקע שורות:

איז דאָס איין אירטום, מלכהלע,
דאָס זאָלסטו גוט געדענקען,
איין וואָהרער דיכטער, מלכהלע,
מוז קענען זיך פאַרשענקען

ווירקן אַ סך שוואַכער מחמת זייער פאַלשן מאַסקאַראַד־לבוש. די סטראָפע, וואָס ציט ווייטער דעם געדאַנק וועגן דיכטער, וואָס דאַרף זיך פאַרשענקען:

דער וועריבע און דעם עפּלבוים,
דעם פייגלכען, וואָס פליט,
און דורך דעם שענקען, מלכהלע,
ווערט צייטיק ערשט דאָס ליד.

ווירקט אַ סך שטאַרקער צוליב דעם, וואָס זי האָט נישט דעם פרעמדן שפּראַך־לבוש. און ווען דאָס וואָרט „פייגלכען״ וואָלט איבערגעלאָזט דאָס אָרט פאַרן „פויגעלע״, וואָלט געווען נאָך בעסער.

אַז דאָס איז נישט קיין ווערבאַליסטיק וועט איינזען יעדער איינער, ווער עס וועט לייענען איינס נאָכן צווייטן דאָס ערשטע דייטשמערישע ליד פון „וועלוול זבאַרזשער״ און די ווייטערדיקע נישט־דייטשמערישע. זאָל יעדער איינער לייענען דאָס צווייטע ליד פונעם ביכעלע, דאָס צאַרט־שיינע ליד „זאָג, מלכהלע, די שיינע״ און פּרובירן אַריינשטעלן עטלעכע דייטשמערישע ווערטער אין די דאָזיקע ריינע סטראָפעס, וועט ער שפירן ממש בחוש ווי זיי פאַרלירן זייער קראַפט, ווי ווייך געמישט מיט וואַסער. וואָלט דען געבליבן די זעלביקע סוגערירנדיקע קראַפט ביי די פאָלגנדיקע ליריש־ווייכע שורות:

וואָלטסטו אַרויסגעקומען
אין דיין לאַנגן, געשטיקטן העמד,
און די פרעמד, וואָס האָט דיך געפאַנגען,
וואָלט מער נישט געווען פרעמד —

ווען מאַנגער וואָלט דאָ אַריינגעטריפט אַ שטיפערישן, ווויליונגערישן דייטשמעריזם ווי „די פרעמדע״ אַנשטאָט „די פרעמד״? ביים מינדסטן לירישן געהער איז דער ענטפער דערויף איינדייטיק: עס וואָלט צעשטערט דעם פיינעם לירישן אַראָמאַט.

וואָס דאַרף מען האָבן מער: אַפילו אינעם שיינעם פּראָזע־פאָרוואָרט שאָקירט דער ביליקער (ווייל אויף אויסערלעכקייט געבויטער) הומאָר־אויסדרוק: „זאָ וואָהר מיר גאָט העלפע!״ אַזעלכע ביליקע מיטלען זיינען נייטיק פאַר טאַלאַנטלאָזיקייטן, צייטונג־הומאָריסטן, — אָבער נישט פאַר אַ מאַנגער וואָס שפּרודלט מיט עכטן הומאָר אין זיין פאָלקסטימלעכער ליריק.

די גרילצנדיקע דייטשמעריזמען זיינען דער איינציקער פלעק אויפן ליכטיקן פאָן פונעם שיינעם, האַרציקן ביכעלע וועגן וועלוול זבאַרזשער, וואָס איז איינס פון די שענסטע דענקמעלער, וואָס אַ יידישער דיכטער האָט ווען דערלעבט; אַ דענקמאָל, געשטעלט דער ליבע פון אַ דיכטער דורך דער ליבע פון אַ צווייטן דיכטער.

**וואַרשע, 1937.**

# ביים קוואַל פון ריינער ליריק

וועגן רחלס לידער אין יידיש

צופעליק איז מיר אַריינגעפאַלן אין דער האַנט אַ קליין ביכעלע לידער: „רחלס לידער, יידיש פון ז. ר., אַרויסגעגעבן פון דער פיאָנערן פרויען־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע און קאַנאַדע, 1932". ווען מע מישט איבער דאָס לעצטע 59סטע זייטל האָט מע דאָס געפיל, ווי מ'וואָלט זיך געהאַט אָפּגעטובלט אין אַ ריינעם טיפן קוואַל, וואָס פאַרמאָגט אַ וווּנדערבאַרע אייגנשאַפט: מ'גייט אַרויס פון אים נישט נאָר אַן אָפּגעפרישטער, נאָר ממש אַ געענדערטער, אַ פאַרוואַנדלטער. עס איז קיין ספק נישטאָ, מע האָט זיך אָפּגעטובלט אין קוואַל פון ריינסטער ליריק.

*

וואָס איז ליריק? די דאָזיקע פראַגע איז לייכטער צו שטעלן ווי צו געבן אויף איר אַן ענטפער. עס זיינען דאָ זייער אַ סך קלוגע און טיפע, פאַרפלאָנטערטע און ווערטערדיקע ענטפערס, אָבער קיין צוויי־מאָל־צוויי־איז־פיר ענטפער איז נישטאָ (און קען נישט זיין) אויף אַזאַ פראַגע, ווייל זי רירט אָן אַ זאַך, וואָס איז איינפאַך און גלייכצייטיק פילגעשטאַלטיק ווי דאָס לעבן, ווי דער ווייטיק און די פרייד פון לעבן, ווי דער זין און אומזין פון לעבן (ווי דער זין־אומזין פון לעבן, ווייל עס איז צום ריכטיקסטן צו פאַרבינדן די דאָזיקע צוויי ווערטער).

אָבער שאַ... מיר דאַכט, אַז ביים פאָרמולירן און מאָטיווירן די אוממעגלעכקייט צו געבן אַן ענטפער אויף דער פראַגע „וואָס איז ליריק?" האָב איך שוין אומדירעקט, נישט־ווילנדיק אים אָנגערירט, דעם דאָזיקן ענטפער. עס האָט מיר אים אונטערגערוקט די נאָענטקייט צום ריינעם לירישן קוואַל פון רחלס לידער, מיין אינטימער קאָנטאַקט מיט אַ שטאַרקן לירישן אויסברוך. פונקט ווי יעדער ענטפער אויף דער פראַגע „וואָס איז לעבן?" איז ריכטיק, אויף וויפל ער איז אַן אויסדרוק פון טיפסטער איבערלעבונג, פון טיפסטן פילן און קעמפן מיטן לעבן, אַזוי איז אויך ריכטיק יעדער ענטפער אויף דער פראַגע „וואָס איז ליריק?", ווי באַלד ער

קומט ווי דער אוממיטלבאַרער אויסדרוק פון טיפסטער לירישער איבערלעבונג, דאָס הייסט פון טיפסטער אינערלעכער דערשיטערטקייט.

וואָס איז ליריק? דער אויסגעשריי פון טיפער פרייד און פון טיפן טרויער; דאָס טרעפן זיך אויג אויף אויג מיטן לעבן און מיטן טויט נישט ווי באַגריפן, נישט ווי רעגיסטרירלעכע פאַקטן נאָר ווי אוממיטלבאַרע קורצשלוס־איבערלעבונגען. וואָס איז ליריק? — פיזישער ווייטיק און פחד פאַרן טויט, פאַרגייסטיקטע און פאַרוואַנדלטע אין איבערמענטשלעך־שיינעם טרויער און רעזיגנאַציע; גייסטיקע פרייד און לעבנס־געפיל פאַרוואַנדלטע ביז פיזישער קאָנקרעטקייט.

אַ גוטע אילוסטראַציע צו מיינע שטאַמלענדיקע דעפיניציעס (שטאַמלענדיקע — און דאָך ליגט אין זיי געפאַנגען דער מהות פון ליריק, פון לירישער איבערלעבונג, פון לירישער דיכטונג) איז רחלס ליד אויף ז׳ 45:

„איך ליב דעם ווייטיק. דעם, וואָס רייניקט,
„וואָס מאַכט פרוכטבאַר, שטאַרק און רייך.
„ווי דער אַקער איז זיין חלף,
„זיינע טרערן — רעגן גלייך.

„טרויער־שיער, נישט גדאגהט!
„ס׳וואַקסט אַ פעלד אין אומעט אויך,
„ס׳האָט די האַנט מיך בלויז פאַרוווּנדעט,
„נו, איז וואָס? מיין לוין איז הויך.״

איר לוין איז — ריינע ליריק. דערפאַר, וואָס דער ווייטיק רייניקט זי, לייטערט זי, וואָס אין איר אומעט וואַקסן פעלדער — האָט זי געגעבן ריינסטע ליריק; דערפאַר ווייל זי איז געווען אַ גרויסע לירישע נאַטור, האָט טרויער זי גערייניקט.

*

רחל איז אָבער געווען נישט נאָר אַ גרויסע לירישע נאַטור, נאָר זי האָט אויך פאַרמאָגט אַ גרויסן קינסטלערישן טאַלאַנט. און דער לירישער קוואַל פון איר נשמה רייניקט אויך אונדז, פאַרוואַנדלט אויך אונדזער טרויער אין בליענדיקע פעלדער פון העכסטער פרייד — פרייד, וואָס שלאָגט אַרויס פון שווערן טרויער, ווי אַ בליץ פון אַ פינצטערער כמאַרע.

די סוגערירנדיקע קראַפט פון אירע קליינע לידער איז קאָלאָסאַל. נעמט, צום ביישפּיל, פאָלגנדיקע סטראָפע פון איר ליד „אפשר איז די גאַנצע זאַך אַ ליגן?״:

„אפשר אין די לאַנגע, הייסע שניט־טעג
האָט גאָר קיין מאָל,
אויבן, אויף אַ וואָגן פול מיט סנאָפּעס,
נישט געקלונגען הויך מיין קול?״

נישט געקוקט וואָס גראָד די דאָזיקע סטראָפע געהערט צו די שוואַך־איבער־געזעצטע (מע שפירט עס אַרויס אָן אָריגינאַל אין האַנט) אין דאָזיקן ביכל, דערזעט מע דאָך דאָס פעלד, מע דערשפירט די היץ און דעם ריח פון שניט־טאָג, מ׳הערט דאָס קול פון הויכן וואָגן אַראָפּ, און מ׳דערפילט מיט קינאה די שטימונג, די פרייד פון אַרבעטס־טאָג. די סובטיל־באַהאַלטענע בענקשאַפט צום אַמאָליקן קאָנטאַקט מיט דער נאַטור דורך אַרבעט (דעם ענגסטן ליבע־קאָנטאַקט, וואָס מע קען האָבן מיט דער נאַטור, — אַ קאָנטאַקט, וואָס איז ענלעך אין זיין פיזיש־ און גייסטיק־באַפרוכ־פערנדיקן גליק, ווי דער פיזישער קאָנטאַקט מיט אַ געליבטער פרוי), — די דאָזיקע בענקשאַפט גיט זיך איבער אויך אונדז נישט דורך אויסדריקן עס מיט ווערטער, נאָר דורך סוגערירן אונדז די בילדער פון יענעם גליקלעכן קאָנטאַקט; די בענקשאַפט קומט שוין פון זיך אַליין: זי, די בענקשאַפט, האָט דאָך געבוירן אין רחלען די ביל־דער און די בילדער געבוירן זי ווידער אין אונדז. דער קרייז פון דער לירישער ווירקונג איז געשלאָסן. דער קרייז איז פולקום ווי דאָס ליד.

ווי אַלע עכטע גרויסע ליריקערס, איז אויך רחל פשוט אין איר אויסדרוק. דאָס שטאַרקע, געלייטערטע געפיל, וואָס קוועלט אָן אין ליריקער ביז דער גרעסטער רייפקייט, נייטיקט זיך בלויז אין אַ דין הייטעלע פון וואָרט, אין אַ דורכזיכטיקס. דאָס וואָרט איז פשוט, דאָס בילד — קלאָר און קנאַפּ, ווייל אַלץ וואָס אויסגערייפט, איז פשוט, צוועקמעסיק און לעבנס־פעיק. בלויז ווייניקע דיכטערס ביי אונדז קענען זאָגן מיט פולן רעכט, ווי רחל,

„אָבער ליב האָב איך דאָס וואָרט נאָר,
„וואָס איז ערלעך ווי אַ קינד,
„און ווי ערד איז עס באַשיידן״. —
— — — — — — — — — — — — —
„דער וואָרט וואָס פּראָסט איז ווי געשריי...״

און מיטן דאָזיקן פּראָסטן וואָרט שפּילט זי אויף די פיינסטע, געהיימסטע סטרונעס פון מענטשלעכן געמיט און געפיל.



די גרויסע ליריק צייכנט זיך אויס מיט דעם, וואָס מיר דערקענען דורך די לידער דעם אינטימסטן וועלט־ און לעבנס־געפיל פון דיכטער, זייערע צאַרטסטע פסיכישע רעאַקציעס, — מיר דערקענען דאָס כמעט אוממיטלבאַר, דורך אַן אינטימען קאָנטאַקט פון וועזן מיט וועזן דורך די וויברירנדיקע כוואַליעס פון לירישער דער־שיטערטקייט.

יעדן קינסטלער דערקענט מען דורך זיינע ווערק, אָבער פראַגמענטאַריש; דעם עכטן ליריקער ד ע ר ק ע נ ט  מ ע ן  א י ן  ג אַ נ צ ן, אין שורש, ווייל

עכטע ליריק איז מעגלעך בלויז דאַן, ווען דאָס גאַנצע וועזן פון אַ מענטשן קאָנ־צענטרירט זיך אין העכסטער שפּאַנונג אין איין געפיל, אין איין געפיל־רעאַקציע און ווערט אַנטפּלעקט, געבוירן אין זיין שורשדיקייט, אין זיין לעצטער קערנדיקייט.

עס איז גענוג צו לייענען רחלס עטלעכע צענדלינג לידער אַז מיר זאָלן זי קענען און פילן פון אינעווייניק אַזוי, ווי מיר קענען ז י ך אַ ל יי ן בלויז זעלטן, אין גנאַד־מאָמענטן פון עקסטאַז, פון אינערלעכער געלייטערטקייט, ווען מיר קענען דורכבליקן ביזן גרונט אונדזערע אָפט גאַנץ־מוטנע טיפענישן.

איז דען דאָ עפּעס טיפערס, סודותדיקערס און טאָקע מער טונקלס, ווי די באַציִונג פון מענטשן צום לעבן און צום טויט, — נישט צום אַבסטראַקטן לעבן און צום נאָך מער־אַבסטראַקטן טויט פון מענטשן בכלל, נאָר צום אייגענעם קאָנקרעטן לעבן און טויט, בפרט ווען זיי פּאַראייניקן זיך צוזאַמען אויף דער גרענעץ פון לעבן, ווי דער הימל פּאַראייניקט זיך מיט דער ערד אויפן האָריזאָנט, וווּ ס׳איז נישטאָ קיין ווייטער?

ניין, נישטאָ עפּעס גרעסערס און מער טונקלס. אָבער ווי קלאָר עס איז אונדז רחלס געפיל צום לעבן און טויט, ווען מיר לייענען איבער כאָטש בלויז צוויי קליינע געדיכטן אירע:

„ווי עס פרעסט מיר דאָס האַרץ אין די שלאָפלאָזע נעכט,
ווי ס׳איז שווער מיר דער יאָך אין די נעכט אָן אַ שלאָף.
זאָל איך שטרעקן די האַנט און צערייסן די באַנד,
איין ריס טאָן די באַנד און אַ סוף?
אָבער ליכטיק ווערט פרי. ס׳קלאַפּט דער מאָרגן מיר אָן
אין מיין פענצטערל שטיל, העל און זילבער ביז גאָר.
ניין, איך שטרעק נישט די האַנט, ניין, איך רייס נישט די באַנד.
נאָך אַ ווייל מיין האַרץ, נאָך אַ יאָר“.

## שמחהלעך קליינענקע

„שמחהלעך קליינענקע, זריידעלעך פּעניצלעך:
אַ שנירעלע ים צווישן הייזער פון שטיין,
אַ גלאַנץ פון אַ שויב ביי אַ זון־אונטערגיין,
זייט מיר אַלע געבענטשט.
זייט מיר אַלע געבענטשט, אַלע זינגט איר מיר טרייסט,
אומעטום זיינען פונקען געהיימע פאַרשפּרייט,
און עס טויג יעדע שנור פאַר געפּערלטע רייד, —
ווי דאָס האַרץ איז נאָר גרויס“.

ווי גרויס און שטאַרק אַ דיכטער דאַרף זיין, כדי מיט אַזעלכע פשוטע ווערטער,

אין אַ גאַנץ שווערער (אין דאָזיקן ליד) איבערזעצונג, צו פּאַנגען אַזוי אונדזער געמיט און אים פאַרשווערעסטערן ביז פולשטענדיקער צוזאַמענגיסונג מיט דער געפיל־וועלט פון אַ צווייטן, ווייטן, קיין מאָל נישט געזעענעם, אָבער פון איצט אָן נאָענטן, אינטים־באַקאַנטן מענטשן.

איך ווייס פון די דאָזיקע לידער נישט נאָר רחלס אַ גנאָד־מינוט, נאָר איר גאַנץ וועזן.

און אַזוי זיינען כמעט אַלע לידער. אויף יעדן פשוטן לעבנס־שנור האָט זי אַרויפגעצויגן אירע געפערלטע רייד: וועגן ליבע און ליבע־האַס, וועגן בונט פון בלוט (אַ ווונדערבאַר טיף און דין ליד אויף ז׳ 20) און וועגן לעצטער געלייטערט־קייט, וועגן לעבן און מענטשלעכעליידן, וואָס גייסטיק שטאַרקע פאַרוואַנדלען אויך זיי אין פרייד — ביזן באַזיגן דעם טויט, דעם אייגענעם און דעם פון נאָענטע.

איינס פון די שענסטע, פּשוטסטע און טיפסטע לידער רחלס איז „מיינע טויטע״ (אַגב, דאָס דאָזיקע ליד, ווי אויך עטלעכע אַנדערע, דערמאָנען מיט זייער פּשטותדיקן טאָן און טיפן אינהאַלט די לידער פון דער רוסישער דיכטערן מאַריאַ שקאַפּסקאַיאַ; ביידע זיינען אוממיטלבאַר־אויפריכטיק, פּשטותדיק און טיף, — אָבער רחלס לידער זיינען נישט דער ערך רייכער אָרקעסטרירט און קינסטלעריש רייפער.

„זיי אַליין נאָר בלייבן. נאָר אין זיי אַליין
קען דער טויט נישט וואַרפן זיין פאַרסמטן שטיין.
שיידן זיך די וועגן, קומט דער אָוונט שטום,
זאַמלען זיי זיך לאַנגזאַם, רינגלען מיך אַרום.
אונדזער בונד איז הייליק, קען צעשטערט נישט זיין.
וואָס איך האָב פאַרלאָרן — בלייבט אויף אייביק מיין״.

אויך רחל בלייבט אויף אייביק אונדזערע אַ דאַנק אירע אומשטערבלעכע לי־דער. איר אָרט איז נישט נאָר צווישן די ערשטע אין אונדזער פּאַנטעאָן, נאָר בכלל צווישן די גרויסע ליריקערס.

*

קענן מיין געוווינהייט האָב איך די איבערזעצונג פון ז. ר. נישט פאַרגליכן מיטן אָריגינאַל: דאָס איז מיר איבעריק. ביי אַ געוויסער צאָל לידער שפּירט מען גאַנץ שטאַרק די איבערזעצונג: זיי זיינען האַרטלעך, נישט פּאָלירט און נישט גענוג דורכזיכטיק אין אייניקע שורות; אַ גרויסע טייל איז פריי פון גראָבע, אויבנאויפיק־באַמערקבאַרע פעלערן; אַ געוויסע צאָל לידער („עקרה״, „גיב נאָך מיר דיין טעכ־טערל אַ נאָמען״, „אַ מתנה״ א״אַ) זיינען ווי דער בעסטער אָריגינאַל.

צי דאַרף מען אָבער פאַרגלייכן מיטן אָריגינאַל, צי דאַרף מען אַנאַליזירן שורותווייז אַן איבערזעצונג, וואָס ווירקט אַזוי געוואַלדיק, וואָס ווערט אַ לירישע

איבערלעבונג, אַ לירישע דערשיטערונג? דאָס וואָלטן געווען דיקדוקי עניות. ז. ר. האָט זיכער נישט געטויט די נשמה פון רחלס לידער — און דאָס איז דער גרעסטער לויב פאַר אַן איבערזעצונג (די אומשטערבלעכסטע לידער אַפילו קענען נישט ביי־שטיין דעם מלאך־המות, ווען ער קומט צו זיי אין דער געשטאַלט פון אַ שלעכטן איבערזעצער).

*

פון קורצן נאָכוואָרט דערוויס איך זיך, אַז די ערשטע איבערזעצונגען פון רחלס לידער אין ייִדיש זיינען געמאַכט געוואָרן פון א. ליעסין און ז. ר. אין דער „צוקונפט". היות אירע לידער זיינען לעצטנס איבערגעזעצט געוואָרן אויך דורך אַנדערע אין דער אַנטאָלאָגיע פון דער ניי־העברעישער פּאָעזיע (אַרויסגעגעבן דורכן „החלוץ" אין וואַרשע), וואָלט געווען אַ יושר, מ'זאָל צונויפנעמען די דאָזיקע אַלע איבערזעצונגען און אַרויסגעבן פון זיי אַ גרעסערן באַנד רחלס לידער אין ייִדיש.

1937

# „מילחמה" פון פרץ מאַרקיש

## א. צווישן עכטקייט און פאַלשקייט

פרץ מאַרקיש האָט קיין מאָל נישט געהערט צו מיינע באַליבטע דיכטערס. זיין ווולקאַנישער טעמפעראַמענט, וואָס האָט אַזוי געבליצט און געדונערט אין זיינע רעפעראַטן און אַרטיקלען, פלעגט אין זיין דיכטונג צו אָפט פאַרוואַנדלט ווערן אין רעטאָריק, וואָס אויב זי פלעגט צייטנווייז אַפילו נישט דערשטיקן, פלעגט זי אָבער נישט זעלטן באַגראָבן זיין דיכטונג אונטער אַ באַרג מליצה.

זיין דיכטונג האָט פאַר מיר תמיד פאַרמאָגט אַ צו גרויסן פּראָצענט רייד און פייערווערק. אינעם מבול פון זיינע ווערטער פלעגט שווער זיין דעם געמיט צו געפינען אַ פּאָר שורות פון עכטער, שטילער דיכטונג, אויף וועלכער מ׳זאָל זיך קענען אָפּרוען, פונקט ווי דער טויב פון נחס תיבה איז שווער געווען צו געפינען אַ פיצל טרוקענעם באָדן פאַר אירע פיסלעך.

„מילחמה" איז נישט קיין אויסנעם אין דעם פּרט; גיכער אַ שלעכטער מוסטער. אויף איין שורה דיכטונג האָט מען דאָ הונדערט איבערחזרונגען, צייטונגס־אַרטיקלען, פּראָפּאַגאַנדע־קלישעס.

אָט איז איין ביישפּיל פון טויזנט: וויגדאָר קצב איז אַ קוכער אין אַן אָפּגע־שניטענער רויט־אַרמייִשער אָפּטיילונג. אויך ער, וויגדאָר קצב, גייט אַרויס פון דער אַרומרינגלונג, אָבער ער קערט זיך צייטווייליק אום אַהין, כדי אויסצוגיסן אַ געבליבענעם קעסעלע באָרשטש (די דייטשן זאָלן עס נישט האָבן...).

איז אָט דער וויגדאָר קצב נעמט אַרויס די פאָטאָגראַפיע פון זיין פרוי און קינדערלעך: „אַ וויש געטאָן די פאָטאָגראַפיע צאַרט, מיט די פאַרלאָפענע שוואַרצ־אַפלען — ווי און ווונדיק! אים האָט געדוכט, אַז מאָסקווע קוקט פון ווייט מיט צער אויפן פאָרטרעט פון זיין דערהרגעט ווייב און קינדער!..."

אָט דער פאַלשער טאָן פון אויגן־גלאָצעניש אויף מאָסקווע איז איינער פון די צוויי כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דאָזיקן בוך; דער צווייטער איז זיין ייִדיש־פאָלקסטימלעכער עלעמענט וואָס איז ערטערווייז טיף.

אָט די צוויי — ווייט נישט־פּראָפּאָרציאָנעלע — עלעמענטן פון מאַרקישעס

„מילחמה" ראַנגלען זיך אין בוך און שטעלן פאַר מיט זיך זיין געראַנגל צווישן מאַראַנענטום און פאַרראַט, צווישן עכטקייט און פאַלשקייט.

און צוליב דעם טאַקע פאַרנעם איך זיך דאָ ווידער מיט מאַרקישעס אַן אויס־געמאַטערט ווערק נאָך אַן איבעררייס פון עטלעכע צענדלינג יאָר.

*

ביים לייענען מאַרקישעס מ י ל ח מ ה (איבער 600 זייטן!) האָב איך געפירט צוויי מילחמות: איינע אַן עסטעטישע — איך האָב כסדר פּראָטעסטירט קעגן דער אומנאַטירלעכקייט פון זאַצבוי, און אַ מאָל טאַקע אויך קעגן פאַלשן וואָרטבאַנוץ, וואָס מחמת דעם האָט מאַרקיש געוואָלט כאַפּן אַ גראַם, אַן אַסאָנאַנס, אָדער אייג־האַלטן ביים עק דעם ריטעם; און די צווייטע אַ מאָראַלישע, אַזוי צו זאָגן: עס האָט געריצט דער פּאַטאָס, וואָס האָט קיין באַרעכטיקונג נישט (מאָסקווע קוקט מיט צער אויף וויגדאָר קצבס דערהרגעטער מישפּחה...), עס האָבן געריצט די פעלשונגען, די אוממאָראַלישע נישט־דערזאָגונגען.

איך וויל זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף דער ערשטער מילחמה מיינער, ווייל די צווייטע איז מיר וויכטיקער.

„מ י ל ח מ ה" איז אַן אַפּאָטעאָז פאַרן רוסישן רעזשים, דאָס הייסט פאַר סטאַלינען, פאַרן רוסישן זעלנער, פאַרן רוסישן מענטש, וואָס איז קיין מענטש נישט ביי מאַרקישן, נאָר אַ מלאך. אָבער אָט דער אַפּאָטעאָז האָט דאָך לחלוטין נישט קיין מאָראַלישע דעקונג. ער האַלט כסדר אין איין אַרויסרופן אונדזער אינערלעכן ווידער־שטאַנד, און במילא האָט מאַרקישעס פּאַטאָס נישט קיין ווירקונג אויף אונדז. ער איז על־פּי־רוב נישט נאָר עסטעטיש נאָר אויך מאָראַליש נישט־ווירקזאַם.

„מילחמה" ווייזט אונדז וואָס עס ווערט פון אַ שרייבער, פון אַ דיכטער אין אַ רעזשים ווי דער רוסישער: מאַרקיש מוז אַפּאָטעאָזירן רוסלאַנד און אירע מענטשן, כדי צו ווייזן ווי דער רעזשים האָט זיי אויסגעאיידלט און ווי די דאָזיקע אויסגע־איידלטע מענטשן האָבן ליב דעם רעזשים.

די מאָראַלישע שוואַכקייט פונעם בוך, זיין מאָראַלישע באַדנלאָזיקייט, לאָמיר זאָגן, באַשטייט דער עיקר אין דעם, וואָס ווען עס רעדט וועגן סטאַלינען ווי וועגן אַ גאָט, ווייסן מיר ווי פאַלש דאָס איז; ווען עס דונערט קעגן די דייטשן און זייערע פאַר־ברעכנס, פילן מיר און ווייסן אַז זיינע דונערן פּאַסן זיך אויך פאַר די רוסן...

ווען מאַרקיש שרייט אויס: „ווי וועקט מען אויף אַ מבול אויף דער בלוטיקער מדינה?", קען דאָס גילטן פאַר רוסלאַנד פּונקט ווי פאַר דייטשלאַנד; ווען מאַרקיש פּראָפּאַגאַנדירט: „עס שיסט אַ רויטאַרמייער אין קיין פרוי נישט", רעגיסטרירן מיר ביי זיך, אַז זיי האָבן יאָ צעשאָסן נישט נאָר סתם פרויען, נאָר אַפילו ייִדישע קאַצעט־לערנס, וועלכע האָבן זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן זייערע פאַרלאַנגען, ווען די רוסישע אַרמיי האָט זיי „באַפרייט"; צי קענען אויף אונדז ווירקן — סיידן נעגאַטיוו

— מאַרקישעס פּאַטאָסדיקע שורות: — „עס הערן זיך שוין רויטאַרמייער־טריט — דער מענטשהייטס גליק״? מיר האָבן זיי געהערט, די דאָזיקע טריט, און אַ חוץ פאַרשקלאַפונג, טויט, שאַנד האָבן זיי אין ערגעץ גאָרנישט נישט געבראַכט. מאַר־קישעס גורל איז אַן אָפּלייקענונג פון זיין פּאָעמע, אין וועלכער ער אַפּאָטעאָזירט די רויטאַרמייער ווי דעם משיח פון דער מענטשהייט...

דאָס בוך „מילחמה״ איז פול מיט מאָראַלישע דונערן קעגן די דייטשן און די מערב־דעמאָקראַטיעס, וואָס האָבן היטלערן אַריינגעלייגט דאָס געווער אין דער האַנט אַריין, אָבער וואָסער מאָראַלישן ווערט קען דאָס האָבן, ווען מיר ווייסן אַז היטלערס שותף ווערט נישט געשטעמפּלט, נאָר אַפּאָטעאָזירט? איז אפשר דערפאַר מאַרקיש אין די דאָזיקע אומצאָליקע שטעלן געבליבן רעטאָריש און נישט דער־גרייכט קיין דיכטערישן אויסדרוק? דיכטונג פאָרט זיך נישט מיט פאַלשקייט, און מאַרקיש האָט געמוזט פילן, אַז זיין אויפרעגונג הינקט, אַז זי איז האַלבירט, אַז זי איז מיט אַ גרויסער פּגימה...

בכל אופן פילן מיר דאָס און מיר שטעלן אַן אינערלעכן ווידערשטאַנד זיין ווערק, וואָס אָדער עס זאָגט ליגן, אָדער עס זאָגט אַ האַלבן אמת...

אַז מיר לייענען די שורות: „ווען אויף די אַלטע קיעווער באַפרייטע ווענט האָבן פון ס׳ניי צעפלאַטערט זיך די רויטע פאָנען״, ווייסן מיר, אַז פאַר אונדז, ייִדן, פאַר די לייענערס פון אַ ייִדיש ווערק, פעלט דאָ אַ וויכטיקער — דער וויכטיקסטער — פּרט פון קיעווס באַפרייונג: דער גרויזאַמער קיעווער רויטאַרמייִישער פּאָגראָם אויף די צוריקגעקערטע רעשטלעך פון די קיעווער ייִדן. געוויס, מאַרקיש האָט וועגן דעם נישט געקענט שרייבן, און אין גאַנצן פאַרשוויגן קיעווס באַפרייונג האָט ער מורא געהאַט, אָבער די פעלשונג בלייבט פעלשונג, און די פּאַטאָסדיקע שורות זיינען פּוסט פון מאָראַלישן אינהאַלט, — דאָס איינציקע וואָס זיי האָבן באַדאַרפט פאַרמאָגן (ווייל קיין דיכטערישן אויסדרוק פאַרמאָגן די דאָזיקע שטעלן סיי ווי נישט)...

ווי ווייט אָט די פעלשונג טויט אָפּ די ווירקונג פון מאַרקישעס ווערק זעט מען, ווען מען לייענט דאָס קאַפּיטל „אויף קאַטאָרגע״ (זז׳ 262—265).

פאַראַן שטאַרק־רירנדיקע שורות אין אָט דעם קאַפּיטל וועגן אַ מיידל פון אוקראַיִנע, וואָס איז פאַרטריבן קיין דייטשלאַנד אויף קאַטאָרגע־אַרבעט; פאַראַן אין אים באמת דיכטערישע טענער און בילדער, אָבער דער שטורעם אין אייער געמיט, וואָס די דאָזיקע צאָרן־דיכטונג לייזט אויף אין אייך, איז אַ שטורעם נישט נאָר קעגן דריטן רייך, נאָר אויך קעגן מאַרקישן: וויפל טויזנטער, הונדערטער טויזנטער אָקסאַנעס און חנהס זיינען אומגעקומען אויך אין די רוסישע פאַרשיקונג־ערטער? איז פאַר וואָס קומט אייך „פּאַראַזיטישער אימפּעריע״ (מאַרקישעס אויסדרוק) אַ קללה דערפאַר, און דער צווייטער — אַ לויב? אויב מאַרקיש קען פילן די ליידן פון אַ שקלאַפן־אַרבעטערן אין דייטשלאַנד, מוז ער אויך פילן די ליידן פון אַ שקלאַפן־אַרבעטערן אין רוסלאַנד. און אויב אַ דיכטער קען נישט זאָגן דעם גאַנצן אמת,

פאַרשוויגט ער אויך דעם האַלבן — דאָס דיקטערישע וואָרט איז דאָס גאַנצע וואָרט, עס מוז זיין דאָס גאַנצע וואָרט.

מאַרקישעס ווערק קען נישט אַרויס פון די דאָזיקע פּענטעס פון האַלבן אמת, — פּענטעס אין וועלכע דער דיכטער האָט עס פאַרפּלאָנטערט דערפאַר, ווייל אויך ער גופא איז געווען פאַרפּלאָנטערט אין די האַלבע אמתן און אין די גאַנצע ליגנס פון דער „פּאַראַזיטישער אימפּעריע" וועלכער ער האָט געדינט.

און אויך ער, ווי זיין אוקראַיניש מיידל אין דייטשישער קאַטאָרגע, איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין דעם ווערק: אַ מאָראַלישן זעלבסטמאָרד.

מע טאָר נישט שרייבן וועגן דער „דריטער פּאַראַזיטישער אימפּעריע" די שורה „אויף קאַטאָרגע זיך שלעפּן תּפיסהדיקע צוגן", און וועגן דער סאָוועטישער אימפּעריע: „די פאַרמילחמהדיקע ליכטיקע ראַסיי".

אָט שרייבט מאַרקיש וועגן דעם חשבון פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט:

אָבער דער חשבון צוגעשטעלט דאַרף זיין נישט זיי אַליין;
דעם חשבון וועט דאָס בלוט באַדאַרפן ברענגען
איעדן איינציקן פון גרויס ביז קליין,
וואָס האָט די טיר געעפנט צו דער וועלט די הענקער.

צי האָט דען מאַרקיש נישט געוווסט בעתן שרייבן די דאָזיקע שורות, אַז אויך זיין „ליכטיקע ראַסיי" פון די באָלשעוויקעס איז צווישן די הויפּטשולדיקע פאַר עפענען היטלערן די טיר צו דער וועלט? צי האָט ער מיט די אָ שורות אין זינען געהאַט אויך זיין „ליכטיקע ראַסיי" אָדער נאָר די מערב־דעמאָקראַטיעס?

## ב. יידישער ניגון אין „מילחמה"

דאָס אינטערעסאַנטסטע אין „מילחמה", ווי אַ יידיש ליטעראַריש ווערק, איז די שפע פון יידישע טיף־פאָלקסטימלעכע סימבאָלן, וואָס מיר געפינען אין אים. איך האָב ווייניק געלייענט מאַרקישן פון סאָוועטישן פעריאָד, און איך ווייס נישט צי ער האָט זיך דאָרט תמיד באַנוצט מיט אַזעלכע עכט־יידישלעכע סימבאָלן, אָדער די קאַטאַסטראָפע פון דער יידישער וועלט האָט אים פאַרפלייצט מיט בענקשאַפט אויף אַזוי ווייט, אַז דער צוים פון היטן זיך פאַר טרייפס איז אַוועקגעטראָגן געוואָרן, און מאַרקיש, דער יידישער דיכטער, האָט זיך גענומען אַרויסרייסן אויף דער פריי.

אויף זייט 99, ביים סוף פון אַ קאַפּיטל וועגן אַן אויסגעמאָרדעטער עדה דורך די עס־עס, באַווייזט זיך אַ פור:

אַראָפּגעגאַנגען פון דער פור איז דער בעל־שם
און מיט דער פלייצע אויסקערווען געהייסן זיך אולעקסען.
דורך דעם געוויין און שיסעריי האָט ער
צום קבר איילנדיק געלאָזט זיך ווי צום עמוד:

— אולטקסט, ווארט אויף מיר ניט מער, —
האט דורכגעריסן זיך זיין קול דורכן געיאמער,
און ס'האבן די הרוגים זיך אין אים געגעבן א פארקלעם,
און מיט די טויטע ארעמס ראש אויף אים אווארף זיך:
— שלום־עליכם, ר' ישראל בעל־שם,
א יישר־כוח פאר די ניסים און די מופתים!

איינס פון די שענסטע קאפיטלען אין בוך „מילחמה" (זז' 100—108), „כ ל־ב ד ר י" וועגן אן אלטן ארון־קודש־שניצער, פארמאגט א שלל מיט פאלקסטימ־לעכער יידישקייט סיי אין לשון, סיי אין בילדער, למשל:

געזעסן איז ער איבער זיין געטריקנטן געהילץ
אריבער פופציק יאר און גרייט געווען אויף נאך אזוי פיל,
ווי אין א זילבערנער עטרה איינגעהילט,
עס זיצט איבער די פארמעטן די הייליקע א סופר.

איינער פון די יידישע העלדן, וועלכער ראטעוועט זיך ארויס פון א גרוב מיט געשאסענע, הייסט גור־אריה, א נאמען נישט אזא טאג־טעגלעכער, ווי א סימבאלי־שער. און ווען די פארטיזאנער פרעגן אים „פון וואנען שטאמסטו?" — ענטפערט ער: „פון יענעם שטאם, וואס ער איז אפשר מער נישטא שוין".

אט פון דעם געפיל האט זיך אינעם מאראן־מארקיש אנגעצונדן די גליענדיקע בענקשאפט נאך אלץ וואס איז יידיש, — א בענקשאפט וואס האט געפונען אן אויס־דרוק אין די פאלקסטימלעך־יידישלעכע סימבאלן פון דער פאעמע.

ווען גור־אריה שלאפט, קוקט

— — — דורך דעם איינגעשלאפענעם אויף אים
אן אלטע טויזנט־יאריקע מגילה.

מארקיש פארקניפט שוין דעם הײנטצייטיקן יידן מיטן אוראלט, מיט דער פאר־רעוואלוציע, און דער טאן איז א פאזיטיווער, אן אנגעטרונקענער מיט געהיי־מעניש, מיט הייליקן סוד פון פאלקישקייט....

די יידן וואס גייען צו די מאסן־קברים זיינען שוין נישט נאר יחידים, נאר רעפרעזענטאנטן פון אן אלט פאלק, פון א גרויסער אלטער קולטור:

געלעגן זיינען אין די טארבעלעך פיר טויזנט יאר
נבואה, און געוויין, און שטרייטנדיקער טרויער,
אנטפלעקונגען, און פרייד, און גלות און דאס ווארט...

אויב די איבער 600 זייטן גראַמען פאַרמאָגן אין זיך עפּעס וואָס איז באמת דיכטעריש, שיין, זיינען דאָס בעיקר יענע זייטן, ווו דער יידישער מאָמענט, די יידישע טראַגעדיע, דער פּאַטאָס פון יידישע ליידן רייסן זיך צום אויסדרוק. דאָ איז נישטאָ קיין פאַלשקייט, דאָ ווערט געזאָגט דער גאַנצער אמת, ווען גור־אריה רופט אָן דאָס פאַרגאָסענע יידישע בלוט „ד אָ ס ע ל ט ס ט ע א ו י ס ק ו י פ ־ ב ל ו ט א ו י ף ד ר ׳ ע ר ד״; ווען מאַרקיש באַשרייבט דאָס ברענענדיקע געטאָ, הערט ער אינעם בושעווענדיקן פייער „ס׳געוויין פון איובן מיט זיינע לעס־טערנדיקע פראַגעס״ און זעט ווי „דאָס פייער מעלה־גרהט מענדעלעס פאַריאָגטע קליאַטשע״, אָדער ווי שלום־עליכם „קוקט אין פלאַם איבער דער בריל און וואַרגט זיך מיט אַ טרער: אַך, טי, רבונו של־עולם ? !״...

דאָס קאַפּיטל „דער טויט פון לעצטן אויפשטענדלער״ (זז׳ 558—565) איז שטאַרק און וואָלט געוועזן עכט, ווען נישט דער צינז, וואָס מאַרקיש צאָלט פאַר זיינע דרייסטע יידישע שטעלן. דאָ פאַרשפּריצט ער דעם הייליקן קאַפּיטל מיט „לענינס פּראָפיל״, וואָס „האָט ווי אַ רעגן־בויגן זיך אַדורכגעשניטן״ (אַ רעגן־בויגן, נאָך וועלכן עס קומט אַ בלוטיקער מבול), און דאָ מיט דער שוין אויבן ציטירטער לעסטערנדיקער שורה: „עס הערן זיך שוין רויטאַרמייער־טריט — דער מענטש־הייטס גליק״.



אָבער דער יידישער וויטיק אין דער פּאָעמע קומט צום אויסדרוק נישט נאָר דיכטעריש, אין יידיש־פאָלקסטימלעכע בילדער, נאָר אויך דירעקטער, אָפענער, כמעט פובליציסטיש (הגם אין גראַמען אָדער אַסאָנאַנסן). עפּעס האָבן מאַרקישן געטאָטשעט אין יענע יאָרן יידישע ווערעמלעך, און זיי האָבן זיך ערטערווייז דורכ־געגריזשעט צו דער איבערפלאַך פון דער פּאָעמע, ביז צום פּאַסאַד.

אויף די זייטן 48—52 קומט צום אויסדרוק דער רוסישער אַנטיסעמיטיזם. אַ זעלנער זאָגט:

> אַ קריג און יידן קוקט מען אויפן פּראָנט ניט אָן.
> מען זאָגט, אַז זיי באַהאַלטן ערגעץ אויס זיך;
> מען זאָגט: זיי פאָרן אויף די באַנען אום מיט גאַנצע זעק;
> מען זאָגט: זיי האָבן שוין ניט מער וווהין צו שטאָפּן;
> מען זאָגט, אַז אומעטום פאַרפּלייצן זיי דעם וועג,
> און דו — גיי לייג פאַר זיי דעם קאָפּ אָן!

און אַז איינער פרעגט אים: „און דו וואָס זאָגסטו?״ — ענטפערט יענער: „ביסט דען אַ ייד, וואָס שטעלסט זיך פאַר זיי איין?״

אַוואַדיסן ווערט טאַקע קלאָר, אַז „שלאָגן שלאָגט ער איצט נישט בלויז זיך

מיטן דייטש, נאָר אויך מיט דעם וואָס פרעגט: „צי ביסט אַ ייִד דען?“. אָבער מיר ווייסן (און מאַרקיש האָט אויך געוווּסט) דעם אמת, אַז „מע זאָגט אַזוי... מע זאָגט אַזוי... ‚דערויף איז אין ראַסיי דאָך פרייהייט‘“ איז נישט מאַרקישעס קיין מליץ־יושרדיקע איראָניע, נאָר דער ביטערער אמת: דאָס איז די איינציקע פרייהייט וואָס די רוסישע פעלקערשאַפטן האָבן: צו פאַרשפרייטן קעגן ייִדן דעם סם פון „מע זאָגט... מע זאָגט“...

מעג מאַרקיש פּאַטאָסדיק־מליצהדיק שילדערן גור־אריהס געפילן, אַז יעדער שאָס ביים גיין אויף קיִעוו פאַרזיכערט אים אַז „ער האָט! ער האָט אַ היים!, אַ לאַנד און אַלץ! ער האָט אַ חלק אין די שלאַכטן אונטער (הינטער — י. ר.) מאָסקווע!“. מעג זיך גור־אריה־מאַרקיש מאַכן האַרץ און פרעגן כלומרשט מיט טריומף, אַרויספאָדערנדיק: „צי האָט אין לאַנד פון פרייהייט בליִונג אונדז פאַרפעלט? צי האָט דאָס גליק פון אַלע זיינע פעלקער אונדז געמיטן?“ — בין איך דאָך זיכער, אַז אין 1948 האָט שוין פּרץ מאַרקיש נישט געגלייבט אין דעם. אפשר האָט ער מיט זיין כלומרשטער האָפערדיקייט געוואָלט איינשטילן דעם טאָטשענדיקן וואָרעם? אפשר האָט ער דערמיט געוואָלט פאַר אַנדערע באַהאַלטן זיינע ספקות?

זיי זיינען אָבער שוין געווען אַזוי שטאַרק, אָט די ספקות, אַז זיי האָבן זיך דורכגעריסן, נישט געקוקט אויף אַלץ.

אינעם קאַפּיטל „אַ ביקס“, קומען פאַר חילוקי־דעות צווישן גליק, דעם פּאַרטיזאַנער, און נעמי, זיין געליבטער.

נעמי קלאָגט זיך:

נאָר ס׳קוקט דער וואַלד מיט אַ פאַרדאַכט,
כ׳ווייס ניט, מיט וואָס אים איבערצייגן,
אַז כ׳קער אים אָן מיט לייב און האַרץ,
ווי יעדער בלעטל קער דעם צווייג אָן...

און אויב עס ווייס דער וואַלד אַליין
בלויז דיר, וואָס קומען פון די היימען
מיט די געררוכן פונעם פליין,
מיט די גערוישן פון די ביימער — — —
איז מיר פון געטאָ ליב דער שטויב,
איז מיר קיין חרפה ניט די לאַטע.

נעמי פילט די פיינטלעכקייט פונעם וואַלד (דאָס, וואָס אַזוי פיל פּאַרטיזאַנער האָבן געפילט!), און ס׳איז איר שוין ליבער דאָס געטאָ; און גליק האָט איר נישט וואָס צו ענטפערן; ער קען בלויז טראַכטן ביי זיך: „זי איז גערעכט צי נישט גערעכט?“ און זי טרייסטן אין דער טרייסטלאָזער ווירקלעכקייט, מיט דער... קאָנסטיטוציע!

געגעבן האָט אונדז אַלע רעכט
מיט אַלע גלייך די רעוואָלוציע,
באַשיצן אויף דער גאָרער ערד
איצט דאַרפן מיר מיט אונדזער בלוט זי!...

יאָ די רעוואָלוציע האָט נעמין געגעבן גלייכע רעכט, אָבער דיווירקלעכקייט, די מערדערס פון דער רעוואָלוציע האָבן די דאָזיקע רעכט אָפּגענומען ביי איר. נישט אומזיסט רייסט זיך אַרויס ביי מאַרקישן אַן עכט ייִדישע קינה:

אין האַרצן הילכט באַצייטנס אָפּ דער טראָט
פון די מחבלים איבער אומעטיקע געסלעך פון דער געטאָ.
אַוועקגעלאָזן קינדער האָט אויף גאָטס באַראָט
**איבער דער כראָפּעדיקער ערד, מיט נעצן אומעטום געבעטע.**
(**אונטערגעשטראָכן** — י. ר.)

אפשר וועט עמעץ אויסשטרעקן אַ שטיקל ברויט,
אפשר וועט עמעץ מיט אַ דאַך פאַרזען זיי ביי די ראַנדן,
אפשר וועט עמעץ **כאָטש ניט אָנווייזן דעם טויט**
**אויף די געיאָגטע מינדעריאָריקע וואַנדערער?**
(**אונטערגעשטראָכן** — י. ר.)

אפשר... ווי קלאָר און טראַגיש עס זיינען אָט די „אפשרס״... די זיכערקייטן מאַרקישעס זיינען איינגעשרומפּן געוואָרן צו „אפשרס״... ער נעמט ספקן צי ס'איז טאַקע אמת, ווי זיין ד״ר מאַרגוליס (איינער פון די ייִדישע העלדן פון מ י ל ח מ ה) וויל זיך איינריידן, אַז

אַ זון אַ לייבלעכער ער איז דאָ, ניט קיין גאַסט,
די ערד קער אים אַ מאַמע אָן, ווי יעדן איינעם.

מיר ווייסן היינט דעם ענטפער אויף מאַרגוליסעס איינריידענישן און אויף מאַרקישעס „אפשרס״: מאַרגוליס האָט געקענט באַקומען דעם ענטפער ביי זיינע חברים־דאָקטוירים און מאַרקיש האָט ביי קיינעם נישט באַדאַרפט פרעגן. אויף זיין אייגענער הויט האָט ער געזען דעם אמת פון זיינע פערזן:

מע יאָגט נאָך אים ווי נאָך אַ חייב־מיתה זיך אַרום, (**נאָך דעם ייִד** — י. ר.)
וואָס גאָר די ערד האָט זיך פאַר אים ווי אַ מיזבח אויסגעצויגן.

**אויף די סאָוועטישע ערד. און טאַקע איצט אין דער ערשטער ריי...**

---

**די ציטאַטן זיינען גענומען פון דער ערשטער אויסגאַבע, מלוכה־פאַרלאַג „דער עמעס״, מאָסקווע, 1948.**

# קולבאַקס „דער דיסנער טשײַלד האַראָלד"

ווען עס איז דערגאַנגען צו מיר דער רום פֿון דיכטערישן דרײַלינג: האָפּשטײן, קוויטקאָ, קולבאַק, איז גלײַך קלאָר געווען, אַז דער הײליקער גײסט פֿון דער דאָזיקער ליטעראַרישער דרײַ־אײניקײט איז — קולבאַק. און דער ערשטער אײַנדרוק האָט נישט אָפּגענאַרט. קולבאַק איז נישט נאָר אין דער ײדישער דיכטונג ווי האָפּשטײן און קוויטקאָ, נאָר זיך אַ ריס געטאָן צו אַ העכערער מדרגה. קולבאַקס יעדעס ווערק איז אַ דערגרײכונג נישט נאָר פֿאַר אים ווי אַ דיכטער, נאָר אויך פֿאַר דער ליטעראַטור אונדזערער אין אַלגעמײן.

אויף קולבאַקס יעדן ווערק — אַפֿילו אויפֿן אומגעלונגנסטן — ליגט דער חותם פֿון רײַכקײט, פֿון פֿולבלוטיקער קראַפֿט, פֿון פֿאָרעם־ און אינהאַלט־גלײַכגעוויכט. קולבאַקס דראַמע „יעקב פֿראַנק" איז זיכער נישט אַזאַ פֿולקום ווערק ווי „רײסן". אָבער די פֿולבלוטיקע קראַפֿט פּולסירט אויך אין דאָזיקן נישט אויסגעטראָגענעם ווערק. קולבאַקס „מאָנטאָג" איז געוויס כאַאָטיש קאָמפּאָנירט אין פֿאַרגלײַך מיט די „זעלמעניאַנער", אָבער אויך אין דאָזיקן ווערק האָט קולבאַק דערגרײכט צו אַ מאָדערנער פּראָזע־מײסטערשאַפֿט, ווי קײן אײנער פֿון אונדזערע מאָדערנע פּראָזאַיקערס.

משה קולבאַק איז, ווײַזט אויס, נישט קײן שנעל־ און לײַכט־שרײַבער. דאָס זעט מען נישט אַזוי פֿון זײַן קנאַפּער צאָל בענדער, ווי פֿון דער נישט־פֿאַרענדיקטקײט פֿון אַ סך פֿון זײַנע ווערק. אַלץ וואָס קולבאַק גיט איז עכט, פֿולווערטיק, אָבער עס ליגט דערויף אָפֿט דער שטעמפּל פֿון פֿראַגמענטאַרישקײט. ווען מע נעמט קולבאַקס פּאָעמע „בוניע און בערע אויפֿן שליאַך", ווערט דאָס באַזונדערס בולט. אָט די וווּנדערבאַרע פּאָעמע איז אפשר די גרעסטע דערגרײכונג אין דער ײדישער דיכטונג, אָבער זי מאַכט אַן אײַנדרוק פֿון אַ ריזיקן טאָרסאָ. דער שוווּנג אירער איז אַזוי ברײט! ער איז אָבער געבליבן אָפּגעהאַקט אין מיטן. זי האָט איר פֿלי־בויגן נישט פֿאַרענדיקט. דערפֿון נעמט זיך די אומקלאָרקײט פֿון דעם ווערק ווי אַ גאַנצס, הגם די אײנצלנע קאַפּיטלען און סצענעס רײדן צו אונדז אַזאַ קלאָרע דיכטעריש־סימבאָלישע שפּראַך.

אויך „דער דיסנער טשײַלד האַראָלד" קולבאַקס טראָגט אויף זיך דעם חותם פֿון אַ פֿראַגמענטאַרישן שעדעוור.

מען פילט, אַז קולבאַק האָט זיך ברייט פאַרמאָסטן: אַרויסלאָזן אויף דער וועלט זיין יידישן טשיילד האַראָלד און ווייזן די היינטיקע וועלט דורך די אויגן פון אַ יידישן יונגער מאַן, פּונקט ווי בייראָן האָט געוויזן די דעמאָלטדיקע וועלט דורך די אויגן פון זיין טשיילד האַראָלד. דער נאָמען „דיסנער טשיילד האַראָלד" טראָגט אין זיך אַ גרויסע דאָזע חוזק און הומאָר — אַ מעלה, וואָס די גאַנצע פּאָעמע פאַר־מאָגט עס, — אָבער דאָך איז דער נאָמען מחייב. און קולבאַק האָט טאַקע אויף זיין קליין ביכעלע אָנגעשריבן אַן אונטערקעפּל „דייטשלאַנד", דאָס הייסט: דער דיסנער טשיילד האַראָלד וועט נאָך באַרייזן אויך אַנדערע לענדער און זיי אונדז ווייזן. אָבער שוין דער דאָזיקער ערשטער טייל ליידט פון קולבאַקס חסרון: עס איז אַ פראַגמענט אַ ברייט־פאַרמאָסטענער, אַ פרעכטיק־אויסגעפירטער, אָבער דאָך אַ פראַגמענט. אין פאָרעם־פולקומענקייט שטייט נישט אָפּ דאָס דאָזיקע ווערק פון „בוניע און בערע אויפן שליאַך". לויטן אינהאַלט איז עס אָבער געשלאָסענער, ברייטער, קלאָרער.



ליולקעמאַן, דער דיסנער טשיילד האַראָלד, פאָרט נאָך דער רוסישער רעוואָ־לוציע קיין דייטשלאַנד שטודירן. דער גרויסער סאָציאַלער שטורעם איז פאַר אים פאַרביי ווי אַ מעשה פון נאָט פינקערטאָנען. איצט, אין מערב־אייראָפּע, וויל ער אָנהייבן דאָס אמתע לעבן. און אָט „שטייט ליולקעמאַן ביים באַנהאָף (אין בערלין) און קוקט אייראָפּע אין די אויגן".

די גאַנצע פּאָעמע באַשטייט פון אַ קאָנטראַסט־צייכענונג: פון בורזשואַזן בערלין און פון פּראָלעטאַרישן. די צייכענונג פון בורזשואַזן בערלין איז אַ שעדעוור: אין אַ מייסטערהאַפטן, לייכט־פליסנדיקן און מיט אינהאַלט איבערגעלאָדענעם פערז ווערט פאַרקערפּערט דורך קורצע פּלאַסטישע בילדער די בירגערלעכע קולטור אין אַלע אירע אויסדרוקן. מיר זעען ווי:

> דאָ ליגן די ראַנטיעס, ווי שפּינען,
> איינגעוועבט אין לעדערנעם אַמפּיר.

מיר הערן ווי:

> ס'קלינגען פיין די אַפּאַריזמען
> פון דער אַלטער דענק־מאַשין.

מיר זעען ווי:

> „עס שפּיגלען זיך זיי פליכן אין די טעלער".

און צווישן די דאָזיקע ראַנטיע־שפּינען, אַלטע דענק־מאַשינעס און פליכן, שטויבן זיך אין מוזייען און אויף פּאַליצעס די אַמאָל־געשאַפענע קולטור־אוצרות. ליולקעמאַן גייט אַרום איבער די מוזייען:

ער שפּאַנט איבער די צימערן פֿאַרשטייפֿט,
אַ קאָפּ געפֿילט, אַ לעק פֿאַרשטאַנען,
דאָס איבעריקע צוגעפּייפֿט.

און דאָס אַכציק־יאָריקע פּריילן מיט איר פֿערציק־יאָריקן קאַנאַריק (ביידע נאָך בתולהדיק), לאָדן איין ליוולקעמאַנען אויף אַ פֿערטל שעה געטע־לעקטור: ס'איז דאָך היינט דער געטע־טאָג. אין די דאָזיקע צוויי בילדער: פֿון מוזעאום און פֿון געטע־טאָג בלאָזט אויף אונדז מיט שטויביק טוכלער קעלט פֿון אַ פֿאַרלאָזט־פֿאַר־וואָרלאָזט הייליקטום. עס פֿוילן די גייסטיקע אוצרות פֿון דער דעגענערירטער אייראָפּע.

און דער דיסנער טשיילד האַראָלד דרייט זיך אַרום איבער אָט דער וועלט מיט צוויי חברים פֿון דער אָפּגעלעבטער אייראָפּעישער באָהעמע (וואָס טראָגן אָנשטאָט לעבנסלוסט — קוועקזילבער אין חוט־השדרה), און וויל:

פֿאַרזוכן גליק, פֿון אַלץ געניסן;
אַ נאַש געטאָן פֿון יעדער זייט די וועלט
און זיך באַלעקט פֿון דעם געשמאַקן ביסן.

עס טרעפֿט אָבער, אַז ליוולקעמאַן באַגרייפֿט די לעכערלעך־טראַגישע לאַגע, אין וועלכער ער געפֿינט זיך, און אין אַ סענטימענטאַלן ליבע־מאָמענט קומט צו אַ שטיקל ווידוי:

„....און איך בין קראַנק, מאַדעמואַזעל,
כ'בין מאָדנע קראַנק, ווי דער יאָרהונדערט,
און כ'האָב דאָך אויך אַמאָל אַזוי פֿאַרוווּנדערט
אַ שפּרונג געטאָן פֿון טאַטנס שוועל!

געוואַגטקייט, יוגנט־ברויז און העזה,
אַ ביסל בלאָק, אַ ביסל שאָפּנהויער,
קבלה, פּרץ און שפּינאָזע,
און אויסגעוואַרצלטקייט, און טרויער, טרויער, טרויער.

און עפּעס וואַרט מען אַלע יאָרן —
באַלד וועט אַלץ פֿונאַנדערבליצן,
ביז די יוגנט איז פֿאַרבייגעפֿאָרן
און מיט גאַרנישט בלייבט מען זיצן...“

אייראָפּע האָט אָבער מיט וואָס צו פֿאַרטרייבן די דאָזיקע סענטימענטאַלע מינוטן, ווען עס שווימט אויף אויבנאויף פֿון דער טיפֿעניש דאָס געפֿיל פֿון „בלייבן זיצן מיט גאַרנישט...“

אַ חוץ מוזעאומס, געטע־טעג, דזשאַזבאַנדן, קוועקזילבער אין רוקן — פאַר־מאָגט איראָפּע אויך באָקס־מאַטשן... די שילדערונג פון באָקס־מאַטש געהערט קינסטלעריש — סיי לויט דער פאָרעם־באַאַרבעטונג, סיי לויט דער צווינגענדיקער סימבאָלישקייט — צו די שטאַרקסטע סצענעס אין דאָזיקן קליינעם מייסטערווערק.

וויוואַט, איראָפּע! פאַנעס עט צירצענזעס...
דאָס וועלן באָקסערס ברעכן דעם גניק
און ס׳פאָלק וועט אָפּגרעפּצן די מאַרגאַרינע..."

דערנאָך: מיט פויסטן לעדערנע אין רינג
די באָקסערס גראָבן זיך ווי אָקסן;
אַ רוק געטאָן זיך ווייך אַזוי און פלינק,
און ס׳כישופט שוין די אַלגעברע פון באָקסן...

נאָך אַט!... אַ לויב צו דער קולטור
פון שיינעם בענץ אין יענעמס שאַרבן;
עס כוואַליעט זיך מוסקולאַטור
אין שאַטנדיקע רעמבראַנדט־פאַרבן.

און ס׳אַראַ קלונג פון רוקנביין!
ווי אַט די טעמפּע פלעמטן פלאַצן!
עס הערשט פינצטער דער המון,
ביים שוין פון טונקעלע שטורקאַצן.

דאָס אַלץ איז בלויז דער עקסטראַקט פון ערשטן דייטשלאַנד; עס איז אָבער דאָ אויך אַ צווייט דייטשלאַנד.

„אַ האַלבע נאַכט איז קאַבאַרע
מיט דזשאַזבאַנד און פּרעזערוואַטיוון,
אַ האַלבע — ליגט אין יאָך פון אַ.ע.גע.
און באַרזינגס פינצטערע לאָקאָמאָטיוון".

און קולבאַק שילדערט אויך דאָס דאָזיקע צווייטע דייטשלאַנד. נישט מיט קיין קלענערער קראַפט ווי דאָס ערשטע. אויב דאָס צווייטע דייטשלאַנד קומט נישט אַרויס אַזוי פּלאַסטיש, איז דאָס דערפאַר, ווייל דאָס ערשטע איז דורך־און־דורך סטאַטיש, פאַרגליווערט, בעת דאָס צווייטע איז דורך־און־דורך דינאַמיש, באַוועגונג. דאָ מוז צו דער פּלאַסטיק צוקומען פּאַטאָס און אַ מאָל אַפילו דאָמינירן.

מיט וואָסערע קנאַפּע מיטלען קולבאַק פירט אונדז אַריין מיט איין קלאַפּ אין דער אויסערלעכער אַטמאָספער פון צווייטן דייטשלאַנד (און היות ער האָט נאָך צו טאָן מיט אויסערלעכקייט — איז ער דאָ אויך דורכויס פּלאַסטיש־שטאַרק):

ס׳איז שוואַרץ דער הימל נאָך, און קאַלט און גרויס —
נאָר ס׳שאַרכן שוין וועלאָסיפּעדן;
עס שיטן כמורנע אַרבעטער אַרויס
צו די פאַבריקן. אויף יעדן

ראָג — אַ מאַטעווער לאַמטערן,
אַ גרינער שופּאָ און אַ גאַסנפּרוי;
ווו נאָר עס ליגט אַ שטאָט אונטער די שטערן,
באַגעגענען די דריי דעם מאָרגנגרוי...

און מיט אַ מאָל ווי אַ קלאַנג פון אַ קריגס-טראָמפּייט:

„ווער בייט די וואַך אין מאַאביטער תפיסה?
סטינעס, קרופּ און טיסען...״

און מיט איין געוואַגטן שפּרונג געפינען מיר זיך אין דער נשמהדיקער טיף פון צווייטן דייטשלאַנד:

עס רייפט אין לאַנד אַ יונגע מלוכה-מאַכט,
וואָס וועט אַ ריסן טאָן פון איר פורעם,
ווי אַ ווייסער פישער-פויגל אין אַ שטורעם
שיסט אַרויס, און שרייט און לאַכט...״

דאָס איז נאָך אַ ווייטע צוקונפט-מוזיק. דערווייל מאַטערט זיך נאָך אין וועדינג (בערלינער פּראָלעטאַרישע געגנט) די דאָזיקע קראַפט, פאַר וועלכער קולבאַק געפינט אַזעלכע שטאַרקע קינסטלערישע מיטלען אויף אויסצודריקן זי. לאָמיר לאָזן ריידן קולבאַקס פּרעכטיקע פערזן:

עס טאָגט. וועדינג שאַרעט אין שרעק;
וועדינג בלוטיקט אין שאַרן באַגינען,
ווי ס׳בלוטיקט אַ חיה ביים ברעג
פון אַ וואַלד...

און בייטאָג... ס׳גייט אַ בייזער געזאַנג
פון די קעלערס, מאַנסאַרדעס און דעכער...
בלויז טריט. בלויז באַוועגונג. בלויז גאַנג.
אַ מיליאָן האָט געפּלייצט פון די לעכער.

— — — — — — — — — — — —

בלויז אָטעם. בלויז שׂינאה. בלויז אויגן.
אַ קאַלטער, אַ גרויער מיליאָן.

— — — — — — — — — —

אַ מיליאָן איז געשטאַנען אין וועדינג —
אַ גראָבער פאַרבראָכענער פויסט.

— — — — — — — — — —

די שטאָט איז אַנטשוויגן געוואָרן.
ס'אַראַ גרויזאַמע שטילקייט... אַ וואַלד,
ווען אַ שטורעם צעשפּרייט איר טיפער,
עס קריצט אין איר שוידערלעך־קאַלט
און שרייבט מיט אַ פאַספאָרנעם שיפער
אַ בליץ נאָך אַ בליץ...

— — — — — — — —

ס'ליגט אין בלוטיקע העלפטן די נאַציע,
און דאָס צווייטע דייטשלאַנד גייט:

— — — — — — — — — —

און פּלוצלינג אַ שטילקייט ביז גרויל.
אַ זאַלפּ. אַ באַפעל. מענטשן ליגן.
ס'האָט אַ שטראָם געטאָן בלוט פון אַ מויל...
דער ט ו י ט. אַ מיליאָן האָט געשוויגן.

**דער מיליאָן האָט געשוויגן. דער פאַרבאָרגענער פויסט איז נישט אַראָפּגעפאַלן אויף וועמען מען האָט געדאַרפט. אַן אומענדלעכער ווייטיק נעמט אונדז אַרום ביי די דאָזיקע שורות קולבאַקס, הגם בעת ער האָט זיי געשריבן, איז נאָך פאַר דער פויסט צייט געווען זיך אַראָפּצולאָזן. אָבער קיין ביליקע רעוואָלוציאָנערע פראַזעאָ־לאָגיע איז נישט דער וועדינגער פויסט. קולבאַק האָט דיכטעריש נישט מגזם געווען. ער האָט געגעבן אַן אויסדרוק פאַר דערווירקלעכקייט, וואָס עקסיסטירט איצט אויך דאָ, הגם אַ פאַרכליניעטע אין בלוט און אין נאָך אַ גרעסערן שווייגן, ווי דאַן.**

*

**ווי פיין און שטאַרק קולבאַק פאַרענדיקט זיין פראַגמענטאַריש גרויס ווערק. די לעצטע צוויי קאַפּיטלעך שילדערן איינס נאָכן צווייטן דאָס אינטעליגענטישע דייטשלאַנד אין אַ וועדינגער שענק און דאָס עכט־וועדינגשע דייטשלאַנד.**

ביינאַכט אין אַ וועדינגטער שענק
פיר דינע סילועטן,
— — — — —
אין שניפּסן און מאַנזשעטן.

זאָגט טשיילד האַראָלד: גענאָסן,
דער מענטש איז איביק גוט,
דער מענטש האָט בלוט פאַרגאָסן
און וועט פאַרגיסן בלוט.

איז טרינקט נאָר, לאָמיר טרינקען
און זאָגן שטילערהייט:
דער מענטש כאַפּט אונטערשטינקען
נאָך איידער ער איז טויט.

אָבער די דאָזיקע אינטעליגענטיש־צינישע, גראַשנדיקע רעזיגנאַציע (וואָס שטערט נישט צום טרינקען און מאַנזשעטן) ווערט פאַרזונקען אין קלאַנג פון אַנ־דערע טענער פון עכטן וועדינג:

ביינאַכט, אויף די סקווערן און ראָגן
אַ דעמאָנסטראַציע זאַלבעפערט:
אייראָפּע, איראָפּע, מיר טראָגן
פאַר דיר אַ גרויסע שווערד.

אויף גענלעגערס נישט־פאַרבעטע,
דו זינדיקסטע — אַלטע סדום!
אַראָפּ מיט בעטהאָוזען און געטע —
און מיט דעם קעלנער דאָס.

די ווייטע הימלען גרויען,
מיר ווערן גרוי פון דעם;
מיר — לעצטע וועלף, וואָס וואָיען
אין די חורבות פון אַ סיסטעם.

*

דער „דיסנער טשיילד האַראָלד" איז אַ פריידיקער באַווייז, אַז קולבאַק איז אין ראַטנפאַרבאַנד נישט אַרונטערגעפאַלן אונטער דעם דורכשניט־שאַבלאָן פון דער דאָרטיקער מערהייט דיכטער. ער האָט איינגעהאַלטן זיינע אַלע מעלות און זיי נאָך פאַרפולקומט.

לאָנדאָן, 1937.

# וועגן יוסף אָפּאַטאָשו און שלום אַש

## א

## צו פיל פילאָלאָגיע

י. אָפּאַטאָשו: „ווען פוילן איז געפאַלן",
„ציקאָ" ביכער־פאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1943.

סוף 1945 האָב איך באַקומען אַ מעגלעכקייט אַריינצוקוקן אין אַ נײַ ייִדיש בוך (נאָך אַ פּינפּיאָריקן איבעררייס). איך געדענק נישט אַקוראַט צי אָפּאַטאָשוס „ווען פוילן איז געפאַלן" איז געווען דאָס ערשטע בוך, אָבער יעדנפאַלס — איינס פון די ערשטע. און כ׳געדענק מיט וואָסער אינערלעכן ציטער כ׳בין צוגעטראָטן צו לייענען דאָס ווערק. ס׳אַראַ נעילה־שטימונג עס איז געלעגן אינעם טיטל „ווען פוילן איז געפאַלן". אויף דער שפּראַך פון געפיל איז דאָס תיכף איבערגעזעצט געוואָרן: „ווען דאָס פּוילישע ייִדנטום איז אומגעקומען".

און מײַן אַנטוישונג, געדענק איך, איז געווען גרויס. אייגנטלעך איז „אַנטוי־שונג" נישט דאָס ריכטיקע וואָרט פאַר יענעם געפיל: ס׳פלעגט אָפּט אויפרעגן דער סטיל, די טעמע, דער שניט אויף אַ „העפּי־ענד", וואָס האָט זיך אָפּט אָנגעמערקט אין געוויסע דערציילונגען.

און ווען כ׳האָב זיך דערוווּסט, אַז דאָס דאָזיקע בוך אָפּאַטאָשוס האָט באַקומען דעם „לוֹיס למד"־פּרייז, האָב איך געמוזט פעסטשטעלן אַז די ייִדישע ליטעראַטור איז מיסתמא אין חורבן נישט רײַפער געוואָרן, אויב אַזאַ בוך וועגן חורבן באַקומט די פּרעמיע.

וועגן שרײַבן רעצענזיעס האָב איך דאַן נישט געקלערט. אָבער אין משך פון די פאָר יאָר, וואָס זײַנען אַוועק זינט איך האָב געלייענט „ווען פוילן איז געפאַלן", פלעגט אָפּט אַ פּיק טאָן און אַרויפשווימען אויבנאויף די נאָך אַלץ אַקטיווע אומ־צופרידנקייט מיט אָפּאַטאָשוס בוך.

איצט, טאַקע היינט, ווען כ׳שרײַב די דאָזיקע שורות, האָב איך נאָך אַ מאָל געענדיקט לייענען — פון טאָוול צו טאָוול — אָפּאַטאָשוס בוך, און געוויסע טיילן זײַנע האָבן בײַ מיר אַרויסגערופן די זעלביקע שטימונגען וואָס דעמאָלט. און זיי האָבן אָנגענומען די פאָרעם פון פעסטע מיינונגען.

דאָס מאָל לאָז איך זיי נישט ביי זיך.

אַגב, מיר איז נישט אויסגעקומען צו לייענען קיין איין רעצענזיע וועגן דעם דאָזיקן בוך, וואָס געמענדיק אין באַטראַכט דעם שרייבער און די טעמע האָט עס מיסתמא געהאַט אַ סך, אַ סך אָפּרופן. און דעריבער, אויב איך וועל צוטרעפן עמעצנס געדאַנק אָדער אָפּשאַצונג, זאָל ער זיך נישט האַלטן פאַר קיין באַגזלטן...

*

דאָס בוך באַשטייט פון דריי הויפּט־טיילן: איין טייל דערציילונגען דאַרף איבערגעבן די לאַגע פון די ייִדן אין פוילן פאַר דער מילחמה; אַ צווייטער טייל פון זיי שילדערט דעם גייסטיקן יחוס פון פּוילישן ייִדנטום; און דער דריטער טייל דערציילונגען שילדערט די ייִדישע מאַרטיראָלאָגיע אונטער דער נאַצי־אָקופּאַציע.

פאַראַן אויך דערציילונגען, וואָס לאָזן זיך נישט איינראַמען אין קיין איינע פון די דריי אָפּטיילונגען, הגם איינע פון זיי, וואָס טראָגט דעם נאָמען „ווען פוילן איז געפאַלן", איז גראָד די סינטעטישסטע פון גאַנצן בוך און איינע פון די ווערט־פולסטע אין אים. זי איז קרוביש צו דער אָפּטיילונג, וואָס האָט פאַר אַ ציל אויפ־צודעקן די גייסטיקע גרויסקייט פון פּוילישן ייִדנטום, און זי איז די בעסטע אין בוך.

אַזעלכע דערציילונגען ווי „אין חשוונדיקע רעגנס", „אַ שבת נאָכמיטיק", „זון־פאַרגאַנג", „אין וואַלד", „שבת", „ר' פנחס", און נאָך עטלעכע, רייסן אויף, ווי בליצן, — ווי שוואַך זיי זאָלן אַ מאָל נישט זיין (קען מען דען פאַרגלייכן דאָס בילדל פון „זון־פאַרגאַנג" מיט אַזאַ ריזנבליק ווי פּרצעס „צווישן צוויי בערג"?), — די פינצטערניש פון אונדזער געמיט און מיר דערזעען אַ ליכט, אַן אמת ליכט, אַן אָפּשיין פון אַ פלאַקער. אָט יענץ ליכט, צו וועלכן עס ציִען זיך סיי טריוועס, סיי דוד שטראָל פון דער דערציילונג „ווען פוילן איז געפאַלן"; אָט יענץ ליכט, פון וועלכן איינער פון די לעצטע היטערס איז ר' איטשע פון דער זעלביקער דערציילונג.

ביי די דערציילונגען, וואָס שמעקן נישט נאָר מיטן אַלטן לעבנס־שטייגער אונדזערן, נאָר אויך מיט דער גאָלדענער עפּאָכע פון אונדזער ליטעראַטור, מיטן פרץ־וועג אין דער ליטעראַטור, — ביי אָט די דערציילונגען פילן מיר אַן עכטע וואַרעמקייט; ביי אָט די דערציילונגען עפנט זיך פאַר אונדז אַ ברייטער האָריזאָנט פון סימבאָל־איבערלעבונגען, וואָס נאָר עכטע שאַפונג קען דאָס געבן.

שוואַכער זיינען די דערציילונגען פון דער אָפּטיילונג וואָס דאַרפן געבן אַ בילד פון אויסערלעכן ייִדישן לעבן אין פוילן פאַר דער מילחמה.

אַזאַ איז די דערציילונג „אין אַ שלעפּ־צוג", (ז' 19). אַ כוליגאַן וויל שלאָגן ייִדן, גיט ער אַ כמאָל אַ גלח. און דער קוטנער רב זאָגט:

— „און אַז פאַן יעזוס אַליין וואָלט דאָ געווען אין וואַגאָן, וואָלט ער אים נישט געשלאָגן?"

און דער גלח ענטפערט דערויף:

— „דער „ראַבין" איז גערעכט. אַזאַ פאַרשוין וואָלט דעם פּאַן יעזוס אַליין אַנגעבראָכן די ביינער".

אָט די צוויי סענטימענטאַלע זאַצן פעלשן אַ געשיכטלעכן אמת.

ווען איך וואָלט אַפילו געווען דערביי, ווי דער קוטנער רב מיטן גלח האָבן זיך געטוישט מיט סענטימענטאַלע פראַזעס, וואָלט איך אויך געווען געזאָגט, אַז אַ דערציילונג, וואָס לייגט אַריין דעם קוטנער רב אין מויל אַריין אַזעלכע ווערטער ווי „פּאַן יעזוס", איז פאַלש, ווייל בעלעטריסטיק האָט פאַר אַ הויפּט־אויפגאַבע צו קאָרעגירן די צופעליקע ווירקלעכקייט, אויב זי פעלשט אין דער דויערהאַפטי־קער. אויב ביים קוטנער רב כאַפּט זיך אַרויס אַ נאַרישקייט, וואָס פעלשט די יידישע שטימונג פון פאַרביסענער עקשנות, דאַרף דער שרייבער אויסגלייכן די פאַרקרימטע ליניע. אָט אַזאַ רב, איז נישט קיין יידישער רב אין דער עכטער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו, און אַזאַ אידילישער שמועס צווישן פּאַן יעזוסעס אַ היטער און אַ „ראַבין", איז אַ געפעלשטער דיאַלאָג מצד דעם היסטאָרישן אמת. טביה דער מילכיקער האָט ריכטיק געפירט דעם דיאַלאָג מיטן גלח, וואָס האָט אָפּגעשמדט זיין טאָכטער: ער האָט אים נישט געלאָזט ריידן, — ער, טביה, האָט געפילט, אַז אי יענער האָט נישט וואָס צו זאָגן און אי ער, טביה, האָט נישט וואָס צו הערן. דער שמועס צווישן אים און דעם גלח איז שוין פעסטגעשטעלט דורך דער געשיכטע, און ער, טביה, קען אים נאָר גוט איבערדערציילן אין אַ מאָנאָלאָג. און דאָס טוט ער, און אין דעם איז שלום עליכמס גרויסקייט, און די גרויסקייט פון טביהס שמועס מיטן גלח: דאָ רעדט נישט קיין צופעליקער טביה (נישט קיין צופעליקער קוטנער רב), נאָר די יידישע געשיכטע רעדט דורך טביהס מויל.

אָט־אָ־די פאַלשע „העפּי ענד"־שטימונג הערשט אויך אין דער דער־ציילונג „אין אַ שטעטל" (ז' 23). מע באַיקאָטירט יידן. יידן באַיקאָטירן דעם מאַרק. די פויערים פּאָגראָמירן די הענדלערס און די יידן ענדיקן די מילחמה און זייַנען מחיה־מתים דעם מאַרק.

ווידער דאָס זעלביקע: אפשר איז געווען אַזאַ פאַל. אָבער אַ דערציילונג, וואָס וויל זיך נישט שפּייזן פון ברעקלעך צופעליקייטן, נאָר וואָס וויל אָפּשפּיגלען אין אַ טראָפּן דעם ים, קען נישט אַזוי שילדערן דעם פיקעטן־פעריאָד, וואָס האָט זיך היסטאָריש געענדיקט מיט אַ פּאָגראָם אויף יידן, נישט אויף די הענדלערס. דאָס איז געווען אַ פּערמאַנענטער פּאָגראָם, און ענדיקן אַ באַיקאָט־דערציילונג אַזוי ווי אָפּאַטאָשו טוט, הייסט פעלשן דעם היסטאָרישן אמת, הייסט אונטערגראָבן די לעבן־פעיִקייט פון דעם אייגענעם ליטעראַרישן ווערק.

היסטאָרישער אמת איז דאָ אין „קיווקע גנב" (ז' 32), הגם דאָ האָט זיך ממש געבעטן, לויט אַ באַקאַנטן שאַבלאָן, אַז קיווקע גנב, וואָס שטעלט זיך איין

פאַר אַ ייִדן, זאָל אַרויסווייזן אַ ים העלדישקייט און ער זאָל הרגענען אַנדערע, און נישט מע זאָל אים הרגענען.

אָבער דאָ האָט אָפּאָשון גערעאַטעוועט דיווירקלעכקייט. דאָס מוז זיין דער־זעלביקער קיוועק סיבירניק, וועגן וועמען ער דערציילט אַזוי שיין אין זיין אַרטיקל (אין די „זאַמלביכער") וועגן פּרצן. קיוועק איז אין דער ווירקלעכקייט אומגעקומען און ער קומט אום אין דער דערציילונג. און ס'איז דאָ אין איר דער הויך פון עכטן גורל פון פּוילישן ייִדן, אַפילו פון אַ געוויסן קידוש־השם.

די דריטע אָפּטיילונג, די ליידן פון פּוילישן ייִדנטום אונטער די נאַציס, איז די ערגסטע.

די דאָזיקע אָפּטיילונג, וואָס דאַרף בילדן דעם קערן פון בוך, איז צום ווײַ־ניקסטן געלונגען. נישט נאָר זי האָט נישט קיין גרויסע מעלות, נאָר זי פאַרמאָגט גרויסע חסרונות.

קודם־כל אָט דער אויבן דערמאָנטער העפּי־ענד־קאָמפּלעקס.

לאָמיר נעמען פאַר אַ בולטן ביישפּיל „ווען דער שונא הוליעט". דייטשן כאַפּן פון די הייזער מיידלעך. ביי אסתר דער שוחטקע (שמואל־דוד דער שוחט איז שוין פון פריִער אַנטלאָפן פאַר די דייטשן) ווערט ס'לשון אָפּגענומען. אָבער איר מיט דער טאָכטער געלינגט אַרויסצולויפן באָרוועס און כמעט נאַקעט.

„און אַז זי איז אַריין מיט דער טאָכטער אין פינצטערן וועלדל, איז איר לייכטער געוואָרן. זי האָט זיך צעוויינט פון פרייד, וואָס ס'איז דאָ אַ גרויסער ייִדישער גאָט, וואָס האָט איינגעעניש מיט שמואל־דוד שוחט, מיט זיין ווייב אסתר, מיט זייער איינציקער טאָכטער, מיט מרימלען".

מיינט ער דאָס איראָניש? ניין, ס'איז אַ „העפּי־ענד". אַ פּסיכאָלאָגישער ברעקל, — וואָס מאַכט קאַליע דאָס גאַנצע. דער מאַן איז אַוועק און זי ווייסט נישט וווהין; זי שטייט מיט דער טאָכטער — נאַקעט און באָרוועס — אין אַ וועלדל, אומבאַשיצט, אין מיטן פון אַ ים הפקר און זי וויינט פון פרייד? אַזוי ענדיקן אַזאַ דערציילונג וועגן אַ ז אַ צייט מיט אַ ז אַ סוף קען מען נאָר, ווען מען שרייבט מעכאַניש.

און די דערציילונג „אין טשערוואָני באָר"?

אין דער מילחמה העצט מען פּוילישע פּויערים אין אַן אונטערוועלט־דאָרף, און אַנשטאָט אויפגעהעצט צו ווערן, העלפן זיי גאָר ייִדן, ווי אמתע רחמנים בני רחמנים.

מנשה, איינער פון די גרענעץ־שוואַרצערס, לייענט זיי פאַר די פּראָקלאַמאַציע און זאָגט צו די פּויערים:

— „וואָס שווייגט איר, שכנים? איך בין אויך אַ ייִד, מיין הערשל, מיין בערל, זיינען אויך ייִדן. וואָס האָט איר דערלייגט צו אונדז? וואָס שווייגט איר, שכן דוכנע? און איר שכנים?"

און דער ענטפער איז — אַן אידיליע, ווי ס'איז בפירוש באַשריבן אויף ז' 50,

הגם דאָס פעלשט די גאַנצע היסטאָרישע פּערספּעקטיוו פון דער טראַגעדיע פון פוילישן יידנטום, וואָס באַשטייט אין דעם, וואָס ווען דער דייטש האָט אונדז פאַר־יאָגט אין אַ טעמפּן ווינקל, האָבן די פּאָליאַקן פאַרענדיקט זיין אַרבעט.

אַזאַ פאַלשע היסטאָרישע פּערספּעקטיוו עפנט זיך פאַר אונדז אויך אין דער דערציילונג „אבלים". דער „ענדעק" ווערט פלוצלינג אַ מענטש, ווען מע ברענט צוזאַמען מיט די יידישע ספרים אויך מיצקעוויטשן. דער „ענדעק" זאָגט צום ייִדן:

„כ'ווייס נישט ביי וועמען פריער צו בעטן מחילה, ביי אייך, צי ביים געפאַ־לענעם פוילן".

דאָס הייסט דאָך אָבער פעלשן די געשיכטע, די געשיכטלעכע פּערספּעקטיוו. דאָס הייסט פון אַ טראַגעדיע מאַכן אַ מעלאָדראַמע.

און אַזוי אָן אַ שיעור מאָל.

„דער סראָצקער רב" צעקושט זיך מיטן סטאַראָסטע און דער סטאַראָסטע בעט ביי אים אַ ברכה.

דעם רבס געשטאַלט וואַקסט אויס אין דער דאָזיקער דערציילונג צו אַן עכטער הויך (אין היסטאָרישן זין: אָט דאָס איז די קווינט־עסענץ פונעם ייִדישן רב), אָבער צו וואָס טויג דער סענטימענטאַלער מאַסקאַראַד מיטן סטאַראָסטע? אויב עס איז אַפילו אמת, געהערט עס אין אַ מאָנאָגראַפיע וועגן סראָצק, אין אַ ביאָגראַפיע פון סראָצקער סטאַראָסטע, אָבער נישט אין אַ דערציילונג, וואָס דאַרף אין אַ טראָפּן אָפּשפּיגלען דעם היסטאָרישן אמת פון דער צייט, ווען פוילן איז געפאַלן. ה י ס־ט אָ ר י ש האָבן זיך דער סראָצקער רב מיטן סטאַראָסטע נישט געקושט, — אַפילו נישט מיט לבן הארמיס קוש...

אָט די פאַלשקייט פון אַ מעלאָדראַמע שרייט אויך פון דער דערציילונג „די געלע לאַטע" (ז' 152), ווו אַ פוילישער פּראָפעסאָר בעט אַ ייִדישן איינבינדער אין געטאָ איינצובינדן מיצקעוויטשעס „דזשאַדי" אין דער לאַטע מיטן מגן־דוד.

איך מוז נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל איבערחזרן: ווען דאָס זאָל אַפילו זיין אַ צופעליק ברעקלווירקלעכקייט (איך בין זיכער, אַז דאָס איז בעלעטריסטישער קוואַטש, לויטן מוסטער פון די ערגסטע זייטלעך פון „יאָר 1863"), איז דאָס אַ היסטאָרישער קוואַטש, לויטן היסטאָריש־קוואַטשיקן „קאָכאַימי שיען".

היינט דער ג י ר ו ש ו ו ו ל ק ע ? (ז' 170).

דאָס שילדערט ער אַ מין ר' איטשע (פון „ווען פוילן איז געפאַלן" ז' 274) אין אַ ברעקל ווירקלעכקייט. ווען עס קומט פאַר דער גירוש וווּלקע, איז יוחנן (ר' איטשע) אַזש אויפגעהייטערט. „ער האָט זיך געמעכיעט", זאָגט וועגן אים אָפּאַטאָשו, נוצנדיק אַזש אַ געקינסטלט אַלט וואָרט (אָבער וועגן דער שפּראַך — שפּעטער). „פאַר די זקנים, פאַר די קראַנקע און פאַר קליינע קינדער האָט יוחנן געקראָגן בריטשקעס ביי די פוילישע שכנים". די דייטשן „האָבן פאַרקוקט, וואָס פּאָליאַקן און פאָלקעס זיינען געקומען זיך געזעגענען מיט זייערע ייִדישע שכנים. מע האָט

צווישן זיך כמעט ווי נישט גערעדט. בלויז דער טרויער אין די אויגן האָט געהאָט צו זאָגן:

„דער גאָט, וואָס האָט אונדז באַפרייט פונעם רוסישן צאַר, וועט אונדז אויך באַפרייען פון היטלערן".

מ׳דאַרף קענען אַזוי פּעלשן דעם געשיכטלעכן אמת וועגן די שכנים!

איך מיין אַז יעדן איינעם איז באַקאַנט ווי אַזוי די שכנים זיינען זיך געקומען געזעגענען און צי זיי האָבן געפילט צער, צי פריידע.

און ווייטער: „אויף אַ פורער דער וואָלקער דייך און פוןביידע זייטן צוויי שמשים. אַלע דריי האָבן געטראָגן ספרי תורות. פּינחס וואָלקער האָט געטראָגן זיין זיידנס מצבה. און אַז די וואָלקער עדה האָט זיך געהאָט אויסגעשטעלט לענגויס דעם מאַרק, האָט יוחנן שוסטער זיך אַרויסגערוקט. נאָך אים — יאַנקל פייקלער און פּינחס טראָמפּייטער מיט די שפּיל־כלים אין די הענט".

און דער אומדערמידלעכער יוחנן האַלט נאָך אַ רעדע, פּונקט ווי ירחמיאל ווײַנגאַרטן אין זיין בוך „אין פלאַמען".

דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס ירחמיאל ווײַנגאַרטן האָט די רעדעס ביים אַוועקגיין פון וואַרשע צוגעטראַכט אין קאַנאַדע (ווען ער וואָלט אַזוי פיל רעדעס געוווען געהאַלטן אין וואַרשע פאַר טלאָמאַצקע 13, פאַר דער סינאַגאָגע אאַ״וו וואָלט ער, חס ושלום, געוווען געבליבן אין וואַרשע ביז דער ליקווידאַציע פון געטאָ), און יוחננס רעדע האָט צוגעטראַכט אָפּאַטאָשו אין ניו־יאָרק.

ווי האָט אָפּאַטאָשו גענומען אַזאַ פּאַרטאַטשיש־אויסרעזשיסירטן גירוש בימי היטלער! ?

מ׳טאָר נישט אַזוי ביליק פאַרבעלעטריסטעווען אַזאַ אומגליק.

ביליקע אַלעאָגראַפיעס זיינען אויך „בילדער", אָבער טאַקע נאָר „אויך".

און דאָס דאַרף אָפּשפּיגלען די ווירקלעכקייט פון וואַרשע 1940—1945! גע־לייענט אָדער געהערט אַ מעשה און גלייך פאַרקנאַטן אַ דערציילונג און זי אַרויס־געלאָזט אומדערבאַקן, ווייל די צייטונג פאָדערט אַקטועלע טעמעס וועגן לעצטן אומגליק.

ווען איך פאַרגלייך די אָפּטיילונג דערציילונגען פון אַמאָליקן ייִדישן לעבן און די אָפּטיילונג פון היטלער־פּעריאָד אין פּוילן, קען איך קוים געפינען אַ בעֿ־סערע כאַראַקטעריסטיק פאַר זיי, ווי אָפּאַטאָשו אַליין האָט זי געגעבן אין זיין געלונגענסטער דערציילונג „ווען פּוילן איז געפאַלן".

וועגן דער ערשטער אָפּטיילונג זאָגט אָפּאַטאָשו:

„ישראל האָט זיך שטאַרק פאַרבענקט נאָך אַ ייִד... אַלץ אין אים האָט גענומען ווערן וואַכער. די חושים — שאַרפער. טראָפּנס ליכט האָבן צעטריבן דעם נעפּל, דורכגעשלאָגן דעם אייגענעם טרויער, גענומען פלייצן פון מוח אין האַרץ אַריין..."

אַט דאָס פּיל איך ביים לייענען אַזעלכע דערציילונגען, ווי „אַ שבת נאָכמיטיק״. פון מוח אין האַרץ אַריין.

אָבער וועגן די דערציילונגען פונעם היטלער־פּעריאָד געפין איך אויף ז׳ 294 פאָלגנדיקן קורצן, אָבער אויסשעפּנדיקן דיאַלאָג:

— „ווי געפעלט דיר, דוד, דאָס געיעג אויף ייִדן אין די וואַרשעווער גאַסן?

— האָסט געלייענט ווי די דייטשן האָבן זיך אַריינגעריסן אין גערער שטיבל ביים דאַוונען און ווי זיי האָבן געצוווּנגען דעם רבין מיט די חסידים זיי זאָלן זינגען?״.

— „כ׳האָב היינט אָנגעשריבן וועגן דעם אַ דערציילונג, — האָט שטראָל שטיל אַ זאָג געטאָן, אַזוי שטיל, ווי ער וואָלט אין מיטן ריידן זיך געכאַפּט אַז ער זאָגט אַ נאַרישקייט״.

דערביי מוז איך זאָגן, אַז די דאָזיקע דערציילונג, וועלכע דוד לייענט פאַר טריוועסן אין דער דערציילונג „ווען פוילן איז געפאַלן״, איז די בעסטע צווישן אַלע דערציילונגען פון דעם דאָזיקן מין אין אָפּאַטאָשוס בוך.

לייענט מען דורך אַלע דערציילונגען פון דעם מין (און איך האָב זיך אָפּגעשטעלט נאָר אויף אייניקע פון זיי) זעט מען מיט פאַרדרוס, אַז סיי די טעמאַטיק, סיי די אויספירונג איז צו בלאַס, צו קליינלעך און ביליק לגבי דעם, וואָס איז געשען.

מ׳דאַרף נישט דווקא האָבן שרייענדיקע טראַגעדיעס, כדי אויסצודריקן דאָס טראַגישע — מע קען דאָס מאַכן אויך מיט שטילע טענער (און אַ מאָל נאָך ווירקזאַמער), אָבער דאָ ווערט דאָס שרייִק־טראַגישע פאַרביטן נישט מיט טראַגישער שטילקייט, נאָר מיט האָפּערדיקער קליינלעכקייט. די טראַגעדיע שרומפּט דאָ איין געוואַלדיק, זי ווערט אַזוי שמאָל־האָריזאָנטיק.



אָפּאַטאָשוס דינאַמישער, ממש רייסיקער סטיל, איז זייער גוט פאַר רייזע־באַשרייבונגען און פאַר מאַסן־סצענעס, אָבער אין „נאָרמאַלע״ דערציילונגען פאַרלירט ער אָפּט אַ טייל פון זיינע מעלות. דער טעמפּאָ פון די דערציילונגען ווערט צו שטראָמיק, צו אָפּגעהאַקט.

אין דאָזיקן בוך געפינט מע דעם זעלביקן גוט־באַקאַנטן אָפּאַטאָשו־סטיל, מיט זיינע מעלות און חסרונות.

„אין דרויסן האָט געצעבערט״ איז, לויט מיין שפּראַך־געשמאַק, נישט אַזוי גוט בכלל, בפרט ווען עס ווערט אָנגעטראָפן אויף טריט און שריט. עס נעמט אָן דעם כאַראַקטער פון קלישע־סטיל.

„אין די אויגן — ווינטן און זאַוויערוכעס״, געפעלט מיר אויך נישט, אָבער ווען כמעט יעדער איינער האָט ביי אים ווינט אין די אויגן — קאַלטע ווינטן און הייסע ווינטן, — איז שוין גאָר שלעכט. קלישעען מאַכן אומעטום אַ סך קאַליע,

בפרט אין דערציילונגען, ווו מע דערוואַרט אַז יעדעס וואָרט זאָל געבוירן ווערן פון דער שטימונג אַרויס, און נישט פונעם סטיל־זיכרון.

אין דעם דאָזיקן בוך איז נאָך דערצו באַמערקבאַר אַ טענדענץ צו באַנוצן אַלטע ווערטער, „יווא״־אישע, הגם פשוטע וואָלטן דאָ אויך מער געווירקט.

עס דרייט זיך דאָ אַ וואָרט „אומגעהאריש״, „אַן אומגעהאריש געשריי״, „קריפטן״, אַנשטאָט „קרעפטן״, „וואָרעט״ — ווארהייט, אמת, און דער „קולער לאָקאַל״ ברענגט אויך אַריין קאָלירלאָזיקייט, פאַלשקייט פון טאָן: „אַזאַ אָרים מענטשיסקע״, ווי געשריבן דירעקט פאַר אונדזערע הונדערטער טויזנטער פּילאָ־לאָגן; „מאָנקאַטאָוו״, אַנשטאָט סתם „מאָקאַטאָוו״.

דער לייענער שטרויכלט זיך אין די דאָזיקע ווערטער, זיין אויפמערקזאַמקייט ווערט אָפּגעצויגן צו דער געקינסטלטקייט פון אַ וואָרט אין דער סאַמע ערנסטער סיטואַציע, און עס גנבעט זיך, נישט ווילנדיק, אַריין אַ געדאַנק, — גיכער: אַ געפיל — אַז דער מחבר שפּילט זיך.

אין „גירוש ווולקע״, אין סאַמע מיטן פון יוחננס פּאַראַד־רעדע: „גאָט אין הימל, קוק זיך צו ווי אונדזערע נשמות „הימלען״ — שטייען אויף משקולות״.

אויב אַ מחבר דאַרף געבן אין מיטן אַזאַ רעדע אַ וואָרט אין גענדזנפיסלעך, און עס פאַרטייטשן, האָט עס יוחנן נישט געזאָגט (ווי די גאַנצע רעדע נישט), און מיר זעען פאַר זיך נישט קיין שרייבער, נאָר אַ פילאָלאָג. און דאָס טויג נישט.

צו פיל פילאָלאָגיע.

אַ צוגאָב צום צו פיל מעלאָדראַמע.

## ב

## צו ווייניק פייער, צו פיל רויך

**שלום אַש: „דער ברענענדיקער דאָרן״,**
**איקוף־פאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1946.**

נישטאָ קיין שענערער נאָמען פאַר אַ זאַמלונג דערציילונגען פון דעם היטלער־חורבן, ווי „דער ברענענדיקער דאָרן״. („דער ברענענדיקער סנה״ וואָלט געווען אַ כּך בעסער, ווייל דאָס וואָרט „סנה״ גופא איז דורכגעגליט פון שטראַלנדיקע פּאָע־טישע אַסאָציאַציעס פון יאָרטויזנטערס, בעת דאָס וואָרט „דאָרן״ איז אַזוי טונקל, ערד־קריכנדיק, נאַקעט און טרוקן ווי אַ דאָרן). אָבער דער נאָמען פון שלום אַשס בוך איז אינהאַלטסרייכער פאַרן בוך גופא, ווו עס איז דאָ מער רויך, ווי פייער.

עס איז שווער צוצוגיין צו אַזעלכע דערציילונגען ווי אין דאָזיקן בוך, מיט דער זעלביקער מאָס, מיט וועלכער מע גייט צו צו ליטעראַטור. דאָ געפינט מע זיך

אויף „אדמת קודש" און דער עסטעטישער חוש שעמט זיך נאָרמאַל צו פונקציאָנירן: ער טרעט אָפּ אין אַ זייט פאַר עפּעס גרעסערס פון אים; ער ווערט פּאַראַליזירט פון יראת־הכבוד.

אָבער דערפאַר ווערט אויך שאַרפער די שפּירבאַרקייט פאַר דעם אַלעם, וואָס פאַרשוועכט אָט דעם יראת־הכבוד־געפיל.

גלייך אין זיין ערשטער דערציילונג „יתגדל ויתקדש..." ווערן מיר באַליידיקט פון שלום אַשס געווייניטלעכן מאַנגל אין קאָנטראָל־חוש.

שלום אַש וויל ווייזן ווי שטאַרק דאָס רעליגיעזע ווירקט נאָך אויך אין היינט־צייטיקן קידוש־השם. איטשע־מאיר איז גרייט נאָכצוגעבן דעם דייטש אַלץ: ער נעמט אויף פיזישן פיין און מאָראַלישע באַליידיקונגען אָן שום פּראָטעסט, מיט אַ טעמפּקייט פון אַ בהמה, וואָס איז שוין צוגעוווינט צו פּייניקונגען, אָבער ווען עס קומט צו אַרבעטן אום שבת — גיט ער נישט נאָך, ער גייט צו דער תליה פאַרן שבת־רו. און נאָר איין זאַך באַאומרויִקט אים: טאָמער הענגט מען אים איידער די שטערן באַווייזן זיך אויפן הימל.

שלום אַש האָט אַלץ געטאָן, כדי וואָס גרעבער צו אונטערשטרייכן זיין הויפּט־ציל: ווייזן, אַז איטשע־מאיר איז גרייט צו שרייען: „יודע שוויין, האָבע קיינע ערע", אַז איטשע־מאיר איז גרייט צו ריידן צו זיין תליון, ווי אַ מה־יפית־ייִדל: „הער לעבן, איך האָב אַ ביטע צו אינען, זיי זענען געוועזן אַזוי גוט צו מיר", — אָבער זיין גאַנצע נאָכגעביקייט און טעמפּקייט דויערן נאָר אַזוי לאַנג, כל־זמן עס רירט נישט אָן זיין רעליגיע. קומט צו דער רעליגיע — איז איטשע־מאיר נישט נאָכגעביק.

און כדי דאָס צו ווייזן וואָס בולטער (ווי אַשן דאַכט זיך), זאַלצט שלום אַש איבער, לויט זיין תמידער געוווינהייט: דער ייִד לאָזט זיך דערנידעריקן טעמפּ, ווי אַ מאַשין, אָבער אויך זיין רעליגיעזער קידוש־השם קומט פאַר מעכאַניש. פּונקט ווי מיר זעען נישט אינדיווידועל איטשע־מאירן אין זיין ליידן, אַזוי זעען מיר נישט אינדיווידועל איטשע־מאירן אין זיין קידוש־השם. אַלץ קומט פאַר מעכאַניש. כדי איטשע־מאיר זאָל אויספירן זיין פאַרלאַנג (נישט געהאָנגען ווערן פאַרן זון־פאַרגאַנג, הגם איטשע־מאירס קידוש־השם וואָלט נישט קלענער געוואָרן דורך דעם, ווען ער וואָלט געהאָנגען געוואָרן אום שבת), דערנידעריקט שלום אַש נישט נאָר איטשע־מאירן, דורך ריידן צום תליון ווי אַ מה־יפית־ייִדל, נאָר ער לאָזט אַפילו דעם תליון ווערן מענטשלעך...

איך ווייס זייער גוט, פאַר וואָס שלום אַש האָט נישט געקענט ווייזן, ווי אַזוי איטשע־מאירס פרומקייט ברענגט אַריין אַ פרישן גייסטיקן שטראָם ביי די ייִדן־שקלאַפן און ווי אַזוי ער גייט אויף קידוש־השם פאַרן שבת, נישט איינראַמענדיק דאָס איז אַ ראַם פון מה־יפיתדיקייט און מעכאַנישקייט, — דאָס איז פרעמד זיין נישט־באַלאַנסירטן, פּרימיטיוון טאַלאַנט, וואָס פאַרמאָגט די חסרונות פון פאָלקס־

שאַפֿן, וואָס באַנוצט שוואַרץ־ווייס־צייכענונג אַנשטאָט קאָמפּליצירטע פֿאַרב־קאָמפּאָ־זיציעס. אָבער אין דער דאָזיקער דערציילונג פֿאַרדריסט אונדז זיין מעטאָד (אָדער ריכטיקער: זיין חסרון) גאָר שטאַרק.

געוויס: אין לעבן איז זיכער דאָ אַזאַ טיפּ ייִדן, וואָס נעמט אויף טעמפּ — פֿון געוווינהייט — אַלע באַליידיקונגען און פּייניקונגען, און גלייכצייטיק איז ער מע־כאַניש גרייט אויף קידוש־השם. אָבער אין דער ליטעראַטור פֿון „ברענענדיקן סנה" ווילן מיר זען אַנדערע ייִדן, וועלכע זיינען אויך דאָ אין לעבן, אָבער אין דער ליטעראַטור מוזן זיי אַוודאי זיין, אויב זי וויל — ווייל זי דאַרף! — צונויפזאַמלען די לעבנס־ברעקלעך אין אַ געשטאַלט, אין לעבעדיקע געשטאַלטן, וואָס זאָלן ווירקן אויפֿן היינט צום נוצן פֿון אונדזער מאָרגן.

„אַ קינד פֿירט דעם וועג" איז די ערשטע בראַווע קינסטלעריש אויסצופֿו־רעמען דעם קאָלעקטיוון זעלבסטמאָרד פֿון דריי און ניינציק ייִדישע „בית־יעקב"־מיידלעך, כדי נישט אַריינצופֿאַלן אין די שמוציקע הענט פֿון די צווייפֿיסיקע אויבער־חזירים.

דאָס איז אַ מאַטעריאַל נישט פֿאַר קיין סקיצע, — ווי גוט זי זאָל נישט זיין, — דאָס איז אַ מיטאָס, וואָס אויב דאָס ייִדישע פֿאָלק וועט לעבן, וועט עס באַקומען אַ תּיקון אין אַ מעכטיקער דראַמע ווי די עשרה הרוגי מלכות אין דער „עבֿודה" פֿון „יום־כּיפּור".

עס איז געווען פּאַרויסצוזען, אַז שלום אַש וועט נישט פֿאַרפֿעלן אַריינצופֿירן קריסטוסן אין געטאָ אַריין.

קריסטוס (און זיין מאַמע) איז נישט קיין נייער גאַסט ביי שלום אַשן. ווען די מוטער רחל גייט מקבר זיין אירע קינדער, נאָך אַ פּאָגראָם, גייט מיט איר מיט מאַריע. ווי אַזוי קריסטוס בעצמו אויף זיך די פּיין פֿון אַ ייִדן אין רוים פֿון די פּויפּסטן, איז באַשריבן אין שלום אַשס שיינער דערציילונג „די קאַרנאַוואַל־נאַכט" (אין רוים). אָבער אַריינפֿירן אין געטאָ פֿון 1940—1945 קריסטוסן, איז שוין אַ צו גרויסע געשמאַקלאָזיקייט אַפֿילו פֿאַר אַשן.

אַש האָט בכלל ליב צו באַשרייבן ניסים (אין „שלמה נגיד", אין „תּהילים ייִד" קומען פֿאָר ממש ניסים), אָבער די געניויקייט און דער ענטוזיאַזם, מיט וועלכע אַש באַשרייבט די ניסים וואָס ישו טוט אָפּ אַראָפּגייענדיק פֿון קרייץ פֿון דער קירך אויף גזשיבאָווסקי־פּלאַץ, זיינען אין־לשער!

עס געשעט אַפֿילו דער גרעסטער נס אין דער געשיכטע: די קריסטן, וואָס זיינען אין משך פֿון צוויי טויזנט יאָר נישט באַאיינפֿלוסט געוואָרן פֿון ישוס לערע (סיידן אויף שלעכטס צו טאָן ייִדן!), ווערן אַזוי באַאיינפֿלוסט דורך דעם בליק פֿון ישוע, וואָס איז פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ רבֿ, מיט אַ טלית אויפֿן מיטן גאַס, אַז זיי נעמען שרייען:

„די ייִדן זיינען אונדזוערע ברידער אין דער צרה! מיר זיינען ביי אײן משחית אין די הענט!"

„דער כעס און דאָס רשעות האָבן אָנגעהויבן זיך לעשן פון די אויגן, אַ ניי ליכט האָט זיך באַוויזן אין די אויגן פון מענטש, אַן אויסגעלייטערט ליכט פון רחמנות און בשותפותדיקן צער".

— „נאָך ווייניק האָט זיי דער דייטש אָנגעטאָן, זאָלן מיר זיך אויך פאַרזינדיקן פאַר גאָט?"

חלומען איז אַ שיינע זאַך, און שיין חלומען איז די אויפגאַבע פון דער ליטע־ראַטור. אָבער שטיין ביי זעקס מיליאָן נאָך אָפענע קברים, געגראָבענע און גוט־געהייסענע דורך די ברידער קריסטן און חלומען קוואַטשיק־סענטימענטאַל וועגן ניסים, וואָס אַלע ווייסן אַז זיי זיינען נישט געשען און ווער ווייס צי זיי וועלן אַ מאָל געשען, — דערצו איז נייטיק אַ טאַקטלאָזיקייט וואָס איז נישט פּאַסיק פאַר אַ דיכטער.

איך וויל שוין נישט ריידן וועגן די פּרטים, וואָס געהערן צו דער פּשוטער ליטעראַטור־קריטיק, וואָס איך וויל זי דאָ אויסמיידן אויף ווי וויט מעגלעך.

„וואַרשע" איז נישט קיין דערציילונג, נאָר אַ צייטונג־איבערזיכט פון דעם, וואָס עס איז געשען מיט די ייִדן בעתן דריטן חורבן. עס זיינען דאָ אַ סך בעסערע באַריכטן וועגן דעם, און מער פּרעציזע אַוודאי און אַוודאי.

באַזונדערס ווערט אַש געשטרויכלט אין דאָזיקן רעפּאָרטאַזש לויט פּרעמדע באַריכטן, ווען עס קומט צו זיינע צוויי „פערדלעך" — דער קריסטלעכער אמונה און דעם ראַטנפאַרבאַנד.

ווען ער רעדט וועגן די ייִדישע קינדער, וואָס האָבן געקלאַפּט אין פּוילישע טירן זוכנדיק שוץ פאַר דעם פאָלק, וואָס איז געוואָרן אַ קינדער־מערדער, זאָגט ער:

„די מערסטע פאַלן פון אמת־קריסטלעכע מעשים האָבן געטראָפן צווישן קאַ־טוילישע גייסטלעכע און צווישן די שוועסטער פון פאַרשיידענע אָרדענס פאַר־וואָגלטע און אַנטרונענע קינדער... האָבן געזוכט שוץ און אויפהאַלט אונטער דעם באַלקן פון גאָטס הייזער, אין קירכן און קלויסטערס. וואָס עס איז געוואָרן שפּעטער דער גורל פון די קינדער, איז אונדז באַוווּסט. נאָר זאָל דאָ אויסגעדריקט ווערן דער דאַנק און אָנערקענונג פון די איינצלנע נשמות, וואָס האָבן עדות געזאָגט דורך זייערע מעשים פאַר דעם אמת פון זייער אמונה אין דער שעה פון דער העכסטער נויט און פּרוווּנג פאַר דער קריסטלעכער עטיק און מאָראַל".

צי דען ווייס טאַקע נישט שלום אַש, וואָס עס איז געוואָרן מיט די ייִדישע קינדער „אונטער דעם באַלקן פון גאָטס הייזער"? מען האָט נישט געראַטעוועט די קינדער מחמת מענטשלעכקייט, נאָר פון פּראָפיט וועגן: מ'האָט זיי געשמדט און נאָך דער מלחמה נישט געוואָלט צוריקגעבן.

און איך ווייס פון אויטענטישע פאַלן, ווען מ'האָט ייִדישע קינדער געמוזט

אַרייַנגעבן אין די קלויסטערס ווי קריסטלעכע יתומים, ווייל אַנדערש האָט מען זיי „אונטער דעם באַלקן פון גאָטס הייזער" נישט געוואָלט אַרייַנלאָזן.

און די דאָזיקע קינדער פלעגט אויסקומען צו הערן אָט די ווערטער: — „היטלער טוט גוט מיט די יידן".

די דאָזיקע ווערטער, אין מויל פון פרומע מאַנאַשקעס, האָבן באמת „עדות געזאָגט פאַר דעם אמת פון זייער אמונה", ווי שלום אַש דריקט זיך אויס אין זיין נייגונג צו קעלבערנער התפעלות.

און וואָס שייך ראַטנפאַרבאַנד, האָט ער געראַטעוועט צוויי מיליאָן יידן (נישקשה פון אַ סטאַטיסטיקער!), און ווי אַזוי? „מיט דער גאַנצער דחקות אין איר טראַנספּאָרט־סיסטעם, וואָס די מילחמה האָט געבראַכט, האָט די סאָוועטן־מאַכט דאָך טראַנספּאָרטירט די יידן אויף זיכערע ערטער".

שלום אַש חזרט איבער די בפירוש פאַלשע באַהויפּטונג, אַז די יידן וואָס זיינען פאַרשיקט געוואָרן ווו דער פעפער וואַקסט, זיינען מיט אַ כיוון טראַנספּאָרטירט געוואָרן אין זיכערע ערטער. פאַקטיש זיינען אַ טייל פון די פאַרשיקטע יידן לעבן געבליבן צוליב דעם, אָבער ווען מ'האָט זיי פאַרשיקט, איז דאָס געווען אַ גזירה לגבי אומגליקלעכע פּליטים.

עס איז נאָך כדאי צוצוגעבן: שלום אַש האַלט, אַז דאָס גאַנצע דייטשישע פאָלק איז שולדיק אין דעם, וואָס עס איז געשען מיט די יידן, און דאָך זאָגט ער: „עס איז באַלד אַזאַ זינד ווי די נאַצישע רציחה צו פלאַנען גאָר די פיזישע פאַרניכטונג פון דעם דייטשן פאָלק, שוין אָפּגערעדט וואָס עס איז אַן אידיאָטישע נאַרישקייט". איינס פון די ביידע: איז דאָס דייטשישע פאָלק שולדיק, — פאַר וואָס איז דאָס אַן „אידיאָטישע נאַרישקייט"? אדרבא, אַן אידיאָטישע נאַרישקייט איז צו זאָגן, אַז אויסראָטן אַ פאָלק, וואָס איז שולדיק אין אַזעלכע אימהדיקע פאַרברעכנס, איז דאָס זעלביקע ווי איבערחזרן זיינע פאַרברעכנס.

צי דען פילט טאַקע נישט שלום אַש, מיט זיין גאַנצער אינטויציע, אַז עס איז איצט דאָ איין מיטל אַ קער צו טאָן די וועלט צו תשובה, — די פאַרניכטונג פון דייטשישן פאָלק? ווייל אויב נישט, בלייבט זיין „בעסטיאַלישער מאָרדלוסט" דאָס געזעץ פון מאָרגן? דאָס נישט אויספירן די „אידיאָטישע נאַרישקייט" איז דער גרעסטער פאַרברעכן קעגן יידישן פאָלק און קעגן דער גאַנצער מענטשהייט.

אָבער שלום אַש האָט אויף זיך גענומען אַן עול פון קריסטלעכער ליבע, און ווי אַלע טרעגערס פון דעם עול וואַרפט ער דאָס אַרויף אויף אַנדערע, אויף די שוואַכסטע און אומגליקלעכסטע.

שטאַרק און ערטערווייז גרויס־דיכטעריש איז „אַ קינד", — זייטלעך, געשריבן פון שלום אַשן אין זיינע בעסטע מינוטן.

שטאַרק אין געוויסע שטעלן און שוואַך אין די אַנדערע (אין די רעליגיעזע, — שלום אַשס שוואַכקייט), איז די דערציילונג „די מיצווה צו לעבן"; ביי אַשן —

ווי דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין אַרט שאַפן! — איז רעכט, אַז פּאַרטיזאַנער האָבן אָנגעטרויט אויסשפּיר־אַקציעס אַ דריי־יאָריקן קינד.

„האַלט אויס" געהער אויך נישט צום בעסטן וואָס שלום אַש האָט אין דאָזיקן בוך געגעבן. די דערציילונג איז פול מיט שאַבלאָנען.

„טאַלנע וועט לעבן" איז די שענסטע און שלימותדיקסטע דערציילונג אין גאַנצן באַנד.

נישט נאָר דער אינהאַלט איז גוט (ווען טאַלנע פאַרשווינדט, דערפילט מיט וויטיק דער יידישער קאָמוניסט אַז אויך דער רבי, דודל פון טאַלנע, פעלט אים), אויך די אויספירונג איז גוט.

ווען אַ ייד ברענגט אים, דעם קאָמוניסט, דאָס איינציקע געראַטעוועטע מיידעלע פון טאַלנע, זאָגט ער צו זיך:

„יאָ, אַז זי וועט זיין, וועט טאַלנע צוריק זיין" — האָט ער איבערגעזאָגט דעם יידנס ווערטער. — „מ'דאַרף זי אָפּהיטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ".

„אָבער ווער איז דער ייד?" האָט ער באַלד זיך אַליין געפרעגט. — מיין מאַמע וואָלט געוועזן געזאָגט, אַז עס איז אליהו הנביא."

אַפילו ביים דאָזיקן געפּערלעכן אָרט — פאַר שלום אַשן — האָט ער געפונען דעם ריכטיקן טאָן.

„יידישע אויגן" פאַרמאָגן אויך עטלעכע זייטלעך, וואָס וועלן בלייבן צווישן די בעסטע פון שלום אַשן. דאָס זיינען די זייטלעך, ווו עס ווערן באַשריבן מירעלעס אויגן, ווען זיי זיינען לעבעדיק און ווען זיי זיינען קינסטלעריש־פאַרשטיינערט.

וועגן „טריומף־מאַרש" קען איך זאָגן בלויז איינס: די קדושים פון וואַרשע האָבן פאַרדינט עפּעס שטאַרקערס, מער דערשיטערנדיקס, אויב שוין יאָ וועלן איבערגעבן מיט ווערטער דאָס אומבאַשרייבלעכע.

מעלבורן, 1947.

# אַ מעשה אָן אַן עק

י. מ׳ ווייסנבערג: „אין דער טיפער אייביקייט״,
ערשטער באַנד, וואַרשע, 1937.

פאַראַן קוואַלן, וואָס שלאָגן שפּרודלדיק אַרויס פון דער ערד, אָבער באַלד פאַרלירן זיי זיך ווידער אונטער דער אייבערפלאַך: קיין הנאה האָט מע שוין נישט פון זיי.

אַזאַ איז געווען דער גורל פון ווייסנבערגס טאַלענט.

צי די גאַנצע שולד פאַלט אויף דער סביבה אונדזערער, וואָס פאָדערט נישט פונעם טאַלענטירטן שרייבער קיין גייסטיקע און קינסטלערישע אָנשטרענגונגען, צי די דאָזיקע אָביעקטיווע שולד גייט האַנט־ביי־האַנט מיט ווייסנבערגס אַ סובּ־יעקטיווער שולד (וועלכער מיר האָבן צו פאַרדאַנקען איינע פון זיינע קינסטלערישסטע זאַכן — „די שלעכטע פּרוי״) איז אַ פּראַגע, וואָס וועט נאָך באַשעפטיקן די יידישע קריטיקערס. איצט וויל איך זי לאָזן אין אַ זייט. איך וויל דאָ בלויז קאָנסטאַטירן אַ פאַקט אַז די לעצטע פופצן יאָר (לכל הפּחות!) איז ווייסנבערגס שאַפן כמעט אין גאַנצן אָפּגעהאַקט געוואָרן. ער איז אַרויסגעקומען מיט אַ גאַנץ שוואַכן ראָמאַן „דער איבערגאַנג פון קינדהייט צו דערוואַקסונג״, ער האָט איבערגעראַשט מיט זיין גראַפאָמאַנישן (לכל הדעות!) פּאַמפלעט־ראָמאַן „דער מאָדערנער שד״. זיין טאַלענט האָט אויפגעבליצט מיטן אָפּשיין פון אַמאָל — פון זיין בעסטן פּעריאָד — אין עטלעכע דערציילונגען אין זיין געמישטן באַנד (אַלטס מיט נייס) „גורלות וואָס לאַכן״; די דערציילונג וועגן טומטום פאַרמאָגט זייטלעך (און אַ סך!) פון טיפן פּסיכאָלאָגישן אמת, פון טיפער האַרציקייט און מענטשלעכקייט.

איצט איז ווייסנבערג אַרויסגעקומען פאַרן פאָרום פון דער יידישער ליטע־ראַטור מיטן ערשטן באַנד פון אַ גרויס ווערק „אין דער טיפער אייביקייט״. שוין אַ פּאָר יאָר ווי מע רעדט וועגן דעם אין דער פּרעסע און פּריוואַט. דאָס בוך זאָל האָבן אַ 10—12 בענדער צו 250 זייטן אַ באַנד. לויט דער ענטוזיאַסטישער מיינונג פון איינע זאָל דאָס דאָזיקע בוך באַטייטן ווייסנבערגס תחית־המתים ווי אַ קינסט־לער; לויט דער אַנטוישטער מיינונג פון אַנדערע זאָל דאָס בוך ענדגילטיק חתמע־נען ווייסענבערגס טויט ווי אַ קינסטלער.

וואָסער פון די צוויי עקסטרעמע מיינונגען איז גערעכט? און אפשר איז דאָ דער אמת, ווי אַ סך מאָל — אין דער מיט?

*

וואָס וויל ווייסענבערג מיט דעם דאָזיקן כמותדיק־ריזיקן ווערק? דאָס דער־קלערט דער אויטאָר גופא אין זיין 12־שורהדיקער הקדמה: „דאָס דאָזיקע ווערק האָט די אויפגאַבע אויפצודעקן די מענטשלעכע שוואַכקייטן, אויף וועלכע די מענטשן ליידן. זאָלן זיי קודם וויסן, ווי זיי זעען אויס, און אויב זיי וועלן נאָך דעם האָבן אַ גוטן ווילן פּאַר אַ בעסער און שענער לעבן, וועלן זיי וויסן וואָס אין זייער לעבן אויסצומיידן און וואָס אָנצונעמען, כדי דאָס בעסערע און שענערע צו דערגרייכן; נאַטירלעך, אויב די מענטשן זיינען פעיק צו אַ גוטן ווילן".

נישט נאָר קורץ און שאַרף, נאָר אויך נישקשה פון אַ פּאַרמעסט! אייגנטלעך איז דאָס דער ציל פון יעדער קונסט — אויפצוווייזן די מענטשלעכע שוואַכקייטן און אָנווייזן אויף דאָס בעסערע און שענערע. אָבער דאָ איז דאָס דער „אלף" און דער „תיו" אויפן גאַנצן שטח פון מענטשלעכן לעבן. אויב מאָליערס „קאַרגער" דעקט אויף די מענטשלעכע שוואַכקייט — קאַרגשאַפט; אויב „לעידי מאַקבעט" דעקט אָפּ די מענטשלעכע שוואַכקייט (די ש ט אַ ר ק ע שוואַכקייט, לאָמיר זאָגן) — ליידנשאַפט צו מאַכן — דאַרף „אין דער טיפער אייביקייט" אָפּדעקן אַלע מענטש־לעכע שוואַכקייטן, און חוץ דעם וועט דאָ די מענטשהייט געפינען אַ גאַנצע לעבנס־שיטה — קונסט און פילאָסאָפיע צוזאַמען (עכטע קונסט אָטעמט דאָך במילא אויס פון זיך פילאָסאָפיע).

ווי אַזוי דערגרייכט (וויל דערגרייכן) ווייסענבערג זיין קאָמפּליצירטע קינסט־לערישע אויפגאַבע קאָמפּאָזיציאָנעל? שוין אויף אַ צו פשוטן אופן.

„ווען עס זיינען פול געוואָרן זעקס טויזנט פינף הונדערט יאָר און די פמליה של מעלה האָט נאָך נישט געוווּסט, ווי אַזוי וועט זי אין דער נאָענטער צייט דאַרפן פּסקענען דער וועלט; זכאי אָדער חייב — האָב איך מיך דעמאָלט געמאָלדן און געזאָגט: לאָזט מיך אַראָפּ, כדי די וועלט אויסצופאָרשן".

און אָט איז ער אויף דער ערד און ער נעמט פאָרשן. אַלע קומען צו אים דערציילן זייערע געשיכטעס; יעדער, וועמען ער דאַרף האָבן, שטייט גלייך ביי זיין טיר. נישטאָ דאָ די מינדסטע פּאַבולע, וואָס זאָל אים צונויפפירן מיט יעדנס גורל. קאָמפּאָזיציאָנעל, הייסט עס, איז דאָס ווערק כמעט אָן פעסטע ראַמען, ממש וויל־קירלעך.

ווי וויט דאָס גרייכט, קען באַווייזן גלייך דער ערשטער עפּיזאָד: ער קומט צו אַן אַלטער אלמנה, בעט ביי איר אַן אָרט צום שלאָפן. זי לייגט אים פאַר נישט נאָר אַן אָרט צום שלאָפן, נאָר אויך — זיך. און ווען ער קווענקלט זיך — נעמט זי זיך פאַרוואַנדלען פון אַלט אויף יונג. אין וואָס עס באַשטייט דער סימבאָל פון דער

דאָזיקע סצענע, פון דעם עפּיזאָד, קען מען בשום אופן נישט פאַרשטיין. פּונקט אַזוי ווייניק — צו וואָס עס איז נייטיק פאַרן בוך. רופן די מענטשן, מכבד זיין זיי מיט ווייַן און איינגעמאַכטס וואָלט דאָך געקענט אַן אַלטע אויך, ווער רעדט אַ דינסט.

און מע קען דאָס נישט פאַרענטפערן מיט דעם אַז דאָס איז שיין, ווייל נישטאָ אַזאַ זאַך אין קונסט, ווי סתם שיינקייט. אַלץ אין קונסט איז צוועקמעסיק, און צום מערסטן טאַקע דאָס, וואָס מען רופט — שיינקייט. די שיינקייט אין קונסט רופט אַרויס געפילן, געדאַנקען, עס אָטעמט אויס פון זיך — אינהאַלט. אַפילו אין קינ־דער־מעשהלעך איז אַלץ צוועקמעסיק. לאָמיר נעמען טאַקע דעם זעלבן ביישפּיל: ווען די זעלבע פאַרוואַנדלונג פון אַלט אויף יונג וואָלט פאָרגעקומען אין אַ מעשהלע וועגן אַ מכשף, וועגן אַ צויבערלאַנד, וואָלט עס נישט באַדאַרפט האָבן קיין סימבאָלישן זין, ווייל דאָס וואָלט געבליבן אויף דער ליניע פון דער דערציילונג — עס וואָלט געווען צוועקמעסיק ווי פאַנטאַסטיק. דאָ אָבער מוז עס האָבן אַ זין, כדי עס זאָל ווירקן ווי אַ שיינקייט, און היות ווי דאָס האָט קיין זין נישט — פילן מיר נישט קיין שיינקייט, נאָר ווי אַן איבעריקייט.

*

פּונקט אַזוי לויז ווי עס איז די ראַם פון בוך, איז אויך לויז זיין אינהאַלט. עס איז אַ קאַליידאָסקאָפּ פון קירצערע און לענגערע, נודנערע און אינטערעסאַנ־טערע איינצל־דערציילונגען. אָט קומט מען אים בעטן, ער זאָל זיך פאַרשרייבן אין הכנסת־כלה, כדי חתונה צו מאַכן פאַרזעסענע מיידלעך. שיקט ער רופן זעקס פאַרזעסענע מיידלעך און יעדע איינע דערציילט די געשיכטע, פאַר וואָס זי איז פאַרזעסן. און ער דרינגט אַרויס דערפון די מ אָ ר אַ ל, אַז מע דאַרף בעסער חתונה מאַכן יונגע מיידלעך, זיי זאָלן נישט פאַרזעסן ווערן; די פאַרזעסענע זיינען שוין פאַרפאַלן...

אויב פון ווייסענבערגס בוך קען מען זיך טאַקע אויסלערנען ווי אַזוי בעסער און שענער צו לעבן, וועט עס נישט דערגרייכן דעם ציל צוליבן פּשוטן טעם, וואָס זעלטן וועמען עס וועט סטייען געדולד צו דערגיין ביזן סוף. די מעשיות דרייען זיך איינע אין דער צווייטער ווי אַ פאַרעמלאָזער באַנד. וואָרעם דערצו זיינען נאָך די מעשיות קליינשטעטלדיקע ביז אין מאַרך פון די ביינער, סיי אין די פּאַסירונגען, סיי אין זייער גייסט. פאַר דער טיפער אייביקייט שפּילט טאַקע קיין ראָל נישט אַ קלייניקייט פון אַ 50—75 יאָר. אָבער אונדז פאַרפעלט אָפט לופט, האָריזאָנט, סביבה.

*

די, וואָס דערקלערן ווייסענבערגס „אין דער טיפער אייביקייט" ווי אַ גרויס ווערק, ווי אַ געניאַל ווערק זיינען זיכער נישט גערעכט. אָבער עס זיינען אויך נישט גערעכט די, וואָס דערקלערן דאָס ווערק ווי אַ באַווייז פאַר ווייסנבערגס קינסטלע־

רישן טויט. נישט געקוקט אויף די אַלע גרויסע אויבן אָנגעוויזענע פעלערן, פאַרמאָגט דאָס ווערק פּאָרט עפּעס אַ מאָדנעם אונטערערדישן צויבער. אַ חוץ דעם, וואָס צווישן די מעשיות, ווי שוין אויבן געזאָגט, געפינען זיך בעסער און שענער דערציילטע, שטאָפּלעך־אינטערעסאַנטערע, עראָטיש־פּיקאַנטע, געפינען זיך דאָ און דאָרט פיינע פּסיכאָלאָגישע באַמערקונגען, באַזונדערס וועגן מענטשלעכן שלעכטס (ווייסענבערג איז, דער עיקר, אַ גרויסער פּסיכאָלאָג פון מענטשלעכער שלעכטקייט, ווי ראָלאַן, למשל, דער עיקר פון מענטשלעכער גוטסקייט); עס טרעפן זיך זייטלעך פון שטאַרקן קינסטלערישן אַראָמאַט (אין דער ליבע צווישן דער רייכער פרוי פון אַלטן מאַן מיט איר פורמאַן); דער סטיל, נישט געקוקט אויף זיין אָפּטער נודנעקייט און גרייזיקייט, פאַרמאָגט דאָך ערטערוויז אַ פיינעם עכטן טאָן, אַן אָנרעגנדיקן אין זיין פּשטות, — אין די דאָזיקע אַלע פאַלן דערקענט מען די מענלעכע פּאָטענץ פון ווייסענבערגס טאַלענט, זיין אייגנאַרטיקן ווילדן אַראָמאַט און די אינערלעכע מוזיק, וואָס קלינגט ווי מיט אַן אונטערטאָן, אָבער דער אַלגעמיינער איינדרוק, וואָס ווערט נישט באַזייטיקט דורך קיין שום באַמערקטע מעלות, איז פּאָרט פון אַ קוואַל וואָס איז צוריק פאַרגראָבן געוואָרן און נישט ער זעט די ליכטיקע שיין און דעם ברייטן האָריזאָנט און נישט מיר קענען שטילן דעם דאָרשט מיט זיין קוואַליקייט, זיין אורשפּרינגלעכער לויטערקייט.

ביים לייענען „גורלות וואָס לאַכן“, ביים לייענען „אין דער טיפער אייביקייט“ האָב איך ערשט דערשפּירט, וואָס מיר האָבן פאַרלוירן אין ווייסנבערגן: אַ ק וו אַ ל וו אָ ס ה אָ ט פּ אָ ט ע נ צ י ע ל ג ע ק ע נ ט פ אַ ר וו אַ נ ד ל ט וו ע ר ן אי ן אַ ב ר יי ט ן, ט י פ ן ט יי ד, וו אָ ס וו אָ ל ט ד ו ר כ ג ע־ ש נ י ט ן פ אַ ר ז י ך אַ וו ע ג צ ו ם פ ר יי ע ן י ם פ ו ן ל ע ב ן.

*

אַ פּאָר ווערטער וויל איך אויך זאָגן וועגן דער אידעאָלאָגיע פון דעם בוך.

מיר האָבן שוין געהערט פון ווייסנבערגס פאָרוואָרט, אַז דער עיקר וועלן מיר דאָ האָבן צו טאָן מיט מענטשלעכער שלעכטס. ווייסנבערג פירט על־פּי־רוב געוויסנהאַפט אויס זיין פּראָגראַם. אָבער פון צייט צו צייט גרייכט ער אַ ביסל טיפער: ער פאַרנעמט זיך מיט אויפדעקן דעם קאָמפּליצירטן מעכאַניזם פון דער אומשולד אין דער שולד (דער פיל־וויבערניק), די קאָמפּליצירטע באַציונגען צווישן מענטשן, דעם איינהייטלעכן ווערט פון יעדערליידנשאַפט — אין וואָס זי זאָל נישט באַשטיין (ליבע און געלט־גייציקייט). און אָט אין דאָזיקן לעצטן ביישפּיל וויל איך אָנקניפּן אַן אַלגעמיינע באַמערקונג וועגן דער אידעאָלאָגישער שוואַכקייט פון ווייסנבערגס ווערק.

נאָך אַ לאַנגער געשיכטע רופט ער אַריין צוויי געליבטע און אַ געלטגייץ. די געליבטע גיט ער אַ געלעגנהייט זיך צו געפינען און דעם געלטגייץ אַ געלעגנהייט

אָנגעשטאָפּן זיך מיט געלט. די געליבטע ווילן פון קיין שום זאַך נישט וויסן אַ חוץ פון זייער ליבע, דער גייציקער וויל פון קיין שום זאַך נישט וויסן אַ חוץ פון גאָלד. אוןביידע ליידנשאַפטן, זאָגט ווייסנבערג, זיינען גלייך: ס'איז נישט קיין נפקא־מינה אין וואָס אַ מענטש איז פאַרקאַכט, אַבי ער איז דערמיט אין גאַנצן אויסגעפילט.

אויבנאויפיק קומט אויס אַז ווייסנבערגס איז גערעכט, — אָבער נאָר אויבנ־אויפיק. דאָס איז זייער אַ פלאַכע פסיכאָלאָגישע טיפּקייט. די ליבנדיקע זיינען פול מיט אַ ליידנשאַפט, וואָס טיילט אויס פון זיך וואַרעם־שטאָף אויף אַ גאַנצן לעבן, וואַרעם־שטאָף וואָס באַפרידיקט, באַרויקט, באַגליקט; דער גייציקער איז פול מיט אַ ליידנשאַפט, וואָס פרעסט אים אויף ווי אַ פיבער, וואָס וויס נישט פון קיין רו, פון קיין גליק, פון קיין עכטן וואַרעם־שטאָף נישט אויף איצט, נישט אויף שפּעטער. נישט פילן דעם דאָזיקן רעאַלסטן, ממשותדיקסטן אונטערשייד אין דער סקאַלאַ פון ליידנשאַפטן, הייסט פאַרמאָגן בלויז דעם גרעבערן, אויבנאויפיקערן פסיכאָלאָגישן חוש, הייסט — בלינד זיין פאַר איינער פון די גרעסטע מיסטעריעס פון דער מענטשלעכער נשמה — די רו, וואָס אַ גוטע און ריינע טאַט, אַ גוט און ריין געפיל טיילט אויס פון זיך. דאָס גוטע און ריינע וואָס פאַרמאָגט, ווי ראַדיום, אייגן אורליכט, איז פרעמד ווייסנבערגס טאַלענט. גלייך אין פאָרוואָרט מוז ער צוגעבן: „נאַטירלעך, אויב די מענטשן זיינען פּעיִק צו אַ גוטן ווילן". נאַטירלעך, ווייסנבערג גלייבט נישט אין דעם.

דאָס איז די פינצטערע שטורעם־באַלייכטונג, אין וועלכער עס באָדט זיך דאָס ווערק, געשטערט בלויז פון געציילטע דינע העלע שטראַלן, וואָס פאַרבלאָנדזשען אין דאָזיקן טונקעלן קיניגרייך, בילדנדיק זיין שענסטן צויבער, ווי יעדער לייענער קען זיך לייכט איבערצייגן.



נישט געקוקט דערויף, וואָס די 256 זייטן זיינען קוים אַ צענט־חלק פון גאַנצן ווערק, קען מען דאָך אורטיילן פון דאָזיקן צענט-חלק אויפן גאַנצן: דער כאַראַקטער פון בוך וועט זיך שוין נישט ענדערן. דער ערשטער באַנד ענדיקט זיך אַפילו אין אַ מיטן, ווייל דאָס גאַנצע בוך (ווי דער ערשטער באַנד) איז אויסערלעך פון איין גוס, ווי אַ באַלוינונג פאַר זיין אינערלעכער לויזקייט.



נאָך איין וואָרט וועגן דער אייגנאַרטיקער ווייסנבערגישער אָרטאָגראַפיע (די זשעלעכאָווער אָרטאָגראַפיע, ווי מע רופט זי ביי אונדז אין פוילן): לייענט מען ווייסנבערגס אַ בוך אין זיין אָרטאָגראַפיע, איז מע גענייגט צו ענדערן די מיינונג, אַז — די ענגלישע איז די ערגסטע.

וואַרשע, 1937

# די טומאה אין דער יראה

וועגן יצחק באַשעוויסעס בוך „די פאַמיליע מושקאַט"

אין יצחק באַשעוויסעס בוך האַלט אין איין שמעקן: „עס האָט געשמעקט פון דעם מיידל מיט שאָקאָלאַד, קימל־פּערפום און אויסלאַנד" (ז' 6); „עס האָט געהויכט פון אינעווייניק (פון זאַקסישן גאָרטן — י. ר.) מיט לינדע ווינטלעך און מיט סודות פון פאַרפירטע מיידלעך" (ז' 7); „עס האָט געשמעקט מיט ליקוי־חמה און פאַרענדערונג אין מעשה בראשית" (ז' 24); „די סמאַטשע האָט געשמעקט מיט פורים, שריפה, ליקוי־חמה (ווידער מיט ליקוי־חמה! — י. ר.), ביאת המשיח"; „עס האָט געשמעקט מיט חלב, שטויב, תענית און נצח ישראל".

אַז מע באַקענט זיך מיט אַ נייעם מענטשן אויפן דאָזיקן יאַריד, ווייס מע שוין אויף פאָרויס, אַז עס וועט באַלד נעמען שמעקן. און נישט נאָר מיט קאָנקרעטע פיזישע ריחות, נאָר אויך מיט אַבסטראַקטע, אויסגעמוטשעטע ריחות, ווי: „ליקוי־חמה", ביאת המשיח", „נצח ישראל" א"אַ.

אָט דער מאַניער (און דאָס איז ביים מחבר געוואָרן אַ מעכאַנישער מאַניער) האָט זיך וואַרשיינלעך אַנטוויקלט פון מחברס שפּירבאַרן חוש־הריח, און עס איז דעריבער אומפאַרשטענדלעך, ווי אַזוי דער מחבר האָט ביי אַזאַ חוש־הריח נישט געשפּירט, אַז פון זיין ראָמאַן שמעקט גאַנץ אָפט מיט וואולגאַרער קלישע־אַרבעט, מיט זנות און מיט טומאה אין דער יראה...

*

אַב. קאַהאַן האָט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, אין זיינעם אַן אַרטיקל אין „פאָרווערטס", געשטעלט די פראַגע: וואָס איז אַ גוטער ראָמאַן?

איך געדענק שוין נישט וואָס פאַר אַ תשובה אַב. קאַהאַן האָט דערויף געגעבן; אָבער איך האָב דערויף געגעבן פאָלגנדיקע תשובה: אַ גוטער ראָמאַן איז אַזאַ, וואָס אַב. קאַהאַן וועט אים נישט דרוקן אין „פאָרווערטס".

ווען איך האָב געהערט, אַז אין „פאָרווערטס" דרוקט זיך אַ הויך־קינסטלערישער ראָמאַן פון יצחק באַשעוויס, בין איך געוואָרן נייגעריק. מילא, אויף באַשעוויסן

קען מען זיך ריכטן ער זאָל אָנשרייבן אַ גוטן ראָמאַן; ביי אונדזערע קריטיקערס קען אויך אַ מאָל טרעפן זיי זאָלן ריכטיק אָפּשאַצן אַ ליטעראַריש ווערק; אָבער ווי קומט אין „פאָרווערטס״ אַ גוטער, הויך־קינסטלערישער ראָמאַן? איז ער גוט, טאָ ווי פּאַסט עס פאַרן „פאָרווערטס״? פּאַסט ער ווידער פאַרן „פאָרווערטס״, טאָ ווי קען ער זיין הויך־קינסטלעריש און טיף (איינס און דאָס זעלביקע, אייגנטלעך: הויך־קינסטלערישקייט אָן טיפקייט קען פונקט אַזוי געמאָלט זיין, ווי אַ לעבעדיקער קערפּער אָן אַ נשמה)?

איך האָב דעריבער מיט שפּאַנונג געוואַרט אויף באַשעוויסעס בוך, און איצט, נאָכן איבערלייענען עס, מוז איך זאָגן, אַז באַשעוויס האָט אין איין פּרט באַוויזן אַ קונצשטיק: ער האָט דעם „פאָרווערטס״ אויף קיין האָר נישט געקריוודעט, אָבער אַלץ איז איינגעוויקלט אין אַ טלית של תכלת, — אמת, אַ פּסולן, אַ צו אויסגעריי־בענעם אויף אָנשטענדיק צו פאַרדעקן דאָס „פאָרווערטסישע״, אָבער דאָך איז די קאָמבינאַציע אַ ממזרישע, און ערטערווייז ווירקט זי זייער שטאַרק. איר כאַפּט זיך פּלוצלינג אַרויף אין דאָזיקן ים פון ווולגאַרן רעאַליזם און זנות אויף די קונסט־אינדזעלעך, וואָס זיינען דאָ און דאָרט שיטער צעזייט אין אים, און איר אָטעמט אָפּ פרייער; הגם גלייכצייטיק שטעלט איר זיך די פראַגע: צי איז נישט אַזאַ ראָמאַן ערגער פאַר אַ טיפּישן שונד־ראָמאַן? דאָרט איז כאָטש אַלץ אָפן, און דאָ דערלאַנגט מען דעם גאַנצן „פאָרווערטס״ אונטער אַ פילאָסאָפישן סאָוס פון שפּינאָזאַן און יהדות.

צי דער ביליקער שמוץ, וואָס דער מחבר זאַמלט מיט גרויס פּלייס מיט אַלע פּרטים, ווערט פון דעם פילאָסאָפישן סאָוס גייסטיק־נאַרהאַפּטיקער, איז נאָך אַ גרויסער ספק; גיכער ווערט די פילאָסאָפיע דיסקרעדיטירט פון דער דאָזיקער שכנות.

מיטן ראָמאַן איז געשען דאָס זעלביקע וואָס מיט זיין הויפּט־העלד (אויב מ׳קען אים אַזוי באַצייכענען): עוזר העשל, זאָגט אונדז באַשעוויס, „האָט געוואָלט צונויפ־נעמען דעם געדאַנק, טראַכטן דורכויס וועגן תוך־זאַכן; אָבער אַלערליי דימיונות זיינען אים געלאָפן דורכן מוח״.

אויך דער מחבר וויל געבן אַ גרויס ווערק; אָבער ער קען נישט צונויפנעמען דעם געדאַנק, — ער פאַרנעמט זיך כסדר מיט קליינע נאַרישקייטן, אָדער מיט צעשטיקלטע זינפּולקייטן.

די טראַכטענישן — אויף פאַרשיידענע שטעלן — פון עוזר העשלען (הגם זיי זיינען צו אַבסטראַקט), פון אַזאַ געשטאַלט ווי ר׳ דן קאַצענעלנבויגן, פון משולם מושקאַט (ביי זיין לעצטער פּורים־סעודה) זיינען געווען פאַר אַ גרויס ווערק, ווען דאָס וואָלט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לעבעדיקן אָטעם פון ראָמאַן; אָבער דאָס איז נישט אַזוי. די דאָזיקע נשמה איז אין ראָמאַן אַ פאַרוואָגלטע נשמה, וואָס האָט נישט קיין גוף דורך וועלכן צו ווירקן, און אין וועלכן זיך אויסצולעבן. העכסטנס

כאַפּט זי זיך אַריין אין ערשטן בעסטן גוף ווי אַ דיבוק, און רעדט אַרויס מיט נישט קיין נאַטירלעכן קול. און דאָרט, ווו איר געפינט שוין יאָ אַ גוף מיט אַ נשמה, — ווי ביים רב ר׳ דן קאַצענעלנבויגן, למשל, — פילט איר אים ווי אַ שיינעם פּרט אין אַ העסלעכער געביידע. מ׳האָט דאָס געפיל פון ווען אַרויסנעמען אָט דעם פּערל פון זיין איינראַמונג, אין וועלכער ער פּאַסט זיך נישט אַריין. דאָס זיינען, ווי אויבן געזאָגט, זינפולע קינסטלערישע אינדזעלעך אין אַ ים בילוקער פּסיידאָ־ליטעראַטור.



אַז מ׳וויל, קען מען, נאַטירלעך, זוכן פאַרן מחבר אַ פאַרענטפערונג: ער האָט דאָס בכיוון געוואָלט; ער האָט געוויזן בלויז עטלעכע רייַנע מענטשן מיט אַ גרויסן גאָט אין האַרצן; און די איבעריקע, וועלכע האָבן פאַרלוירן דעם לעבעדיקן גאָט אָדער אים פאַרביטן אויף שפּינאָזאַן, — זיינען פול מיט זנות און אומזין.

אָט די קאָמבינאַציע איז נישט קיין שלעכטער פּילפּול; אָבער די דיספּראָפּאָרץ איז שוין צו גרויס. און דאָס שמעקט לחלוטין נישט נישט מיט אַ יידישן „תחית־המתים״ פון אַ נייעם טאָלסטאָי, נישט מיט אַ נייער „אַננאַ קאַרענינאַ״. דאָ קומט נישט פאָר קיין טראַגישער געראַנגל צווישן גלויבן אין גאָט און גאָטלאָזיקייט, צווישן אַ זין אין לעבן און זינלאָזיקייט, — דאָ לויפןביידע ליניעס באַזונדער, און די גאָטלאָזיקייט און דער אומזין לעבן דאָ מיטן אייגענעם רעכט, נישט ווי עלעמענטן פון געראַנגל. און במילא איז דאָס, וואָס ווערט באַשריבן געענוי, נישט אינטערע־סאַנט און נישט וויכטיק (נאָך אַ גט און אָבער אַ גט; נאָך אַ זנות־געשיכטע און אָבער אַ זנות־געשיכטע); און דאָס וואָס וואָלט געוועז געקענט זיין אינטערעסאַנט און וויכטיק, פאַלט אַריין אין ראָמאַן אויף קורצע מאָמענטן ווי אַ יוון אין סוכה.

קאַפּלס מחזקות מיט נקבות ווערן געגעבן אויסשעפנדיק (ווי דער „פאָרווערטס״ האָט ליב), הגם אַן אים איז דאָס שוין אויך דאָ גענוג; אָבער דאָס בילד פון פערציק יאָר יידיש לעבן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מילחמה ביז דער ערשטער פאַזע פון דער צווייטער, ווערט געגעבן על־פי־רוב אָדער דורך אויבערפלאַכלעכע צייטונג־בילדער אָדער דורך פובליציסטישע אינקרוסטאַציעס, וואָס סומירן די פאַרשיידענע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע עטאַפּן פון די פערציק יאָר, איבער וועלכע דער ראָמאַן איז צעצויגן.

מיר מוזן געענוי וויסן, אַז אין דער לעצטער נאַכט פון זיין לעבן איז קאַפּל געשלאָפן ביי אַן אַלטער יידענע, וואָס האָט אים אַ מאָל, בעת זיי זיינען יונגער געווען, פאַרפירט. און אָט קומט פאָר אַזאַ דיאַלאָג צווישן ביידע:

„קאַפּל, זי שלאָפן נישט?״

„ביי איהן אין בעט וואָלט איך געשלאָפן.

„ס׳איז געוואָרן שטיל. די פרוי קראָפּניק האָט געטאָן האַלב־אַ־

כיכע, האַלב־אַ־קרעכץ.
„משוגעו מיינע שונאים? יאַך בין אַן אַלטע ייִדענע.
„איך בין אַן אַלטער ייִד.
„מאַכן זי זיך נישט צום נאַר".

אַט דעם קוואַטש מוזן מיר וויסן געווי, מיטן האַלבן כיכע און האַלבן קרעכץ; אָבער די גראַנדיעזע ענדערונגען אין דער ייִדישער וועלט ווערן געגעבן סכעמאַטיש־פּובליציסטיש, אין בעסטן פֿאַל דורך אַ פּאָר אייליק־אָפּגעפּטרטע בילדלעך.

*

און עס איז אַ גרויסער שאָד, וואָס באַשעוויס האָט נישט געוואָלט, אָדער נישט געקענט, צונויפנעמען די געדאַנקען פּאָר אַ סינטעטיש בילד און פּאָר סינטעטישע געשטאַלטן פֿון דעם לעצטן געשיכטע־אָפּשניט פֿון פּוילישן ייִדנטום.

אין „די פֿאַמיליע מושקאַט" זיינען דאָ סימנים, אַז באַשעוויס וואָלט דאָס אפשר געוועןן געקענט געבן. די קורצע באַשרייבונג פֿון ר' דן קאַצענעלנבויגן (זז' 284—285), דעם קליין־טערעספּאָלער רבֿ, מיט דער פּוענטע אירער — דעם רבֿס קורצן שמועס מיטן ייִנגעלע, — רודערט טיף אויף דעם געמיט, עס גיט אַ ווייע אויף אייך מיט טיף־גורלדיקס, מיט גרויס־מענטשלעך־טראַגישעס, עס שאַפֿט אַ טיפֿע שטימונג ווי איזראַעלס בילד „דער רבֿ". איר קענט נישט דעפֿינירן אין קלאָרע ווערטער, וואָס עס ליגט אַזוינס אין דאָזיקן בילד פֿון איזראַעלס רבֿ (ווי אין די אַנדערע ייִדישע בילדער זיינע), אָבער איר פֿילט, אַז דאָ איז דער מאָלער צוגע־גאַנגען צום שורש פֿון עפּעס גרויס־מענטשלעכס, פֿון עפּעס גרויס־ייִדישס; אַז דאָס דאָזיקע בילד פֿאַרקערפּערט גורל פֿון אַ פֿאָלק, פֿון דעם מענטשן אין זיין מענטש־לעכסטער סובסטאַנץ. דאָס זעלביקע געפֿיל האָט איר ביים רבֿ ר' דן.

אַ ייִדישער רבֿ, — וואָס עס פּייניקן אים די אייביקע ספֿקות און קשיות פֿון די נביאים, פֿון איובֿן, — רופֿט צו צו זיך אין בית־מדרש אַ חדר־ייִנגעלע און כאַפּט מיט אים אַ שמועס:

„ווי הייסטו, האַ?
„משה.
„משה!... וואָס לערנסטו, משה?
„חומש מיט רש"י און גמרא.
„ווילסטו זיין אַ ייִד, האַ?
„ווי דען?
„אין אייבערשטן גלייבסטו, משה?
„אַוודאי.
„ווייל איז דיר, וצדיק באמונתו יחיה!..."

וויפל פּערספּעקטיוו עס איז דאָ אין דעם דאָזיקן קורצן שמועס, וואָס שליסט אָפּ אַ קורצע באַשרייבונג וועגן אַ רב, וואָס ווערט געפּייניקט פון פרומע ספקות.

אין דעם שמועס איז דאָ גייסטיקע פּערספּעקטיוו, גייסטיקע אַטמאָספער, פּונקט ווי אין די שטימונג־באַשרייבונגען, וואָס זיינען צעוואָרפן אין בוך, פּונקט ווי אין די קורצע אינטעלעקטועלע דיגרעסיעס, וואָס זיינען צעוואָרפן אין בוך (למשל אויף זייט 287). אָבער דאָס ווערט נישט אַנטוויקלט; זיי זיינען ווי טייערע מענטעלעך אויף פּסולע ספר־תורות.

אדרבא, ערשט אַ דאַנק אָט די טיפע דיכטערישע שטימונגען (וואָס זיינען לירישע שעדעוורען אין פּראָזע) און די טיפע אינטעלעקטועלע שייכותן און אַנונ־גען, וואָס דער מחבר וואַרפט אַריין אין בוך ווי ראַקעטן, ווערט באַלויכטן די גאַנצע פּוסטקייט פון גרעסטן טייל בוך, ווערט באַלויכטן די גאַנצע קרומקייט פון די אַלגע־מיינע ליניעס פונעם בוך.

*

דריי מינים זיינען פּאַרזייט געוואָרן אין באָדן פון דעם דאָזיקן ווערק, — און זיי קענען נישט וואַקסן צוזאַמען.

1) אַ ביליקער רעאַליזם, וואָס איז געדיכט פאַרבראָקט מיט ביליקער עראָטיק;

2) דינע, ביז גאָר פיינע דיכטערישע שטימונגען, וואָס אַז מע קומט צו זיי, פאַרגעסט מען, אין זייער זכות, די לאַנגע וויסטע שטרעקעס, וואָס מע מאַכט דורך צווישן איין לירישן אָאַזיס און דעם צווייטן; און

3) פּרוכטלאָזע, נישט ערנסטע קוואַזי־באַמיִונגען צו געבן אַ גרויס סינטעטיש ווערק וועגן היינטיקן יִדישן לעבן, אַ מין בעלעטריסטישן מורה נבוכים פאַרן מאָדערנעם ייִד.

דער לירישער עלעמענט איז אַ זאַך פאַר זיך, ווערטפול אין זיין פאַראיינזאַמט־קייט, ווי דאָס איז די טבע און דער גורל פון לירישע לידער; דער ביליקער, וואולגאַ־רער רעאַליזם האָט זיך צעוווכערט אין דעם גינסטיקן „פּאָרוועררטס"־קלימאַט ביז עקלהאַפטן נאַטוראַליזם; און דער דריטער עלעמענט, דער וויכטיקסטער, וואָס האָט באַדאַרפט זיין די נשמה פונעם ווערק, זיין אָרגאַניזירנדיקער וויטאַלער גורם, דרייט זיך דאָ אַרום ווי אַן אומגעבעטענער גאַסט אויף אַ פרעמדער חתונה. דער מחבר באַנוצט זיך מיט אים ווי מיט געוויסן־געלט: ווען דער קינסטלערישער געוויסן נעמט אים פּייניקן, דערמאָנט ער זיך אין דער טויט־געבוירענער אידייע פון זיין ווערק, און ער וואַרפט אַריין וועגן איר אַ פּאָר ווערטער, אָבער דורך דערמאָנען עפּעס טויטס מיט ווערטער, ווערט עס נישט לעבעדיק.

„אַלץ האָט זיך אים איצט (עוזר העשלען — י. ר.) צונויפגעמישט אין מוח: דעם זיידנס שטראָף־רייד, דאַוויד קאַצס טענות, די שטעלן פון דער עסיי וועגן די ייִדישע מאַסן, די פּערזן פון דעם דיכטער — וואָס איז דער זין פון דעם אַלעמען? ווו קומען זיך צונויף די אַלע ווידערשפּרוכן? ווער איז גערעכט? ווער איז אומגערעכט? וואָס וועט זיין דער תכלית? וואָס דאַרף טאָן ער, עוזר העשל, שוין איצט, פון היינט אָן?"

אָט אין אַזעלכע שטעלן ליגט דער פּאָטענציעלער גרויסער זין פון דאָזיקן ווערק, פון יעדן גרויסן יידישן ראָמאַן פון היינט. אָבער דער דאָזיקער זין בלייבט נאָר פּאָטענציעל, אין דער מחשבה פונעם מחבר און אין די פּאָר צוגעוואָרפענע ווערטער וועגן דעם.

די טענה צום מחבר באַשטייט נישט, און קען נאַטירלעך נישט באַשטיין אין דעם, וואָס ער גיט נישט עוזר העשלען קיין תשובה אויף זיין גורלדיקער פראַגע: וואָס זאָל ער, דער יונגער ייִד פון היינט, טאָן „ש ו י ן א י צ ט, פ ו ן ה יי נ ט א ָ ן?“; די טענה באַשטייט נישט אין דעם, וואָס ער ווייזט נישט קלאָר „וואָס איז דער זין פון דעם אַלעמען?“; וואָס ער ווייזט נישט אָן מיטן פינגער אויפן פונקט, ווו עס „קומען זיך צונויף די אַלע ווידערשפּרוכן“; די טענה צום מחבר באַשטייט בלויז אין דעם, וואָס דער ראָמאַן איז נישט קיין ערנסטער פּרווו צו לייזן אָדער אַפילו בלויז צו שטעלן בעלעטריסטיש־שעפעריש אָט די אַלע פּראַגעס, וואָס ער ווייס וועגן זיי אַז ער דאַרף זיי שטעלן, אַז ער מוז זיי שטעלן. נישטאָ אין בוך קיין עכטע פּולבלוטיקע ראַנגלעניש צו לייזן אָט אָ די פראַגעס, זיי ווערן גאָר נישט געשטעלט שאַרף־ליידנשאַפטלעך.

דער ווולגאַרער רעאַליזם האָט זיך אַזוי צעוווכערט, אַז ער פאַרנעמט דעם גאַנצן באָדן, נישט לאָזנדיק כמעט קיין אָרט פאַר עפּעס אַנדערשס.

נישט נאָר דער ראָמאַן דערגרייכט נישט דאָס, אין וואָס עוזר העשל נייטיקט זיך, נאָר ער פּרווט עס גאָר נישט דערגרייכן. נישט נאָר ער שאַפט נישט אין עוזר העשלען קיין בעסערן מירקין (פון אַש׳ס טרילאָגיע „פאַרן מבול“), נאָר, פאַרקערט, נאָך אַן ערגערן. (אַן אמתער רעקאָרד!). עוזר העשל איז אַ קליגערער שאָטן (אַ דאַנק דעם קליגערן מחבר), אָבער דערפאַר אויך אַ ווייניקער ערנסטער שאָטן פאַר מירקינען.

*

עוזר העשל, וואָס דאַרף זיין דער רוקנביין פון אַ גרויס ווערק, איז אַ שאָטן. בכלל זיינען אין דאָזיקן ווערק דאָ ווייניק פּערזאָנען, וואָס מע זעט בולט זייער אויסערלעכע און אינערלעכע געשטאַלט. באַשעוויס באַנוצט זיך על־פּי־רוב מיטן מעטאָד פון גענוי באַשרייבן די אויסערלעכקייט פון מענטשן, און דאָך (און אפשר טאַקע דערפאַר?) זעט מען זיי נישט קלאָר, — זיי שטעלן זיך אַוועק פאַר אונדז ווי פלעקן.

אָט איז אַזאַ טיפּישע באַשרייבונג:

„אַ קליין מענטשל אין אַ צעריסענער בלוזע, ברוין־אָפּגעברענט, ווי אַ ציגיינער, מיט אַ פעך־שוואַרץ בערדל און ברענענדיקע אויגן, האָט געשריגן מיט אַ הייזעריק קול, אין אַ שאַרפער ליטווישער אויסשפּראַך. ער האָט געוואָרפן מיט די הענט, געדרייט דעם קאָפּ, געמאַכט העוויות. דער גאָרגל איז געלאָפן משונה גיך. די האָר פון דער טשופּרינע זיינען געשטאַנען ווי דראָטן“.

צי זעט איר עפּעס? צי קען דאָ עמעצער עפּעס זען אין אָט דעם סימנים־לאַבי־רינט, ווו איין סימן ווערט פאַרשטויסן דורכן צווייטן? אַזוי שילדערן אַ מענטשן קען בלויז אַ שרייבער, וועלכער זעט אַליין נישט דעם מענטשן, וועלכן ער וויל שילדערן.

און אויך עוזר העשלען, דעם הויפּט־העלד, וואָלטן מיר נישט געוווען דער־קענט, ווען מיר דערזעען אים פלוצלינג אין גאַס. ער בלייבט פאַר אונדז אַ צעשוווּמענער פלעק. און נישט נאָר אויסערלעך, פיזיש, נאָר אויך אינערלעך, גייסטיק.

נישט נאָר אינעם ראָמאַן ווי אַ גאַנצן איז דער זיווג צווישן ערנסטער קונסט און ביליקן שונד נישט עולה־יפה געווען, נאָר אויך ביי עוזר העשלען גופא איז דער זיווג צווישן זיינע פילאָסאָפישע טראַכטענישן און זיין געמיינער, זינלאָזער אויפפירונג נישט געלונגען. דאָס זיינען ביי אים צוויי באַזונדערע זאַכן. דאָס געמיינ־זאַמע צווישן זיי באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס ביידע, סיי די טראַכטענישן, סיי די מעשים געהערן צו אַ שאָטן, צו וועלכן איר קענט אַפילו קיין טענות נישט האָבן. ער איז דען שולדיק? עוזר העשל האָט זיכער נישט קיין בחירה חפשית — פאַר אים איז די דאָזיקע שווערע פּראָבלעם געלייזט.

אַ שאָטן, וואָס ווערט גערופן: עוזר העשל, ווערן פון צייט צו צייט צוגעשריבן שיינע, אינטערעסאַנטע געדאַנקען, און אַ שאָטן ווערן פון צייט צו צייט צוגעשריבן זינלאָזע, געמיינע מעשים.

„ער האָט יעדעס מאָל פון ס'ניי ביי זיך אָפּגעמאַכט, — שרייבט וועגן אים דער מחבר, — צו אַנטלויפן. אָבער אַז עס איז געקומען צו די איינצלהייטן, איז אַלץ געוואָרן פאַרוויקלט. ער האָט געדאַרפט איבער־לאָזן הדסהן, דאַשקען, דינהלען, די קינדער, זיך שיידן מיט באַרבאַראַן..."

און אַזוי רעכנט ער אויס כסדר פערזענלעכע שטערונגען וואָס איבערצייגן אונדז לחלוטין נישט, אַז דאָס קען אים שטערן (ער האָט זיי שוין סיי ווי סיי איבערגעלאָזט אויפן געמיינסטן, אַמאָראַלישסטן אופן), ביז דער מחבר (וואָס רעדט זייער אָפט פאַר פייער און פאַר וואַסער — אַהער און אַהין, איבערלאָזנדיק דעם דול אויפן באַראָט פון זיין פליסיקער שפּראַך) גיט אַ קער צוריק:

„אַ חוץ אַלע חשבונות האָט עוזר העשל געהאַלטן, אַז ער האָט נישט קיין רעכט זיך צו ראַטעווען, בעת מישפּחה און אַלע אַנדערע ייִדן בלייבן אויף היטלערס באַראָט. דאָס דאָזיקע געפיל האָט אים אַליין געחידושט, ס'האָט זיך נישט אַריינגעפּאַסט אין זיין געדאַנקען־גאַנג..."

און אין זיין מעשים־גאַנג דען יאָ? (אַזוי ווי עוזר העשל האָט אַן אינדיווידועלן געדאַנקען־גאַנג, אַזוי האָט ער אַן אייגענעם מעשים־גאַנג...).

נאָך גוט וואָס באַשעוויס האָט דערפילט, אַז עס איז זיך דאָ אויף וואָס צו חידושן. מיר יעדנפאַלס חידושן זיך גאָר שטאַרק. און נישט נאָר מיר חידושן זיך,

— מיר ספקן אין זיין דאַזיקן געדאַנק. וואָס זאָג איך — מיר ספקן? מיר זיינען זיכער אַז ער האָט נישט געקענט טראַכטן נישט וועגן הדסהן און נישט וועגן די ייִדן. מיר, ייִדן, ווייסן דאָך נאָך פון תהילים, אַז זיי האָבן אויגן און זעען נישט, אַז זיי האָבן אויערן און הערן נישט, — די געצן, מיין איך. און עוזר העשל איז אַ געץ, וואָס קען נישט זעלבשטענדיק טראַכטן און קען נישט זעלבשטענדיק עפּעס טאָן.

אַלץ וואָס דער מחבר הענגט אָן אויף אים, קליידט אים ווי אַ פראַק אויף אַ פלאָמפּ.

אויף זייט 712, ווען עוזר העשל באַגלייט זיין ערשטע פרוי, איידלען, קיין ארץ־ישראל, טראַכט וועגן אים איידל: זי האָט „ביז היינט נישט געקענט דערגיין וואָס אייגנטלעך ס׳פייניקט אים... זי האָט אים געוואָלט פרעגן, נאָר זי האָט גע־וווּסט, אַז די רייד זיינען אומזיסט. ער׳ט זאָגן דאָס, וואָס וועט אים גראָד איינפאַלן. אָדער אפשר ווייס ער אַליין אויך נישט?״...

יאָ, ער ווייסט אַליין אויך נישט. און ענטפערן ענטפערט ער (און טראַכטן טראַכט ער און טוען טוט ער) נישט וואָס עס פאַלט אים גראָד איין, נאָר וואָס עס פאַלט גראָד איין דעם מחבר, וואָס ווייס נישט וואָס צו טאָן מיט אים. טאָן לאָזט ער אים דאָס, וואָס ער לאָזט טאָן אַנדערע העלדן זיינע (אַבראַמען, קאָפּלען אאַז״וו): זינקען אין זנות; אָבער בעת די אַנדערע טוען דאָס פּשוט, אָדער ריכטיקער: פּשוט זינלאָז, מוז עוזר העשל דאָס טאָן מיט אַ געהיימע־נישפּולער מינע ווי אַ „מאַרטירער״. ער איז אַ מין קאַריקאַטור אויף באַריישאָס טראַגישן „גייער״; ער איז אַ קריכנדיקער גייער.

זיינע מעשים זיינען פּונקט אַזוי מיאוס (און אפשר נאָך מיאוסער) ווי די מעשים פון די אַנדערע. באַשעוויס האָט ליב געניויקייט אין אַזעלכע תוך־זאַכן: ער דער־ציילט גענוי, אַז עוזר העשל „האָט זי גענומען אויפן שטול, אויפן ׳קאַרפּעט׳, אויף דעם מאַנס בעט״. און דערביי זיינען זיינע מעשים נודנער פאַר די מעשים פון די אַנדערע, צוליב זייער באַגלייט זיין מיט טיפזיניקער קוועטשעניש.

אָבער נישט נאָר זיינע ראָמאַנען זיינען נודנע־סענטימענטאַל, אָן עכט בלוט און אָן עכט פליייש, נאָר אויך זיינע טראַכטעניש וועגן שפּינאָזאָן הייבן ביסלעכווייז אָן צו ווערן נודנע — דאָס ערגסטע וואָס עס קען טרעפן מיט אַ בוך.

און נודנע ווערן זיי דערפאַר, ווייל דער לייענער בעמט זיי פילן ווי אַ פּוסטן פּזמון, וואָס ווערט צוגעטשעפּעט פון דרויסן, ווי אַ רעפריין פון אַ פרעמד לידל, וואָס געהער נישט צום טעקסט.

*

אין סך־הכל: אין בוך איז דאָ לירישע שיינקייט און אינטעלעקטועלער געווירץ, אָבער די דאָזיקע עלעמענטן זיינען איזאָלירט פון בוך ווי אַ גאַנצן; זיי לויפן מיט פּאַראַלעלע ליניעס, זיי מישן נישט אויס אָרגאַניש זייער איידעלע שבת־יומטוב־דיקייט מיט זיין מגושמדיקער, זינלאָזער וואָכעדיקייט.

אין דעם בוך זיינען דאָ הונדערטער פּרטים, וואָס האָבן לחלוטין נישט קיין

שייכות צום גאַנג פון דער דערציילונג, און זיי זיינען בלויז אַ רעזולטאַט פון קנאַקן מיט דער צונג (מיט דער פעדער) מיט אַ שנעלקייט פון אַ עקספּרעס, וואָס לויפט, אָבער נישט אויף די ריכטיקע רעלסן, און במילא פירט ער נישט צו אַ ציל, צו אַ באַשטימטן ציל.

לאָמיר פון די הונדערטער ביישפּילן פון סתם־שרייבן, ברענגען אַ צוויי מוסטערן:

אויף זייט 63 פירט אַבראַם עוזר העשלען צו אַ סטאַנציע:

„ביים עק פּשעיאַזד האָט די דראָשקע זיך גענומען אָפּשטעלן. אַ וואָגן מיט האָלץ האָט זיך געהאַט איבערגעדרייט און אָפּגעהאַלטן דעם פאַרקער. לענגויס דער לעשנע איז געשטאַנען אַ גאַנצע שורה מיט אויסגעליידיקטע טראַמווייען. ס'האָט לאַנג געדויערט ביז מ'האָט אָפּ־גערייניקט דעם וועג. די דראָשקע איז צום סוף געבליבן שטיין אויף דער שוויענטאָיערסקע".

צו וואָס דאַרף מען האָבן אָט דעם פּרט מיט דער פור האָלץ, אויב ער דינט נישט דעם גאַנג פון דער דערציילונג, ווייל עס געשעט גאָר נישט צוליב דעם? סתם כדי אָנצוּוואַרפן אַ שרעק מיטן רעאַליזם?

וואָלט נאָך די באַשרייבונג פון דער נישט־נייטיקער סצענע געווען קאָלירפול, וואָלט מע זי נאָך געווען געקענט באַרעכטיקן מיטן קינסטלערישן שפּיל־אינסטינקט, מיט איר זעלבשטענדיקן שריפטשטעלערישן ווערט; אָבער אָט דעם זעלבשטענדיקן שריפטשטעלערישן ווערט פאַרמאָגט זי לחלוטין נישט; זי האָט נישט נישט קיין גוף און נישט קיין נשמה, — סתם אַן איבעריקער באַלאַסט.

און אַ צווייטער ביישפּיל, פון קאָפּלס לוויה:

„צווישן די מלווים האָט זיך געפונען אַ גרויהאָריקע פרוי מיט אַ טונקל פלאַטשיק פּנים און קאַלמיקישע אייגעלעך. לאה האָט זי דער־קאַנט. ס'איז געווען די שוואַרצע מאַניע, ר' משולמס געוועזענע דינסט. ווי אַזוי זי האָט זיך דערוווּסט פון קאָפּלס טויט איז געבליבן פאַר לאהן אַ רעטעניש".

פאַר אונדז אויך. אָבער אַ רעטעניש וואָס אינטריגירט אונדז לחלוטין נישט.

די שוואַרצע מאַניע איז איבעריק געווען (ווי אַ סך פאַרשוינען אויפן יאַריד פון דער „פאַמיליע מושקאַט") אַפילו ביים שילדערן ר' משולם מושקאַטס באַלעבאַ־טישקייט; אָבער זי איז שוין גאָר איבעריק געווען, ווען באַשעוויס האָט זיך צום סוף דערמאָנט אָן איר און זי צונויפגעפּאָרט מיט קאָפּלען און אַבראַמען (דעם טומלדיקסטן און אָפט זינלאָזסטן פאַרשוין אין בוך) אויף אַ ווילד־נאַרישן און עקסטרעם־אָפּשטויסנדיקן אופן. איז דאָס נאָך געווען ווייניק — ברענגט זי באַשעוויס אַראָפּ אויף דער לוויה.

די צונויפפאַרעניש פון דער שוואַרצער מאַניע מיט קאַפּלען און — באַזונדערס — מיט אַבראַמען האָט כאָטש צוגעגעבן נאָך אַ ביסל זנות, וואָס האָט, מיסתמא, פונקט אויסגעפּעלט אויף אַ „פּאַרוועַרטס"־דף־יומי פון דער מסכתא „נקבות", אָבער וואָס גיט צו דעם בוך מאַניעס זיין אויף דער לוויה?

וואָס זאָג איך — „איר זיין אויף דער לוויה"? זי איז דאָך גאָר נישטאָ דאָרט, פונקט ווי קיינער איז דאָרט נישטאָ, פונקט ווי די לוויה איז בעלעטריסטיש גאָר נישט פאָרגעקומען — באַשעוויס ראַפּאָרטירט אונדז בלויז שנעל אָפּ וועגן דער לוויה. און נישט נאָר אָן דעם ראַפּאָרט וועגן דער שוואַרצער מאַניע וואָלט געווען דאָס זעלביקע, נאָר אָן דעם גאַנצן לוויה־ראַפּאָרט בכלל וואָלט אויך געווען זיין דאָס זעלביקע.

ער גיט בלויז צו נאָך אַ פּאָר טראָפּנס איבעריקע רייד אין דעם ים איבעריקע רייד, וואָס פליסן אָן אַ שריפטשטעלערישער וויזיע, וואָס נאָר זי קען קאָאָרדינירן פּרטים (די קלענסטע) אין אַ זינפולער אָרגאַנישער גאַנצקייט.

פאַראַן אין דעם בוך נישט נאָר פוסטע, איבעריקע רייד; עס איז דאָרט דאָ אַ ים רייד, וואָס הגם פאַר זיך גופא זיינען זיי נישט פּוסט (און אַ מאָל אַפילו באַר־טייטפול), אָבער פאַרן דאַזיקן ווערק זיינען זיי איבעריק.

צי דאָס איז דערפאַר, ווייל אונדזער ליטעראַטור איז נאָך בכלל היפּנאָטיזירט פון איר בראשיתדיקער פאָלקלאָר־טענדענץ; צי דאָס איז צוליבן חורבן, וואָס שמידט צו דאָס געמיט פון די שרייבערס צום פאַרלוירענעם שטייגער (צוזאַמען מיטן שטייגער־טרעגער), — אָבער עס איז אומבאַשטרייטבאַר, אַז באַשעוויס האָט אין זיין ראָמאַן אין זיבעטן נישט נאָר די „פאָרווערטס"־דיעטע און נישט נאָר דעם גורל אָדער די גורלות פון דער מישפּחה מושקאַט, נאָר אויך (און אָפט מאָל — דער עיקר!) דעם פאָלקלאָר פון יידישן לעבן אין זיינע אַלע פאָרמען, פון שפּראַך ביז מינהגים, פון אָנטועכץ ביז אָבערגלויבנס און פאַרווייליגונגען.

די דאַזיקע אומצאָליקע שטעלן, וואָס אויב מע זאָל זיי אויסטיילן פונעם ראָמאַן, וועט מען אים פאַרקירצן אויף דער העלפט — געהערן צו די פעלערלאָזסטע אין בוך, זיי בילדן אַ מין ענציקלאָפּעדיע פאַר זיך, אָבער פאַרן בוך זיינען זיי אַ באַלאַסט, זיי לאָדן אים איבער, זיי ווענדן אָפּ די אויפמערקזאַמקייט פונעם מחבר פון דעם עיקר — פון דער גורלות־סיסטעם פון זיינע העלדן — און מע זעט ווי ער פאַרלירט זיך אין די פאָלקלאָריסטישע פּרטים, זיי זאָלן זיין וואָס פולער.

די באַשרייבנדיקע שטעלן זיינען על־פּי־רוב גוט, בעת די דיאַלאָגן זיינען מייסטנס זייער שוואַך און פלאַך. כמעט יעדער דיאַלאָג, וואָס קומט נאָך אַ באַשרייבונג, איז פאַר באַשעוויסן אַ טיפע ירידה פון זיין שריפטשטעלערישער מדרגה.

פאַראַן דיאַלאָגן, וואָס עס איז אַ חרפּה זיי צו לייענען. אַזאַ (איינער פון די ערגסטע) אין דער שמועס צווישן אַבראַמען און זיין טאָכטער סטעפע אויף די זייטן 167—168. טאַלענטלאָזער שונד!

נישט בעסער — און נישט ווייניקער זינלאָז פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט — איז דער שמועס צווישן עוזר העשלען מיט דעם שענק־באַלעבאָס. עוזר העשל גייט צום ערשטן מאָל אַריין אין אַ שענק, באַשטעלט עפּעס, נעמט דער באַלעבאָס און שטעלט תיכף ומיד דעם קונה די פראַגע, פאַר וואָס ער גייט נישט קיין פּאַלעס־טינע. שוין איין מאָל אָפּגעהיט די רעאַליסטישע וואַרשיינלעכקייט!

אָבער נאָך ערגער איז דער קורצער דיאַלאָג צווישן זיי! (זז׳ 175—176). עס האָט דעם טעם פון אַ שלעכטן וויץ.

און אָט דאָס דאַרף איבערגעבן די אַטמאָספער פון דער עפּאָכע און עוזר העשלס ייִד־איבערלעבונגען! (אַגב: ווי אַלץ וואָס עס קומט פאָר מיט עוזר העשלען, ווערט אויך דאָס שפּורלאָז פאַרשוווּנדן: זיין שאַטנדיקע נעפּלהאַפטיקייט שלינגט עס איין).

עס איז אוממעגלעך נישט אונטערצושטרייכן די קלישע־אַרטיקע סענטימענ־טאַלקייט פונעם בוך: אַלעמען האַלטן כסדר אין איין קומען די טרערן אין די אויגן (מיט דער באַגלייט־דערשיינונג פון שנייצן די נעזער. אַ שרעק, וויפל מע צעשנייצט דאָרט די נעזער!).

די פּסיכאָלאָגישע דורכדרינגלעכקייט פון אָן אַ שיעור פּרטים קען נישט באַ־שטריטן ווערן, אָבער זיי גייען נישט אַרויס פון זייער עפּיזאָדישער עקסיסטענץ. זיי העלפן נישט אויפצובויען די געשטאַלטן, זיי העלפן נישט אַז מיר זאָלן זיי זען אינטים, אין זייער אינערלעכן לעבעדיקן מהות.

זיי קענען דאָס נישט באַוויזן דערפאַר, ווייל דער מחבר רעדט צו פיל, און די טרעפלעכע פּסיכאָלאָגישע באַאָבאַכטונגען ווערן נייטראַליזירט דורך זיין געיעג נאָך ביליקן סענטימענטאַליזם.

לאָמיר נעמען פאַר אַ ביישפּיל קאַפּלען.

דער דאָזיקער האַלבער אונטערוועלטניק און גאַנצער גראָבער יונג, דרייט זיך אַרום ביינאַכט און זוכט אַ נקבה. דערזעט ער לעבן זיין האָטעל אַ מיידל, וואָס דרייט זיך אַרום. אָבער זי איז אָנגעטאָן נישט ווי אַ „פּראָפעסיאָנעלע". אָן אָנפאַנ־גערן, מיסתמא, גיט אַ טראַכט קאַפּל. און ער נעמט ווייטער טראַכטן וועגן איר שוין נישט נאָר ווי וועגן אַ צוגעשיקטער מציאה, נאָר אויך וועגן דעם — אפשר זאָל ער חתונה האָבן מיט איר, כדי זי צו ראַטעווען פון פאַרשטייענדיקן גורל?

און באַלד ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז גאָר זיין טאָכטער, וואָס וואַרט אויף אים, כדי אים צו פאַרבעטן אויף איר חתונה.

איך בין אייך מוחל די גאַנצע „פאַרווערטס"־קאָנסטרוקציע פונעם גראָב־צוגעטראַכטן עפּיזאָד; אָבער דער „נאָבעלער" געדאַנק פון קאַפּלען (אַזוי מילכיק־לעבלעך), איז פּונקט אַזוי מעגלעך פאַר אים, ווי פאַרשטעלן זיך אים אַ פּאַרטיפּטן אין איינשטיינס טעאָריעס... ביי שלום אַשן אין „מאָטקע גנב" וואָלט אַזאַ עפּיזאָד כאָטש פאַרמאָגט עכטע סענטימענטאַלע וואַרעמקייט (פּריקרע וואַרעמקייט — אָבער

ווארעמקייט!); ביים טרוקענעם קלוגן באַשעוויס איז די סענטימענטאַלע נאַרישקייט פאַרביטן מיט ציניש׳ן חוזק. און דאָס איז אויף טריט און שריט. די הפקר־פּעטרושקע ווילדערישקייט, מיט וועלכער באַשעוויס שאַלטעוועט אין ראָמאַן, איז אָפט פּשוט אַן אַרויספאָדערונג פאַרן לייענער: האַלט ער אים טאַקע פאַר אַזוי ליטעראַריש־געשמאַק־לאָז תמעוואַטע, אַז מע קען שרייבן פאַר אים מיט אַ פעדער, וואָס ווערט געפירט פון ציניש׳ער באַציִונג צום וואָרט?

— עולם־גולם וועט אַלץ אַראָפּשלינגען! (די ייִדישע קריטיק אַוודאי!) — שטייט ווי אַנגעשריבן איבער אַ גרויסן טייל פון דעם ווערק, וואָס דער קלענערער טייל זיינער, ווו עס געפינט זיך דאָס זינפולע, סיי אין די באמת גורלדיק־געשיל־דערטע געשטאַלטן (דער ביאַלעדרעוונער רבי, ר׳ דן קאַצענעלנבויגן, דאַכע א״אַ), סיי אין וואַרפן פלעקן אינטעלעקטועלן ליכט אויף דער קאָלעקטיווער ייִדישער לאַגע, זיינען קינסטלעריש־ציכטיקע אינדזעלעך אין אַ ים פון ליטעראַריש־ביליקן און פסיידאָ־ליטעראַרישן שמוץ און אומזין.

און עס שאָקירט דערפאַר אַזוי שטאַרק, ווען מע געפינט, נאָך דער לעצטער שורה פון באַשעוויסעס ראָמאַן, די ווערטער „תם ונשלם״, — ווערטער וואָס מיר זיינען געוווינט צו געפינען ביים סוף פון הייליקע ספרים.

אמת, דער לעצטער אַקאָרד פון בוך געהער צו די, וועלכע וואָלטן באַרעכטיקט אַ „תם ונשלם״, ווען זיי וואָלטן נישט געווען אַזוי פאַרצווייפלט פאַראיינצלט, ווען זיי וואָלטן נישט געווען קיין הייליקע אַקאָרדן אין אַ שיכורן יאַריד־קאָנצערט.

*

דאָס וואָס באַשעוויסעס בוך קען באַטראַכט ווערן ווי אַ גרויס ליטעראַריש ווערק, איז אַ סימן־ירידה פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

עס זיינען ביי אונדז שוין באַלד אין גאַנצן פאַרווישט געוואָרן די גרענעצן צווישן שעפערישן וואָרט און פוסטער ליטעראַרישער בעל־מלאכהשאַפט.

אונדזער ליטעראַרישער גומען איז אַטראָפירט, ער פילט מער נישט קיין אמתן טעם אין דעם וואָס ער קייט.

מיר טרעטן אַריין אין פעריאָד פון כאַאָס, אין פעריאָד פון ליטעראַרישן הפקר־פעטרושקע־צושטאַנד.

אין אַזאַ צייט צעוואוּכערן זיך די ווילדגראָזן און שמעקנדיקע פלאַנצן האָבן נישט קיין אָרט ווו אויסצורייפן. זיי ווערן דערשטיקט אין וואָרצל.

און וועגן אויסיעטן קען קיין רייד נישט זיין: פאַר קיין שום זאַך ווערט דער מיט ווילדגראָז צעוואוּכערטער וואָרט־גאָרטן אונדזערער אַזוי נישט געהיט, ווי פאַר אַ האַנט וואָס איז גרייט אויסצויעטן דאָס ווילדגראָז.

מעלבורן, 1953

# מרדכי שטריגלער אין ליד און פּראָזע

## א

## „אין אַ פרעמדן דור"

מרדכי שטריגלער: „אין אַ פרעמדן דור", לידער און פּאָ־
עמען, פאַרלאַג „יידישער פאָלקס־פאַרבאַנד", פּאַריז, 1947

עס איז שווער אָנצוהייבן ווידער דעם קאַמף פאַר ליטעראַטור, בעת דאָס גאַנצע לעבן אונדזערס איז געוואָרן איין גרויסער קאַמף פאַר דער פּשוטער פיזיש־נאַציאָנאַלער עקסיסטענץ.

אמת, איך ווייס אַז ליטעראַטור איז אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פון לעבן, אַז זי האָט געשפּראָצט אַפילו צווישן די לעבעדיקע טויטע אין די געטאָס און אין די לאַגערן (און דער מענטש בכלל און דער יידישער מענטש בפרט מעג שטאָלצירן מיט דעם), און דאָך איז בכלל שווער זיך צו פאַרנעמען היינט מיט ליטעראַטור, בפרט מיט רעצענזיעס, וואָס רייצן אַזוי אונדזערע אומגליקלעכע, טראַגישע שרייבערס. רעצענזיעס זעען ביי אונדז אויס ווי געשפּענסטער, וואָס דערמאָנען אין טויט: רעצענזיעס זיינען דאָך שוין אַוודאי באַשטימט פאַר לייענערס.

*

צווישן די ביכער וואָס ליגן ביי מיר נישט רעצענזירט, געפינט זיך אויך דאָס בוך פון מרדכי שטריגלער. דאָס ערשטע בוך פון אַ דיכטער, וועלכער איז אויסגעפאָרמירט געוואָרן ווי אַ דיכטער ד אָ ר ט, אין די טויטנלאַגערן.

דאָס ערשטע יידישע וואָרט, וואָס איך האָב געלייענט אין שאַנכיי נאָך דער מילחמה, איז געווען שטריגלערס פּאָעמע: „דער לעצטער ייד אין געטאָ", און זיין אָפענער בריוו צו לייוויקן אין „צוקונפט" פון אויגוסט (אַזוי דאַכט זיך מיר) 1945.

שטריגלערס בריוו האָט געהאַט אין זיך אַן אומגעהייערע אויסדרוק־קראַפט; זיין פּאָעמע האָט מע נישט געקענט מעסטן מיט אַ ליטעראַרישער מאָס (מ'האָט דאָס דאַן נישט געקענט, און מע קען דאָס נאָך אויך איצט נישט), אָבער איך האָב בלויז

דערפילט, אַז כ׳וואָלט געוואָלט לייענען סיי דעם פּאַקט פון „דער לעצטער ייִד אין געטאָ“, סיי אַלץ וואָס שטריגלער האָט צו דערציילן אין דער אוממיטלבאַרער פּראָזע פון זיין בריוו צו לייוויקן, און נישט דורך דעם צווישנשיכט פון דער פּערז־פּאָרעם.

זינט יענעם איינדרוק האָב איך, אויף וויפל מיר איז דאָס מעגלעך געווען, געגומען נאָכפּאָלגן שטריגלערס ליטעראַרישע אַרבעט.

איך האָב געלייענט זיין בראָשור „צו דער געראַטעוועטער ייִדישער יוגנט“ — ביז גאָר רייף געטראַכט און רייף געשריבן; כ׳האָב געלייענט פון צייט צו צייט אַרטיקלען אין טאָג־צייטונגען — גוט ביז גאָר: אַ דרייסטער, פרישער געדאַנק, קליינע טאָג־געשעענישן ווערן געזען אין אַ געהעריקער טיף־מענטשלעכער, טיף־נאַציאָנאַלער פּערספּעקטיוו; און כ׳האָב אויך געלייענט — אין „צוקונפט“ — זיינע אַ פּאָעמע וועגן די ייִדישע שקלאַפן אין דער סקאַרזשיסקער אַמוניציע־פאַבריק, אַ שוידערלעכע כראָניק, וואָס פאַרקוקט טיף אין דער אינערלעכער וועלט פון מענטשן, וואָס האָבן תמיד דעם טויט פאַר די אויגן, און כ׳האָב ווידער געהאַט דאָס געפיל: דאָס דאַרף דערציילט ווערן אין דער אימפּעטיק־נערוועזער, דיכטעריש־וויזועלער פּראָזע פון זיין בראָשור צו דער יוגנט.

כ׳האָב, אמת, אויך געלייענט שטריגלערס אַן אַכטשורהדיק ליד אין דער „צוקונפט“, אונטערן נאָמען „צו דיר“ —

צו דיר האָב איך נישט יענעם באַגער פון זינד,  
וואָס צינדט דאָס לייב און ברענט די גלידער;  
איך קוש דיך בלויז ווי אַ ייִדנקינד  
מיט אויגנגלאַנץ וואָס כ׳האָב באַגעגנט ווידער.  
דער נר־תמיד אין דיינע אויגן בלויז  
בויגט מיין שטאָלץ און קניט מיך אַנידער,  
און כ׳קוש דיך — ווי אַ פאַרבלוטיקט אות  
פון אַ צעפליקטן מאַמע־סידור...

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אַ צוויי־דריי שורות פון די אַכט האָבן שוואַכע פּונקטן, פילט מען דאָך, פון די אַלע אַכט שורות צוזאַמען, אַז דאָס האָט געדאַרפט און געקענט אויסגעדריקט ווערן נאָר אין אַ ליד. די לעצטע צוויי שורות, די נשמה פונעם ליד, זיינען אַזוי רייך אין אַסאָציאַציעס, אין שטימונג־אַקומולאַציע, ווי די בעסטע מוסטערן פון דיכטונג...

*

אָבער אָט ליגט שוין ביי מיר הדשים־לאַנג שטריגלערס בוך לידער און פּאָע־מעס „אין אַ פרעמדן דור“ און כ׳לייען ווידער און ווידער די לידער פון די כראָ־ניקעס און כ׳האָב נאָך אַלץ קיין מיינונג נישט וועגן זיי.

די טעמעס — געוואַלדיק; און איבערגעלעבט האָט דער דיכטער — אַ ים; און אַריינגעבליקט האָט ער אין דאָזיקן ים טיף, מיט בײדע אויגן — פון אַ דיכטער און בעל־מוח; און כ׳קען שוין דאָס בוך אַזוי גוט און נישט נאָר כ׳קען נאָך אַלץ נישט שרייבן קיין רעצענזיע, נאָר פאַר זיך אַליין קען איך נישט אַרויסטראָגן קיין אורטייל.

און די שולד, דאַכט זיך מיר, ליגט דאָס מאָל נישט אין מיר.

דער אינהאַלט, וואָס ליגט אין בוך און וואָס שטייט נאָך הינטער דעם מחבר, איז צו גרויס פאַר אַ ליטעראַרישער מאָס, — אַבסאָלוט צו גרויס. דאָס ליטעראַרישע מוז דאָ זיין באַטייליקט דיסקרעט, אומבאַמערקט, — מען זאָל לייענען און גאָר נישט מערקן, אַז ווערטער דריקן דאָס אויס. און דאָ מערקט מען צו אָפט און צו פיל אַז מע לייענט.

דאָס האָבן מיך געלערנט די צוויי פּראָזע־פראַגמענטן, וואָס געפינען זיך אין בוך: דער אַריינפיר צום גאַנצן בוך — „פון מחבר״, און דער אַריינפיר צו דער אָפּטיילונג „פון אונדזערע טעג״.

אָט די פאַרבלאָנדזשעטע זייטלעך פּראָזע, וואָס האָבן מיך דערמאָנט דעם בריוו צו לייוויקן, האָבן מיר געגעבן מער פון דעם, וואָס שטריגלער האָט צו זאָגן, ווי זיינע כראָניקעס אין פערזן. דאָ ווערן טאַקע אויפגעבראָכן „אַלע צוימען״, ווי דער מחבר זאָגט אַליין, און מיר געפינען זיך צוזאַמען מיט אים אין שטראָם, און מיר פילן נישט די ליטעראַטור, הגם זי צעריבערט עס אַרויס אין שטריגלערן די געהעריקע ווערטער און זי פאַרמיטלט אונדז זיינע געפילן און געדאַנקען סוגעסטיוו, אומִמיטלבאַר.

אָבער אין די כראָניקעס, ווו ער וויל זיין געניי, שטערן די צוימען, — די צוימען פון די פערזן און די צוימען פון די געמאָסטענע (הגם נישט אַזוי שטרענג) שורות, וועלכע לאָזן אונדז אויף קיין איין מינוט נישט פאַרגעסן, אַז מיר האָבן פאַר זיך ליטעראַטור, און הגם עס איז צו גרויס פאַר איר מאָס, ווילט זיך זי מעסטן מיט איר.

און ווען איך באַגיי די קדושה־שענדונג און איך מעסט דאָס דאָזיקע הייליקע בוך מיט דער ליטעראַרישער מאָס, מוז איך זיך זאָגן, אַז די בעסטע פּאָעמעס אין אים זיינען די צוויי הקדמות.

איין גאָט ווייסט, אַז נישט איך בין שולדיק אין דער דאָזיקער שענדונג, נאָר די פּאָרעם, וועלכע שטריגלער האָט דער קדושה צוגעגעבן.

*

איך וויל דאָ נישט זאָגן קיין ליטעראַרישע מבינות (פּונקט ווי כ׳האָב דאָן, ביים לייענען שטריגלערס ערשטע פּאָעמע און שטריגלערס ערשטן בריוו, דאָס נישט געוואָלט), אָבער איך מוז איבערחזרן מיינע דעמאָלטדיקע ווערטער:

„די קאָמענטאַרן צו דיין אַלץ־אַרומפאַסנדיקן בריוו (צו ליזויקן — י. ר.) שרייב נישט אין פּערזן, נאָר אין דער אימפּעטיקער פּראָזע פון דיין בריוו צו ליזויקן. דאָס איז איצט דער נאַטירלעכער ריטעם פון דיין נשמה און דאָס איז די שפּראַך, אין וועלכער די טויטע דיינע און מיינע און אונדזערע אַלעמענס טויטע ווילן האָבן די פאַרקערפּערונג פון זייער מיליאָנענפאַכער גלגולתא".

אין שטריגלערס פאָרוואָרט צו זיין בוך פרעגן אים די שאָטנס:

... „ווייסטו כאָטש וואָס דו האָסט צו טאָן?" פרעגן מיך זייערע שאָטנס... „כ'וויים!" שריי איך אויס אויפן מיטן וועג צום אויפוואַכן... און איך שריי אויף זיך אַליין, אויף די אייגענע, אומקלאָרע מחשבות... די געשטאַלטן זייערע דערשרעקן זיך און נעמען צעפליען... איינעם נאָכן אַנדערן זע איך זיי זיך צעגיסן דורך דער לופט ביים פענצטערל. און אין קליינעם חדרל לאָז איך זיך אויף מיין וויטן דערנער־וועג פון שרייבן...

און איך וויל פרעגן שטריגלערן די זעלביקע פראַגע, וואָס די שאָטנס זיינע:

...ווייסטו כאָטש וואָס דו האָסט איצט צו טאָן?

טאַקע דערפאַר וואָס מ. ש. איז אַ דיכטער און ער פילט אַזוי שטאַרק די אחריות און די לאַסט פון שרייבן אַזוינס, מוז ער זיינע כראָניקעס לאָזן פליסן אין אוממיטלבאַרער פּראָזע, ווו די דיכטונג זיינע וועט טאָן איר הייליקע שליחות אומבאַמערקט און אונז משתתּף זיין צו דער וועלט פון די שאָטנס.

שאָטנס דערשרעקן זיך נישט נאָר פאַר געשרייען, נאָר אויך פאַר דעם ליאַרעם פון גראַמען.

אַ גוטער אימפּעטיקער דיכטער שטערט אַליין, דאַכט מיר, זיין שליחות דורך טאַמעוועך זיין דיכטערישן שטראָם דורך די אָפּטע גראַם־גרענעצן.

„זאָלסט דערציילן, — זאָגט צו שטריגלערן דער גייסט פון מענדל מוסרניק, — וואָס ס'איז געשען... דערצייל דעם עבר אַזוי, אַז מען זאָל דעם עתיד באַגרייפן! שריי נישט, נאָר דערצייל, באַמי זיך קלאָרע דיבורים צו ריידן אַזוי לאַנג, ביז דיין געשריי וועט פון זיך אַליין נישט אַרויספּלאַצן"...

ווען דער געשריי און דער זיפץ וועלן אַרויספּלאַצן, וועט אפשר שטריגלער, זיכער אַ דיכטער, שאַפן אַן אַנדער בוך לידער און פּאָעמעס.

דיכטונג איז געמאַכט געוואָרן פאַר קאָנדענסירטע געשרייען אָדער פאַר קאָנ־

דענסירטן זיפצן; אָבער דערציילן — בפרט אַזוינס וואָס ער האָט צו דערציילן — דאַרף מען, לויט מיין געפיל, אין פּראָזע. בפרט ווען מע קען שרייבן אַזאַ פּראָזע ווי שטריגלערס.

1948

ב

# „מאַידאַנעק"

מרדכי שטריגלער: „מאַידאַנעק" בוך איינס פון ציקל „אויסגעברענטע ליכט", פאָרוואָרט פון ה. לייוויק, פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום" בוענאָס איירעס 1947.

אַז מען זאָגט דאָס איינע וואָרט „מאַידאַנעק", ווייסט מע דאָך שוין אַלץ, אַלץ: דאָס דאָזיקע וואָרט איז דאָך כולל אין זיך נישט נאָר דאָס, וואָס לאָזט זיך באַשרייבן פון מאַידאַנעק, נאָר אויך דאָס אומבאַשרייבלעכע פון דעם דאָזיקן שרעקלעכסטן באַגריף אין דער מענטשלעכער שפּראַך. שטעלט איר אַוועק איינס נעבן צווייטן די צוויי ווערטער־באַגריפן: „קין" און „מאַידאַנעק", — באַקומט „קין" דעם קלאַנג ווי פון כמעט אַ צערטל־נאָמען.

איז וואָס, אייגנטלעך, איז דאָ צו שרייבן וועגן אַזאַ בוך? ס'איז דאָך געווג איבערצושרייבן די אַכט מוראדיקע אותיות מ־אַ־י־ד־אַ־נ־ע־ק און אַלץ איז דאָך שוין געזאָגט, אַלץ.

און דאָך וועלן פאַרגיין יאָרצענדליקער און מענטשן וועלן נישט אויפהערן צו שרייבן ביכער וועגן מאַידאַנעק, און ס'וועלן פאַרגיין דורות און מ'וועט נישט אויפהערן צו שרייבן וועגן די פאַרעפנטלעכטע מאַידאַנעק־ביכער.

מיר וועלן נישט אויפהערן — מיט שרעק און ווידערווילן, אָבער אויך מיט די געפילן פון פליכט און ליבע — אַריינצודרינגען אַלץ טיפער און טיפער אין די פינצטערע תהומות פון מאַידאַנעק, הגם מ'קען זיין זיכער, אַז אויך נאָך דורות שרייבן און פאָרשן, וועלן בלייבן נאָך נישט אַנטפּלעקט אומצאָליקע אָפּגרונטן, מאַידאַנעק־אָפּגרונטן, וואָס אַז דער באַוווּסטזיין פאַרטשעפּעט זיך בלויז אָן אַ ראַנד פון איינעם פון זיי, ווערט ער קאָפּשווינדלענדיק און נעמט זינקען, זינקען.

דאָס דאָזיקע זינקען קען מע גאָר נישט נאָכקאָנטראָלירן מיטן קלאָרן באַוווּסט־זיין, — ווייל דער שטאַרקסטער באַוווּסטזיין ווערט באַוווּסטלאָז ביי דער בלויזער אָנוּנג פון אַזאַ זינקען.

„מאַידאַנעק" זאָגט אַלץ, און דערפאַר אפשר אַזוי ווייניק. אויך מאַידאַנעק

זעט נישט יעדער מיט די זעלביקע אויגן. אַלע פילן אַז „מאַידאַנעק“ איז די שטאַרק־סטע גראַדאַציע פון שוידער, אָבער נ י ש ט י ע ד ע ר ווייס ק ל אָ ר, מיט אַלע פרטים, אין וואָס דער דאָזיקער שוידער באַשטייט.

און אַוודאי און אַוודאי קען נישט יעדער איינער לאָזן וויסן אין דער מענטש־לעכער שפּראַך, וואָס עס איז אַזוינס מאַידאַנעק.

און עס איז, אגב, נישט קיין מעגלעכע אויפגאַבע פאַר אַ יחיד.

*

פון אַלע, וואָס האָבן ביז איצט געשריבן וועגן מ אַ י ד אַ נ ע ק (ווי דאָס זאָל געאָגראַפיש נישט הייסן), זעט מ. שטריגלער טיפער, אַלזייטיקער, פשוט־מענטשלעכער אָדער קינסטלערישער, ווי עס ווילט זיך נישט באַנוצן אַזאַ וואָרט.

„די וועלט, אַפילו די יידישע“, — שרייבט שטריגלער אין זיין קורצן אַריינפיר צום בוך, — „ווייסט נאָך גאָר נישט פון דעם וואָס עס איז פאַקטיש פאָרגעקומען! און זי מוז עס וויסן! מיט אַלע פּיני־טעלעך...“

„ס'איז קיינעם נישט איינגעפאַלן“, — שרייבט שטריגלער אויף אַ צווייטער שטעלע פון פאָרוואָרט, — „אַז אויך איבער אונדזערע קדושים דאַרף מען שרייבן ווי וועגן מענטשן מיט בלוט און מיט פלייש, וואָס זייער מענטשלעך געשטאַלט בלויז איז געשענדעט געוואָרן טויזנט מאָל אַ טאָג...“

און אַז מע לייענט זיין בוך, זעט מען אַז שטריגלער פירט אויס זיין פּראָגראַם, וואָס באַשטייט אין „נישט דערציילן בלויז וועגן גבורהדיקע מעשים. ער וויל נישט בלויז דערציילן וועגן הימל־הויכע איינצל־פאַקטן“, נאָר „וועגן דעם אינערלעכן וויי, דעם טיפן פּסיכאָלאָגישן געראַנגל און אַזוי מענטשלעכן ווייטיק פון אַ דור אין שוידערלעכן פאַרגיין...“

*

כדי צו שרייבן מאָנומענטאַלע ביכער וועגן מאַידאַנעק, איז נישט נייטיק קיין קינסטלערישער טאַלאַנט. אַפילו די שטאַמלענדיקסטע כראָניק וועגן מאַידאַנעק איז מאָנומענטאַל, ווי מאָנומענטאַל עס זיינען די מענטשלעכע ליידן און די מענטש־לעכע שפלות, וועגן וועלכע זיי שטאַמלען.

אדרבא, די דאָזיקע נישט־קינסטלערישע שטאַמלעניש קען אין זיך פאַרמאָגן עפּעס אַזוינס, וואָס אין אַנדערע פאַלן פאַרמאָגט עס בלויז קונסט; די עקוויוואַלענץ פון דער פאָרעם לגבי דעם אינהאַלט.

היות די מענטשלעכע שפּראַך האָט נישט קיין ווערטער פאַר דעם, וואָס עס

איז געשען אין מאַידאַנעק, איז דער עקוויוואַלענטסטער אויסדרוק פאַר דעם אפשר שטאַמלעניש.

אַז דאָס איז בלויז איינע פון די מעגלעכע פאָרמען פון דער מאַידאַנעק־ליטעראַטור, אָבער נישט די איינציקע, באַווייזט שטריגלערס בוך, ווו דאָס אומבאַשרייבלעכע קומט אָפּט צום אויסדרוק דורך שלימותדיקע קונסט־קרישטאָלן. די מאַידאַנעק־דערפאַרונג איז דורך שטריגלערס קינסטלערישער נאַטור פאַרדייעט געוואָרן צו קונסט.

דאָס איז דאָס ערשטע כראָניק־בוך וועגן מאַידאַנעק, וואָס איז אָפּט — קריסטאַליזירטע קונסט.

איר האָט דאָ כראָניק, טראַנספאָרמירט אין קינסטלערישע סצענעס; איר האָט דאָ רעפּאָרטאַזש־פּערזאָנען, וואָס זיינען גלייכצייטיק — קינסטלערישע געשטאַלטן.

כראָניק־קאָשמאַרן זיינען דאָ געפורעמט אין קונסט אפשר דערפאַר, ווייל שטריגלער (ווי מערקווירדיק דאָס זאָל נישט זיין) האָט זיי נאָך אין רויען צושטאַנד אויפגענומען אי דירעקט, אין מיט אַ זייטיקן בליק פון אַ קינסטלער. די קונסט־טראַנספאָרמאַציע איז נישט בלויז אַ שפּעטערדיקע שיכט, אַ שפּעטערדיקע אויספורעמונג, — דער קונסט־פּראָצעס פון טראַנספאָרמאַציע האָט זיך שוין אָנגעהויבן בעת דער איבערלעבונג גופא.

דאָס איז ביי מיר נישט קיין רעצענזיע־קאָנצעפּציע, נאָר אַ פּילמאָליקער איינדרוק בעתן לייענען־איבערלעבן דאָס בוך.

אַזאַ איז די סצענע, ווי דער פאַרשטיקטער נקמה־דורשט רייסט זיך אַרויס אין קאָלעקטיוון שלאָגן מאָניעקן, דעם ייִדישן תליונדל אין מאַידאַנעק (זז׳ 79—82).

געוויס, שטריגלער האָט דאָס אָנגעשריבן אויף דער פריי, שפּעטער, אָבער דאָס קינסטלערישע קוקן פון דער זייט, אַפילו אויף דער הייכער מינוט, האָט שוין שטריגלער פאַרמאָגט אויך אין יענעם מאָמענט, אַנישט וואָלט ער דאָס אויך איצט נישט געווען געקענט איבערגעבן אַזוי פּלאַסטיש און פּסיכאָלאָגיש־טיף.

דאָס באַווייזט נאָר, אַז דער אינערלעכער מענטש קען זיך אין גאַנצן קיין מאָל נישט פאַרלירן: אויך דער טרוימער און דער קינסטלער אינעם מענטשן ווירקן אין די אומפּאַסיקסטע באַדינגונגען.

*

אויף זז׳ 217—220 גיט שטריגלער איבער אַן אימהדיקע געשיכטע, וואָס אַ מאַידאַנאַק־חבר האָט אים דערציילט.

און ווען דער דערציילער באַדויערט וואָס ער אַליין האָט זיך געראַטעוועט, פּרוּווט אים שטריגלער טרייסטן מיט דעם, אַז „מיט זיין ראַטעווען זיך האָט ער

אויפגעהיט אַן עדות־זאָגן, אַ באַפעל פון דער געשענדטער מענטשהייט נקמה צו נעמען..."

און יענער האָט זיך צעלאַכט: „דו רעדסט קינדיש! ווער וועט גלייבן? מ י ר וועלן נישט לעבן — וועלן מיר עס אַפילו פאַרשרייבן און דורך ניסים וועט אונדזער שריפט שפּעטער געפונען ווערן — וועלן די געפינערס אונדז באַטראַכטן פאַר משוגעים, וואָס האָבן אין דער אויסגעפייניקטער וויזיע געזען פאַרשיידענע קראַנקע דמיונות... ס'וועט קומען אַ „צניעותדיקע" מאָראַל און וועט איבער אַזעלכע דאָקו־מענטן אַרויפלייגן אַ פייגנבלאַט צו פאַרדעקן די נאַקעטע שאַנד..."

„...זע, זאָגט ער, דו ביסט אַ שרײַבער.. ווען דו אַפּילו בלײַבסט לעבן — וועסטו זיך שעמען וועגן אַזעלכע זאַכן צו שרײַבן... דו וועסט זוכן בלויז שײנע רײד און ניסים. דעם גרויען אמת וועסטו אָבער שטענדיק דערשטיקן; אָדער בלויז האַלב דערזאָגן..."

און שטריגלער גיט צו:

„...איז זײַן גוף שוין לאַנג צעפּוילט אין דער לײמיקער ערד פון דעם סקאַרזשיסקער שיס־שטאַנד. אָבער ווי עס לעבט נאָך דער אמת פון זײַנע ווערטער! אָט שעמט זיך מײַן פעדער צו פאַרצײכענען יענע מעשים, וואָס זײַנען מיט אונדז אָפּגעטאָן געוואָרן. און ווו נעמט מען כוח, בכדי דאָס אַלץ צו דערצײלן אָן בושה, אָן בושה?..."

איך האָב געמוזט ברענגען אָט דעם גרעסערן ציטאַט, ווייל ער איז אַזוי כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר שטריגלערס בוך! עס דאַכט זיך אָפט, אַז עס קומט פאָר אין שטריגלערן אַ קאַמף צווישן די ווערטער פון יענעם אומגעקומענעם (שטריגלער וויל גובר זיין די בושה) און צווישן דעם נאַטירלעכן געפיל פון בושה און פון געוויסהייט, אַז מען וועט סיי־ווי נישט גלייבן.

און יענער איז גערעכט געווען: מע וועט נישט גלייבן. אונדז איז דאָס אַפילו שווער צו גלייבן, מיר, וואָס גלייבן יעדעס וואָרט פון די שטריגלערס. מיר גלייבן, דאַכט זיך, און עפּעס אין אונדז גלייבט פאָרט נישט.

אויב די וועלט גלייבט נישט, ווייל זי איז גויִש און זי וויל זיך צוליב אַ „יידישן ענין" נישט אויפרעגן, גלייבן מיר נישט, ווייל מיר זיינען יידן און ס'איז אונדז כמעט אוממעגלעך פאָרצושטעלן זיך, אַז אַזוינס זאָל מעגלעך זיין.

איז דען טאַקע אמת די געשיכטע מיטן 12־יאָריקן קינד, ווען די נאַציס האָבן איבערגערעדט אויפצוהענגען זיינע עלטערן? (זז' 151—152).

איז דען טאַקע אמת די געשפענסטישע געשיכטע, וואָס גאַנץ עדגאַר פאָ און

דאָסטאָיעווסקי ווערן בלאָס לגבי איר, ווי מען הענגט ביינאַכט, אין באַראַק, מענטשן אין דער שטיל: אַלע ליגן און מאַכן זיך שלאָפנדיק, און יעדער איינער ווייס אַז מע קען באַלד אים נעמען צו דער תליה? (זז׳ 52—54 א״וו).

איך ווייס, אַז עס איז אמת, אָבער עס קען זיך נישט גלייבן. און דאָס זיינען נאָך ברעקלעך פון דעם, וואָס שטריגלער ווייס און האָט מורא צו דערציילן.

איז טאַקע אַ וווּנדער ווי אַזוי ער געפינט אין זיך קראַפט, ביי אַזעלכע אינער־לעכע העמונגען, קינסטלעריש צו פורעמען געשעענישן און געשטאַלטן און איבער־געבן די שטימונג אין אַזעלכע פאַלן, ווען טעאָרעטיש איז דאָס כמעט אוממעגלעך.

איז דען דער ווינער קאַפּאָ טאַקע בלויז אַ שטיקל כראָניק? ער איז דאָך גלייכ־צייטיק אַ פּערוועזע געשטאַלט.

און ווי שטאַרק (און קנאַפּ־וואָרטיק) ער גיט איבער דעם קאָשמאַר פון דער ערשטער נאַכט אין מאַידאַנעק (זז׳ 52—54).

און ווי ער גיט איבער „דעם טיפן פּסיכאָלאָגישן געראַנגל״ פון די מאַידאַ־נעק־מענטשן!

„... קלייבן מענטשן!... ביין, איר, וואָס זענט נישט געווען אין קיין געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן — איך וועט קיין שפּראַך אין דער וועלט נישט בכוח זיין צו דערקלערן, צו פאַרטייטשן וואָס דאָס באַטייט אַזוינס... אַ פעלשער אָדער אַ ליגנער וועט זיין יענער שרייבער, וואָס וועט זיך אונטערנעמען איך עס אין גאַנצן אָפּצוטייטשן... גאָר נישט: קלייבן מענטשן! און אַ לאַגער־מענטש ווייסט שוין מיט וואָס דאָס שמעקט, וואָס מע דערשפּירט ביים דערהערן אַזאַ קורצן אָנזאָג... טויט? ווער האָט דען אויף אים נישט געוואַרט? וועמען איז עס אויסגעקומען צו באַגעגענען צו אים און ער זאָל אים נישט אויפנעמען מיט אַ רויקן שווייגן, ווען ער האָט אים דערקענט אויף קלאָר!?... דער עיקר איז דאָך די אומבאַקלערטע אימה אַרום דעם נישט־דערזאָגטן אָנזאָג...״

און פּלוצלינג צעבליט זיך, דאָ און דאָרט, אין דאָזיקן טאָל פון אומגלויבלעכע קאָשמאַרן, אַ בלימל פון אַ נאָרמאַל מענטשלעך געפיל: שטריגלער כאַפּט עס אויף מיט זיין שטאַרקן קינסטלערישן חוש ביים ערשטן סימן פון צעבלי־ונג.

צווייי שכנותדיקע לאַגערן, אָדער לאַגער־פעלדער, לויט דער אוממענטשלעכער נאַצי־טערמינאָלאָגיע. מענטשן פון צווייטן פעלד זוכן קאָנטאַקט מיט מענטשן פון דריטן פעלד. מען וואַרפט אַריבער בריוועלעך, צוגעבונדן צו שטיינדלעך.

„דאָס איז געווען דער איינציקער ספּאָרט, וואָס האָט אַלעמען מיטגעריסן... — מ׳איז ממש מיטגעפלויגן מיטן בריוול־פּלי — הגם מ׳האָט דאָרט קיינעם נישט געהאָט. און ווען אַזאַ שטיינדל איז געבליבן אין מיטן וועג — האָט אַלעמען אַרומ־געכאַפּט אַ גרויסער צער... דערפאַר אָבער, ווען אַזאַ אַריבערגעוואָרפן פּעקעלע האָט זיך בשלום אַרויסבאַקומען און פריילעך אַ רויש געטאָן אויף דער ערד —

האָבן זיך צענדלינגער גופים דערויף אַ וואָרף געטאָן און לאַנג־לאַנג זיך דעריבער נעגלדיק געראַנגלט...

„ס׳איז דערביי כמעט נישט געווען קיין אונטערשייד צווישן אַ שטיקל ברויט, ווורשט אָדער אַ שטיקל פּאַפּיר מיט קוים מערקבאַרער בליי געשריבן... אדרבא, טייל מאָל האָט אַזאַ געשריבן ברייוול נאָך מער אויפגערייצט די קינאה צו די וואָס האָבן נאָך, ווער עס זאָל צו זיי שרייבן. דער גאַנצער עולם... האָט זיך איינגע־כמורעט אין אַ האַס, וואָס האָט בלויז געזוכט אַן אויסגוס-פּונקט, וואָס האָט שטיל זיך געלאָשן אין דעם אָפּרייסן אַ שטיקל פון פרעמדן כתב... אַנדערע זיינען גלאַט נאָך דעם געשטאַנען און געהאַלטן אַזאַ שטיקל פּאַפּיר צעטומלט, ווי אַן באַוווסטזיין... די פינגער האָבן געציטערט ווי אין פיבער, גלייך ווי זיי וואָלטן געוואָרט אַז פון די אותיות אַרויס זאָל אַריבערטראָגן איבער זיי די פאַרגעסן־היימישע וואַרעמקייט פון אַ נאָענטן, וואָס האָט דאָ איינגעגראָבן זיין לעצטן שפּליטער פון מישפּחה־געפילן...

„איך אַליין בין אָפּט צוגעגאַנגען אַהין זיך פּאַרכלינען מיט קינאה און מיט־פרייען זיך מיט פרעמדער הנאה: צו זען ווי אַזוי די לעצטע פונקען פון געוועזענע מישפּחות אין יידישן פאָלק פליען נאָך איבער די דראָטן, טליענדיק מיט דער אייזערנער עקשנות פון נישט וועלן פאַרלאָשן ווערן — — —

„ווער ס׳איז — ווי אַ זייטיקער — אין מיר האָט זיך נישט געוואָלט גלייבן און גלייכצייטיק זיך געפרייט:

— „יידן שרייבן נאָך בריוולעך צו עמעצן, אַפילו דאָ, אין מאַידאַנעק... יידישע בריוולעך ווערן נאָך געשריבן...״

אָט די אויפגעכאַפּטע לעצטע שפּורן פון מענטשלעכער אידילישקייט צעבליען זיך איין מאָל אין אַן אמתן גאָרטן אינעם שוידערלעכן מידבר פון דאָזיקן בוך.

דאָס איז אַ זעלטענע מינוט פון פרייהייט־אילוזיע: מע שלאָגט נישט אויף אַ סטאַנציע צווישן איין גיהנום און אַ צווייטן. און בחורים מיט מיידלעך מישן זיך אויס אין אַ שפּאַציר צווישן אַ מילדערער וואַלד. און בעז בליט. און אַ מיידל וויל בעז. און אַ יינגל קריכט אַרויף אויף אַ בוים, כדי אים אָפּצורייסן פאַר איר.

„ווי שנעל די חברה איז אַריבער אין זייערע יאָרן אַריין״, — גיט שטריגלער פּרעכטיק איבער די שטימונג אין דאָזיקן בילדלעכן זאַץ:

„אַרום און אַרום לאַכט דאָס גראָז... און די ביימער פון די אַרומיקע סעדער... דערציילן, אַז די וועלט בליט ווייטער און אַז עס שמעקן נאָך ווייטער די בעז־בלימעלעך... כאָטש — אָן אונדז... אָן אונדז... ווערט יונגוואַרג אויפגעוועקט. אַ טענצל צעלויפט זיך אין די בלוטן... יונגוואַרג נעמט ריידן הויך... פון איין זייט הערט מען אויך אַ הויכן לאַך... זיינען דאָס די זעלבע מענטשן, מיט דער פריערדי־קער אויסגעלאָשענער פאַרצווייפלונג, ד אָ ר ט ן?...״

יאָ, די זעלביקע מענטשן, ווי די מילדע וואַכלייט זיינען אויך די זעלביקע פון ד אָ ר ט ן.

און וועגן דער דאָזיקער קאָמפּליצירטער כעמיע פון מענטשלעכע שטימונגען דערציילט דאָס ערשטע בוך פון שטריגלערס ביכער־סעריע „אויסגעברענטע ליכט“.

*

דאָס בוך „מאַידאַנעק“ איז אַ כראָניק אַ קונסטווערק.

דעריבער ווילט זיך מיר מאַכן איין באַמערקונג, וואָס לגבי ווייניקער קינסט־לערישע כראָניקעס האָט נישט קיין זין זיי צו מאַכן.

שטריגלער איז, אָן ספק, אַ קרעפטיקער קינסטלער, אַ דיכטער. אָבער ער ווערט פון צייט צו צייט געשטרויכלט מיט אַן איבערפלוס פון בילדלעכקייט דאָרט ווו זי איז נישט נייטיק, ווו זי ברענגט שאָדן.

אויף זייט 23, אין אַ פאַרצווייפלונגס־מאָמענט, נעמט אַ הענדלער אין לאַגער צעדעפטשען דאָס קוישל אייער.

„פּלוצלינג — שפּרינגט ער אַריין אין קוישל... ביי די אייער ווערט אַ בהלה. איינס טוליעט זיך צום צווייטן, אויסגיסנדיק דערביי די געלע גאַל...“

דאָס איז גוט, לאָמיר זאָגן, פאַר אַ לוצקין, אָבער דאָ, אין דער ראַם פון שטריג־לערס ערנסטער, מיט עקזאַקטער בילדלעכקייט אָנגעלאָדענער פּראָזע, ווירקט עס ווי אַ דיסאָנאַנס. ווער האָט אויף דער דאָזיקער שטעלע געדולד צו די אויסגעטראַכטע געפילן פון די צעשלאָגענע אייער?

אויף די זייטן 84—85 באַשרייבט שטריגלער ווי הונגעריקע מענטשן עסן גראָז. פאַלט ער פּלוצלינג אַריין אין אַ פאַלשן טאָן. די גרעזלעך האָבן די ערשטע צייט גערופן:

— „נו, נעם מיך, עס מיך... אַבי קוקט נישט אויף מיר מיט אַזעלכע־אָ אויגן...“

אָבער שפּעטער:

„טאָמער האָט זיך אַפילו געטראָפן, אַז אַ יונג גרעזל האָט מיט נייגעריקער שרעק אַרויסגעשטרעקט אַ בלייך־גרין קעפל, איז עס באַלד פאַרשטאַרט געוואָרן פון דער אַרומיקער פּוסטקייט און ווי אַ פאַרבלאָנקעט קינד אויף אומבאַקאַנטע וועגן, ווי אַ שולדיקער געוואָרט אויף אַן אורטייל...“

דאָס געשעט נישט צו אָפט, אָבער פאַר די דאָזיקע סטיל־פלעקן דאַרף זיך שטריגלער היטן; באַזונדערס אין אַזאַ בוך ווי „מאַידאַנעק“, ווו דער אינהאַלט און די פאָרעם זיינען פון אַזאַ קוואַליטעט, אַז דאָס קלענסטע שפּרינקעלע טרעט שאַרף אַרויס.

מעלבורן, 1948

# אַ בוך וועגן אונדזער פּיין און זייער שאַנד

לייב ראָכמאַן: „און אין דיין בלוט זאָלסטו לעבן" (טאָגבוך 1943—1944). פאַרלאַג־קאָמיסיע ביי דער געזעלשאַפט „פריינד פון מינסק־מאַזאָוויעצק", פּאַריז, 1949.

קינדוויז פלעג איך גלייבן אין זייער אַ סך זאַכן. אָבער אין עטלעכע זאַכן איז שווער געווען צו גלייבן. למשל: אַז אַברהם אָבינו איז אַרויס לעבעדיק פון אַ קאַלכאויוון; אַז דניאל איז אַרויס לעבעדיק פון אַ לייבנגרוב. עס איז מיר שוין אַ סך לייכטער געווען צו גלייבן אַז בלעמס אייזל האָט אָנגעהויבן ריידן (היינט איז דאָך אָפּגערעדט, אַז איך גלייב דערין: די דערפאַרונג האָט מיר געוויזן, אַז דאָס איז גראָד שוין אַ צו אָפטע דערשיינונג. אמת, נישט אַלע אייזלען ריידן אַזוי קלוג ווי בלעמס, אָבער זיי ריידן...).

היינט, אָבער, ווען איך האָב אין אַזוי פיל זאַכן אויפגעהערט צו גלייבן, גלייב איך גראָד אין דעם, אַז מע קען אַרויסקומען גאַנץ פון אַ לייבנגרוב, און אַפילו פון אַ קאַלכאויוון.

אמת, מיליאָנען זיינען פון דאָרט נישט אַרויסגעקומען. אָבער יחידים יאָ.

איינער אַזאַ איז לייב ראָכמאַן, וואָס זיין בוך האָב איך נאָר וואָס געענדיקט לייענען.

*

דער ייִדן־טויט האָט אין די יאָרן 1940—1945 געהאַט אַזוי פיל פּנימער, אַז יעדער ייִד אין אייראָפּע האָט אים געזען אַנדערש. דאַכט זיך, דער זעלביקער היטלעריש־קריסטלעכער טויט, אָבער ער האָט פאַר יעדן געהאַט אַן אַנדער פּנים.

אַפילו די, וואָס זיינען געראַטעוועט געוואָרן, האָבן אים, דעם טויט, געזען אומאויפהערלעך: ער האָט זיך געשפּילט מיט זיי אין קאַץ־און־מויז. און אַנדערש איז דאָס גאָר נישט מעגלעך געווען: איז דאָך דער טויט געווען אומעטום פאַרן ייִדן, — אַפילו כדי אים אויסצומיידן, האָט מען אים געמוזט זען טויזנט מאָל אַ טאָג.

איין פּנים פון דעם דאָזיקן היטלעריש־קריסטלעכן טויזנט־פּנימדיקן טויט ווייזט אונדז לייב ראָכמאַן אין זיין בוך.

*

לייב ראָכמאַן איז געווען אין מינסק־מאַזאָוויעצקער געטאָ און אין אַ מינסק־מאַזאָוויעצקער אַרבעט־לאַגער. און אין זיין בוך דערציילט ער אונדז אויך ווי מ'האָט פאַרניכטעט די מינסק־מאַזאָוויעצקער יידן — צוערשט אין שטאָט, דערנאָך אין געטאָ, דערנאָך אין אַרבעט־לאַגער. אָבער אָט דער דאָקומענט איז בלויז אַ צוגאָב צו אַ סך אַנדערע ענלעכע דאָקומענטן. דער דאָזיקער טויט האָט כמעט אומע־טום דעם זעלבן פּנים, הגם מיט געוויסע אינדיווידועלע קניטשן, מיט געוויסע „חן"־פינטעלעך און „חן"־גריבעלעך.

דער עיקר והעיקר פון ראָכמאַנס בוך באַשטייט אין דעם, וואָס עס דעקט פאַר אונדז אָפּ מיט אַלע פּרטים אַ נאָך ווייניק באַקאַנט פּנים פונעם טויזנט־פּנימדיקן היטלעריש־קריסטלעכן טויט.

לייב ראָכמאַן, זיין פרוי און נאָך דריי מענטשן געהערן צו די „גליקלעכע", וועלכע זיינען לעבן־געבליבן אין באַהעלטענישן ביי פּויערים. אַכצן חדשים האָט דער טויט אַריינגעקוקט צו זיי דורך שפּאַרונעס פון באַהעלטענישן, וואָס חיות וואָלטן זיך געווען געפילט דעגראַדירט, ווען מע האַלט זיי דאָרט.

דאָס בוך איז אַ טאָגבוך, אַ גענויער טאָגבוך (אַ מאָל אַפילו אַ צו גענויער, מיט אָן אַ שיעור איבערחזרונגען ווי אין אַ טאָגבוך) פון 18 חדשים טויט־אַנגסטן, פון אַכצן חדשים פיזישער פּיין און מאָראַלישער דעגראַדאַציע.

ווי דאָס לעבעדיק־בלייבן פון יעדן יידן אין אייראָפּע, איז אויך דאָס לעבן־בלייבן פון דער דאָזיקער קליינער גרופּע אין אויסטערלישע קייט פון „ניסים", — אָנגעהויבן מיטן נס פון אַ פונק מענטשלעכער גוטסקייט ביי אַ פּוילישער „מומע" און ביי איר ברודער — אַ באַנדיט, איבער די ניסים פון לייב ראָכמאַנס איינפאַלן, זיין מוט און אַנטשלאָסנקייט (געכפּלט אויפן אינסטינקט, וואָס ווערט אָנגעשפּאָרנט פון זיין פאַרלאַנג צו ראַטעווען זיין יונגע פרוי, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט אין געטאָ, קורץ פאַר איר צעשטערונג) און ענדיקנדיק מיט אַ גאַנצער ריי גליקלעכע צופאַלן, וואָס האָבן נישט — ביי טראַגישע באַדינגונגען — קיין אַנדער נאָמען ווי „ניסים".

*

אַ חוץ דער פּערזענלעכער פּיין־עפּאָפּייע פון פינף מענטשלעכע קראָטן, איז דאָ אין בוך נאָך אַ פּיין־עפּאָפּייע — פון יידישן כלל.

די פּויערים, ביי וועלכע זיי באַהאַלטן זיך אויס, ברענגען אַ מאָל צו טראָגן אַ גרוס פון יידישן כלל, דאָס הייסט — פון זיין גורל. און דאָס, ווי אַזוי דער היימיש־קריסטלעכער אַרום נעמט אויף דעם גורל פון יידישן כלל (אַפילו ווען ער, דער אַרום, איז פּאַסיוו) באַווייזן די פינף יידישע לעבנפונקען אין קריסטלעכן ים — זייער לאַגע, וואָס דניאלס אין לייבנגרוב איז געווען אַן אידיליע קעגן איר, און אַברהמס אין קאַלכאויוון — אויך.

ווי שלעכט, גלייכגילטיק־טעמפּ, גיריק און גרויזאַם עס קענען ווערן און עס זיינען אַפילו די בעסטע צווישן זיי!

יאַנעק, איינער פון די „גוטע", דער ברודער פונעם בעסטן, דעם באַנדיט און גנב, איז געווען אין וואַרשע און ער דערציילט די באַהאַלטענע ייִדן נייעס.

אָט איז אַ מוסטער אי פונעם ייִדישן גורל ביי די פּרעמדע קריסטן, אי ווי די היימישע קריסטן נעמען עס אויף:

— „וואָס, ס'דאַכט זיך, אַז עס זיינען שוין גאָר קיין ייִדן נישטאָ? — אָ, עס זיינען נאָך דאָ פיל. יעדן טאָג געפינט מען פרישע... איצט האָט מע זיך שוין גענומען צו זיי...

„כ'האָב אַליין אַ מאָל געהאַט געזען, ווי פון אַ קאַנאַל־לאָך אויף דער ווילטשע גאַס זיינען אַרויסגעקראָכן צוויי קינדער, געוויקלט אין שמאַטעס. מען האָט נישט דערקענט, צי ייִנגלעך צי מיידלעך, נאָר דאַכט זיך, אַז איינס אַ ייִנגל און איינס אַ מיידעלע. זיי זיינען געווען שטאַרק ענלעך צו זיך, אַ פּנים — אַ ברודער מיט אַ שוועסטערל, זיי האָבן זיך געשאַרט און געוואָרפן איבערגעשראָקענע, בעטנדיקע בליקן. ס'איז געוואָרן אַ צוזאַמענלויף. איינער, אַ יאַטל פון אַ יאָר צוועלף, איז פאַר־שווונדן און באַלד צוריקגעקומען מיט צוויי ס. ס.־מענער. די קינדער האָבן נישט געוויינט, נאָר אין קראַמף זיך גענומען וואַרפן, די בלאַסע פּנימלעך זיינען געוואָרן ווייס ווי קאַלך. איינס, דאָס מיידעלע, האָט מען גלייך דערטרונקען אין זעלבן קאַנאַל. דער ס. ס.־מאַן האָט גענומען דעם לאַנגן בעזים ביי אַ גאַסן־קערער און אַראָפּוואַרפנדיק דאָס מיידעלע אין לאָך, האָט ער עס מיטן בעזעם אַראָפּגעדריקט טיף אין וואַסער, ביז — ער האָט געלאַכט און געזאָגט, אַז „שוין — ס'איז שוין פאַרטיק!" דאָס אַנדערע, דאָס ייִנגעלע, האָט געפּרוווט נעמען אַנטלויפן. ער האָט נישט געקענט, די פיסלעך זיינען ביי אים געווען ווי געליימט, איז ער נאָך עטלעכע טריט געלאָפן, אַזוי מאָדנע לאָמענדיק געשפּרונגען מיט די דינעטשקע פיסלעך. אַ ל ע ה אָ ב ן ג ע ל אַ כ ט (אונטערגעשטראָכן דורך מיר. — י. ר.). דער צווייטער ס. ס.־מאַן האָט אים אַזוי געלאָזט לויפן און זיך אַזש געהאַלטן ביי דעם בויך פון געלעכטער. דערנאָך האָט ער געשטעלט עטלעכע טריט, אַרומגענומען דאָס ייִנגעלע און אים אָנגעהויבן גלעטן איבערן פּנימל. דאָס קינד האָט אים אָנגעקוקט און מיט די אייגעלעך געבעטן, עס האָט געצאַפּלט. דער דייטש האָט געלאַכט: „ס'וועט דיר גאָר נישט געשען, האָב קיין מורא נישט". ער האָט באַלד לאַנגזאַם אַרויסגעצויגן דעם פּיסטאָלעט און אים אַריינגעשאָסן גלייך אין מיילכל. „אַ צוקערל, אַ שטאָלן צוקערל, האָב איך אים געגעבן" — האָט ער געלאַכט צום המון".

אַפילו שטיקלעך שונאים, אָבער פאָרט ברידער פון אין רעליגיע פון ליבע. מע פאַרשטייט זיך...

און נאָכן דערציילן אַזאַ זאַך (און נאָך ענלעכע), גייט ער איבער צום עיקר

(פֿאַר אים): „אַך, ווי רייך די ייִדן זיינען געווען, — שאָקלט יאַנעק מיטן קאָפּ — נאָך ביז היינטיקן טאָג וואַלגערט זיך דאָס פאַרמעגן זייערס איבער די גאַסן פון פאַרברענטן געטאָ... זיי זיינען פאַרברעכער, די דייטשן! צו וואָס האָבן זיי דאָס אַלץ פאַרברענט? וויפל טייערע זאַכן זיינען אין גאַנצן פאַרניכט געוואָרן!... מ'האָט עס דאָך געקענט צעטיילן צווישן הער באַפעלקערונג!"

דאָס איז דאָס איינציקע דייטשישע פאַרברעכן וואָס יאַנעקס קריסטלעך האַרץ קען פילן און זיך איינקאָרטשען דערפון.

און ער איז נאָך פון די „גוטע"!

אָבער נישט נאָר פּאַסיווע גרויזאַמקייט האָבן זיי אַרויסגעוויזן.

אויך אַקטיווע...

פון בעסטער נאַצישער קוואַליטעט...

און אָט ביי די־אָ, אין אַזאַ סביבה, האָבן די גערעטעוועטע אין די באַהעלטע־נישן ביי פויערים געזען דעם טויט, — איינעם פון זיינע פנימער, והעגן וועלכן מיר האָבן געהערט אַ ביסל פון געראַטעוועטע אויף אַזאַ אופן, אָבער לייב ראָכמאַן גיט עס איבער געטריי הער ייִדישער ליטעראַטור, לדורות.

און זאָל די ייִדישע געשיכטע, און זאָלן ייִדישע מענטשן וויסן, ווי אַזוי אַ קריסטלעך פאָלק האָט אויפגענומען דאָס אַריינשטופן אַ קינד אין אַ קאַנאַל מיט אַ בעזעם.

*

אַ שרעקלעך בוך. דאָס שרעקלעכע אין אים האָט אַ סך פנימער. אָבער דאָס שרעקלעכסטע פנים אין אים, איז דאָס פנים פון קריסטלעכן פוילן. ווי שרעקלעך עס זיינען די מעשים און די רייד פון היפּער־קאַטוילישן פוילן!

לייענט מען איבער דאָס בוך, קען מען עס שוין אַנדערש נישט זען, ווי נאָר אַ צעשמאַלצנס פון געלעכטער, בשעת דאָס הערן־פאָלק וואַרפט אַריין אין קאַנאַלן, מיט בעזעמער, ייִדישע קינדער.

און קיינער האָט נאָך קיין נקמה נישט גענומען פאַרן דאָזיקן קינד, וואָס מ'ע טריבקט עס אין קאַנאַל ווי אַ מויז...

קיינער נישט. אַפילו מיר, די עכטע גואלי־הדם. אויך נישט...

וועט טאַקע נישט זיין קיין פאַרגעלטונג? קיין פאַרגעלטער?

איז ווי זאָל מען גלייבן אין גאָט?

איז ווי זאָל מען גלייבן אין מענטשן?

שווער צו גלייבן נאָכן איבערלייענען לייב ראָכמאַנס בוך.

הגם ער גופא גלייבט און רופט פון אמתן, נאָך נישט געוועזענעם „ממעמקים" צו גאָט...

*

ווען איך בין אַ קינסטלער, וואָלט איך געווען אויסגעהאַקט פון גראַניט אַ ריזיקע גרופּע, וואָס וואָלט פאָרגעשטעלט (לדראון עולם!), ווי ד ײ ט ש ל אַ נ ד שטייט מיט אַ בעזעם און שטופּט אַרײַן אין אַ קאַנאַל אַ ייִדיש מיידעלע און אַרום קבֿיען אין התפּעלות די פעלקער פון דער וועלט...

און געהעריקע ציטאַטן פון מלוכה־מענער וואָלטן באַצירט דעם גראַניט־פּיעדעסטאַל.

צווישן זיי וואָלטן געלויכטן מיט גאָלדענע אותיות די ווערטער פון גענעראַל ראָבערטסאָן: „דייטשלאַנד איז אַ ציוויליזירט, קריסטלעך פאָלק".

אָבער דערווייל דאַרפן מיר לכל הפּחות קיין מאָל נישט פאַרלירן פון די אויגן דאָס דאָזיקע אין קאַנאַל־געשטויסענע קינד.

ווען מיר וועלן עס תמיד האָבן פאַר די אויגן, וועט אפשר סוף־כל־סוף פאָרט קומען אַ צייט, ווען פון אונדזער מיט וועט אַרויסשלאָגן דער בליץ פון נקמה...

און אויב מיר וועלן דאָס דאָזיקע קינד פאַרגעסן (זיין גורל סימבאָליזירט דעם גורל פון די זעקס מיליאָן!), וועלן מיר זיין פּונקט אַזוי לייכט אויף דער מאָראַלישער וואָג פון ייִדישקייט ווי די איבעריקע פעלקער...

מעלבורן, 1949.

# קינדער קלאָגן אָן

**לענאַ קיכלער: „מיינע קינדער". אַרויסגעגעבן דורכן יידישן פאָלקס־פאַרבאַנד אין פראַנקרייך און ציוניסטישן אַרבעטער־קאָמיטעט פאַר הילף און אויפבוי אין אַמעריקע. פאַריז, 1948.**

לענאַ קיכלער האָט דאָס בוך „מיינע קינדער" אָנגעשריבן אויף פויליש, און דער יידישער שרייבער אַהרן צפנת האָט עס איבערגעזעצט אין יידיש.

אין דער גרויזאַמער חורבן־ליטעראַטור, מיט וועלכער אונדזער פאַראָרעמט לעבן און פאַרטאַנדטעטעוועטע ליטעראַטור איז רייך געוואָרן, פאַרנעמט דאָס דאָזיקע חורבן־בוך אַ באַזונדערן אָרט.

מיר האָבן אין דער חורבן־ליטעראַטור גבית־עדות אויך וועגן דער מאַרטירעלאָגיע פון יידישן קינד בימי היטלער, אָבער דאָ הערן מיר, צום ערשטן מאָל, אַ גבית־עדות פון קינדערשע מיילער גופא. דאָס יידישע קינד קלאָגט אָן!

אמת, די דאָזיקע קינדער, וואָס דערציילן זייער לערערן און דערציערן, לענאַ קיכלער, זייער מאַרטיראָלאָגיע, ווייסן נישט וועגן דעם, אַז זיי קלאָגן אָן לדור־דורות, ביזן וועלט־אומקום, אָבער יעדעס וואָרט פון זייערע קינדיש־תמימותדיקע דערציילונגען איז אַ מעכטיקער באַשולדיקונג־אַקט.

אַ הייפעלע קינדער, געראַטעוועטע אַ דאַנק טויזנט ניסים, באַשרייבן דאָס אומבאַשרייבלעכע „לעבן" פון איבער אַ מיליאָן קינדער, וואָס מיט זיי איז נישט געשען דער נס פון לעבנבלייבן נאָך טויזנט מאָל זען דעם טויט פאַר די אויגן.

*

אַ לערערן פון אַ דערציִונג־היים פון אָפּגעראַטעוועטע יידישע קינדער אין פוילן, לענאַ קיכלער, האָט געבעטן אירע קינדער זיי זאָלן איר דערציילן זייערע איבערלעבונגען בעת דער מילחמה.

היות ווי די קינדער זיינען שוין דאַן געווען שטאַרק צוגעבונדן צו איר, האָבן זיי איר דערציילט די געשיכטע פון זייערע יונגע לעבנס.

לענאַ קיכלער האָט פאַרשריבן די דערציילונגען גלייך פון דעם מויל פון די

קינדער, נישט מאַכנדיק פון דעם קיין ליטעראַטור. און עס האָבן זיך באַקומען דאָקומענטן וואָס וואָלטן געווען באַדאַרפט אויפטרייסלען די וועלט, ווען די וועלט וואָלט נאָך געווען אַ וועלט פון מענטשן מיט לעבעדיקע געוויסנס...

דאָס בוך באַשטייט, אַ חוץ פון לענאַ קיכלערס רירנדיקער הקדמה און אירע באַמערקונגען וועגן יעדן פון אירע קינדערישע דערציילערס — פון ניין לעבנס־געשיכטעס: איין קינד דערציילט וועגן זיין לעבן „אַ ל ײ ן א ו י ף ד ע ר אַ ר י ש ע ר ז ײ ט“! צוויי קינדער דערציילן וועגן זייער לעבן „א י ב ע ר ד ע ר פ ע ר א ו ן ש ט ע ט ל ע ך“; צוויי קינדער דערציילן וועגן זייער לעבן „א י ן ג ע ט אָ ס א ו ן א י ן ל אַ ג ע ר ן“; צוויי קינדער דער־ציילן וועגן זייער לעבן „א י ן וו אַ ל ד א ו ן ב ײ ד י פּ אַ ר ט י ז אַ־נ ע ר“, און צוויי קינדער דערציילן וועגן זייער לעבן „א ו נ ט ע ר ן ש ו ץ פ ו ן ד ע ר ׳ב י אַ נ י ע׳“.

מיר האָבן דאָ, אַזוי אַרום, אַ קוועשניט פון דער מאַרטיראָלאָגיע פון יידישן קינד אין אַלע אירע געשטאַלטן, אַפילו פון דער מאַרטיראָלאָגיע, וואָס איז געמיל־דערט געוואָרן אַ דאַנק דעם זעלטנסטן נס אין יענער צייט פון כמעט אַלגעמיינער פאַרחיהשונג (איך פיל, אַז דאָס איז נישט קיין פּאַסיק וואָרט, — די חיה איז קיין מאָל נישט אַזוי חיהש ווי ס׳איז דאַן געווען דער מענטש), — ד ע ם נ ס פ ו ן ד ע ר מ ע נ ט ש ־ב אַ ג ע ג ע נ י ש.

עס איז זייער שווער, כמעט אוממעגלעך צו שרייבן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דעם דאָזיקן בוך. ערשטנס, האָט לענאַ קיכלער אָנגעשריבן צו איר בוך אַ פאָרוואָרט וואָס איז די בעסטע אָפּהאַנדלונג וועגן אים, — איך קען זיך נישט פאָרשטעלן קיין בעסערע און שענערע אָפּהאַנדלונג; און צווייטנס, — איז דען מעגלעך איבערצו־דערציילן מיט אייגענע ווערטער דאָס, וואָס די קינדער דערציילן?

וואָס מע זאָל נישט שרייבן, האָט מען כסדר דאָס באַגלייטנדיקע געפיל, אַז מ׳דאַרף ברענגען וואָס מער אויסצוגן פון לענאַ קיכלערס פאָרוואָרט און וואָס מער שטיקער פון די קינדערשע דערציילונגען, — דאָס הייסט, מע דאַרף רעקאָמענדירן יידן צו לייענען לענאַ קיכלערס בוך, וואָס טיילן פון אים דאַרפן אַריינגיין אינעם נייעם „איכה“, וואָס דאַרף יאָר־יערלעך געלייענט ווערן אין אַלע זאַלן פון דער וועלט, ווו יידן קומען זיך צונויף צו פייערן־באַווײנען דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, דעם סימבאָל פון אונדזער חורבן.

מ׳קען אָן גוזמא זאָגן, אַז אָט דאָס איינע בוך גיט אַ פול — הגם לויט דער צאָל פּרטים אַ מיניאַטור — בילד פון גאַנצן חורבן: די קינדער־מאַרטיראָלאָגיע האָט זיך דאָך נישט אָפּגעשפּילט אין אַ געשלאָסענעם קינדער־צימער, — זי האָט זיך אָפּגעשפּילט אין די געטאָס, אין די לאַגערן, אין די וועלדער און אין די דער־פער, און במילא זעען מיר דאָס יידישע לעבן אין די חורבן־יאָרן אין זיין תוכחה־פולקייט.

און אָפט מאָל דאַכט זיך מיר אַז גאַנצע ביכער וועגן איין געביט אָדער איין פּרט פון דאָזיקן לעבן וועלן עס נישט לעבעדיק מאַכן פאַר אונדז מיט אַזאַ פולקייט, ווי עטלעכע צופעליקע קינדערישע באַמערקונגען.

דאָס איז גילטיק סיי פאַר דער פאַקטישער לאַגע, סיי פאַר דער פאַקטישער שטימונג, סיי פאַר די רעאַלע באַדינגונגען, סיי פאַר דעם פסיכאָלאָגישן צושטאַנד.

צי וועט דען עמעצער אין די דיקסטע ביכער קענען דערציילן מער וועגן דער סאָציאַלער אומגלייכקייט אין געטאָ, ווי דאָס טוט דער פופצן־יאָריקער (נאָך דער מילחמה!) יורעק גאָלדמאַן?

„פון איין זייט האָט מען געקענט זען לוקסוס און רייכקייט, און פון דער צווייטער — הונגער און טויט.

„ס'זיינען דעמאָלט געווען אַזעלכע רייכע מענטשן אין געטאָ, אַז זיי האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיטן געלט, אָבער אַנדערע האָבן זיי נישט געהאָלפן. ביי זייערע הייזער פלעגן אָרעמע לייט טאָג־טעגלעך שטאַרבן פון הונגער.

„ס'איז געווען, צום ביישפּיל, אין געטאָ אַ טעאַטער אויף לעשנאָ, — „פעמינאַ" האָט עס געהייסן — זיינען דאָרט געשטאַנען קלוב־פאָטעלן און פלעצער פלעגן דאָרט קאָסטן טויזנטער. מענטשן פלעגן אַהין צופאָרן אויף ריקשעס און דאָס טעאַטער איז יעדן טאָג געווען איבערגעפולט.

„ביים טעאַטער איז געווען אַ וווּרשט־געשעפט „אַ לאַ פורשעט". האָט מען דאָרט געקענט קריגן געבראָטענע הינדלעך, אינדיטשקעס און כל המינים פליישן — גענוי אַזוי ווי פאַרן קריג.

„און ביי דער זייט זיינען אויף דער גאַס געלעגן מענטשן און אויסגעגאַנגען פון הונגער".

און אַזוי כסדר — אויף צוויי גאַנצע בוך־זייטן, וואָס פאַרענדיקן זיך אָט ווי:

„וועגן געטאָ קען מען דערציילן גאַנצע טעג און נעכט. מע קען עס אויך באַצייכענען מיט איין וואָרט: דאָס איז געווען אַ גיהנום".

דאָ האָט איר אינאיינעם סיי די מאַרטיראָלאָגיע פון געטאָ, סיי די מאַרטיראָלאָגיע פון אַ קינד, וואָס אָט דער גיהנום האָט זיך איינגעשניטן אין אים מיט אַזאַ שאַרפקייט, אַז אין פינף־זעקס יאָר אַרום דערציילט ער דאָס מיט אַזאַ פרישקייט: ער וועט דאָס שוין קיין מאָל נישט פאַרגעסן, — נישט דעם אומגליק און נישט די געפאַלנקייט פון די, וואָס האָבן זיך נישט דערהויבן צו דער גרייס פונעם אומגליק...

דאָס איז אַ דערציילונג פון אַן אויסערגעוויינלעך אינטעליגענט און באַגאַבט יינגל (אַגב: ער האָט, פון אייגענעם ווילן פאַרלאָזט דעם אינטערנאַט, כדי צו פאָרן מיט זיינס אַ שוועסטערל קיין ארץ־ישראל מיטן „עקזאָדוס 1947"); אָבער די דערציילונג פון רוזשע מעלזאַק (דרייצן יאָר אַלט — נאָך דער מילחמה!), וואָס איז נישט אַנטוויקלט, נישט אינטעליגענט, איז אַזוי שווידערלעך, אַז דאָס איז אפשר

איינע פון די טראַגישסטע דערציילונגען וואָס זיינען ווען פיקסירט געוואָרן אין שריפט...

די גרעסטע שווידערלעכקייט פון איר דערציילונג באַשטייט אין דעם, וואָס זי באַשרייבט די גרויזאַמקייט פון יידן לגבי יידן, די גרויזאַמקייט פון אַ מאַן און אַ טאַטן לגבי אַ פרוי און קינדער, — די גרויזאַמע לאַגע האָט יידן גופא אַ מאָל דערפירט צום לעצטן אָפּגרונט פון אוממענטשלעכקייט...

און ווי רוזשע מעלזאַק דערציילט דאָס!

די הענט לייגן זיך נישט אויסצושרייבן ציטאַטן...

דאָ ווירקט אפשר אין אונדז, די דערוואַקסענע, דער זעלבער פסיכאָלאָגישער פענאָמען, ווי אין קליינעם מאַניוש קליינמאַן, וועלכער איז בעתן דערציילן זיין מילחמה־געשיכטע אַלט געווען גאַנצע צען יאָר!

אַ קינסטלערישע נאַטור, לויט דעם גבית־עדות פון זיין אינטעליגענטער לע־רערן, לענאַ קיכלער, האָט מאַניוש קליינמאַן איבערגעלעבט די מילחמה אַ דאַנק זיין ניאַניע מאַריאַ פּאַבסט, איינע פון יענע ווייניקע וווּנדערבאַרע פּוילישע פאָלקס־מענטשן, וואָס אַפילו די פּוילישע חיהשקייט, געכפּלט אויפן קריגס־נאַציזם, איז נישט בכוח געווען אויסצוּוואָרצלען זייער מענטשלעכקייט.

דער קליינער באַגאַבטער קליינמאַן דערציילט דאָס, וואָס ער געדענקט אַליין און דאָס, וואָס די ניאַניע האָט אים דערציילט נאָך דער מלחמה. און אָט זאָגט מאַניוש:

„אַזעלכע שרעקלעכע זאַכן האָט מיר די ניאַניע דערציילט וועגן מיינע עלטערן, און איך האָב עס גוט פאַרגעדענקט, ווייל איך טראַכט כסדר דערפון, אָבער איך קען בשום אופן נישט גלייבן, אַז דאָס זאָל זיין אמת“...

„מיין מאַמען האָט אַ דייטש אַ האַק געטאָן מיט דער ביקס אין קאָפּ אַזוי, אַז דער מוח האָט פון אים אַ שפּריץ געטאָן — אַזוי האָט מיר די ניאַניע דערציילט.

„איך ווייס שוין אַליין נישט, צי אַזעלכע זאַכן קענען אמת זיין. איך האָב זיך געפרעגט איינעם אַ גרויסן יינגל: וואָס געשעט מיט אַ מענטש, ווען עס שפּריצט אים אַרויס דער מוח? האָט ער גע־ענטפערט, אַז אַזאַ מענטש קען בשום אופן נישט לעבן, ווייל דער מוח איז דאָס וויכטיקסטע.

„איך האָב זייער לאַנג וועגן דעם געטראַכט, אָבער גלייבן דערין האָב איך נישט געקענט. די דייטשן, אָבער, האָב איך געהערט, זיינען געווען אַזעלכע שלעכטע, אַז זיי האָבן געקענט מאַן אַזעלכע שרעקלעכע זאַכן“.

אויך מיר, דערוואַקסענע, זיינען ווי דער קליינער מאַניוש: עס קען זיך אונדז נישט גלייבן...

און דער קליינער מאַניוש האָט טיף און פּשוט פאָרמולירט דעם גרויסן באַ־שולדיקונג־אַקט פון לענאַ קיכלערס קינדער קעגן דער וועלט:

דאָס וואָס זיי, די גרויזאַם־געליטענע, זעט אויס צו זיין ווי אַ חלום־קאָשמאַר, נישט רעאַל, ווייל עס גלייבט זיך זיי נישט, אין זייער אָפּגעהיטענער מענטשלעכ־קייט, אַז מענטשן זאָלן זיין פעיִק דערויף, — אָט דאָס אומגלייבלעכע האָט די וועלט גלייכגילטיק רעגיסטרירט און עס אָפּגעלייגט אין אַ זייט ווי אָפּגעשלאָסענע אַקטן, וואָס עס לוינט נישט צו מאַכן פון זיי אַ געברויך.

די קינדער פון לענאַ קיכלער קלאָגן אָן נישט נאָר די דירעקטע מערדער, די דייטשן און זייערע לאַנדסקנעכט, נאָר אויך די גרויסע, אַרומיקע וועלט, וועלכע האָט זיך צוגעקוקט צו זייער גיהנום און האָט נישט געפונען פאַר נייטיק אַפילו צו נעמען נקמה פאַר זיי...



נאָך איין סצענע פון בוך מוז געבראַכט ווערן, כאָטש אין אַן איבערדערצייל־טער פאָרעם.

דאָס קינד מאַקס שוואַב דערציילט, ווי דייטשן כאַפּן אים און יישובן זיך צי ער איז אַ יידיש קינד און, במילא „חייב מיתה“, אָדער ער איז אַן „אריש“ קינד און מע קען אים אָפּלאָזן, און ער דערציילט: „אַרום זיינען געשטאַנען פיל מענטשן, — פּאָליאַקן, אוקראַיִנער, דייטשן. מע האָט גערעדט וואָס דאָ וועט זיין. אַלע האָבן אויף מיר געקוקט און די אויגן האָבן זיי געגלאַנצט“.

פּאָליאַקן האָבן ערלעך מיטגעאַרבעט אין דער גרויסער מיצווה פון אויסגע־פינען צי דאָס קינד איז „חייב מיתה“: זיי האָבן אים געהייסן זאָגן „קוקורידזאַ“.

דער „ר“ איז אָבער אַרויסגעקומען אויך ספקדיק — ספק ריינער פּאָליאַק, ספק ייִד. האָבן די דייטשן דאָס קינד געהייסן גיין.

און דאָס קינד גייט געלאַסן, לאַנגזאַם, ווייל אים איז שוין אַלץ איינס געווען: זאָלן זיי אים דערשיסן פון הינטן (ווי ער האָט זיך געריכט). אָבער מע האָט נישט געשאָסן. און דאָס קינד דערקלערט אָט דעם „נס“ טיף־פּסיכאָלאָגיש: זיי זיינען זיכער געווען, אַז דאָס קינד וועט אויסנוצן די געלעגנהייט אַוועקצוגיין, כדי צו אַנטלויפן, וועלן זיי אים דאָן, ווי אַן אַנטפלעקטן ייִדן, דערשיסן. זיי האָבן נישט געקענט פאַרויסזען, די רוצחים, אַז זיי האָבן באַוויזן גלייכגילטיק מאַכן צום לעבן אַפילו קינדער...

אָט די איינע סצענע איז גענוג אויף צו פאַרניכטן די לעגענדע וועגן די גוטע דייטשן.

צי האָט היטלער דירעקט געצוואונגען אָפּצושטעלן אויפן גאַס אַ קינד און פאַרשן זיין ייִדישקייט?

די דייטשן, וועלכע האָבן געפאָרשט דאָס ייִדישע קינד, זיינען נישט געווען סתם רוצחים (זיי האָבן דאָך געפאָרשט געוויסנהאַפט כדי נישט צו באַגיין קיין מאָרד איבער אַן אומשולדיק פויליש קינד!), זיי האָבן אָבער אַלע אָנגענומען היטלערס תורה און זיך באַמיט זי געוויסנהאַפט אויסצופירן פרייוויליק.

די דייטשן, וועלכע זיינען קיין רוצחים נישט געוואָרן, האָבן דערצו קיין געלעגנהייט נישט געהאַט. גרייט צום „הייליקן" מאָרד זיינען זיי אַלע געווען.

בלויז אויפן סמך פון מאַקס שוואַבס דערציילונג וואָלט אַן ערלעכער, מענטשלעכער טריבונאַל געוווען געקענט אַרויסטראָגן אַ שולד־אורטייל קעגן גאַנצן דייטשישן פאָלק.

*

לענאַ קיכלער זאָגט אין איר רירנדיקן, ממש האַרצברעכנדיקן פאָרוואָרט (א"נ „מיינע קינדער"):

„מיינע קינדער — דאָס איז אַ קליין הייפעלע אַנטרונענע, וועמען דער גורל, דער צופאַל, אָדער דער מענטש האָט דערלאַנגט זיין האַנט...

„זיי זיינען אַזוי וויניק, אַזוי צעבראָכן, צעקאַליעטשעט און צעריבן, אַז טרערן שטיקן אין האַלדז, ווען מע רעדט וועגן דעם...

„זיי זיינען איבערגעבליבן נישט דערסמטע און נישט דערברענטע פון דער גרויסער מאַסע אומגעקומענע...

„איך האָב זיי אַדאָפּטירט מיטן רעכט פון מיין ליבשאַפט, וואָס איך פיל צו זיי...

„איך האָב אויף זיך גענומען אַ טייל פון זייער ווייטיק און כ'לייד צוזאַמען מיט זיי. איך קעמף מיט דיליידן און מיטן אומצוטרוי, וואָס גריזשעט זיי. איך קעמף מיט די שוואַרצע טאַפּערס פון די דייטשישע פאַרברעכער, וואָס שטיקן נאָך אַלץ אונדזערע קינדער.

„איך וויל זיך נישט אונטערגעבן אינעם דאָזיקן קאַמף. איך בין נישט מסכים, אַז מיר האָבן פאַרשפּילט די מילחמה מיט היטלערן אויף אַלע פראָנטן! אויף איין פראָנט פיר איך זי ווייטער, — די נשמה פון ייִדישן קינד מוזן מיר צוריקגעווינען".

און דער קאַמף איז אַ פּאַטעטישער, אַן אמתער מילחמה־קאַמף.

ווען לענאַ קיכלער האָט צונויפגענומען, ווי נישט דערברענטע גלאָוניעס, אַ ביסל קראַנקע, פיזיש און גייסטיק פאַרפייניקטע קינדער, האָט מען איר קינדערהיים איינגעאָרדנט אין זאַקאָפּאַנע.

אָבער די פוילישע „פּרייהייטס"־קעמפער (וועלכע האָבן בעת דער אָקופּאַציע געקעמפט מער מיט שוצאָלזע ייִדן און ייִדישע פּאַרטיזאַנער, ווי מיט די תלינים פון זייער פאָטערלאַנד), האָבן גענומען פירן מיט דער דאָזיקער קינדערהיים אַ הייסע

מילחמה: די קוים־געראַטעוועטע צוועלף־יאָריקע קינדער האָבן געמוזט שטיין אויף דער וואַך מיט געווער קעגן די פּוילישע „פרייהייט״־קעמפער!

נאָך אַ לאַנגער באַלאַגערונג האָט זיך לענאַ קיכלער צוריקגעצויגן מיט אירע קינדער קיין פראַנקרייך, — דער טעראָר פון דער פּוילישער באַפעלקערונג (אויך פון קינדער!) און די מיליטערישע אָנגריפן פון די פּוילישע באַנדיטן (נ׳ ס׳ ז׳) האָבן באַזיגט די יתומים, די רעשטלעך פון מיליאָנען, און איינע פון זייערע מאַמעס, וואָס האָט זיי אַדאָפּטירט.

[illegible] פראַנקרייך איז געווען נאָר אַן עטאַפּ צו זייער ציל, וואָס לענאַ קיכלער האָט זיך געשטעלט פאַר אירע קינדער און פאַר זיך: ארץ־ישראל.

ווען „די בלוטיקע געשפּענסטער פון דער פאַרגאַנגענהייט האָבן צו זיי (די קינדער. — י. ר.) ווידער אַרויסגעקוקט פון יעדן ווינקל און אָנגעוואָרפן אַן אימה״, האָט לענאַ קיכלער דערפילט, אַז מע מוז זיי „אַרויסרייסן פונעם דאָזיקן פאַרשאָלטענעם דערינערונגס־קרייז און שאַפן פאַר זיי נײַע לעבנס־באַדינגונגען, כדי זיי זאָלן בכלל פעיִק זיין צו לעבן...

„ארץ־ישראל איז געוואָרן דאָס טרוים־לאַנד פון מײַנע קינדער. דערין זעען זיי די פאַרווירקלעכונג פון זייער בענקשאַפט נאָך אַ היים און אַ פאַמיליע, — דאָס איז זייער אינסטינקטיווע שטרעבונג צו אַ צוקונפט״.

און עס איז אינטערעסאַנט, אַז יורעק גאָלדמאַן, וועגן וועמען מיר האָבן דערציילט אויבן, האָט עס אינסטינקטיוו דערשפּירט נאָך פאַר זיין לערערן: קרובים האָבן אים געוואָלט נעמען קיין אַמעריקע, אָבער ער האָט, פון אייגענער איניציאַטיוו, באַשלאָסן, אַז ער פאָרט קיין ארץ־ישראל.

און טאַקע צוזאַמען מיטן זיין שוועסטערל, וועלכע ער, דאָס קליינע יינגל, האָט אַליין אַרויסגעגנבעט ביי אירע פּוילישע אַדאָפּטירערס, וועלכע האָבן דאָס קינד נישט געוואָלט אַרויסלאָזן...

אַזאַ העלדיש יידיש קינד האָט געפילט, ווו זיין אָרט איז...

מעלבורן, 1950.

